# רות

ביבלישער ראָמאַן פון דער צייט פון די שופטים


פון

שאָול ספיר

מחבר פון „קאַליף פון קאָרדאָווא", „צווישן רוים און ירושלים",

„אברהם'ס אייניקלאך", א. אז. וו.




# RUTH

*Biblical Romance by Saul Saphire*


**UNITED PUBLISHING CO.**

225 Center Street

New York, N. Y.

אַנדערע ביכער ביי שאול ספיר:

„רמב"ם".
„משה ובנו'ס נאָכפאָלגער".
„צווישען רוים און ירושלים".
„פערציק יאָהר אין מדבר".
„טאָכטער פון מדבר".
„דוד המלך".
„קאָלאָמבוס דער איד".
„פרינץ פון מצרים".
„שמשון הגבור".
„דבורה".

## ערשטער קאפיטעל

# בית־לחם

אויף א קליינעם בארג, צוויי שעה רייזע פון דרום ירושלים, ליגט די פרעכטיגע שטאדט בית לחם. ווי א קרוין באציערט מיט קאסטבארע שטיינער, אזוי איז בית לחם באציערט ארום מיט וואונדערליכע פעלדער און גערטנער, וואס האבען זיך אויסגעשפרייט פאר מיילען לאנג. געבענשט זיינען געווען די פעלדער פון בית לחם מיט געראטענע תבואות, די זאנגען זיינען געווען שווער באלאדען און די ביימער פון די גערטנער זיינען פרופטבאר געווען, די שעהנסטע און בעסטע פרוכטען ארויסגעגעבען. פיעלע קוואלען פון קלארע געזונטע וואסערען האבען ארומגערינגעלט די שטאדט . . .

געבענשט איז בית לחם געווען מיט א גרויס שפע. די רעגענס זיינען אין צייט געקומען און בעפרוכטעט און בעוואסערט די פעלדער און גערטנער, האבען די תבואות הויך און געראטען געוואקסען. די שאף רייכע פאשע גע־האט, איז די מילך פון די בהמות געווען פעט און בע'טעמ'ט. די ביהנען האבען פון די פיעלע וואונדערליכע שעהנע בלומען זייער זאפט געזויגען און האבען זיסען געשמאקען האניג געמאכט. זיינען די רייכע איינוואהנער פון בית לחם נאך רייכער געווארען, האבען אויך די ארימע דערפון גענאסען. די וועלכע זיינען געווען שטארק, האבען געהאט גענוג ארבייט אין די פעלדער און גערטנער און די ארימע שוואכע האבען געקענט קומען אין די פעלדער פון רייכע קלייבען "פערגעסענע" זאנגען, וויפיעל זייער הארץ געלוסט. פלעגען די ארבייטער־יונגען שניידען די זאנגען מיט געזאנג און פרייד. די ווארימע זונען שטראהלען האבען געשמייכעלט צו זיי און דער געזאנג פון פויגעל איז געווען די באגלייטונג צו זייערע הארציגע ליעדער. פלעגען זיי בינדען די זאנגען אין גארבען און ווען עטליכע זאנגען פלעגען ארונטערפאלען, האט מען זיי ניט אויפגעהויבען, דאס האט מען איבערגעלאזען פאר דעם ארימען, פאר דעם פרעמדען, פאר די אלמנה און פאר יתומים. און ווען דאס איז ווינציג געווען, פלעגען די יונגען "פארגעסען" זאנגען אין פעלד . . . די אייגענטימער פון די פעלדער האבען דאגעגען ניט געהאט, זיי פלעגען אליין אנזאגען זייערע ארבייטער צו "פארגעסען" . . . די גערטנערס איז געווען גרויס, עס האט פאר אלעמען געקלעקט, פלעגען יונגע און עלטערע מענער און פרויען קומען קלייבען

די "פארגעסענע" זאנגען און ברייננגען אהיים צו זייערע אָרימע משפּחות . . .

פלעגען זיך די בליקען פון א שניטער יונג באגעגענען מיט די בליקען פון א יונגער שעהנער יתומה . . . זיינען דאן מעהרערע זאנגען "ארונטערגעפאלען" פון זיינע הענט . . . און די יתומה האָט געקליבען און געווארפען איהרע דאנקבארע בליקען מיט א באשיידענעם שמייכעל צו איהם . . .

האבען זיך די שאָף רוהיג געפּאשעט אויף די לאָנקעס, און די פּאסטוכער האָבען ראמאנסירט מיט די פּאסטושקעס. די פּאסטוכער האָבען שעהנע ליעבעס ליעדער צו זיי געזונגען און די פּאסטושקעס האָבען דופּטעגדע בלומען געקליבען און געפלאָכטען קרוינען פאר זייערע געליעבטע . . .

אין דיעזער גליקליכער צייט האבען אין בית לחם פיער רייכע ברידער געוואָהנט : אלימלך, ירוחם, פלוני און שלמון. אלע זיינען געווען זעהר רייך, אבער אלימלך איז געווען דער רייכסטער פון זיי אלעמען. זיינע פעלדער, סעדער און גערטנער האבען פארנומען כמעט א דריטעל פון דעם גאנצען שטח פון בית לחם. ער האָט געהאט שאָף און רינדער אהן א צאָהל. ער האָט פארמאָגט פיעל גאָלד און זילבער. פיעלע פון די ארומיגע שטעדט און שטעדטלאך פון דעם שבט יהודה פלעגען קומען קויפען קארן, ווייץ און פרוכט פון אלימלך'ן. האָט זיך זיין רייכטום פארגרעסערט פון יאָהר צו יאָהר.

אלימלך האָט געהייראט מיט נעמי'ן, די טאָכטער פון זיין ברודער ירוחם. זעהר גליקליך זיינען ביידע, אלימלך און נעמי געווען. נעמי איז געווען א שעהנע פרוי, אויף איהר פּנים איז שטענדיג א זיסער שמייכעל געלעגען און דאריבער האָט מען זי גערופען נעמי, וואס מיינט זיסקייט.

גוטהערציג און ליעבליך איז נעמי געווען. ברייט אָפען זיינען איהרע הענט געווען פאר די אָרימע און אונטערדריקטע. פלעגט אן אלמנה קומען זיך צו איהר באקלאָגען אויף איהר ביטערען שיקזאל, האָט זי איהר געהאָלפען ניט נאָר מיט געלט, אבער אויך מיט ווארימע הארציגע טרייסט־ווערטער. זי איז יעדען אָרימען און אונגליקליכען צו הילף געקומען . . . אזוי איז נעמי באליבט געווען ביי די איינוואָהנער פונ'ם שבט יהודה. די אָרימע לייט פון די ארומיגע שטעדט און שטעדטלאך פלעגען שטראָמען קיין בית לחם יעדען ערב יום טוב און נעמי האָט קיינעם ניט פארזעהען.

ניט אזוי איז געווען אלימלך, נעמי'ס מאן. ער איז געווען פונקט דער היפוך פון איהר. וואס רייכער ער איז געוואָרען, אלץ קארגער איז ער געוואָרען . . . ער האָט ניט געוואָלט ליידען ווען די אָרימע לייט פלעגען קומען קלאפּען אָן זיינע טהירען . . . און דאָס וואס ער האָט יע געגעבען איז עס געווען געצוואונגענערהייט, ווייל ער האָט זיך געשעהמט פאר זיינע איבעריגע ברידער און די אנדערע גבירים פון דער שטאָדט.

אזוי האָט נעמי גאנץ אָפט געמוזט טהאָן איהר צדקה באהאלטענערהייט, איהר מאן זאָל דערפון ניט וויסען. און ניט איינמאָל פלעגט זי אין מיטען טאָג דורכגעהן איהרע פעלדער און וויינגערטנער און אנזאָגען די יונגען צו "פארגעסען" וואס מעהר זאנגען אָדער פרוכטען. כדי די אָרימע־לייט זאָלען האָבען גענוג וואס צו קליבען. ווען אלימלך פלעגט אבער קומען באזוכען זיינע פעלדער און ער פלעגט געפינען צופיעל פארגעסענע זאנגען און פרוכטען פלעגט ער זיך שטארק אנבייזערען אויף זיינע ארבייטער פאר זייער נאכלעסיגקייט . . .

— זאָלען די שנאָרערס געהן אין אנדערע פעלדער, פארוואָס זאָלען אלע קומען אהער ! — פלעגט אלימלך אָנזאָגען די אויפזעהער פון זיינע פעלדער.

נעמי האָט געבאָרען צו אלימלך צוויי זיהן. דער ערשטער האָט געהייסען מחלון און דער צווייטער כליון.

ווען זייערע זיהן זיינען אונטערגעוואקסען, האט מען גלייך געקענט זעהען אז זיי זיינען מעהר גענויגט צו געהן אין די וועגען פון זייער פאטער . . . זיי האבען אויך געזעהען צו ענטמוטיגען די ארימע לייט פון צו קומען אין זייער פאטער׳ס פעלדער. זיי האבען ליעב געהאט צו לעבען א גוטען טאג. אנשטאט אכטונג צו געבען אויף זייער פאטער׳ס גיטער, פלעגען זיי בעסער ליעב האבען צו געהן אויף דער יאגד אדער גאר אוועקגעהן צום ברעג ירדן צו פאנגען פיש אדער שווימען אין די קלארע וואסערען פון טייך...

פלעגט זיי אלימלך שיקען אין זיינע פעלדער אכטונג צו געבען אויף די יונגען, זיי זאלען טהאן זייערע ארבייט ווי עס באדארף צו זיין. פלעגען די צוויי ברידער אריינגעהן אין די פעלדער און אפזייענדיג א קורצע ווייל, פלעגען זיי ביי זיך באשליסען צו נעהמען זייערע פייל און בויגען און אוועקגעהן אין דעם נאהענטען וואלד צו פאנגען חיות און פויגעל. פלעגען זיי אויסקלייבען צוויי גוטע פערד און אוועקרייטען צום ירדן, וואו זיי פלעגען פארשפרייטען א נעץ צו פאנגען פיש.

ווען אלימלך פלעגט זיך דערוויסען וואס זיי האבען געטהאן, האט ער זיך אויף זיי אנגעבייזערט:

— גאט האט מיר געבענשט מיט אזוי פיעל רייכטום. איהר זייט מיינע איינציגע יורשים און איהר פארנאכלעסיגט אלעס . . . איהר זוכט בלויז פארגעניגען . . . ווייסט איהר דען ניט אז עס זיינען פאראן זעהר פיעל מענשען, וועלכע טהוען אונז אן פיעל שאדען, ערשט ניט לאנג צוריק האב איך באמערקט ווי פיעלע ארימע לייט זיינען ארויסגעקומען אנגעלאדען מיט קארן און וויין פון מיינע פעלדער. ווען איהר וואלט אנשטאדט זוכען פארגעניגען, בעסער אכטונג געגעבען אויף די שניט יונגען, וואלטען זיי מעהר פארזיכטיג געווען אין זייער שניידען די זאנגען.

אלימלך׳ס רייד האט אויף מחלון און כליון געווירקט בלויז אויף עטליכע טעג, און דערנאך האבען זיי ווידער דאס זעלבע געטהאן.

נעמי האט געזוכט צו ערציהען איהרע צוויי זיהן אין איהר וועג פון צדקה און גערעכטיגקייט. זי פלעגט זיי געבען געלט אויסצוטיילען פאר די ארימע־לייט וועלכע זיי וועלען אין זייער וועג באגעגנען. אבער מחלון און כליון האבען דאס געלט פארנוצט פאר זייער אייגענעם פארגעניגען.

* * *

איין טאג, ווען די וויינטרויבען זיינען רייף געווארען אין די וויינגערטנער פון בית לחם, האט אלימלך צוגערופען זיינע צוויי זיהן:

— עס איז שוין פיעלע יאהרען ווי איך קלייב זיך צו מאכען א רייזע נאך שילה, צו דאנקען גאט מיט קרבנות אין דעם משכן פון שילה און צו בריינגען בכורים פאר די כהנים . . . דער יום טוב שבועות קומט אן און איך וויל זיין אין שילה אויף דיעזען יום טוב. דאריבער וויל איך אז איהר זאלט אכטונג געבען אויף די ארבייטער פון די פעלדער, פון די וויינגערטנער און סעדער. איהר זאלט זעהען אז קיין זאך זאל ניט אין ניוועץ געהן. — זאלען די קנעכט און די פאסטוכער ניט פויל זיין און זאלען די דינסטען ניט ארומגעהן ליידיג . . . איבערהויפט זאלט איהר זעהען אז די ארימע לייט זאלען ניט אוועקטראגען צופיעל פון מיין פארמעגען, ווייל איהר דארפט ניט פארגעסען אז אלעס וואס איך פארמאג וועט געהערען צו אייך. פארשפרעכט איהר מיר, מיינע זיהן?

מחלון און כליון האבען צוגעשאקעלט מיט זייערע קעפ.

— ביז יעצט האב איך זיך נאך ניט איבערצייגט — האט אלימלך ווייטער געזאגט — אז די אויפזעהער פון מיינע גיטער טהוען זייערע ארבייט מיט געטרייהייט און אויפריכטיגקייט, דאריבער קען איך אייך ניט מיטנעהמען דיעזען מאל. אבער ווען איך וועל זעהען אז איך קען זיך אויף זיי פארלאזען, וועל איך

דעם קומענדען יאָהר אייך מיטנעהמען קיין שילה . . . דאָרטען קומען זיך צונויף די רייכסטע אידען פון אונזער לאַנד מיט זייערע זיהן און טעכטער. די עלטערע מענשען פאַרבריינגען אין דינען גאָט מיט קרבנות און די יונגע מיידלאך און בחורים פאַרבריינגען אין טאַנצען. דאָרטטי וועט איהר זיך קענען אויסקלייבען פרויען, וועלכע זאָלען ווערטה זיין אנגערופען ווערען מיינע שניר . . . איהר ווייסט דאָך אז אין בית לחם איז שווער צו געפינען אזעלכע מיידלאך, וועלכע זאָלען אייך ווערטה זיין . . . געדענקט, מיינע קינדער, ווען איהר וועט מיין פאַרלאַנג טהאָן, וועל איך מיין וואָרט האַלטען און אייך מיטנעהמען אהין.

דעם ערשטען טאָג, נאָכדעם ווי אלימלך און נעמי האָבען אָפּגערייזט נאָך שילה, האָבען מחלון און כליון געטאָן זייער פאַטערס פאַרלאַנג. זיי האָבען דעם גאַנצען טאָג פאַרבראַכט אין די פעלדער און ווייַנגערטנער און געזעהען אז די ארבייטער זאָלען זיך ניט צופּוילען אין זייער ארבייט. אויף דעם צווייטען טאָג אבער האָבען זיי זיך אנגעהויבען לאַנגווייליגען . . .

— עס איז אזוי היים, די זון ברענט, וואָס זאָגסטו כליון אויף דעם, אז מיר זאָלען נעהמען אונזערע פערד און אוועק רייטען צום ירדן, וואו מיר וועלען זיך קענען אָפּקיהלען ביי זיינע קלאָרע וואַסערען — האָט מחלון זיך אָפּגערופען צו זיין איינגערען ברודער.

— לאָמיר מיטנעהמען די נעצען און מיר וועלען דאָרט פאַנגען פיש — האָט כליון צוגעגעבען.

— וואָס מיר וועלען דאָרטען טהאָן וועט זיין מעהר איינגענעהם פאַר אונז ווי צו זיצען אין אָפענעם פעלד און ברענען זיך אונטער דער זון. קום, לאָמיר געהן!

די צוויי ברידער האָבען גענומען זייערע נעצען און אויסגעקליבען צוויי פון די בעסטע פערד און אוועקגעריטען ביז צו די ברעגען פון דעם טייך ירדן.

דאָרטען האָבען זיי זייערע פערד געלאָזען זיך פיטערען אויפ'ן גראָז און אליין האָבען זיי זיך דערנעהענט צום ברעג ירדן.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום וואַסער האָט זיך צו זייערע אויערען דערטראָגען א געזאַנג פון צוויי פרויען שטימען.

א ווײלע זיינען זיי געבליבען שטעהן און זיך ארומגעקוקט. באַלד האָבען זיי פון דער צווייטער זייט ירדן באַמערקט ווי צוויי יונגע מיידלאך נידערען ארונטער צום וואַסער . . .

— אָה, ווי וואונדער שעהן זיי זיינען!

— האָט מחלון זיך אָפּגערופען אין דער שטיל צו כליון'ען. — לאָמיר דאָ שטעהן בעהאַלטען הינטער'ן בוים אום צו זעהען וואָס זיי טהוען . . .

— לאָמיר זיך אויסציהען אויף דעם גראָז, אז ניט וועלען זיי אונזערע שאָטענס דערזעהען און דאָס וועט זיי אָפּשרעקען — האָט כליון מיט א שמייכעל צוגעגעבען. — זיי זיינען דאָ געוויס געקומען זיך באָדען . . .

די ברידער האָבען זיך אויסגעצויגען אויפ'ן גראָז און אנגעווענדעט זייערע בליקען אין יענער ריכטונג פון דער צווייטער זייט ירדן וואו די צוויי יונגע מיידלאך זיינען צוגעקומען.

אָט באַמערקען זיי ווי זיי זעצען זיך אוועק אויף די שטיינער וואָס איז ביים ברעג טייך . . . זיי נעהמען ארונטער זייערע סאַנדאַלען און טונקען איין זייערע באָרוויסע פיס אין דעם קלאָהרען קיהלען וואַסער פון ירדן.

— אָה, ווי שעהן און געטאַקט זיינען זייערע פיס! — האָט מחלון אריינגעשושקעט כליון'ען אין אויער.

— ווער דענקסטו זיינען זיי, די צוויי יונגע שעהנהייטען? — האָט מחלון זיך אָפּגערופען צו זיין ברודער.

— לויט זייערע קליידער, שיינען זיי צו זיין אדער פון עמון אדער פון מואב... באַמערקסטו אז איינע האָט שוואַרצע האָר און די צווייטע — רויטע? — האָט בלויז א זאָג געטאָן.

— די מיט די שווארצע האָר, דוכט זיך איז א אידישע טאָכטער — האָט מחלון צוגעגעבען . . . יע, איך האָב אזא שעהנקייט ניט געזעהען.

— ווען דער ירדן וואלט ניט אפּגעטיילט צווישען אונז, וואלטען מיר שוין צו זיי צוגעגאנגען — האָט כליון נאָך מעהר אנגעשטרענגט זיינע אויגען...

— ניין, אויב זיי זיינען פון מואב, דארפען מיר זיין פּאָרזיכטיג — האָט מחלון א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ. מיר זיינען דאָך פּאָרט אונטערטעניג צו עגלון דעם קעניג פון מואב. און מיר דארפען זיין צופרידען אז ער לאָזט אונז צורוה . . .

פלוצלונג האָבען די ברידער באמערקט ווי די מיידעל מיט די שווארצע האָר, האָט זיך א גליטש געטאָן פון שטיין און איז אריינגעפאלען אין וואסער.

— איך טרינק זיך ! איך טרינק זיך, האָט זי אנגעהויבען שרייען צו דער צווייטער מיידעל. העלף מיר ! דאָס וואסער דאָ איז זעהר טיעף.

די צווייטע מיידעל איז גלייך נאָך איהר אריינגעשפּרונגען אין טייך . . . און פּרובירט איהר העלפען, אבער ווי עס ווייזט אויס האָבען ביידע ניט געקענט שווימען און זיי האָבען זיך גענומען טרינקען . . .

— זיי טרינקען זיך ! — האָט כליון אויסגערופען. און גלייך אריינגעשפּרונגען אין ירדן.

מחלון האָט איהם נאָכגעפאָלגט און ביידע ברידער האָבען מיט אלע זייערע כוחות זיך געלאָזט שווימען אנגעטאָן אין זייערע קליידער צו דער צווייטער זייט פון ירדן, וואו די צוויי יונגע מיידלאך האָבען געשריען נאָך הילף . . .

כליון, דער אייגערער ברודער איז געווען א בעסערער שווימער, און אין א קליינע ווײלע איז ער צוגעשוואומען צו די צוויי טרינקענדע מיידלאך... ער האָט אנגענומען די מיידעל מיט די שווארצע האָר און האָט זיך געלאָזען צו שווימען מיט איהר צום ברעג, ער האָט זי אוועקגעלעגט אויפ'ן גראָז און געוואלט ווידער אריינשפּרינגען אין טייך צו ראטעווען די צווייטע. אבער דאָס האָט שוין מחלון געטהאָן. ער האָט באלד נאָכגעפאָלגט זיין ברודער און ארויסגעראטעוועט די צווייטע מיידעל.

א קליינע ווײלע האָט געדויערט ביז וואנען די מיידלאך זיינען צו זיך געקומען.

— אָה, מיין האר, — האָט די מיידעל מיט די שווארצע האָר זיך אָפּגערופען צו כליונ'ען — דו האָסט מיך געראטעוועט פון טויט, ווי אזוי וועל איך דיר קענען בעלוינען פאר דיין חסד וואָס דו האָסט מיט מיר געטהאָן ?

— מיין בעלוינונג איז דאָס וואָס דו ביזט געראטעוועט געוואָרען. געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט מיר און מיין ברודער אין צייט געשיקט — האָט כליון געענטפערט--זאָג מיר, דו צארטע בלום, ווי איז דיין נאָמען ?

— מיין נאָמען איז רות — האָט זי געענטפערט. איך בין א מואבית.

— און יענע איז דיין פריינדין ! — האָט ער מיט זיין האנט אנגעצייגט אויף דער רויט האָריגער מיידעל וועלכע איז געזעסען אויפ'ן גראָז מיט זיין ברודער.

— ניין, זי איז מיין שוועסטער ! — האָט רות געענטפערט. איהר נאָמען איז ערפּה, לאָמיר צו איהר צוגעהן, איך וויל זעהן ווי זי פיהלט.

כליון האָט רות'ן זיך געהאָלפען אויפשטעלען און זיי זיינען ביידע צוגעגאנגען צו ערפּה'ן און מחלון.

— איהר זייט געוויס הונגעריג ? — האָט זיך כליון אָפּגערופען. אויף דער צווייטער זייט ירדן געפינען זיך אונזערע פערד און מיר האָבען דאָרטען שפּייז, אָט וועל איך צוריק אריבערשווימען דעם ירדן און וועל אריבערברענגען אונזערע פערד און שפּייז אויף דיזער זייט.

— אָה ניין, טו עס ניט ! — האָט רות צו איהם געזאָגט — מיר זיינען ניט הונגעריג. מיר וועלען דאָ בלייבען א ווײלע ביז וואנען אונזערע קליידער ווע־

לען זיך אויסטריקענען און נאכהער וועלען מיר זיך אומקעהרען אהיים.

— דאן וועלען מיר אייך בעגלייטען ביז אייער היים. — האט מחלון א זאג געטהאן.

— ניין, אונזער פאטער טאר קיינמאל ניט אויסגעפינען וואס מיט אונז האט פאסירט — האט ערפה געזאגט — ווען ער וועט זיך דערוויסען פון דעם וועט ער אונז קיינמאל אליין ניט לאזען אוועקשפאצירען פון שטאדט.

— און פון וועלכער שטאדט קומט איהר? — האט מחלון זיי ביידען געפרעגט.

— פון דער שטאדט מדהבה! — האט רות געענטפערט.

— מדהבה איז דאך די הויפט שטאט פון מואב! — האט כליון אויסגערופען — דארטען געפינט זיך עגלון, דער קעניג פון מואב.

רות און ערפה האבען זיך איבערגעווארפען מיט שמייכלענדע בליקען. — האט איהר געהערט פון אונזער קעניג? — האט ערפה זיי געפרעגט.

— געוויס האבען מיר געהערט פון עגלון דעם קעניג פון מואב! — האט מחלון געזאגט — מיר צאהלען איהם צינזען יעדעס יאהר.

— און געוויס איז אונזער קעניג ביי אייך פערהאסט! — האט רות מיט א שמייכעל געזאגט.

— ניין, מיר זיינען צופרידען צו לעבען אין שלום מיט איהם און צאהלען איהם צינזען — האט כליון געענטפערט.

— און פון וועלכען שבט שטאמט איהר? — האט רות זיי געפרעגט.

— פון דעם שבט יהודה, און אונזער שטאדט איז בית לחם.

— בית לחם — האט רות אויסגערופען — איך האב פיעלעס געהערט דערצעהלען פון דיזער וואונדערבארער שטאדט. יעצט זעהן מיר אז אויך די איינוואהנער פון בית לחם זיינען גוט און גנעדיג... איהר האט אונז ביידען פון א זיכערען טויט געראטעט, ווייל ניט איך און ניט מיין שוועסטער קענען שווימען.

— אויב אזוי דארפט איהר זיין מעהר פארזיכטיג מעהר ניט צו געהן צו די פלעצער וואו דער ירדן איז טיעף — האט כליון געזאגט.

— עס איז ניט דאס ערשטע מאל וואס מיר פארברייגגען דא ביי דיזען ברעג פון ירדן — האט ערפה געזאגט — און איך קען אליין ניט פערשטעהן ווי אזוי מיין שוועסטער רות איז פלוצלונג אריינגעפאלען אין טייך.

— איך האב באמערקט ווי עפעס בעוועגט זיך אויף דער צווייטער זייט פון ירדן און איך האב זיך שטארק דערשראקען און דעריבער האב איך זיך א גליטש געטהאן און אריינגעפאלען. ווען ניט איהר, ווער ווייס וואו מיר וואלטען יעצט געוועזען.

— דאס האט גאט אונז געשיקט אהער אייך צו ראטעווען! מיר זיינען אהער געקומען צו פאנגען פיש מיט אונזערע נעצען און דא האבען מיר פלוצלונג דערהערט א געשריי פאר הילף.

— איהר האט דאך נאך אונז ניט געזאגט אייערע נעמען און דעם נאמען פון אייער פאטער, — האט רות זיך אפגערופען. מיר ווילען וויסען ווער עס האט אונז געהאלפען, מיר זאלען אייך נאכהער קענען פאר דעם בעלוינען.

— מיר דארפען ניט קיין בעלוינונג!

— האט מחלון געענטפערט — אונזער פאטער איז זעהר רייך און מיר האבען אלעס וואס מיר פארלאנגען.

— ווען מיר וואלטען ניט מורא געהאט אונזער פאטער זאל אונז מעהר ניט פארבאטען צו געהן אליין, וואלטען מיר אייך איינגעלאדען צו אונז אין הויז — האט ערפה געזאגט.

— און איך האף אז מיר וועלען זיך נאך מיט אייך זעהן! — האט כליון געזאגט — דאס וועט זיין אונזער גרעסטע בעלוינונג...

— מיט איניגע טעג שפעטער וועלען מיר אונזער פאטער פיליכט זאגען וואס מיט אונז האט פאסירט און ווי אזוי

איהר האָט אונז געראַטעוועט, דאַן וועט ער אַליין אייך וועלען אָפּדאַנקען, וועט איהר קענען קומען אין אונזער הויז.

— אָבער מיר ווייסען דאָך ניט וואו אייער פאָטער'ס הויז געפינט זיך? — האָט מחלון געזאָגט.

— ווען איהר וועט אָנקומען אין מדהבה און זיך נאָכפרעגען אויף רות און ערפּה, די טעכטער פון דעם אָרימסטען פּאַסטוך פון שטאָדט, וועט מען אייך גלייך אָנצייגען אונזער וואָהנונג — האָט ערפּה געזאָגט.

— אַה, ערפּה! — האָט רות זיך אָפּגערופען, און זיך גלייך פערכאַפּט... איך מיין... אַז עס ווערט שוין צו שפּעט... אונזער פאָטער וועט בעזאָרגט זיין. לאָמיר זיך איילען...

— ערלויבט דאָך אונז אייך צו בעגלייטען ביז דער שטאָדט! — האָט מחלון געזאָגט.

— איהר בעסער קעהרט זיך אום צו אייער שטאָדט — האָט רות זיך אָפּגערופען — די זון וועט באַלד אונטערגעהן, און אין דער פינסטער איז דער וועג נאָך מעהר געפעהרליך.

— און פאַרגעסט ניט אַז איהר דאַרפט נאָך אַריבערשווימען דעם ירדן — האָט ערפּה צוגעגעבען — געהט בשלום און זאָל אייער גאָט אייך בעלוינען פאַר דעם חסד וואָס איהר האָט געטהאָן מיט אונז... שלום!

שלום! — האָט רות מיט א ליעבליכען שמייכעל א שאָקעל געטהאָן מיט איהר קאָפּ.

—שלום! — האָבען מחלון און כליון מיט אַמאָל אויסגערופען. רות און ערפּה האָבען גענומען געהן און מחלון און כליון האָבען זיי באַגלייט מיט זייערע בליקען, ביז וואַנען זיי האָבען זיך שוין מעהר ניט געזעהן...

— האָסטו געזעהן ווי וואונדער שעהן רות איז? — האָט כליון זיך אָפּגערופען צו זיין ברודער — ווער וואָלט עס געגלויבט אַז זי שטאַמט פון מואב.

— און ערפּה?! — האָט מחלון אויסגערופען — האָסטו געזעהן ווי איהרע גאָלדענע האָר האָבען בלייך געמאַכט די שטראַהלען פון דער זון?

— אַה, איהרע וואונדערשעהנע מילדע אויגען... איהרע שוואַרצע לאָקען האָר... זיי האָבען מיר בעצויבערט — האָט כליון ווי צו זיך גערעדט... רות... רות... וועל איך דיך ווען עס איז נאָך זעהן!...

— מיר וועלען אין א פּאָר טעג אַרום קומען א[illegible] מדהבה און זיי אויפזוכען — האָט מחלון געזאָגט — מיר וועלען זיי געפינען.

— ווי אַזוי וועלען מיר זיי קענען געפינען, ווען מיר ווייסען אפילו ניט דעם נאָמען פון זייער פאָטער! — האָט כליון געקוועטשט מיט די פּלייצעס. זיי זיינען דאָך פון די אָרימע שיכטען פון פאָלק, און זיי זיינען ניט בעוואוסט.

— מיר וועלען געהן פון פּאַסטוך צו פּאַסטוך און פרעגען אויב ער איז ניט דער פאָטער פון די צוויי טעכטער רות און ערפּה — האָט מחלון געזאָגט — מיר וועלען זיי מוזען געפינען!...

— איך וועל רות'ן שוין קיינמאָל ניט פערגעסען! — האָט כליון געזאָגט — איך וועל אָהן איהר ניט קענען לעבען.

— דו זינדיגסט מיט דיינע רייד, מיין ברודער, דו דאַרפסט ניט פאַרגעסען אַז זי איז מואבית, און דערצו נאָך שטאַמט זי פון די נידעריגסטע שיכטען פון פאָלק... דער פאָטער וועט קיינמאָל ניט צושטימען דערצו, אַז זי זאָל דיין פרוי ווערען... ערפּה האָט אויף מיר אויך געמאַכט דעם זעלבען איינדרוק, פונדעסטוועגען וויל איך גאָר ניט צולאָזען אַזעלכע געדאַנקען...

— אָבער דו האָסט דאָך נאָר וואָס געזאָגט אַז מיר מוזען זיי געפינען!

— יע, עס וועט ניט שאַדען אַז מיר וועלען זיי געפינען און מיט זיי פאַרברינגען... עס איז פאַר אונז ביידען זעהר אָנגענעהם געווען צו פערברינגען אין זייער געזעלשאַפט... אָבער ווייט איז עס פון מיר צו טראַכטען וועגען נעמען ערפּה'ן, א טאָכטער פון א פרעמ־

דעם פאלק און פון אן ארימען פאסטוך דערצו, פאר מיין פרוי.

— און איך האב נאך אין גאנץ בית לחם ניט געזעהן אזא שעהנע מיידעל ווי רות איז... ווען זי וואלט מיר ניט געזאגט אז זי שטאמט פון מואב וואלט איך זיכער געמיינט אז זי שטאמט פון איינעם פון אונזערע שבטים...

— וואס וועלען מיר יעצט טהאן?

— האט מחלון געזאגט, אונזערע קליידער האבען זיך שוין אויסגעטריקענט און יעצט וועלען מיר זיי ווידער דארפען נאם מאכען אום אריבערשווימענדיג דעם ירדן.

— ווייסטו וואס, האט כליון געזאגט — איך וועל אויסטהאן מיינע קליידער און זיי איבערלאזען לעבען דיר, דאן וועל איך אריבערשווימען דעם ירדן און צוריקקומען מיט אונזערע פערד. און נאכהער וועלען מירביידע אריבערגעהן דעם טייך רייטענדיג אויף אונזערע פערד, און מיר וועלען אונזערע קליידער אפילו ניט איינגעצען...

כליון האט אזוי געטהאן. ער האט אויסגעטהאן זיינע קליידער און אריבערגעשוואומען דעם טייך און איז באלד צוריקגעקומען מיט די פערד צו מחלון. דארטען האט ער זיך אנגעטהאן און ביידע ברידער האבען זיך ארויפגעזעצט אויף זייערע פערד אריבערגעגאנגען דעם ירדן, און ווען עס איז שוין גוט פינסטער געווארען זיינען זיי אנגעקומען אין בית לחם.

## צווייטער קאפיטעל

## עגלון, דער קעניג פון מואב

ווען רות און ערפה האבען זיך דערוייטערט פון די צוויי ברידער, האבען זיי נאך עטליכע מאל אומגעדרעהט זייערע קעפ און געווארפען זייערע בליקען אין דער ריכטונג וואו זיי זיינען געשטאנען.

— דו ווייסט, ערפה, אז מיר האבען די צוויי העלדישע ברידער ניט בעדאנקט ווי געהעריג איז פאר זייער גוטסקייט — האט רות זיך אפגערופען. און זיי האבען זיך נאך אזוי פיין און עהרליך פערהאלטען צו אונז... וואלטען דען אזוי געהאנדעלט די יונגע לייט פון מואב אדער פון עמון?..

— בפרט נאך ווען איך האב זיי געזאגט אז מיר זיינען די טעכטער פון דעם ארימסטען פאסטוך פון שטאדט — האט ערפה א שמייכעל געטהאן.

— איך ווייס ניט ווי אזוי דו האסט געקענט זיי זאגען אזא ליגען... — האט רות געזאגט — ווען דו האסט ניט געוואלט אז זיי זאלען וויסען ווער מיר זיינען, וואלסטו זיי גאר ניט געדארפט זאגען, יעצט אבער, האסטו זיי אפגענארט.

— איך האב עס געטהאן ווייל איך האב געוואלט אז זיי זאלען אונז קומען אויפזוכען! — האט ערפה געלאכט.

— איך ־ערשטעה דיר ניט מיין שוועסטער, דו ווילסט אז זיי זאלען קומען אונז אויפזוכען און דא קומסטו און פערפיהרסט זיי... ווי אזוי וועלען זיי יעצט אונז קענען געפינען?

— ווען איך וואלט זיי דעם אמת געזאגט, אז מיר זיינען די טעכטער פון דעם קעניג פון מואב, וואלטען זיי דאך געוויס ניט געקומען אונז זעהן... אבער יעצט ווען זיי מיינען, אז מיר זיינען טעכטער פון אן ארימען פאסטוך, וועלען זיי שוין גאנץ אפט קומען דא אין שטאדט ביז וואנען זיי וועלען אונז נאך אמאל טרעפען.

— און וואס זאלען מיר זאגען דעם פאטער — האט רות געפרעגט איהר שוועסטער.

— מיר וועלען איהם דערווייל גאר ניט זאגען, מיר וועלען אומבייטען אונזערע קליידער און ער וועט גאר ניט וויסען אז מיר האבען אוועקגעשפאצירט צום ירדן, און אין א פאר טעג שפעטער וועלען מיר איהם דערצעהלען, ווי אזוי צוויי יונגע לייט פון בית לחם האבען אונז גערעטעט.

ווען אבער רות און ערפה זיינען אנגעקומען אין פאלאץ, און אריין צו זיי־

ערע צימערען, האבען די קאמער־מיידלער זיי געזאגט אז דער קעניג האט שוין אייניגע מאָל נאָכגעפרעגט אויף זיי, און ער איז געווען בעזאָרגט.

— מיר וועלען איהם מוזען נאָך היינט זאגען וואס מיט אונז האט פּאַסירט — האט ערפּה א זאג געטאָהן צו רות'ן אין דער שטיל.

זיי האבען אומגעביטען זייערע קליידער און גלייך אריין צו זייער פאטער.

— וואו זייט איהר דאס געווען אזוי שפּעט, מיינע טעכטער? — האט דער קעניג זיך צו זיי געווענדעט.

—מיר זיינען געגאנגען אויף א שפּאַציר נעבען ירדן — האט ערפּה געענטפערט, און ווען אונזערע פיס זיינען בעשטויבט געווארען פון וועג זיינען מיר צוגעגאנגען צום ברעג טייך אָפּצוואַשען דעם שטויב פון אונזערע פיס, האט זיך רות א גליטש געטאָהן און איז אריינגעפאַלען אין טייך און זיך גענומען טרינקען. איך בין אריינגעשפּרונגען אין ירדן איהר צו ראטעווען, אבער איך האב זיך אויך אנגעהויבען טרינקען. ווייל דער וואסער אין יענעם פּלאַץ איז געווען זעהר טיעף. מיר האָבען געשריען פאר הילף און פּלוצלינג האבען מיר באמערקט צוויי יונגען שווימען אונז אנטקעגען פון דער צווייטער זייט טייך. יע, דיזע יונגען האבען אונז געראטעוועט פון א זיכערען טויט.

— און ווער זיינען זיי די העלדישע יונגען? — האט עגלון זיי געפרעגט.

— זיי זיינען פון ישראל, און קומען פון דער שטאָדט בית לחם — האט רות געענטפערט.

— און פארוואס האט איהר זיי ניט איינגעלאדען אין פּאַלאַץ? — האט דער קעניג זיי פאָרגעוואָרפען — זיי האבען מיינע צוויי טעכטער פון טויט געראטעוועט און איך האב אפילו ניט די געלעגענהייט געהאט זיי צו בעדאנקען.

רות און ערפּה האבען אראנטערגעלאָזען זייערע אויגען פערשעהמטערהייט, און געשוויגען, און עגלון האט פאָרטגעזעצט:

— עס איז דאס לעצטע מאָל, מיינע טעכטער, וואס איך וועט ערלויבט ווערען אוועקצושפּאַצירען אליין הינטער דער שטאָדט. געלויבט איז אונזער גאָט כמוש, וואס ער האט אייך אויסגעהיט פון אן אומגליק. דער געגענד נעבען ירדן איז זעהר געפעהרליך פאר מיידלער צו געהן, און די סכנות וואס עס האט אויף אייך געלויערט איז געווען גרויס. וואס וואָלט איהר געטהאָן ווען די צוויי יונגע לייט פון בית לחם וואָלטען אייך געזוכט שלעכטעס צו טאָהן. זיי האבען אייך געקענט נעהמען געפאנגען אלס נקמה פאר דעם וואס ישראל צאָהלט מיר צינזען. אדער זיי האבען אייך געקענט טויטען.

— אָה, ניין, פאטער, זיי זיינען געווען בראוו און נאָבעל דערצו — האט ערפּה געזאגט.

— און זיי ווייסען ניט אז מיר זיינען די טעכטער פון דעם קעניג — האט רות געשמייכעלט.

— האבען זיי אייך דען ניט געפרעגט ווער איהר זייט?

— יע, און איך האב זיי געזאגט אז מיר זיינען די טעכטער פון אן ארימען פאסטוך אין מדהבה — האט ערפּה געלאכט — מיר זיינען געווען אנגעטהאָן אין איינפאכע קליידער, און קיינעם וואָלט ניט איינגעפאלען אז מיר זיינען די טעכטער פון קעניג.

— אָה, ווי אונדאנקבאר איהר זייט געווען, מיינע טעכטער צו די מענשען וועלכע האבען אייך געראטעוועט, ניט נאָר האט איהר זיי ניט איינגעלאדען צו מיין פאלאץ וואו איך וואָלט זיי געקענט אנטהאָן כבוד פאר זייער בראווקייט, נאָר איהר האט זיי נאָך אפּגענארט.

— מיר האבען ניט געוואוסט אויב דו וועסט זיין צופרידען מיט דעם וואס מיר וועלען איינלאדען צוויי פרעמדע יונגע לייט צו דיין פאלאץ — האט רות געזאגט.

— איהר זייט ביידע א גרויסע נאַרישקייט בעגאנגען, און ניט איין נאַרישקייט, נאָר דריי; איינע וואס איהר

האט אזוי וויט אוועקגעשפאצירט פון שטאָדט אליין. די צווייטע—וואס איהר האט אויסגעקליבען זיך אוועקצוזעצען נעבען דעם טיפסטען פלאץ פון ירדן. און די דריטע—וואס איהר האט אפגענארט די וועלכע האבען אייערע לעבענס גערעטעט. א שוידער געהט דורך מיין לייב, ווען איך גיעב נאָר א טראכט ווען יענע צוויי יונגע לייט וואלטען ניט אנגעקומען אין צייט, וואו וואלט איהר יעצט געווען? איך וואלט קיינמאָל ניט אויסגעפונען וואו איהר זייט אהינגעקומען.

עגלון האט געשיקט רופען זיינע צוויי פרויען, די מוטער פון רות און די מוטער פון ערפה, און ער האט זיי איבערגעגעבען וואס עס האט מיט זייערע טעכטער פאסירט. די מוטערס האבען געוויינט פון גרויס פרייד.

— איך וועל מאַכען א מאָלצייט און מיר וועלען ברייגגען קרבנות צו אונזערע געטער פאר זייער חסד וואס זיי האבען מיט אונז געטהאָן — האט עגלון זיך אפגערופען.

— — איך וועל זיין צופרידען צו דינען אונזער גאט כמוש מיט קרבנות —האט חגית ערפה'ס מוטער געזאגט און געווארפען א בליק אויף נחמה, די מוטער פון רות — איך האָף, אז נחמה וועט אויך וויסען ווי אפצושאצען די גוטסקייט פון אונזערע געטער.

חגית האט שוין פון לאנג געזוכט ארייגצוברייגגען נחמה'ן, די ערשטע ווייב פון דעם קעניג אין א פערלעגענהייט. זי האט געוואוסט אז נחמה האט זעהר ניט ליעב צו געהן אין די טעמפלען פון פעור און כמוש, די געטער פון מואב, און דעריבער האט זי געטאָהן אלעם וואס איז מעגליך צו מאכען אז אויך נחמה זאל קומען דינען די געטער.

נחמה איז געווען א אידישע טאָכטער און האט געשטאמט פון דעם שבט גד פון דעם לאנד גלעד. אין איינע פון די מלחמות וואס דער קעניג ירמות, דער פאטער פון עגלון האט מלחמה געהאלטען מיט די איינוואָהנער פון גלעד, האט ער גענומען געפאנגען נחמה'ן, א קליינע מיידעלע, וואס איז דאן אכט יאהר אלט געוועז.

נחמה איז אונטערגעוואקסען און איז געווען וואונדער שעהן, און ווען עגלון איז ארויף אויף דעם טראָהן פון זיין פאטער, האט ער נחמה'ן גענומען פאר זיין פרוי, דערנאָך האט ער גענומען נאָך א פרוי צו איהר מיט'ן נאָמען חגית. חגית האט געבוירען א טאָכטער צו עגלון און ער האט איהר א נאָמען געגעבען ערפה.

אין א פאָר יאָהר שפעטער האָט אויך נחמה געבוירען א טאָכטער צו דעם קעניג פון מואב און ער האט איהר א נאָמען געגעבען רות.

כאָטש נחמה איז געווען גאָר יונג ווען זי איז געפאנגען געווארען, פון דעסטוועגען האט זי געוואוסט אז זי שטאמט פון אידען. און פיעלע אידישע מנהגים און זיטען זיינען געווען איינגעקריצט אין איהר הארצען.

עגלון האט נחמה'ן זעהר ליעב געהאט, ווייל זי איז געווען שעהנער פון חגית'ן און פון זיינע פלגשים און דעריבער האט ער איהר ניט געצוואונגען צו געהן יעדען טאָג אין די טעמפלען פון פעור און כמוש צו דינען דארט די געטער. אבער ווען עס איז געווען א יום טוב, דאן האט זי אויך געמוזט געהן. אבער זי האט זיך ניט בעטייליגט אין ברייגגען די קרבנות.

ווען חגית האט דערהערט אז דער קעניג וועט מאכען א יום טוב לכבוד די געטער פאר דעם וואס זיי האבען זיינע צוויי טעכטער גערעטעט, האט זי געוואלט ווייזען דעם קעניג ווי אומגעטריי נחמה איז צו די געטער פון מואב אז אפילו ווען זיי האבען אזא חסד געטאָן מיט איהר טאָכטער, וויל זי זיי ניט בעדאנקען.

חגית האט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען צו דערצאָרענען איהר "פיינדין" און ניט איינמאָל האט זי אנגערעדט אויף איהר פאר דעם קעניג.

אין דער צייט וואס די מוטערס הא־

בעז זיך שטענדיג געקריגט, האבען זיך זייערע טעכטער, ערפה און רות זעהר ליעב געהאט. שטענדיג זיינען זיי צוזאמען געווען. איינע פלעגט ניט געהן אהן דער צווייטער. פון יאהר צו יאהר איז זייער פריינדשאפט און צוגעבונדענקייט שטארקער געווארען. זיי זיינען געווען איבערגעבען איינע צו דער צווייטער מיט'ן לייב און לעבען.

---

עטליכע טעג זיינען פאריבער זינט מחלון און כליון האבען געראטעוועט די צוויי שוועסטער, ערפה און רות פון דערטרונקען צו ווערען, און די צוויי ברידער האבען ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון זיי. מחלון האט גערעדט מיט גרויס בעגייסטערונג וועגען ערפה'ן און כליון האט זיך ניט געקענט אפלויבען פון רות'ן.

— איך האב געמיינט אז א פאר טעג וועלען אוועקגעהן און איך וועל זיך קענען ארויסשלאגען פון מיינע געדאנקען — האט כליון געזאגט צו זיין ברודער — אבער איך בין זיך מודה אז איהר געשטאלט האט מיין שלאף גערויבט... איהר שעהנער פנים שטעהט שטענדיג פאר מיינע אויגען, איהר ליבליך זיסע שטימע קלינגט נאך יעצט אין מיינע אויערען. אה, מיין ברודער, ווען דו וואלסט געוואוסט ווי גרויס מיינע ליידען זיינען?

— איך וועל דיר זאגען דעם אמת אז איך פיהל די זעלבע זאך וועגען ערפה'ן, אבער טראכטען פון דער מעגליכקייט זי צו נעהמען פאר א פרוי, דאס ניט. איך וואלט זעהר זי געוואלט זעהען א צווייטען מאל. אבער מיר דארפען אונזערע קעפ ניט פערלירען, מיין ברודער. ווילסטו דען אז אונזער פאטער זאל אונז פערטרייבען פון זיין הויז און מעביר נחלה זיין?

— אה, איך וואלט אפגעגעבען מיין פאטער'ס גאנצע רייכטום פאר רות'ן, איך וואלט בעסער פארגעצויגען צו זיין אן ארימער פאסטוך, צו וואהנען מיט רות'ן אין א קליינעם געצעלט און עסען ברויט מיט וואסער, איידער צו זיין אין מיין פאטער'ס רייכע פאלאצען און געניסען פון דאס בעסטע אהן רות'ן.

— איך וועל דיר זאגען כליון, אונזערע געדאנקען וועגען די צוויי פרעמדע מיידלאך, האט א סך צו טאהן מיט די אומשטענדען, ווי אזוי מיר האבען זיך מיט זיי בעקאנט. אכ האבען זיי זיך געטרונקען, מיר האבען זיי געראטעוועט, און אונזערע הערצער זיינען געווארען צוגעצויגען צו זיי. ווען אבער מיר וועלען זיך מיט זיי טרעפען א צווייטען מאל, וועט דער ערשטער איינדרוק אין גאנצען פארשווינדען. מיר וועלען זיכער קומען צו דער איבערצייגונג אז אויב ניט אין בית לחם, זיינען אין אנדערע שטעדט פון דעם שבט יהודה פאראן שעהנערע מיידלעך ווי די מואביות. לאמיר ניט פארגעסען, אז דער פאטער האט אונז פערשפראכען מיטצונעהמען קיין שילה דעם קומענדען יאהר, דארט קומען אן פיעלע שעהנע מיידלעך מיט זייערע רייכע עלטערען צו דינען גאט. און ווי מיינער א פריינד האט מיר דערצעהלט, קען מען אין ערגיץ ניט טרעפען אזעלכע שעהנע מיידלעך ווי מען געפינט אין שילה.

איך ווייס מיין ברודער, אז דו ביזט גערעכט, איך טאהר אפילו ניט טראכטען פון איהר. דער פאטער און מוטער וואלטען מיר קיין מאל ניט מוחל געווען. אבער וואס קען איך טאהן? מיין הארץ ציהט פארט צו איהר.

— אונזערע עלטערען וועלען זיך געווים פערזאמען עטליכע טעג אין שילה, און יעצט האבען מיר א געלעגענהייט אוועקצוגעהען נאך מדהבה, די הויפטשטאדט פון מואב און אויפזוכען די טעכטער פון דעם פאסטוך — האט מחלון געזאגט.

— איך בין גרייט! — האט כליון מיט פרייד אויסגערופען—לאמיר אהין נאך מארגען אוועקגעהן.

— דו דארפסט מיר אבער פערשפרעכען אז דו וועסט ניט מאכען קיין איבעראיילטען שריט—האט מחלון גע־

זאגט — דו וועסט דארפען וויסען ווי אזוי זיך צו בעהערשען.

— איך וועל טהאָן אלעס וואס דו וועסט מיר ראטהען, מיין ברודער — האט כליון געזאגט — אבער איך פיהל אז איך מוז זי נאָך אמאָל זעהען. בלויז נאָך א מאָל. פיליכט וועל איך זיך דאן קענען בערוהיגען. אָה, די וואונדערשעהנע רות. איהרע מילדע לאסטשענדע בליקען, האבען מיך בעצויבערט....

— האסטו בעמערקט די גאָלדענע האָר פון ערפה — האט מחלון צוגעגעבען—אויב רות׳ס אויגען האָבען דיך בעצויבערט, האבען מיך ערפה׳ס גאָלדענע לאָקען פּער׳כשופ׳ט.

אויף מאָרגען זיינען ביידע ברידער גאנץ פריה אויפגעשטאנען. זיי האבען אפגעגעסען זייער פריהשטיק, גענומען צוויי פערד און שפייז און אוועקגעריטען צום ירדן צו דעם זעלבען פלאץ פון וואנען זיי האבען צום ערשטען מאָל בעמערקט די צוויי יונגע מיידלאך.

כליון האט גענומען זוכען מיט זיינע אויגען, ער האט געהאָפט פיליכט וועט ער זיי דארט נאָך אמאָל זעהען.

— דו מעגסט זיכער זיין אז נאך אזא ערפאהרונג וועלען די שוועסטער ניט אזוי שנעל דאָ ווידער קומען—האט מחלון געזאגט — מעגליך אז זיי פיטערען די שאָף צוזאמען מיט זייער פאטער.

— וועלען מיר אוועקרייטען נאך מואב? — האט כליון איהם געפרעגט.

— איך בין צופרידען! — האט מחלון געענטפערט — אויב עס וועט אונז לאנג ניט נעהמען זיי אויפצוזוכען, וועלען מיר נאָך בעוויזען זיך אומצוקעהרען קיין בית לחם, איידער עס וועט פינסטער ווערען.

— איך פארשפרעך דיר, אז לאנג וועל איך מיט רות׳ן ניט פערבלייבען. איך וועל בלויז מיט איהר ריידען עטליכע ווערטער און דאן וועלען מיר זיך אומקעהרען אהיים.

— עס ווענדט זיך אָבער ווי לאנג עס וועט אונז נעהמען זיי אויפצוזוכען. מיר וויסען דאָך אפילו ניט דעם נאָמען פון זייער פאָטער! — האָט מחלון געזאָגט.

— אזעלכע שעהנע מיידלעך זיינען גוט בעוואוסט צווישען די פאסטוכער... מיר וועלען פרעגען יעדען פאסטוך וועמען מיר וועלען באגעגענען ביז וואנען מען וועט אונז אָנצייגען דעם וואָהנונגספלאץ פון זייער פאָטער.

ווען זיי זיינען אריבער דעם ירדן, האָבען זיי זיך מיט זייערע פערד פערנומען צו דער ריכטונג פון דער הויפטשטאָדט פון מואב.

רייטענדיג אויף זייערע פערד, האָבען זיי מיט זוכענדע בליקען בעטראכט דעם גאנצען געגענד. פון ווייטען האָבען זיי בעמערקט ווי די שאָף פאשען זיך רוהיג אויף די לאנקעס.

— דאָרטען זעה איך צוויי פאסטוכער זיצענדיג אונטער דעם שאָטען פון א בוים — האָט כליון א זאָג געטהאָן. — לאָמיר צורייטען צו זיי און זיי פרעגען.

די צוויי ברידער האָבען צוגעריטען צו די פאסטוכער, וועלכע האָבען זיך אויפגעשטעלט פון זייער פלאץ מיט שרעק.

— קענט איהר אונז ניט זאָגען, וואו געפינט זיך דער פאסטוך... הם... איך מיין דער פאסטוך, וועלכער האָט צוויי שעהנע טעכטער? — האָט כליון ארויסגעשטאמעלט.

די פאסטוכער האָבען מיט ערשטוינונג בעטראכט די צוויי ברידער און געקוועטשט מיט זייערע פלייצעס.

— דער פאסטוך, וועלכער איז דער פאָטער פון ערפה און רות! — האָט מחלון צוגעגעבען. — דאָס זיינען די נעמען פון זיינע צוויי טעכטער.

— מיר וויסען ניט פון אזא פאסטוך — האָבען זיי געענטפערט און געשאָקעלט מיט די קעפ.

די ברידער האָבען אוועקגעריטען עטוואָס ווייטער, זיך אָפגעשטעלט נעבען אַן אנדער פאסטוך און איהם די זעלבע פראגע געפרעגט.

ווען יענער האָט זיי אויך געגעבען דעם זעלבען ענטפער, האָבען זיי צוגעריטען צו א דריטען, און צו א פערטען.

יעדער פון די פאסטוכער האָט זיי אָנגעקוקט מיט גרויס פערוואונדערונג.

די ברידער האָבען בעשלאָסען אַריינצורייטען אין שטאָדט, פיליכט וועלען די איינוואָהנער וויסען ווער דיזער פאסטוך איז.

ווען די ברידער האָבען אוועקגעריטען, האָבען זיך די פאסטוכער צוזאמענגעקליבען און גענומען ריידען צווישען זיך וועגען די צוויי פרעמדע.

— זיי זיינען פון ישראל! — האָט איינער געזאָגט. — וואָס זאָל עס בעדייטען, וואָס זיי ווילען זעהן א פאסטוך.

— דאָס זיינען זיי געקומען מיט אן אויסרייד! — האָט א צווייטער פאסטוך געזאָגט. — איך בין זיכער, אז זיי זיינען שפּיאָנען, און זיי זיינען געקומען "זעהן" אונזער לאנד, כדי זיי זאָלען וויסען נאָכהער ווי אזוי אונז צו בעפאלען.

— מיר טאָרען דאָס ניט פערשווייגען. מיר האָבען זיי געדארפט פערהאלטען, ביז וואנען מיר וואָלטען געמאָלדען די בעאמטע פון שטאָדט, און זיי וואָלטען די צוויי שפּיאָנען ארעסטירט.

— עס איז נאָך יעצט ניט צו שפּעט — האָט נאָך א פאסטוך זיך אָפּגערופען.

— זיי זיינען אוועקגעריטען אין שטאָדט און מיר וועלען נאָך האָבען א געלעגענהייט איבערצוגעבען די בעאמטע פון שטאָדט וועגען די צוויי שפּיאָנען פון ישראל...

— ווי עס ווייזט אויס, איז זיי מיאוס געוואָרען צו צאָהלען צינזען צו אונזער קעניג, און דעריבער האָבען זיי בעשלאָסען ארויסצוגעהן מלחמה האלטען מיט אונז... יע, מיר מוזען זעהן, אז זיי זאָלען פערהאלטען ווערען.

— ווער וועט געהן אָנזאָגען די בעאמטע?

— איך וועל געהן! — האָט א יונגער פאסטוך זיך אָנגעבאָטען. — איך בין זעהר גרינג אויף מיינע פיס. עס וועט מיר לאנג ניט נעהמען, און איך וועל זיין אין שטאָדט איידער די פרעמדע וועלען בעוויזען צו פערלאָזען מדהבה.

— גוט, דו ביזט א בראווער יונג — האָבען די פאסטוכער איהם ערמוטיגט. — מיר וועלען אכטונג געבען אויף דיינע שאָף ביז וואנען דו וועסט זיך אומקעהרען... דו וועסט קענען איבערגעבען די בעאמטע, אז מיר אלע זיינען זיכער, אז די צוויי זיינען שפּיאָנען פון ישראל.

דער יונגער פאסטוך האָט צוגעשאָקעלט מיט זיין קאָפּ און האָט גענומען שטעלען פעסטע טריט. ער האָט זיך פערנומען דורך דעם קורצען וועג און אין א קליינע ווייל'ע איז ער שוין געווען אין מדהבה. ער איז גלייך אוועקגעלאָפען צו דעם הויפּט־בעאמטען פון שטאָדט און האָט זיך צו איהם אָפּגערופען:

— מיר האָבען געפּיטערט אונזערע שאָף אין פעלד, האָבען מיר בעמערקט צוויי פרעמדע מענשען אָנקומענדיג. זיי האָבען געריטען אויף זייערע פערד. זיי האָבען אונז גלייך אויסגעקוקט צו זיין פארדעכטיג. אונזער פארדאכט האָט זיך נאָך מעהר פערשטארקט, ווען די צוויי פרעמדע זיינען צו אונז צוגעקומען און זיך נאָכגעפרעגט אויף א פאסטוך וואָס האָט צוויי טעכטער. מיר האָבען באלד פערשטאנען, אז זיי זיינען שפּיאָנען און זיי זיינען געקומען אהער פון ארץ ישראל "אויסצוזעהן" אונזער לאנד. דעריבער האָבען די פאסטוכער בעשלאָסען מיך צו שיקען אָנצוזאָגען מיין האר וועגען דעם, פיליכט וועט נאָך מעגליך זיין זיי צו טרעפען און ארעסטירען.

— וועסטו זיי דערקענען? — האָט דער בעאמטער איהם געפרעגט.

— יע, מיין האר. זיי האָבען אויך מיט מיר גערעדט. זיי האָבען פון מיר געוואָלט דערגעהן פיעל'ע זאכען, אָבער איך האָב זיי קיינע אויסקינפטע ניט געגעבען.

דער בעאמטער האָט ביטגענומען איינ'גע סאָלדאטען און צוזאמען מיט דעם יונגען פאסטוך האָבען זיי זיך אוועקגעלאָזען צו די טויערען פון שטאָדט צו געפינען די "שפּיאָנען".

עס האָט לאנג ניט געדויערט און דער פאסטוך האָט זיי פון וויטען בעמערקט.

— אט דאָרטען געפינען זיי זיך! — האָט דער פּאסטוך אויסגערופען מיט פרייד. — זיי רייטען אויף זייערע פערד.

דער בעאַמטער און זיינע סאָלדאטען האָבען פערשנעלערט זייערע טריט און זיי זיינען צוגעקומען צו די צוויי ברידער.

— ווער זייט איהר? — האָט דער בעאמטער זיי א פרעג געטהאָן מיט א שטרענגער שטימע.

— מיר זיינען פון ישראל — האָט מחלון געענטפערט.

— און וואָס טהוט איהר דאָ אין דער הויפּט־שטאָדט פון מואב?

— מיר זיינען געקומען אויפזוכען א פּאסטוך... הם... איך מיין, צוויי טעכטער פון א פּאסטוך... יע, דעם פאָטער פון די צוויי טעכטער — האָט כליון גענומען שטאמלען.

— יע, איך פערשטעה! — האָט דער בעאמטער אויסגערופען. — איהר זייט געקומען אהער אויסצושפּיאָנירען אונזער לאנד, כדי עס זאָל זיין גרינגער פאר אייער פאָלק ארונטערצואווארפען דעם יאָך פון מואב... איהר ווילט ארויסגעהן אויף מלחמה מיט אונז, דעריבער זייט איהר אהער געקומען... און איהר זוכט צו געבען אן אויסרייד, אז איהר זוכט א פּאסטוך, וועלכער האָט צוויי טעכטער... ניין, מיך וועט איהר ניט נארען...

— אָבער מיר זיינען ניט קיין שפּיאָנען! — האָט מחלון אויסגערופען. — מיר זיינען צוויי ברידער, מיר האָבען...

— אומזיסט זיינען אייערע רייד! — האָט דער בעאמטער א געשריי געטהאָן. — איהר וועט עס אלעס דערצעהלען, ווען מען וועט אייך פאָרברענגען פאר אונזער קעניג... יע, אויב אייערע קעפּ וועלען נאָך ביז דאַן זיין אויף אייערע פּלייצעס...

— איך בעט דיך, מיין האר, לאָז אונז אָפּ, מיר ווילען זיך אומקעהרען אהיים צו אונזערע עלטערען... זיי וועלען זיין שטארק בעזאָרגט וועגען אונז...

— איהר וועט מיר זאָגען דעם נאָמען און דעם וואָהנונגס־פּלאץ פון אייער פאָטער, וועלכער האָט אייך אהער געשיקט צו שפּיאָנירען, און מיר וועלען איהם אָפּשיקען אייערע טויטע קערפּערס.

— אָה ניין, ניין! — האָט מחלון אויסגערופען און גענומען ציטערען פון שרעק. — מיר זיינען עהרליכע מענשען. מיר זיינען בלויז געקומען זעהן...

— איך ווייס וואָס איהר זייט געקומען זעהן! — האָט דער בעאמטער געזאָגט און געגעבען א בעפעהל צו זיינע סאָלדאטען:

— בינדט זיי און ווארפט זיי אריין אין געפענגניש!

די סאָלדאטען זיינען גלייך צוגעגאַנגען צו די ברידער און זיי ארונטערגעשלעפּט פון זייערע פערד.

די ברידער האָבען זיך געבעטען ביי איהם ער זאָל זיי בעפרייען.

— מיר וועלען דיך גוט בעלוינען... אונזער פאָטער איז דער רייכסטער מאַן פון אונזער שבט — האָט מחלון געזאָגט.

— ווען דו וועסט אונז לאָזען געהן, שווערען מיר דיר צו, אז מיר וועלען צושיקען צעהן שטיקער גאָלד.

— מיך וועט איהר ניט אונטערקויפען! — האָט דער בעאמטער אויסגעשריען מיט צאָרן. — איך וואָלט אייך נאָך היינט פאָרגעבראַכט פאר דעם קעניג און איהר וואָלט אייער שטראָף נאָך היינט בעקומען, אָבער אייער גליק איז וואָס מאָרגען פייערט דער קעניג א יום־טוב פאר דריי טעג, און איך וויל איהם ניט שטערען דורך די טעג פון זיין פרייד. יע, איהר וועט פערבלייבען אין געפענגניש ביז וואנען די טעג פון'ם יום־טוב וועלען פאָריבער און דאַן וועל איך אייך צושטעלען פאר דעם קעניג און ער וועט אייך משפּט'ען...

— מיר וועלען דעם קעניג איבערצייגען, אז מיר זיינען אומשולדיג — האָט מחלון זיך אָפּגערופען צום בעאמטען, אויב דו וועסט אונז העלפען געפינען דעם פּאסטוך!

— וועלכען פאסטוך? — האָט דער בעאמטער א זאָג געטהאָן מיט צאָרן. — איהר מיינט, אז מיר וועט איהר אויך

קענען איינריידען, אז איהר זייט געקומען זוכען א פאסטוך?

— יע, א פאסטוך, וועלכער האט צוויי שעהנע טעכטער — האט כליון געזאגט.

— ווי מיר וועלען זיי אויפזוכען, וועט אלעם קלאר ווערען.

— איך וועל מעהר פון דיר ניט הערען! — האט דער באאמטער איהם אונטערגעבראכען זיינע רייד. — דער קעניג וועט שוין פאר אייך געפינען דעם פאסטוך... דערווייל וועט איהר מוזען זיצען אין געפענגניס ביז וואנען די פייערטעג פון דעם קעניג וועלען פאראיבער... פיהרט זיי אין געפענגניס! — האט ער באפוילען צו זיינע סאלדאטען. — און זייערע פערד פיהרט אריין אין מיין שטאל.

די סאלדאטען האבען געבונדען מחלון און כליון און האבען זיי אוועקגעפיהרט אין געפענגניס, וואס עס איז געווען אונטער דער אויפזיכט פון דעם באאמטען.

— מיר זיינען פארלוירענע! — האט מחלון טרויעריג א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ. — גאט האט אונז פאר אונזער זינד געשטראפט.

— פאר וואס פאר א זינד? — האט כליון געפרעגט.

— פאר דער זינד וואס מיר האבען אונזער פאטער ניט געפאלגט. ער האט אונז געהייסען זיין אין די פעלדער און גערטנער, אכטונג צו געבען אויף די ארבייטער און מיר זיינען אוועק זוכען פארגעניגענס ערגעץ אנדערש.

— מיר האבען דאס דאך ניט געטאן די גאנצע צייט... די ערשטע פאר טעג האבען מיר דאך איהם יע געפאלגט און פארבראכט אין די פעלדער, — האט כליון געזאגט.

— יע, מיר האבען אויך געזינדיגט געגען אונזער גאט צוליב דעם וואס מיר זיינען געגאנגען זוכען טעכטער פון מואב — האט מחלון צוגעגעבען.

— גאט האט דאך געמאכט, אז מיר זאלען זיי ראטעווען פון א זיכערען טויט, דאס איז א סימן, אז זיי האבען עס פארדינט, אז ניט וואלט ער אונז אהין ניט געשיקט, — האט כליון געענטפערט. — לאמיר האפען, אז ווען מען וועט אונז פארבריינגען פאר דעם קעניג וועט ער אונז פארשטעהן און וועט אונז פריילאזען.

— ווי אזוי וועלען מיר איהם קענען איבערצייגען, אז מיר זיינען ניט קיין שפיאנען? דער פארדאכט איז דאך שטארק גענוג, מיר זוכען א פאסטוך וועמענס נאמען מיר ווייסען ניט... מיר גיבען אן בלויז א סימן, אז ער האט צוויי שעהנע טעכטער... וויפיל פאסטוכער געפינען זיך אין מואב און וויפיל פון זיי האבען צוויי טעכטער? און איך בין זיכער, אז אין די אויגען פון יעדען פאסטוך זיינען זיינע טעכטער שעהן... און מיר וועלען זיי קיינמאל ניט קענען אויסגעפינען.

— אבער מיר ווייסען דאך די נעמען פון די טעכטער, — האט כליון געזאגט.

— מיר האבען שוין עטליכע מאל דערמאנט זייערע נעמען פאר די פאסטוכער און קיינער ווייס פון זיי ניט און האט פון זיי ניט געהערט, — האט מחלון ניט אויפגעהערט צו טרויערען. — איך זאג דיר, מיין ברודער, אז מיר זיינען פארלוירען! און צוליב וואס? צוליב דעם וואס דיר האט זיך פארגלוסט צו זעהן די טאכטער פון א פאסטוך.

— דו האסט דאך אליין פארגעשלאגען מיר זאלען אוועקגעהן נאך מדהבה, — האט כליון איהם געענטפערט. — דו האסט געזאגט אזוי ווי אונזערע עלטערען וועלען זיך פארזאמען אין שילה עטליכע טעג וועלען מיר האבען א געלעגענהייט דאס צו טאן, און איצט באשולדיגסטו מיך? יע, ווען ניט דעם פאסטוכ'ס טעכטער מיט די גאלדענע האר וואלסטו זיכער אהער ניט געגאנגען.

— יע, מיר זיינען ביידע שולדיג! — האט מחלון צוגעגעבען. — און אפילו ווען מען זאל אונז באפרייען אין עטליכע טעג ארום, וואס וועלען מיר זאגען אונזערע עלטערען... ווען מיר וועלען זיך ניט אומקעהרען היינט אין בית לחם, וועט דאך די גאנצע שטאדט זיין אויפגעבראכט... מען וועט זיך אוועקלאזען

אונז זוכען... און שטעל זיך פאר דעם טרויער פון אונזער פאטער און מוטער ווען זיי וועלען זיך צוריקקעהרען פון שילה און אויסגעפינען, אז עס איז שוין עטליכע טעג, אז מיר זיינען פארשוואונדען. אה, מיר מוזען זיין צוריק אין בית לחם איידער אונזערע עלטערען קעהרען זיך אום, אויב ניט וועט א גרויסער אומגליק פאסירען.

— דער באאמטער, וועלכער האט אונז דא פארשפארט, האט אונז געזאגט, אז מארגען פייערט דער קעניג א יום־טוב, און אלע איינוואוינער פון שטאדט און ארום וועלען קומען זיך באטייליגען אין דער שמחה... דארט וואלטען מיר אויך געקענט טרעפען די צוויי טעכטער פון פאסטוך... זיי וואלטען דאן באשטעטיגט אונזערע רייד און מען וואלט אונז באפרייט, — האט כליון געזאגט.

— פאר וואס זאלסטו ריידען אזעלכע נארישע רייד. דו זעהסט דאך, אז מיר זיינען פארשפארט אין געפענגנים, ווי אזוי וועלען מיר יענע צוויי מיידלעך קענען טרעפען? — האט מחלון זיך אנגעבייזערט אויף זיין אינגערען ברודער.

— איך זאג נאר, ווען אונז וואלט געלונגען איבערצוריידען דעם באאמטען ער זאל מיט אונז ארויסגעהן צווישען דעם המון, וואלטען מיר יענע טעכטער אויפגעזוכט.

— דו זעהסט דאך, אז עס איז געווען אוממעגליך צו ריידען מיט איהם. ער האט פון קיין זאך ניט געוואלט הערען... מיר וועלען מוזען זיצען פארשפארט אין געפענגנים אומוויניגסטען נאך דריי טעג און דאן וועלען שוין אונזערע עלטערען זיכער זיך האבען אומגעקעהרט פון שילה. און ווער ווייס אויב דער קעניג וועט זיך וועלען צו אונז צוהערען? מעגליך, אז ער וועט גלויבען דעם באאמטען און די פאסטוכער און וועט אונז צום טויט פאר׳משפט׳ן...

— אונזער לאגע איז זעהר טרויעריג, — האט כליון צוגעגעבען. — ווער ווייס צי איך וועל ווען עס איז נאך קענען זעהן דעם שעהנעם פנים פון רות און הערען איהר זיסע קלינגענדע שטימע?

— ער רעדט גאר וועגען רות... דאס וואס ער וועט שוין מעהר ניט קענען זעהן דעם פאטער און מוטער, מיינט גאר ניט צו איהם... און איך בין באזארגט וועגען זיי מעהר ווי פון אלעם... ווי גרויס זייער טרויער וועט זיין... איך שוידער ווען איך טראכט פון דעם! — האט מחלון א ציטער געטאן.

— איך בין זיכער, אז ווען רות וואלט אויסגעפונען אין וואס פאר א לאגע מיר געפינען זיך, וואלט זי אונז זיכער געהאלפען צו באפרייען.

— און ערפה? וואלט זי דען ניט געטאן דאס זעלבע? — האט מחלון געזאגט. — זי באזיצט דאך אזא איידעלע נשמה!

— אין עטליכע טעג ארום וועט מען אונז געוויס הינגעריכטען, — האט כליון אומעטיג א זאג געטאן, און מעגליך, אז זיי וועלען אונז אפילו ניט זעהן.

— אה, מיין ברודער, ווען מיר וועלען באפרייט ווערען פון דאנען און גאט וועט געבען, אז מיר וועלען זיך אומקעהרען בשלום אהיים, וועלען מיר אונזער פוס ניט ארויפטרעטען אויף דעם באדען פון מואב.

— יע, מיר וועלען זיצען אויף אונזער זייט פון ירדן און וועלען מיט אונזערע בליקען זוכען יענע צוויי שעהנע מיידלעך, וועלכע האבען אונז באצויבערט און צוליב וועמען מיר זיינען איצט אריינגעפאלען אין אזא צרה...

## דריטער קאפיטעל
## ערפה און רות

אין מדהבה האט מען זיך גענומען גרייטען צו פייערען א יום־טוב צו די געטער פון מואב צוליב דעם וואס ער האט גערעטעט די צוויי טעכטער פון עגלון דעם קעניג פון מואב.

אין פאלאץ האבען זיך פארזאמעלט אלע שרים און יועצים פון קעניג צוזאמען מיט די קרובים פון קעניג. אויבענאן לעבען קעניג זיינען געזעסען זיינע צוויי פרויען נחמה און חגית, און לעבען זיי זיינען געזעסען זייערע צוויי טעכטער

ערפה און רות, צוליב וועמען די דאזיגע גרויסע פייערונג ווערט געפייערט.

ערפה האט פאר אלעמען דערצעהלט די גאנצע פאסירונג און די געסט האבען אויסגערופען: ״געבענשט זאלען זיין אונזערע געטער! זיי האבען געטאן א חסד מיט אונזער קעניג.״

— עס איז קיין צווייפעל ניט ביי מיר, אז די געטער האבען יענע צוויי בראווע יונגעלייט געשיקט צו רעטען מיינע טעכטער, — האט עגלון, דער קעניג פון מואב אויסגערופען. — אבער איך באדויער זעהר שטארק וואס די צוויי יונגע העלדען זיינען איצט ניטא מיט אונז... איך וואלט זיי וועלען באדאנקען פאר אלעם וואס זיי האבען פאר מיר געטאן. יע, ווען ניט זיי, וואלטען איצט מיינע טעכטער געווען שפייז פאר די פיש פון דעם טייך ירדן...

— איך גלויב ניט, אז דאס זיינען געווען צוויי יונגעלייט פון ישראל! — האט איינער פון עגלון׳ס מיניסטארען זיך אפגערופען. — די אידען זיינען אונזערע שונאים און זיי וואלטען זיכער ניט גערעטעט די טעכטער פון דעם קעניג פון מואב. און ווען זיי וואלטען זיי יע גערעטעט פון טויט, וואלטען זיי געוויס אוועקגעפיהרט אין געפאנגענשאפט און דורך זיי געפאדערט, אז אונזער האר קעניג זאל פארקלענערען די צינזען פון זייערע ברידער.

— זיי זיינען זיכער געווען ישראלים!

— האט ערפה זיך אפגערופען.

— און זייער באנעהמען זיך צו אונז איז געווען איידעל און נאבעל! — האט רות צוגעגעבען. — איך בין זיכער, אז די יונגע לייט פון אנדערע פעלקער וואלטען אזוי פיין ניט געהאנדעלט אונטער די זעלבע אומשטענדען...

— און דעריבער איז דאך מיין פארדרוס שטארקער! — האט דער קעניג געזאגט. — איהר נעהמט און באצאהלט מיט שלעכטס אנשטאט גוטעס. ניט נאר וואס איהר האט זיי ניט איינגעלאדען צו אונז אין פאלאץ, נאר איהר האט זיי אויך נאר ניט געזאגט וועגען זיך.

— און איך באשטעה אויף דעם, אז דאס זיינען ניט געווען קיין ישראלים, נאר אונזערע געטער האבען געשיקט זייערע מלאכים און יענע האבען אנגענומען די געשטאלטען פון די ישראלים, — האט דער זעלבער מיניסטער געזאגט. — עס איז אומגלויבליך, אז די ישראלים זאלען אזוי באהאנדלען טעכטער פון זייער שונא.

— איך גלויב אויך, אז דער מיניסטער איז גערעכט, — האט אן אפיצער זיך אפגערופען. — די אידען זוכען אונז נאר שלעכטס צו טאן און מיר קענען ניט ערווארטען, אז זיי זאלען א טובה טאן זייער שונא... און אט האב איך געהערט, אז דער באאמטער פון שטאדט האט געכאפט צוויי שפיאנען פון ישראל, וועלכע זיינען געקומען אויסצושפיאנירען אונזער לאנד.

— צוויי שפיאנען! — האט עגלון מיט צארן אויסגערופען. — זיי וועלען מוזען פאר דעם מיט זייערע לעבענס באצאהלען! אבער פון וואנען דרינגסטו אז זיי זיינען שפיאנען?

— דער באאמטער האט מיר איבערגעגעבען, אז זיי האבען געזוכט אויסצוגעפינען פארשידענע אויסקינפטע וועגען אונזער הויפטשטאדט. זיי האבען געפרעגט די פאסטוכער ווי אזוי מען קען אריינקומען אין שטאדט און אויב עס איז פאראן א געהיימער אריינגאנג.

— אויב אזוי איז דאך קיין צווייפעל ניט, אז זיי זיינען שפיאנען! — האט עגלון אויסגערופען מיט כעס האט דער באאמטער מיט זיי געטאן?

— ער האט זיי פארשפארט אין געפענגנים און זיי פארהאלטען ביז די פייערטעג וועלען פאראיבערגעהן און דאן וועט ער זיי פארברייננען פאר דעם קעניג.

— עס וואלט געווען זעהר פאסיג! — האט א צווייטער מיניסטער זיך אפגערופען, — ווען מיר וועלען אויספיהרען דעם טויט־אורטייל איבער די צוויי שפיאנען פון ישראל פאר די אויגען פון אונזער גאנצען פאלק, וואס וועט זיך

היינט פארזאמלען צו פייערן דעם יום־טוב.

— גוט! — האט דער קעניג אויסגערופען. — דיין עצה געפעלט מיר. זאל מען בריינגען די צוויי שפיאנען צו דעם פלאץ, וואו דער טעמפעל כמוש שטעהט און איך וועל זיי דארטען צום טויט פאר׳משפט׳ן און מיר וועלען ביידע שפיאנען פאר א קרבן בריינגען צו כמוש, אונזער גאט פון מלחמה... דאן וועט ער אונז שטענדיג באהילפיג זיין אין אונזערע מלחמות מיט אונזערע שונאים.

— אבער, פאטער! — האט זיך רות אפגערופען, — ווי אזוי וועסטו קענען אומבריינגען צוויי מענשען איידער דו האסט אויסגעפונען זייער שולד. מעגליך, אז ביידע זיינען אומשולדיג.

— ווי אזוי קענען זיי זיין אומשולדיג! — האט דער אפיצער אויסגערופען, — ווען זיי האבען ביי יעדען פאסטוך געוואלט ארויסקריגען מעהר אויסקינפטע. ווען זיי וואלטען ניט געווען קיין שפיאנען, פארוואס האבען זיי גענומען פרעגען ביי די פאסטוכער מען זאל זיי אנצייגען די געהיימע וועגען, וואס פיהרען אין אונזער שטאדט. איך בין זיכער, אז זיי האבען אויך געפרעגט וועגען אונזער ארמיי.

— דאך, פאטער, וועסטו דארפען גוט אויספארשען די זאך איידער דו געהסט ארויסגעבען דיין אורטייל, — האט ערפה געזאגט. — עס איז שווער צו גלויבען, אז די אידען זאלען שיקען שפיאנען אין אונזער לאנד. זיי זיינען דאך צופרידען, אז מיר לאזען זיי צורוה... זיי ווילען לעבען מיט אונז אין פרידען אפילו ווען זיי דארפען אונז צאהלען צינזען.

— געוויס וועל איך צוזאמענרופען פריהער אלע עדות, די פאסטוכער מיט וועמען די ישראלים האבען גערעדט און דעם באאמטען, וועלכער האט זיי ארעסטירט. איהר מעגט ביידע רוהיג זיין, מיינע טעכטער, אז ווען איך וועל אויסגעפינען, אז זיי זיינען אומשולדיג, וועל איך זיי קיין שלעכטס ניט טאן, כאטש זיי וועלען מיר מוזען געבען א גוטע אורזאכע ווי אזוי זיי קומען אין אונזער הויפטשטאדט. אבער ווען עס וועט זיך ארויסצייגען, אז די באשולדיגונג געגען זיי איז ריכטיג, דאן וועלען זיי מיט זייער לעבען באצאהלען. מיר וועלען זיי אויפאפפערען פאר קרבנות צו כמוש.

— איינעם צו כמוש און דעם צווייטען צו דעם גאט פעור, — האט חגית, די מוטער פון ערפה, צוגעגעבען. — זאלען די געטער ניט זיין אייפערזיכטיג איינער אויף דעם צווייטען.

— אה, פאטער, מיר מארען ניט פייערען אונזער יום טוב מיט בלוט פון מענשען, אפילו ווען זיי זאלען זיין שולדיג, — האט רות זיך אפגערופען — צוליעב דעם אליין וואס צוויי פון ישראל האבען אונזערע לעבענס גערעטעט, דארפסטו זיין אויך עטוואס גנעדיג צו זיי...

— איין זאך האט ניט צו טהאן מיט דער צווייטער — האט דער קעניג געענטפערט. — די נאבעלע העלדישע יונגע לייט וועלכע האבען אייך גערעטעט וועלען גוט באלוינט ווערען, און די אומווירדיגע שפיאנען וועלען באשטראפט ווערען מיט דעם הארבסטען שטראף — און ניט נאר וועלען זיי אליין באשטראפט ווערען, נאר אויך דער גאנצער שבט פון וואנען זיי קומען. איך וועל פארדאפלען זייערע צינזען, און זאלען זיי וויסען ניט צו שיקען קיין שפיאנען אין מיין לאנד...

---

די שטאדט מדהבה איז געווען פול מיט מענער און פרויען וועלכע זיינען אנגעקומען פון אנדערע שטעדט צו דער פייערונג. די פרויען זיינען געווען אין פארשידענע קאלירטע קליידער. אלע האבען געשטראמט צו דעם אפענעם, ברייטען פלאץ וואו דער טעמפעל פון כמוש איז געשטאנען.

ניט ווייט פון דעם טעמפעל זיינען אוועקגעשטעלט געווארען לאנגע טישען. ארום זיינען געשטאנען די קנעכט און דינסטען פון דעם קעניג, וועלכע האבען געזעהן אז אלעס זאל זיין צוגעגרייט.

ווען די זון איז געווען אין מיטען הימעל, האט זיך דער קעניג, מיט זיינע פרויען און ערפה און רות דערנעהענטערט צו יענעם פלאץ.

א שאלען פון טרומייטען האט זיך דערהערט, די יונגע פרויען זיינען ענטקעגען געקומען זייער קעניג טאנצענדיג און שפילענדיג מיט צימבאלען און פויקען.

דער קעניג האט זיך געזעצט אויבענאן, און באלד זיינען ארויסגעקומען די פריסטער פון טעמפעל און זיך פארנייגט פאר איהם.

— זאל דער גאט כמוש דערהויבען און באגליקען דעם קעניג פון מואב, און זאל ער לעבען ביז עוויג! — האט דער הויפט פריסטער זיך אפגערופען — די קרבנות פאר אונזער גאט זיינען שוין געגרייט. זאל דער מעכטיגער קעניג צוקומען צום מזבח.

— ניט קיין קרבנות פון בהמות וועל איך היינט מקריב זיין פאר כמוש! — האט עגלון אויסגערופען — צום היינטיגען יום טוב האב איך פאר איהם צוגעגרייט צוויי מענשליכע קרבנות . . . יע, די צוויי שפיאנען פון ישראל וועמען מיינע בעאמטע האבען ארעסטירט, זיי וועלען אויפגעאפפערט ווערען אלס קרבנות פאר כמוש.

— דיזע מענשליכע קרבנות וועלען נאך מעהר בעוויליגט זיין פאר כמוש! — האט דער פריסטער געזאגט — און זאל דער קעניג מיט זיין הילף בעזיגען אלע זיינע שונאים.

— זאל מען צו מיר ברייגנען די צוויי אידישע שפיאנען! — האט דער קעניג בעפוילען דעם בעאמטען. — איך וועל אנפאנגען אונזער שמחה מיט דעם וואס איך וועל זיי מקריב זיין פאר כמוש.

דער בעאמטער האט זיך פערנייגט און איז אוועקגעגאנגען. דער קעניג האט אויפגעהויבען זיין כוס וויין און אויסגערופען:

— איך טרינק פאר אונזערע געטער כמוש און פעור וועלכע האבען בעשיצט מיינע טעכטער און זיי געשיקט הילף אין דער ריכטיגער צייט. זאלען זיי אננעמען מיט חסד מיינע קרבנות וואס איך וועל באלד פאר זיי מקריב זיין.

— פאטער! — האט רות זיך אפגערופען, — איך וועל בעטען דו זאלסט מיר ערלויבען זיך צוריקצוקעהרען צום פאלאץ, ווייל איך האב קאפ שמערצען.

— און איך וועל מיט מיין טאכטער מיטגעהן! — האט נחמה זיך אפגערופען.

— אה, איך פערשטעה, — האט דער קעניג א שמייכעל געטהאן, — איהר זייט ווייכהערציגע, איהר וועט ניט קענען צוזעהן ווי מען וועט ברייגנען צוויי פון אונזערע שונאים פאר קרבנות . . .

— און איך וועל אויך מיטגעהן! — האט ערפה זיך אפגערופען צום קעניג.

— ניין, מיין טאכטער, דו וועסט פערבלייבען דא מיט מיר! — האט חגית זיך אפגערופען צו ערפה'ן. — דו מעגסט אויך צוזעהן ווי אזוי דער קעניג וועט מקריב זיין צוויי פון אונזערע שונאים פאר קרבנות צו כמוש און פעור.

— אה, איך בעט דיך, פאטער, לאז מיך געהן צוזאמען מיט זיי. דו ווייסט דאך אז איך וועל אזא זאך ניט קענען צוזעהן.

— זאלען זיי געהן! — האט עגלון זיך אפגערופען צו חגית'ן. — זיי זיינען נאך יונג און צארט און זיי וועלען ניט קענען צוזעהן ווי מען פערגיסט מענשליך בלוט. יע, עס איז בעסער אז זיי זאלען דערביי ניט זיין, וועט דאן קיין שום שטערונג ניט פארקומען, ווען די שפיאנען וועלען ארויפגעבראכט ווערען אויף דעם מזבח . . .

נחמה, רות און ערפה האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און זיך אריינגעזעצט אין א קארעטע און דער טרייבער האט זיי אפגעפיהרט צום פאלאץ.

---

דער בעאמטער איז אריינגעקומען מיט צוויי סאלדאטען אין געפענגנים וואו מחלון און כליון זיינען געזעסען און ער האט אויסגערופען:

— שטעהט אויף איהר שפּיאָנען פון ישראל. דער קעניג האָט דערהערט פון אייך און ער פערלאַנגט אייך גלייך צו זעהן. יעצט וועט איהר ניט דאַרפען וואַרטען ביז וואַנען די פייער טעג וועלען פאַריבער . . . אָבער איהר דאַרפט זיך שעצען גליקליך, ווייל דער קעניג האָט אייך געהייליגט. ער האָט אייך אויסגעקליבען צו זיין קרבנות פאַר אונזערע ביידע געטער, פאַר כמוש און פעור.

— וואָס ?! — האָט מחלון אויסגערופען מיט שרעק.

— אונז פאַר קרבנות !! — האָט כליון גענומען ציטערען.

— איז דען ניט בעסער פאַר אייך און פאַר אייערע נשמות אז איהר וועט פאַר אייער טויט געהייליגט ווערען, און איהר וועט ווערען אויפגעאָפּפערט פאַר אונזערע געטער, און נאָך מעהר: דער קעניג אליין וועט זיך בעטייליגען אין דיזער צערעמאָניע. אָבער וואָס שטעהט איהר! שנעלער קומט.

מחלון און כליון האָבען זיך געטרייסעלט פאַר שרעק. זיי האָבען זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט. און דער בעאַמטער מיט דער הילף פון זיינע סאָלדאַטען האָט אַרויסגעפיהרט די צוויי ברידער און זיי פאַרגעבראַכט פאַר דעם קעניג.

— אַ איהר זייט עס די שפּיאָנען! — האָט עגלון אויסגערופען מיט אַ דונערענדע שטימע, — ווער האָט אייך געשיקט אהער?

— אָה האַר קעניג! — איז מחלון געפאַלען מיט זיין פּנים צו דער ערד — מיר זיינען עהרליכע מענשען, מיר זיינען ניט קיין שפּיאָנען.

— פון וועלכען שבט שטאַמט איהר?

— האָט דער קעניג זיך נאָכאַמאָל צו זיי געווענדעט.

— מיר קומען פון דעם שבט יהודה!

— יעצט בין איך זיכער אז איהר זייט שפּיאָנען. דער שבט יהודה זוכט געוויס מלחמה צו האַלטען מיט מיר און דעריבער האָט מען אייך געשיקט איהר זאָלט אויסגעפינען די געהיימע וועגען און דער צאָהל פון מיינע אַרמעען.

— ניין, מעכטיגער קעניג, — האָט כליון געזאָגט, — אונזער שבט אזוי ווי די איבעריגע שבטים פון ישראל זיינען פריינדליך געשטימט צו מואב . . . מיר ווילען לעבען בשלום מיט אלע שכנ׳ישע פעלקער. און אונזער פאָטער איז דער רייכסטער מאַן פון בית לחם, און אויב דער קעניג וועט אונז צוריקשיקען צו אונזערע עלטערען, וועט מיין פאָטער צושיקען טייערע מתנות צו דעם קעניג.

— פון דיינע רייד קען איך זעהן אז איהר זייט טאַקע שפּיאָנען. אָבער דו מאַכסט אַ טעות, דיין פאָטער׳ס געלד וועט דיר דאָ ניט העלפען. אונזערע געטער כמוש און פעור, האָבען אייך ביידען איבערגעגעבען אין מיינע הענט. און יעצט וועט איהר ביידע זייערע קרבנות ווערען . . .

— מיר שווערען ביי אונזער גאָט אז מיר זיינען ריין, מיר זיינען אהער ניט געקומען אויסצושפּיאָנירען.

— טו צוליעב וואָס דען זייט איהר געקומען! — האָט עגלון אויסגערופען.

— מיר זיינען אהער געקומען אויסצוגעפינען אַ פאַסטוך — האָט מחלון געזאָגט.

— איך קען זעהן אז דאָס איז בלויז אַן אויסרייד! — האָט דער קעניג געזאָגט — וואָס האָט איהר געהאַט צו טהאָן מיט אַ פאַסטוך פון מואב?

— דער פאַסטוך האָט געהאַט צוויי טעכטער — האָט עגלון געזאָגט און אַרונטערגעלאָזען זיין קאָפּ.

— און צוליעב וואָס האָט איהר אזוי געדאַרפט אויסגעפינען די געהיימע וועגען פון מיין הויפּט־שטאָדט, וואָס איהר האָט די פאַסטוכער געפרעגט?

— מיר האָבען זיי קיין זאַך ניט געפרעגט אויסער דעם פּלאַץ וואו דער פאַסטוך וואָהנט.

— וועלכער פאַסטוך?

— דער פאַסטוך וואָס האָט די צוויי טעכטער — האָט כליון געענטפערט.

— און ווי איז זיין נאָמען?

— מיר ווייסען ניט!

— טו ווי אזוי האָט איהר זיך געקענט נאָכפרעגען אויף איהם? — האָט דער קעניג מיט צאָרן געזאָגט, — דאָס בעווייזט אז איהר זייט אהער געקומען אויסשפּיאָנירען און דאָס איז בלויז אן אויסרייד. און פאַרוואָס האָט איהר געוואָלט וויסען ווי גרויס איז מיין ארמעע?

— דאָס האָבען מיר קיין מאָל ניט געפרעגט! — האָט מחלון געענטפערט.

— זאָג מיר — האָט זיך דער קעניג געווענדעט צו דעם בעאַמטען — האָבען דיר די פאסטוכער געזאָגט אז די צוויי ישראלים האָבען זיי געפרעגט פערשידענע געהיימע פראַגען.

— יע, מיין האר קעניג! די פאסטוכער האָבען אזוי געזאָגט.

— אויב אזוי זאָלען זיי געפיהרט ווערען צום מזבח און מיר וועלען אָנבאַנגען די גאָטעסדיענסט.

— מיין האר קעניג! — האָט כליון זיך גענומען בעטען. — מיר זיינען אומשולדיג, מיר האָבען בלויז געפרעגט די פאסטוכער וואו עס געפינט זיך דער פאסטוך פון די צוויי שעהנע טעכטער.

— און ווי האָט מען גערופען די טעכטער פון יענעם פאסטוך? — האָט דער קעניג א פרעג געטהאָן.

— איינע האָט זיך גערופען רות! — האָט כליון געזאָגט — און די צווייטע ערפּה?

— וואָס?! — האָט עגלון זיי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג — דאָס זיינען דאָך די נעמען פון מיינע טעכטער!

— עס איז דאָך מעגליך אז אויך איינער פון די פאסטוכער האָט טעכטער מיט די זעלבע נעמען! — האָט מחלון געזאָגט.

— און ווי אזוי קומט איהר צו די צוויי טעכטער פון פאסטוך? — האָט עגלון נאָך אלץ געשטוינט.

— מיר זיינען צוגעקומען צו דעם ברעג פון ירדן וואָס איז אויף אונזער זייט צו פאַנגען פיש, האָבען מיר פּלוצלונג דערהערט ווי צוויי פרויען שטימען רופען נאָך הילף, און ווען מיר האָבען זיך ארומגעקוקט האָבען מיר בעמערקט ווי צוויי מיידלעך טרינקען זיך אין די טיפע וואסערען פון ירדן. מיר זיינען שנעל אריינגעשפרונגען אין טייך און צוגעשוואומען צו די טרינקענדע און זיי גערעטעט.

— דאָס זיינען דאָך געווען מיינע טעכטער! — האָט עגלון מיט פרייד אויסגערופען.

— וואָס, רות איז דעם קעניג'ס טאָכטער — האָט כליון'ס פנים זיך גענומען בייטען קאָלירען.

— אה, יעצט פארשטעה איך! — האָט עגלון געלאַכט — מיינע טעכטער האָבען מיר טאקע געזאָגט אז זיי האָבען איך אָפּגענאַרט, און געזאָגט אז זיי זיינען די טעכטער פון א פאסטוך. נעהם שנעל ארונטער די שטריק פון זיי! — האָט ער באַפוילען זיין בעאַמטען.

חגית האָט זיך אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ און האָט אין דער שטיל אריינגערוימט דעם קעניג אין אויער:

— אלע מענשען פון שטאָדט ווייסען דאָך וואָס עס האָט פּאסירט מיט דיינע צוויי טעכטער, און מעגליך אז אויך דיזע צוויי ישראלים האָבען זיך דערפון דערוואוסט. און יעצט ווילען זיי דאָס אויסנוצען כדי זיך צו ראטעווען. מיין עצה איז אז דו זאָלסט שיקען רופען די פאסטוכער מיט וועמען דיזע צוויי ישראלים האָבען גערעדט און דאן וועסטו וויסען אויף זיכער אויב זיי האָבען זיך בלויז נאָכגעפרעגט אויף א פאסטוך וואָס האָט צוויי טעכטער אָדער אויך אויף אנדערע וויכטיגע זאכען.

— איך וועל שיקען רופען מיינע צוויי טעכטער — האָט דער קעניג געזאָגט — און זיי וועלען דאָך געוויס דערקענען זייערע רעטער.

עגלון האָט גלייך געשיקט זיינע דינער צו רופען ערפּה'ן און רות.

חגית האָט אויף איהר אייגענער פאראַנטוואָרטליכקייט געשיקט רופען די פאסטוכער. זי האָט נאָך אלץ געהאָפט אז די פאסטוכער וועלען באַשטעטיגען אז זיי זיינען שפּיאָנען און

זיי האָבען געזוכט ארויסצוקריגען פון זיי פארשידענע געהיימע זאכען.

ווען די דינער זיינען געקומען אין פּאַלאַץ און איבערגעגעבען ערפּה'ן און רות אז דער קעניג פארלאנגט זיי זאָלען זיך גלייך צוריקקעהרען, זיינען זיי זעהר אומצופרידען געווען.

— אונזער פּאָטער פארלאנגט, מיר זאָלען קומען צוזעהן ווי מען איז מקריב די צוויי מענשען צו די געטער —האָט רות טרויעריג געזאָגט — איך וואונדער זיך וואָס איהם האָט באוואויגען צו ענדערען זיין באשלוס.

— דאָס האָט חגית געטאָן — האָט נחמה אויסגערופען — זיי האָט איבערגערעדט דעם פּאָטער אז ער זאָל נאָך אונז שיקען.

— דער פּאָטער האָט דאָך בלויז אָנגעזאָגט, אז איך און רות זאָלען צוקומען — האָט ערפּה געזאָגט צו נחמה'ן — איך בין זיכער אז מיין מוטער איז אין דעם ניט שולדיג.

—איך וועל אויך מיטגעהן — האָט נחמה געזאָגט—און איך האָב געמיינט אז מיר וועלען ניט דאַרפען צוזעהן די־זיי שוידערליכע צערעמאָניע.

— קיינער וועט מיר ניט קענען צווינגען צוצוזעהן מיט מיינע אויגען! — האָט רות אויסגערופען — איך וועל צום מזבח צוקומען מיט אויגען פארמאכטע. איך וויל ניט האָבען אין מיין זכרון אז איך האָב געזעהן ווי מ'פארברענט צוויי מענשען.

ערפּה און רות מיט איהר מוטער האָבען זיך אריינגעזעצט אין דער קארעט און צוריקגעפאָהרען צו דעם פּלאַץ פון דער פייערונג.

— מיינע טעכטער — האָט זיך דער קעניג צו זיי געווענדעט — פּיליכט וועט איהר ביידע קענען באשטימען אויב די צוויי פרעמדע זיינען שפּיאָנען אָדער ניט.

ביידע שוועסטער האָבען אומגעדרעהט זייערע קעפּ און מיט אמאָל אויסגערופען:

— דאָס זיינען דאָך די יונגע לייט וועלכע האָבען אונז פון זיכערען טויט גערעטעט!

— רות! — האָט כליון אויסגערופען און איז עטוואָס צוריקגעטראָטען.

— ערפּה! — האָט מחלון אויסגערופען און די קאָלירען אין זיין פּנים האָבען זיך געביטען.

דער קעניג האָט באטראכט נאָכאמאָל די צוויי יונגעלייט און ער האָט זיך צו זיי געווענדעט מיט א שמייכעל:

— און דאָס זיינען די טעכטער פון פאסטוך, וועמען איהר האָט געזוכט.

— יע, אונזער האר קעניג! זיי וועלען קענען עדות זאָגען אז מיר זיינען ניט קיין שפּיאָנען! — האָט מחלון זיך פארנייגט.

— און איך בין דאָס דער פּאסטוך

— האָט עגלון געטראכט — געלויבט זיינען די געטער וואָס האָבען מיר אויף דעם ריכטיגען וועג געפיהרט און איך האָב צו אייך קיין שלעכטעס ניט געטאָן, און איצט זעצט זיך ביי מיין טיש און מיר וועלען צוזאמען פייערען אונזער שמחה.

די ברידער זיינען געבליבען שטעהן באוועגלאָז.. עפּעס איז זיי אַלץ אויסגעקומען אומפארשטענדליך אַט האָט מען זיי ארעסטירט אלס שפּיאָנען, און דאָ זעהען זיי אז די צוויי שוועסטער וועלכע זיי האָבען גערעטעט, זיינען ניט די טעכטער פון א פּאסטוך.. זיי זיינען גאָר פּרינצעסינס. מחלון און כליון האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען.

— ווער האָט דיר גערעטעט? — האָט עגלון זיך אָפּגערופען צו ערפּה'ן.

— אָט דער — האָט זי אָנגעצייגט אויף מחלון.

— און דער צווייטער האָט דיר גערעטעט? — האָט דער קעניג זיך געווענדעט צו רות'ן.

רות האָט שמייכלענדיג א שאָקעל געטאָן מיט איהר קאָפּ.

— זאָגט מיר אייערע נעמען? — האָט ער זיך צו די ברידער געווענדעט.

זיי האָבען איהם געזאָגט, און דער קעניג האָט אויסגערופען:

— מחלון וועט זיך זעצען נעבען

ערפה'ן און כליון וועט זיך זעצן נעבען רות'ן.

נחמה, די מוטער פון רות האט זיך געזעצט אויף איהר פלאץ. זי איז געווען גליקליך וואס עס האט זיך אזוי אויסגעלאזען. זי האט מיט גרויס צופרידענהייט געקוקט אויף איהר טאכטער און אויף כליון'ען. ווי שעהן און העלדיש דער זוהן פון ישראל איז... אט דערמאנט זי זיך אז זי שטאמט אויך פון זעלבען פאלק, און כאטש זי איז אוועקגעריסען געווארען פון איר פאלק, ווען זי איז נאך גאר יונג געווען, פונדעסטוועגען פיהלט זי א נאהענטקייט צו יעדען איינעם וועלכער קומט פון ישראל. די מענשען פון מואב זיינען איהר דערווידער... זי וואלט זעהר געווען צופרידען ווען איהר טאכטער רות וואלט געהייראט מיט איינעם פון ישראל, אבער זי ווייס אז אומזיסט זיינען איהרע האפענונגען. דער קעניג וועט דערצו ניט דערלאזען. דעריבער איז געווען טאפעלט איהר פרייד, ווען זי האט זיך דערוואוסט, אז דער רעטער פון איהר טאכטער איז א מאן פון בית לחם, און דאס ער איז זעהר העלדיש און צוציהענד.

חגית אבער איז געווען אומצופרידען וואס עס האט זיך אזוי אויסגעלאזען. זי האט געוואלט זעהן ווי דער קעניג איז מקריב די צוויי מענשען פון ישראל צו די געטער, און כאטש זי איז געווען זיכער אז די צוויי יונגע לייט זיינען געקומען אויפזוכען ערפה'ן און רות'ן, האט זי דאך געהאפט, אז די פאסטוכער וועלען עדות זאגען, אז דיזע ברידער האבען ביי זיי געפרעגט פארשידענע געהיימע זאכען. ווען מען האט איהר אנגעזאגט אז די פאסטוכער זיינען אנגעקומען האט זי זיי געהייסען צואווארטען ביז וואנען די געסט וועלען פארטיג ווערען מיט'ן עסען.

דער קעניג האט געבעטען זיינע טעכטער זיי זאלען פאר אלעמען ווידער דערצעהלען ווי אזוי די צוויי ברידער האבען זיי געראטעוועט.

פריהער האט רות דערצעהלט, ווי אזוי זי האט זיך א גליטש געטאן און איז אריינגעפאלען אין ירדן און האט זיך גענומען טרינקען, דאן איז ערפה אריינגעשפרונגען אין טייך זי צו רעטען. דערנאך האט ערפה צוגעגעבען ווי זיי ביידע האבען געהאלטען זיך אין טרינקען און דאן זיינען אנגעקומען די צוויי ברידער, ווי געשיקט פון גאט אונז צו רעטען.

— איך זעה, אז איהר האט א גרויסע העלדישקייט באוויזען, און מיט אייערע קליידער אין טייך אריינגעשפרונגען — האט עגלון זיך אפגערופען — און איך וואלט אייך געוואלט באלוינען פאר דעם.

— מיר דארפען זיך אנטשולדיגען פאר די צוויי יונגע העלדען, וואס מען האט זיי פארשאפט פיעל שמערצען — האט נחמה געזאגט — און זאל דער וועלכער האט אויף זיי א בלבול געמאכט באשטראפט ווערען.

— וואו איז דער באאמטער וועלכער האט זיי ארעסטירט? — האט דער קעניג זיך אפגערופען.

דער באאמטער איז באלד צוגעקומען און זיך פארנייגט.

— פארוואס האסטו דיזע צוויי בראווע יונגען ארעסטירט? — האט עגלון איהם געפרעגט.

— מיין האר קעניג, די פאסטוכער זיינען צו מיר געקומען און זיי האבען מיר דערצעהלט, אז דיזע צוויי יונגען זענען שפיאנען און דאס זיי זיינען געקומען אויסצושפיאנען אונזער לאנד.

— דאס וואס זיי האבען זיך נאכגעפרעגט אויף א פאסטוך וועלכער האט צוויי שעהנע טעכטער איז נאך ניט קיין באוויז אז זיי זיינען געווען שפיאנען.

— אבער די פאסטוכער האבען מיר דערצעהלט, אז זיי האבען גענומען אויספרעגען ביי זיי פילע געהיימע זאכען: ווי שטארק איז אונזער ארמעע, און ווי אזוי קען מען אריינקומען אין שטאדט דורך דעם געהיימען וועג.

— האט איהר די פאסטוכער געשטעלט אזעלכע פראגען? — האט זיך

עגלון געווענדעט צו מחלון און כליון.

— אָה, ניין, מיין האר קעניג! — האָט מחלון געענטפערט — מיר האָבען בלויז געפרעגט די פאסטוכער אויב זיי ווייסען וואו עס געפינט זיך דער פאסטוך מיט די צוויי טעכטער ערפה און רות.

— וואָס וועסטו איצט זאָגען? — האָט דער קעניג זיך אָפּגערופען צו דעם באאמטען.

— גנעדיגער קעניג, איך האָב זיך פארלאָזען אויף די רייד פון די פאסטוכער, און איך האָב בלויז מיין פליכט געטאָן.

— דאָן האָבען דיר די פאסטוכער אָפּגענארט.

— די פאסטוכער וועלכע האָבען מיט די צוויי ברידער גערעדט, געפינען זיך ניט ווייט פון דאנען — האָט חגית געזאָגט צום קעניג — זאָלען זיי צוקומען וועלען מיר הערען וואָס זיי האָבען צו זאָגען וועגען דעם.

באלד זיינען די פאסטוכער פארגעבראכט געוואָרען פאר דעם קעניג.

— דערקענט איהר דיזע צוויי מענשען? — האָט עגלון זיי געפרעגט.

די פאסטוכער האָבען געענטפערט: יאָ.

— דערצעהלט מיר אָבער דעם ריינעם אמת, וואָס האָבען אייך דיזע מענשען געפרעגט, ווען זיי זיינען צו אייך צוגעקומען?

— מיין האר קעניג — האָט זיך איינער פון די פאסטוכער אָפּגערופען — זיי זיינען צו מיר צוגעקומען און געפרעגט אויב איך וויים וואו דער פאסטוך וועלכער האָט צוויי טעכטער וואוינט?

— און דאָס אליץ וואָס זיי האָבען דיר געפרעגט?

— יע!

— און אייך האָבען זיי אויך געפרעגט בלויז דיזע פראגע? — האָט עגלון זיך געווענדעט צו די איבעריגע פאסטוכער.

יענע פאסטוכער האָבען א שאקעל געטאָן מיט די קעפ אלס א צייכען פון צושטימונג.

— און פארוואָס האָט איהר דעם באאמטען געזאָגט אז זיי האָבען אייך געפרעגט אויך אנדערע געהיימע פראגען? — האָט דער קעניג מיט צאָרן אויסגערופען.

— ניין, מעכטיגער קעניג! מיר האָבען דעם באאמטען קיין זאך אויסער דעם ניט געזאָגט.

— און דו זאָגסט אז זיי האָבען דיר דערצעהלט אנדערע זאכען וועגען זיי! איצט זעה איך, אז דאָס האָסטו אליין צוגעגעבען.

— אָט דער פאסטוך איז געקומען און האָט מיר געזאָגט אז ער גלויבט אז דיזע צוויי מענשען זיינען שפּיאָנען...

— יע, איך האָב אזוי געגלויבט. ווייל לויט ווי זיי האָבען זיך נאָכגעפרעגט וועגען פאסטוך, ניט וויסענדיג אפילו זיין נאָמען, איז מיר אויסגעקומען פארדעכטיג, אָבער איך האָב קיין מאָל ניט געזאָגט דעם באאמטען אז זיי האָבען מיר אויך אנדערע פראגען געפרעגט.

—דען דאָס האָסטו אליין צוגעגעבען! — האָט דער קעניג מיט אויפרעגונג אויסגערופען.

— יע, מיין האר קעניג! — האָט דער באאמטער ארונטערגעלאָזען זיין קאָפּ.

— דו וועסט דערפאר באשטראָפט ווערען! — האָט עגלון אויסגערופען— וואָרפט איהם אריין אין געפענגניש פאר דעם וואָס דורך איהם בין איך נאָך א האָר געשטרויכעלט געוואָרען מיט א גרויסע זינד..

— מיין ה.א רקעניג — האָט כליון זיך אָפּגערופען — נאָך דעם ווי גאָט האָט מיט אונז אזא חסד געטאָן וואָלטען מיר געוואונשען אז דער קעניג זאָל דעם באאמטען מוחל זיין און ניט באשטראָפען... כדי עס זאָל ביי קיינעם די פרייד ניט צושטערט ווערען.

— יע, מיר זיינען איהם מוחל — האָט מחלון צוגעגעבען און זאָל דער קעניג מיט איהם האָבען איינזעהעניש.

נאך אלעמען האט ער דאך געמיינט אז ער טהוט זיין פליכט פאר זיין קעניג און לאנד.

— דו האסט דיזע נאבעלע ברידער צו פארדאנקען וואס איך באשטראף דיך ניט — האט עגלון זיך אפגערופען צו דעם באאמטען.

דער באאמטער האט זיך פארנייגט און געווארפען דאנקבארע בליקען צו די ברידער.

דאס וואס די צוויי ברידער האבען מוחל געווען דעם באאמטען וועלכער האט זיי אזוי גרויזאם באהאנדעלט, און דערצו נאך געבעטען אז דער קעניג זאל איהם ניט באשטראפען, איז אלעמען געפעלען געווארען.

רות און ערפה זיינען געווען זעהר צופרידען וואס די צוויי יונגען פון ישראל זיינען באגאבט ניט נאר מיט בראווקייט און העלדישקייט, אבער אויך מיט גוטסקייט.

נאך דעם מאלצייט האט דער קעניג זיך אפגערופען צו מחלון און כליון:

— איך בעט אייך איהר זאלט פארבלייבען אין מיין פאלאץ פאר עטליכע טעג. איך וועל אייך דארטען קענען אנטאן כבוד לויט ווי איהר האט פארדינט.

— אה, ניין, קעניג — האט מחלון געזאגט — מיר מוזען זיך גלייך צוריקקערען אהיים. אלע אונזערע קרובים וועלען זעהר אומרוהיג זיין, ווייל עס איז שוין באלד צוויי טעג זינט מיר זיינען אוועק, און ווען אונזערע עלטערען וועלען זיך אומקערען פון שילה און אונז אין דער היים ניט טרעפען, וועלען זיי זעהר באזארגט זיין... אויב מיר האבען געפונען חן אין די אויגען פון קעניג וואלטען מיר געבעטען ערלויבניש זיך אומצוקערען אין אונזער לאנד.

— אויב דאס איז אייער וואונש וועל איך אייך די ערלויבניש געבען — האט עגלון געזאגט — איך וועל שיקען מיינע סאלדאטען זיי זאלען אייך ארויסבאגלייטען מיט כבוד. אבער דאך וועל איך פון אייך פארלאנגען איהר זאלט נעמען אן אנדענקונג פון מיר, און דערמיט וועל איך אויסדריקען מיין דאנקבארקייט צו אייך פאר דעם חסד וואס איהר האט געטאן מיט מיינע צוויי טעכטער.

— גיב זיי אונזערע רינגען — האט ערפה זיך אפגערופען און ארונטערגענומען דעם רינג פון איהר פינגער און דערלאנגט צו איהר פאטער.

רות האט אויך געטאן דאס זעלבע און עגלון האט גענומען די רינגען און געגעבען איינעם צו מחלון און דעם צווייטען צו כליון.

— איך האף, אז איהר וועט קומען א צווייטען מאל אין מיין הויפטשטאדט — האט דער קעניג געזאגט — איך פארזיכער אייך אז איהר וועט שוין מעהר ניט האבען קיין אומאנגענעמעס.

מחלון און כליון האבען ארויפגעטאן די רינגען אויף זייערע פינגער און באדאנקט דעם קעניג מיט זיינע טעכטער.

פאטער — האט ערפה זיך אפגערופען — מיין רינג האסטו געגעבען צו כליון'ען און מיר האט דאך מחלון גערעטעט!

מחלון און כליון האבען א קוק געטאן אויף די רינגען און זיי האבען שוין געוואלט זיי ארונטערנעמען פון זייערע פינגער און זיך אומבייטען, אבער דער קעניג האט א מאך געטאן מיט זיין האנט און זיך אפגערופען:

— ניין! זאל אזוי בלייבען. געוויס איז עס א צייכען פון די געטער. איהר זייט ביידע גלייכע העלדען און מיינע טעכטער דארפען אייך ביידען דאנקבאר זיין.

רות און ערפה האבען פארשעמטערהייד ארונטערגעלאזען די אויגען און די צוויי ברידער האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און האבען צוריק ארויפגערוקט די רינגען אויף זייערע פינגער..

— גיט איבער אין מיין נאמען צו אייערע עלטערען אז זיי וועלען אימער זיין ווילקאמען אין מיין לאנד, און ווען זיי וועלען קומען מיך באזוכען וועל איך זיי גרויס כבוד אנטאן

מחלון און כליון האבען נאך אמאל

בעדאנקט דעם קעניג און זיינע צוויי טעכטער און אין בעגלייטונג פון די קעניגליכע סאָלדאטען האבען זיי פערלאָזען מדהבה, די הויפּט שטאָדט פון מואב.

## פערטער קאפּיטעל

# אין שילה

די שטאָדט שילה איז אָנגעפּיהלט געווארען מיט מענשען. מענער און פרויען מיט זייערע זיהן און טעכטער האבען גענומען שטראָמען אהין אויף דעם יום טוב שבועות. פון פערשיעדענע שבטים איז מען אהין געקומען:

אין שילה איז געשטאַנען דער משכן מיט דעם הייליגען ארון. דאָרטען איז געווען דער מזבח און די כהנים האבען מקריב געווען קרבנות צו גאָט.

די גאסען פון שילה זיינען געווען פול מיט אָנגעלאדענע קעמלען און אייזלען. דאס האבען די בעזוכער מיטגעפיהרט א חוץ זייערע אייגענע שפּייז, בכורים, (די ערשטע צייטיגע פרוכט וואס בעלאנגט צום כהן). זיי האבען אויך געפיהרט בהמות פאר קרבנות אויף דעם מזבח.

ווען אלימלך און נעמי זיינען אנגעקומען אין שילה, האבען זיי שוין דאָרטען געטראָפען פיעלע געסט.

— דו זעהסט, נעמי—האט אלימלך זיך אָפּגערופען צו זיין פרוי—די גאסען זיינען פול מיט מענשען, וועלכע קומען פייערען דעם יום־טוב און דינען גאָט אין שילה. דאָ קען מען זעהן אז אונזער פאָלק פערמאָגט זעהר פיעל רייכע מענשען.

— געלויבט איז גאט !—האט נעמי געזאגט—פון הימעל בעוואכט ער זיין פאָלק און טהוט מיט איהם גוטעס... מיר הערען זעהר פיעל אז די געצענדינסט איז פערשפּרייט צווישען אונזער פאָלק, אָבער ווען מען קומט אָן אין שילה און מען זעהט די פיעלע אידען פון פערשיעדענע שבטים קומען אהער צו דינען אונזער גאט, דעם גאָט פון אונזערע עלטערען, מיט קרבנות און מיט בכורים, דאן דוכט זיך, אז אלע מעשיות וועגען די אָפּגעטער, וואָס מיר הערען, זיינען א סך איבערטריבען.

— פערגעס ניט, אז בלויז א קליינער טהייל פון אונזער פאלק קען בעהויפּטען צו קומען אין שילה אויף יום טוב...—האט אלימלך געזאגט—אָבער די, וועלכע זיינען גאנץ ווייט פון דיזער הייליגער שטאָדט, ווייסען גאר ניט פון איהר. און דעריבער ברענגען זיי ביסלעכווייז אריין די געטער פון זייער שכנישע פעלקער. יע, ווען עס וואלט נאָר מעגליך געווען צו ברענגען זיי אהער אין שילה בלויז איין מאל, דאן וואלטען זיי שוין קיינמאָל ניט געטראכט פון אָפּגעטער.

— און דעריבער האב איך דיר שוין לאנג געזאָגט, אז מיר זאלען מיטנעהמען אונזערע זיהן קיין שילה. זאלען זיי מיט זייערע אויגען צוזעהן ווי אזוי מען דינט צו גאָט, דעם בעשעפער פון דער וועלט. זאלען זיי זעהן ווי מען ברענגט בכורים צו די כהנים, ווי מען איז מקריב קרבנות אויף דעם מזבח.

— אָבער דו ווייסט דאך. נעמי, —האט אלימלך זיך פערענטפערט — אין אזא צייט ווען די ארבייט אין די פעלדער און גערטנער איז זעהר פיעל, קען איך זיך ניט פערלאָזען אויף די יונגען, ווען זיי וועלען וויסען, אז עס איז ניטאָ ווער עס זאל אכטונג געבען אויף זיי, וועלען זיי פערנאכלעסיגען זייער ארבייט. זיי וועלען ברענגען אין ניוועץ פיעלע זאנגען. איך האב געווארפען אן אויג אויף איינעם פון מיינע ארבייטער, וועלכער דוכט זיך מיר איז זעהר געטריי און איבערגעבען, און אויב איך וועל אויסגעפינען, אז איך בין אין איהם ניט גענארט, וועל איך איהם מאכען פאר דעם אויפזעהער איבער די ארבייטער און דאן וועלען מיר קענען מיטנעהמען אונזערע זיהן קיין שילה. איך האב באמערקט, אז דאָ קומען זעהר רייכע אידען מיט זייערע טעכטער, און אזוי ווי אונזערע זיהן זיינען שוין אונטערגע־

וואקסען, וואלטען מיר דא געקענט קריגען פאר זיי פאסיגע פרויען.

— אין בית לחם אדער אין די אנדערע שטעדט פון אונזער שבט געפינען זיך גענוג שעהנע ווירדיגע מיידלעך, וועלכע וואלטען געפאסט צו זיין אונזערע שניר —האט נעמי צוגעגעבען.

— ניין, נעמי , די טעכטער פון אונזער שבט האבען ניט געפונען חן אין מיינע אויגען... זעלטען צו געפינען א מיידעל, וועלכע זאל האבען יחוס און רייכטהום... די מיידלאך פון די ארימע אין בית לחם קוקען אויס אויף מיין רייכטהום—האט אלימלך געזאגט.

— און פון וואנען ווייסטו דעם יחוס פון די טעכטער וואס מען טרעפט דא אין שילה ?—האט נעמי געפרעגט.

— דעם לעצטען מאל ווען איך בין שילה געווען אליין, האט מיר דער כהן גדול, צדוק איינגעלאדען צו זיך אהיים, דארטען האב איך געזעהן זיינע צוויי טעכטער צפורה און שושנה. און ווי איך האב זיי דערזעהן, האב איך גלייך א טראכט געטהאן פון אונזערע צוויי זיהן. אמת, דער כהן גדול איז ניט רייך אבער דערפאר גרייכט זיין יחוס ביז אהרן דעם כהן גדול.

—האסטו מיט איהם גערעדט וועגען דעם ?—האט נעמי געזאגט,—מעגליך, אז זיינע טעכטער זיינען שוין פארקנסט צו אנדערע ?

— זיינע טעכטער זיינען נאך גאר יונג און איך בין זיכער, אז זיי זיינען פריי—האט אלימלך געזאגט — יעדענפאלס וועלען מיר איהם מארגען זעהן אין משכן. איך האב פאר איהם געבראכט טייערע מתנות און נאכדעם ווי ער וועט די מתנות נעהמען פון מיר, וועל איך מיט איהם פרובירען א רעד טהאן וועגען דעם.

— איך האב געהערט, אז מארגען וועלען זיך פערזאמלען אלע מיידלעך פון שילה אין דעם אפענעם פלאץ, וואו זיי וועלען טאנצען און זינגען לויב ליעדער צו גאט, גלויבסטו אז די טעכטער פון דעם כהן גדול וועלען דארטען אויך זיין?

— געוויס וועלען זיי זיין ! דאס איז דאך א טהייל פון גאטעס דיענסט וואס פרויען בעטהייליגען זיך יעדען יום טוב.

— דאן וואלט איך דיר געראטהען אז דו זאלסט מיט צדוק'ן דערוויל גארניט ריידען וועגען זיינע טעכטער. מיר וועלען צוגעהן צו דעם פלאץ און זעהן זיי... ווילע ווי איך האב געהערט טאנצען די מיידלעך וועלכע זיינען ניט פער'קנסט, אליין, און די וועלכע האבען חתנים, טאנצען זיי מיט די חתנים.

אויף מארגען האבען זיך פערזאמעלט אלע מיידלעך פון שטאדט שילה צוזאמען מיט די מיידלעך וועלכע זיינען אנגעקומען פון אנדערע שטעדט, אויף דעם ברייטען אפענעם פלאץ אין מיטען שטאדט.

די מיידלעך אנגעטהאן אין ווייסע קליידער מיט ווייסע סאנדאלען זיינען געשטאנען אויף איין זייט פון דעם אפענעם פלאץ, און אויף דער צווייטער זייט זיינען געשטאנען די יונגע לייט, די חתנים געגרייט צו טאנצען מיט זייערע כלות, און די אנדערע יונגע לייט געגרייט אנצונעהמען יעדע איינלאדונג צום טאנצען, וואס וועט קומען פון א מיידעלס שמייכעל...

ארום דעם אפענעם פלאץ האבען זיך פערזאמעלט פיעלע מענשען יונגע און אלטע צוצוזעהן ווי די יונגאוורג איז זיך משמח לכבוד יום טוב.

צווישען די פערזאמעלטע זיינען אויך געווען אלימלך און זיין פרוי נעמי. ביידע האבען מיט נייגיעריגע אויגען בעטראכט די יונגע מיידלעך וועמענס פנים'ער זיינען געווען רויט און די אויגען־פול מיט לעבענס לוסט.

אט איז ארוים א שעהנע יונגע מיידעל אין מיטען פלאץ מיט צימבאלען אין די הענט און באלד האט זיך געהערט א געזאנג וואס איז נאכגעפאלגט געווארען מיט טענץ.

— דערקענסטו די טעכטער פון כהן גדול צווישען די—האט נעמי געפרעגט אלימלך'ן.

אלימלך האט זיך גוט צוגעקוקט און האט א קוועטש געטהאן מיט די פּלייצעס :

— אלע טראַגען דיזעלבע ווייסע קליידער און עס איז זעהר שווער אונטערצושיידען פון איינער ביז דער צווייטער.

— לאָמיר א פרעג טהאָן די וועלכע שטעהן נעבען אונז ? ווי איך פערשטעה פון זייערע געשפּרעכען, זיינען זיי פון שילה און זיי וועלען געוויס דערקענען די טעכטער פון דעם כהן גדול.

אלימלך האט זיך א דרעה געטהאן און זיך אָפּגערופען צו דעם מאַן, וועלכער איז געשטאַנען נעבען איהם :

— אזעלכע שעהנע, געזונטע מיידלעך ווי מען געפינט אין שילה איז שווער צו געפינען אין אירגענד וועלכע אנדער שטאָדט פון ארץ ישראל.

— ניט אלע מיידלעך וועלכע האבען זיך דאָ פערזאמעלט זיינען פון שילה ! —האט דער מאַן געענטפערט—עס זיינען דאָ פאַראַן פיעלע פון אנדערע שטעדט.

— אין מיינע אויגען קוקען זיי אלע אויס גלייך, און איך בין זיכער, אז עס זיינען צווישען זיי פאַראַן רייכע און אָרימע, מיידלעך וועלכע שטאַמען פון גרויסען יחוס און מיידלעך וועלכע שטאַמען פון די נידעריגסטע שיכטען פון פאָלק, און פון דעסטוועגען קען איך ניט אונטערשיידען איינע פון דער צווייטער.

— דאס איז דערפאַר ווייל אויף דיזען יום טוב טהוט יעדע מיידעל אָן אן איינפאַכע ווייסע קליידעל, און ווען א מיידעל איז אָרים און קען דאס אויך ניט בעהויפּטען, באָרגט זי ביי איהר רייכערע חבר׳טע א ווייסע קלייד, דאס טהוט מען כדי איינע זאל זיך ניט דאַרפען שעהמען פאַר דער צווייטער, און די טעכטער פון כהן גדול טאַנצען מיט די טעכטער פון דעם אָרימסטען פאַסטוך... יע, אויף דיזען יום טוב איז ניטאָ קיין יחוס און קיין רייכטהום, אלע זיינען גלייך.

— און דעם כהן גדול׳ס טעכטער געפינען זיך אויך צווישען די איבעריגע—האט אלימלך איהם געפרעגט.

— געוויס !

— קענסטו מיר זיי אָנצייגען.

דער מאַן האט זיך ארומגעקוקט א ווילע און נאָכהער האט ער אויסגערופען אָנצייגענדיג מיט זיין פינגער.

— אָט דאָרטען, זיינען זיי, די צוויי שוועסטער, זיי טאַנצען שטענדיג צוזאַמען. זיי זיינען א צווילינג. איינע הייסט צפּורה און די צווייטע שושנה. אָבער ווען ניט פאַר זייערע נעמען וואלט מען קיינמאָל ניט געקענט אונטערשיידען איינע פון דער צווייטע.

נעמי און אלימלך האבען זיך גוט צוגעקוקט צו די צוויי שוועסטער. זיי האָבען נאָכגעפאָלגט זייער יעדע בעוועגונג. זיי זיינען געוועזן נייגיעריג צו זעהן אויב זיי וועלען באַלד טהאָן ווי פיעלע אנדערע מיידלעך און איינלאַדען די יונגע לייט צום טאַנצען. זיי האבען בעמערקט ווי פיעלע פון די יונגע לייט וואַרפען זייערע בליקען אויף דעם צווילינג אבער די שוועסטער ערמוטהיגען זיי ניט.

— ווי עס ווייזט אויס זיינען צדוק׳ס טעכטער נאָך ניט פער׳קנסט — האט נעמי אריינגעשושקעט אלימלך׳ן אין אויער—און זיי זיינען ווירקליך זעהר שעהן. איך בין זיכער, אז מחלון און כליון, וואָלטען זיי ליעב געקראָגען, אָבער צו איין זאַך וואלט איך קיינמאָל ניט צוגעשטימט, און דאס איז, אז אונזערע זיהן זאלען פערלאָזען בית לחם און זיך בעזעצען אין שילה.

— דערצו וועט זיכער ניט קומען. דער כהן גדול ווייס, אז איך בין דער רייכסטער מאַן פון בית לחם און ער וועט איינשטימען, אז זיינע טעכטער זאלען זיך בעזעצען אויף מיין נחלה.

— יעצט פערדריסט מיך נאָך מעהר, וואס מיר האבען אונזערע זיהן ניט מיטגענומען—האט נעמי געזאָגט—איך בין זיכער, אז ווען זיי וואָלטען דערזעהן די טעכטער פון כהן גדול, וואָלטען זיי באַלד געשלאָסען פריינדשאַפט מיט זיי,

און וואס פאר א פארגעניגען איך וואלט געהאט ווען איך וואלט געזעהן ווי די צוויי טעכטער פון כהן גדול לאדען איין אונזערע זיהן צום טאנצען... יע, עס איז שוין צייט אז אונזערע זיהן זאלען זיך אויסקלייבען פאר זיך... ווײלע איך האב לעצטענס בעמערקט אן אומרוהיגקייט אין זיי... פיעלע מאל זעה איך זיי פערטרוימט, און פערטראכט...

— דאס איז ווײלע זיי טהוען גאר ניט קיין ארבייט.—האט אלימלך געזאגט— ווען זיי וואלטען מיר געפאלגט און אפמער אריין אין די פעלדער אדער אין די וויינגערטנער און אכטונג געגעבען, אז די ארבייט זאל געטהאן ווערען ווי עס דארף צו זיין, וואלטען זיי קיין צייט ניט געהאט צו זיין פער'חלום'ט און פערטראכט. און איך בין צופריעדען וואס זיי זיינען געבליבען אין בית לחם. זיי וועלען דורך דער צייט זיך צוגעוואהנען צו זיין פערנומען אין די פעלדער.

— פונדעסטוועגען וואלט געווען א סך בעסער פאר זיי ווען מיר נעמען זיי מיט זיך. זיי וואלטען געזעהן פארשידענע מענשען. זיי וואלטען באמערקט ווי אנדערע פיהרען זיך אויף, און דאן וואלטען מיר שוין אויסגעמארקירט אז זיי זאלען זיך באפריינדען מיט די טעכטער פון כהן גדול — האט נעמי געזאגט — דאס וואלט אויף זיי געווירקט צום בעסערען.

— געלויבט איז גאט! — האט אלימלך געזאגט— מיר האבען זיך ניט וואס צו באקלאגען אויף אונזערע זיהן. זיי זיינען געהארכזאם, גאטספארכטיג, און ווייסען ווי אפצושאצען דעם פארמעגען וואס גאט האט אונז געשאנקען.

—אבער מיין מאן — האט נעמי זיך אפגערופען — דו אליין זינדיגסט אפטמאל צו גאט!

— וואס מיינסטו? — האט איהר אלימלך אנגעקוקט.

— איך מיין, אז די ארימעלייט פון בית לחם האבען זיך אייניגע מאל באקלאגט אז אין דיינע פעלדער קריגען זיי ניט גענוג אראפגעפאלענע זאנגען...

— איך בין ניט מחויב זיי אפצוגעבען מיין רייכטום — האט אלימלך זיך אפגערופען.— אונזער תורה הייסט אונז איבערלאזען די פארגעסענע אדער די אראפגעפאלענע זאנגען, און דאס באקומען דאך די ארימע לייט. און ווען עס איז פאר זיי ניט גענוג, איז עס ניט מיין שולד. איך וועל מיינע יונגען ניט ערמוטיגען אבזיכטליך צו "פארגעסען" אדער ארונטערווארפען זאנגען.

—דאס טהוסטו ניט ריכטיג, מיין מאן — האט נעמי געזאגט — דיינע פיער ברידער האנדלען א סך בעסער ווי דו. אין זייערע פעלדער קענסטו שטענדיג געפינען פיעלע ארימעלייט, וועלכע געהען אהיים מיט צופרידענהייט און א ברכה אויף זייערע ליפען... אבער פון דיינע פעלדער קומען זיי ארויס אומצופרידען.

— זאלען זיי ניט קומען אין מיינע פעלדער. איך שיק ניט נאך זיי. איך וועל ניט זיין אזוי נאריש ווי מיינע ברידער און אפגעבען מיין רייכטום צו די שנארער. דו זעהסט דאך אליין, אז ווען איך קום דינען גאט, ברענג איך פאר די כהנים מיט'ן פולען האנט... ווער נאך ווי איך ברענגט אזוי פיעל קרבנות פאר גאט. זיינען דען מיינע קעמלען ניט אנגעלאדען מיט אלדאס גוטס פאר די כהנים פון שילה. דו האסט געדארפט הערען די פילע ברכות וואס איך האב געקראגען פון די כהנים. אויך דער כהן גדול האט מיך געבענטשט. און זיינען דען ניט די ברכות פון די כהנים ווערט מעהר ווי די ברכות פון די קבצנים, וועלכע זוכען ארויסצוקריגען וואס מעהר פון אונז.

נעמי האט געשוויגען. עס איז ניט געווען דאס ערשטע מאל, אז זי האט איהר מאן געמאכט פארווירפע פאר זיין קארגשאפט, אבער עס האט ניט געהאלפען. אלימלך איז געבליבען ביי זיין כלל, אז אזוי לאנג ווי ער קומט נאך די געזעצען פון דער תורה, טהוט ער קיין בייזעס ניט.

די טענץ פון די יונגע מיידלאך זיינען לעבהאפטיגער געווארען. פילע פון זיי, וועלכע האבען געטאנצט אליין,

האָבען שוין געהאַט די יונגע לייט. דעם כהן גדול'ס טעכטער זיינען אָבער די גאַנצע צייט געבליבען אליין. נעמי און אלימלך האָבען פון זיי די אויגען ניט אראָנטערגענומען.

— זיי זיינען טאַקע מעהר באַשיידען ווי די איבעריגע יונגע מיידלעך — האָט נעמי געזאָגט צו אלימלך'ן — און ווי שעהן זיי זיינען!

— דו דאַרפסט ניט פאַרגעסען, אַז זיי זיינען די טעכטער פון דעם כהן־גדול און זיי קענען ניט נאָכטאָן די איבעריגע מיידלאַך — האָט אלימלך געזאָגט.

— אין אַזאַ טאָג זיינען אַלע מיידלאַך גלייך. יעדע איינע, עס מאַכט ניט אויס וועער זי איז צי זי איז אָרים צי רייך, צי זי שטאַמט פון איינפאַכע עלטערען, צי זי איז אַ מיוחסת. און אַפילו ווען זיי וואָלטען איצט געהאַנדעלט ווי די איבעריגע, וואָלט קיינעם ניט איינגעפאַלען אַז זיי טהוען אַן אומרעכט...

— מיר דוכט זיך, אַז אימיצער קומט אָן אין אונזער ריכטונג — האָט אלימלך אָנגעשטרענגט זיינע אויגען — ער קומט אָן רייטענדיג אויף אַן אייזעל.

נעמי האָט אויך אויפגעהויבען אירע אויגען און געזאָגט:

— אויב איך מאַך קיין טעות ניט איז עס אונזער פלימעניק בועז, דער זוהן פון שלמון.

— יע, דאָס איז בועז! — האָט אלימלך אויסגערופען — אָבער וואָס טהוט ער דאָ אין שילה. זיין פאָטער האָט דאָך באַשלאָסען דעם יאָהר ניט צו געהן אין שילה, ווייל זיי זיינען געוועזן דאָ לעצטען פסח.

— איך וואונדער זיך אויך... זאָל עס מעגליך זיין, אַז בועז האָט זיך ניט געקענט באַהערשען און איז אוועק אָהן זיין פאָטער'ס צושטימונג?

— אָט וועלען מיר שוין באַלד הערען פון איהם — האָט אלימלך געזאָגט, ווען בועז האָט זיך דערנעהענטערט.

**בועז** האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען אלימלך'ן און נעמי'ן. ער איז אראָנטער **פון זיין אייזעל און זיי באַגריסט:**

— שלום צו אייך!

— שלום אויך צו דיר, בועז, ווי קומסטו איצט אַהער?

בועז האָט זיך גענומען אַרומקוקען. זיינע בליקען זיינען געפאַלען אויף די טאַנצענדע יונגע פּאָרלאַך.

— אָה, זיי זיינען דאָ! — האָט בועז אַ שמייכעל געטאָן און מיר זענען געווען אין טויט שרעק.

— ווער זיינען דאָ? — האָט נעמי איהם געפרעגט.

— מחלון און כליון — האָט בועז געענטפערט.

— וואו זעהסטו זיי?

— איך זעה זיי ניט, אָבער איך פאַרשטעה, אַז זיי מוזען איצט פאַרוויילען מיט די איבעריגע און איהר קוקט צו — האָט בועז זיך אָפּגערופען צו אלימלך'ן און נעמי'ן.

— איך פאַרשטעה נאָך אַלץ ניט וואָס דו מיינסט, בועז — האָט אלימלך אויסגערופען און איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט, אַז מחלון און כליון זיינען ניט געווען אין בית לחם דעם גאַנצען טאָג און די נאַכט, זיינען מיר אַלע געווען צושראָקען. אָבער איך האָב פאַרשטאַנען אַז זיי האָבען אוועקגעריטען קיין שילה.

— מחלון און כליון!! וואו זיינען זיי?! — האָבען נעמי און אלימלך מיט אַמאָל אויסגעשריען.

— זיינען זיי דען ניטאָ אין שילה? — האָט בועז זיי אָנגעקוקט.

— ווי קומען זיי אַהער? ווייסטו דען ניט אַז זיי זיינען פאַרבליבען אין בית לחם? האָט אלימלך מיט שרעק געזאָגט.

— זיי זיינען אוועק אייערנעכטען גאַנץ פריה פון בית לחם און זיי האָבען זיך ביינאַכט ניט צוריקגעקערט — האָט בועז געזאָגט — די קנעכט פון דיין הויז זיינען זעהר באַאומרוהיגט געוואָרען און זיי זיינען נעכטען אין דער פריה געקומען צו אונז אין הויז. זיי האָבען געמיינט, אַז פיליכט זיינען זיי פאַרבליבען מיט אונז די נאַכט...

דאן זיינען מיר אלע באאומרוהיגט געווארען. מיר האבען ניט געוואוסט וואוהין זיי זיינען אהינגעקומען. האב איך געזאגט צו מיין פאטער" אז מעגליך דאס מחלון און כליון זיינען אוועק נאך שילה אבער מיין פאטער האט געזאגט אז עס איז אוממעגליך, און מיר געהייסען וואס שנעלער אוועקרייטען נאך שילה אויסצוגעפינען אויב זיי זיינען ווירקליך אוועק אהער...

נעמי און אלימלך האבען אויסגעטארטשעט זעייערע אויגען און מיט ווילדען שרעק אויסגעשריען:

— אה, גאט! וואס האט פאסירט מיט אונזערע זיהן?! זיי זיינען אהער ניט געקומען.

— האסטו זיך נאכגעפרעגט ביי די איבעריגע פון אונזער משפחה, אויב זיי האבען מיט אימיצען פון זיי פארבראכט די נאכט?

— אונזער גאנצע משפחה האט זיך פארזאמעלט! — האט בועז אויסגערופען — און זיי זיינען ביי קיינעם ניט געוועזן.

— אה, מיין הארץ שרעקט מיר! — האט נעמי זיך פאנאנדערגעווײנט — גאט ווייס וואס עס האט מיט מיינע קינדער פאסירט?

— ווייסט דען קיינער ניט וואס זיי האבען געטאן און וואוהין זיי זיינען געגאנגען?

— די קנעכט האבען דערצעהלט, אז זיי זיינען אויפגעשטאנען גאנץ פריה, האבען מיטגענומען עטוואס שפייז און אוועקגעריטען אויף זייערע פערד.

— און זיי האבען זיך נאך ניט צוריקגעקערט! — האט אלימלך אויסגערופען און זיין פנים איז בלאס געווארען.

— ווען איך האב היינט אין דער פריה פארלאזען בית לחם זיינען זיי נאך ניט געוועזן, אבער מעגליך אז זיי האבען גענעכטיגט ביי איינעם פון זייערע פריינד, אויסער בית לחם.

— אה, ניין, זיי האבען ניט קיין פריינד אויסער בית לחם! — האט נעמי אויסגערופען מיט א ציטערנדע שטימע,—א, גאט, באשיץ מיינע זיהן... לאמיר זיך וואס שנעלער אומקערען קיין בית לחם... א, ווי מיין הארץ שרעקט מיך!

אלימלך האט גלייך צוגערופען זיינע קנעכט און אין א ווײלע ארום האבען אלימלך, נעמי און בועז פארלאזען שילה...

נעמי האט ניט אויפגעהערט צו יאמערען און וויינען, און אלימלך און בועז האבען געטהאן אלעס זי צו בערוהיגען.

— אה, ווי לאנג עס ציהט זיך דער וועג! — האט נעמי יעדע ווײלע א זאג געטהאן. — זאל מען די קעמלען שנעלער טרייבען! ווער ווייס אויב איך וועל שוין מיינע זיהן געפינען צווישען די לעבעדיגע!

— מעגליך אז זיי האבען זיך שוין אומקעהרען אין בית לחם ביי דיעזער צייט — האט בועז געזאגט.

— מיינע זיהן זיינען דאך ניט געוואוינט געוועזן איבער צונעכטיגען אין א פרעמדער הויז — האט אלימלך געזאגט אין דער שטיל צו בועז'ן — איך בין אויך שטארק בעזארגט. — עס קען דאך זיין אז זיי האבען ערגיץ פארבלאנדזשעט און ווען די נאכט איז אנגעקומען, האבען זיי זיך אפגעשטעלט ערגיץ וואו איבערצונעכטיגען.

— אבער איך האב אנגעזאגט מיינע זיהן זיי זאלען אכטונג געבען אין די פעלדער, און איך קען ניט פארשטעהן ווי אזוי זיי האבען מיך ניט געפאלגט.

— מיין הארץ האט מיך געשראקען די גאנצע צייט! — האט נעמי געווישט איהרע טרעהרען — איך האב דיעזען מאל ניט געוואלט אוועקגעהן נאך שילה אהן אונזערע זיהן.

— ווער האט עס געזאלט וויסען אז זיי וועלען מיך ניט פאלגען! — האט אלימלך געזאגט — איך האב ניט געוואלט איבערלאזען מיינע גיטער אויף הפקר.

— איך ווייס ניט, בועז, פאר וואס מיינע זיהן חבר'ן זיך ניט מיט דיר, דו ביזט דאך אין זייער עלטער און פון דיר וואלטען זיי זיך געקענט א סך לערנען?

— האט נעמי געזאגט.

— איך האָב שוין עטליכע מאָל פּרובירט מיט זיי פאַרברייננגען אָבער זיי דערווייטערען זיך פון מיר! — האָט בועז געזאָגט — מיין פאָטער האָט שוין לאַנג געזאָגט אז מחלון און כליון מיידען אויס אַלע יונגע לייט פון בית לחם. זיי זיינען אָפּגעזונדערט פון אַלעמען.

— אין דעם ביזטו אליין שולדיג, אלימלך, — האָט נעמי געזאָגט — דו האָסט אונזערע זיהן ערצויגען זיי זאָלען נאָר טראַכטען פון זיך... דו האָסט זיי אָנגעזאָגט אז זיי זאָלען היטען אז די אָרימעלייט זאָלען צופיעל ניט קריגען פון דיינע פעלדער און ווייגגערטנער, און אזוי האָסטו זיי ביסלעכווייז דער־ווייטערט פון אַלעמען.

— פון דיינע רייד קומט אויס, אז איך גיעב ניט גענוג צדקה! — האָט אלימלך איהר געענטפערט.

— ניט גענוג לויט דעם רייכטהום מיט וואָס גאָט האָט דיך בעשאָנקען. — עס וואָלט ניט געשאַדט ווען דו וואָלסט דיינע טיהרען ענטוואָס ברייטער געעפענט פאַר די אָרימעלייט, דו וואָלסט זיכער ניט אָרימער געוואָרען פון דעם.

— ווען איך וואָלט עס געטהאָן, מעגסטו זיכער זיין אז אין גאָר א קורצע צייט וואָלטען מיר געוואָרען אָרימע לייט. דו האָסט געוויס פאַרגעסען אז ניט נאָר די אָרימע לייט פון בית לחם קומען צו אונז אין בית לחם, נאָר אויך די שנאָרערס פון אנדערע שטעדט און אפילו פון אנדערע שבטים. זיי ווייסען אַלע אז דער געגענד פון בית לחם איז פרוכטבאַר, אז גאָט האָט אונזער שטאָט א פולע האַנט מיט שפע געשאָנקען... און ווען מיר וואָלטען ניט ווייסען ווי אָפּצוהיטען גאָט'ס געשאַנק, וואָלט אונז אַלעמען אויסגעקומען צו געהן זוכען "אָראָפּגעפאַלענע" זאַנגען אין פרעמדע פעלדער.

נעמי האָט געשוויגען. זי האָט גע־וואוסט אז אומזיסט זיינע איהרע רייד, זי וועט ניט קענען ענדערען זיין נאַטור און זי האָט ווידער געבעטען מען זאָל טרייבען די קעמלען וואָס שנעלער.

ווען מחלון און כליון האָבען זיך אָפּגעטהיילט פון די קעניגליכע סאָלדאַטען, וועמען עגלון האָט געשיקט זיי צו בעגלייטען ביז דעם ירדן, האָבען ערשט די ברידער זיך אַרומגעזעהען אז זיי זיינען אין א שלעכטער לאַגע.

— די גאַנצע שטאָדט בית לחם ווייס שוין אז מיר האָבען ניט גענעכטיגט אין אונזער היים לעצטע נאַכט, און דאָס וועט זיכער אויך דערגרייכען די אויערען פון אונזערע עלטערען און וואָס פאַר א תירוץ וועלען מיר זיי קענען אָנגעבען?
— האָט מחלון געזאָגט צו זיין ברודער.

— מיר וועלען זיי זאָגען דעם אמת, אז מיר זיינען פאַרהאַלטען געוואָרען ביי די בעאַמטע פון מואב אלס שפּיאָנען, און ווען דער קעניג פון מואב האָט אויסגעפונען אונזער אומשולד האָט ער אונז פריי געלאָזען — האָט כליון איהם געענטפערט.

— און דאָס וועט ביי דיר הייסען אז דו זאָגסט דעם אמת?! וואָס וועסטו טהאָן ווען דער פאָטער וועט אונז פרעגען ווי אזוי מיר קומען אין דעם לאַנד פון מואב און וואָס האָבען מיר געהאַט צו טהאָן אין מדהבה, די הויפּט שטאָדט פון מואב?

— אָבער דער פאָטער טאָר קיין מאָל ניט וויסען וועגען רות און ערפּה'ן — טעכטער פון דעם קעניג פון מואב, וועט ער זאָל זיך דערוויסען אז מיר זיינען געקומען אהין זיך זעהען מיט די צוויי טעכטער פון דעם קעניג פון מואב, וועט ער זיין אין כעס, און מיר וועלען שוין קיין מאָל ניט האָבען קיין געלעגענהייט זיך מיט זיי צו זעהען...

— מיר האָבען קיין אנדער וועג ניט. מיר וועלען מוזען דערצעהלען דעם גאַנצען אמת! — האָט מחלון געזאָגט.

— און מיר וועלען שוין מעהר אהין ניט געהן?

— ווען די מיידלעך וועלכע מיר האָבען פון טויט געראַטעוועט וואָלטען טאַקע געווען טעכטער פון א פּאַסטוך, וואָלט איגז דער פאָטער פערבאָטען צו געהן, אָבער ווען מיר וועלען איהם דערצעהלען ווער די צוויי שוועסטער זיינען, ווען מיר

וועלען איהם זאָגען אַז זיי זיינען די טעכטער פון דעם קעניג, וועט ער אונז ניט שטערען צו קומען אהין אַ צווייטען מאָל, בפרט ווען מיר וועלען איהם זאָגען אַז דער קעניג אַליין האָט אונז איינגעלאַדען. מיר וועלען איהם ווייזען די רינגען.

— וואָס זאָגסטו דערצו, האָט מהלון זיך אָפּגערופען מיט אַ שמייכעל — אַז דער קעניג האָט פאַרביטען די רינגען, מיר האָט ער געגעבען דעם רינג פון רות'ן אַלס אָנדענקונג און דיר — ערפּה'ס רינג.

— איך בין זיך מודה ! — האָט כליון געזאָגט — אַז מיר פאַרדריסט עס ניט... ווען איך האָב זיך צוגעקוקט צו דער רויט־האָריגער ערפּה, איז זי מיר אַ סך מעהר געפעהלען געוואָרען ווי צום ערשטען מאָל... איהרע רויטע האָר זיינען ווי גאָלדענע שטראַהלען, אין איהרע אויגען שפּיגעלט זיך אָפּ [illegible]ייט און [illegible]ליכקייט...

— און וואָס איז מיט דיין רות'ן ?

— האָט זיך מהלון מיט איהם אַ רייץ געטהאָן. — אויב דיר געפעהלט בעסער ערפּה, וועמען איך האָב גערעטעט, געפעלט מיר יעצט בעסער רות, און טאַקע צוליעב איהר שטילקייט און בעשיידענהייט... איך פאַרזיכער דיך, כליון, אַז איך בין אויך צופריעדען וואָס דער קעניג האָט פערביטען די רינגען.

— דו מיינסט דאָך געוויס אַז דו שרעקסט מיך איבער? — האָט כליון געזאָגט מיט אַ שמייכעל — איך פערזיכער דיך אַז אויב דיין ערפּה וועט ניט האָבען דאַגעגען...

— אָה, מיר ריידען ביידע נאַרישקייטען ! — האָט זיך מהלון אָפּגערופען — מיר מוזען זעהן זיך איינגאַנצען צו פאַרגעסען אָן זיי... מיר האָבען זיך געגנ[illegible] אַנגעליטען דורך דיעזער קורצער צייט, און איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט אַז [illegible] גאָט וועט אונז העלפען און מיר וועלען בעפרייט ווערען פון געפענגניס וועט שוין מעהר מיין פוס ניט אַרויפטרעטען אויף דעם באָדען פון מואב.

— איך האָב אויך אַזוי געטראַכט — האָט כליון געענטפערט — אָבער ווען איך האָב דערזעהן אַז דאָס איז געווען אַ טעות, און וואָס פאַר אַן אויפנאַהמע דער קעניג האָט אונז ביידען געגעבען, האָב איך גלייך געענדערט מיין בעשלוס. מיין הארץ וועט ציהען אהין נאָך אַמאָל, איך האָף נור אַז דער פאָטער זאָל אונז ניט שטערען.

— אָבער וואָס בלייבט ביי אונז ? וואָס זאָלען מיר זאָגען דעם פאָטער ?— האָט מהלון געפרעגט זיין ברודער.

— מיר האָבען דאָך קיין אַנדער אויסוועג ניט, מיר וועלען איהם דאַרפען דערצעהלען אַלע איינצעלהייטען, און מיר וועלען געוויס בעשטראָפט ווערען פאַר דעם... אַ ווען מיר וואָלטען ניט געווען פערהאַלטען איבער נאַכט אין אַ געפענגניס, וואָלט קיינער גאַר ניט געוואוסט אַז מיר זיינען געווען אין דעם לאַנד פון מואב...

— איך מוז דיר צוגעבען, כליון, אַז איך בין זעהר גערירהט געוואָרען פון דעם קעניג'ס פריינדשאַפט, און ער איז דאָך ביי אונז אַלעמען פאַררעכענט פאַר אַ שונא... יע, ער איז אונז זעהר דאַנקבאַר געווען.

— און פאַר וואָס זאָל ער אונז ניט דאַנקבאַר זיין? —האָט כליון געענטפערט — וואו וואָלטען זיינע טעכטער געווען ווען מיר ראַטעווען זיי ניט ? און פאַרגעס ניט די צרות וואָס מיר האָבען נאַכהער געהאַט, ווען מען האָט אונז בעשולדיגט אַלס שפּיאָנען.

— און ווער איז אין דעם שולדיג געווען ? ערפּה ! זי האָט אונז אָפּגענאַרט. זי האָט מיר געזאָגט אַז זיי זיינען די טעכטער פון אַ פאַסטוך — האָט מהלון געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איך האָב גלייך געקענט אַז זיי דערקענען אַז זיי זיינען ניט קיין איינפאַכע מיידלעך — האָט כליון געזאָגט כאָטש זיי זיינען געווען געקליידעט אין איינפאַכע קליידער, אָבער פון זייער רייד און פון זייער האַלטען זיך, האָב

איך פארשטאנען אז זיי זיינען פרינצעסינס.

— וועמען ווילסטו איינריידען ?— האט מחלון געלאכט — ביזטו דען מיט מיר ניט ארומגעלאפען פון איין פאסטוך צום צווייטען און זיך נאכגעפרעגט וואו מיר קענען געפינען דעם פאסטוך פון די צוויי שעהנע טעכטער ?

— דאס האב איך געטהאן ווייל איך האב איהר געגלויבט . אבער פונדעסטוועגען וואלט איך ניט בעשולדיגט ערפה׳ אז זי האט מיט א כיון אונז געמיינט אפצונארען. זי איז געווען בעשיידען און ניט געוואלט ארויסצייגען אז זי איז א פרינצעסין. זעהסטו דאך אז רות האט מיט איהר איינגעשטימט. זיי האבען געוואוסט אז אויב מיר וועלען זיין פאראינטערעסירט אין זיי וועלען מיר שוין זיי געפינען.

— דו ווייסט וואס מיר איז איינגעפאלען—האט מחלון געזאגט — מיר וועלען דערצעהלען דעם פאטער אלע איינצעלהייטען און מיר וועלען איהם אויך איבערגעבען אין נאמען פון קעניג, אז ער און די מוטער זיינען געלאדען צום קעניג נאך מדקבה. דער קעניג האט דאך אונז געזאגט אז זיי וועלען אימער זיין ווילקאמען אין זיין לאנד, און ווען זיי וועלען קומען אהין וועט ער זיי גרויס כבוד אנטאן !

— איך בין זיכער אז אונזער פאטער׳ס בעזוך ביי עגלון, דעם קעניג פון מואב, וואלט געבראכט פיעלע נוצען פאר אונזער פאלק. דער פאטער וואלט געוויס געקענט פועל׳ן ביים קעניג צו פארגרינגערען די צינזען — האט כליון געזאגט — און דאריבער האף איך אז ער וועט געוויס צושטימען צו בעזוכען דעם קעניג, נאכדעם ווי מיר וועלען איהם אלע איינצעלהייטען דערצעהלען. און דאן וועלען מיר האבען א געלעגענהייט נאך אמאל זיך צו זעהן מיט די פרינצעסינס.

— איידער דער פאטער וועט צושטימען צו געהן נאך מואב וועלען פילע טעג פאראיבער — האט מחלון אומעטיג געזאגט.

— איך זעה אז יעצט ביזטו נאך מעהר נייגעריג צו געהן אהין ווי איך — האט כליון א שמייכעל געטהאן.

—דו וועסט קיין געדולד ניט האבען צוווארטען....

— נאכדעם ווי איך האב רות׳ן צום צווייטען מאל געזעהען.

— דו מיינסט צום ערשטען מאל !— האט כליון געלאכט — ווייל ווען דו האסט ערפה׳ן געראטעוועט, האסטו אפילו רות׳ן ניט באמערקט... יע, איך האב דיר דיינע אויגען געעפענט און יעצט איז זי דיר מעהר געפעהלען ווי ערפה, אויף וועמען דו ביזט געווען אזוי שטאלץ דעם ערשטען מאל.

— האב איך דען דיר געזאגט אז ערפה איז ניט בעצויבערענד שעהן ? אבער ווען מיר האבען מיט זיי פארבראכט צום צווייטען מאל און איך האב געזעהען די בעשיידענהייט פון רות׳ן, ווען איך האב דערזעהען רות׳ מוטער, האט מיר מיין הארץ גלייך גענומען ציהען צו איהר און איך האב אפילו ניט בעמערקט ערפה׳ן. דו ווייסט כליון אז איהר מוטער שיינט צו זיין א אידישע פרוי ?

— נו, געוויס. אין דיינע אויגען וועט אפילו דער קעניג עגלון, דער פאטער פון רות, זיין א אידישער קעניג... אבער דו וועסט דאך אודאי מיינען אז איך רייד אזוי פון אייפערזוכט, מוז איך דיר זאגען אז דו מאכסט א טעות. אזוי ווי דו האסט אנגעפאנגען ליעב האבען רות׳ן צוליעב איהר שטילקייט און בעשיידענהייט, אזוי האב איך אנגעהויבען צו פארעהרען ערפה׳ן צוליעב איהר פרעהליכקייט, לוסטיגקייט און לעבעדיגקייט... איהר יעדע באוועגונג איז פול מיט לעבען. און אויב דו ווילסט וויסען, קען איך דיר זאגען אז זי איז א סך שעהנער פון איהר שוועסטער.

— און דו ווילסט מיר איינריידען אז דו ביזט ניט אייפערזיכטיג — האט מחלון בעטראכט רות׳עס רינג אויף זיין פינגער.

— און דו רעדסט מיט אזא זיכערקייט אזוי ווי רות וואלט שוין געווען

דיינע. דו פארגעסט געוויס אז איך האב רות'ן ארויסגעצויגען פון וואסער. איך האב זי גערעטעט, ניט דו!

— איך האב די זעלבע העלדישקייט בעוויעזען מיט איהר שוועסטער ערפה'ן... מיר זיינעןביידע גלייכע העלדען אין זייערע אויגען... און איך האב בעמערקט בעת דעם מאלצייט אז רות האט פון מיר איהרע אויגען ניט ארונטערגענומען — האט מחלון געזאגט.

— און אויף מיר האבען ביידע, אי ערפה און אי רות געקוקט — האט כליון געזאגט מיט שטאלץ — אבער איך בין זיך מודה אז נאכדעם ווי איך האב ערפה'ן גוט בעטראכט איז זי מיר די גאנצע צייט פון מיינע געדאנקען ניט ארויס...

— מיר ריידען פון זיי אזוי ווי זיי וואלטען טאקע געווען טעכטער פון אן איינפאכען פאסטוך... מיר פארגעסען אז זיי זיינען פרינצעסינס און אז זיי זיינען אזוי ווייט פון אונז ווי דער הימעל פון דער ערד... ווער זיינען מיר? מיר זיינען פון פאלק ישראל. מיר זיינען אונטערטעניג צו דעם קעניג פון מואב. מיר צאהלען איהם צינזען. און דא טראכטען מיר וועגען דער מעגליכקייט צו נעהמען דעם קעניג'ס טעכטער פאר אונזערע פרויען. א ניין, כליון מיר דארפען גאר פארטרייבען אזעלכע געדאנקען פון אונז...

— אבער די פריינדשאפט וואס דער קעניג און ערפה און רות האבען אונז ארויסגעוויעזען, און די רינגען פון זיינע טעכטער וואס ער האט אונז געגעבען...

— דאס איז אלעס אויס דאנקבארקייט, מיין ברודער. מיר טארען אויף דעם קיין געוויכט ניט לייגען. מיר טארען זיך ניט איינריידען. א ווען מיר וואלטען זיי אין גאנצען קענען פארגעסען, — האט מחלון א קליינעם זיפץ געטהאן.

— אט זיינען מיר שוין ניט ווייט פון בית לחם! — האט כליון באמערקט.

— יע, מיר האבען זיך אזוי פאררעדט אז מיר האבען זיך ניט ארומגעזעהן ווי שנעל די צייט איז אוועק. יעצט וואס בלייבט אונז צו טהאן? אפילו ווען אונזערע עלטערען זיינען נאך אין דער היים ניטא, וועלען מיר דאך דארפען אונזערע פעטערס ערקלערען וואס מיט אונז האט פאסירט.

— זעהסטו פאר זיי שרעק איך זיך גאר נ[illegible] וועלען מיר קענען אפפטר'ן מיט וואס עס איז.

— ניין. מיר וועלען אלעמען מוזען דערצעהלען דעם אמת! — האט מחלון געזאגט.

— און דערלאזען אז בועז זאל פון אונז אפלאכען.

— פאר וואס זאל ער פון אונז לאכען?

— ווען מיר וועלען איהם דערצעהלען וועגען די צוויי שעהנע מיידלעך!

— ער וועט שוין דאן גאר ניט לאכען. ער וועט דאן ווינשען צו זיין אויף אונזער פלאץ... — האט מחלון געשמייכעלט — איך פארזיכער דיך אז ניט נאר וועט ער ניט אפשפאטען פון אונז נאר ער וועט זיין זעהר נייגעריג זיי צו זעהען. און ווען ביי א געלעגענהייט ער וועט דערזעהען רות'ן אדער ערפה'ן וועט ער נאך ווערען אייפערזיכטיג! אבער וואס עס זאל ניט געשעהען, מיר מוזען דערצעהלען אלעמען דעם אמת.

אזוי שנעל ווי די צוויי ברידער זיינען אנגעקומען אין בית לחם, זיינען אלע איינוואוינער ארויסגעקומען פון זייערע הייזער. יעדערער איז געווען נייגעריג אויסצוגעפינען וואס מיט זיי האט פאסירט. אבער קיינער האט ניט געוואגט צוצוקומען צו דעם וואהנונג'ס פלאץ. בלויז די דריי פעטערס: ירוחם, פלוני און שלמון זיינען גלייך אוועק צו די ברידער.

— וואו זייט איהר געווען? וואס האט מיט אייך פאסירט? — האט געפרעגט ירוחם.

— זייט איהר ניט אוועק נאך שילה?

— האט פלוני זיך אפגערופען.

די ברידער זיינען געשטאנען ווי צוטומעלטע און האבען געשוויגען.

— איך האב בועז'ן געשיקט נאך שילה צו זעהען אויב איהר זייט אוועק אהין? זאגט מיר, זייט איהר דען ניט געווען אין שילה?

— בועז איז אוועק נאך שילה? — האט מחלון זיך אפגערופען — א, פארוואס האט ער דאס געטהאן?! אונזערע עלטערען וועלען זיין שטארק בעזארגט וועגען אונז. דאס וועט פארשטערען די פרעהליכקייט פון זייער יום טוב.

— בועז האט ניט בעדארפט געהן נאך שילה! — האט כליון אויסגערופען — צו וואס זאל ער דערשרעקען אונזערע עלטערען? ווען זיי וואלטען נאכהער אליין געקומען וואלטען מיר זיי אלעם דערקלעהרט... און יעצט... א דער בועז!

— עס איז ניט זיין שולד! איך האב פון איהם פארלאנגט ער זאל געהן נאך שילה! — האט שלמון אויסגערופען — ווייל מיר זיינען אלע געווען שטארק בעזארגט. דאס טרעפט דאך דעם ערשטען מאל אז איהר זאלט ניט נעכטיגען אין דער היים.

— און פארוואס דערצעהלט איהר אונז ניט וואס מיט אייך האט פאסירט? — האט פלוני צו זיי זיך געווענדעט.

— מיר וועלען דערצעהלען אונזערע עלטערען, וועט איהר שוין אויך וויסען! — האט כליון געזאגט מיט א ברוגז'ע שטימע.

די דריי פעטערס האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און שלמון האט זיך אפגערופען:

— ווי איך זעה, זייט איהר נאך ברוגז. איהר זייט אוועק פון הויז באלד צוויי טעג און גענעכטיגט איין נאכט אין דער פרעמד און קיינעם גאר ניט געזאגט וועגען דעם. מיר האבען ניט געוואוסט וואס צו טראכטען. מיר האבען געמיינט פיעללייכט האט מיט אייך אן אומגליק פאסירט. דאן האבען מיר געמיינט אז איהר זייט נאך שילה אוועקגעגאנגען. און דעריבער האב איך געשיקט בועז'ן ער זאל שנעל אוועקרייטען נאך שילה אויסצוגעפינען אויב איהר געפינט זיך דארטען.

— ווען איהר וואלט געווען מיינע זיהן, וואלט איהר שוין ביידע גוט בעשטראפט געווארען — האט פלוני זיך אפגערופען.—איך וויים אז אלימלך האט אייך אנגעזאגט ניט צו פארלאזען בית לחם און אכטונג צו געבען אויף די יונגען אין פעלד, און ניט נאר האט איהר איהם ניט געפאלגט, נאר איהר זייט אוועק באלד אויף'ן צווייטען טאג פון דער היים, א זאך וואס האט קיין מאל ניט פאסירט.

— איך קען נאך אלץ ניט פארשטעהן פארוואס איהר ווילט אונז ניט דערצעהלען וואס עס האט מיט אייך פאסירט? — האט ירוחם זיי פארגעווארפען — זיינען מיר דען פרעמדע?

— מיר קענען יעצט גאר ניט רייד־דען. מיר וועלען שוין ווארטען ביז וואנען אונזערע עלטערען וועלען זיך צוריקקעהרען — האט מחלון געזאגט.

— יע, מיר זיינען יעצט זעהר מיעד און הונגעריג! — האט כליון צוגעגעבען. מיר וועלען עפעס צובייסען און זיך אויסרוהען, דאן וועלען מיר זיך באלד צוריקגעקעהרט.

די צוויי ברידער זיינען אריין אין א צווייטען צימער און פארלאנגט אז די דינער זאלען זיי געבען וואסער. ווען זיי האבען זיך ארומגעוואשען, האט מען זיי דערלאנגט עסען, און נאך'ן עסען האט מחלון צוגערופען א דינער און איהם געזאגט:

— געה ארויס און זעה אויב אונזערע פעטערס זיינען נאך דא אין אנזער הויז.

דער דינער איז ארויסגעגאנגען און זיך באלד צוריקגעקעהרט.

ניין, זיי זיינען אין הויז ניטא, אבער אונזער האר אלימלך קומט אן מיט אונזער הארינטע און אייערע פעטערס זיינען זיי אנטקעגען געגאנגען.

מחלון און כליון זיינען בלאס געווארען. זיי זיינען געבליעבען שטעהן ווי צוגעשמידט צו זייערע פלעצער. זיי

האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען און געשוויגען.

— איך הער שוין זייערע שטימען — האט כליון א זאג געטהאן נאך א קליינע פויזע.

— לאמיר ארויסגעהן זיי אנטקעגען — האט מחלון זיך אפגערופען.

— און וועלען מיר קענען זיי דערצעהלען וועגען רות און ערפה'ן פאר די אויגען פון בועז'ן און די איבריגע? — האט כליון אויסגערופען.

— מיר קענען זיך אבער ניט העלפען! אט קומען זיי אן.

מחלון האט אן עפען געטהאן די טיהר און ביידע האבען גלייך דערזעהען זייער פאטער און מוטער אנקומענדיג אין דער בעגלייטונג פון בועז'ן, ירוחם'ן, שלמון און פלוני'ן.

—מיינע זיהן! — האט נעמי אויסגערופען און ביידען גענומען קושען — געלויבט איז גאט אז איך זעה אייך צווישען די לעבעדיגע.

— וואס האט מיט אייך פאסירט, מיינע זיהן! — האט אלימלך א זאג געטהאן מיט א שטרענגער שטימע — וואו זייט איהר געווען די צוויי טעג?

מחלון און כליון האבען זיך ארומגעקוקט א וויילע. אלע ארום האבען אנגעשטרענגט זייערע אויגען און אויערען און געווארט אויף זייער ערקלערונג.

— מיר זיינען זיך מודה, פאטער, אז מיר האבען געגען דיר געזינדיגט — האט מחלון געזאגט מיט א נידעריגער שטימע — דו האסט אונז אנגעזאגט צו בלייבען די גאנצע צייט אין בית לחם. מיר זיינען פערבליבען די ערשטע צוויי טעג אין די פעלדער, און דאן איז אונז ביידען זעהר לאנגווייליג געווארען, האבען מיר בעשלאסען אוועקצורייטען צום ירדן צו פאנגען פיש. מיר האבען געמיינט אז מיר וועלען זיך דארטען פערזאמען א קורצע וויילע און נאכהער זיך צוריק אומקעהרען אהיים. אבער ווען מיר זיינען אזוי געשטאנען נעבען טייך, האבען מיר פלוצלינג דערהערט געשרייען נאך הילף. מיר האבען זיך ארומגעקוקט און מיר האבען בעמערקט ווי צוויי פרויען טרינקען זיך. איך און כליון זיינען גלייך אריינגעשפרונגען אין וואסער און צוגעשוואומען צו דעם פלאץ און זיי גערעטעט... זיי זיינען געווען יונגע מיידלעך פון מואב...

מחלון האט זיך דא א וויילע אבגעשטעלט. און אלע האבען צוגעבויגען זייערע אויערען צו הערען וואס ער וועט ווייטער דערצעהלען.

— ווי אזוי זיינען זיי דארטען אין ירדן אריינגעפאלען? — האט נעמי אונטערבראכען די שטילקייט — עפעס קומט מיר אויס די זאך פערדעכטיג. מעגליך אז זיי האבען עס אבזיכטליך געטהאן כדי צוציהען אייער אויפמערקזאמקייט דערמיט?

— אה, ניין, מוטער! — האט כליון געענטפערט. דיעזע מיידלעך זיינען אין גאנצען אנדערע. זיי האבען אפילו אונז ניט געזעהן. זיי האבען זיך צוגעזעצט אפרוהען אויף די שטיינער פון ירדן. פלוצלינג האט זיך איינע פון זיי א גליטש געטהאן און אריינגעפאלען אין ירדן. די צווייטע איז איהר געקומען צו הילף... אבער ביידע האבען ניט געקענט שווימען, דאס וואסער דארט איז געווען זעהר טיעף.

— און דאס ראטעווען יענע מיידלעך פון מואב האט אייך געדויערט צוויי טעג?! — האט אלימלך זיי א פרעג געטהאן.

— ניין, פאטער, מיר זיינען באלד צוריקגעשוואומען און געקומען אהיים. מיט עטליכע טעג שפעטער האבען מיר בעשלאסען אויסצוגעפינען ווער די מיידלעך זיינען. זיי האבען אונז געזאגט, אז זיי זיינען צוויי שוועסטער, די טעכטער פון אן ארימען פאסטוך, אבער זיי זיינען געווען אזוי שעהן, אזוי צערטליך און איידעל, אז אונז האט זיך ניט געגלויבט אז זיי שטאמען פון די ארימע שיכטען פון פאלק.

— דאס האט מען געקענט דערקענען אן די קליידער וואס זיי האבען געטראגען—האט בועז זיך אריינגעמישט.

— זיי האבען טאקע אויף זיך געהאט ארימע איינפאכע קליידער! — האט

מחלון געזאָגט, אָבער אַז זייערע פּנים'ער האָבען מיר געקענט זעהן אז זיי זיינען ניט קיין איינפאַכע מיידלעך. און אונזער נייגעריגקייט איז געוועזן אזוי גרויס אַז אין אַ פּאָר טעג ארום, האָבען מיר בעשלאָסען אוועקצורייטען נאָך מואב און טרייען אויסצוגעפינען ווער די מיידלעך זיינען.

— איין זינד ברייננט די צווייטע זינד — האָט שלמון זיך אָבגערופען — פריהער האָבען זיי ניט געפאָלגט זייער פאָטער'ס רייד, און נאָכהער זיינען זיי אוועק אָנקוקען די טעכטער פון מואב.

— אָבער פאָטער, קענסטו עס פאַררעכענען פאַר אַ זינד? גאָט האָט דאָך זיי אהין געשיקט כדי צו ראַטעווען צוויי מענשען פון טויט — האָט בועז געזאָגט.

— יע, געוויס האָבען יענע מיידלעך פערדיענט ביי גאָט ער זאָל זייערע רעטער ברענגען אין צייט.

— און איהר זייט אוועק נאָך מואב? האָט אלימלך אויסגערופען.

— יע, זיי האָבען אונז געזאָגט, אַז זיי געפינען זיך ארום מדהבה, די הויפּט שטאָדט פון מואב, זיינען מיר אהין אוועק זיך נאָכפרעגען אויף זיי — האָט כליון געענטפערט.

— און דאָרטען האָט מען אונז פערדעכטיגט אלס שפּיאָנען און די בעאמטע האָבען אונז ארעסטירט.

— ארעסטירט? — האָט נעמי אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען. אָה, מיינע זיהן, וויפיעל איהר האָט דאָרטען געמוזט ליידען!

— יע, אַ טאָג און אַ נאַכט זיינען מיר אין געפענגנים געזעסען. דער בעאמטער איז געוועזן אזוי זיכער אַז מיר זיינען שפּיאָנען פון ישראל, אַז ער האָט אונז געזאָגט דאָס פאַר דעם וועלען מיר מיט אונזער לעבען בעצאָהלען.

— ווי אזוי איז עס געקומען אַז מען זאָל אויף אייך אזא פערדאַכט האָבען? — האָט אלימלך געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

די מיידלעך האָבען אונז דאָך ניט געזאָגט דעם נאָמען פון זייער פאָטער, זיי האָבען אונז בלויז געזאָגט, אַז ער איז אַ פאַסטוך. זיינען מיר געגאַנגען פרעגען ביי די פאַסטוכער פון יענעם געגענד. אָבער ניט וויסענדיג דעם נאָמען, האָבען מיר זיי געזאָגט: אַ פאַסטוך, וועלכער האָט צוויי שעהנע טעכטער. און ווען זיי האָבען ניט געוואוסט האָבען מיר געפרעגט אנדערע, ביז וואַנען עס איז איינעם פון די פאַסטוכער איינגעפאַלען צו זאָגען אַז מיר זיינען שפּיאָנען. און ער איז באַלד אוועק און דאָס דערצעהלט דעם בעאמטען און יענער האָט אונז גלייך ארעסטירט — האָט מחלון געזאָגט.

— איהר קענט זיך פאָרשטעלען ווי שרעקליך מיר האָבען זיך געפיהלט, ווען דער בעאמטער איז געקומען אונז אָנזאָגען אַז דער קעניג האָט בעשלאָסען אונז ביידען מקריב צו זיין צו זייערע געטער פאַר קרבנות.

— אָה, מיינע טייערע זיהן! — האָט נעמי געווישט איהרע טרעהרען. געלויבט איז דער באַשעפער וואָס איהר זייט געראַטעוועט געוואָרען.

— איך זעה אין דעם אַז גאָט האָט זיי בעשיצט! — האָט ירוחם זיך אָפּגערופען.

— אָבער דערצעהלט מיר שוין ווי אזוי זייט איהר געראַטעוועט געוואָרען? איז אלימלך אונגעדולדיג געוואָרען.

— ווען מען האָט אונז געבראַכט פאַר דעם קעניג עגלון, האָט ער דאַן געפייערט אַ יום טוב. זיין כעס האָט אויף אונז געברענט. ער איז געוועזן זיכער אַז מען האָט אונז געשיקט פון ישראל צו אויסשפּיאָנירען זיין לאַנד כדי מיר זאָלען נאָכהער קענען ארונטערוואַרפען זיין יאָך פון אונז. און אַ חוץ דעם, האָט איהם דער בעאמטער געזאָגט, אַז מיר האָבען זיך נאָכגעפרעגט אויף די געהיימע אריינגאַנגען פון שטאָדט. מיר האָבען געשריען אַז מיר זיינען אונשולדיג, אָבער ער האָט זיך צו אונז ניט געוואָלט צוהערען. דאַן האָב איך אויסגערופען, אַז מיר האָבען געראַטעוועט צוויי שוועסטער פון דערטרונקען ווערען און דאָס זיינען מיר אהער געקומען צו אויסגעפינען די טעכטער פון יענעם

פאפטוך. עס איז געווען אונזער גליק, אז מיר האבען געדענקט זייערע נעמען. דער קעניג האט אונז געפרעגט זייערע נעמען און ווען מיר האבען איהם געזאגט, אז איינע הייסט ערפה און די צווייטע רות, האט ער מיט פרייד אויסגערופען אז דאס זיינען דאך זיינע טעכטער.

— און זיי זיינען ווירקליך געווען דעם קעניג'ס טעכטער? — האט אלימלך געפרעגט מיט גרוים פערוואונדערונג.

— געוויס! דער קעניג האט באלד געשיקט נאך זיי און זיי האבען אונז באלד דערקענט — האט מחלון אויסגערופען. און ווען איהר וואלט געזעהן דעם קעניג'ס דאנקבארקייט צו אונז... ער האט לכבוד אונז געמאכט א מאהלצייט און אונז שטארק געלויבט פאר אונזער בראווקייט. ער האט אונז איינגעלאדען צו בעזוכען זיין פאלאץ.

— און ניט נאר אונז אליין האט דער קעניג איינגעלאדען, נאר אויך אונזערע עלטערען — האט כליון צוגעגעבען — יע, דער קעניג האט געבעטען אז אויך איהר זאלט קומען אלס זיינע געסט אין פאלאץ... און ער וועט וויסען ווי אייך צו עהרען.

— דאס איז טאקע פון הימעל אזוי געווען באשערט! — האט שלמון געזאגט — יעצט וועט מעגליך זיין פאר דיר, מיין ברודער, צו בעטען דעם קעניג ער זאל אביסעל פערלייכטערען אונזערע צינזען.

— די פריינדליכקייט פון עגלון, דעם קעניג פון מואב, איז אלע מאל גוט צו האבען — האט פלוני געזאגט — עגלון איז א מעכטיגער קעניג.

— דערצעהלט אונז וואס עס האט פאסירט ווייטער? — האט נעמי זיך אפגערופען צו איהרע צוויי זיהן.

— נאך דעם מאהלצייט האט דער קעניג אונז געגעבען די צוויי רינגען פון זיינע טעכטער אלס אנדענקען — האט מחלון זיי געצייגט זיין רינג, — דאס איז דער רינג פון רות, וועמען כליון האט געראטעוועט.

— און דאס איז ערפה'ס רינג — האט כליון געוויזען זיין רינג — ער האט זי גערעטעט.

— איך פארשטעה ניט — האט בועז געזאגט — פאר וואס זאל מחלון קריגען דעם רינג וואס בעלאנגט צו כליון'ען און כליון דעם רינג וואס בעלאנגט צו מחלון?

ערפה האט טאקע אויפמערקזאם געמאכט דעם קעניג וועגען דעם, אבער ווי עס ווייזט אויס איז ביי דעם קעניג ניין געווען קיין אונטערשיעד — האט כליון געזאגט מיט א שמייכעל. ערפה איז אויך א גאנץ שעהן מיידעל.

— אבער רות איז נאך שעהנער. זי קוקט אויס אין גאנצען ווי איינע פון אונזער פאלק — האט מחלון געזאגט — אויב איך מאך ניט קיין טעות, איז רות' מוטער א אידישע טאכטער.

— אויב זי איז א אידישע איז ערפה'ס מוטער אויך א אידישע! — האט כליון געלאכט — פריהער, ווען ער האט ערפה'ן ארויסגעראטעוועט, האט ער געמיינט, אז קיינער איז צו איהר ניט גלייך אין שעהנקייט.

— און דו? — האסטו דען ניט דאס זעלבע געטראכט פון רות'ן? — האט מחלון זיך מיט איהם א רייץ געטהאן.

— נו, זאל זיין גענוג! — האט זיך נעמי אריינגעמישט. איהר שיינט נאך ביידע צו זיין זעהר אויסגעמאטערט. בעסער רוהט זיך אויס, ווייל מארגען איז דער יום טוב שבועות.

— עס טהוט מיר אזוי לייד, מיינע עלטערען — האט מחלון געזאגט — וואס צוליעב אונז איז אייער יום טוב אין שילה צושטערט געווארען. ווען בועז וואלט ניט אוועק אייך אנזאגען וואלט איהר ניט געדארפט פערלאזען שילה ביז נאך דעם יום טוב.

— עס דארף דיר ניט פארדריסען מיין זוהן, האט נעמי געזאגט מיט א שמייכעל — געלויבט איז גאט אז איהר זייט ביידע געזונד און מיר זיינען בלויז אבגעקומען מיט שרעק. ווען מיר וועלען דעם צווייטען מאל געהן נאך שילה

וועט איהר ביידע אויך מיטגעהן מיט אונז.

— און דאס דארף זיין פאר אייך א ווארנונג! — האט אלימלך געזאגט צו זיינע זיהן — אז איהר זאלט מיך פאלגען און טהאן ווי איך זאג אייך.

— דער כהן גדול, צדוק, איז זעהר חשוב אין די אויגען פון פאלק — האט נעמי א זאג געטהאן — ער האט צוויי שעהנע טעכטער. זיי זיינען א ציערונג אין דער שטאדט שילה און ווען די יונגע מיידלעך האבען דארטען פערבראכט אין טאנצען און זינגען, האבען מיר צדוק'ס טעכטער גוט בעטראכט, זיי זיינען אזוי בעשיידען ווי שעהן... זיי זיינען געוועזן די איינציגע וועלכע האבען ניט איינגעלאדען די בחורים צום טאנצען.

— אבער יעצט איז ניט די צייט צו רעדען פון דעם — האט אלימלך זיך אנגערופען צו נעמי'ן.

— איך זאג עס אנטקעגען דעם וואס אויף דעם יום טוב סוכות וועלען מיר אלע אהין געהן—האט נעמי זיך ווי פארענטפערט.

זעקסטער קאפיטעל

## אהוד דער זוהן פון גרא

איינינע מאנאטען זיינען פאראיבער און מחלון און כליון האבען נאך אלץ ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון דעם וואס מיט זיי האט פאסירט אין מואב. ווען זיי פלעגען ביידע זיין אין פעלד אדער אין וויינגארטען אכטונג צו געבען אויף די ארבייטער, פלעגען זיי רייד דען וועגען די צוויי וואונדער־שעהנע פרינצעסינס, וועגען ערפה און רות.

— איך האב געמיינט, אז אונזער פאטער וועט אננעהמען דעם קעניג'ס איינלאדונג — האט כליון געזאגט — און דאן וואלטען מיר ווידער געהאט א געלעגענהייט זיך מיט זיי צו זעהן. אבער יעצט, ווייזט אויס, איז עס גאנץ ווייט פון דעם.

— איך מוז דיר זאגען דעם אמת, אז איך האב שוין געטראכט פון דעם, אז מיר זאלען ווידער אוועקגעהן נאך מדהבה אהן דעם פאטער'ס וויסען.

— איך בין געגרייט! — האט כליון זיך אפגערופען. מיר קענען אוועקגעהן אהין גאנץ פריה און פערברענגען א קורצע צייט, און אין אווענד וואלטען מיר שוין צוריק געווען אין דער היים.

— אבער דאס איז אוממעגליך! — האט מחלון זיך אפגערופען. — מיר טארען פון דעם ניט טראכטען. מיר וועלען אהן דעם פאטער'ס וויסען אהין ניט געהן.

— זאלען מיר פילייכט פרובירען א רעד טהאן מיט אונזער פאטער, מעגליך אז ער וועט אונז ערלויבען צו געהן,— האט כליון געזאגט. — מיר וועלען איהם זאגען, אז מיר פערשפראכען דעם קעניג צו קומען נאך אמאל בעזוכען, און יעצט זיינען שוין עטליכע מאנאטען פאראיבער און מיר האבען אונזער ווארט ניט געהאלטען... מיר מוזען דאך אנהאלטען די פריינדליכע בעציהונגען מיט דעם קעניג פון מואב.

— דער פאטער וועט פערשטעהן אונזער כוונה; ער וויים, אז אונז ווילט זיך זעהן די שעהנע פרינצעסינס פון מואב. און ווי איך פערשטעה וויל ער אז מיר זאלען נעהמען די טעכטער פון דעם כהן גדול — האט מחלון א שמירה בעל געטאהן. — ער האט מיר שוין ניט איינמאל אנגעדייטעט וועגען דעם.

— איך וועל דאס קיינמאל ניט טאהן. איך האב ניט געזעהן דעם כהן גדול'ס טעכטער, אבער מיר דוכט זיך, אז זיי זיינען שטענדיג איינגעשמוצט מיט דעם בלוט פון די קרבנות וואס מען ברענגט אויף דעם מזבח.

— ווי קומען זיי צו די קרבנות? — האט מחלון געזאגט. — ווייסטו דען ניט, אז פרויען זיינען קיין קרבנות ניט מקריב?

— איך וויים! אבער ווען נאר איך טראכט פון דעם כהן גדול און פון זיין משפחה, טראכט איך פון דעם בלוט פון די קרבנות וואס מען איז מקריב אויף דעם מזבח אין שילה — האט כליון זיך אפגערופען. — איך בין זיך מודה, אז

איך בין ניט קיין שטאַרקער אנהענגער פון קרבנות.

—אָבער דער מענש איז דאָך פול מיט זינד, און ער מוז דאָך ברענגען א קרבן פאַר גאָט ער זאָל איהם פערגעבען זיינע זינד.

— פאַרוואָס זאָל גאָט פערגעבען די זינד פון מענשען דורך דעם בלוט פון אן אומשולדיגער בהמה?

— דו זינדיגסט יעצט מיט דיינע ליפען, כליון; ווען דער פאָטער וואָלט געהערט אזעלכע רייד פון דיין מויל, וואָט זיין צאָרן אויף דיר געברענט... וואָס וואָלסטו געזאָגט אויף דעם אז מען וואָלט אין שילה געבראַכט מענשליכע קרבנות, ווי עס פּאַסירט גאַנץ אָפט אין עמון און אין מואב... האָט דער קעניג פון מואב אונז ניט געוואָלט מקריב זיין פאַר קרבנות צו זיינע געטער, ווען ער האָט געמיינט, אז מיר זיינען שפּיאָנען?

— ווען מיר וואָלטען געהאט אן אויסרייד אהין צו געהן, בין איך זיכער אז דער קעניג וואָלט אונז ווידער געגעבען זעהר א פיינע אויפנאהמע.

— ווען אונזער שבט וואָלט בעשלאָסען צו פערלאַנגען אז עגלון זאָל פערגרינגערען די צינזען, דאַן וואָלט אונזער פאָטער אהין געגאַנגען, און דער קעניג וואָלט זיין ביטע ניט ענטזאָגט.

— און איך וואָלט ניט געוואָלט אז דער פאָטער זאָל געהן בעזוכען דעם קעניג צוליעב דעם אז ער זאָל פערגרינגערען די צינזען.

— ווער איז עס דאָרטען אין פעלד?

— האָט מחלון אנגעוויזען מיט זיין האַנט אויף א גרופּע יונגען.

— איך ווייס איך ניט. ווי עס ווייזט אויס, איז ער א פרעמדער. די יונגען האָבען זיך פערזאַמעלט ארום איהם. ער שטערט זיי פון דער ארבייט — האָט כליון א זאָג געטאָהן. — ער מוז זיי זיינע מעשיות דערצעהלען.

— יע, דאָס טוט מרדכי. זיי זאָלען פאַר איהם איבערלאָזען מעהר פערגעסענע זאַנגען.

— לאָמיר דאָרט צוגעהן, מיר וועלען איהם ארויסטרייבען פון אונזער פעלד. ער האָט קיין רעכט ניט צו שטערן די ארבייטער־יונגען פון זייער ארבייט.

— מיר דוכט זיך, אז נאָך אימיצער איז מיט איהם.

מחלון און כליון זיינען צוגעגאַנגען נעהענטער און זיי האָבען דערזעהן א מאַן אין די מיטעלע יאָהרען מיט א לאַנגער שווארצער באָרד. נעבען איהם איז געשטאַנען א יונגער מאַן מיט פלאַמענדע אויגען. ביידע זיינען געווען איינגעהילט אין שווארצע אויבערמאַנטלען.

— זיי זייענען פון אן אנדער שבט!

— האָט מהלון זיך אָפּגערופען.

— און וואָס טוען זיי דאָ אין אונזער פאָטער'ס פעלד? — האָט כליון זיי דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען.

— זיי זיינען געווים געקומען קלייבען זאַנגען אין אונזערע פעלדער!

— ווינציג אָרימע לייט געפינען זיך אין אונזער שבט, פאַרוואָס זאָלען די שנאָרער פון אנדערע שבטים קומען אין אונזערע פעלדער?

— מיר וועלען דארפען איבערגעבען אונזער פאָטער, אז די קבצנים פון אנדערע שבטים קומען אָן אין אונזערע פעלדער.

— אונזער פאָטער'ס רייכטום איז בעוואוסט איבער גאַנץ ארץ ישראל, און דעריבער האָבען זיי אָנגעפאַנגען קומען אהער.

— אָבער דיזער מאַן רעדט צו די ארבייטער און לאָזט זיי ניט טאָהן קיין ארבייט. איך וועל איהם גלייך ארויסטרייבען פון אונזער פעלד.

— לאָמיר זיך פריהער צוהערען וואָס ער רעדט צו זיי. לאָמיר צוגעהן אומבעמערקטערהייד.

ביידע ברידער האָבען זיך דערנעהנטערט און זיי האָבען דערהערט ווי דער פרעמדער רעדט:

— אונזער גרויסער העלד און פיהרער יהושע האָט מיט זיין העלדישקייט איינגענומען דאָס לאַנד כנען און עס צוטיילט צווישען די שבטים. ער האָט

פערטריבען די אלע פעלקער און אויף זיי א מורא אנגעווארפען. די פעלקער האבען אונז צו־רוה געלאזען. און ווען יהושע איז געשטארבען, איז געקומען כושן רשעתים, דער קעניג פון ארם, און ער האט געזעהן אז די אידען זיינען ניט פעראייניגט, האט ער זיי גענומען אונטערדריקען, ביז וואנען עס איז געקומען עתניאל דער זוהן פון קנז און ער האט מלחמה געהאלטען מיט דעם קעניג פון ארם און גאט האט איהם געהאלפען און עתניאל האט בעזיעגט כושן רשעתים און ארונטערגעווארפען דעם יאך פון ארם. זינט דאן זיינען פאראיבער פערציג יאהר און ארץ ישראל איז געווען רוהיג. אבער אונזערע ברידער האבען זיך פערגעסען אן די צרות וואס זיי האבען געהאט אויסצושטעהן פון זייערע שונאים. די שבטים זיינען מעהר ניט פעראייניגט צווישען זיך. און יעצט איז אנגעקומען אויף אונז עגלון, דער קעניג פון מואב! מיר אלע ווייסען אז עס זיינען געווען צייטען, ווען מואב האט געציטערט פאר ישראל. ווער ווייס דאס ניט, אז בלק דער קעניג פון מואב האט געשיקט רופען דעם רשע בלעם, ער זאל שעלטען ישראל, ווייל ער האט מורא געהאט אז די אידען זאלען איהם ניט פערניכטען.

און איצט האט עגלון געקראגען די חוצפה אונז צו דריקען. ער האט אויף אונז ארויפגעליגט שווערע צינזען. און פארוואס? ווייל ער ווייס, אז מיר זיינען ניט פעראייניגט. ער ווייס אונזער שוואכקייט. יעצט איז געקומען די צייט. אז מיר זאלען ארויסצייגען דעם קעניג עגלון אז מיר האבען מעהר קיין מורא ניט פאר איהם. איהר זייט אלע יונגע מענשען, איהר ארבייט אין די פעלדער, און איך בין זיכער אז ווען איהר זייט פריי, וואלט איהר זיך אויך געקענט איבען אין מלחמה, ווי עס טוען די יונגע לייט פון דעם שבט בנימין. יע, אלע יונגע לייט לערנען זיך צו שיסען מיט ביידע הענט, מיט דער לינקער האנט אזוי ווי מיט דער רעכטער. אט דער איז מיין זוהן, זיין נאמען איז אהוד. און אויב איהר ווילט, וועט ער אייך צייגען ווי אזוי. ער צילעוועט זיך מיט דער לינקער האנט און טרעפט אין ציעל.

מחלון און כליון האבען געזעהן ווי דער פרעמדער האט ארויסגענומען א ציעל־ברעט פון אונטער זיין מאנטעל און ער האט זיך אפגערוקט פון זיין זוהן. און אויפהויבענדיג די ציעל־ברעט אין דער הויך, האט ער אויסגערופען:

— אהוד, שיס אין ציעל!

גלייך האט אהוד ארויסגענומען זיין פייל און בויגען און מיט דער לינקער האנט א צילעווע געטאהן אין דער ציעל־ברעט און געטראפען אין ציעל.

אלע יונגען האבען מיט בעוואונדערונג געשאקעלט מיט די קעפ.

— און איהר מיינט אפשר, אז מיט דער רעכטער האנט וועט ער ניט טרעפען אין ציעל? — האט דער פרעמדער זיך צו זיי געווענדעט. — קוקט זיך צו.

ער האט ווידער אויפגעהויבען די ציעל־ברעט און בעפוילען זיין זוהן צו שיסען א צווייטען מאל.

אהוד האט יעצט גענומען די פייל אין זיין רעכטער האנט און האט זי אנגעצויגען אויף דעם בויגען, צילעווענדיג זיך אין דער ציעל־ברעט.

— זאל דער פייל דערגרייכען דיזען פונקט! — האט דער פרעמדער א געשריי געטאהן צו זיין זוהן, אנצייגענדיג אויף א געוויסען פלאץ אויף דער ציעל־ברעט.

אהוד האט א ציה געטאהן זיין פייל און געטראפען פונקט אויף דעם פלאץ, וואו זיין פאטער האט איהם אנגעצייגט מיט'ן פינגער.

— הידד! — האבען די שניטער־יונגען א געשריי געטאהן און געקלאפט מיט זייערע הענט. באלד אבער זיינען זיי אלע ענטשוויגען געווארען: זיי האבען דערזעהן בעפאר זיך זייער הארס צוויי זיהן. יעדער האט זיך געכאפט צו זיין סערפ צו טאהן זיין ארבייט.

— פארוואס זייט איהר מבטל אייער

ציִיט, איהר ליידיגגעהער! — האָט מחלון א געשריי געטאָהן אויף דער גרופּע ארבייטער.

— ווען מיר וועלען דערצעהלען אונזער פאָטער ווי אזוי איהר טוט אייער ארבייט, וועט ער אייך אין גאנצען פערטרייבען פון זיינע פעלדער, — האָט כליון אויסגערופען.

— איך בעט אייך. מיינע הארען, — האָט זיך דער פרעמדער געווענדעט צו די צוויי ברידער. — עס איז ניט זייער שולד. איך האָב זיי געשטערט פון זייער ארבייט אויף א קליינע ווייל, איך נעהם די פעראנטוואָרטליכקייט אויף זיך.

— און ווער ביזטו?! — האָט מחלון איהם בעטראכט פון אויבען ארונטער.

— ווער האָט דיר געגעבען די ערלויבניש אריינצוקומען אין אונזערע פעלדער און שטערען די ארבייטער פון זייער ארבייט?

— איך בין פון דעם שבט בנימין און מיין נאָמען איז גרא (גיירא) און אָט דער איז מיין זוהן — האָט ער אָנגעצייגט אויף דעם יונגען מאַן, וועלכער איז געשטאנען מיט זיין פייל און בויגען אין האנט.

— און וואָס טוסטו אין בית לחם?

— האָט איהם כליון געפרעגט.

— איך גלויב, מיין האר, אז דו האָסט זיך צוגעהערט צו מיינע רייד צו די יונגען. אויב ניט, וועל איך זיי ווידערהאָלען.

— מיר האָבען געזעהן ווי דיין זוהן טרעפט אין ציעל, אָבער מיר פערשטעהען ניט צו וואָס דו ביזט געקומען עס צייגען אונזערע ארבייטער. מיין פאָטער דארף ניט קיין בויגען־שיסער, ער דארף ארבייטער, וועלכע ווייסען ווי צו שניידען די תבואה, ווי צו זעען און אקערען.

— אויב עס וועט אזוי אָנהאלטען, וועלען מיר זעען, פלאנצען און אקערען אומזיסט. דיין פאָטער'ס תבואה און פרוכט וועלען ניט געהערען צו איהם. עגלון דער קעניג פון מואב וועט אלעס צונעהמען!

— פון וואנען ווייסטו, אז עס וועט אזוי פאסירען? — האָט איהם מחלון א פרעג געטאָהן.

— עס זיינען שוין עטליכע יאָהר זינט אונזערע שבטים זיינען אונטערוואָרפען דעם יאָך פון מואב. פריהער האָט עגלון אונטערדריקט אייער שבט אליין, אָבער יעצט האָט עס שוין דערגרייכט אויך אנדערע שבטים. אונזער שבט בנימין האָט שוין אויך אָנגעהויבען פיהלען דעם דרוק פון עגלון. אָבער אונזער שבט וועט זיך לאנג ניט לאָזען טרעטען אונטער די פיס. אונזערע יונגע לייט איבען זייערע הענט אין מלחמה. יעדער שטארקער מאן קען שיסען פיילען אין ציעל, מיט ביידע הענט: מיט דער לינקער האנט אזוי ווי מיט דער רעכטער.

— און דו מיינסט, אז דו וועסט קענען ארויסגעהן מלחמה האלטען געגען דעם מעכטיגען קעניג עגלון? — האָט כליון א פרעג געטאָהן.

— פארוואָס ניט?! — האָט גרא אויסגערופען. — אויב אלע שבטים וועלען זיין פעראייניגט, וועלען מיר איהם מנצח זיין!

— דו ביזט א מאן אָהן שכל — האָט זיך מחלון אויף איהם א בייזער געטאָהן. — אָנשטאַט צו זיין צופרידען וואָס עגלון דער קעניג פון מואב איז גנעדיג צו אונז און פערלאנגט פון אונז א קליינעם צינז. ווילסטו ערגער מאַכען! ווי אזוי וועלען מיר קענען זיך געגענשטעלען מואב'ן, ווען ער איז אזוי מעכטיג, און אויסער דעם איז ער פערבונדען מיט די אנדערע פעלקער: מיט עמון און מיט עמלק. מיט דיין יעצטיגען האנדלען וועסטו אויף ישראל ברענגען אן אומגליק.

— ווען יהושע האָט געלעבט האָבען זיך פילע קעניגע צוזאמענגענומען און ארויסגעגאנגען געגען איהם אויף מלחמה. וואָס האָט יהושע געטאָן? — האָט ער זיך אונטערגעגעבען? — ניין, ער האָט געקעמפט מיט גבורה געגען זיי ביז וואנען ער האָט זיי באזיגט!

— אבער, האבען מיר דען ביי איצטיגער צייט אזא העלד ווי יהושע, וועלכער זאל פיהרען אונזערע מלחמות מיט די פעלקער — האט כליון זיך אפגערופען צו גרא'ן.

— ווען אונזערע שבטים וואלטען געווען בעסער פאראייניגט צווישען זיך וואלט זיך שוין געפונען א העלד וועלכער וואלט געפיהרט אונזער פאלק אין מלחמה — האט זיך אהוד אריינגעמישט. — מיין פאטער איז גערעכט. מיר טארען ניט דערלאזען אז אנדערע פעלקער זאלען אונז אונטערדריקען. מיר דארפען קעמפען ביז וואנען מיר וועלען דעם שונא באזיעגען.

— גיעב נאר א קוק אויף דעם העלד!

— האט זיך מחלון פארנאנדערגעלאכט. ווי קומסטו צו טראכטען וועגען א מלחמה וועגען מואב! האסטו דען א באגריף ווי שטארק מואב איז? ביזטו דען געווען אין זייער לאנד? האסטו באמערקט זייערע ארמעען. פארטרייב אזעלכע געדאנקען פון דיין נארישען מוח. דאס וועט דיר קיין גוטעס ניט טאן. דו וועסט דורך דעם בלויז ברענגען א צרה אויף ישראל.

— מיר דארפען זיין צופרידען וואס עגלון, דער קעניג פון מואב, איז צו אונז גנעדיג, און ער האט אויף אונז ארויפגעלעגט א קליינעם צינז — האט כליון געזאגט — אבער איך בין זיכער אז ווען דיינע רייד וועלען דערגרייכען די אויערען פון דעם קעניג דאן וועט ווידער אונזער לאנד אומרוהיג ווערען. איצט אמווייניגסטען איז שלום אין ארץ ישראל. מיר דארפען בלויז צאהלען צינזען, און מיר זיינען רוהיג. מיר קענען פריי האנדלען מיט מואב. מיר קענען אריינקומען אין זייער לאנד און קיינער וועט אונז ניט שטערען. מיר דארפען זיך שעצען גליקליך אז ער לאזט אונז צורוה, און דא קומסטו און ווילסט איינרעדען מיינע יונגען זיי זאלען אוועקווארפען די סערפען און אקעראייזען און זיי זאלען זיך נעמען צום שווערד און צו דער פייל און בויגען. מיין עצה צו דיר איז, אז דו זאלסט זיך וואס שנעלער אפטראגען פון דאנען, אז ניט וועסטו און דיין זוהן אריינגעווארפען ווערען אין תפיסה.

— מיר זיינען ניט פון די שרעקעדיגע — האט גרא געזאגט — אונזער שבט בנימין קען צושטעלען עטליכע טויזענט העלדען און קיין שונא וועט זיי ניט באזיגען. מיין זוהן האט שוין דריי לייבען און צוויי טיגערען צום טויט דערשאסען... און אויב דו וועסט וואגען אונז אין געפענגניס צו פארשפארען, וועסטו נאכהער חרטה האבען.

— דאס פעלד באלאנגט צו אונזער פאטער און ווער האט אייך געגעבען דאס רעכט אהער אריינצוקומען? — האט מחלון בייז א זאג געטאן. — איך האב א רעכט צו פארלאנגען איהר זאלט מיין פאטער'ס פעלד פארלאזען, ווען איהר קומט און שטערט די ארבייטער.

— איך וועל מיט מיין זוהן געהן פון שטאדט צו שטאדט און פון שבט צו שבט און זעהן, אז אלע יונגעלייט זאלען זיך לערנען ווי צו קעמפפען, ווייל אויב זיי וועלען דאס ניט טאן, וועט קומען א צייט און די פאסטוכער וועלען ניט זיין זיכער מיט זייערע שאף. די תבואות פון די פעלדער וועלען ניט געהערען צו די אייגענטהימער, ווייל דער קעניג עגלון וועט אנשיקען זיינע חיילות און זיי וועלען אוועקרויבען די תבואות פון די פעלדער און די וויינטרויבען פון די וויינגערטנער און דאן וועט איהר אלע זיך ארומזעהן, אז איהר האט א גרויסען פעהלער געמאכט, אז איהר האט פארנאכלעסיגט אייער פליכט צו אייער פאלק.

— מיר וועלען בעסער צאהלען עגלון'ען א קליינעם אפצאל, און לעבען בשלום מיט איהם. ווארום, אזוי שנעל ווי ער געפינט אויס אז מיר גרייטען זיך מלחמה צו האלטען מיט איהם, וועט ער זיך מיט אונז גלייך אפרעכענען — האט מחלון געזאגט — דעריבער איז מיין עצה צו דיר אז דו און דיין זוהן זאלען זיך בעסער אומקעהרען צוריק צו דיין שבט און נעמען זיך צו אייערע פריעדליכע ארבייט, דאמיט וועסטו ברענגען

מעהר נוצען פאר זיך און פאר אונזער פאָלק.

— דער קעניג עגלון וויל אויך מיט אונז לעבען בשלום — האָט כליון צוגעגעבען — און מיר וועלען ניט דערלאָזען אז דו אָדער אנדערע פון דיין שבט, זאָלען אונזער רוה צושטערען... דער קעניג פון מואב איז אונזער פריינט, און ווען מיר וועלען וויסען, אז עס געפינען זיך מענשען וועלכע זוכען אויפצורייצען דאָס פאָלק געגען איהם וועלען מיר דעם קעניג לאָזען וויסען פון דעם און יענע מענשען וועלען זייער שטראָף באקומען. דעריבער וויל איך אייך וואָרענען צורוה לאָזען די איינוואוינער פון בית לחם און זיך ארויסשלאָגען פון קאָפּ אזעלכע געדאנקען.

— זייט איהר דען ניט די זיהן פון אלימלך און נעמי? — האָט גרא זיך צו זיי אָפּגערופען

— און מיר האָבען געמיינט, אז דו ווייסט עס פון פריהער — האָט מחלון געזאָגט.

— איך האָב וועגען דעם פריהער ניט געטראכט — האָט גרא געענטפערט — אָבער איצט איז שוין מיר פארשטענדליך פארוואָס איהר זייט אזוי געטריי עגלון׳ען דעם קעניג פון מואב.

— ווייסטו דען אז מיר זיינען געווען אין דער הויפט שטאָדט פון מואב.

— יע, איך ווייס אלץ. איך האָב אויך געהערט וועגען די צוויי פרינצעסינס וועלכע איהר האָט גערעטעט פון טויט.

— און פון וואנען האָסטו עס אויסגעפונען? — האָט מחלון איהם געפרעגט.

— בועז, דער זוהן פון שלמון האָט מיר וועגען דעם דערצעהלט.

— בועז! — האָט כליון אויסגערופען — ווי קומסטו צו בועז׳ן.

— איך און מיין זוהן זיינען געווען אין זיינע פעלדער אָבער פון איהם האָבען מיר געקראָגען א בעסערע אויפנאַמע. ער גיט צו אז מיר טוען זעהר נוצבארע ארבייט פאר אונזער פאָלק. די אידישע יונגעלייט ווייסען ווי צו באַארבייטען די ערד. זיי ווייסען ווי צו פלאנצען און אקערען. זיי ווייסען ווי צו פאשען בהמות, אָבער זיי ווייסען ניט ווי צו האלטען א פייל און בויגען. זיי האָבען ניט געלערנט דעם געפעכט פון שווערדען. און בועז האָט מיר ניט נאָר געלאָזען לערנען די יונגען ארבייטער פון זיין פאָטער׳ס פעלדער ווי צו שיסען מיט דעם בויגען, נאָר ער האָט אויך מיין זוהן איינגעלאדען צו קומען אין זיין גאָרטען און לערנען איהם שיסען.

— וויל זיך אויך בועז לערנען שיסען מיט פייל־און־בויגען? — האָט מחלון געזאָגט.

— יע, ער געפינט, אז עס איז זעהר נויטיג, — האָט אהוד זיך אָפּגערופען.

— און איך וועל טאקע עס טהאָן מיט גרויס צופרידענהייט.

— עס וועט ניט שאדען צו קענען די מלאכה פון שיסען מיט דעם פייל־און־בויגען, — האָט כליון צוגעגעבען. — אָבער צו רעדען וועגען א מעגליכער מלחמה צווישען ישראל און מואב, ביי דער יעצטיגער צייט, איז אן אונזין. מיר האָבען זיך ניט וואָס צו באקלאָגען אויף דעם קעניג פון מואב. אמת, מיר צאָהלען איהם צינזען, אָבער דערפאר לעבען מיר אין רוהיגקייט. ניט נאָר וועט מואב מיט אונז ניט מלחמה האלטען ווען מיר צאָהלען ריכטיג אונזערע צינזען, נאָר ווען אן אנדער פאָלק, ווי עמלק אָדער עמון, זאָל אונז וועלען באפאלען, וועט מואב ניט דערלאָזען. און דעריבער וועט זיין א פארברעכען אויפצורייצען מואב... ווייל דאן וועט פאר ישראל א סך ערגער זיין.

— עס איז פאר מיר גאנץ פארשטענדליך איהר זאָלט ביידע אזוי רעדען וועגען מואב, נאָכדעם ווי מען האָט אייך דאָרטען אזוי פיין אויפגענומען, — האָט גרא געזאָגט. — אָבער איז עס דען פאר אונז ניט קיין ערנידערונג, אז מיר זאָלען דארפען צאָהלען צינזען צו דעם קעניג פון מואב? עס וועט לאנג ניט דויערען און אויך אנדערע פעלקער וועלען נאָכטהאָן מואב און אונז נעהמען אונטערדריקען. ניין! ניט אויף

דעם האט יהושע איינגענומען ארץ ישראל און זי צעטיילט פאר די שבטים! וואס וועט ווערן פון אלע זיינע נצחונות? וועלן דען די פעלקער אונז ניט ווי היישעריקען באפאלען, ווען זיי וועלען זיך דערוויסען, אז מיר זיינען צו־שוואך ארויסצואווייזען א ווידערשטאנד?

— אבער וועט דען זיין בעסער פאר אונז, ווען דער קעניג מואב זאל אונז איינגאנצען פארטרייבען פון אונזער לאנד? — האט מחלון געזאגט. — ווען ער וועט זיך דערוויסען, אז מיר טראגען זיך ארום מיט געדאנקען פון מלחמה, וועט ער דען באלד ניט פארזאמלען זיינע ארמעען און ארויס געגען אונז? זיינען מיר אימשטאנד אין דיעזער צייט מלחמה צו האלטען מיט איהם?

— געוויס זיינען מיר אימשטאנד!

— האט גרא אויסגערופען. — די העלדען פון בנמין זיינען גרייט. דער שבט אפרים איז אויך ניט הינטערשטעליג. און ווען אויך אייער שבט יהודה וועט איינזעהן דאס גרויסע געפאהר, וואס לויערט אויף זיי, דאן וואלטען זיי אויך צוגעשטאנען צו אונז און מיט פאראייניגטע כחות וואלטען מיר פון זיך אראפגעווארפען דעם יאך פון מואב.

— און דאס וועט קיינמאל ניט געשעהן! — האט כליון אויסגערופען. — אונזער שבט יהודה וועט ניט מורד זיין אין דעם קעניג פון מואב! מיר וועלען דערצו ניט דערלאזען! אונז ארט אפילו ניט, אויב בועז איז מיט אייך איינשטימיג. אונזער פאטער איז דער רייכסטער מאן פון יהודה און ער וועט ניט דערלאזען, אז די ארימע פון פאלק זאלען הינגעריסען ווערען פון אייערע רייד.

— דיין פאטער'ס רייכטום וועט אונז ניט אפהאלטען אויפצוקלעהרען אונזער פאלק, אז עס דארף זיין גרייט ארונטערצוווארפען פון זיך דעם יאך פון עגלון דעם קעניג פון מואב. מיר וועלען פארטזעצען אונזער ארבייט אויך אין דעם שבט יהודה, ביז וואנען אונז וועט געלינגען צו פאראייניגען אלע שבטים, און דאן וועט אונזער זיעג זיין געזיכערט.

— און אויב דו ווילסט אונז פאלגען, — האט מחלון זיך צו איהם אפגערופען מיט צארן, — אנטלויף וואס שנעלער פון בית לחם און זאלען דיינע טריט מעהר ניט ארויפטרעטען אויף דעם לאנד פון דעם שבט יהודה, ווייל אויב דו וועסט זיין איינגעשפארט און פארטזעצען צו פרעדיגען דיינע נארישע געדאנקען אויך אין אונזער שבט, וועסטו אויף זיך און אויף דיין זוהן בריינגען אזא אומגליק, אז דו וועסט פארשילטען דעם טאג, וואס דו האסט דיין פוס געשטעלט אויף דעם באדען פון יהודה.

— אז איהר זייט בלינד און זעהט ניט וואס עס טהוט זיך ארום אייך, איז ניט מיין שולד! — האט גרא געזאגט. — אבער דאס וועט מיך ניט אפהאלטען צו עפענען די אויגען פון די איבעריגע פון דיין שבט, ביז וואנען זיי וועלען זיך ארומזעהן, אז דאס איז דער איינציגער וועג, וואס איז פארבליבען פאר ישראל. מיר וועלען קיין איין פעלד, קיין איין וויינגארטען ניט דורכלאזען. מיר וועלען מיט אלע יונגען רעדען און זיי אויפקלעהרען די וויכטיגקייט פאר זיי צו לערנען זיך שיסען מיט דעם בויגען, און ווי צו פעכטען מיט דער שווערד. און ערשט דאן וועט די צייט נאהענט זיין און מיר וועלען קענען באווייזען עגלונ'ען אונזער מאכט.

— פארלאזט אונזער פעלד וואס שנעלער! — האט כליון מיט כעס א זאג געטהאן. — און וואגט ניט אריינצוקומען אין אונזערע אנדערע פעלדער אדער וויינגערטנער!

— מיר וועלען געהן אין יעדען פלאץ וואו עס געפינען זיך שטארקע, בראווע יונגעלייט! — האט אהוד, דער זוהן פון גרא, די ברידער געענטפערט. — מיר וועלען זיי צייגען ווי צו שיסען מיט דעם בויגען.

— איהר וועט ניט אוועקרויבען די צייט פון אונזער פאטער'ס ארבייטער! — האט מחלון געדריקט זיין פויסט. —

איך ווארען אייך, איהר זאלט זיך בעסער דערוווייטערען פון דיעזער געגענד אזוי שנעל ווי מעגליך... און אויב איהר וועט מיך ניט פאלגען, דאן...

— דאן וועלען מיר איבערגעבען דעם קעניג פון מואב, אז איהר זוכט אויפצורייצען דאס פאלק געגען איהם, — האט כליון פארענדיגט זיין ברודער'ס רייד.

— דאס זיינען רייד פון פייגלינגע!

— האט אהוד א זאג געטהאן. — יע, פייגלינגע, וועלכע האבען ניט קיין געפיהל פון גערעכטיגקייט, קענען אזוי רעדען!

— דו אומווירדיגער שנארער! — האט מחלון אויפגעהויבען זיין האנט און א פאטש געטהאן אהוד'ן. — איך וועל דיר ווייזען ווער עס איז א פייגלינג!

אהוד האט שנעל ארונטערגעלאזען זיין בויגען און די פיילען אויף דער ערד און האט געוואלט צוריקשלאגען מחלון, איז באלד צוגעקומען כליון און איהם אויך ארונטערגעלאזט א פאטש.

דאס האט אהוד'ן נאך מעהר אויפגערעגט. ער האט אנגעכאפט ביידע ברידער ביי זייערע הענט און זיי א הויב געטהאן אין דער הויך.

— לאז אונז אפ! לאז אונז אפ! — האבען מחלון און כליון געשריען און זיך מיט זייערע גאנצע כחות געגומען ראנגלען.

אהוד האט זיי א ווײלע געהאלטען צוגעדריקט איינער צום צווייטען.

— ווילט איהר איך זאל אייך באווייזען די מאכט פון מיין פויסט? — האט ער זיך צו זיי אפגערופען.

— לאז אונז אפ! — האבען זיי ניט אויפגעהערט צו שרייען.

די ארבייטער זיינען געשטאנען פון וויטען און האבען צוגעזעהן ווי די צוויי זיהן פון זייער האר אלימלך זיינען איינגעקלאמערט אין די שטארקע הענט פון דעם העלדישען אהוד. זיי האבען אבער זיך ניט זעהענדיג געמאכט. זיי האבען פארטגעזעצט זייער ארבייט, ווארפענדיג זייערע בליקען אין יענער ריכטונג. אין זייערע הערצער האט זיי הנאה געטהאן, ווייל די ברידער זיינען ניט צו־שטארק באליעבט געווען ביי די יונגען.

— לאז אונז אפ! — האבען די שטימען פון די ברידער אפגעהילכט איבער'ן גאנצען פעלד.

— לאז זיי אפ, מיין זוהן! — איז גרא צו איהם צוגעגאנגען. — זיי ווייסען יעצט, אז דו אליין האסט זיי ביידען געקעגט טאפעלט באצאהלען פאר די צוויי פעטש. וואס זיי האבען דיר געגעבען.

אהוד האט זיי גלייך אפגעלאזען און מחלון און כליון זיינען געבליבען שטעהן מיט אראפגעלאזטע קעפ.

— איך האף, אז דעם צווייטען מאל וועט איהר ניט אויפהויבען אייערע הענט אזוי שנעל! — האט אהוד זיי געזאגט מיט א שמייכעל.

— איהר האט געשפיעלט מיט גליק, וואס מיין זוהן האט אייך אזוי שנעל אפגעלאזט, — האט גרא געזאגט לאכענדיג. — שטעלט זיך פאר, אז אין זיינע הענט וואלטען געווען צוויי מענשען פון מואב, וואלטען זיי ניט אזוי גרינג אפגעקומען. דאך וועל איך אייך ראטהען, אז איידער איהר הויבט אויף א האנט אויף איינעם פון דעם שבט בנימין, זאלט איהר זיך צוויי מאל בארעכענען!

אהוד האט אויפגעהויבען זיין בויגען און די פיילען און גרא האט זיך צו איהם אפגערופען:

— יעצט לאמיר געהן. דער טאג איז נאך לאנג און מיר וועלען נאך קענען געהן אין די איבעריגע פעלדער פון דיעזער געגענד.

אהוד האט נאכגעפאלגט זיין פאטער און ביידע האבען פארלאזט דאס פעלד, וואו מחלון און כליון זיינען געווען, און זיינען באלד אוועק אין א צווייט פעלד.

— נו, וואס זאגסטו אויף איהם?!

— האט מחלון געזאגט צו זיין ברודער

און דערביי צוגעשאָקעלט מיט זיין קאָפּ.

— ער האָט די מאכט פון א לייב.

— איך פיהל נאָך יעצט דעם וועהטאָג אויף דעם פּלאַץ, וואו ער האָט מיך געהאלטען צוגעדריקט מיט זיין האנט, — האָט זיך כליון באַקלאָגט.

— דאָס וועט איהם ניט געשאָנקען ווערען! — האָט מחלון געזאָגט. — איך וועל דיעזע שנאָרערס ווייזען ווי צו קומען אין אונזערע פעלדער און צו שטערען די ארבייטער פון זייער ארבייט.

— ער האָט אונז צו שאנד און צו שפּאָט געמאכט פאר די אויגען פון די ארבייטער, — האָט כליון געשאָקעלט מיט זיין קאָפּ. — ווען ער האָט אונז ביידען צוזאמען געהאלטען אויפגעהויבע אין דער הויך און מיר האָבען זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט, האָב איך באמערקט ווי די יונגען האָבען זייערע בליקען אויף אונז געוואָרפען.

— איך וועל זיך אויך מיט זיי אָפּרעכענען! — האָט מחלון געזאָגט.

— וואָס האָסטו צו זיי?

— ווען זיי האָבען געזעהן, וואָס אהוד האָט צו אונז געטהאָן, האָבען זיי געדאַרפט צוקומען און אונז העלפען...

— וואָלסטו זיך ניט געשעהמט צו פארלאנגען הילף נאָך אויך פון אונזערע ארבייטער־יונגען?

— איך האָב זיך געוואָלט מיט איהם אָפּרעכענען פאר דעם, און ווען זיי וואָלטען מיר געקומען צו הילף, וואָלט איך איהם שוין באוויזען...

— ניין, מחלון! דאָס וואָלט איהם נאָך מעהר איבערצייגט, אז מיר זיינען פייגלינגע, ווען מיר צוויי זוכען שוץ ביי אונזערע ארבייטער געגען איין מאן.

— ניין! איך וועל איהם ניט שענקען פאר דיעזער באליידיגונג! — האָט מחלון א דריק געטהאָן מיט זיין פויסט.

— קום, כליון, לאָמיר געהן דערצעהלען דעם פאָטער וועגען דעם.

— איך וויים ניט, אויב דער פאָטער וועט נעהמען אין אכט אונזערע רייד, — האָט כליון געזאָגט. — נאָכאלעמען זעהסטו דאָך, אז אונזער פעטער שלמון האָט זיי ביידען מקרב געווען און בועז האָט איהם געבעטען ער זאָל איהם קומען לערנען ווי צו שיסען.

— זאָרג ניט, ברודער! איך וועל שוין וויסען ווי צו רעדען מיט דעם פאָטער! איך וועל שוין מאכען, ער זאָל זיי ביידען פון אונזער שבט פארטרייבען...

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז זיי וועלען אויפרייצען אונזער גאנצען שבט צו מלחמה געגען מואב, און דאַן וועט שוין זיין צו שפּעט... איך וויים ניט אויב אונזער פאָטער וועט דאַן האָבען די מעגליכקייט זיי צו פארטרייבען פון דעם שבט יהודה. און ווען עגלון וועט זיך דערוויסען, וועט ער אויף אונז ארויסגעהן מלחמה האלטען.

— דערצו וועט עס ניט קומען! — האָט מחלון א זאָג געטהאָן — אפילו ווען מיר וועלען דארפען אנזאגען דעם קעניג אז אין אונזער שבט געהען ארום צוויי מענשען פון דעם שבט בנימין, און זוכען צו מאכען אן אויפשטאנד געגען איהם. דו מעגסט זיכער זיין אז ער וועט שיקען מענשען און זיי אדער אין גאנצען פערטרייבען אדער ער וועט זיי ארעסטירען.

— דער פאטער וועט דערצו ניט דערלאָזען — האָט כליון געזאגט.

— איך וועל שוין וויסען ווי אזוי צו ריידען מיט אונזער פאטער, איך וועל איהם זאגען אז גרא און זיין זוהן אהוד זיינען געקומען אין אונזער פעלד און האָבען געשטערט די יונגען פון זייער ארבייט. און ווען מיר זיינען צו זיי צוגעגאנגען און פערלאנגט אז זיי זאלען די יונגען פון זייער ארבייט ניט שטערען, זיינען זיי אונז בעפאלען שלאָגען. פאר דעם אליין וועט שוין דער פאטער זעהן זיך מיט זיי אפּצורעכענען.

— איך גלויב אז דאמיט וועלען מיר קריגען א געלעגענהייט ווידער צו זיין אין מואב.

— ווען גרא און זיין זוהן וועלען ניט וועלען אויספאָלגען דעם פאטער'ס פער־

לאנג און זיי וועלען ניט אויפהערען צו פארשפרייטען זייערע נארישע רייד צווישען די יונגען פון בית לחם, וועט ער אונז ערלויבען אוועקצוגעהן צו דעם קעניג און איהם איבערגעבען וועגען דעם.

ביידע ברידער זיינען אויפגערעגט און מיט צארנדיגע פנים׳ער אוועק אהיים.

— וואס האט פאסירט מיט אייך, מיינע זיהן? — האט זיי אלימלך געפרעגט ווען זיי זיינען אריין אין הויז.

— מיר זיינען שוין ניט זיכער מיט אונזערע לעבענס אין אונזערע אייגענע פעלדער — האט מחלון א זאג געטאהן.

— וואס מיינסטו? — האט אלימלך איהם געפרעגט — זיינען דען די צינזען מאהנער פון מואב געווען אין פעלד?

— די צינזען מאהנער פון מואב וועלען ניט דראהען אונזערע לעבענס — האט כליון געענטפערט — ניין, פאטער, פון דעם שבט בנימין זיינען זיי געקומען.

— ווער?

— א פאטער און א זוהן, גרא און זיין זוהן אהוד.

— דערצעהלט דאך מיר אלע איינצעלהייטען — איז אלימלך אומגעדולדיג געווארען.

—מיר זיינען אריינגעקומען אין פעלד צו טאהן אונזער פליכט, ווי דו האסט עס פון אונז פערלאנגט, מיר זאלען אכטונג געבען אויף די ארבייטער־יונגען זיי זאלען טאהן זייער ארבייט ווי געהעריג — האט מחלון אנגעפאנגען — מיר גיבען א קוק און מיר זעהען ניט קיין ארבייטער!

— וואס? — האט אלימלך אויסגערופען מיט צארן — זיינען זיי דען ניט געקומען צו דער ארבייט, די אומזיסטע ברויט פרעסער!

— מיר האבען זיך ארומגעקוקט און מיר האבען געזעהען ווי אלע יונגען האבען זיך פערזאמעלט אויף איין פלאץ, און ווען מיר האבען זיך דערנעהענטערט האבען מיר בעמערקט צוויי פרעמדע מענשען, איינער אן עלטערער און דער צווייטער א יונגערמאן שטעהען און ריידען צו די יונגען. מיר האבען זיך צוגעהערט צו זייערע רייד און האבען געהערט ווי זיי ריידען אז די ארבייטער זיי זאלען זיך לערנען ווי צו שיסען פיילען פון בויגען מיט דער לינקער האנט אזוי ווי מיט דער רעכטער. און דערנאך האבען מיר געזעהען ווי דער עלטערער מאן נעהמט ארוים א ציעל ברעט און הייסט דעם אינגערען שיסען אין ציעל. דער יונגערמאן האט אזוי געטאהן און האט טאקע געטראפען איז ציעל.

— אזוי זיינען אלע אונזערע יונגען געשטאנען און צוגעקוקט צו דעם שפיעל אהיבשע ווילע, און זיי האבען זיך גאר פערגעסען אז זיי דארפען טאהן זייער ארבייט — האט כליון צוגעגעבען—זיי האבען געקלאפט מיט די הענט פאר די צוויי פרעמדע מענשען און געשריען "הידוד" און ווען מיר האבען זיך געווענדעט צו די פרעמדע און זיי געפרעגט ווער זיי זיינען און וואס זיי פערלאנגען? האבען זיי אונז געענטפערט אז זיי זיינען פון דעם שבט בנימין און זיי זיינען אהער געקומען אויפצורייצען די יונגע ארבייטער געגען דעם קעניג פון מואב, און ווען איך האב זיי געזאגט — האט זיך מחלון אפגערופען — אז מיר דארפען זיך בעגנוגענען און זיין צופרידען וואס דער קעניג פון מואב איז צו אונז גנעדיג, און ער האט אויף אונז ארויפגעלייגט א קליינעם צינז, האבען זיי זיך פון אונז אויסגעלאכט. און דער עלטערער מאן האט געזאגט אז אויב מיר וועלען ניט זיין צוגעגרייט צו א מלחמה, מיט עגלון דעם קעניג פון מואב וועט קומען א צייט ווען ער וועט פון אונז אלעם אוועקנעהמען. ער וועט צונעהמען אונזער תבואה, אונזערע שאף, אונזערע גאלד. און מיר האבען איהם געווארענט אז ווען זיינע רייד וועט דערגרייכען די אויערען פון דעם קעניג פון מואב, וועט ערגער ווערען אין אונזער לאנד. מיר וועלען מעהר קיין שלום ניט האבען. ניין, מיר פערלאנגען פון דיר דו זאלסט פערלאזען אונזער פעלד און ניט שטערען אונזערע ארבייט, און ווי איך האב עס

נאַר ארויסגערעדט פון מיין מויל, איז צו מיר צוגעגאנגען דער אינגערער און זיך אנגעפאנגען צו שלאָגען.

אלימלך׳ס צאָרן האָט אין איהם געברענט:

—ווי אזוי האבען זיי געוואגט אזוי צו טהאָן? — האט ער ניט אויפגעהערט צו שטורמען — איך וועל זיי דאס ניט פערשוויינען! איך וועל זיי ביידען הייסען ארייננווארפען אין געפענגניס פון בית לחם.

— פאטער — האט מחלון ווידער געזאגט — ווי עס ווייזט אוים זיינען זיי זעהר השוב אין זייער שבט בנימין, און ווען דו וועסט זיי אליין בעשטראפען, וועסטו מעגליך אויפרייצען געגען אונז דעם גאנצען שבט. איך וואלט דיר געראטהען פאטער, אז מיר זאלען איבערגעבען דעם קעניג פון מואב וועגען די צווי פון בנימין וועלכע זוכען אויפצורייצען דעם פאלק געגען איהם. דאן וואלט דער קעניג גלייך געזוכט זיי צו בעשטראפען.

— אבער ווי אזוי וועסטו קענען איבערגעבען צווי פון אונזערע ברידער צו דעם קעניג פון מואב — האט אלימלך געזאגט.

— וועסטו דען דערלאזען ער זאל אויפרייצען דאס פאלק צו אן אויפשטאנד. דאן וועט דער קעניג קומען מלחמה האלטען מיט אונז, און מיר אלע וועלען דערפון ליידען.

— איך וועל פריהער פרובירען זיי ארויסיאגען פון בית לחם — האט אלימלך געזאגט.

— איך גלויב אז דאס וועט דיר ניט אזוי גרינג אנקומען צו טאָהן — האט כליון געזאגט — ווייל ווי עס ווייזט אוים איז שוין בועז אויך בעאיינפלוסט געווארען פון זיי.

— איך וועל גלייך שיקען רופען מיין ברודער שלמון — האט אלימלך געזאגט און צוגערופען איינעם פון זיינע דינער און איהם געשיקט צו שלמון אין הויז.

— זאג איהם אז איך פערלאנג ער זאל גלייך צוקומען צו מיר מיט זיין זוהן בועז! — האט ער דעם דינער אנגעזאגט. דער דינער איז ארוים פון הויז און אלימלך איז נאָך אלץ געווען אויפגערעגט.

— איך וועל זיי ווייזען ווי צו קומען אין מיינע פעלדער און שלאָגען מיינע זיהן. — האט ער צו זיך געמורמעלט. באלד איז אריינגעקומען נעמי און אלימלך האט איהר דערצעהלט וואס עס האט פאסירט מיט מחלון און כליון.

— זיי וועלען שוין יעצט ניט זיין זיכער ארויסצוקומען אין זייערע אייגענע פעלדער — האט אלימלך אויסגערופען.
— איך וועל זיך מיט זיי אפרעכענען.

— זאגט מיר, מיינע זיהן — האט זיך נעמי צו זיי געווענדעט — זייט איהר זיכער אז איהר האט זיי פריהער ניט בעליידיגט.

— געוויס ניט מוטער!—האט מחלון געענטפערט — מיר האבען צו זיי גערעדט מיט גלאסענקייט און זיי געגעבען צו פערשטעהען אז זיי שטערען אונזערע ארבייטער פון זייער ארבייט.

— יע — האט כליון צוגעגעבען — מיר האבען זיי געזאגט אז מיר דארפען זיך שעצען גליקליך וואס שלום און רוהיגקייט הערשט אין אונזער לאנד און זיי האבען קיין רעכט ניט צו רופען דעם פאלק צו אן אויפשטאנד געגען דעם קעניג פון מואב. האט דער אינגערער אויפגעהויבען א האנט אויף מחלון׳ען און ווען איך בין צוגעלאָפען איהם צו העלפען, האט ער מיך אויך געשלאָגען.

— און די יונגען? וואו זיינען זיי געווען?

— מיר האבען זיי גלייך געהייסען זיך אומקעהרען צו זייער ארבייט און זיי האבען זיך גענומען צום שניידען די זאנגען.

— זייט איהר זיכער אז די ארבייטער יונגען האבען גאר ניט בעמערקט?
— האט נעמי זיי נאָכגעפרעגט.

— געוויס זיינען מיר זיכער.

— און פארוואס האט איהר זיי ניט גערופען זיי זאלען אייך העלפען געגען אייערע אנפאלער?

— ווייל מיר האבען געמיינט אז מיר וועלען ניט דארפען אנקומען צו זייער הילף — האט כליון געזאגט.

— און אויסערדעם האב איך ניט געוואלט מאכען קיין גרויסען טומעל. די יונגען וואלטען געווים געווען זעהר אויפגערעגט אויף זיי און זיי וואלטען זיי זיכער צום טויט דערשלאגען.

— מיר גלויבט זיך ניט אז די מענשען פון דעם שבט בנימין זאלען אזוי האנדלען? ווי אזוי וועלען זיי גאר וואגען אריינצוקומען אין א פרעמדעס פעלד און זיך אנפאנגען צו שלאגען?

— זיי זיינען שלעכטע פערביטערטע מענשען. עס איז געווען א פאטער און א זוהן, און אזוי ווי דער זוהן איז זעהר שטארק און טרעפט פיקטליך אין ציעל, מיינט ער אז ער קען טאהן אלעס וואס ער וויל. און מיר וועלען געווים מורא האבען פאר איהם. אבער איך זאג דיר מוטער אז עס וועט איהם ניט געשוויגען ווערען. מיר וועלען שוין זעהען אז ביידע, דער פאטער און דער זוהן, זאלען זייער שטראף בעקומען, דאן וועלען זיי שוין מעהר ניט וואגען אריינצוקומען אין אונזערע פעלדער און ריידען אזוי צו אונזערע ארבייטער־יונגען.

נעמי האט געשוויגען. זי האט גאנץ גוט געקענט איהרע זיהן, און האט געוואוסט אז זיי זיינען ניט אין גאנצען גערעכט. זי האט דעריבער בעשלאסען ארויסצוגעהן אין פעלד און פרעגען ביי די יונגען, וועלכע האבען צוגעזעהען אלעס, זיי זאלען איהר דערצעהלען אלע איינצעלהייטען. פאר איהר וועלען זיי זיך ניט שרעקען צו דערצעהלען דעם אמת.

נעמי איז ארוים פון הויז און אליין אוועקגעגאנגען אין פעלד וואו די צוויי פרעמדע פון דעם שבט בנימין זיינען געווען.

זי האט איינעם פון די ארבייטער געהייסען צורופען די איבעריגע ארבייטער פון פעלד, און ווען זיי האבען זיך ארום איהר פערזאמעלט האט זי זיך אפגערופען:

— ווער פון אייך האט געזעהען וואס עס איז פארגעקומען צווישען די צוויי פרעמדע פון דעם שבט בנימין און מיינע צוויי זיהן.

די יונגען האבען געשוויגען. זיי האבען מורא געהאט צו דערצעהלען דעם אמת, מחלון און כליון זאלען זיי ניט בעשטראפען.

— איך פערזיכער אייך אז קיין שלעכטעס וועט צו אייך ניט געשעהען — האט נעמי ווייטער געזאגט — איך וויל בלויז וויסען ווי אזוי דאס האט פאסירט אז די צוויי פרעמדע זאלען בעפאלען מיינע זיהן און זיי צושלאגען?

די ארבייטער האבען זיך איבערגעווארפען מיט שמייכלענדע בליקען.

—ווער פון אייך ווייס וואס די צוויי פרעמדע האבען פערלאנגט און פארוואס זיי זיינען אריין אין פעלד?

איין יונג האט א שאקעל געטאהן מיט'ן קאפ און נעמי האט זיך צו איהם געווענדעט:

— דערצעהל מיר וואס דו ווייסט!

— גרא און זיין זוהן אהוד זיינען די נעמען פון די צוויי פרעמדע — האט ער געענטפערט — זיי קומען פון דעם שבט בנימין. אהוד איז זעהר העלדיש, ער טרעפט מיט זיין לינקער האנט אין ציעל אזוי ווי מיט זיין רעכטער האנט. ווען זיי זיינען אריין אין אונזער פעלד, האבען זיי אונז צוזאמענגערופען און אונז געזאגט אז מיר דארפען זיין שטענדיג גרייט צו פערטיידיגען אונזער פאטערלאנד פון דעם שונא. און אין אונזער פרייער צייט זאלען מיר זיך לערנען ווי צו שיסען מיט פייל און בויגען און ווי צו פעכטען מיט א שווערד. דאן האבען זיי אונז בעוויזען ווי מען דארף שיסען און טרעפען אין ציעל.

— דערצעהל ווייטער — האט נעמי זיך אפגערופען.

— דאן האבען מיר בעמערקט די צוויי זיהן פון אונזער הארינטע. זיי זיינען צוגעקומען און אויף אונז אנגעשריען פאר וואס מיר זיינען מבטל אונזער צייט, האבען מיר גלייך זיך גענומען

צו דער ארבייט. באלד האבען זיך מחלון און כליון אנגעפאנגען מיט זיי צו קריגען.

— האסטו ניט געהערט ווי אזוי זיי האבען צווישען זיך געקריגט?

— ניין! איך האב ניט געקענט הערען, ווייל איך בין גאנץ ווייט פון זיי געווען אבער איך האב אלעס צוגעזעהען.

— האסטו געזעהען ווער עס האט פריהער א האנט אויפגעהויבען?

— יע! פריהער האט מחלון אויפגעהויבען זיין האנט און א פאטש געטאהן אהוד'ן נאכהער איז צוגעקומען כליון און האט איהם אויך א פאטש געטאהן.

— ביזטו זיכער אז אהוד האט זיי פריהער ניט געשלאגען?

— געוויס בין איך זיכער, איך האב די גאנצע צייט געקוקט.

— און וואס האט אהוד נאכהער געטהאן?

— אהוד האט זיי בײדען אנגענומען פאר זייערע הענט און זיי א הויב געטאן. ער האט זיי געהאלטען אזוי אויפגעהויבען אין דער הויך פאר א ווײלע ביז וואנען מחלון און כליון האבען געשריען: "לאז אונז אפ! דאן האט ער זיי בײדען אפגעלאזט.

— און וואס איז ווייטער געשעהען:

— דאן האבען בײדע, גרא און אהוד פערלאזען דאס פעלד.

נעמי האט דעם יונג בעדאנקט און איז גלייך אהיים געגאנגען. אין הויז האט זי שוין געטראפען אויך שלמון און זיין זוהן בועז.

— זאג מיר, בועז—האט זיך אלימלך אפגערופען — ווער זיינען דאס אט די צוויי פון דעם שבט בנימין, וועמעס נעמען זיינען....

—גרא און אהוד — האט מחלון פערענדיגט.

— יע, ווער זיינען זיי דאס גרא און אהוד, וועלכע קומען אין אונזערע פעלדער שטערען די יונגען פון דער ארבייט, און ווען מען פערלאנגט פון זיי צו פערלאזען אונזערע פעלדער פאנגען זיי זיך אן צו שלאגען.

— צו שלאגען? — עס איז אונמעגליך, פעטער! זיי זיינען בײדע עהרליבע מענשען און אהוד האט אין זיך א געטליכע בעגייסטערונג. איך בין זיכער אז ער וועט אמאל העלפען ישראל פון דעם שונא'ס הענט.

— ער האט אבער קיין רעכט ניט צו קומען אין אונזער שבט און אויפרייצען דעם פאלק געגען דעם קעניג פון מואב — האט אלימלך אויסגערופען — מיר לעבען בשלום מיט דעם קעניג און מיר ווילען דעם שלום אנהאלטען אויף ווייטער!

— אפילו ווען מיר ווילען דעם שלום אנהאלטען, גלויב איך אז מיר דארפען זיין געגרייט אויף מלחמה. ווייל אין דער יעצטיגער צייט זיינען מיר אונטערטעניג צו עגלון דעם קעניג פון מואב. מיר צאהלען איהם צינזען. ער קען טאהן אלעס וואס איהם ווילט זיך אין אונזערע שטעט און ווען ער וועט זעהן אז מיר זיינען נאך מעהר אפגעשוואכט און ניט פאראייניגט איינער מיט'ן צווייטען, דאן איז שווער פאראוים צו זאגען וואס עס קאן פאסירען!

— אזוי לאנג ווי מיר וועלען איהם צאהלען די קליינע צינזען, וועט אונז קיין שלעכטעס ניט געשעהען! — האט אלימלך געזאגט — און בפרט יעצט, נאכדעם ווי מיינע זיהן האבען זיינע טעכטער געהייראטעט, וועט ער נאך זיין מעהר גנעדיג צו אונז. מחלון און כליון וועלען האבען די מעגליכקייט ביי דעם קעניג צו פועל'ן צו פערגרינגערען אונזערע צינזען ווען עס וועט נויטיג זיין.

— מיר האבען פיעלע שונאים—האט בועז געזאגט — און ווען אפילו עגלון וועט ניט העכערען די צינזען, קענען מיר אלץ ניט זיכער זיין אז דער וועלכער וועט קעניגען נאך איהם, אדער א נייער שונא וועט זוכען אונז מעהר צו אונטערדריקען. מיר טארען ניט דערלאזען אז עס זאל קומען צו אזא לאגע. מיר דארפען זיין געגרייט, און דאס וואס גרא און זיין זוהן אחוד טוען. זיי געהען פון שטאדט צו שטאדט און לערנען די

שטארקע יונגען ווי צו האלטען א שווערד, ווי צו שיסען מיט פייל און בויגען, און מיר דארפען זיי פאר דעם דאנקבאר זיין, און דא זיינען זיי גאר בעליידיגט געווארען.

— זיי זיינען געקומען אין מיינע פעלדער, איך האב נאך זיי ניט געשיקט. איך וויל ניט ליידען אז מיינע יונגען ארבייטער זאלען מבטל זיין זייער צייט, איך האב מיינע זיהן אנגעזאגט אכטונג צו געבען אז זיי זאלען געטריי זייער ארבייט טהאן, און דא קומען צוויי ווילדע פרעמדע פון א פרעמדען שבט און ווילען ווערען די בעלי בתים פון מיינע פעלדער. איך וועל זיי ווייזען ווער עס האט צו זאגען אין בית לחם, איך וועל זיי פון בית לחם פעריאגען, און אויב זיי וועלען ניט וועלען געהן, וועלען זיי ערגער מאכען.

— דו וועסט זיי דאך ניט טאהן קיין שלעכטעס, מיין ברודער — האט זיך שלמון אריינגעמישט — זיי זיינען ביידע עהרליך און גאט'ס פארכטיג און זייערע כונות זיינען גוט.

— אבער איך וועל זיי ניט שענקען פאר דעם וואס זיי זיינען מיינע זיהן בעפאלען און געשלאגען!

— דאס איז אונמעגליך—האט בועז אויסגערופען — זיי וועלען אזא זאך ניט טאהן!

— וואס מיינסטו! — האט מחלון אויסגערופען מיט צארן — וועל איך דען זאגען א ליגען! — ער האט אויפגעהויבען א האנט געגען מיר און כליון'ען.

— איך גלויב עס ניט! איך האב מיט אהוד'ן פערבראכט א היבשע צייט צוזאמען און איך וויים אז ער בעזיצט אן איידעלען כאראקטער און וועט זיך ניט כאפען שלאגען. סיידען...

— סיידען וואס? — האט כליון א פרעג געטהאן בועז'ן.

— סיידען אימיצער פון אייך האט פריהער געהויבען א האנט! — האט בועז געענטפערט.

— ווען מיר וואלטען עס געטאהן וואלטען מיר דערצו אויך געהאט א רעכט, אבער אהוד האט זיך נאך צו אונז געבאפט שלאגען.

— איך זעה מיינע זיהן אז איהר זייט אויפגערעגט — האט זיך נעמי אריינגעמישט — איהר דארפט אבער ניט פערגעסען אז אהוד און זיין פאטער גרא זיינען פון אונזער פאלק אפילו ווען זיי זיינען ניט פון דעם שבט יהודה, און איך וואלט געוואונשען אז איהר זאלט זיי מוחל זיין און אויך זיי וועלען אייך מוחל זיין.

—ווען זיי קומען אריין אין מיין פעלד און כאפען זיך שלאגען צו מיינע זיהן, זאלען זיי נאך מוחל זיין די שלעגער?! — האט אלימלך אויסגערופען— ניין, נעמי, דו דארפסט קיין גוטסקייט ניט ארויסצייגען צו די יועלכע קומען אין פרעמדע פעלדער און שלאגען די אייגענטימער. אויב זיי וועלען אוועקגעהן אומבעשטראפט, קענסטו ערווארטען אז זיי זאלען אויך קומען אין אונזער הויז זיך צו שלאגען.

נעמי האט ניט געוואלט פארשעהמען איהרע זיהן און דעריבער האט זי מעהר ניט גערעדט. זי האט זיך געטראכט אז שפעטער וועט זי איהר מאן דערצעהלען וואס זי האט אויסגעפונען און דאמיט איינשטילען זיין צארן.

א היבשע ווילע האט אלימלך גערעדט מיט זיין ברודער און פלימעניק וועגען דער שטראף וואס גרא און אהוד וועלען בעקומען אויב זיי וועלען נאך היינט ניט פערלאזען די שטאדט בית לחם. ניט בועז און ניט שלמון האבען איהם געקענט איבערצייגען אז ער איז אומגערעכט. נאכדעם ווי זיי זיינען אוועק האט אלימלך צוגערופען צוויי פון זיינע דינער און זיי געזאגט אין געגענווארט פון מחלון און כליון:

— געהט און געפינט די צוויי וואנדערער פון דעם שבט בנימין און זאגט זיי אז אין מיין נאמען, אז זיי מוזען פערלאזען בית לחם ביז מארגען און ווען זיי וועלען ניט אויספאלגען מיין בעפעהל וועען זיי ערגער מאכען.

— איך וועל מיט זיי מיטגעהן! — האט כליון זיך אפגערופען — איך וויל הערען וואס זיי וועלען דערויף ענטפערן.

— עס איז ניט נויטיג! — האט אלימלך געזאגט — זיי וועלען זיך צוהערען צו די רייד פון מיינע דינער וועלכע קומען צו זיי אין מיין נאמען.

די דינער זיינען געבליבען שטעהן א וויילע און אנגעקוקט אלימלך'ן.

— פארוואס געהט איהר ניט! — האט ער זיך א בייזער געטאהן אויף זיי.

— מיר ווייסען דאך ניט וואוהין צו געהן? — האט איינער פון די דינער געענטפערט.

— איהר וועט זיי זיכער טרעפען אין איינע פון די פעלדער — האט אלימלך געזאגט — און אויב ניט וועט איהר אריבערגעהן צו דעם וואהנונג פון מיין ברודער שלמון. ווי איך פערשטעה וועלען זיי זיך דארטען אויפהאלטען.

די דינער האבען זיך פערנייגט און אוועקגעגאנגען. אלימלך האט מיט זיינע צוויי זיהן נאך לאנג גערעדט וועגען דעם און עס איז ביי זיי בעשלאסען געווארען אז גרא און אהוד וועלען מוזען פעריאגט ווערען פון די גרענעצען פון דעם שבט יהודה, אום צו פערמיידען אן אומגליק אויף אלע איינוואהנער פון ארץ ישראל.

די דינער האבען זיך א וויילע שפעטער אומגעקערט און איבערגעגעבען אלימלך'ן אז גרא און אהוד האבען געענטפערט אז זיי וועלען פערבלייבען אין דעם לאנד פון יהודה ביז וואנען זיי וועלען האבען זייער ציעל דערגרייכט.

— איך האב אבער פריהער געוואוסט אז דאס וועט זיין זייער ענטפער! האט מחלון געדריקט מיט זיינע פויסטען. ווי עס ווייזט אוים בעטראכטען זיי זיך פאר די הערשער פון אונזער לאנד.

— קיין גוטעס וועלען זיי פאר אונזער לאנד ניט טאהן מיט זייער געגענווארט — האט כליון געזאגט — דו זעהסט דאך פאטער אז זיי ווילען זיך צו דיינע רייד ניט צוהערען.

— איך געדענק ניט די צייט ווען איינער זאל וואגען ווידערצושפעניגען דיין מויל! — האט מחלון געשאקעלט מיט זיין קאפ — עס גלויבט זיך מיר קוים אז אזא זאך קען פאסירען אין בית לחם!

— דער איינציגער וועג איז, אז מיר זאלען אוועקגעהן צום קעניג פון מואב און איהם זאגען וועגען דעם! — האט כליון געזאגט.

— דער קעניג וועט זיי שוין פערטרייבען פון אונזער שבט! — האט מחלון צוגעגעבען.

— ניין, דאס וועט זיין א צו גרויסע שטראף פאר זיי! — האט אלימלך אויסגערופען — ווען זיי וועלען אריינפאלען אין זיינע הענט וועט ער זיי געוויס טויטען פאר דעם, און איך וואלט ניט געוואלט אז דורך אונז זאל זייער בלוט פארגאסען ווערען.

— ווען מיר וועלען זיין ביים קעניג און איהם וועגען דעם זאגען ,וועלען מיר פון איהם פערלאנגען ער זאל זיי בעשטראפען בלויז מיט געפענגנים. מיר זיינען זיכער אז ער וועט אונזער פערלאנג ערפילען. מיר וועלען איהם צוזאגען איבערצוגעבען יעדען איינעם וועלכער וועט רופען אונזער פאלק צו אן אויפשטאנד. און ווען זיי וועלען אפזיצען עטליכע יאהר אין תפיסה, וועלען זיי זיך דאן ארומזעהען אז דיין בעפעהל דארף אויסגעפיהרט ווערען, און זיי וועלען מעהר ניט וואגען ווידערצושפעניגען דיין מויל.

— איך וועל פרובירען א צווייטען מאל שיקען צו זיי מיינע דינער און דו, מחלון וועסט דיזען מאל מיט זיי מיטגעהן. דו זאלסט זיי נאך שטרענגער ווארענען אין מיין נאמען, און ווען זיי וועלען זיך אויך דיזען מאל ניט צוהערען צו מיינע רייד, און זיי וועלען פערבלייבען ביי זייער עקשנות, דאן וועל איך ערלויבען צו געהן צום קעניג פון מואב.

מחלון איז אוועק מיט די צוויי דינער צו די פעלדער פון שלמון. פון ווייטען האט ער דערזעהען ווי זיי לערנען די יונגען שיסען. אט זעהט מחלון ווי בועז צילעוועט זיך אין ציעל ברעט און ער

טרעפט. דערנאָך טוען די איבעריגע יונגען דאס זעלבע. ער איז געבליבען שטעהן א ווײלע אויף זיין פלאץ, ווי ער וואלט מורא געהאט צוצוגעהן צו זיי. דערנאָך האט ער געפאסט מוטה און איז מיט די צוויי דינער צוגעגאנגען נעהענטער צו דעם פלאץ וואו גרא און אהוד זיינען געשטאנען צוזאמען מיט בועז'ן.

— מיין פאָטער האָט מיר געשיקט צוזאמען מיט די דינער אייך א צווייטען מאָל צו ווארנען, איהר זאָלט פארלאָזען בית־לחם — האָט מחלון זיך אפגערופען און זיינע בליקען געווענדעט אין דער ריכטונג פון בועז.

— מיר וועלען דאָ פארבלייבען ביז וואנען אונזער שליחות וועט דורכגעפיהרט ווערען — האָט גרא געזאָגט. מיר האָבען דאָ קיינעם קיין שלעכטעס ניט געטאָן. און אפילו דו און דיין ברודער, וועלכע האָבען געווים פארדינט אז מיין זוהן אהוד זאָל אייך שלעכטס טאָן, האָט ער צו אייך ארויסגעוויזען גרויס געדולד. ער האָט אייך בלויז געציינט אז ער האָט די מאכט צו טאָהן צו אייך אזוי.

— לויט די רייד פון מיינע קוזינען האָט אהוד זיך צו זיי געכאפט שלאָגען — האָט בועז געזאָגט מיט א שמייכעל
— יא, אזוי האָבען זיי זייער פאָטער דערצעהלט.

מחלון האָט פארשעהמטערהייט ארונטערגעלאָזען זיין קאָפּ... ער האָט פארשטאנען אז בועז מוז וויסען דעם אמת, און איהם האָט שוין יעצט פארדראָסען וואָס ער איז מיט די דינער מיטגענאנגען.

— מיר זיינען אריין אין אלימלך'ס פעלד — האָט גרא געזאָגט צו בועז'ן — מיט פרידען און ווען די צוויי ברידער זיינען צו אונז צוגעקומען האָבען זיי אונז אנגעפאנגען צו באליידיגען און ארויסצוטרייבען פון זייער פעלד, און ווען מיין זוהן האָט זיי ערקלערט דעם צוועק פון אונזער קומען איז ער פריהער צו איהם צוגעגאנגען און א פּאטש געטאָהן אהוד'ן. און גלייך האָט זיין ברודער געטאָהן דאָס זעלבע... און איך מוז דיר זאָגען, בועז, אז איך באוואונדער די געדולד פון מיין זוהן. ער איז געווען בארעכטיגט זיי צו באצאָהלען מיט דער זעלבער מאָס, אבער אנשטאט דעם האט ער זיי ביידען מיט אמאָל א הויב געטאָהן, ער האט זיי בלויז געציינט אז ער האט די מאכט זיי שלעכטעס צו טאָהן אבער ער האט זיי אפּגעלאָזען אומבעשטראפט.

— דו מעגסט זיך שעהמען, מחלון — האט בועז איהם פאָרגעוואָרפען — ווי אזוי קומסטו און דערצעהלסט א ליגען פאר דיין פאטער, אז אהוד האט דיך און דיין ברודער געשלאָגען.

— ער האט קיין רעכט ניט געהאט אפילו צו טאָהן צו אונז דאס וואס ער האט געטאָהן — האט מחלון געענטפערט מיט צאָרן. — זיי זיינען געווען אין אונזער פעלד און ווען מיר האבען זיי געהייסען דאס פעלד פערלאָזען, האבען זיי בעדארפט עס גלייך טאָהן. און יעצט בין איך געקומען זיי אנזאגען אין נאָמען פון מיין פאטער אז זיי זאלען וואס שנעלער פערלאָזען אונזער שטאָדט בית לחם, און אויב זיי וועלען עס ניט טאָהן נאָך היינט, וועלען זיי נאכהער חרטה האבען. ווייל מיין פאטער וויל ניט אז זיי זאלען קומען אהער און צושטערען דעם שלום פון אונזער שטאָדט, און ניט נאָר דארפט איהר פערלאָזען בית לחם, נאָר איהר טאָרט זיך ניט געפינען אין די גרענעצען פון דעם שבט יהודה.

— זינט ווען זיינען די גרענעצען פון אונזער שבט פערשלאָסען פאר אונזערע ברידער פון אנדערע שבטים! — האָט בועז זיך אפּגערופען — יעדער פון ישראל, עס מאכט ניט פון וואס פאר א שבט ער קומט, איז בערעכטיגט צו זיין אין אונזער שבט.

— ניט ווען מען קומט צו שטערען די רוה און פריעדען פון אונזערע איינוואָהנער — האט מחלון געזאגט — מיר ווילען לעבען בשלום מיט עגלון דעם קעניג פון מואב, און מיר טאָרען ניט דער־

לאזען אז מענשען פון אן אנדער שבט זאלען קומען און אויפרייצען די פרידליכע איינוואהנער פון בית לחם און פעראורזאכען צרות פאר אונז אלעמען.

— אפילו אין דער צייט ווען מיר ווילען לעבען בשלום, דארפען מיר זיין גרייט צו מלחמה — האט בועז געזאגט — גרא און זיין זוהן אהוד זיינען אהער געקומען בלויז צו לערנען די יוגענד ווי צו האלטען א בויגען און א שווערד, אבער זיי רייצען ניט אויף צו מלחמה.

— איך ווייס בועז אז דו האלסט מיט זיי, אבער מיר וועסטו ניט קענען איינריידען. איך האב אליין זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, איך האב געהערט ווי ער רעדט געגען דעם קעניג פון מואב, ווי ער איז פערביטערט געגען די צינזען וואס מיר צאהלען עגלון'ען, און יעצט איז דער בעפעהל פון מיין פאטער אז זיי זאלען ביידע נאך היינט פערלאזען בית לחם. און איך בין געשיקט געווארען מיט די דינער דיר עס צו זאגען.

— קומט צו נעהענטער — האט זיך מחלון געווענדעט צו די דינער און גיעט זיי איבער וואס מיין פאטער האט איך אנגעזאגט.

די דינער זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט צו אהוד'ן און גרא'ן און זיי האבען זיי איבערגעגעבען אין נאמען פון זייער האר אלימלך אז זיי מוזען פערלאזען בית לחם.

— געהט זאגט אייער האר אז דאס לאנד בעלאנגט צו גאט, מיר האבען דאס לאנד בעקומען מיט זיין חסד און יעדער פון אונז האט א רעכט צו זיין וואו ער וויל — האט גרא געענטפערט.

— צוויי דריטעל פון בית לחם בעלאנגט צו מיין פאטער! — האט מחלון מיט שטאלץ געזאגט און זיין בעפעהל ווערט שטענדיג דורכגעפיהרט.

— אונזער בעשלום צו פערבלייבען דא וועט ניט געענדערט ווערען — האט אהוד געענטפערט — מיר טוען קיינעם ניט קיין שאדען מיט אונזער זיין אין בית לחם, און מיר וועלען זעהען אויסצומיידען די פעלדער פון דיין פאטער, אבער מיר וועלען בית לחם ניט פערלאזען אזוי שנעל.

— דאן וועט איהר ביידע שפעטער חרטה האבען וואס איהר האט ניט אויסגעפאלגט מיין פאטער'ס בעפעהל! — האט מחלון געזאגט מיט גרויס צארן.

בועז האט מחלון אוועקגערופען אן א זייט און האט זיך צו איהם אפגערופען:

— איך זעה אז דו מאכסט א טעות. די צוויי מענשען פון בנימין זיינען עהרליך און זייערע כונות זיינען צו בריינגען נוצען פאר אונזער פאלק, פארוואס זאלסטו מיט זיי ניט שליסען שלום.

— דאס וועט קיינמאל ניט פאסירען!

— האט מחלון געענטפערט מיט כעס, איך וועל ניט דערלאזען אויפצורייצען דעם קעניג פון עגלון געגען אונז. מיר מוזען האבען שלום אין אונזער לאנד און די צוויי פרעדיגען מלחמה. מיר דארפען זיך צופרידענשטעלען מיט דעם וואס עגלון בענוגענט זיך מיט קליינע צינזען, און דו ווייסט דאך אז מיר האבען יעצט געקראגען א געלעגענהייט ווי צו ווירקען אז ער זאל מיט זיין גוטען ווילען נאך מעהר פערגרינגערען די צינזען. און זיי קומען און ווילען די לאגע ערגער מאכען. וואס ארט זיי, אז מיר צאהלען צינזען. זיי, די שנארערס, זיינען דאך אלץ איינס פריי פון דעם יאך פון צינזען. מיר, די רייכע, צאהלען און זיינען ווילינג צו צאהלען אבי צו האבען שלום אין אונזער לאנד, און דא קומען אזעלכע אומווירדיגע מענשען און ווילען אונז זאגען א דעה וואס מיר זאלען טאהן!

---

## זיבעטער קאפיטעל

## די מסירה

מחלון האט מיט גרויס אויפרעגונג איבערגעגעבען זיין פאטער דעם ענטפער וואס ער האט געקראגען פון גרא'ן און זיין זוהן. דערצו האט ער נאך א סך איבערטריבען און אלימלך'ס צארן האט אין איהם שטארק געברענט. ער האט זיך

קיינמאל ניט פארגעשטעלט אז צוויי פרעמדע מענשען פון אן אנדער שבט וועלען האבען אזא חוצפה געגען איהם און געגען זיינע קינדער. דעריבער האבען מחלון און כליון ניט געברויכט לאנג צו ריידען מיט איהם, ביז וואנען ער האט צוגעשטימט צו זייער פארשלאג צו געהן איבערגעבען דעם קעניג וועגען די צוויי פרעמדע וועלכע געפינען זיך אין דעם שבט יהודה און זוכען אויפצוהעצען דאס פאלק געגען קעניג.

איידער נעמי האט זיך דערוואוסט וואס איהרע זיהן האבען בדעה צו טאהן, זיינען זיי שוין געזעסן אויף זייערע פערד און ארויסגעריטען פון שטאדט. זיי האבען עס געטהאן זעהר שנעל, ווייל זיי האבען געוואוסט אז ווען זייער מוטער וועט זיך דערוויסען, וועט זי זיי ניט דערלאזען צו טאהן אזא זאך.

— דו זעהסט, כליון אז מיין פלאן איז געווען זעהר גוט. וואלטען מיר דען געהאט א געלעגענהייט צו זיין אזוי גיך נאך אמאל אין מדהבה און זיך זעהען מיט די פרינצעסינס — האט מחלון געזאגט ווען זיי זיינען שוין בײדע געווען אויסערן שטאדט.

— דאס איז דאך גאר געווען מיין פלאן — האט כליון געזאגט — איך האב דאך דיר געגעבען די עצה.

— לאמיר זיך יעצט וועגען דעם ניט קריגען. שטעל זיך פאר ווי צופרידען דער קעניג וועט זיין אונז א צווייטען מאהל צו זעהען און זיינע טעכטער וועלען אונז אויך אויפנעהמען מיט גרויס פריינדליכקייט.

— געדענק אבער אז ערפה בעלאנגט צו מיר! — האט כליון איהם בעוויזען איהר רינג. איך בין צופרידען מיט דעם אויסבייט וואס דער קעניג האט געמאכט מיט דעם וואס ער האט זייערע רינגען פערביטען.

— און איך בין געווים צופרידען — האט מחלון בעטראכט זיין רינג — אבער מיר זיינען בײדע נאריש... די פרינצעסינס זיינען דאך אזוי ווייט פון אונז, ווי מזרח צו מערב. מיר טארען ניט פערגעסען אז זיי זיינען פרינצעסינס, די טעכטער פון דעם קעניג פון מואב און מיר זיינען....

— דאך ציהט מיר דאס הארץ צו זיי. איך האב קיין רוה ניט געהאט. טאג און נאכט האב איך געטראכט פון זיי — האט כליון געזאגט.

— דו טראכסט נאך יעצט פון בײדען מיט אמאל! — האט מחלון געלאכט — אבער איך וועל זיך בענוגענען בלויז מיט איינער, מיט דיין רות'ן.

— דו ווייסט מחלון, אז עס איז מעגליך אז מען וועט אונז דארטען פערהאלטען אויף א פאר טעג, און דו האסט פערגעסען צו זאגען דעם פאטער אז ער זאל וועגען אונז ניט זארגען, טאמער וועלען מיר פערבלייבען לענגער ווי ער ערווארטעט.

— אזוי לאנג ווי ער וויים וואוהין מיר זיינען געגאנגען, וועט ער זיך בערוהיגען, נאר מיר קלאפט דאס הארץ איך מיין אז מיר בעגעהען א זינד אויב מיר וועלען מסר'ן דעם קעניג אויף גרא'ן און אהוד'ן.

— דו ווערסט שוין ווייכהערציג — האט כליון זיך א קרים געטאהן, דו ווייסט דאך אליין אז דאס וואס מיר געהען טאהן, וועט זיין א טובה פאר אונזער גאנצען שבט. מיר וועלען פערמיידען א מלחמה און מיר טארען ניט דערלאזען אז צוליעב צוויי ווילד פרעמדע מענשען זאלען אלע איינוואהנער פון דעם שבט יהודה ליידען.

— יע, דאס איז ריכטיג! — האט מחלון צוגעגעבען — מיר טוען דאס ניט צוליעב אונזער שנאה צו זיי, מיר ווילען בלויז פערהיטען אז אומגליק און האבען מיר זיי דען ניט גענוג געווארענט?

— זיי האבען אלעם פערדיענט! — האט כליון געזאגט — זיי וועלען זיצען אין געפענגנים א לענגערע צייט און זיי וועלען זיך אויסלערנען דארטען ווי אזוי צו ריידען צו מענשען וועלכע שטעהען העכער פון זיי.

— איך האב אבער מורא דער קעניג

זאל זיי גאָר אין גאנצען פער'משפּט'ן צום טויט.

— דאס וועלען מיר שוין זעהען צו פּועל'ן ביי איהם! און איך בין זיכער אז ערפּה און רות וועלען אונז אין דעם בעהילפיג זיין.

ווען די צוויי ברידער זיינען אנגעקומען אין מדהבה איז שוין געווען נאָך האלבען טאָג. זיי זיינען גלייך אוועק צום פּאלאץ און איבערגעגעבען די לייבוועכטער ווער זיי זיינען.

דער קעניג האט זיי גלייך געהייסען אריינקומען אין פּאלאץ.

— איך בין צופרידען וואס איהר זענט געקומען צו מיר אין פּאלאץ. ניט איינמאָל, זינט דאן, האב איך און מיינע טעכטער אייך דערמאָהנט, און ווען איך טראכט פון דעם אז ווען ניט איהר, די צוויי בראווע יונגען פון יהודה, וואלטען מיינע טעכטער יעצט ניט געווען צווישען די לעבעדיגע.

— דו האסט מיט אונז פיעל גנאדע געטאָהן, אָ האר קעניג! — האט מחלון זיך א נייג געטהאָן און מיר זיינען דיינע טרייע קנעכט. מיר ווילען איבערגעבען דעם קעניג אלעם וואס עס פּאסירט אין אונזער לאנד, כדי דאמיט צו פערזיכערען דעם שלום און פערשטארקען אונזער פריינדשאפט.

— אונזער פריינדשאפט איז פערשטארקט געווארען זינט יענעם טאָג וואס איהר האט מיט מיר פערבראכט— האט עגלון געענטפערט.

— מיר זיינען געקומען איבערגעבען דעם קעניג א וויכטיגע זאך — האט מחלון געזאגט — און מיר האָפען אז דער קעניג וועט זיך צוהערען צו אונזערע רייד און טאָהן וואס מיר פערלאנגען.

— איהר ווייסט דאָך אז איך בין גערייט צו טאָהן אלעם פאר אייך, וועלכע האבען מיינע טעכטער גערעטעט — האט עגלון אויסגערופען — זאגט מיר וואס איז אייער פערלאנג.

— אין בית לחם, אונזער שטאָדט, האבען מיר געטראפען צוויי פרעמדע מענשען פון דעם שבט בנימין — האט מחלון פאָרטגעזעצט — מיר האבען זיי געטראפען אין דעם פעלד וואס בעלאנגט צו אונזער פאטער.

עגלון האט זיך א בויג געטאָהן נעהענטער כדי זיך בעסער צוצוהערען און מחלון האט פארטגעזעצט:

— איך און מיין ברודער זיינען אריינגעקומען אין אונזער פעלד און האבען בעמערקט ווי אונזערע יונגען זיינען געווען פערזאמעלט אויף איין פלאץ און ווען מיר האבען זיך דערנעהנטערט האבען מיר געזעהען ווי צוויי פרעמדע מענשען ריידען צו אונזער פאטער'ס ארבייטער. מיר האבען זיך צוגעהערט און מיט גרויס פערדרוס האבען מיר געהערט אז די צוויי פרעמדע זוכען אויפצורייצען אונזער פאלק ווידערצושפּעניגען אין דעם קעניג פון מואב.

— וואס?! — האט עגלון אויסגערופען און דאס בלוט האט איהם א זעץ געטאָהן אין פּנים.

— געוועהנליך, אלע איינוואָהנער פון אונזער שבט זיינען פריעדליך געשטימט צו דעם קעניג, מיר זיינען אלע דאנקבאר דעם מעכטיגען קעניג פאר זיין גרויס גענאָד וואס ער טוט מיט אונזער פאָלק. אבער, ווי געזאגט, זיינען די צוויי, וועלכע האבען געזוכט צו ברייגען שלעכטעס אויף אונזער שבט, פרעמדע פון דעם שבט בנימין.

— און ווער זיינען זיי? — האט עגלון זיך נאָך אלץ ניט געקענט בערוהיגען.

— זייערע נעמען זיינען גרא און אהוד, א פאָטער מיט זיין זוהן — האָט מחלון געענטפערט.

— און וואס האבען זיי גערעדט וועגען מיר?

— זיי האבען געזוכט צו בעווייזען די יונגען אז דער ווירדיגער קעניג דריקט אונז אונטער, און אז מיר דארפען זיין געגרייט צו מלחמה. זיי האבען אפילו גענומען לערנען די יונגען ווי אזוי צו שיסען פון דעם בויגען. מיר זיינען צו זיי צוגעקומען און גלייך געהיי־

סען פערלאָזען אונזער פאטער'ס פעלד אבער מיר האבען אויסגעפונען אז זיי טוען דאס זעלבע אויך אין אנדערע פעלדער. מיר האבען דאס איבערגעגעבען אונזער פאטער און ער האט זיי גלייך בעפוילען צו פערלאָזען אונזער שטאָדט אבער זיי ווילען איהם ניט פאָלגען. צוויי מאָל האט אונזער פאטער צו זיי זיינע דינער געשיקט. איך בין אויך מיטגעגאנגען, אבער אומזיסט זיינען געוועזען אונזערע רייד, זיי זיינען פערבליבען אין בית לחם און זעצען פאָר צו ריידען שלעכטעס אויף דעם גנעדיגען קעניג פון מואב.

— איך וועל שיקען מיינע בעאמטע און לאָזען יענע אומווירדיגע מענשען ארעסטירען. און דאן וועלען זיי וויסען ווי אזוי צו ריידען שלעכטעס וועגען מיר! —האט עגלון אויסגערופען—איך וועל זיי צום טויט פעראורטיילען.

— מעכטיגער קעניג!—האט מחלון אויסגערופען—איך האב בלויז איין וואונש צו מאכען און איך האף אז דער קעניג וועט מיין וואונש ניט צוריקווייזען.

— איהר ביידע האָט מיר ארויסגעוויזען אייער טרייהייט — האט עגלון געזאגט—און איך בין אייך דאנקבאר פאר דעם, דאמיט צייגט איהר מיר אז איהר זייט מיר איבערגעגעבען, יעצט זאָג מיר וואס איז דיין וואונש?

— איך וויל דעם קעניג בעטען ניט צו טויטען יענע צוויי מענשען. זאָלען זיי בלויז זיין ארעסטירט און געהאלטען אין דעם געפענגנים פון מדהבה, דאס אַליין וועט זיין פאר זיי א גענוגענדע שטראָף. דער קעניג וועט זעהן אז זיי זאלען אפּזיין עטליכע יאהר אין געפענגנים, דאן וועלען זיי וויסען אז זיי דארפען ניט אויפרייצען דאָס פאָלק, וואָס איז צופריעדען מיט דער גנעדיגער בעהאנדלונג פון דעם קעניג.

— און פארוואס זאלסטו פאר זיי בעטען גנאדע? — האט עגלון געפרעגט.

— ווייל אונזער פאטער וויל ניט אז דורך איהם זאל בלוט פערגאָסען ווערען.

— גוט, איך וועל דיין פערלאנג ערפילען. איך וועל שיקען מיינע בעאמטע אין בעגלייטונג פון פופציג סאלדאטען און זיי וועלען ארעסטירען די צוויי מענשען וועלכע זוכען צו מאכען אן אויפשטאנד אין אייער לאנד, אבער דו וועסט זיי דארפען אנווייזען ווער יענע מענשען זיינען און וואו זיי געפינען זיך און אין דערזעלבער צייט וועסטו דארפען בערוהיגען די איינוואָהנער פון בית לחם, אז איך וועל קיינעם אויסער די וועלכע זיי וועלען ארעסטירען, קיין ביין ניט טאָהן! און וועגען יענע שלעכטע מענשען דארפסטו ניט זאָרגען. איך וועל שוין זעהען אז זיי זאלען בלויז אריינגעוואָרפען ווערען אין געפענגנים, און פאר דעם וואס איהר האט מיר ארויסגעוויזען אייער טרייהייט, וועט אייער בעלוינונג נאָך גרעסער זיין.

מחלון און כליון האבען זיך א נייג געטאָהן פאר דעם קעניג און איהם בעדאנקט פאר זיין חסד.

— איהר וועט היינט עסען אבענדברויט ביי מיין טיש—האט עגלון צו זיי געזאגט, און זיי געהייסען זיין געגרייט —עס וועט ווירקליך זיין אן אנגענעהמע איבערראשונג פאר מיינע טעכטער.

באלד זיינען אריינגעקומען רות און ערפה און זיי האבען זיך זעהר דערפרעהט צו זעהען די צוויי בראווע יונגען. די פרינצעסינס האבען זיי איינגעלאדען אריינצוגעהן אין גאָרטען פון פאַלאַץ און דארטען האבען זיי זיך געזעצט אונטער דעם שאטען פון א בוים.

מחלון האט זיך געזעצט נעבען רות'ן. א ווײלע איז ער געזעסען שווייגענדיג, ער האט בעוואונדערט איהר שעהנקייט און איהר גענומען פערגלייכען צו ערפה'ן זי איז ווירקליך שעהנער און בעזיצט א סך מעהר חן און רייץ פון ערפה—האָט ער ביי זיך געטראכט.

— איך האב דיין רינג פון מיין פינגער ניט ארונטערגענומען — האט מחלון זיך אפּגערופען צו רות'ן — און יעדעס

מאל וואס איך בעמערק דיין רינג, טראכט איך פון דיר, און נאך מעהר איז מיין בעוואונדערונג גרויס, וואס דיין פאטער האט מיר איבערגעגעבען דעם רינג וואס בעלאנגט צו מיין ברודער.

— ביזטו דען ניט צופרידען מיט דעם אויסבייט? — האט רות מיט א שמייכעל געזאגט—ווי איך זעה איז דיין ברודער גאנץ צופרידען—האט זי געווארפען איהרע בליקען אין דער ריכטונג וואו כליון און ערפה זיינען געזעסען פערטיפט אין א געשפרעך.

— צי בין איך צופרידען! — האט מחלון אויסגערופען מיט בעגייסטערונג —איך האב די גאנצע צייט געדאנקט אונזער גאט וואס ער האט אזוי געמאכט. איך וויים אז עס איז גאנץ אונזין און נאריש פון מיר צו טראכטען אזעלכע געדאנקען, אבער קיין שטראף דערפאר קומט דאך ניט. איך בעדויער בלויז וואס איך בין ניט געוועזן דער יעניגער וועלכער האט דיך גערעטעט. אבער ווען דער גנעדיגער קעניג האט די רינגען פארביטען און מיך בעשאנקען מיט דיין רינג, איז צו מיין גליק קיין גרעניץ ניט געוועזן. איך וויים אז מיין חלום וועט קיין מאל ניט קענען פערווירקליכט ווערען. דאך אבער איז אזוי זים צו חלום׳ען.

— און איך האב אויך פון דיר די גאנצע צייט גע׳חלום׳ט — האט רות געזאגט און א בעשיידענער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף איהרע ליפען— און מיין מוטער זי איז גאר צופרידען געוועזן.

— פארוואס איז דיין מוטער צופרידען געוועזן מעהר פאר ערפה׳ס מוטער?

—מיין מוטער שטאמט אויך פון דעם זעלבען פאלק ווי דו, זי איז גאנץ יונג אין געפאנגענשאפט גענומען געווארען און ווען זי איז עלטער געווארען איז זי געוועזן די שעהנסטע מיידעל אין דעם גאנצען לאנד מואב און דער קעניג האט זי געמאכט פאר זיין קעניגין.

— יעצט זעה איך פארוואס דו זעהסט אויס ווי איינע פון אונזער פאלק!

— האט מחלון זיך אפגערופען — איך האב זיך שטארק געוואונדערט ווען איך האב דיך צום ערשטען מאל דערזעהען.

— מיין הארץ האט מיר נאך פון מיין פריהסטער יוגענד געצויגען צו דעם אידישען פאלק. ווען איך בין נאך א קינד געוועזן, האט מען געבראכט צו מי׳ן פאטער א אידישען געפאנגענעם און איך בין געפאלען צו מיין פאטער׳ס פים, געוויינט און געבעטען מען זאל איהם קיין שלעכטעס ניט טאהן. און מיין פאטער האט זיך צו מיין געוויין צוגעהערט און יענעם ישראל פריי געלאזען. און ווי גליקליך איז דאן מיין מוטער געוועזן... איך וויים אז מיין פאטער האט ניט שטארק ליעב דאס פאלק ישראל, און וואלט איהם געווים נאך מעהר אונטערדריקט, אבער ער טוט עס ניט, ווייל מיין מוטער׳ס וואונש איז אזוי געוועזן.

— און ערפה׳ס מוטער? — האט מחלון זי געפרעגט.

— ערפה׳ס מוטער איז דאך א מואבית און זי טראגט א שנאה צו דיינע ברידער, און ניט איינמאל קריגט זי זיך צוליעב דעם מיט מיין מוטער. אבער ניט ערפה, מיין שוועסטער. זי איז אין גאנצען אנדערש פון איהר מוטער. זי האט קיין מאל קיין שלעכט ווארט ניט גערעדט אויף דעם פאלק ישראל. זי קען אויך ניט צוזעהען ווי אזוי מען פייניגט מענשען פון א פרעמדען פאלק. און ווען דו און דיין ברודער זיינען ארעסטירט געווארען אונטער׳ן פערדאכט אז איהר זייט שפיאנען, און מיר האבען געמיינט אז איהר וועט [illegible] הינגעריכטעט ווערען, האט ערפה אויך עס ניט געוואלט צוזעהען און זי איז [illegible] זאמען מיט מיר אוועק. און יעצט, זינט דער צופאל האט אונז צוזאמענגעבראכט איז זי נאך מעהר צוגעבונדען צום אידישען פאלק ווי פריהער. איך וויים אז צו איהר פרייד איז אויך קיין גרעניץ ניט געוועזן, ווען זי האט זיך דערוואוסט אז איהר זייטביידע ווידער געקומען אונז צו בעזוכען. איך בין זיך מודה אז איך האב שוין באלד אויפגעגעבען די

האפנונג איך ביידען ווידער אמאל צו זעהען. איך האב זיך ניט לאנג צוריק, דורכגערעדט מיט מיין שוועסטער און מיר זיינען ביידע געקומען צום בעשלוס, אז נאכדעם ווי איהר האט ביידע געהאט אזא שרעקליכע ערפאהרונג אין אונזער לאנד וועט איהר שוין מעהר קיינמאל ניט וועלען קומען אהער.

— מיר האבען געוואלט שוין לאנג קומען אהער, אייך א צווייטען מאל צו בעזוכען — האט מחלון זיך אפגערופען צו רות'ן, אבער מיר האבען קיין געלעגענהייט דערצו געהאט, יעצט אבער ווי נאר מיר האבען געקראגען א גוטען אויסרייד, זיינען מיר אהער געקומען:

— און וואס איז אייער אויסרייד געווען? — האט רות איהם געפרעגט.

—מיר זיינען אהער געקומען צו פערשטארקען דעם שלום צווישען ישראל און מואב—האט מחלון געענטפערט.

— צו פערשטארקען דעם שלום, דאס איז זעהר וויכטיג און נוצבאר. א ווי איך ווינש אז די פעלקער פון ארום זאלען צווישען זיך לעבען בשלום. פארוואס זאל מען בעפאלען איינער דעם צווייטען און טויטען אזוי פיעל יונגע אומשולדיגע מענשען? האט דען גאט ניט איינגעטיילט גענוג לאנד פאר יעדען איינעם. איז עס דען נויטיג אז איין פאלק זאל הויבען א שווערד געגען א צווייטען?

— געוויס איז עס ניט נויטיג! — האט מחלון געזאגט — און דעריבער זוך איך צו פערהיטען א מלחמה צווישען מואב און מיין פאלק.

— האט דען געהאלטען ביי א מלחמה צווישען מואב און ישראל? — האט רות מיט שרעק גרעפרעגט.

— ווען איך און מיין ברודער וואלטען זיך אין צייט ניט אריינגעמישט וואלט א מלחמה געווען אומפערמיידליך...

רות האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך פערשטעה ניט — האט זי געזאגט — נאכדעם ווי מיין פאטער האט זיך דערוואוסט אז צוויי פון ישראל האבען זיינע טעכטער גערעטעט, איז ער געווארען מעהר פריינדליך געגוינגט צו ישראל. און איך און ערפה האבען ביי זיך אפגעמאכט זיך צו ווענדען צו אונזער פאטער, ער זאל אין גאנצען אפשאפען דעם צינז וואס ער האט אויף ישראל ארויפגעלעגט... אמת, ער האט אונזער ביטע ענטזאגט, אבער די בעציהונגען צווישען אונזער פאלק און ישראל איז דאך צוליעב דעם ניט מעהרער אנגעשטרענגט געווארען...

— מיר זיינען שטענדיג געווען צופרידען צו צאהלען דעם קעניג פון מואב צינזען. און ווען ער האט די צינזען ניט פערגרעסערט, זיינען מיר געווען צופריעדען, ווייל אונזער גאנצער שבט יהודה האט געשטרעבט צו שלום און רוה... מיין פאטער איז דער רייכסטער מאן פון גאנץ יהודה, און מעגליך אויך פון גאנץ ארץ ישראל, און די צינזען וואס קומט אויס אויף זיין חלק צו צאהלען זיינען א סך מעהר פון די אנדערע, פונדעסטוועגען ביישטייערט מיין פאטער די צינזען צום קעניג מיט גרויס פערגעניגען. עס האט נאך קיינמאל ניט געטראפען, אז די צינזען־אויפמאנער זאלען דארפען ווארטען צו לאנג. אבער צו מיין גרויס בעדויערען האב איך געטראפען מענשען וועלכע האבען געזוכט אויפצורייצען די יונגע לייט פון יהודה צו מאכען אן אויפשטאנד געגען מואב און ארונטערווארפען זיין יאך.

— זיי מוזען זיין נאבעלע מענשען! — האט רות געזאגט — יע, מענשען וועלכע זוכען צו בעפרייען זייער פאלק זיינען נאבעל און פערדינען אנערקענונג.

— אבער אזעלכע מענשען שטערען דאך דעם פרידען פון לאנד! — האט מחלון אויסגערופען — און וואלט דען געווען גוט פאר אונז ווען אזעלכע יונגע מענשען וואלטען אויפגערייצט געווארען צו א מלחמה געגען מואב.

— ניין. איך וואלט זיכער ניט גע־

וואלט זעהן א מלחמה — האט רות געענטפערט.

— און דעריבער האבען מיר געווארענט די יונגע לייט ניט אויפצורייצען דעם המון אין דער יעצטיגער צייט, אבער זיי האבען זיך ניט געוואלט צוהערען צו אונז און אונזער פאטער. זיי האבען פארטגעזעצט זייערע נארישע רייד. און יעצט זיינען מיר געקומען אנזאגען דעם קעניג וועגען דעם און ער וועט שוין זעהן אז זיי זאלען זייערע מיילער צומאכען.

— א ווי האסטו געקענט טהאן אזא זאך?! — האט רות אויסגערופען — דאס מיינט אז זיי וועלען בעשטראפט ווערען מיט דעם טויט!

— וועגען דעם האב איך שוין געזארגט — האט מחלון געזאגט מיט שטאלץ — איך האב געפועל'ט ביי דעם קעניג ער זאל זיי בלויז פערשפארען אין געפענגנים אויף עטליכע יאהר.

— אבער ווי האסטו געקענט טהאן אזא זאך? זיינען זיי דען ניט מענשען פון דיין פאלק?

— זיי האבען עס פערדינט! זיי זיינען געקומען אין מיין פאטער'ס פעלד און פערזאמעלט אלע יונגען און ווען מיר האבען זיי געהייסען אונזער פעלד פערלאזען, האבען זיי ארויסגעוויזען זעהר פיעל חוצפה... און ווען מיין פאטער האט צוויי מאל געשיקט זיי ווארענען, האבען זיי זיך אויסגעלאכט און האבען געטאהן זייערדיגע. מיין פאטער האט זיך געוואלט בענוצען מיט זיין מאכט און פערשפארען זיי אין דעם געפענגניס פון בית לחם, אבער איך האב איהם פון דעם אפגערעדט און עס איז ביי אונז געבליבען מיר זאלען געהן און איבערגעבען דעם קעניג פון מואב וועגען דעם, איך בין זיכער אז עס וועט ניט אנקומען זעהר שווער זיי צו ארעסטירען. און דורכדעם וועט דער שלום אין אונזער לאנד פערזיכערט ווערען.

אין דער צייט ווען רות און מחלון האבען פערבראכט אונטער דעם בוים, האט כליון אוועקגעשפאצירט מיט ערפה'ן טיעפער אין גארטען.

ערפה איז געווען זעהר פריינדליך צו איהם און האט מיט איהם פערבראכט. ער האט איהר דערצעהלט וועגען זיין לעבען אין בית לחם, וועגען זיין פאטער'ס רייכטום, ווי אזוי ער האט ליעב צו געהן אויפ'ן יאגד, און וועלכע חיות ער האט געפאנגען און וויפיעל ער האט געטויטעט.

ביסלעכווייז זייען זיי געווארען צוגעצויגען איינע צום צווייטען. זיי האבען זיך פערשטאנען, ווי זיי וואלטען שוין בעקאנט געווען פאר א לאנגע צייט.

ערפה האט איהם געזאגט אז זי איז געווען זעהר צופרידען וואס איהר פאטער האט פערביטען מיט די רינגען און איהר רינג איז אריינגעפאלען אין זיין האנט.

— דיין ברודער איז אויך זעהר בראוו און ווירדיג — האט זי איהם געזאגט. איך בין איהם זעהר דאנקבאר וואס ער האט מיר פון טייך ארויסגעראטעוועט, אבער דו האסט געפונען מעהר חן אין מיינע אויגען.

— ווען דו האסט אונז געזאגט אז איהר זייט טעכטער פון אן ארימען פאסטוך — האבען מיר נאך געהאט א האפנונג... מיר האבען פון אייך געקענט טראכטען. יעצט אבער אז מיר האבען אויסגעפונען אז איהר זייט פרינצעסינס, דארפען מיר זעהן אייך ארויסצושלאגען פון אונזערע געדאנקען. ווייל ווי קומען מיר, די איינפאכע ישראלים צו טראכטען וועגען אייך... דער קעניג וואלט דאך אונז קיינמאל ניט מוחל געווען ווען ער וועט אויסגעפינען אז מיר אונטערהאלטען אזעלכע געדאנקען וועגען אייך.

— יעצט איז די צייט אז איך זאל דיר אלעס ענטדעקען!—האט ערפה זיך אפגערופען צו כליון'ען — איך און רות מיין שוועסטער האבען ביידע בעשלאסען, אז וואס עס זאל ניט געשעהן, וועלען מיר ניט נעהמען קיין מע־

נער פון מואב, פון עמון אדער פון עמלק. ניין, אויב מיר וועלען הייראטען, וועלען מיר בעסער הייראטען מיט מענער פון ישראל, ווייל מיר האבען אויסגעפונען אז די מענער פון ישראל, זיין פיעל ווירדיגער און עהרליכער פון די מענער פון אנדערע פעלקער.

— אבער וואס וועט איהר טהאן ווען אייער פאטער דער קעניג וועט. אייך צווינגען צו הייראטען מיט מענער פון אייער אייגען פאלק!

— מיר האבען שוין מיט אונזער פאטער וועגען דעם גערעדט און ער האט אונז פערשפראכען אז ער וועט אונז ניט צווינגען צו הייראטען געגען אונזער ווילען... און אויב אונז וועלען געפעהלען וועלען מענער פון ישראל, וועט ער אונז ניט שטערען!

— דיינע רייד מאכען מיר גליקליך!

— האט כליון געזאגט. איך זעה יעצט אז מיר האבען נאך א פונק האפנונג. איך בין זיכער אז ווען מיין ברודער וועט זיך דערוויסען וועט ער זיך אויך גליקליך שעצען.

— איך און מיין שוועסטער רות האבען ניט אויפגעהערט צו טראכטען די גאנצע צייט פון אייך... מיר האבען פיעלע מאל אוועקגעשפאצירט צו יענעם פלאץ וואו מיר האבען זיך דעם ערשטען מאל באגעגענט דורכ'ן צופאל... מיר האבען געהאפט פיעלייכט וועלען מיר אייך דארטען א צווייטען מאל טרעפען, אבער מיר פלעגען זיך אומקעהרען מיט ענטוישונג.

— און מיר זיינען אויך פיעל מאל אהין געגאנגען מיט דער האפנונג אייך דארט צו טרעפען — האט כליון געזאגט.

— און פארוואס האט איהר מעהר ניט געוואלט קומען אין אונזער לאנד?

— ווייל מיר האבען ניט געקענט זאגען אונזער פאטער דעם צוועק פון אונזער געהן נאך מואב. אבער יעצט אז מיר האבען געקראגען אן אויסרייד, איז אונז שוין מעהר ניט אנגעקומען צו שווער.

— וואס פאר אן אויסרייד?

כליון האט ערפה'ן דערצעהלט וועגען גרא'ן און אהוד, אויף וועמען זיי זיינען געקומען אהער צו מסר'ן פאר דעם קעניג.

— איך בין זעהר צופרידען וואס איהר זייט געקומען אנזאגען מיין פאטער וועגען דעם! — האט ערפה געזאגט — יעצט וועט ער זיך איבערצייגען אז איהר זייט איהם געטריי און ער וועט קריגען מעהר צטרוי צו אייך ביידען. איך בין זיכער אז ווען איהר וואלט בעשלאסען צו וואהנען אין אונזער לאנד וואלט ער אייך ביידען דערהויבען און אייך געגעבען הויכע עמטער אין זיין קעניגרייך, ווייל ער בעטראכט אייך אלס העלדען.

— איך וויים ניט אויב אונז וועט זיין מעגליך זיך צו בעזעצען אין מדהבה! — האט כלוון געזאגט. מיר זיינען די איינציגע זיהן צו אונזער פאטער און מוטער און זיי וואלטען ניט געוואלט אז מיר זאלען זיך פון זיי אפזונדערען.

— זאלען־זיי אויך קומען נאך מואב!

— האט ערפה געזאגט. מיין פאטער וועט וויסען ווי אזוי צו עהרען דיין פאטער.

— דאס איז אונמעגליך — מיינע עלטערען זיינען צוגעבונדען צו זייערלאנד. און זיי וועלען ניט וועלען פערלאזען בית לחם...

— און איך און רות וואלטען זעהר געוואלט פערלאזען מואב — האט ערפה געזאגט — אונז זיינען דערווידער די געטער פון מואב. מיר קענען ניט צוזעהן ווי אזוי פיעלע פון די איינוואהנער פון אונזער שטאדט ברענגען מענשליכע קרבנות צו דעם אפגאט מולך.... מיר האבען שוין פיעלע מאל געפלאנעוועט צו פערלאזען אונזער לאנד און זיך בעזעצען אין ארץ ישראל... אונז איז זעהר געפעהלען די מנהגים און זיטען פון די אידען.

— איך וויים ניט ווי אזוי עס צו ערקלערען! — האט כליון געזאגט צו ערפה'ן — אבער ווען איך און מיין

ברודער זיינען צום ערשטען מאָל געווען אין מואב און צוגעזעהן ווי אזוי איהר פייערט אייערע פייערטעג. האָט אונז געצויגען צו אייך. מיר האָבען יעקראָגען גרויס חשק צו זיין אין אייער לאַנד, ווייל אין מואב איז א סך פרעהליכער ווי אין אונזער לאַנד.

—דאָס איז ווייל איהר זייט דא געווען א קורצע צייט—האָט ערפּה געזאָגט.— וויפיעל האָט געפעהלט אז אונזער פאָטער זאָל פייערען אונזער רעטונג מיט דעם וואָס מען וואָלט אייך מקריב געווען פאר אונזערע געטער? יע, ווען מיר וואָלטען אייך ניט דערקענט, וואָס וואָלט דאן פּאסירט?

— מיר האָבען אונזערע לעבענס אייך צו בעדאנקען! — האָט כליון געזאָגט לאַבענדיג — איין ווײַלע שפּעטער און מיר וואָלטען געווען א הויפען אש.

— איך ווייס אז מיין שוועסטער, רות ווייס מעהר וועגען אייער פאָלק און וועגען אייער תורה, ווייל איהר מוטער שטאמט דאָך פון ישראל. און דעריבער בין איך איהר גאַנץ אָפּט מקנא.

— איך באוואונדער די צוגעבונדקייט און פריינדשאפט וואָס הערשט צווישען אייך ביידען — האָט כליון זיך אָפּגערופען — זאָג מיר ערפּה, זיינען אויך אייערע מוטער´ס אזוי פריינדליך צווישען זיך.

א ביטערער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף ערפּה'ס ליפּען.

—אונזערע מוטערס האסען זיך. זיי זיינען אייפערזיכטיג איינע אויף דער צווייטער— האָט ערפּה געזאָגט — און דאָס פאַרשאַפט מיר זעהר פיעל שמערצען. איך האָב זעהר ליעב מיין מוטער אָבער אין דער זעלבער צייט קען איך זעהן, אז מיין מוטער איז אומגערעכט צו דער מוטער פון רות. זי זוכט איהר אַנצוטאָן עגמת נפש. ניט איינמאָל האָב איך זיך באמיהט צו מאכען שלום צווישען זיי, אָבער איך בין ניט געווען ערפאָלגרייך.. רות מוטער איז אינגער און שעהנער פון מיין מוטער און דעריבער האסט זי איהר. און זי זוכט צו פאַרורזאכען א פיינדשאפט צווישען מיר און רות'ן, אָבער דאָס וועט איהר קיינמאָל ניט געלינגען. איך האָב רות'ן ליב מעהר ווי זיך זעלבסט און זי האָט מיך אויך אזוי ליעב.

— און איך און מחלון זיינען אויך איבערגעגעבענע ברידער — האָט כליון געזאָגט — מיר געהען שטענדיג צוזאַמען און מיר האָבען ניט קיין אנדערע פריינד.

— און ווער פון אייך ביידען איז דער עלטערער? — האָט זי איהם געפרעגט.

— מחלון איז דער עלטערער, בלויז איין יאָהר עלטער פון מיר.

—איהר זייט ביידע זעהר ענליך איינער צום צווייטען — און ווען איך האָב אייך ביידען צום צווייטען מאָל דערזעהן, האָב איך געמיינט, אז דו ביזט עס דער יעניגער וועלכער האָט מיך געראטעוועט. אָבער מיר האָבען שוין אוועקגעשפּאצירט צו ווייט—האָט ערפּה זיך אָפּגערופען — לאָמיר זיך אומקערען צו מחלון און רות'ן און זעהן וואָס זיי טוען.

כליון און ערפּה זיינען צוריקגעגאנגען און געטראָפען מחלון'ען און רות'ן זיצענדיג אויף דעם זעלבען פּלאַץ.

זיי האָבען א קליינע ווײלע פאַרבראַכט צוזאמען און נאכהער האָבען זיי זיך אַלע אומגעקערט אין פּאלאַץ.

אין אָווענט זיינען די צוויי ברידער געווען איינגעלאַדען ביים קעניגליכען טיש און מען האָט צוזאַמען פאַרבראַכט ביז שפּעט. זיי האָבען איבערגענעכטיגט אין פּאלאַץ. און אויף מאָרגען האָט דער קעניג אוועקגעשיקט אייניגע אָפיצירען מיט סאָלדאטען און זיי באַפוילען צו פאנגען גרא'ן און זיין זוהן אהוד און זיי ביידען ברענגען פאר איהם.

## אכטער קאַפּיטעל

# אהוד'ס באהעלטענים

ווען נעמי האָט אויסגעפונען אז איהרע זיהן זיינען אוועק נאָך מואב,

האָט זי זיך שטאַרק מצער געווען. זי האָט פאַרגעוואָרפען אלימלך'ן פאַר דעם וואָס ער האָט זיי ערלויבט צו געהן מסר'ן דעם קעניג פון מואב אויף גרא'ן און אהוד'ן.

— אויב זיי וועלען באַקומען א שטראָף פון דעם קעניג, האָבען זיי עס פאַרדינט! — האָט אלימלך געזאָגט — איך האָב זיי גענוג געוואָרענט. איך וועל זיי ווייזען ווי אזוי ניט אויסצופאָלגען מיין באַפעהל אין מיין שטאָדט.

— אויב זיי וועלען אריינפאַלען אין די הענט פון קעניג פון עמון, וועלען זיי זיכער אויך זייערע לעבענס פאַרלירען — האָט נעמי מיט זאָרג געזאָגט.

— אונזערע זיהן וועלען פועל'ן ביי דעם קעניג ער זאָל זיי ניט באַשטראָפען מיט טויט שטראָף. זיי האָבען מיר פאַרשפּראָכען צו טאָן אזוי.

— אָה, פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט אז זיי געהען נאָך מואב! — האָט נעמי מיט טרערען אין די אויגען געזאָגט — ווען איך וואָלט דערפון וויסען וואָלט איך זיי קיינמאָל ניט געלאָזען טאָן אזא זאך... איך שוידער ווען איך טראכט נאָר פון דעם! איך האָב מורא אז גאָט וועט זיי פאַר דעם באַשטראָפען.

— וואָס מיינסטו, איך וועל לאָזען די צוויי פרעמדע פון דעם שבט בנימין, קומען אין מיינע פעלדער, שטערען מיינע ארבייטער פון טאָן זייער ארבייט, באַליידיגען מיינע זיהן, און נאכהער אויף זיי הויבען הענט.. אָ, ניין, נעמי, זיי וועלען מוזען באַקומען זייער שטראָף... איך בין נאָך געווען גנעדיג צו זיי און האָב זיי געוואָלט געבען א געלעגענהייט צו פאַרלאָזען אונזער שטאָדט אין פרידען, אָבער זיי זיינען פאַר'עקשנ'ט געווען און האָבען זיך צו מיר ניט געוואָלט צוהערען... און אויסער דעם מוזען מיר פאַרהיטען א גרעסערען געפאַהר וואָס לויערט אויף אונז דורך זייער נארישער האַנדלונג, דער קעניג פון מואב וואָלט זיך דאָך אליין דערוואוסט פון דעם, און דאָן וואָלט ער געווים פאַרדעכטיגט אז מיר אַלע זוכען צו מאַכען אן אויפשטאַנד אויף איהם, און דאָן וואָלט שוין געווען צו שפּעט איהם אויפצוקלערען און אָנצווייזען אויף די שולדיגע... איצט אָבער, אז מחלון און כליון וועלען איהם ארויסצייגען די געטרייהייט פון אַלע אונזערע איינוואוינער און אז בלויז 2 מענשען זיינען אין דעם שולדיג, וועט ער קיינעם אויסער די צוויי ניט באַשטראָפען, און דורכדעם וועט דער שלום אין אונזער לאַנד געזיכערט ווערען.

---

ווען מחלון און כליון האָבען זיך אומגעקערט נאָך בית לחם, אין דער באַגלייטונג פון מואב'ס באַאַמטע און סאָלדאַטען, האָבען אַלע פאַרשטאַנען אז דאָס האָבען זיי דורכגעפיהרט זייער דראָהונג און האָבען מסר'ט צום קעניג פון מואב.

בועז איז געווען אויסער זיך פון צאָרן, ווען מען האָט איהם אָנגעזאָגט אז סאָלדאַטען פון מואב זיינען אָנגעקומען אין שטאָדט. ער איז שנעל ארייננגעלאָפען אין דעם געצעלט וואו גרא און אהוד האָבען זיך געפונען און ער האָט אויסגערופען מיט שרעק:

— איהר מוזט זיך ראַטעווען. דער קעניג פון מואב האָט געשיקט זיינע באַאַמטע און סאָלדאַטען אייך צו ארעטירען. שנעלער קומט איך וועל אייך באַהאַלטען.

— ווען דער קעניג וועט אויסגעפינען אז דו האָסט אונז אויסבאַהאַלטען, וועט ער נאָך אויך דיר און דיין פאָטער באַשטראָפען. ניין, מיר טאָרען דיר ניט פאַראורזאכען קיין צרות. דו האָסט אזוי אויך מיט אונז געטאָן פיעל חסד... האָט גרא געזאָגט.

— אָבער איהר האָט דאָך קיין אויסוועג ניט. די סאָלדאַטען פון מואב באַוואכען אַלע וועגען און אויב איהר וועט איצט מאַכען א פאַרזוך צו אנטלויפען

וועט איהר געווים אריינפאלען אין זייערע הענט.

— מיר וועלען זיך אויסבאהאלטען אויף דעם קליינעם בארג וואס איז ניט ווייט פון דאנען — האט איהוד געזאגט — און אין פאל זיי וועלען אונז קומען נעמען וועל איך וויסען וואס צו טאן. איך וועל מיטנעמען זעהר פיעל פיילען און קעמפען מיט אונזערע שונאים. זיי וועלען גאנץ שנעל צוריקטרעטען. קום פאטער לאמיר עס טאן וואס שנעלער, איידער זיי יועלען אנקומען.

בועז האט געמאכט נאך א פארזוך זיי אפצוהאלטען. ער האט זיי פארזיכערט, אז ער וועט זיי באהאלטען אין אזא זיכערען פלאץ אז דער שונא וועט קיינמאל זיי ניט געפינען.

אהוד און זיין פאטער האבען ניט געוואלט ברענגען א געפאהר אויף בועז'ס משפחה און זיי האבען באשלאסען צו געהן. זיי האבען מיטגענומען א גרויסע צאהל פון פיילען מיט צוויי שארפע שווערדען און מיט גרוים פארזיכטיגקייט האבען זיי שנעל ארויפגעקלעטערט דעם בארג.

—פון דאנען וועלען מיר קענען באמערקען דעם שונא — האט אהוד געזאגט — און וועה וועט זיין צו יענעם וועלכער וועט וואגעי אויפצוקומען צו אונז.

— איך וואלט קיינמאל ניט געגלויבט אז-אלימלך זאל אזא זאך טאן — האט גרא געזאגט צו זיין זוהן — ער זאל דורכפיהרען זיין דראהונג און שיקען זיינע זיהן אונז פאר'מסר'ן פאר דעם קעניג.

— גאט וועט זיך מיט זיי אפרעכענען פאר דעם! — האט אהוד געענטפערט.— ער מיינט אז ער איז דער רייכסטער מאן פון בית לחם, קען ער זיך ערלויבען צו טאן אזא זאך.

אין אונזער איילעניש האבען מיר פארגעסען מיטצונעמען שפייז — האט גרא זיך אפגערופען — און ווער ווייס ווי לאנג מיר וועלען זיך נאך דארפען דא אויסבאהאלטען?

— איך וועל ארונטערגעהן און קריגען שפייז — האט אהוד געזאגט.

— ניין מיין זוהן, דו טארסט עס ניט טאן. די געפאהר איז זעהר גרוים. גאט, וועלכער שפייזט אלע באשעפענישען וועט אונז אויך ניט פארלאזען. מיר וועלען שוין געפינען מיט וואס זיך צו ערנערען, ביז וואנען מיר וועלען אויסגעפינען אז די מואבים האבען בית לחם פארלאזען. איך בין זיך מודה, אז איצט פארדריסט מיר שוין וואס מיר האבען ניט אנגענומען בועז'ס אנבאט זיך אויסצובאהאלטען ערגעץ וואו אין זיין לאנד.

— דו ווייסט דאך פאטער, אז די צוויי ברידער וועלען גלייך שיקען די מואב'ישע סאלדאטען צו שלמון'ען און זיין הויז וועט זיין דאם ערשטע געזוכט צו ווערען.. דאן וואלטען זיי אונז געפונען און דערצו וואלטען מיר זיכער געבראכט אן אומגליק אויף שלמון'ען און זיין זוהן בועז. דער קעניג וואלט געהייסען אויך זיי באשטראפען פאר וואס זיי האבען אונז אויסבאהאלטען.

— איך הער א גערויש אין שטאדט. מעגליך אז זיי קומען אן — האט גרא געזאגט.

— איך וועל ארויפקלעטערען אויף דיזען בוים. פון דארטען וועל איך קענען זעהן א סך ווייטער. מעגליך, אז איך וועל זעהן וואוהין די סאלדאטען געהען.

אהוד האט ארויפגעקלעטערט אויף דעם דערבייאיגען בוים און האט אנגעשטרענגט זיינע בליקען.

— איך זעה זיי! — האט ער ארונטערגעשריען צו זיין פאטער.

— זיי קומען אן אהער — האט גרא מיט שרעק אויסגערופען.

— ניין, זיי פארנעמען זיך אויף דעם וועג וואס פיהרט צו שלמון'ס הויז. יע, זיי געהען אהין. א, ווי צופרידען מיר דארפען זיין וואס מיר האבען זיך דארטען ניט אויסבאהאלטען.

— איך בין זיכער אז ווען זיי וועלען אונז דארטען ניט געפינען וועלען זיי

קומען אהער, און וואָס וועלען מיר דאן טאָן?

— לאָמיר האָפען צו גאָט אז ער וועט אונז בעשיצען פון די הענד פון שונא.

— לאָמיר צו איהם מתפלל זיין! — האָט גרא זיך אָפּגערופען — איך וויים אז ער וועט אונז בעשיצען... די נאכט ווען דו ביזט געבוירען געוואָרען האָב איך געחלום'ט אז דו וועסט העלפען ישראל אין דער צייט פון נויט, און ווען איך האָב געזעהען אז דו וואקסט א העלד, איז אין מיר מיין האָפנונג פערשטארקט געוואָרען אז דו וועסט ווירקליך העלפען אונזערע ברידער, איך האָב געהאט גרויס פערגעניגען צוצוקוקען ווי אזוי דו טרעפסט די פיילען אין ציעל... איך האָב מיט דיר געשטאָלצירט יוען איך האָב געזעהען ווי פלינק און געשיקט דו קענסט זיך פעכטען מיט א שווערד; ווי שנעל דו קענסט לויפען... און ווען דו ביזט עלטער געוואָרען איז איך האָב געזעהען אז דיין ליעבשאפט צו דיין פאָלק און לאנד איז גרויס, אז די דיענסט צו דעם גאָט פון אונזערע אבות, דאן בין איך זיכער געווען אז דו וועסט ווערען א שופט ביי די שבטים און דו וועסט בעווייזען אונזערע שונאים אז אונזער מאכט איז נאָך ניט געבראָכען... דו וועסט בעפרייען די אידען פון דעם יאָך פון מואב, און צוריקקעהרען צו די שבטים זייער פריהעריגע פראכט און גלאנץ.

— די שוואכקייט פון אונזער פאָלק ליעגט אין דעם וואָס אונזערע שבטים ויינען ניט פעראייניגט — האָט אהוד געזאָגט — און דו האָסט דאָך אליין געהערט ווי פיעלע פון דאנען בעטראכטען אונז פאר פרעמדע. די רייכע פון אונזער לאנד זיינען צופרידען מיט דיעזער שרעקליכער לאגע אזוי לאנג ווי זיי געניסען פון אלעס. די אָרימע זיינען אָפּהענגיג פון די רייכע און האָבען מורא ווידערצושפעניגען זייער מויל... און דעריבער איז שווער אויפצומונטערען דעם פאָלק, און אויב דעם שונא וועט געלינגען אונז צו נעהמען געפאנגען, וועלען שוין די איבעריגע העלדען ציטערען זיך אנצופאנגען מיט מואב און אזוי וועט אונזער פאָלק אויף לאנג זיין פערשקלאפט צו עגלון דעם קעניג פון מואב. אונזער שבט בנימין איז דער איינציגער פון אלע ארומיגע שבטים, וועלכער איז גרייט צו יעדער צייט צו בעפאלען דעם שונא, אויב זיי זאָלען נאָר קריגען דעם ריכטיגען פיהרער, אָבער וואָס קומט ארויס דערפון ווען די אנדערע שבטים וועלכע זוכען צו לעבען בשלום מיט מואב ווילען ניט נאָר ניט קומען צו הילף, אָבער זיי שטערען נאָך... און אפילו ווען עטליכע טויזענד העלדען פון בנימין זאָלען בעשליסען אָנצופאנגען א מלחמה מיט עגלון, וועט דען דער שבט יהודה זיי לאָזען דורכגעהן זייער לאנד?

— דאָס איז דאָך געווען דער צוועק פון אונזער קומען אין יהודה — האָט גרא זיך אָפּגערופען — און ווען ניט די זיהן פון אלימלך'ן וואָלטען מיר אונזער הייליגע אויפגאבע דורכגעפיהרט... יאָ, זיי האָבען אונזערע פלענער אין גאנצען צושטערט.

— די סאָלדאטען קערען זיך אום פון שלמון'ס וואָהנונג! — האָט אהוד פלוצלונג אויסגערופען — און מיר דוכט זיך אז זיי געהען אין דער ריכטונג פון דיזען בארג.

— וואָס וועלען מיר טהאָן? — האָט גרא מיט פערצווייפלונג געזאָגט — לאָמיר ענטלויפען פון דאנען!

— ווען מיר זאָלען יעצט אנטלויפען וואָלטען מיר ערגער געמאכט! — האָט אהוד געזאָגט — איך וועל מיט זיי קעמפפען ווען איך וועל זיך צילען אויף א סאָלדאט וועל איך איהם געוויס טרעפען.

— אָבער דו וועסט זיך דאָך ניט קענען געגענשטעלען אזוי פיעל האָט גרא טרויעריג געזאָגט.

— זאָלען מיר זיך דען אונטערגעבען?

— האָט אהוד געפרעגט זיין פאָטער.

— אָ ניין! דאָס טאָר ניט געשעהן... דו טאָרסט ניט אריינפאלען אין זייערע

הענד... דו ביזט בעשטימט געוואָרען צו העלפען אונזער פאָלק, און ישראל נויטיגט זיך אין דיר און אין דיין פיהרערשאַפט.

— יעצט בין איך זיכער אז זיי געהען צו אונזער בארג — האָט אהוד אויסגערופען און איז שנעל ארונטער פון בוים און גענומען אין האנד דעם בויגען און די פיילען — איך וועל מיט זיי קעמפפען ביז דעם לעצטען פייל.

אהוד האָט ארויסגענומען די פיילען און גענומען זיך צוגרייטען צו בעגעגענען די אַנקומענדע.

— ווארט, מיין זוהן! — האָט גרא איהם אַנגענומען פאר זיין האנד — דו אליין וועסט זיך ניט קענען ביישטעלען קעגען אזוי פיעל, און ווען דיר וועט אפילו געלינגען איינציגע צו טויטען, וועסטו דאמיט א סך ערגער מאכען פאר אלע אידען. עגלון וועט אויסגיסען זיין צאָרן אויף אלע אונזערע ברידער און וועט זיך אָפּרעכענען מיט זיי פאר דעם טויט פון זיינע מענשען.

— אָבער מיר האָבען דאָך ניט קיין אנדער אויסוועג! — האָט אהוד געזאָגט.

— הער מיר אויס מיין זוהן! — האָט גרא זיך אָפּגערופען — איך בין שוין אויף די עלטערע יאָהרען. קיין סך נוצען וועל איך שוין מיין פאָלק ניט קענען ברייגגען... איך וועל זיך איבערגעבען אין זייערע הענד... אָבער דו דארפסט זעהן זיך צו ראטעווען...

— אָ נייו, פאטער! — האָט אהוד אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — איך וועל דיר ניט לאָזען טהאָן אזא זאך! איך וועל דיר ניט פערלאָזען, וואָס עס וועט פאסירען מיט דיר וועט אויך מיט מיר פאסירען.

— מיין זוהן, מיר טאָרען ניט פערלירען קיין צייט. אונזער געדריקטעס פאָלק נויטיגט זיך אין דיר, דו ביזט א העלד! און עס וועט קומען א צייט ווען דו וועסט האָבען די מעגליכקייט איהם צו העלפען אין זיין נויט... און איך? אויב איך בין ווערטה ביי גאָט, וועל איך נאָך זוכה זיין עס צו זעהן מיט מיינע אויגען, און אויב ניט, וועט דער פערלוסט ניט זיין אזוי גרויס... אָבער דו, אהוד, דו מוזט דיין לעבען רעטען. דו בעלאַנגסט צו דיין פאָלק. און גאָט וועט געבען און דו וועסט העלפען דיינע ברידער ארונטערצוּוואַרפען דעם יאָך פון זייערע שונאים... איך וועל זיך איבערגעבען אין זייערע הענד און ווען זיי וועלען מיר פרעגען וואו דו ביזט וועל איך זיי זאָגען אז דו ביזט אנטלאָפען געוואָרען...

— אָה, פאטער, איך קען דיר ניט פערלאָזען, איך וועל מיט דיר מיטגעהן!

— האָט אהוד איהם גענומען האלזען און קושען, איך בעט דיר פערלאנג פון מיר ניט אזא זאך! איך וועל דיר ניט פערלאָזען!

— איך בעשווער דיר אין נאָמען פון אונזער גאָט, אז דו זאָלסט זיך זעהן ראַטעווען — האָט גרא געזאָגט — דיך האָט גאָט בעשטימט צו העלפען דיין פאָלק, און דו מוזט זיך ראטעווען. דעריבער הער זיך איין צו מיין עצה... דו וועסט אנטלויפען און זיך אויסבעהאַלטען אין דעם פערלאָזענעם לאַנד פון דרום, ביז וואנען דער קעניג פון מואב וועט אָן דיר פערגעסען... דו וועסט מוזען זיין זעהר פאָרזיכטיג דעם ערשטען יאָהר, ווייל איך בין זיכער אז דער קעניג וועט פערשפרייטען נעצען אין די שבטים פון ארום... ער וועט שיקען דיר זוכען אין בנימין און אין יהודה... דעריבער וועסטו זיך מוזען אויסבעהאַלטען. דו וועסט שיקען אַנזאָגען בועז'ן פון דיין בעהעלטעניס, איך בין זיכער אז ער וועט דיר ארויסהעלפען, ער איז א וואוילער מאַן און וועט זוכען דיך צו בעשיצען פון אונזערע שונאים, און ווי ער וועט דיך ראטהען אזוי זאָלסטו טהאָן.

— זיי קומען אָן אָה, פאטער! — האָט אהוד איהם צוגעהאַלטען! איך קען דיר ניט לאָזען אליין!

— איך האָב דאָך דיר בעשוואוירען אין נאָמען פון גאָט! — האָט גרא מיט א בייזע שטימע געזאָגט — טו ווי איך

זאָג דיר, ראטעווע זיך, לויף וואָס שנע־
לער, און אויב גאָט וועט געבען און איך
וועל בעפרייט ווערען, וועל איך לאָזען
וויסען בועז'ן און פון איהם וועסטו
אלעם דערגעהן, אנטלויף וואָס שנעלער!

— זיי רינגלען אונז ארום, פאטער,
איך וועל נעמען מיין בויגען און פיילען!

— ניין, דו זאָלסט קיינעם ניט טוי־
טען, — האָט גרא געזאָגט, דו זאָלסט
ניט ערגער מאכען... אָבער זעה ראטע־
ווע זיך, דו ביזט פלינק... טו אלעס
און ראטעווע זיך! זאָל גאָט דיר בעשי־
צען! געה מיט פריעדען.

די סאָלדאטען האָבען שוין געהאט
ארויפגעקלעטערט אויף דעם בארג...

— אָט זיינען זיי, די שונאים פון אונ־
זער קעניג האָט א בעאמטער אָנגעוויזען
אויף גרא'ן און אהוד'ן.

— לויף מיין זוהן! — האָט גרא
שטילערהייד א זאָג געטהאָן.

אהוד האָט גענומען לויפען, די סאָל־
דאטען האָבען איהם פערשטעלט דעם
וועג, ער האָט מיט גרויס אימפעט זיך
א לאָז געטהאָן און א שליידער געטהאָן
צוויי פון די סאָלדאטען וועלכע זיינען
געווען אין זיין וועג, אזוי אז זיי האָבען
זיך גענומען ארונטערקייקלען פון בארג.

— יאָגט זיך נאָך איהם! —
האָט א בעאמטער א בעפעהל געגעבען.
נאָכדעם ווי ער האָט געהאלטען גרא'ן
פעסט אין זיין האנד.

א היבשע צאָהל סאָלדאטען האָבען
זיך א לאָז געטהאָן זיך נאָכיאָגען נאָך
אהוד'ן, וועלכער איז געלאָפען מיט אונ־
געהייער פלינקקייט, באלד איז ער פער־
שוואונדען געוואָרען פון זייערע אויגען...
זיי האָבען פערלאָרען אלע שפורען פון
איהם, זיי האָבען זיך איינגעטהיילט אין
עטליכע גרופעס און זיינען אוועק אין
פערשיעדענע ריכטונגען איהם צו זוכען.
אָבער אומזיסט איז געווען זייער מיה.
זיי האָבען אהוד'ן ניט געפונען...

אין אבענד האָבען זיי זיך אומגע־
קעהרט צו די איבעריגע סאָלדאטען און
געמאָלדען די בעאמטע אז זיי האָבען
איהם ניט געקענט געפינען.

— וואו איז דיין זוהן אהינגעקומען?
— האָט זיך דער הויפט פון די סאָלדא־
טען אָפגערופען צו גרא'ן — זאָג אונז
אז ניט וועסטו ערגער מאכען.

— איך ווייס ניט! — האָט גרא גע־
ענטפערט — ער האָט דאָך מיר ניט גע־
זאָגט וואוהין ער אנטלויפט!

דער בעאמטער האָט גענומען שלאָגען
גרא'ן מיט זייגע פויסטען.

— דו וועסט חרטה האָבען, אויב מיר
וועלען דיין זוהן ניט געפינען, וועט דיין
שטראָף נאָך גרעסער זיין.

— איך בין אין אייערע הענד, איהר
קענט טהאָן מיט מיר וואָס איהר ווילט.
— וואו איז דיין זוהן?! — האָט ער
איהם ווידער אָנגעהויבען צו טרייסלען.
— איך ווייס ניט! — האָט גרא מיט
פעסטקייט געענטפערט.

— מיר וועלען זוכען איבער דעם
גאנצען לאנד ביז וואנען מיר וועלען
איהם געפינען, און דאן וועסטו ערגער
מאכען... דיין גליק איז וואָס דער קעניג
האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל דיר ניט
טויטען, ער וויל איך זאָל דיר צו איהם
ברייגגען א לעבעדיגען, אז ניט וואָלט
איך דיר צוריבען ווי שטויב!...

דער בעאמטער האָט געהייסען בינדען
גרא'ס הענד.

— איהר האלט איהם ביז וואנען מיר
וועלען זיך אומקעהרען מיט זיין זוהן!
— האָט דער בעאמטער געזאָגט — מיר
וועלען אוועקגעהן צו דעם הויז פון די
צוויי ברידער, מחלון און כליון, מעגליך
אז זיי וועלען זיך אָנשטויסען וואו זיין
זוהן האָט זיך געקענט אויסבעהאלטען.

די סאָלדאטען האָבען שנעל דורכגע־
פיהרט זיין בעפעהל זיי האָבען גרא'ן גע־
בונדען די הענד אויף הינטען און דער
בעאמטער איז מיט אייניגע אוועק נאָך
אלימלך'ס וואָהנונג זיי האָבען זיך אָפ־
געשטעלט אין דעם הויף און דער בע־
אמטער איז אריינגעקומען אין הויז.

— זיינען דאָ מחלון און כליון? —
האָט דער בעאמטער געפרעגט איינעם
פון די קנעכט.

באלד זיינען די ברידער ארויסגעקו־

מען און דער בעאמטער האט זיי דערצעהלט ווי אזוי זיי האבען געטראפען גרא'ן און אהוד'ן אויף דעם בארג, אבער אהוד'ן האט זיך איינגעגעבען צו אנטלויפען. מיינע סאלדאטען האבען זיך נאך איהם נאכגעיאגט אבער ער איז פערשוואונדען געווארען.

— און וואו איז גרא? — האט מחלון געפרעגט.

— גרא איז אין אונזערע הענד! — האט דער בעאמטער געענטפערט — ער וועט זיך שוין פון אונז ניט בעפרייען. אבער מיר מוזען קריגען אויך אהוד'ן. דער קעניג האט אונז בעפוילען מיר זאלען ברייננגען פאר איהם דעם פאטער און דעם זוהן, וועלכע האבען געוואגט אויפצורייצען דעם פאלק געגען איהם.

— איך און מיין ברודער, וועלען שוין זעהן אויסצוגעפינען וואו ער בעהאלט זיך אויס — האט כליון געזאגט — און אזוי שנעל ווי מיר וועלען זיך דערוויסען, וועלען מיר איבערגעבען דעם קעניג.

— פיליכט קענט איהר אונז יעצט צייגען די פערשיעדענע פלעצער וואו ער פלעגט זיך אויפהאלטען? — האט דער בעאמטער זיך אפגערופען.

— איך וויים אז ער פלעגט זיך אויפהאלטען אין דעם הויז פון אונזער פעטער שלמון, אבער מעגליך אז ער האט יעצט פערלאזען בית לחם און איז אוועק צוריק נאך זיין שבט בנימין... איך בין במעט זיכער אז אהוד וועט מעהר שוין ניט וואגען זיך אויפצוהאלטען אין בית לחם.

— דאן וועל איך שיקען מיינע סאלדאטען איהם צו זוכען צווישען די מענשען פון דעם שבט בנימין — האט דער בעאמטער געזאגט.

— ניין ,מיין האר, איך בעט דיר אז דו זאלסט עס יעצט ניט טהאן, דו וועסט בלויז אויפרייצען דעם שבט בנימין און פון דעם וועט געוויס ארויסקומען א צוזאמענשטויס... ווייל אלע יונגע לייט פון דיזען שבט זיינען געאיבט אין מלחמה, או זיי וועלען געוויס איהם זוכען צו בעשיצען — האט מחלון געזאגט — איך און מיין ברודער וועלען שוין זעהן אויסצוגעפינען זיין בעהעלטעניס און דאן וועלען מיר אייך אנזאגען און איהר וועט אויף איהם פלוצלונג אנקומען.

— אויב אין דעם שבט בנימין געפינען זיך נאך אזעלכע וועלכע זוכען מורד צו זיין אין אונזער קעניג, דארפען זיי אויך בעשטראפט ווערען.

— גרא און אהוד זיינען געווען די איינציגע וועלכע האבען געזוכט אויפצורייצען אויך די איינוואהנער פון אנדערע שבטים — האט מחלון געענטפערט — אבער די איבעריגע טוען ניט קיין שאדען, זיי פערבלייבען אין זייער לאנד, און אזוי לאנג ווי זיי צאהלען זייער חלק ציגזען צו דעם קעניג, דארפסטו זיי צורוה לאזען.

— אבער מיר מוזען אויך קריגען אהוד'ן — האט דער בעאמטער זיך אפגערופען — ער איז געוויס נאך מעהר געפעהרליך ווי זיין פאטער. איך האב געזעהן ווי שטארק און העלדיש ער איז. ער האט אומגעווארפען אייניגע פון מיינע סאלדאטען און איז אנטלאפען געווארען אזוי וויט, דאס מיינע פלינקע סאלדאטען האבען איהם ניט געקענט דעריאגען.

— עס וועט שוין לאנג ניט נעהמען און אהוד וועט אויך אריינפאלען אין די הענט פון דעם קעניג — האט כליון זיך אפגערופען. מיר וועלען שוין ניט רוהען ביז וואנען מיר וועלען איהם אויפזוכען.

עטליכע טעג האבען די בעאמטע פון מואב ארומגעזוכט אהוד'ן אין בית לחם און ארום, און ווען זיי האבען איהם ניט געפונען, זיינען זיי אוועק צוריק נאך מואב מיטנעמענדיג גרא'ן, אהוד'ס פאטער.

זיי האבען איהם געבראכט פאר דעם קעניג.

— דאס איז גרא, דער פאטער פון אהוד, וועלכער האט גערופען צו אן אויפשטאנד.

— און וואו איז זיין זוהן? — האט עגלון זיך צו זיי געווענדעט —

— מיר האבען זיי ביידען געפאנגען

צוזאמען, אבער אהוד איז אנטלאפען געווארען פון אונזערע הענט... מיינע סאלדאטען האבען זיך אוועקגעלאזען זיך נאכצויאגען נאך איהם, אבער אהוד איז זעהר א פלינקער און איהם איז געלונגען זיך ארויסצודרעהען פון אונזערע הענט — האט דער הויפט בעאמטער געזאגט.

— ווי אזוי לאזט איהר איהם אנטלויפען! — האט דער קעניג געשטורעמט — איך האב דאך אייך בעפוילען זיי ביידען צו פאנגען.

— מיר האבען געטהאן אלעס וואס עס איז נאר מעגליך געווען, מיין הער קעניג, אבער אהוד שיינט צו זיין זעהר שטארק. ער האט אומגעשליידערט איינינע פון מיינע סאלדאטען און איז מיט גרויס שנעלקייט אנטלאפען געווארען. מיר האבען איהם ארומגעזוכט אין גאנצען געגענד פון בית לחם און מיר האבען איהם ניט געפונען. די ברידער מחלון און כליון האבען מיר פארשפראכען אז אזוי שנעל ווי זיי וועלען אויסגעפינען וואו אהוד באהאלט זיך, וועלען זיי גלייך מעלדען דעם קעניג וועגען דעם.

— ברייננט איהם צו נעהנטער צו מיר! — האט עגלון בעפוילען די וועכטער וועלכע האבען אריינגעבראכט גרא׳ן.

זיי האבען צוגעפיהרט גרא׳ן צו דעם קעניג.

— דו אונדאנקבארער הונט! — האט עגלון אויף איהם א געשריי געטהאן — בין איך דען ניט געווען גנעדיג צו דיינע ברידער. פארוואס האסטו און דיין זוהן געזוכט אויפצורייצען דעם פאלק ישראל געגען מיר.

גרא האט געשוויגען.

— ווער ביזטו?

— איך בין פון דעם שבט בנימין — האט גרא שטיל געענטפערט.

— און ווי אזוי קומסטו אין בית לחם!

גרא האט ניט געענטפערט.

— דו ווילסט איך זאל דיין שטראף נאך גרעסער מאכען? — האט עגלון מיט א בייזער שטימע א זאג געטהאן — איך פרעג דאך דיר פאר וואס ביזטו געקומען אין בית לחם?

— מיר זיינען געקומען לערנען די יוגענד ווי צו שיסען פון פייל און בויגען — האט גרא מיט שטאלץ געענטפערט.

— זיי זאלען נאכהער קענען קעמפען געגען מואב! — האט עגלון מיט צארן אויסגערופען.

מואב איז ניט אונזער איינציגער שונא! — האט גרא געזאגט מיט א שטילע שטימע.

— און דו גלויבסט אז איך בין דיין פאלק׳ס שונא! — האט עגלון געזאגט — אט דאס האב איך ווייל איך בעהאנדעל דיין פאלק אזוי גוט... ווען איך וואלט גענומען א גרעסערען צינז פון דיינע ברידער, וואס וואלסטו דאן געטהאן?

— די זעלבע זאך וואס מואב וואלט געטהאן ווען זיינע שונאים וואלטען איהם אונטערדריקט — האט גרא געענטפערט.

— פאר דיין חוצפה האסטו פארדינט דעם טויט! — האט עגלון אויסגערופען — אבער איך וועל עס ניט טהאן, ווייל איך האב פארשפראכען די ברידער מחלון און כליון אז דו און דיין זוהן וועלען באשטראפט ווערען מיט געפענגניס. און יעצט אויב דו וועסט אונז זאגען וואו מיר קענען געפינען דיין זוהן, וועט איהר ביידע אפקומען מיט א לייכטען שטראף, בלויז עטליכע יאהר געפענגניס. אבער אויב מיר וועלען דיין זוהן ניט געפינען, שווער איך ביי די געטער פון מואב אז דו וועסט אפזיצען דיין גאנצען לעבען אין געפענגניס.

— פון וואנען זאל איך וויסען וואוהין ער איז אנטלאפען געווארען! — האט גרא געזאגט — מען האט דאך מיר פערהאלטען.

— דו ווייסט געווים פון זיינע באהעלטענישען, און דערמיט וואס דו וועסט אונז זאגען וועגען די פארשיעדענע מעגליכע פלעצער וואו ער קען זיך אויסבע־

האלטען, וועסטו אויך פאר זיך גרינגער מאכען.

— איך וויים ניט ! — האט גרא געענטפערט.

— פארשפארט איהם אין געפענגנים!

— האט דער קעניג געגעבען א בעפעהל, און איך וועל שוין זעהן אז זיין זוהן זאל אין גיכען איהם קומען באזוכען...

די וועכטער האבען אנגענומען גרא'ן און איהם ארויסגעפיהרט פון פאלאץ. אין הויף פון פאלאץ האבען זיי זיך באגעגענט מיט די צוויי שוועסטער ערפה און רות.

— ווער איז ער ? — האט רות א פרעג געטהאן דעם הויפט פון די וועכטער.

— דאס איז דער מאן וועלכער האט געזוכט אויפצורייצען זיין פאלק געגען אונזער האר קעניג — האט יענער געענטפערט.

— און וואוהין פיהרט איהר איהם ? האט רות ווייטער געפרעגט.

—אין געפענגנים, גנעדיגע פרינצעסין! אזוי איז דער בעפעהל פון דעם קעניג.

— אָ, ניין, ער האט האט קיין פארברעכען ניט באגאנגען. פאר וואס זאל ער אזוי באשטראפט ווערען ? — האט רות זיך אפגערופען.

— און ביי דיר איז עס ניט קיין פארברעכען, מיין שוועסטער — האט ערפה זיך אפגערופען — ער האט געוואלט ארויסרופען א מלחמה צווישען צוויי פריידליכע לענדער.

— איז עס דען א פארברעכען פאר אימיצען ליעב צו האבען זיין פאלק ?— האט רות געזאגט — ער האט עס געטהאן, וויל ער גלויבט אז זיין פאלק איז פארשקלאפט און ער האט עס געוואלט באפרייען... איך וועל געהן צום פאטער און ביי איהם בעטען, ער זאל זיין שטראף פארלייכטערען. ווארט צו א ווילע — האט זי זיך געווענדעט צו די וועכטער, — פיהרט איהם ניט אוועק אין געפענגנים, ביז וואנען איך וועל זיך אומקעהרען צו אייך פון מיין פאטער.

— אומזיסט וועט זיין דיין מיה ! — האט ערפה געזאגט — דער מאן וועט דארפען דאנקבאר זיין צו די ברידער מחלון און כליון, וואס ער ווערט ניט געטויטעט... וויל דו ווייסט דאך אז פאר אזא פארברעכען קומט טויט שטראף.

— ער שיינט צו זיין אן איידעלער מאן, און ער האט קיין שלעכסט קיינעם ניט געטהאן — האט רות געזאגט.

— פון וואנען ווייסטו אז ניט ? האבען דען די ברידער ניט איבערגעגעבען אונזער פאטער וואס ער און זיין זוהן האבען געזוכט צו טהאן. און אויב זיי דיינקען אז עס איז א פארברעכען, און זיי האבען באשלאסען צו מסר'ן אויף זיי, איז א סימן אז זיי זיינען טאקע געווען געפעהרליך, און ער דארף זיך צופרידענשטעלען, וואס אונזער פאטער האט איהם פארמשפט אין געפענגנים. דאריבער איז מיין עצה צו דיר, מיין שוועסטער אז דו זאלסט יעצט צום פאטער ניט געהן, וויל דו וועסט נאך ערגער מאכען.

— פארוואס האט מען ארעסטירט דעם פאטער און ניט זיין זוהן ! — האט ערפה זיך צו זיי געווענדעט — ווי איך האב געהערט איז דאך זיין זוהן מעהר געפעהרליך.

— דער זוהן איז ענטלאפען געווארען און מען וויים ניט וואו ער איז פארשוואונדען — האט דער הויפט פון די וועכטער געענטפערט.

רות האט געווארפען רחמנות'דיגע בליקען אויף גרא'ן. זיין בלאסער פנים און צושראקענע אויגען האבען איהר געריהרט ביז טרעהרען.

— איך בעט אייך, איהר זאלט איהם גוט באהאנדלען אין געפענגנים ! — האט רות זיך אפגערופען צו זיי מיט א וויינענדיגע שטימע — זעהט אז ער זאל קריגען די שפייז וואס איהם איז ערלויבט צו עסען. און אויב ער פארלאנגט עפעס זאלט איהר מיר קומען אנזאגען און איך וועל שוין זעהן עס פאר איהם צו קריגען.

— עס איז א רחמנות אויף איהם — האט ערפה אויך געווישט איהרע אויגען

— אבער ער איז אליין שולדיג אין דעם. ער האט עס אלעס אויף זיך געבראכט. האבען איהם דען כליון און מחלון ניט געווארענט ער זאל אויפגעבען זיינע נארישקייטען און צורוה לאזען די איינוואהנער פון זייער שטאדט? ער האט אבער זיי ניט געפאלגט און יעצט ליידט ער דערפאר.

— און איך זאג דיר, ערפה, אז מיר וואונדערט זיך ווי אזוי זיי האבען ביי זיך געקענט פועל'ן צו טהאן אזא זאך? זיינען זיי דען ניט מענשען פון זייער אייגען פאלק?

— דאס האבען זיי דאך געזוכט אנצוהאלטען דעם שלום צווישען אונזער לאנד און זייערס... וואלט דען געווען בעסער אז אונזער פאטער וואלט געווען געצוואונגען ארויסצוגעהן מלחמה האלטען מיט ישראל.

— ווער וויים? — האט רות אציה געטהאן מיט איהרע אקסלען — אבער איין זאך וויים איך אז די ברידער זיינען אין מיינע אויגען א סך געפאלען זינט דאס איז געשעהן.

— און אין מיינע אויגען זיינען נאך די ברידער געשטיגען צוליעב דעם. זיי האבען ארויסגעוויזען אז זיי זיינען בראוו און מוטיג. זיי זיינען עהרליך און געטריי. זיי האבען פיינט פאלשקייטען. זיי זוכען מיט אן אמת צו זיין אונזערע גוטע פריינד.

די וועכטער האבען אוועקגעפיהרט גרא'ן אין געפענגנים. רות און ערפה זיינען געבליבען שטעהן אויף זייערע פלעצער א היבשע ווילע און געשוויגען.

— איך האף אז זיי וועט זיך קיינמאל ניט איינגעבען צו פאנגען זיין זוהן — האט רות געזאגט — איך בין זיכער אז עס וועט קומען א צייט און אהוד וועט זיין א פיהרער ביי זיין פאלק און דאן וועט ער זיך אפרעכענען מיט זיינע שונאים.

— דו ווייסט ניט וואס דו ווינשט — האט ערפה איהר פארגעווארפען. ווילסטו דען אז ער זאל זיך אפרעכענען מיט **אונזער פאטער?**

— איך ווינש עס ניט. איך דריק בלויז אוים מיין מורא אז אזוי וועט מעגליך געשעהן.

— דערפאר זאג איך אז עס וואלט געווען א סך בעסער פאר אלעמען אויב עס וועט געלונגען אויך אהוד'ן געפאנגען צו נעהמען, דאן וואלט די פריידליכע בעציהונגען פון אונזער לאנד ארץ ישראל אנגעהאלטען ווערען אויף לאנג.

— פון וואנען קענען מיר וויסען אז ישראל איז צופרידען מיט אזעלכע בעציהונגען? — האט רות געזאגט — האבען זיי דען א ברירה! דאס איז דאך אלעס אויף זיי ארויפגעצוואונגען. און אפילו ווען די צינזען זיינען ניט קיין שווערע, פיהלען זיי דאך פארט אז זיי זיינען אונטעריאכט.

— וואס דען האסטו געוואלט אז ישראל זאל אונטעריאכען מואב? — האט ערפה געזאגט.

— מוז דען איין פאלק אונטעריאכען א צווייטען? קען דען ניט הערשען קיין שלום צווישען צוויי פעלקער, אהן אונטערדריקונג פון איינעם צום צווייטען?!

---

ווען אהוד איז אנטלאפען געווארען פון זיינע נאכיאגער, האט ער זיך אויסבעהאלטען אין דעם דערבייאיגען וואלד וואס איז געווען צו דרום פון בית לחם. ער האט ארויפגעקלעטערט אויף א הויכען בוים און איז דארטען געזעסען פארדעקט פון די געדיכטע צווייגען און בלעטער. ער האט ערווארטעט אז די סאלדאטען וועלען איהם אויך אין דיזען וואלד זוכען. און אזוי איז טאקע געשעהן. נאכדעם ווי ער אזוי אפגעזעסען א היבשע ווילע אויף דעם בוים, האט ער דערהערט א געשפרעך און ווען ער האט אנגעשטרענקט זיינע בליקען, האט ער דערזעהן ווי איינינע סאלדאטען מיט בלויזע שווערדען זוכען איהם ארום אין וואלד. זייווארפען זייערע בליקען אין אלע ריכטונגען. זיי זוכען איהם צווישען די קוסטעס, צווישען די בוימער און זיי קוקען אויך ארויף...

א טויט שרעק האט אהוד'ן אנגענו־

מען. ער האט זיך מיט גרויס פארזיכטיגקייט, איינגענורעט אזוי אז מען זאל איהם ניט בעמערקען. אט קומען זיי צו גאנץ נאהענט צו דעם בוים. ווער ווייסט פיליייכט וועלען זיי איהם דערזעהען. איהם דוכט זיך אז זיי קוקען ארויף. ער האט איינגעהאלטען זיין אטעם. ער איז געווען גרייט אויף אלעס. באלד אבער האט ער גרינגער אפגעאטעמט. די סאלדאטען זיינען אוועק פון יענעם פלאץ. זיי האבען איהם אנדערשוואו געזוכט.

אהוד האט צוגעווארט ביז וואנען די זון איז אונטערגעגאנגען און ווען עס איז שוין גאנץ טונקעל געווארען האט ער זיך געלאזט צו דעם צווייטען סוף פון וואלד. פון דארט איז ער צוגעקומען צו דעם קליינעם טייכעל קדרון. עס איז געווען א פינסטערע נאכט. אלעס ארום איז געווען שטיל אויסער דעם וואס פון צייט צוצייט האט דורכגעלעכערט די שטילקייט א שטימע פון שאקאלען, וואס האט זיך אויסגעדוכט ווי א וויינענדיגע שטימע פון א מענשען.

אהוד איז געבליבען שטעהן א ווייל נעבען טייך. דער געגענד איז געווען פוסט און וויסט. ער האט ניט געקענט בעשליסען וואס צו טאהן. ער איז געווען זעהר מיעד און שלעפעריג, אבער דאך האט ער מורא געהאט צו צו מאכען די אויגען. צוליעב די פארשיעדענע חיות וואס געפינען זיך אין יענעם געגענד. ער האט מיט זיך געהאט א דיקען שטעקען וואס ער האט אפגעבראכען פון א בוים. ער האט געפונען א גרויסען שטיין און ער האט זיך דארט אוועקגעזעצט און זיך באמיהט מיט אלע מעגליכקייטען ניט איינצושלאפען. ער האט זיך צוגעהערט צו יעדען שארך און איז געווען גרייט מיט זיין שטעקען צו קעמפען געגען די חיות.

אזוי איז ער אפגעזעסען די גאנצע נאכט ביז וואנען עס האט אנגעפאנגען טאגען. ווען עס איז געווארען ליכטיג האט אהוד זיך ארומגעקוקט און האט פון ווייטען דערזעהען פעלזען שטיינער. ער איז אהין צוגעגאנגען און האט בעמערקט א גרויסע עפענונג אויף דעם שפיץ שטיין. ער האט בעשלאסען צו מאכען זיין בעהעלטנים דארטען. ער האט אנגעריסען א סך גראז און אויסגעבעט די עפענונג. נאכהער האט ער אפגעבראכען פילע צווייגען און זיי צוזאמענגעפלאכטען און געמאכט ווי א צודעק צו דער עפענונג פון פעלזענשטיין. ער האט אויף דעם געארבייט א היבשע צייט, און ווען ער איז פארטיג געווארען, האט ער געזעהען אז ער האט א פלאץ וואו צו שלאפען ביינאכט און אין דער זעלבער צייט זיין באשיצט פון חיות. ער האט זיך אנגעהויבען צו פיהלען הונגעריג. ביז יעצט האט ער גאר פארגעסען דאס עס איז שוין באלד צוויי טעג אז ער האט קיין שפייז ניט געהאט. ער איז ארונטערגעגאנגען פון דעם פעלזען שטיין און גענומען זוכען עטוואס שפייז. ער האט זיך ארומגעקוקט און בעמערקט פון ווייטען א פרוכט־בוים ער איז דארטען צוגעקומען און אבגעריסען א ביסעל פרוכט און האט אפגעגעסען. נאכדעם איז ער ארונטער צום טייכעל און זיך אנגעטרונקען. שלעפעריג איז ער געווען, איז ער אריין אין דער עפענונג פון פעלזען שטיין און פערדעקט די עפענונג מיט דעם צודעק וואס ער האט אויפגעפלאכטען פון די צווייגען און זיך געלעגט שלאפען. ווי לאנג ער האט געשלאפען געדענקט ער ניט, ער האט זיך אויפגעכאפט פון א שרעקליכען גערויש און ברומען. ער האט זעהר פארזיכטיג אויפגעהויבען דעם צודעק און האט ארויסגעשטעקט דעם קאפ, און ווי גרויס איז זיין שרעק געווארען, ווען ער האט דערזעהען ווי א פירכטערליכער לייב קעמפפט מיט א צווייטע חיה, וואס ער זעהט צום ערשטען מאל. דער קאמף איז געווען א פערביטערטער, פון דעם ברומען און געשרייען האבען די ביימער ארום געטרייסעלט. באלד איז אלעס א ווייליע שטיל געווארען. די צווייטע חיה איז געלעגען טויט און דער לייב האט פון איהר געריסען שטיקער פלייש, דער לייב האט געגעסען און געברומט. נאכ־

הער האט אהוד בעמערקט ווי דער לייב בייסט אריין זיינע שארפע ציהן אין דער פלייש פון דער חיה און פרובירט עם אוועקטראגען. ווי עם ווייזט אויס אבער איז עם געווען צו שווער פאר איהם, און ער האט מיט זיינע שארפע ציהן און נעגעל אפגעריסען א טייל פון דער פלייש און ברומענדיג עם אוועקגעטראגען.

אחוד האט איהם נאכגעפאלגט מיט זיינע אויגען ביז וואנען דער לייב איז פערשוואונדען געווארען. יעצט האט ער אנגעהויבען צו בעגרייפען אין וואס פאר א סכנה ער איז. ווען דאס וואלט געטראפען אין דער פינסטערנים פון דער נאכט, ווען ער איז געזעסען אויף א שטיין, דאן וואלט ער זיכער זיין לעבען פערלארען. אבער יעצט? וואס קען ער יעצט טאהן? וועט ער דען קענען בלייבען דא אהן געווער? ער האט אפילו ניט קיין בויגען און פיילען. אן אומעט איז איהם פלוצלונג בעפאלען. ער האט ניט וואוהין צו געהן, זאל ער זיך אומקעהרען נאך זיין שבט בנימין וועט דער געפאהר זיין זעהר גרוים. די בעאמטע פון מואב מוזען געווים האלטען זייערע אויגען אפען און זיי וועלען איהם זוכען דארטען. ניין דאס איז אונמעגליך. אבער בלייבען דא אהן געווער איז אויך דער געפאהר גרוים. וועט ער דען קענען קעמפען געגען א לייב מיט ליידיגע הענד.

אחוד איז ארוים פון זיין באהעלטעניס ער איז צוגעגאנגען צו דער חיה וואס איז געלעגען א צוריסענע. דאס בלוט האט נאך פריש געטריפט. לאנג פארבלייבען דא האט ער מורא געהאט, ער האט געוואוסט אז דער לייב וועט זיך פריהער אדער שפעטער אומקעהרען צו דעם זעלבען פלאץ צו נעהמען וואס עם איז איבערגעבליבען. געווים האט דער לייב זיין נארע ניט ווייט פון דאנען.

אהוד האט מיטגענומען זיין גראבען שטעקען און זיך געלאזען געהן מיט שנעלע טריט. ער האט ניי' געוואוסט וואוהין אבער ער איז אזוי געגאנגען ציעללאז. אויפ'ן וועג האט ער קיינעם ניט בעגעגענט. דא איז איהם פלוצלונג ארויפגעקומען דער געדאנק וועגען זיין פאטער, און ער האט זיך געוואונדערט פארוואס ער האט די גאנצע צייט ניט געטראכט וועגען איהם. זיין ארימער פאטער, ער איז דאך א געפאנגענער ביי דעם שונא אין האנט. ווער ווייס וואס זיי וועלען איהם טאהן? מעגליך אז זיי וועלען איהם טויטען. א שוידער איז דורך זיין לייב ווען ער האט דערפון געטראכט. זיין אייגענע לאגע איז גענוג טרויעריג, אבער איז ער דאך אמווייניגסטען פריי ער קען געהן וואוהין ער וויל, און אויב ער וועט זיך וויסען ווי אויסצוהיטען, וועט ער איבערקומען די צייט און שפעטער וועט ער פיליכט האבען די מעגליכקייט זיך אומצוקעהרען צו זיין שבט. אבער זיין פאטער, גאט ווייס אויב ער איז נאך צווישען די לעבעדיגע. וועלען זיי דען זיך ניט נוקם זיין אן איהם צוליעב דעם וואס ער איז אנטלאפען. איין זאך איז ער צופרידען ער האט זיך אויסגעהיט צו פערגיסען בלוט פון די סאלדאטען פון מואב?

ווען ער וואלט אימיצען פון זיי געטויטעט, וואלטען זיי דאן געווים אויסגעגאסען זייער צארן אויף זיין פאטער און איהם געטויטעט. יעצט אבער איז פאראן א מעגליכקייט אז זיי וועלען איהם בלויז האלטען אין געפאנגענשאפט. אהוד האט אויפגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל און זיינע ליפען האבען א תפילה געפליסטערט:

”אה, בארעמהערציגער גאט, דער גאט פון אונזערע עלטערען אברהם יצחק און יעקב, בעשיץ און בעשירם מיין ליבען פאטער, היט איהם אפ אז קיין בייז זאל צו איהם ניט געשעהען. זאלען איהם די שונאים קיין שלעכטעס ניט טאהן, און גיב מיר כוח און מוטה, איך זאל קענען דורכפיהרען דעם הייליגען וואונש פון מיין געטרייען פאטער. גיעב מיר די מאכט איך זאל העלפען מיינע געדריקטע ברידער און זאלען מיינע אויגען זוכה זיין צו זעהען מיין פאטער א בעפרייטער פון די הענד פון מואב”

נאָך זיין קליינער תפלה האט אהוד געקראָגען מעהר מוטה, ער האט פאָרטגעזעצט זיין וועג.

פלוצלונג האט זיך דערטראָגען א שטארקער בילען פון א הונט צו זיינע אויערען און איידער ער האט צייט געהאט זיך ארומצוקוקען איז דער הונט איהם ענטקעגען געלאָפען מיט אזא אימפעט ווי ער וואלט איהם געוואלט צורייסען. אהוד האט שנעל אויפגעהויבען דעם שטעקען און גענומען אפטרייבען דעם הונט. אבער דאמיט האט ער דעם הונט נאָך מעהר אויפגערייצט. ער האט ניט אויפגעהערט צו בילען און געזוכט נאָר ארויפצושפרינגען אויף איהם. באַלד האט זיך פון ווייטען דערהערט א שטימע פון א יונגע פרוי און דער הונט האט זיך איינגעשטילט און איז געלאָפען צוריק אין א רגע ארום האט ער, ווי עס ווייזט אוים חרטה געקראָגען און זיך אומגעקעהרט און ווידער גענומען בילען. ווען די שטימע האט זיך ווידערהאָלט, איז דער הונט נאָך אמאָל ענטשוויגען געוואָרען און זיך גענומען אומקעהרען. דאָ האט אהוד בעמערקט א יונגע פרוי מיט א קרוג אין איהר האנט. ער איז געווען אזוי צופרידען, וואס ער האט אין דיזען וויסטען געגענד דערזעהען א לעבעדיגען מענשען, אז ער האט זיך אנגענומען מוטה און איז צוגעגאנגען צו יענער פרוי.

— פרידען צו דיר מיין האריגטע — האָט זיך אהוד פארנייגט, און פאַר זיינע אויגען איז געבליבען שטעהן א בילד שעהנע מיידעל. איהר קאָפּ איז געווען איינגעהילט אין א ווייסע טיכעל. איהר קלייד איז אויך געווען ווייס און זי איז געווען באָרוועס.

די מיידעל האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג. זי איז געווען איבעראַשט צו געפינען אין דיזען געגענד א פרעמדען מאַן. זי איז געבליבען שטעהן א ווילע פארגאפט. דער הונט האט זיך ארום איהר געדרעהט, געלעקט איהרע הענט און געברומט.

— איך בין זעהר דורשטיג, פיליכט וועסטו מיר קענען געבען א טרונק — האָט זיך אהוד אפגערופען, און אנגעצייגט אויף איהר קרוג.

— דער קרוג איז ליידיג! — האָט די מיידעל געענטפערט—איך בין דאָס יעצט געגאנגען צום ברונעם אבער מיין הונט האט דערשמעקט א פרעמדען איז ער געלאָפען צו דיר. ענטשולדיג מיר, מיין הונט האט דאָך דיר ניט בעשעדיגט.

— ניין, פרידען איז צו מיר, — האָט אהוד א שמייכעל געטהאָן. — דו האָסט זעהר א געטרייען הונט... יעצט, אז ער האָט זיך איבערצייגט, אז איך בין ניט קיין שונא, איז ער שטיל.

אהוד האָט זיך איינגעבויגען און גענומען גלעטען דעם הונט, וועלכער האָט איהם אָנגעפאנגען צו לעקען און זיך לאַסטשען צו איהם.

א שמייכעל האָט זיך באוויזען אויף די ליפען פון דעם מיידעל:

— מיין הונט שליסט זעהר שנעל פריינטשאפט, — האָט זי געזאָגט.

— א הונט איז באַגאבט מיט אַן אויסערגעוועהנליכען חוש. ער קען דערקענען אין א קורצער צייט, אויב דער פרעמדער זוכט שלעכטס צו טהאָן זיין אייגענטימער, — האָט אהוד געזאָגט.

— דער הונט באשיצט מיך פון פארשיעדענע שלעכטע און אומגעווינשטע באגעגעגנישען! — האָט זי געזאָגט. — אין דיעזער וויסטער געגענד איז גאנץ אָפט געפעהרליך צו געהן אליין, אָהן דעם געטרייען הונט.

— איך זעה, אז דו ביזט א טאָכטער פון מיין פאָלק, — האָט אהוד זיך צו איהר געווענדט. — זאָג מיר, ווי אזוי קומט עס, אז דיין משפחה זאָל זיך באַזעצען אין אזא וויסטער געגענט?

דאָס מיידעל האָט טרויעריג אראָפּגעלאָזט איהר קאָפּ און געשוויגען.

אהוד האָט זי איצט נאָך בעסער געקענט באטראכטען. איהר שעהנקייט האָט איהם באצויבערט. ער פארשטעהט פון דעם אויסדרוק פון איהרע פרעכטיגע אויגען, אז זי ליידט. ער האָט באַשלאָסען אויסצוגעפינען ווער זי איז און

וואָס דריקט איהר אזוי, אז עס זאָל זי אזוי טרויעריג מאכען.

— געבענשט זיי צו גאָט, דו צארטע בלום! — האָט אהוד זיך אָפּגערופען.

— איך בין א פרעמדער אין דיעזער געגענט. פיעלייכט וועט זיך געפינען א פּלאַץ פאר מיר אין דיין פּאָטער׳ס הויז, בלויז פאר איין נאכט? איך וועל זיך אָפּרוהען און נאכהער וועל איך געהן מיין וועג.

— ניין! ניין! עס איז אונמעגליך!

— האָט זי געענטפערט און א רויטקייט האָט איהר פּנים באַגאָסען.

— אויב עס איז קיין פּלאַץ פאר מיר ניטאָ אין דיין פּאָטער׳ס הויז, וועל איך איבערנעכטיגען אין שייער, אָדער אין שטאַל פאר די בהמות.

— ניין! דו טאָרסט אהין ניט צוקומען. עס איז פאר דיר א געפאהר צוצוקומען צו דעם הויז, וואו איך געפין זיך.

— דיינע רייד זיינען א רעטעניש צו מיר! האָט אהוד זי אָנגעקוקט מיט גרויס ערשטוינען. — איז עס מעגליך, אז דיין פּאָטער וועט ניט ווילקאָמען איינעם פון זיין פּאָלק אין זיין הויז? און ווען איך האָב דיך דערזעהן מיט׳ן קרוג, האָב איך געטראכט פון דעם, וואָס ווערט דערצעהלט פון אונזער באָבע רבקה, ווען אליעזר, אברהמ׳ס קנעכט, האָט זי באגעגנט מיט א קרוג נעבען ברונעם. זי, אָבער, האָט געהאנדעלט אנדערש פון דיר. זי איז געווען זעהר צופרידען, אז דער פרעמדער זאָל בלייבען נעכטיגען אין איהר פּאָטער׳ס הויז. און דו? עס דאכט זיך מיר, אז דו ביזט ניט צופרידען פון דעם, וואָס איך באַלעסטיג דיך מיט פראגען און דו האסט מורא, אז איך וועל דיר פאלען צו לאסט, דעריבער זאָגסטו מיר, אז עס איז אונמעגליך פאר מיר צו געפינען א פּלאַץ אין דיין פּאָטער׳ס הויז איבערצונעכטיגען בלויז איין נאכט.

— אָה, מיין האר! ענטשולדיג מיר! אָבער דאָס איז ניט מיין כונה! ווען איך וואָלט נאָר די מעגליכקייט געהאט... אָבער איך בין ניט אין מיין פּאָטער׳ס הויז... איך בין א געפאנגענע...

— און פון וועלכען שבט ביזטו?

— איך בין פון דעם שבט שמעון!

— האָט זי געענטפערט.

— און ווי קומסטו אהער?

— מיינע עלטערען האָבען געוואוינט אין א דאָרף ניט ווייט פון באר שבע,

— האָט זי געענטפערט. — מיין פאָטער האָט באארבייט זיין פעלד און געפיטערט זיינע שאָף. ער האָט קיינעם קיין שלעכטס ניט געטהאָן. מיין מוטער פלעגט זיצען אין דער היים און וועבען בגדים פאר אונז, פאר מיר, מיין קליינע שוועסטער און מיין ברודער. און איינמאָל איז דורך אונזער דאָרף פארביינגעגאנגען א קאראוואן פון עמלקים און זיי האָבען געמאכט אן איבערפאל אויף אונזער הויז. זיי האָבען מיך און מיין קליינע שוועסטער גענומען אין געפאנגענשאפט און די איבעריגע פון מיין משפחה האָבען זיי געטויטעט, — האָט זי געווישט איהרע אויגען.

— אָה, די רשעים! — האָט אהוד געדריקט מיט זיין פויסט. — אָבער דו האָסט דאָך יעצט א געלעגענהייט צו אנטלויפען פון זיי, פארוואָס זאָלסט וועלען זיך צוריקקעהרען?

— זיי ווייסען, אז איך וועל נישט קענען אנטלויפען, ווייל מיין אינגערע שוועסטער איז אויך מיט זיי און זיי האָבען מיך געווארענט, אז ווען איך וועל מאכען דעם קלענסטען פּרווּוּ צו אנטלויפען, וועלען זיי אויך מיין קליינע שוועסטער טויטען אזוי ווי זיי האָבען געטויטעט מיינע עלטערען און מיין ברודער.

— ווי לאנג איז עס, זינט די עמלקים האָבען געמאכט דעם איבערפאל אויף דיין משפחה?

— שוין דריי יאָהר. איך בין דאן אלט געווען דרייצעהן יאָהר און מיין שוועסטער פינף.

— און ווי אלט איז דען דיין ברודער געווען ווען זיי האָבען איהם געטויטעט?

— אכצעהן יאָהר. ער איז געווען זעהר שטארק. און ער האָט זיך געגענ־

געשטעלט, אבער זיי זיינען געווען א סך און ער איז אנטלאָפן. זיי האָבען זיך נאָך איהם נאָכגעיאָגט און איהם געטויטעט.

— האָסטו אליין צוגעזעהן ווי זיי האָבען איהם געטויטעט?

— ניין! אָבער זיי האָבען זיך אומגעקעהרט און געזאָגט, אז זיי האָבען מיין ברודער געטויטעט.

— ווער?

— די צוויי זיהן פון דעם עמלקי. זיי האָבען איהם דערגרייכט, האָבען זיי געזאָגט, און איהם געטויטעט.

— מעגליך, אז דאָס האָבען זיי זיך בלויז באריהמט?! — האָט אהוד געזאָגט.

— איך האָב אליין געהערט ווי זיי האָבען עס געזאָגט צו זייער פאָטער, און איך צווייפעל ניט, אז די רשעים האָבען עס געטהאָן, ווייל זיי זיינען געווען באַוואָפענט און מיין ברודער איז אנטלאָפען מיט ליידיגע הענט.

— און ווי איז דיין נאָמען?

— מיין נאָמען איז נועה, — האָט זי געענטפערט.

— און דיין ברודער'ס נאָמען?

— זיין נאָמען איז געווען ימואל, — האָט זי געזאָגט מיט טרעהרען אין די אויגען.

— און ווי באהאנדלען זיי דיך?

— איך בין געוואָרען זייער דינסט. און אין א קורצער צייט ארום וועט מיך דער עלטערער זוהן צונעהמען פאַר זיין קעבסווייב. ער וואַרט ביז וואַנען איך וועל אַלט ווערען זעכצעהן יאָהר מיט דריי חדשים, אזוי איז ביי זיי דער מנהג, אז א מיידעל קען ניט חתונה האָבען, ביז וואַנען זי איז אַלט זעכצעהן יאָהר מיט דריי חדשים.

— און דו ביזט וויליג? איך מיין, האָסטו איהם ליעב?

נועה האָט א ציטער געטהאָן. טרעהרען האָבען גענומען פליסען פון איהרע אויגען.

— איך וואָלט בעסער געוואָלט שטאַרבען, איידער צו ווערען זיין פרוי!

— בארוהיג זיך, נועה! איך וועל דיר העלפען, — האָט אהוד צו זי געטרייסט. — איך וועל זעהן דיך צו באַפרייען פון זיינע הענט.

— איך וועל ניט פארלאָזען מיין שוועסטער! ניין, עס איז פאַר מיר קיין האָפענונג ניטאָ באַפרייט צו ווערען. מיין קליינע שוועסטער, חנה, איז יעצט אכט יאָהר אַלט און פאַר דריי יאָהר צייט איז זי געהיט געוואָרען און איז ניט ארויסגעלאָזט געוואָרען אהן דער אויפזיכט פון דעם עמלקי'ס דינסטען. ניין, איך האָב קיינע אויסזיכטען באַפרייט צו ווערען!

— איך וועל שוין געפינען א וועג ווי אזוי דיין שוועסטער צו באפרייען! — האָט אהוד געזאָגט. — זאָרג ניט.

— אָבער ווער ביזטו, מיין האר?

— האָט נועה איהם געפרעגט.

— מיין נאָמען איז אהוד. איך קום פון דעם שבט בנימין. און מיר פעהלט אויך קיין צרות ניט... איך האָב געמוזט אנטלויפען פון מיין לאַנד זיך אויסצובאהאַלטען פון דעם צאָרן פון דעם קעניג פון מואב, וועלכער הערשט יעצט איבער אונזערע שבטים.

— פאַרוואָס רודפ'ט דיך דער קעניג פון מואב?

— ער האָט אויסגעפונען, אז איך רעד צו מיינע ברידער ארונטערצוואַרפען זיין יאָך פון אונז. מיין פאָטער האָבען די סאָלדאַטען פון מואב אין געפאַנגענשאַפט גענומען און איך בין פון זייערע הענט אנטלאָפען. איך ווייס, אז איך קען דיר אָנפאַרטרויען. איך באהאַלט זיך אויס צווישען די פעלזענשטיינער ביי דעם טייך קדרון. איך בין אָבער געבליבען מיט ליידיגע הענט און האָב ניט קיין געוועהר. און ווי איך האָב אויסגעפונען, געפינען זיך אין יענער געגענט ווילדע חיות און אהן וואָפען איז די געפאַהר צעריסען צו ווערען פון די חיות זעהר גרויס... דאָס איז מיין איינציגע וואָפען, — האָט ער געצייגט אויף זיין שטעקען.

— אין זייער רשות געפינען זיך פיעל שווערדען, — האָט נועה געזאָגט. —

ווען דו וועסט צוקומען מאָרגען צו דעם זעלבען פּלאַץ און אין דער זעלבער צייט, וועל איך דיר ברייגגען איינעם פון זייערע שווערדען און אויך אביסעל שפּייז.

— איך דאַנק דיר זעהר! אָבער איך וואָלט דיר ניט געראַטהען דאָס צו טהאָן. ווען זיי וועלען זיך כאַפּען, אז עס פעהלט זיי א שווערד, וועלען זיי דיך באַלד חושד זיין און דו וועסט געוויס ליידען צוליעב דעם.

— זיי וועלען קיינמאָל ניט אויסגעפינען... די שווערדען ליגען אין א הייל נעבען זייער הויז. און די צאָהל פון די שווערדען איז גרויס. און איך בין זיכער אז ווען איין שווערד וועט זיי פעהלען, וועלען זיי עס אפילו ניט באמערקען... יעצט אָבער, מיין האר, מוז איך זיך איילען. מיין האר'ס זוהן וועט מיך געוויס געהן זוכען, און ווען ער וועט מיך טרעפען דאָ מיט דיר, וועט איין אומגליק געשעהן.

— איך וועל זיך אומקעהרען צו מיין באהעלטעניש, — האָט אהוד געזאָגט. — און מאָרגען וועל איך אהער ווידער קומען. דאַן וועלען מיר זיך באַראטהען, וואָס מיר קענען טהאָן. געה אין פרידען.

— דו ביזט דאָך אָבער דורשטיג, מיין האר? קום צו מיט מיר צום ברונעם און איך וועל אָנשעפּען וואסער פאַר דיר און דו וועסט זיך אָנטרינקען.

— איך דאַנק דיר, מיין הארינטע! דו האָסט זיך שוין אזוי אויך פארזאמט און מעגליך, מען וועט דיך ארויסקומען זוכען. ניין, איך וועל זיך אָנטרינקען פון דעם וואסער אין דעם טייך קדרון און מאָרגען וועל איך אהער ווידער קומען.

אהוד האָט זיך א נייג געטהאָן און ער האָט זיך אומגעקעהרט צו דער ריכטונג פון וואנען ער איז געקומען. מיט גרויס פארזיכטיגקייט און מיט לאנגזאמע טריט איז ער צוגעגאנגען צו דעם פּלאַץ, וואו א טייל פון דער חיה, וואָס איז צעריסען געוואָרען פון דעם לייב, איז געלעגען. ער האָט אָבער גלייך באמערקט, אז דאָס איבערבלייבעכץ פון דער חיה איז שוין אויך ניטאָ. בלויז די בלוט־פלעקען, וואָס האָבען באשמירט דאָס גראָז, זיינען געווען דער איינציגער שפּור, וואָס איז פארבליבען פון דער חיה.

ער האָט פאַרשטאַנען, אז דער לייב איז צוריקגעקומען אויף דיעזען פּלאַץ און אוועקגעשלעפּט דאָס, וואָס איז איבערגעבליבען פון דער חיה. ער האָט זיך עטוואָס בארוהיגט. וויבאלד אז דער לייב האָט אוועקגעשלעפּט דאָס, וואָס איז איבערגעבליבען, וועט ער זיך אזוי שנעל ניט אומקעהרען. ער איז צוגעגאנגען צום טייך קדרון און זיך אָנגעטרונקען. דערנאָך האָט ער ארונטערגעריסען עטליכע פרוכט פון בוים און געגעסען. א ווייַלע איז ער געבליבען זיצען אויף דעם פּלאַץ נעבען זיין באהעלטעניש. זיינע געדאַנקען זיינען געווען פאַרנומען מיט דעם שעהנעם מיידל, נועה, וועמען ער האָט היינט פלוצלונג באגעגענט. ער איז גערירט געוואָרען פון איהרע רייד.

„דאָס לעבען פון די אידען איז הפקר אפילו אין זייער אייגען לאנד", האָט ער זיך געטראַכט. „אַט הערשט מואב איבער די שבטים. און ווען די עמלקים אָדער אנדערע וואנדערענדע שבטים פארווילט זיך צו מאכען אן איבערפאל און בארויבען די אידען, טהוען זיי עס אומגעשטערט און אָהן מורא. דאָס איז ווייל די שבטים זיינען צווישען זיך ניט פאראייניגט און אפילו די משפּחות פון דעם זעלבען שבט קומען ניט צו הילף איינע דער צווייטער. אָ, ווען גאָט וועט געבען, און ער וועט זיך קענען צוריקקעהרען נאָך זיין לאנד, וועט ער אָנווענדען אלע זיינע כחות צו פאראייניגען אלע שבטים. ער וועט זיי איבערצייגען, אז אין אחדות ליגט די מאכט פון א פאָלק. און זי, די וואונדערשעהנע נועה... אָה, ווי שוידערליך איהר לאגע איז! דער מערדער פון איהרע עלטערען און איהר ברודער וויל זי צווינגען צו ווערען זיין קעבסווייב. אָה, ווי אזוי וועט ער זי קענען ארויסראטעווען פון זייערע הענט? ער ווייסט, אז די משפּחה פון די עמלקים איז שטארק. זיי צעהלען

צווישען זיך פיעלע געזונטע מענער און אויסער דעם, קענען זיי שטענדיג ארויסרופען אנדערע משפחות פון דעם זעלבען שבט זיי צו העלפען. און ער? וואס קען ער אויפטהאן, אז ער מוז זיך אליין אויסבאהאלטען? ער איז הילפלאז... ווען אימיצער זאל אויסגעפינען זיין באהעלטעניש, וואלט זיין לעבען דאן ניט זיכער געווען.

ווען עס האט אנגעהויבען טונקעל צו ווערען, איז ער אריינגעקראכען אין דער עפענונג פון דעם פעלזענשטיין און האט זיך באפעסטיגט דארטען מיט דעם צודעק, וואס ער האט צונויפגעפלאכטען פון די צווייגען, און האט זיך געלייגט שלאפען.

עס האט געדויערט לאנג ביז וואנען ער איז איינגעשלאפען. ער איז געלעגען א האלבע נאכט וואך און געפלאנעוועט ווי אזוי צו העלפען דעם געפאנגענעם אידישען מיידעל און איהר שוועסטער און זיי ביידען ארויסצוראטעווען פון די הענט פון די עמלקים.

ווען ער האט אויפגעוואכט פון זיין שלאף, איז שוין געווען ליכטיג, די זונענשטראהלען האבען זיך אריינגעריסען דורך די שפאלטען פון דעם צודעק.

ער איז ארויסגעקומען, האט זיך אפגעבאדען אין דעם טייך און האט א קוק געטהאן אויף דער זון צו זעהן אויב עס איז שוין צייט פאר איהם צו געהן זיך באגעגענען מיט נועה'ן. ער האט געזעהן, אז עס איז נאך פאראן א היבשע צייט און איז געווארען זעהר אומגעדולדיג... ער איז געווען הונגעריג אבער די פרוכט פון דעם בוים האט איהם ניט געצויגען. ער האט שוין צופיעל פון די פרוכט געגעסען... ער האט פרובירט מאבען א בויגען פון וויכע צווייגען, אבער עס האט זיך איהם ניט איינגעגעבען. איהם האט געפעהלט א מעסער, מיט וואס צו ארבייטען. ער האט זיך ארומגעדרעהט היין און צוריק. זיין הארץ האט אין איהם אנגעהויבען ציהען צו געהן אהין... ער ווייסט, אז עס איז נאך צופריה, אבער ער האט ניט געקענט בלייבען אויף זיין פלאץ... ער וועט בעסער דארטען ווארטען אויף איהר... א מאדנע בענקשאפט האט אין איהם גענאגט. א., ווי ער וואלט זי שוין געוואלט זעהן!...

ער איז לאנגזאם אהין אוועק. ארום זיינען געווען פיעלע פעלדער ניט פארזעעטע. דא און דארט איז געשטאנען אן איינזאמער בוים. ער האט ביי זיך באשלאסען אוועקצושטעלען זיך הינטער א בוים און פון דארטען זעהן אויב זי קומט אן. און טאמער וועט ער באמערקען א פרעמדען, וועט ער זיך אויסבאהאלטען.

א היבשע ווייל איז ער אזוי געשטאנען. ביז וואנען די לופט האט אפגעהילכט מיט א בילען פון א הונט. ער האט פארשטאנען, אז דאס קומט זי אן. זיין הארץ האט גענומען שטארק קלאפען... ער האט אנגעשטרענגט זיינע אויגען. פריהער האט ער פון ווייטען געזעהן ווי א "פינטעלע" באוועגט זיך. דערנאך איז עס גרעסער געווארען, ביז וואנען ער האט שוין באמערקט א מענשליכע פיגור. ער איז אבער נאך אלץ ניט געווען זיכער, אויב דאס איז זי. ווען אבער ער האט באמערקט ווי דער הונט לויפט איהם אנטקעגען און איז צו איהם צוגעלאפען און זיך אוועקגעשטעלט אויף זיינע הינטערשטע פיס און איהם גענומען לעקען, איז ער שוין דאן איבערצייגט געווארען, אז דאס קומט אן נועה... דער הונט איז געלאפען היין און צוריק, פון נועה'ן צו איהם און פון איהם צו נועה'ן.

אהוד איז איהר ענטקעגענגעקומען און זי האט איהם מיט א פריינדליכען שמייכעל בעגריסט.

— איך בין גליקליך אז איך זעה דיך א צווייטען מאהל — האט זי אויסגערופען — מיין הארץ האט אין מיר אזוי געשראקען, איך האב מורא געהאט אז נעכטען איז געווען דאס ערשטע און לעצטע מאל וואס איך האב דיך געזעהן.

— יעצט זעה איך אז גאט האט מיך נעפיהרט אהער — האט אהוד געענטפערט — עס איז כדאי געווען פאר מיר

צו לײדען צעהן מאהל אזוי פיעל און האבען דיך געטראפען, איך האף אז איך וועל האבען די מעגליכקייט דיך און דיין שוועסטער צו בעפרייען פון די הענד פון דיינע פאנגער.

— איך צווייפעל אויב דאס וועט מעגליך זיין! — האט נועה א שאקעל געטהאן מיט איהר קאפ. זיי זיינען אלע גרויסע העלדען און מיין קליינע שוועסטער ווערט גוט אפגעהיט...

— ביי גאט איז אלעס מעגליך! — האט אהוד געענטפערט — ער האט אזוי געמאכט אז איך זאל זיך דארפען אויסבעהאלטען איך זאל ניט אריינפאלען אין די הענד פון מואב... איך האב מיין בעהעלטענים פלאץ געמאכט ניט ווייט פון דאנען. און גאט האט געוואלט איך זאל זיך מיט דיר טרעפען, האט ער געמאכט אז דער קאמפף פון דעם לייב און דער חיה, זאל פאסירען פונקט געגענאיבער, און דאס האט מיך בעוואויגען צו געהען זוכען א מעהר זיכערען פלאץ, אדער צו קריגען וואפען.

— איך האב דיר געבראכט א שווערד — האט זי עס ארויסגענומען פון אונטער איהר מאנטעל און איהם דערלאנגט.

אהוד האט איהר בעדאנקט, און גענומען דעם שווערד אין זיין האנד און עס בעטראכט.

— יעצט מיט גאטעס הילף וועל איך זיך פיהלען א סך זיכערער! האט ער געזאגט מיט א שמייכעל ארײנלעגענדיג דעם שווערד אין דער שייד. איך וועל שוין ניט דארפען דערווייל זוכען א צווייטען פלאץ — איך וועל קענען פערבלייבען אין דער אפענינג פון פעלזענשטיין, ביז וואנען מיר וועט געלינגען דיך און דיין שוועסטער ארויסצוראטעווען פון די הענד פון די רשעים.

נועה'ס אויגען האבען גענומען לייכטען.

— דיינע רייד גיבען מיר זעהר פיעל האפנונג, מיין האר — האט זי געזאגט, דערלאנגענדיג איהם א פעקעל שפייז וואס זי האט מיט זיך גענומען צוזאמען מיט דעם שווערד.

— איך דאנק דיר נועה! — האט אהוד פון איהר דעם פעקעל גענומען — איך בין ווירקליך זעהר הונגעריג פאר גוטע שפייז... ביז יעצט האב איך זיך געשפייזט מיט די פרוכט פון די ביימער פון דיעזען געגענד.

— איך וועל דיר יעדען טאג קענען צוברײנגען שפייז, קײנער וועט מיך ניט בעמערקען — האט זי געזאגט. און יעצט זיינען די ברידער אוועק מיט אנדערע פון זייער שבט צו מאכען אן איבערפאל אויף דורכרייזענדע, און זיי וועלען זיך לאנג פערזאמען.

— אויב אזוי וועט אפשר זיין מעגליך יעצט ארויסצוראטעווען דיין שוועסטער? — האט אהוד זיך אפגערופען — זאג מיר אונטער וועמענס אויפזיכט געפינט זי זיך יעצט.

— זי געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון דעם אלטען, אבער אהום הויז געפינען זיך פיעלע קנעכט און עס וועט זיין א גרויס געפאהר צו מאכען יעצט אזא פערזוך. מיר וועלען פריהער אויסארבייטען א פלאן...

אהוד און נועה האבען זיך אוועקגעזעצט אונטער א בוים און האבען א ווײלע פערבראכט. אהוד האט איהר דערצעהלט אלע איינצעלהייטען פון זיין לעבען פון דעם ווי אזוי ער האט ארגאניזירט די יוגענד פון דעם שבט בנימין און זיי געלערענט ווי צו שיסען פון א בויגען און פעכטען מיט א שווערד מיט דער לינקער האנד אזוי גוט ווי מיט דער רעכטער.

— איך האב זיך ניט בענוגענד מיט דעם וואס איך האב איינגעאיבט די יוגענד פון מיין שבט, איך און מיין פאטער זיינען אויך געקומען צו טהאן דאסזעלבע מיט דער יוגענד פון דעם שבט יהודה, און דא האט זיך אנגעפאנגען אונזערע צרות; די רייכע לייט פון בית לחם זיינען צופרידען צוצאהלען צינזען צו דעם קעניג פון מואב אבי מען זאל זיי צורוה לאזען, און ווען זיי האבען אויסגעפונען אז עס געפינען זיך אזעלכע מענשען צווישען די אידען וועלכע ווילען זיין צוגעגרייט צו א מלחמה, האבען זיי געלאזט וויסען דעם קעניג פון מואב ווע־

גען דעם, און דאן זיינען זיי געקומען און מיין פאָטער ארעסטירט און איך בין אנטלאָפען און איך מוז זיך אויסבעהאַלטען ביז וואנען דער געפאהר וועט פאַריבער.

— איך קען ניט פערשטעהען ווי אזוי אזא זאך קען פאסירען!... אידען זאָלען מסר'ן דעם קעניג אויף זייערע אייגענע ברידער!

— דאָס איז ווייל די רייכע קענען ניט מיטפיהלען די אונטערדריקונג אזוי ווי די אָרימע וועלכע דאַרפען צאָהלען דעם קעניג פון מואב צינזען פון זייערע מאַגערע פערדיענסטען.

— אָבער פאר וואָס איז עס געקומען דערצו, אז פרעמדע מלכים זאָלען אונטערדריקען אונזער פאָלק, זיינען מיר דען ניט גענוג שטארק ארויסצוצייגען א ווידערשטאנד, האָט זיך דען גאָט אָפּגעקעהרט פון אונז?

— מיר זיינען אליין שולדיג אין דעם! — האָט אהוד געזאָגט, אונזערע שבטים זיינען ניט פעראייניגט צווישען זיך, ניט אלע דיענען צו דעם גאָט פון אונזערע עלטערען... פיעלע האָבען אָנגעפאנגען צו דיענען צו די געטער פון די ארומיגע פעלקער, און דעריבער האָט אונז גאָט איבערגעגעבען אין די הענד פון אונזערע שונאים.

— אָבער פאר וואָס האָט גאָט בעשטראָפט מיינע עלטערען? — האָט נועה זיך אָפּגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — זיי האָבען צו איהם געדיענט מיט'ן גאנצען הארצען, מיין ברודער ימואל האָט ליעב געהאט זיין פאָלק אין ער האָט געהאָפט צו קעמפפען פאר זיינע ברידער, זאָג מיר, אהוד, פאר וואָס האָט גאָט זיין צאָרן אויף זיי אויסגעגאָסען.

— שווער פאר אונז צו פערשטעהען די וועגען פון גאָט — האָט אהוד געענטפערט — דאָס וואָס קומט אויס קרום אין אונזערע אויגען, איז גלייך אין זיינע אויגען. מיר דאַרפען אָננעהמען אלעס וואָס גאָט טהוט מיט אונז צום גוטען.

לאנג האָבען זיי ביידע אזוי גערעדט, נאָכהער האָבען זיי זיך אויפגעהויבען פון זייער פּלאַץ, אהוד איז צוגעגאנגען מיט איהר צום ברונעם און אָנגעשעפּט פאר איהר וואסער און זיך מיט איהר אָפּגעזעגענט:

— מאָרגען וועל איך אהער קומען אין דערזעלבער צייט! — האָט אהוד געזאָגט — און דו נועה זיי זעהר פאָרזיכטיג... אויב עס איז פאר דיר שווער צו ברייננען שפּייז פאר מיר, זאָלסטו עס ניט טהאָן. אזוי לאנג ווי די פרוכט זיינען פאראהאן אויף די בוימער, וועל איך פון הונגער ניט שטארבען.

— איך בין גענוג פאָרזיכטיג, די שפּייז קען איך אריינלעגען אין דעם קרוג, ווען איך געה אָנשעפּען וואסער פון ברונעם, און אויב אימיצער וועט עס דערזעהען און מיך פרעגען פאר וועמען איך נעהם מיט די שפּייז, וועל איך ענטפערען אז דאָס נעהם איך די שפּייז פאר די פויגלען וועלכע פליהען ארום דעם ברונעם.

— אין פאל איך וועל זיין געצוואונגען צו פערלאָזען מיין בעהעלטעניס און אויסוואנדערען ערגיץ אנדערש, איידער איך וועל האָבען די מעגליכקייט זיך מיט דיר צו זעהען, וועל איך זיך זעהען צו פערבינדען, מיט בועז'ן, מיינער א גוטער פריינד פון בית לחם. איך וועל געווים געפינען א וועג ווי אזוי איהם צו לאָזען וויסען וואו איך בין, און ווען דו וועסט קריגען א געלעגענהייט אימיצען צו שיקען צו איהם, וועסטו קענען פון איהם אויסגעפינען אלעס וואָס האָט מיט מיר פאסירט, און אויך דו, אין פאל דיינע פאנגער וועלען אויסוואנדערען פון דאנען, בעט איך דיר מיר צו לאָזען וויסען דורך בועז'ן דעם פלאַץ וואו דו געפינסט זיך. מעגליך אז איך וועל קענען דיר קומען צו הילף.

נועה איז אוועק מיט איהר הונט אהיים, אהוד האָט זי מיט זיינע בליקען בעגלייט ביז וואנען זי האָט זיך שוין מעהר ניט געזעהן.

ניינטער קאַפּיטעל

## בועז און אהוד

אין שלה האָט מען זיך געגרייט צו פייערען דעם פרעכטיגען יום טוב סכות,

די כהנים זיינען געווען געגרייט אויפצונעהמען די פיעלע געסט, וועלכע קומען אן פון אלע ווינקלען פון לאנד.

מען האט צונויפגעשטעלט פיעלע געצעלטען פאר די אנקומענדע. דער כהן גדול, צדוק, האט בעשלאסען צו ריידען צום פאלק וועגען בויען א הייליגע הייז פאר גאט, ווייל דער משכן וואס איז דארטען געווען, איז געווען צו קליין און ניט געקענט אריינגנעהמען די פילע געסט וועלכע האבען זיך פערמעהרט פון יאהר צו יאהר.

דער יום טוב סוכות, ווען מען פלעגט איינזאמלען די תבואות און די פרוכט פון די פעלדער און גערטנער אין די שייערען איז געווען זעהר פאסיג צו דערמאהנען דעם עולם אן זייער פליכט צו גאט, דאן האט יעדער איד געוואוסט ווי ער שטעהט מיט פרנסה אויף דעם גאנצען יאהר. ער האט געזעהען זיינע שייערן פול מיט תבואה און פירות, זיינע קעלטערען — מיט וויינטרויבען... די פרישע קופעס היי האבען מיט זייער אנגענעהם ריח פער׳שכור׳ט די לופט... די בינשטאקען זיינען פול מיט האניג וואס די בינען האבען ארויסגעצויגען פון די דופטענדע בלומען, דער גראז איז נאד גרין און די קיה גיבען פיעל מילך, דאן איז געווען די צייט ווען יעדער איד האט זיך געפיהלט גליקליך... ער איז געווען בעזארגט מיט פרנסה פאר זיין גאנץ הויז־געזינט... גאט האט זיין ברכה געשיקט אין זיינע פעלדער, אלעס איז געראטען, דעם אנקומענדען יאהר וועלען זיינע קינדער ניט וויסען פון הונגער און דורשט... פון די וואל פון די שעפסען וועט זיין פרוי קענען וועבען ווארימע קליידער פאר אלעמען... און דעריבער איז קיין וואונדער ניט אז דיזער יום טוב סוכות איז געפייערט געווארען ביי אלעמען מיט גרויס פרייד, מיט פראכט און גלאנץ... סיי די ארימע און סיי די רייכע האבען זיך געפיהלט גליקליך, יעדער האט געוואוסט אז ער האט ניט קיין זארג פאר דעם אנקומענדען יאהר, ווייל דער איז געווען גרויס, די רעגענס זיינען אין צייט געקומען און אנגעפילט אלע טיי־

כען, סאזשעלקעס און ברונימער מיט וואסער.

עטליכע טעג פאר יום טוב האט זיך אלימלך גענומען גרייטען אין וועג נאך שילה, ער און זיינע צוויי זיהן. נעמי האט בעשלאסען צו פארבלייבען אין בית לחם, זי האט געוואלט צוזעהן די ארימע לייט פון שטאדט, און אין דערזעלבער צייט האט זי געוואלט אויסגעפינען וואו אהוד איז כדי זי זאל איהם קענען מיט עפעס בעהילפיג זיין... זי האט זיך שטארק גענומען צום הארצען, וואס גרא, אהוד׳ס פאטער איז גענומען געווארען אין געפאנגענשאפט און איז אוועקגעפיהרט געווארען נאך מואב... און אהוד וואנדערט ארום ערגיץ וואו און האט ניט קיין רוה... זי האט געוואוסט אז אזוי לאנג ווי אלימלך איהר מאן און איהרע צוויי זיהן וועלען זיין אין בית לחם, וועט זי גאר ניט קענען אויפטהאן דעריבער האט זי מיט גרויס אומגעדולד געווארט אויף דיזען יום טוב. זי האט געפונען אן אויסרייד פארוואס זי קען ניט מיטגעהן נאך שילה און זי האט געהאט אפגעמאכט מיט בועז׳ן ער זאל אויך פערבלייבען אין בית לחם, פיליכט וועט זיך ביידען צוזאמען איינגעבען עפעס צו טהאן פאר אהוד׳ן און זיין פאטער.

בועז האט איהר געלאזט וויסען אז ער האט געהאט א גרוס פון אהוד׳ן דורך א רייזענדען, וועלכער איז ניט לאנג צוריק אנגעקומען קיין בית לחם, אבער ער האט איהר ניט געקענט דערצעהלען די אלע איינצעלהייטען, צוליעב דעם וואס מחלון און כליון זיינען דאן פלוצלונג אנגעקומען. יעצט ווען זיי זיינען אלע אוועק נאך שילה, האט זי געשיקט איינעם פון איהרע דיענער רופען בועז׳ן.

— זאג מיר וואס דו האסט זיך דערוואוסט וועגען אהוד׳ן? — האט איהם נעמי געפרעגט, ווען בועז איז אנגעקומען.

— ער לאזט מיר וויסען אז פרידען איז צו איהם. ער קריעגט טעגליך זיין שפייז און ער האט מיר זעהר וויכטיגעס צו דערצעהלען אבער ער קען דאס ניט

טהאָן דורך א שליה. און אויב איך וויל זיך מיט איהם זעהן קען איך צוקומען יעדען פריהמאָרגען צו דעם טייך קדרון. דאָרט שפּאַצירט ער ארום יעדען פריהמאָרגען.

— וואָס וועסטו טהאָן? — האָט איהם נעמי געפרעגט.

— איך וועל דאַרפען זעהר פּאָרזיכטיג זיין, קיינער טאָר דערפון ניט וויסען, ווייל אויב עס וועט דערגרייכען די אויערען פון דעם קעניג פון מואב וועט פאַר אונז ביידען זיין זעהר שלעכט... איך וועל דעריבער אויפשטעהן מאָרגען זעהר פריה און אהין אוועקרייטען, איך האָף אז איך וועל איהם נאָך טרעפען דאָרטען... איך וועל ארומרייטען דעם גאַנצען געגענד ביז וואנען איך וועל איהם דערזעהען.

— אָ, ווי מיין הארץ טהוט מיר וועה פאַר דעם אומגליקליכען אהוד, איך וויס אז מיינע זיהן האָבען שטארק געזינדיגט געגען גאָט פאַר זייער האנדלונג, און איך האָף אז גאָט וועט זיי מוחל זיין... איך וועל טהאָן אלעס צו פערגיטיגען...

— ווער וויים וואָס דער קעניג פון מואב האָט געטהאָן צו גרא'ן? — האָט בועז געזאָגט — מעגליך אז ער איז שוין מעהר ניט צווישען די לעבעדיגע...

— ניין! דאָס האָבען שוין מחלון און כליון בעזאָרגט — זיי האָבען געבעטען דעם קעניג ער זאָל זיי ניט טויטען און ער האָט זיי פערשפּראָכען... און דער קעניג וועט זיכער האלטען זיין וואָרט, ווייל זיי האָבען געפונען חן אין זיינע אויגען.

— לאָמיר האָפען, אז קיין אומגליק האָט ניט פּאסירט מיט גרא'ן. ווען איך וועל קענען אהוד'ן פערזיכערען, אז זיין פאָטער לעבט, וועט ער זיך זעהר פרעהען — האָט בועז געזאָגט.

---

אויף מאָרגען איז בועז אויפגעשטאַנען זעהר פריה און אויסגעקליבען א גוטען פערד. ער האָט מיט זיך גענומען א שווערד און א בויגען מיט זעהר פיעל פיילען, און ווען די גאַנצע שטאָדט איז געווען פערזונקען אין א טיפען שלאָף, איז ער ארויס פון שטאָדט און אוועקגעריטען נאָך דעם טייך קדרון. ער האָט אזוי געריטען א קליינע וויילע. דער גאַנצער געגענד ארום איז געווען וויסט, קיין לעבעדיגען מענש האָט ער דאָרטען די גאַנצע צייט ניט באמערקט. א טויטע שטילקייט האָט געהערשט ארום. בועז האָט לאנגזאם ארומגעריטען. ער האָט געזוכט מיט זיינע אויגען דעם גאַנצען געגענד.

בועז האָט בעשלאָסען אויסצורופען אין דער הויך אהוד'ס נאָמען. ער איז געווען זיכער, אז קיין אנדער מענש געפינט זיך ניט אין דיזען געגענד און עס איז ניטאָ קיין געפאהר, אז מען זאָל איהם אויסגעפינען.

"אהוד!" — האָט ער אויסגעשריען גאַנץ הויך, און גלייך האָט זיך דאָס וואָרט אָפּגעהילכט איבער דעם גאַנצען געגענד.

בועז האָט ווידערהאָלט דאָס וואָרט און האָט זיך גענומען ארומקוקען. באלד האָט ער בעמערקט ווי אימיצער קומט ארויס פון צווישען די פעלזענשטיינער. בועז האָט שנעל צוריקגעריטען צו יענעם פלאַץ און דערזעהן אהוד'ן, וועלכער איז מיט גרויס פרייד איהם ענטקעגען געקומען.

— געלויבט איז גאָט וואָס דו ביזט אהער געקומען — האָט אהוד אויסגערופען.

— און געלויבט איז גאָט וואָס איך האָב דיך געטראָפען דאָ — האָט בועז געזאָגט.

— האָסטו געהערט וועגען מיין פאָטער? — איז געווען אהוד'ס ערשטע פראַגע.

— פרידען איז צו איהם! — האָט בועז געענטפערט. — קיין שלעכטעס וועט צו איהם ניט געטהאָן ווערען. ווייל דו דאַרפסט וויסען. אז כאָטש מיינע קורזינס זיינען בעגאַנגען א פערברעכען מיט דעם וואָס זיי האָבען גע'מסר'ט צום קעניג, אָבער אין הארצען זיינען זיי פאָרט אידען און זיי האָבען שוין געזאָרגט אז דיין פאָטער זאָל ניט ליידען... זיי האָבען פערלאַנגט אז ער זאָל איהם בלויז

האלטען ארעסטירט, אבער זיין לעבען איז געזיכערט. דער קעניג האט פארשפראכען נאכצוגעבען זייער וואונש.

— ווען איך טראכט וועגען דעם וואס זיי האבען צו מיר געטהאן, ווערט מיין הארץ אנגעפילט מיט ביטערקייט געגען זיי, ניט אזוי צוליעב די צרות וואס זיי האבען מיך און מיין פאטער פעראורזאכט, ווי צוליעב דעם וואס זיי האבען פערלארען יעדען ברודערליכען געפיהל. זייערע נשמות זיינען פערקנעכטעט, און כדי צו געפינען חן אין דעם קעניג'ס אויגען, האבען זיי איהם גע'חנפ'עט דערמיט וואס זיי האבען איבערגעגעבען אז זיי זוכען צו פערהיטען אן אויפשטאנד געגען איהם און זיי האבען צו איהם גע'מסר'ט אויף אונז.

— איך בערעכטיג ניט זייער טהאט — האט בועז געזאגט, — אבער איך גלויב ניט, אז דאס איז געוועזען זייער כונה. זיי זיינען געוועזען אין כעס, און ווען זיי האבען געזעהן אז דו ביזט שטארקער פון זיי ביידען, האבען זיי זיך דערפיהלט דערשלאגען און פערשעהמט און דאס האבען זיי דורך דעם אויסגעדריקט זייער כעס.

— אבער ווי אזוי איז עס מעגליך אז צוליעב דעם זאלען זיי נעהמען און פערראטען זייערע אייגענע ברידער צו דעם שונא...

— עס איז אויך אמת, — האט בועז ווייטער געזאגט, — אז אלימלך און זיינע זיהן זיינען פעראינטערעסירט אין האבען שלום מיט עגלון דעם קעניג פון מואב, ווייל נאכדעם ווי מחלון און כליון האבען געראטעוועט די צוויי פרינצעסינס, האט זיי דער קעניג שטארק בעפריינדעט. און דאס, גלויב איך, איז די הויפט־אורזאכע. אבער דו דארפסט זיך ניט נעהמען צום הארצען. עס וועט לאנג ניט דויערען און דו וועסט זיך קענען צוריקקעהרען צו דיין לאנד. און דאן וועסטו ווערען דער פיהרער פון ישראל. דו וועסט מיט גאט'ס הילף ארונטערווארפען דעם יאך פון מואב און העלפען דיינע ברידער. אין דער צייט פון זייער

נויט. ווייל ווען איך האב דיך צום ערשטען מאל דערזעהן, האב איך בעמערקט אז דו בעזיצסט אן אויסערגעוועהנליכען גייסט פון גבורה און מוטה. איך מוז דיר איבערגעבען, אז די קורצע צייט וואס דו האסט פערבראכט אין בית לחם האסטו פיעל אויפגעטהאן. די יונגווארג איז גרייט זיך אריינצואווארפען אין קאמף אויף דעם ערשטען רוף. יע, וואס עס פעהלט אונז, איז א פיהרער. און איך האף צו גאט, אז עס וועט לאנג ניט נעהמען און דו וועסט קענען צוריקקומען און זיך פריי בעוועגען איבער ארץ ישראל צו פעראייניגען אלע שבטים.

— דערווייל איז נאך גאנץ ווייט דערצו — האט אהוד טרויעריג געזאגט. — מיר האבען פערלארען אונזער שטאלץ און אונזער זעלבסט־ווירדע... מואב הערשט איבער אונז. און די אנדערע פעלקער פון דרום בענוצען זיך מיט דער געלעגענהייט און מאכען גאנץ אפטע איבערפאלען. זיי רויבען און מארדען אויס גאנצע משפחות. זיי נעהמען די יונגע שעהנע פרויען אוועק אין געפאנגענשאפט, מאכען זיי פאר זייערע דינסטען און קעבסווייבער... זיי טוען עס גאנץ אפט, ווייל צו אונזער גרויסער שאנדע זיינען מיר ניט פעראייניגט, און ווען אזא אומגליק טרעפט איין משפחה, וועט די צווייטע משפחה זיך ניט וויסענדיג מאכען און אפילו ניט קומען צו הילף...

— יע, דאס איז אמת! — האט בועז געשאקעלט מיט'ן קאפ. — אבער מען קען קיינעם ניט בעשולדיגען. די אנדערע משפחות זיינען הילפלאז און ווען זיי וואלטען געמאכט א פערזוך צו קומען צו הילף זייערע אומגליקליכע ברידער, וואלטען זיי אלץ איינס גארנישט געקענט אויפטהאן, זיי וואלטען בלויז פאר זיך געבראכט נאך צרות.

— ניט איין משפחה איז אומגעקומען צוליעב די אפטע אנפאלען פון די עמלקים! — האט אהוד ווייטער געזאגט. — יע, די עמלקים זיינען אונזערע

אייביגע שונאים, און גאָט האָט אונזערע עלטערען אָנגעזאָגט דורך דעם געטליכען מאַן, משה'ן, אויסצומעקען דעם נאָמען פון עמלק פון אונטער די הימלען, און אַזוי לאַנג ווי עמלק עקזיסטירט וועט ער שטענדיג זיין אַ געפאַהר פאַר אונזערע ברידער. איבערהויפּט פאַר דעם שבט שמעון, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון די עמלקים.

— יע, ווי עס ווייזט אויס, ליידט דער שבט שמעון מעהר פון אַלעמען... ניט לאַנג צוריק האָבען מיר די אַרבייטער פון מיין פאָטער'ס פעלדער איבערגעגעבען, אַז זיי האָבען אין פעלד געפונען אַ פער'חלש'טען יונגענמאַן פון דעם שבט שמעון, וועלכער איז געקומען אין פעלד קלייבען זאַנגען זיך צו ערנעהרען.

— אַ יונגערמאַן פון דעם שבט שמעון! — האָט זיך אהוד גענומען פעראינטערעסירען. — ווער איז ער און וואָס האָט מיט איהם פּאַסירט?

— ווען די יונגען האָבען מיר דערצעהלט וועגען איהם, בין איך גלייך ארויסגעקומען. איך האָב איהם געהייסען אריינפיהרען אין דעם געצעלט וואו די וועכטער רוהען. איך האָב גלייך געזעהן, אַז ער איז מיעד און פערשמאַכט. איך האָב געהייסען ברענגען וואַסער און שפּייז, און דער יונגערמאַן איז באַלד צו זיך געקומען. איך האָב איהם גענומען אויספרעגען ווער ער איז און פון ה'אַנען ער קומט, און ער האָט מיר דערצעהלט זעהר אַ טרויעריגע געשיכטע.

— איך בעט דיך, בועז, דערצעהל מיר — האָט אהוד זיך צו איהם געווענדעט.

— פאַרוואָס זאָל איך נאָך דיינע שמערצען פערגרעסערען? האָסטו דען ניט גענוג [illegible] געליטען?

— דו מוזט מיר אַלעס דערצעהלען— האָט אהוד זיך אָפּגערופען, ווייל איך האָב דיר אויך זעהר וויכטיגעס צו דערצעהלען. זאָג דאָך מיר, ווער איז געווען דער יונגערמאַן און וואָס האָט ער דיר דערצעהלט?

— ער האָט מיר דערצעהלט, אַז שוין דריי יאָהר ווי ער וואַנדערט אַרום פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָדט צו שטאָדט. און ווען ער איז אָנגעקומען אין בית לחם, איז ער געווען אַזוי פערהונגערט, אַז ער האָט אפילו קיין כוח ניט געהאַט צו קלייבען די זאַנגען.

— און פאַרוואָס וואַנדערט ער אַרום?
— האָט אהוד געפרעגט בועז'ן.

— מיט דריי יאָהר צוריק זיינען אַ באַנדע עמלקים בעפאַלען זייער דאָרף. זיי האָבען צוראַבירט זיין פאָטער'ס פערמעגען און האָבען גענומען אַלעמען אין געפאַנגענשאַפט, איהם איז געלונגען צו ענטלויפען און ער האָט זיך אויסבעהאַלטען אַ לענגערע צייט. און ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין דאָרף, האָט ער דאָרט קיינעם ניט געטראָפען פון זיין משפּחה... ער ווייס ניט וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט, אויב זיי לעבען, אָדער זיי זיינען דורך די מערדער געטויטעט געוואָרען... דעריבער האָט ער דאָס אַרומגעוואַנדערט צו זוכען זיין משפּחה. ער האָט געהאָפט, פיליי‍כט וועט ער קריגען אַ שפּור פון זיי.

— און וואו געפינט זיך יעצט דער יונגערמאַן? — האָט אהוד מיט נייגיריגקייט געפרעגט.

— איך האָב איהם אריינגענומען צווישען מיינע אַרבייטער יונגען. איך האָב איהם געוואָלט שטיצען, אָבער ער האָט זיך ענטזאָגט צו נעהמען שטיצע. האָב איך איהם געגעבען אַרבייט אין מיין פאָטער'ס פעלדער... איך האָב זיך איבערצייגט, אַז ער איז זעהר בראַוו און עהרליך, און איך האָב בעשלאָסען איהם צו מאַכען פאַר דעם אויפזעהער איבער די אַרבייטער, אָבער ער האָט זיך ענטזאָגט עס אָנצונעהמען: איך וועל דאָ לאַנג ניט קענען פערבלייבען — האָט ער מיר געזאָגט, — ווייל איך וויל פאָרטזעצען צו זוכען מיין משפּחה, און איך וועל אין גיכען אויסוואַנדערען.

— אָבער ער איז דערווייל פערבליבען מיט דיר! — האָט אהוד געפרעגט.
— איך האָף, אַז ער איז נאָך ניט אוועק.
— איך גלויב, אַז ער וועט פערבליי־

בען ביז איבער דעם יום־טוב סוכות, כאטש ער האט מיר געזאגט, אז ער וואלט זעהר געוואלט געהן נאך שילה אויף יום־טוב. דארטען קומען זיך צוזאמען אונזערע ברידער פון אלע שבטים, האפט ער, אז פיליכט וועט ער דארט טרעפען מענשען, וועלכע וועלען וויסען עפעס פון זיין משפחה.

— איז ניט זיין נאמען ימואל? — האט אהוד געפרעגט.

— דו קענסט איהם!! — האט בועז אויסגערופען מיט ערשטוינונג. — האסטו דען איהם אויך בעגעגענט ערגיץ־וואו?!

— ניין, איך קען איהם ניט! — האט אהוד געענטפערט. — אבער איך האף, אז ער האט נאך בית לחם ניט פערלאזען.

— און פון וואנען ווייסטו ווער ער איז?

— איך האב דא געטראפען זיין שוועסטער.

— זיין שוועסטער?! — איז בועז'ס ערשטוינונג נאך גרעסער געווארען.

— זיין שוועסטער, איהר נאמען איז נועה!

— יע, ריכטיג, ער האט מיר אויך דערצעהלט, אז זיין שוועסטער'ס נאמען איז געוועזען נועה... אה, ווי גליקליך ער וועט זיך פיהלען, ווען ער וועט אויסגעפינען, אז זיין שוועסטער לעבט! און איהרע עלטערען?

— איהר פאטער און מוטער האבען די עמלקים געטויטעט!

א טרויער האט זיך בעוויזען אויף בועז'ס פנים:

— געטויטעט! — האט ער אויסגערופען. — אומגליקליכער ימואל, ער האט נאך געהאפט, אז זיי לעבען. אבער דערצעהלט מיר, פון וואנען ווייסטו עס אלעם?!

— איך בין איין טאג ארויס פון מיין בעהעלטעניש און געשפאצירט צו דרום צו, האב איך זי דערזעהן. זי האט געטראגען א קרוג און געגאנגען שעפען וואסער. איך האב זיך דערפרעהט צו זעהן א לעבעדיגען פערזאן אין דיזען געגענד. און איך בין זיך מודה, אז די מיידעל האט מיך מיט איהר שעהנקייט בעצויבערט. איך האב געקראגען א פערלאנג צו ריידען מיט איהר און איך האב פערגעסען אן דער גרויסער געפאהר, וואס לויערט אויף מיר, און איך האב איהר געפרעגט, אויב עס איז פאראן א פלאץ אין איהר פאטער'ס הויז פאר מיר איבערצונעכטיגען. דאן האט זי מיר מיט טרעהרען דערצעהלט, אז זי איז א געפאנגענע ביי א משפחה פון עמלקים, זי און איהר אינגערע שוועסטער, וועלכע ווערט גוט אפגעהיט. און ווען זי וואלט געמאכט א פערזוך צו ענטלויפען, וואלטען זיי איהר קליינע שוועסטער געטויטעט.

— איז דען גאר ניטא קיין מעגליכקייט זי צו ראטעווען? — האט בועז געפרעגט אהוד'ן.

— די משפחה איז ניט קיין גרויסע, אבער זיי זיינען אלע רויבער און זיינען פערבונדען מיט אנדערע רויבער־משפחות פון עמלק. און דאס דארף געטהאן ווערען מיט גרויס פארזיכטיגקייט.

— און וואס האט זי דיר דערצעהלט וועגען איהרע עלטערען און איהר ברודער?

— זי גלויבט, אז די עמלקים האבען אויך איהר ברודער געטויטעט, ווייל די צוויי עלטערע זיהן פון דעם רויבער האבען זיך נאך איהם נאכגעיאגט, און ווען זיי האבען זיך אומגעקעהרט צו זייער פאטער, האבען זיי זיך בעריהמט אז זיי האבען איהם דעריאגט און געטויטעט.

— מעגליך, אז אויך איהרע עלטערען לעבען נאך און זיי בעהאלטען זיך אויס ערגיץ־וואו.

— ניין, איהרע עלטערען זיינען טויט!

— האט אהוד טרויעריג א זאג געטהאן.

— די מערדער האבען זיי געטויטעט פאר איהרע אויגען... זי איז נאך דאן גאר יונג געוועזען, בלויז פערצעהן יאהר אלט.

— און זי האט שוין אזויפיעל דורכ־

געמאכט — האט בועז געזאגט און זיינע אויגען זיינען אנגעפילט געווארען מיט טרערען.

— זי ליידט נאך יעצט, די אומגליקליכע, זי טוט אלע שווערע ארבייט, און אין גיכען וועט דער עלטערער זוהן איהר מאכען פאר זיין פלגש..

— דאס טאר ניט דערלאזט ווערען!

— האט בועז אויסגערופען. זאג מיר אהוד, ווי אזוי קענען מיר איהר העלפען!

— ווען ניט איהר אומגליקליכע שוועסטער, וואלט מען שוין געקענט געפינען א וועג — האט אהוד געזאגט — אבער יעצט דארפען מיר זעהר פארזיכטיג זיין. פריהער פון אלעם מוזטו ברייגנען ימואל'ן צו מיר, און צוזאמען וועלען מיר זיך באטראכטען... די משפחה פון עמלק'ס טאר קיין פארדאכט ניט האבען, אז מען איז אויף זייער שפור, אז ניט וועלען זיי אויסוואנדערען טיעפער נאך דעם לאנד עמלק און דאן וועט אלעס זיין פארפאלען... יעצט איז די רויבער משפחה אפגעזונדערט און עס וועט ניט זיין זעהר שווער צו מאכען אן איבערפאל אויף די מערדער און טאן צו זיי ווי זיי האבען געטאן צו די עלטערען פון ימואל'ן אין נועה.

— עס וועט זיין זעהר שווער דורכצופיהרען אזא זאך אין דער יעצטיגער צייט — האט בועז געזאגט — ווי איך פארשטעה נאך דיינע רייד, באשטעהט די משפחה פון עמלק'ס פון שטארקע מענשען, וועלכע זיינען געאיבט אין קאמף... און צו מאכען אן איבערפאל אויף זיי, וועלען מיר מוזען האבען נאך עטליכע גבורים. אבער דאס קען מען יעצט ניט באהויפטען, דיין באהעלטעניש מוז דערווייל בלייבען א סוד פאר אלעמען... ווען נאך איינינע מענשען וועלען וויסען וועגען דיר, וועט שוין לאנג קיין סוד ניט זיין, און דו דארפסט אויך ניט פארגעסען, אז עמלק איז פארבונדען מיט מואב, און ווען עס וועט דערגרייכען די אויערען פון דעם קעניג פון מואב אז א משפחה פון עמלק איז ערמארדעט געווארען דורך און איבערפאל וואס איינינע פון ישראל האבען געמאכט, וועלען מיר איהם דורך דעם מעהר אויפרייצען. און ווער ווייס אויב ער וועט נאך אמאל צוזאמען מיט עמלק'ן ניט קומען מלחמה האלטען מיט אונז!

— מיט דער הילף פון נועה'ן וועלען מיר קענען דערגעהן ווען עס איז די בעסטע צייט זיי צו באפאלען... און איך בין זיכער, אז איך און ימואל וועלען קענען דורכפיהרען די ארבייט אהן דער הילף פון אנדערע, אויב מיר וועלען נאר האבען געוועהר.

— איך האב מיטגענומען א שווערד און א בויגען מיט פיילען — האט בועז געזאגט און ארויסגענומען פון א פעקעל די פיילען, און אט איז דער בויגען! — האט ער איהם איבערגעגעבען.

— איך דאנק דיר בועז! — האט אהוד געזאגט — דאס וועט מיר דא שטארק צוניץ קומען. אין דיזען געגענד קומען אן גאנץ אפט ווילדע חיות.

— דו קענסט אויך האבען א שווערד!

— האט בועז איהם דערלאנגט.

— ניין, דו האלט דעם שווערד פאר זיך, ביז וואנען דו וועסט זיך צוריקקעהרען בשלום אהיים. נועה האט מיר געבראכט א שווערד, וואס זי האט ארויסגענומען פון די פיעלע שווערדען וואס געפינען זיך דארטען.

— ייצט וועל איך זיך אומקעהרען אהיים — האט בועז זיך אפגערופען — דער וועג איז זעהר לאנג, און איך וויל אנקומען אין בית להם איידער די זון פארגעהט.

— איך וואלט געוואלט, או דו זאלסט זיך אויך באגעגענען מיט נועה'ן, וויל זי וועט זעהר נייגעריג זיין צו הערען פון איהר ברודער ווען זי האלט פאר טויט.

— אבער דערווייל קען דאך מעגליך זיין, אז ער וועט פארלאזען בית לחם, און מי רוועלען פון איהם יעדען שפור פארלירען.

— אויב אזוי וועל איך דיר לענגער ניט פארהאלטען. אויב דו וועסט איהם נאך טרעפען אין בית לחם זאלסטו איהם אנזאגען ער זאל מארגען אין דער פריה

זיין אין דיזען געגענע, זאָל ער אויס־רופען מיין נאָמען, וועל איך שוין וויסען, אז דאָס איז ניט קיין שונא און דאן וועל איך צו איהם צוגעהן.

בועז האָט זיך געזעגענט מיט אהוד׳ן ון איז שנעל צוריקגעריטען קיין בית לחם. ער האָט געהאָפט, אז ער וועט נאָך קענען טרעפען ימואל׳ן.

ווען ער איז אָנגעקומען אין שטאָדט, איז ער באַלד צוגעריטען צו דעם פעלד וואו ימואל האָט געזאָלט ארבייטען מיט די איבעריגע יונגען.

די ארבייטער זיינען איהם אנטקיגען געקומען און בועז האָט זיי גלייך גע־פרעגט:

— איז ימואל דאָ צווישען אייך?

— ניין, מיין האר! — האָט איינער פון די ארבייטער געענטפערט. ער איז היינט אין דערפריה אוועקגעגאנגען.

— וואוהין איז ער געגאנגען? — האָט בועז געפרעגט.

— ער האָט געזאָגט, אז ער געהט נאָ שילה! דאָרטען האָפט ער וועט ער קענען פיליכט דערגעהען וואו זיינע עלטערען געפינען זיך...

— אָרימער ימואל! — האָט בועז טרויעריג א זאָג געטאָן. ווען ער וואָלט געוואוסט...

בועז האָט זיך אומגעקעהרט אהיים. ער האָט זיינע דינער געהייסען צוגריי־טען פאר איהם זיינע יום־טוב׳דיגע בגדים און שפייז אויפ׳ן וועג.

— מאָרגען וועל איך אָפּריזען נאָך שילה — האָט ער זיי געזאָגט — א־ן איך וועל שוין דאָרטען געוויס זיך פאר־זאמען ביז איבער דעם יום־טוב סוכות.

---

גרויס איז געווען די איבערראשונג ווען שלמון האָט דערזעהן זיין זוהן בועז אין שילה.

— מיין זוהן! — האָט ער מיט שרעק אויסגערופען — האָט עפּעס פּאַ־סירט ביי אונז!

— ניין, פאָטער, שלום איז צו אונז אלעמען.

— און פארוואָס ביזטו דאָ געקומען אומגעריכטערהייט?

— ווייל ימואל, איינער פון די יונגען וועלכע ארבייטען אין אונזערע פעלדער, האָט פארלאָזען זיין ארבייט און איז אוועק נאָך שילה, און דאָס בין איך גע־קומען איהם אויפצוזוכען דאָ.

— וואָס האָט ער געטאָן? — האָט שלמון אויסגערופען — האָט ער אונז באַ׳גנב׳עט!

— אָה, פאָטער! — האָט בועז גע־זאָגט — ימואל איז אן עהרליכער מאן.

— אָבער פארוואָס ביזטו אהער גע־קומען איהם אויפזוכען.

— ווייל איך האָב זעהר וויכטיגע נייעס פאר איהם. דו ווייסט דאָך, אז ער האָט ארומגעוואנדערט פאר דריי יאָהר צייט מיט דער האָפנונג צו געפינען זיין משפחה. וואָס איז גענומען געוואָרען געפאנגען ביי די עמלקים. יעצט האָב איך אויסגעפונען וואו זיינע שוועסטער געפינען זיך.

— און זיינע עלטערען?

— זיינע עלטערען זיינען טויט. די עמלקים האָבען זיי געטויטעט, און די שוועסטער האָבען זיי גענומען געפאנגען. אָה, איך האָף, אז איך וועל איהם נאָך דאָ טרעפען.

— מאָרגען איז ערב יום טוב און אלע וועלכע זיינען אהער אָנגעקומען וועלען זיך פארזאמלען ארום דעם משכן. דאָרט וועט געוויס אויך ימואל זיין, אָבער זאָג מיר, בועז, פון וואנען האָסטו עס אויסגעפונען?

— איך בעט דיך, פאָטער, פרעג מיך יעצט נישט... איך קען דיר גאָרניט זאָגען דערוויל. און זעה, אז אלימלך און זיינע זיהן זאָלען ניט וויסען פאר־וואָס איך בין אהער אָנגעקומען.

— וואָס דען וועסטו זיי זאָגען?

— איך וועל שוין געפינען אן אויס־רייד, אָבער וואו געפינען זיי זיך יעצט?

— אלימלך און זיינע זיהן געפינען זיך אין דעם הויז פון דעם כהן גדול, צדוק! — האָט שלמון געזאָגט — דו ווייסט דאָך, אז צדוק האָט צוויי טעכטער און אלימלך וויל זיך משדך זיין מיט זיי.

— און מחלון און כליון? זיינען זיי וויליג?

— פארגעס ניט, אז דעם כהן גדול'ס טעכטער זיינען זעהר שעהן און פארוואס זאלען זיי ניט וועלען זיי נעהמען פאר פרויען?

— איך ווייס אבער, אז זייערע הערצער געפינען זיך אין מואב.

— אין מואב?! — האט שלמון מיט פארוואונדערונג געפרעגט.

— יע, זינט זיי האבען צום צווייטען מאל באזוכט מואב און מעהר ערמוטיגט געווארען ביי די פרינצעסינס, האבען זיי פון זיי ניט אויפגעהערט צו טראכטען. מחלון האט מיר פארטרויט, אז ער האט ליעב באקומען רות'ן און כליון איז ניט גלייכגילטיג צו ערפה'ן.

— וואס רעדסטו? — האט שלמון אויסגערופען מיט ענטריסטונג. — ווייסטו דען ניט, אז מיין ברודער אלימלך וועט ניט דערלאזען, אז זיינע זיהן זאלען הייראטען מיט טעכטער פון א פרעמדען פאלק?

— אבער ווען די טעכטער זיינען פרינצעסינס, איז עפעס אנדערש, — בועז א שמייכעל געטהאן. — דאן וועט שוין אפילו אלימלך ניט זיין שטארק דאגעגען.

— עס איז אונמעגליך! — האט שלמון אויסגערופען. — ווי אזוי וועט ער קענען טהאן אזא זאך? און אויסער דעם, האט ער מיר אליין געזאגט וועגען זיין פלאן צו נעהמען פאר זיינע זיהן דעם כהן גדול'ס טעכטער.

— עס קען זיין, אז זיי האבען זיך געענדערט, — האט בועז א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

---

ווען ימואל איז אנגעקומען אין שילה האט ער קיין איין מענשען ניט דורכגעלאזען, וועמען ער האט ניט געפרעגט, אויב זיי האבען ערגעץ וואו באמערקט זיינע עלטערען און זיינע שוועסטער. ער איז צוגעקומען צו דעם פלאץ, וואו אלע האבען זיך פארזאמעלט צו באאבאכטען ווי די יוגענד מאכט זיך לוסטיג, ווי די מיידלעך טאנצען. איהם איז אין קאפ ניט געלעגען די פרעהליכקייט. ער האט ניט אויפגעהערט צו טראכטען וועגען דעם צוועק פון זיין קומען. און ביי יעדער געלעגענהייט האט ער געפרעגט יעדען איינעם, וועמען ער האט נאר אנגעטראפען.

דער פארזאמעלטער עולם איז געווען פרעהליך און לוסטיג. מיט גיריגע בליקען האבען אלע זיך צוגעקוקט צו די יונגע מיידלעך און בחורים, וועלכע האבען געזונגען און געטאנצט.

ימואל'ן האט דארטען זיין טרויער נאך מעהר געדריקט. ער האט דערזעהן ווי יעדערער האט משפחה. קינדער זיינען צוזאמען מיט זייערע עלטערען. און ער איז אליין, עלענד, ער האט דא קיינעם ניט, פאר וועמען ער זאל קענען זיין הארץ אויסגיסען.

ער האט געפונען א באזונדערען פלאץ נעבען א בוים. זיין הארץ האט איהם אזוי געדריקט, אז ער האט ניט געקענט איינהאלטען זיינע טרעהרען, וואס האבען געפלאסען פון זיינע אויגען. זיין קאפ האט ער געהאלטען ארונטערגעבויגען, אונטערגעשפארט מיט זיינע הענט.

— וואס איז מיט דיר, אומבאקאנטער? — האט ימואל פלוצלונג דערהערט א פרויען־שטימע.

ער האט זיך שנעל אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און דערזעהן פאר זיך צוויי יונגע שעהנע מיידלעך.

ער האט שנעל אפגעווישט זיינע טרערען און זיך באמיהט צו באווייזען א פרעהליך פנים.

— פרידען איז צו מיר! — האט ער געענטפערט עטוואס פארשעהמט.

— אבער מיר זעהען דאך, אז דו וויינסט? האט מיט דיר עפעס פאסירט?

—האט איינע פון זיי איהם געפרעגט

ימואל האט געשוויגען.

— ביזטו דא איינער אליין?

— יע, איך בין דא אליין!

— און וואו זיינען דיינע עלטערען?

זיינע אויגען זיינען ווידער אנגעפילט געווארען מיט טרעהרען.

— איך ווייס ניט! — האט ער טרויעריג געענטפערט.

**די**ביידע מיידלעך הָאבען איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג און זיך אויבערגעוואָרפען מיט בליקען.

— איך בין ביי מיין פולען פארשטאנד! — הָאט ימואל זיך צו זיי אָפּגערופען. — אָבער מיין הארץ איז מיר פארביטערט. איך בין פון שבט שמעון. א באנדע עמלקים זיינען אונז באפאלען, הָאבען צעראבירט אלעס, וואָס מיר הָאבען פארמאָגט. זיי הָאבען גענומען געפאנגען מיינע עלטערען און מיינע שוועסטער און זינט דאן ווייס איך ניט וואָס מיט זיי הָאט פאסירט. איך בין דער איינציגער, וועמען עס הָאט געלונגען זיך פון די רשעים׳ס הענט זיך ארויסצורייסען. איך בין אנטלאָפען געוואָרען. זיי הָאבען מיך נאָכגעיאָגט, אָבער זיי הָאט זיך ניט איינגעגעבען מיך צו כאפּען.

— און ווי לאנג איז עס שוין?

— דריי יאָהר. איך הָאב ארומגעוואנדערט איבער׳ן גאנצען לאנד. אומעטום הָאב איך זיי ארומגעזוכט. אָבער אומזיסט. און יעצט הָאב איך באשלאָסען צו קומען אהער, נאָך שילה, וואו אזוי פיעל פון אונזערע ברידער קומען זיך צונויף. איך הָאב געמיינט, אז פיעלייכט וועל איך דאָ פון וועמען עס איז קענען קריגען א שפור פון מיין משפחה, אָבער ווי עס ווייזט אויס, איז אויך מיין יעצטיגע מיה געווען אומזיסט... מענשען ווערען אומגעדולדיג, ווען מען דערצעהלט זיי וועגען צרות... דאָ איז מען דאָך געקומען צו פייערען דעם יום טוב סכות און אלע ווילען פרעהליך זיין...

— און וואו וועסטו נעכטיגען?

— איך וועל נעכטיגען אין דרויסען, אונטער׳ן פרייען הימעל! איך בין שוין דערצו געוואוינט געוואָרען.

— ניין, דו קום בעסער מיט אונז צו אונזער פאָטער׳ס הויז, דאָרטען איז פאראן גענוג פלאץ און אויסער דעם, פיעלייכט וועט דיר אונזער פאָטער קענען מיט עפּעס באהילפיג זיין?

— איך דאנק אייך, גנעדיגע פרויען! איהר זייט די ערשטע, וועלכע הָאבען מיר דאָ, אין דער פרעמד און אין עלענדקייט, ארויסגעצייגט צערטליכקייט, — הָאט זיך ימואל א נייג געטהאָן. — אָבער איך זעה ניט איין, ווי אזוי אייער פאָטער וועט קענען מיר העלפען אין מיין צרה.

— אונזער פאָטער איז דער כהן גדול, צדוק! — הָאט די עלטערע שוועסטער, צפורה, זיך אָפּגערופען. — און צו איהם קומען פארשיעדענע מענשען פון אלע שבטים... מעגליך, אז ער הָאט עפּעס געהערט פון דיין משפחה?

— ווי אזוי קען איך אָבער פאלען צו לאסט אייער פאָטער? — הָאט ימואל געזאָגט. — איך בין אהער אָנגעקומען מיט ליידיגען און אפילו מיינע קליידער זיינען וואָכעדיגע.

— דו דארפסט וועגען דעם ניט זאָרגען! — הָאט די איינגערע, שושנה, זיך אָפּגערופען. — אונזער פאָטער אורטיילט ניט קיין מענשען נאָך זיינע קליידער.

— און אויסער דעם, — הָאט צפורה צוגעגעבען, — ווייסט מען ניט אין שילה פון קיין אונטערשיעד פון אָרים צו רייך. די אָרימע טראָגען די זעלבע קליידער ווי די רייכע און דו הָאסט זיך געוויס ניט וואָס צו שעהמען. קום מיט אונז און מיר וועלען דיך אריינפיהרען אין אונזער פאָטער׳ס הויז.

ימואל הָאט מיט צופרידענהייט אָנגענומען זייער איינלאדונג. א פונק האָפענונג הָאט אין זיין הארצען א טליהע געטהאָן. ווער ווייסט? פיעלייכט וועט דער הייליגער כהן גדול איהם קענען באהילפיג זיין?

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו זייער הויז, הָאבען זיי איהם געהייסען צוווארטען און די שוועסטער זיינען אריין אין הויז און איבערגעגעבען זייער פאָטער וועגען ימואל׳ן.

— און פארוואָס הָאט איהר איהם ניט געהייסען אריינקומען אינעווייניג? — הָאט צדוק דער כהן גדול זיי פאָרגעוואָרפען.

צפורה און שושנה הָאבען זיך פארשעהמט.

— איך וועל איהם געהן אריינרופען!
— האט צפורה זיך אפגערופען.

— גוט, זאל ער אריינקומען! ער מוז זיין פארשמאכט. עס איז א מצוה מקרב צו זיין יעדען אידען צו יעדער צייט, און בפרט אין אזא יום טוב, ווען עס איז א מצוה פרעהליך צו זיין און מיר דאר־פען ניט דערלאזען, אז א איד זאל אין אזא צייט זיין איינגעהילט אין טרויער.

צפורה איז ארויסגעגאנגען און צוגע־רופען ימואל'ן.

— דו ביזט ווילקאמען אין אונזער פאטער'ס הויז! קום מיט מיר אריין.

ימואל האט זיך א נייג געטהאן און ער איז נאכגעגאנגען צפורה'ן.

צדוק האט איהם זעהר פריינטליך אויפגענומען. ער האט געהייסען צפורה'ן דערלאנגען איהם שפייז, און נאכדעם ווי ער האט אפגעגעסען, האט ימואל דערצעהלט דעם כהן גדול אלע איינצעל־הייטען, וואס מיט איהם האט פאסירט ביז יעצט.

— און דו האסט געארבייט די לעצ־טע עטליכע וואכען אין די פעלדער פון שלמון? — האט צדוק געזאגט.

— יע, מיין האר! זיין זוהן, בועז, האט מיך דארט אנגעשטעלט. ווי א מלאך פון הימעל האט איהם גאט צו מיר געשיקט. ער האט מיך געטרייסט אין מיין ליידען און מיר געגעבען מוטה און האפענונג.

— באלד וועט אהער קומען שלמונ'ס ברודער, אלימלך, און זיינע צוויי זיהן מחלון און כליון.

ימואל האט א לייכטען ציטער גע־טהאן.

צדוק האט אין איהם דערקענט, אז דאס האט ער א ציטער געטהאן, ווען ער האט געהערט דערמאנענדיג די נעמען פון אלימלכ'ס זיהן.

— זאג מיר, מיין זוהן, קענסטו דען מחלון און כליון?

— איך בין זיך מודה, אז איך האב זיי בלויז איין מאל געזעהן, אין די פעל־דער פון שלמון, אבער די יונגען, מיט וועמען איך האב געארבייט, האבען מיר וועגען זיי דערצעהלט.

— און וואס האבען זיי דיר דער־צעהלט? — האט צדוק איהם געפרעגט.

— מיין האר! איך וויים ניט, אויב עס וועט זיין ריכטיג פון מיין זייט צו רעדען שלעכטס אויף די, וועלכע וועלען באלד זיין דיינע געסט.

— פונדעסטוועגען בעט איך דיך, ימואל, דערצעהל מיר אלעס, וואס מען רעדט וועגען זיי. איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען. און ווען דו וועסט מיר אי־בערגעבען בלויז, וואס דו האסט גע־הערט אנדערע דערצעהלען, וועט עס ניט הייסען, אז דו דערצעהלסט רכילות.

— אין בית לחם זיינען פיעלע יונגען ארבייטער זעהר אויפגעבראכט אויף מחלון און כליון.

— פארוואס?

— ווייל זיי האבען גע'מסר'ט דעם קעניג פון מואב אויף צוויי אידען פון דעם שבט בנימין.

— זיי האבען גע'מסר'ט אויף צוויי אידען? — האט צפורה אויסגערופען.
— ווי איז עס מעגליך?

— ווען איך האב דאס צום ערשטען מאל געהערט, האב איך אויך געשטוינט און עס ניט געוואלט גלויבען. אבער, צום באדויערען, איז עס אמת. אין בית לחם זיינען אנגעקומען צוויי אידען פון שבט בנימין, גרא און זיין זוהן אהוד, און, ווי מען האט מיר איבערגעגעבען, זיינען זיי אהער געקומען אויפצומונטערען דעם עולם און לערנען די יונגען ווי אזוי צו שיסען מיט א פייל־און־בויגען. אין פאל פון א מלחמה, זאלען זיי וויסען ווי אזוי ארויסצואווייזען א ווידערשטאנד דעם אויפגעבראכט די צוויי ברידער און זיי האבען גע'מסר'ט דעם קעניג עגלון. און באלד זיינען אנגעקומען אין בית לחם מואבישע מיליטער און ארומגערינגעלט דעם פאטער מיט'ן זוהן. דעם פאטער האבען זיי געפאנגען און דעם זוהן, אהוד, איז געלונגען צו אנטלויפען.

— אה, ווי אונמענשליך! — האט שושנה אויסגערופען מיט פארביטערונג.

— ווי אזוי האבען זיי געקענט טהאן

אזא זאך און איבערגעבען אין די הענט פון שונא אייגענע ברידער, וועלכע האָבען געזוכט צו פארבעסערען דעם צושטאנד פון זייער פאָלק?

— איך האָב ניט לאנג צוריק אויך געהערט אזעלכע קלאַנגען, — האָט צדוק זיך אָפּגערופען, — אָבער איך האָב ניט געגלויבט. איך האָב געמיינט, אז דאָס האָבען זייערע שונאים אויף זיי אויסגעטראכט א בלבול. יעצט זעה איך, אז עס איז אמת.

— און זיי וועלען נאָך היינט קומען אונז באזוכען! — האָט שושנה געזאָגט.

— איהר, מיינע טעכטער, דארפט וועגען דעם מיט זיי ניט רעדען. איך וועל שוין אליין מאכען די אויספאָרשונג. און וואָס אנבאלאנגט, דיר, ימואל, וועל איך מאָרגען, ווען אלע אידען וועלען זיך צונויפזאמלען אין משכן, אויסרופען וועגען דיין אומגליק און אויב עס וועט זיך געפינען אימיצער, וועלכער ווייסט עפּעס פון דיין משפּחה, וועט ער זיך אָפּרופען.

— איך דאנק דיר, מיין האר! — האָט ימואל זיך א נייג געטהאָן. — דו האָסט געטהאָן פיעל חסד מיט דיין קנעכט.

— דו וועסט פארבלייבען אין מיין הויז ביז איבער יום טוב. און דו דארפסט זיך ניט שטערען. דו וועסט פארדעכענט ווערען ווי אן אייגענער אין מיין הויז.

צדוק האָט א וואונק געטהאָן צו זיין עלטערער טאָכטער און זי איז צו איהם צוגעגאנגען. ער האָט איהר עפּעס אריינגערוימט אין אויער און זי איז ארויס און גלייך צוריקגעקומען מיט יום טובדיגע מלבושים.

— קום, ימואל! איך וועל דיר אָנצייגען דיין צימער, דו וועסט זיך ארומוואשען און אָנטהאָן דיעזע בגדים, ווייל היינט אין אָוונט וועלען מיר אלע געהן אין משכן צו גאָטעסדינסט.

ימואל האָט געטהאָן אלעס, וואָס זי האָט איהם געזאָגט. ער איז געווען אזוי באַרוישט פון דער צערטליכקייט, וואָס אלע האָבען איהם ארויסגעצייגט... ער האָט א ווייַלע צו זיך ניט געקענט קומען פון דעם. ער האָט דערזעהן די שעהנע צפּורה, וועלכע ווייזט איהם ארויס אזוי פיעל צערטליכקייט.

— איך בין ניט ווערטה, אז דו זאָלסט מיר שענקען אזוי פיעל אויפמערקזאמקייט, — האָט ימואל זיך אָפּגערופען צו צפּורה'ן, נעהמענדיג פון איהרע הענט די מלבושים. —איך ווייס ניט, אויב איך וועל ווען עס איז האָבען די מעגליכקייט דיר אָפּצודאנקען פאר דעם גוטס וואָס דו האָסט מיט מיר געטהאָן.

— יעדער איינער וואָלט אזוי געטהאָן צו א פרעמדען, וועלכער איז אזוי עלענד און איינזאם, און ליידט אזוי פיעל, — האָט צפּורה געענטפערט.

ווען ימואל האָט זיך ארומגעוואשען און אומגעביטען זיינע קליידער, איז ער ארויסגעקומען אין צימער, וואו ער איז פריהער געווען און צו זיין גרויס איבערראשונג האָט ער דאָרטען געטראָפען אלימלכ'ן און מחלונ'ען מיט כליונ'ען, פארברייגענדיג מיט דעם כהן גדול און זיינע טעכטער.

— איז ער דען ניט דער יונג, וועמען בועז האָט אָנגעשטעלט צו ארבייטען אין זיין פאָטער'ס פעלדער? — האָט כליון שטילערהייט א פרעג געטהאָן זיין ברודער.

— יע, דו ביזט גערעכט! — האָט מחלון אָפּגעמאָסטען ימואל'ן. — אָבער ווי קומט ער אהער? מיר דאכט זיך, אז ער איז פון דעם שבט שמעון? איז עס מעגליך, אז ער זאָל זיין פארוואנדעט צו דער משפּחה פון כהן גדול?

— איך וועל פרעגען שושנה'ן, — האָט כליון געזאָגט און זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ.

שושנה האָט גראדע דאן פארלאָזען דאָס צימער און כליון איז ארויסגעגאנגען און איהר געפרעגט.

— זאָג מיר, ווי אזוי קומט אָט דער יונגערמאַן, וועלכער איז אן ארבייטער אין מיין פעטער'ס פעלדער, אין דיין פאָטער'ס הויז? איז ער דען א קרוב צו דיין משפּחה?

— ניין, מיין האר! — האט שושנה זיך אפגערופען. — ער איז א פרעמדער און אונזער פאטער האט איהם איינגעלאדען צו זיין מיט אונז ביז איבער יום טוב.

— אבער ווי אזוי קומט ער אהער? ער איז דאך אן ארימער יונג? — האט כליון א קוועטש געטהאן מיט די פלייצעס.

שושנה האט איהם ניט געענטפערט און איז צוריק אריין אין צימער.

כליון האט זיך אויך אומגעקעהרט, און אלע האבען ווייטער געמיטליך געשמועסט.

ימואל האט זיך אויך צוגעזעצט צום טיש, אבער אלימלך און זיינע זיהן האבען זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט.

צדוק האט גלייך ניט געוואלט אנריהרען די פראגע וועגען דער מסירה, ער האט געווארט אויף א געלעגענהייט, און דערווייל האבען זיי געשמועסט וועגען אנדערע זאכען, וועגען דער גערעטענים, וועגען די פיעלע בעזוכער אין שילה, וועגען פארשידענע פאסירונגען, וואס האבען געטראפען איבער'ן לאנד.

אין א צייט, ווען אזוי פיעל אידען פון פערשיעדענע שבטים קומען זיך צונויף אין שילה, ווערט צו אלעמען בעקאנט פיעלע וויכטיגע פאסירונגען.

— אבער ווי עס ווייזט אויס, זיינען ניט אלע פאסירונגען פרעהליכע—האט צפורה זיך אריינגעמישט. — דיזען יאהר האבען מיר געהערט פון פיעלע אומגליקען, וואס האבען פאסירט אין גאנץ ארץ ישראל.

— אט בעפאלען די עמלקים פון דרום אידישע משפחות און צוראבירען זייער האב און גוטס און דאס איז נאך ניט גענוג פאר זיי, פאנגען זיי אלעמען און ווער וויים וואס זיי טוען צו זיי?—האט שושנה צוגעגעבען.

— יע, די לאגע אין ארץ ישראל איז זעהר ניט קיין גינסטיגע, מיר זיינען נאך אלץ אפהענגיג פון דעם חסד פון עגלון דעם קעניג פון מואב — האט צדוק זיך אפגערופען.

— און ווען מיר זאלען גוט בעטראכטען, איז דער קעניג פון מואב גארניט אזוי שלעכט — האט אלימלך געזאגט.— אמת, מיר צאהלען איהם קליינע צינזען, דערפאר זיינען מיר פריי צו טהאן וואס מיר ווילען. מיר האבען פריעדען אין אונזער לאנד.

— און לויט די נייעס וואס איז דערגאנגען מיינע אויערען — האט צדוק געזאגט — ווייזט אויס, אז מיר האבען שוין גאר קיין פרייהייט ניט! א איד איז שוין ניט זיכער אפילו אין זיין אייגען לאנד... דער קעניג קען צו יעדער צייט שיקען זיינע סאלדאטען און איהם אוועקרייסען פון זיין לאנד. איך האב זיך נאר־וואס דערוואוסט, אז צוליעב דעם וואס צוויי אידען פון שבט בנימין זיינען געקומען איבען די יוגענד ווי צו שיסען מיט'ן פייל און בויגען, האט דער קעניג בעפוילען זיי צו ארעסטירען.

— ווען זיי וואלטען געקומען בלויז לערנען די יוגענד ווי צו שיסען, וואלט זיי קיינער ניט געטשעפעט — האט מחלון זיך אפגערופען. — אבער אין דער זעלבער צייט האבען זיי גענומען אויפרייצען דאס פאלק צו אן אויפשטאנד געגען מואב, און דאס וואלט געשטערט דעם פריעדען פון אונזער לאנד. מיר אלע ווייסען, אז ישראל איז ביי יעצטיגער צייט ניט געגרייט אנצופאנגען א מלחמה מיט דער מעכטיגער מואב. און ווען עס וואלט זיי ערלויבט געווען אנצוגעהן אונגעשטערט מיט זייער אויפרייצען די יוגענד, וואלטען זיי אויף אונזער גאנצען לאנד געבראכט אן אומגליק! זיי וואלטען דערצערענט דעם קעניג, און ער וואלט זיכער פערגרעסערט די צינזען.

— און פיליכט וואלט געלונגען די צוויי פון שבט בנימין צו ברייגען גליק פאר אונזער פאלק? — האט צפורה זיך אפגערופען. — מעגליך, אז דורך זייער ריידען וואלטען די שבטים געווארען ענגער פעראייניגט, און דאן וואלטען זיי קיין מורא ניט געהאט פאר דעם קעניג פון מואב.

— מיר זיינען געווען אין מואב, מיר האבען געזעהן מואב'ס מאכט — האט כליון געזאגט — און מיר ווייסען, אז מואב איז יעצט זעהר מעכטיג. דער קעניג האט א גרויסע ארמעע, גרייט צו מלחמה צו יעדער צייט.. און אפילו ווי פעראייניגט מיר זאלען ניט זיין, וועלען מיר זיך ניט קענען געגענשטעלען מואב'ס מחנות.

— עס איז דאך איי' שוין געווים בעוואוסט — האט אלימלך זיך אריינגעמישט — אז מיינעביידע זיהן האבען געראטעוועט ביידע טעכטער פון דעם קעניג פון מואב פון דערטרונקען צו ווערען אין ירדן, און דעריבער האט זיי דער קעניג שטארק בעפריינדעט, ער האט זיי נעגעבען א פייערליכע אויפנאהמע, און איך בין זיכער, אז זיי וועלען קענען יעצט פועל'ן ביי איהם זעהר פיעל פאר דער טובה פון אונזער פאלק.

— פיליכט וואלטען דיינע זיהן געקענט פועל'ן ביי דעם קעניג צו בעפרייען גרא'ן דעם פאטער פון אהוד פון געפענגנים? — האט צדוק זיך אפגערופען צו אלימלך'ן.

— איך זעה, אז דו ווייסט פון אלעס! — האט אלימלך געענטפערט. — אבער איך מוז דיר זאגען דעם אמת, אז כאטש אין אנפאנג בין איך געווען דאנגעגען, אז מיינע זיהן זאלען איבערגעבען דעם קעניג וועגען גרא'ן און אהוד'ן, און איך האב געטהאן אלעס מעגליכעס עס צו פערמיידען: איך האב געשיקט שלוחים און זיי געווארענט, און דאן זיינען מיינע זיהן אליין צו זיי געקומען, און מען דארף ניט פערגעסען, אז מיינע זיהן זיינען נאך פון פריהער שטארק בעלייריגט געווארען פון די צוויי מענשען פון דעם שבט בנימין. אזן האבענדיג אין זינען די טובה פון אונזער פאלק, זיינען זיי אוועק צום קעניג און דערצעהלט...

— און מיר האבען קיין חרטה ניט אויף אונזער טהאט! — האט מחלון זיך אפגערופען און געווארפען בייזע בליקען אויף ימואל'ן. ער האט גלייך פערשטאנען, אז דאס האט ימואל איבערגעגעבען דעם כהן גדול און זיין משפחה וועגען דעם, וואס זיי האבען געטהאן צו גרא'ן און צו אהוד'ן.

— צום בעדויערען זעה איך ניט איין, ווי אזוי מען קען שטאלצירען מיט אזא טהאט! — האט צפורה אויסגערופען. —מסר'ן צום קעניג אויף אייגענע ברידער און נאך זיין צופריעדען מיט דעם!

— מיר זיינען צופריעדען, ווייל מיר ווייסען, אז דורך דעם האבען מיר פערמיטען א גרעסערען אומגליק! — האט כליון געזאגט. — ווען מיר וואלטען דעם קעניג וועגען דעם ניט געזאגט, און ער וואלט זיך דערוואוסט דורך אימיצען אנדערש, דאן וואלט אן אומגליק געווען אומפערמיידליך. און דאמיט וואס מיר האבען דעם וועג פערכאפט, האט דער קעניג געקראגען צו אונז מעהר צוטרויען און ער וועט ניט זיין געצוואונגען צו שיקען שפיאנען איבער'ן גאנצען לאנד, זיי זאלען אונז היטען אויף טריט און שריט.

— און מיר האבען אויך גע'פועל'ט ביי דעם קעניג, ער זאל ניט טויטען די שולדיגע — האט מחלון געזאגט. — זיי וועלען בלויז זיין ארעסטירט אויף איינינגע יאהר...

— האט דער קעניג געקראגען ביידען? — האט צפורה געפרעגט.

— ניין, בלויז גרא'ן האבען זיי געפאנגען, אהוד'ן איז געלונגען צו ענטלויפען! — האט מחלון געזאגט. — דערוויל האבען זיי איהם נאך ניט געפונען. אבער איך בין זיכער, אז לאנג וועט ער זיך ניט קענען אויסבעהאלטען פון דעם קעניג'ס ארמעע. זיי וועלען איהם געפינען פריהער אדער שפעטער.

— מיט וואס פאר א גלייכגילטיגקייט ער רעדט עס וועגען דעם — האט צפורה א שושקע געטהאן איהר שוועסטער אין אויער.

— יע, ווי עס ווייזט אויס, פערדריסט איהם גאר שטארק וואס אהוד איז נאך ניט אריינגעפאלען אין די הענד פון מואב.

— נאך אלעמען איז עס מעהר זייער

שולד וואָס גרא געפינט זיך יעצט ארעסטירט אין מואב! — האָט אלימלך זיך אָבגערופען נאָך א קליינער פויזע. — דער פאָטער און זוהן האָבען ארויסגעוויזען חוצפה געגען מיר. זיי האָבען מיין בעפעהל ניט געפאָלגט און האָבען פערדיענט זייער שטראָף.

— איך וויים, אז אלע קבצנים און שנאָרערס פון בית לחם זיינען אויף אונז ברוגז דערפאר! — האָט מחלון זיך אָפּגערופען. — און די יונגען אין די פעלדער, זיי זיינען מגזם יעדע זאך און זיי מאכען פאר אונז א שלעכטען נאָמען. זיי פערגעסען, אז דערווייל ערנעהרען זיי זיך דורך אונז. זיי ארבייטען אין אונזערע פעלדער, עסען אונזער שפייז און זיי טוען נאָך אונז דערצאָרענען... איך וויים, אז אַט דער ימואל, וועלכער האָט געארבייט אין די פעלדער פון אונזער פעטער שלמון, האָט אויף אונז אָנגערעדט שלעכטעס.

— דו אורטיילסט ניט ריכטיג—האָט צדוק איהם געענטפערט. — איך האָב שוין פון דעם געהערט א סך פריהער, און איך האָב געמוזט איהם שטארק בעטען, ער זאָל מיר דערצעהלען וואָס מען רעדט אין בית לחם וועגען אייך...

— איך גלויב, אז מיינע זיהן האָבען ריכטיג געהאנדעלט, ווען זיי האָבען פערמיטען א גרעסערען אומגליק, און דאָס וועט אויך אָנלערנען די מענשען פון דעם שבט בנימין ניט צו קומען אין א צווייטען שבט און פעראורזאכען צרות...

— מיר זיינען אלע ברידער פון איין פאָלק, און עס דארף ביי אונז קיין אונטערשיעד ניט זיין פון איין שבט צו א צווייטען — האָט שושנה א זאָג געטהאָן.

— דאָס איז ריכטיג — האָט כליון זיך אָפּגערופען. — אבער ווען איינער פון א צווייטען שבט קומט צו אונז מיט דער אבזיכט צו פעראורזאכען צרות, אזא מאָן טאָרען מיר ניט דולדען, און ווען ער איז נאָך דערצו איינגעשפארט און וויל ניט פערלאָזען דאָס לאנד, ווען דאָס ווערט פערלאנגט פון איהם מיט גוטען, דאן דארף מען איהם דערצו צווינגען.

— נו, זאָל זיין גענוג דערפון צו ריידען! — האָט צדוק אויסגערופען. — דער פרעהליכער יום־טוב קומט באלד אָן און מיר דארפען פערטרייבען פון זיך יעדען אומעטיגען געדאנק.

— זאָל די יונגווארג געהן פערברענגען אין גאָרטען ביז וואנען די זון וועט אונטערגעהן — האָט אלימלך געזאָגט צו צדוק'ן, — און מיר וועלען דאָ פערבלייבען. איך האָב נאָך מיט דיר צו ריידען וועגען פערשיעדענע וויכטיגע ענינים.

— געהט, מיינע טעכטער! — האָט צדוק זיך צו זיי געווענדעט, — און נעהמט מיט אייך אויך אייערע געסט. ווען איך וועל זיך נויטיגען אין עפּעס, וועל איך אייך שיקען רופען.

צפורה און שושנה האָבען זיך אויפגעשטעלט און גלייך נאָך זיי האָבען זיך אויך אויפגעהויבען מחלון און כליון.

— דו, ימואל, וועסט אויך מיט אונז מיטגעהן. מיר וועלען דיר ציינען די וואונדער־שעהנע גערטנער פון שילה — האָט צפורה זיך אָפּגערופען צו איהם, ווען זיי האָבען אלע פערלאָזען דעם צימער.

— איך דאנק דיר, מיין הארינטע, אָבער איך וועל זיך צוריקציהען צו מיין צימער.

— יע, ער איז געוויכ מיעד!—האָט כליון א שמייכעל געטהאָן. — ער האָט דאָך אזוי פיעל געארבייט אין שלמון'ס פעלדער.

— און אויסער דעם האָט ער דאָך געהאט אזוי פיעל צו דערצעהלען וועגען אונז: עס וואָלט געווען ראטהזאם פאר איהם זיך אויסצורוהען יעצט.

— ימואל וועט מיט אונז שטעהן ביז איבער יום־טוב און וועט גענוג צייט האָבען זיך אויסצורוהען — האָט צפורה געזאָגט. — איך בעט דיך, ימואל, קום מיט מיר מיט.

— פארוואָס דארפסטו איהם אזוי בעטען!—האָט כליון געזאָגט. — ער וויים

זיין פלאַץ... ער פֿערשטעהט, אַז מיר זיינען ניט פֿאַר איהם קיין געזעלשאַפט. אַ קנעכט דאַרף וויסען זיין פּלאַץ...

— דו ווערסט מיר מוזען ענטשולדיגען — האָט צפּורה זיך אָפּגערופען צו כליון'ען. — ימואל איז ניט קיין קנעכט, ער איז אַ פֿרייער מענש און קען געהן וועהן ער וויל און וואוהין ער וויל.

— איך בין זיכער, אַז ער האָט קיין ערלויבניש ניט גענומען ביי בועז'ן אהער צו קומען — האָט מחלון געזאָגט, — ווייל בועז אליין איז פֿערבליבען אין בית לחם און אין די פֿעלדער איז נאָך פֿערבליבען זעהר פֿיעל ארבייט.

— ימואל איז אהער ניט געקומען צו זוכען פֿערגעניגען — האָט שושנה איהם געענטפֿערט. — ער איז געקומען אהער מיט דער האָפֿענונג אויסצופֿרעגען די פֿערשיעדענע מענשען, פֿילייכט וועט אימיצער איהם קענען איבערגעבען וועגען זייערע עלטערען און זיין שוועסטער, וועמען ער האָט שוין דריי יאָהר צייט ניט געזעהן.

— איך בין זיכער — האָט כליון אַ שמייכעל געטהאָן, — אַז זיצענדיג צוזאַמען מיט אונז אין גאָרטען, וועט ער גאָרניט קענען דערגעהן. אויב דאָס איז דער צוועק פֿון זיין קומען נאָך שילה, האָט ער זיך גאָר געדאַרפֿט געפֿינען אין די עפֿענטליכע פּלעצער, וואו די מענשען פֿערזאַמלען זיך, און ניט זיצען אין הויז און יעצט מיטגעהן מיט אונז אין גאָרטען...

— אונזער פֿאָטער האָט איהם פֿערשפּראָכען אויסצורופֿען מאָרגען אין משכן, וואו אלע קומען אָן צו דיענען גאָט. ער וועט פֿאַר אלעמען דערצעהלען וועגען ימואל'ן און וואָס עס האָט פּאַסירט צו זיין משפּחה, און דאַן, אויב אימיצער וועט עפּעס וויסען פֿון זיי, וועט ער געוויס צוקומען און דערצעהלען.

— דאָס איז ניט קיין שלעכטער פּלאַן — האָט מחלון געזאָגט, — און ימואל דאַרף זעהר דאַנקבאַר זיין דיין פֿאָטער פֿאַר דעם. ער וואָלט זיך געדאַרפֿט בענוגענען מיט דעם און ניט פֿערלאַנגען צופֿיעל.

— איך פֿערשטעה ניט וואָס דו מיינסט — האָט שושנה איהם אָנגעקוקט. — וואָס האָט דען ימואל פֿערלאַנגט?

— איך מיין, אַז אַזוי לאַנג ווי איך און מיין ברודער זיינען שוין דאָ אין שילה, האָט ער קיין רעכט ניט אונז צו שטערען... מיר זיינען געקומען צו אייער פֿאָטער'ס הויז, ווייל אונזער פֿאָטער און מוטער האָבען אייך ביידען זעהר שטאַרק געליובט, און מיר זעהען יעצט, אַז איהר זייט ווירקליך בעגנאַדיגט מיט פֿיעל שעהנקייט און רייץ. און מיר וואָלטען געהאַט אַ געלעגענהייט צו פֿערברענגען מיט אייך אונגעשטערט. אָבער דאָ דאַרף זיך אריינמישען אַן אומבעקאַנטער, איינער וואָר איז ניט אונזער גלייכען, און קומט אונז שטערען...

— ימואל איז אויך אונזער גאַסט, און אין אונזערע אויגען איז קיין אונטערשייד ניטאָ צווישען איהם און אייך! — האָט שושנה געזאָגט.

— ווען מען זאָל מעסטען אַ מענשען לויט זיין רייכטום, דאַן מעגליך זייט איהר ביידע אַ סך העכער פֿון ימואל'ן. אָבער ווען מען זאָל איהם מעסטען לויט זיין כאַראַקטער און מענשליכקייט, גלויב איך, אַז ימואל שטעהט ניט נידעריגער פֿון אייך — האָט צפּורה זיך אָפּגערופֿען.

— ער וואָלט קיינמאָל ניט איבערגעגעבען אַן אייגענעם ברודער אין די הענט פֿון אַ שונא!

— איך זעה, אַז איהר האָט אונז מיספֿערשטאַנען! — האָט מחלון געזאָגט מיט אַ ברוגז'ער שטימע. — מיר האָבען דאָך דאָס ניט געטהאָן פֿאַר אונזער אייגענעם נוץ, מיר האָבען געהאַט אין זינען די טובה פֿון אונזער פֿאָלק.

— אָבער, ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס פֿאָלק ניט צופֿריעדען מיט אַזעלכע "טובות"...

— עס ווענדט זיך ווער פֿון פֿאָלק! די קבצנים און שנאָרערס זיינען ניט צופֿריעדען... זיי וואָלטען אַ סך געוואָר-

נען דורך א מלחמה. אין דער צייט פון טומעל וואלט פאר זיי געווען זעהר גרינג אוועקצורויבען אונזער האב און גוטס. אבער פאר די רייכע און אייגענטימער פון די פעלדער וועט עס זיין א טובה, ווען שלום וועט הערשען אין לאנד.

ימואל האט זיך די גאנצע צייט צוגעהערט צו זייערע רייד און ער האט געשוויגען. איהם האט שטארק הנאה געטהאן וואס די טעכטער פון דעם כהן גדול האבען גאנץ אפען זיי אויפגעוויזען זייער שולד. פונדעסטוועגען האט ער ניט געוואלט זיי שטערען, און ער האט זיך א צווייטער מאל ענטשולדיגט און האט זיי געוואלט פערלאזען. אבער צפורה איז צו איהם צוגעשטאנען און ער איז מיט זיי מיטגעגאנגען אין גארטען.

זיי אלע זיינען אריין אין גארטען און דארט אויפגעזוכט א קיהלען פלאץ. מחלון און כליון זיינען געווען אנגעבלאזען און בייז... זיי האבען ניט געקענט פערליידען דאס וואס זיי וועט אויסקומען צו פערברייגנען מיט ימואל'ן, אזוי ווי ער וואלט געווען זייער גלייכען...

מחלון האט באמערקט ווי צפורה זעצט זיך אנידער נעבען ימואל'ן און ווי זי קוקט אויף איהם מיט צערטליכע בליקען. דאס האט איהם נאך מעהר פערדראסען. ער האט פארשטאנען פון זיין פאטער'ס רייד אז צפורה, די עלטערע, וועט געהערען צו איהם אויב זיי וועלען דורכקומען מיט'ן שידוך. און כאטש ער האט בעת מעשה אויף דעם ניט געלייגט קיין געוויכט, ווייל זיינע געדאנקען זיינען געווען פערנומען מיט רות די מואבית, אבער ווען ער האט דערזעהן איהר צויבער און רייץ, האט זיין הארץ צו איהר גענומען ציהען... יעצט אבער זעהט ער אז זי שענקט איהר גאנצע אויפמערקזאמקייט צו ימואל'ן. ער האט זיך פון דעם געפיהלט גאנץ ערנידערט און בעליידיגט... זיין צארן האט נאך מעהר געברענט אויף ימואל'ן, וועלכער איז כמעט א קנעכט, און ער דארף נאך מיט איהם פערברייגנען געזעלשאפטליך.

ער האט געביסען די ליפען און געשוויגען. כליון איז אויך געווען זעהר אומצופרידען מיט ימואל'ן אבער ווען ער האט אנגעהויבען צו רייד־ען צו שושנה'ן, האט ער אין אלעם פערגעסען. זי האט איהם פער"כשופט מיט איהר שעהנקייט און מיט איהר ליעבליך אנגענעהמע שטימע, אז ער האט פערגעסען אן אלעס, אפילו אין ערפה'ן פון וועמען ער האט די לעצטע צייט ניט אויפגעהערט צו טראכטען.

לאנג אבער האט דיזער צויבער ניט אנגעהאלטען. אויך שושנה האט גענומען ארויסצייגען מעהר אויפמערקזאמקייט צו ימואל'ן. און ווען ער האט איהר פארגעשלאגען זי זאל מיט איהם א שפאציר טהאן א קליינע ווייל און נאכהער זיך צוריקקעהרען צו זיי, האט זי זיך ענטזאגט.

כליון האט זיך פאר איהר גענומען בעריהמען מיט זיין פאטער'ס רייכטום, וועגען די פילע גאלד או' זילבער וואס זיינע עלטערען פערמאגען.

— כמעט צוויי דריטעל פון די פעלדער און גערטנער פון בית לחם געהערט צו מיין פאטער — האט ער געזאגט מיט בעגייסטערונג — דאס אלעס וועט דער פאטער צוטיילען גלייך אויף גלייך צווישען מיר און מיין ברודער, כאטש ער איז דער בכור...

— אבער דאס גליק ליגט ניט אין רייכטום! — האט שושנה איהם געענטפערט — א מענש וועלכער איז ארעם, אבער וועלכער בעזיצט א ווארימע הארץ מיט געפיהלען פאר'ן צווייטען, איז א סך גליקליכער ווי דער רייכער, וועלכער קען מיט קיין זאך, אויסער זיין רייכטום ניט שטאלצירען. גאט האט דעם מענשען געגעבען רייכטום, אום ער זאל וויסען ווי אזוי צו האנדלען. ער זאל פערלינדערען די שמערצען פון דעם ארימאן, פון דעם יתום, פון דער אלמנה, אבער וואס פאר א גליק איז עס פאר דעם רייכען, ווען זיין הארץ איז פון

שטיין. ער טראכט נאר ווי צו פערגרעסערן זיין פארמעגן פאר זיין אייגען נוץ... זיינע מענשליכע געפיהלען ווערען פערגליווערט, און ווערט גאנץ אפט פערוואנדעלט אין א חיה... יע, רייכטום איז א בענשונג פון גאט, ווען דער מענש ווייס ווי זיך דאמיט צו בענוצען. אבער עס איז א קללה פאר'ן מענש, ווען ער מיינט אז דורך דעם וואס ער איז רייך, איז ער דער אויבערמענש און די אלע ארום איהם זיינען גארניט. זיי זיינען בעשאפען געווארען בלויז צו ערפילען זיינע קאפריזען און טהאן אלעס וואס ער פערלאנגט...

כאטש כליון האט פערשטאנען אז זי ציעלט מיט איהרע רייד אויף איהם, האט ער זיך דאך ניט ווייסענדיג געמאכט.

— יע, עס איז פאראן א סך אמת, אין דיינע רייד, האט ער געזאגט, אבער אזעלכע מענשען פון וועמען דו רעדסט זיינען א זעלטענהייט. נעהם צום ביישפיעל אונזער פאטער... זיינע פעלדער זיינען שטענדיג אפען פאר דעם ארימאן, פאר דעם יתום, פאר דער אלמנה, זיי קענען קומען צו יעדער צייט און קלייבען זאנגען וויפיעל זייער הארץ געלוסט... און וויפיעל מאל האב איך אליין אנגעזאגט די ארבייטער יונגען אז זיי זאלען "פערגעסען" וואס מעהר זאנגען אין פעלד... און מיין פאטער האט קיינמאל ניט צוריקגעוויזען אן ארימאן וועלכער האט געקלאפט אין זיינע טיהרען... הונגעריג און מיט ליידיגען קומט דער ארימאן אריין אין מיין פאטער'ס הויז און זאט און מיט פולען געהט ער פון דארטען ארויס. און אזוי וועט עס אויך זיין מיט אונז... געוועהנליך עס שאדט ניט צו זיין עטוואס איינגעהאלטען, ווארום אויב ניט וואלטען אנגעקומען קבצנים פון אלע עקען לאנד אי־ פון אונזער רייכטום וואלט גארניט געווארען אין א קורצע צייט...

— ווי איך זעה רעדסטו מיט פעראכטונג וועגען די ארימע לייט, גלויבסטו דען ניט אז עס זיינען פאראן ארימע, וועלכע האבען פערדינט געשעצט צו ווערען... און אט איז ימואל, האט זי אנגעוויזען אויף איהם און עטוואס ארונטערגענידערט איהר שטימע — איהם האט אן אומגליק פאסירט, עמלקים האבען זיין משפחה בעפאלען, אלעם אוועקגערויבט פון זיי, זיינע עלטערען זיינען געפאנגען און ער איז געבליבען ארים און אין גרוים נויט... און דאן האט ער זיך פארדונגען אלס לוין ארבייטער און אפילו ווען ער וואלט געווארען א קנעכט, דארף מען אויף איהם דעריבער קוקען מיט פעראכטונג?

— ווען ער וואלט ניט געזינדיגט געגען גאט, וואלט עס אלעס צו איהם ניט געקומען. יעדער בעקומט זיין שטראף ביי גאט ווי ער פערדינט! — האט כליון אין דער שטיל געזאגט.

— און דו ווילסט מיר פיליכט איינריידען אז גרא און זיין זוהן אהוד האבען אויך געזינדיגט געגען גאט דאמיט וואס זיי האבען אין זינען געהאט צו בעפרייען זיי פון דעם יאך פון מואב. אזוי האט דאך געטהאן משה, דער געטליכער מאן, יהושע און אנדערע, זיי האבען זייערע לעבענס געשטעלט אין געפאהר צוליעב זייער פאלק. און אזוי האבען גרא און אהוד געטהאן. און יעצט איז גרא געפאנגען אין מואב און אהוד וואנדערט ערגיץ ארום, ער געפינט זיך אין גרוים נויט, ער ליידעט הונגער, דורשט און קעלט... און דו ווילסט מיר איינריידען, אז ער האט געזינדיגט געגען גאט.

— און פארוואס דען בעשטראפט זיי גאט? האט כליון געזאגט.

— ווייל דו און דיין ברודער האבען אויף זיי גע'מסר'ט פאר דעם קעניג פון מואב.

כליון האט זיך געפיהלט שטארק דערשלאגען פון שושנה'ס רייד.... דוכט זיך אז ער האט איהר שוין ניט איינמאל ערקלעהרט פארוואס זיי האבען אזוי געהאנדעלט, און זי בעשטעהט נאך אלץ אויף דעם אז זיי האבען בעגאנגען אן אומרעכט... ער האט בעמערקט אז זי רעדט מיט פערביטערונג אין איהר שטי־

מע. און דעריבער האָט ער בעשלאָסען צו שווייגען. ער האָט א קוק געטהאָן אויף זיין ברודער, וועלכער איז געזעסען עטוואס אפּגערוקט פון איהם, און ער האָט בעמערקט אז אויך ער פיהלט זיך דערשלאָגען. "געוויס האָט צפּורה עפּעס געזאָגט איהם צו מאכען אזוי פיהלען — האָט ער געטראכט — עס וואָלט געווען א סך בעסער פאר זיי ביידען ווען זיי הויבען זיך אויף פון זייערע פּלעצער און לאָזען איבער די צוויי שוועסטער צו ימואל'ן זאָלען זיי ביידע מיט איהם פּארברייינגען. אָבער ער האָט געוואוסט אז דאָס איז אומעגליך אזוי צו טהאָן, זיי זיינען דאָך יעצט צו גאסט ביי זיי, און אויסער דעם וועט דער פּאָטער פיהלען שלעכט פאר אזא האנדלונג. ער האָט געזעהן ווי צפּורה איז פערטיפט אין א געשפּרעך מיט ימואל'ן און זי קוקט זיך גאָר ניט ארום אויף מחלון. דאָס האָט איהם נאָך מעהר פערדראָסען.

— איך גלויב אז עס ווערט שוין שפּעט — האָט זיך כליון אויפגעשטעלט פון זיין פּלאץ — מיר וועלען דארפען זיין געגרייט אויפצונעהמען אונזער הייליגען יום טוב... מיר וועלען נאָך דארפען צוגרייטען די קרבנות פאר מאָרגען.

זיי האָבען זיך אלע אויפגעשטעלט און פארלאָזען דעם גאָרטען און זיך גענומען אומקעהרען א היים.

---

אין דער צייט ווען זיי זיינען געווען אין גאָרטען האָט זיך אלימלך דורכגעשמועסט מיט צדוק'ן וועגען דעם צוועק פון זיין קומען אהער.

— איך האָב דיינע טעכטער דערזעהן דעם לעצטען מאָל וואָס איך בין געווען אין שילה, מיין פרוי נעמי האָט זיי אויך געזעהן און זינט דאן האָבען מיר ביידע זעהר פיעל געטראכט פון זיי. מיר האָבען בעשלאָסען אז דיינע טעכטער וואָלטען געווען ריכטיג צוגעפּאסט פאר אונזערע זיהן.

— איך בין וועגען דעם ניט זיכער!

— האָט צדוק געענטפערט — לויט ווי איך האָב אויסגעפונען דוכט זיך מיר אז עס איז ניט קיין גלייכער שידוך.

— וואָס מיינסטו? — האָט איהם אלימלך אנגעקוקט — בין איך דען ניט גענוג רייך צו געבען מוהר און מתנות פאר דיר און דיינע טעכטער.

— ווען דאָס וואָלט געווען דער איינציגער אפּהאלט, וואָלט עס שוין גאָר קיין אפּהאלט ניט געווען! — האָט צדוק געזאָגט מיט א שמייכעל, און איך מוז דיר זאָגען דעם אמת, מיין פריינד, אז דיינע זיהן האָבען אויסערליך געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק אויף מיר, אָבער ווען איך האָב אויסגעפונען וואָס זיי האָבען געטהאָן, ווי אזוי זיי האָבען גע'מסר'ט דעם שונא אויף אייגענע ברידער, וועלכע האָבען געזוכט צו בריינגען נוצען אונזער פאָלק, דאָס האָט מיר בעוויזען אז זיי זיינען ניט אין איינקלאנג מיט מיינע שטרעבונגען און מיט די שטרעבונגען פון מיינע טעכטער.

אלימלך'ס פּנים איז רויט געוואָרען פון צאָרן... ער איז געווען ביי זיך אזוי זיכער אז צדוק וועט זיך פיהלען געהויבען ווען ער וועט איהם פארשלאָגען זיך מתחתן צו זיין מיט איהם, און צום סוף געפעלט איהם נאָך ניט... וואָס מיינט ער אז דער שבט יהודה איז ניט אזוי חשוב ווי דער שבט לוי... ווייס ער דען ניט אז די כהנים און לויים ציהען זייער חיונה פון דעם שבט יהודה, וועלכער בריינגט מעשר און טיילט אָפּ פיעל פון זייער פארמעגען פאר די לויים און כהנים...

— איך האָב געמיינט! — האָט זיך אלימלך אָפּגערופען און זיך בעמיהט צו בעהערשען זיין כעס — איך האָב געמיינט אז דו וועסט עס האלטען פאר א כבוד זיך צו פערבינדען מיט מיין משפּחה — אָבער יעצט זעה איך אז דיר פּאסט ניט מיין משפּחה. אויב אזוי ווייס איך שוין וואָס צו טהאָן. דו מעגסט זיכער זיין אז איך וועל שוין מעהר אין שילה ניט קומען.

— איך זעה ניט איין פארוואָס דו זאָלסט ניט וועלען קומען אין שילה ווען

דו ביזט אין כעס אויף מיר, נאָך אלעמען קומסטו דו דאָך אהער צו דינען גאָט, און איהם האָסטו א סך דאַנקבאַר צו זיין! ער האָט דיך מיט אלעם געבענשט.

— איך קען דאַנקבאַר זיין גאָט אויך אין בית לחם. ער איז אומעטום! — האָט זיך אלימלך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ — אנשטאָט צו ברייננגען די קרבנות און תבואות צו טיילען עס פאר די לויים, קען איך דאָס צוטיילען צווישען די אָרימע ליט פון אונזער שטאָדט.

— וועסטו דען מאָרגען ניט קומען אין משכן צו דער גאָטעסדינסט? — האָט איהם צדוק געפרעגט.

— איך קען דאָך זיך יעצט ניט צוריקקעהרען אהיים! — האָט אלימלך געזאָגט — איך וועל שוין בלייבען דאָ, אין שלה ביז איבער דעם יום טוב, אָבער דאָס וועט שוין זיין מיין לעצטען מאָל, און אויב איך וועל קענען בעאיינפלוסען אויך מיינע איבעריגע קרובים זיי זאָלען מעהר אהער ניט קומען, וועל איך עס זיכער טהאָן.

די טיהר פון צדוק'ס הויז האָט זיך פּלוצלונג געעפענט און בועז איז אריינגעקומען.

— פרידען צו דיר, מיין האר! — האָט בועז בעגריסט דעם כהן גדול.

— פרידען אויך צו דיר און זיי געבענשט צו גאָט? — האָט איהם צדוק געענטפערט.

— בועז! ווי קומסטו יעצט אין שילה? — האָט אלימלך אויסגערופען מיט ערשטוינונג — איך האָב געמיינט אז דו וועסט פערבלייבען אין בית לחם אויף דיזען יום טוב?

— איך האָב יעצט געמוזט קומען! עפּעס זעהר דרינגענד...

— און דיין פאָטער?

— איך האָב זיך שוין מיט איהם געזעהן!

— אָבער זאָג דאָך מיר וואָס איז דאָס אזוי דרינגענד, אז דו האָסט אלעם פערלאָזען און געקומען אין שילה?!

בועז איז געבליבען אין א פערלעגענהייט. ער האָט ניט געקענט זאָגען קיין ליגען, און איהם ניט געוואָלט זאָגען דעם אמת, ער זאָל פילייכט ניט קאליע מאַכען... באַלד אָבער האָט ער בעשלאָסען צו זאָגען אלעס... ער וועט שוין זעהן אז ימואל זאָל דורכדעם ניט ליידען.

— איך בין געקומען צו ימואל'ן, ווייל איך האָב געהערט אז ער געפינט זיך יעצט אין שילה, איך האָב איהם אומעטום ארומגעזוכט ביז וואַנען אימיצער האָט מיר געזאָגט אז איך וועל איהם געפינען אין דעם הויז פון כהן גדול, אָבער יעצט זעה איך אז יענער האָט אויך א טעות געמאַכט, און איך איל זיך זעהר, איך מוז איהם נאָך היינט געפינען.

— ניין, עס איז ניט קיין טעות! — האָט צדוק איהם געענטפערט. ימואל געפינט זיך אין מיין הויז און ער וועט באַלד אריינקומען.

— זאָג מיר, בועז. פאַרוואָס ביזטו געקומען זעהן ימואל'ן, איז ער דען בעגאַנגען א פערברעכען? איך בין זיכער אז ער האָט בע'גנב'עט דיין פאָטער'ס הויז אָדער ער האָט אָפּגעטהאָן אן אנדער שוידערליכען טהאט... היינטיגע צייטען דאַרף מען זעהר פאָרזיכטיג זיין מיט די קנעכט... דו נעהמסט אריין א פרעמדען פון א פרעמדען שבט, אין דיין הויז און דו ביזט ניט פאָרזיכטיג, יעצט האָסטו געוויס חרטה!

— אָה, ניין, פעטער, דו מאַכסט א טעות! ימואל איז עהרליך און נאָבעל... איך בין גראדע דאן ניט געוועזען, אָבער איך האָב אויסגעפונען אז ימואל איז אוועק פאר דעם יום טוב אין שילה מיט דער האָפנונג צו הערען עפּעס פון זיין משפּחה, אָבער אזוי ווי איך האָב אויסגעפונען או זיינע שוועסטער געפינען זיך ניט ווייט פון בית לחם, און עס איז מעגליך אז זיי וועלען דאָרט לאַנג ניט פערבלייבען, האָב איך בעשלאָסען איהם צו לאָזען גלייך צו וויסען, כדי עס זאָל נאָכהער ניט צו שפּעט זיין.

— פון וואַנען האָסטו עס אויסגעפונען וועגען זיינע שוועסטער? — האָט איהם אלימלך געפרעגט.

— איך בעט דיר, פעטער פרעג יעצט פון מיר דאס ניט, וויילע איך קען יעצט קיינעם ניט זאגען וועגען דעם אויסער צו ימואל'ן.

— און דו ווילסט האלטען פערבארגען עפעס פון דיין אייגענעם פעטער, האסטו דען מורא צו געטרויען. פאסט דיר שוין פיליכט אויך ניט וואס איך בין דיין פעטער...

— אה, ניין פעטער, איך קען דאס ניט טהאן, ווייל איך בין אונטער א שבועה. דער וועלכער האט מיר דערצעהלט האט מיר בעשווארען צו קיינעם ניט צו ענדעקען אויסער צו ימואל'ן, און דו וואלסט דאך ניט געוואלט איך זאל מיין שבועה ברעכען!

— אה, איך פערשטעה! — האט אלימלך געזאגט מיט אן איינגעהאלטענעם כעס — דו האלסט אלע סודות פון מיר... דער וועלכער איז פערעכענט פאר מיין שונא ווערט דיין פריינד און דו ביזט איהם מקרב.

— האט דען ימואל דיר שלעכטעס געטהאן? — האט בועז איהם געפרעגט פערוואונדערט.

— איך מיין ניט ימואל'ן איך מיין אימיצען אנדערש. און דו ווייסט ווער ער איז... איך זעה אז די מענשען פון מיין משפחה האבען אויפגעהערט צו שטאלצירען מיט מיר. און אפילו אנדערע וועלכע בעלאנגען אפילו ניט צו מיין שבט קוקען אויך קרום אויף מיר... און אויב מיין פאלק איז ניט צופרידען מיט מיר און מיט מיין משפחה, וועל איך מסתמא געפינען א פלאץ וואו איך און מיין משפחה וועלען זיין ווילקאמען.

— וואס רעדסטו, פעטער! — האט בועז זיך אפגערופען — איך זעה אז דו האסט מיר מיספערשטאנען. איך שווער אז ווען מיין פאטער האט מיך געפרעגט פון וועמען איך האב זיך דערוואוסט, האב איך איהם געזאגט די זעלבע זאך. איך האב איהם געבעטען, ער זאל מיר יעצט ניט פרעגען... מיין פאטער האט מיך פערשטאנען און מעהר דערווייל ניט געפרעגט.

— זאל זיין אזוי! — האט אלימלך געזאגט — איך וועל דיר אויך שטארק ניט בעטען... אבער דו דארפסט וויסען אז קיין פערבארגענעם איז ניטא. איך וועל אלעס אויסגעפינען פריהער אדער שפעטער. יעצט וועל איך געהן רופען מיינע זיהן, מיר וועלען זיך דארפען צואיילען.

אן אויפגערעגטער און פול מיט צארן האט אלימלך פערלאזען דעם כהן גדול'ס הויז, און ווי ער האט פערמאכט די טיהר פון דרויסען האט ער דערזעהן זיינע זיהן און די טעכטער פון צדוס'ן צוזאמען מיט ימואל'ן אנקומענדיג.

— קומט, מיינע זיהן, לאמיר אוועקגעהן פון דאנען וואס שנעלער — האט זיך אלימלך אפגערופען צו זיי. מיין יחוס איז ניט גענוג גרויס פאר דעם כהן גדול!...

ניט געזעגענדיג זיך מיט צפורה'ן און שושנה האבען די ברידער שנעל פערלאזען דעם פלאץ מיט זייער פאטער.

די צוויי שוועסטער האבען זיי א וויילע בעגלייט מיט זייערע בליקען, א ציה געטאן מיט די אקסלען און צוזאמען מיט ימואל'ן אריין אין הויז.

— אה, ימואל! — האט בועז אויסגערופען ווען ער האט איהם דערזעהן.

ימואל איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער. ער האט געזעהן ווי זיין האר בעגעגענט איהם. ער האט פון איבערראשונג איהם ניט געענטפערט אויף זיין בעגריסונג.

— ימואל, איך בין געקומען אין שילה דיך צו זעהן... איך האב געזאלט בלייבען אין בית לחם דיזען יום טוב. איך האב פאר דיר וויכטיגע נייעס!

— נייעס פאר מיר! — איז שוין ימואל צוגעגאנגען נאהענט צו איהם און מיט נייגיריגע אויגען אויף איהם געקוקט.

— איך וויל אז דו זאלסט זיך בערוהיגען. זעץ זיך צו און איך וועל דיר דערצעהלען.

ימואל האט זיך געזעצט און בועז האט זיך אפגערופען:

— איך האב א גערוס פאר דיר פון דיינע שוועסטער!

— פון מיינע שוועסטער?! זיי לעבען נאך? — האט ימואל אויסגערופען מיט פרייד און אויפרעגונג.

— יע, זיי לעבען און זיינען געזונט!

— וואו געפינען זיי זיך? איך וועל גלייך לויפען צו זיי! — האט ימואל זיך שוין ניט געקענט בעהערשען.

בועז האט א קליינע ווייל געשוויגען און ימואל האט מיט אונגעדולדיגע אויגען געקוקט אויף איהם.

— זיי זיינען געפאנגען! אבער עס וועט לאנג ניט דויערען און מען וועט זיי בעפרייען — האט איהם בועז געטרייסט.

— און מיינע עלטערען?

— וועגען זיי ווייס איך ניט, האט איהם בועז ניט געוואלט מצער זיין.

— און ווי אזוי האסטו אויסגעפונען וועגען מיינע שוועסטער?

בועז האט זיך ארומגעקוקט און דערזעהענדיג צדוק'ן מיט זיינע טעכטער שטעהענדיג דערביי האט ער געצעגערט א ווייל.

— מיר וועלען זיי בעסער איבערלאזען אליין אויף א ווייל! — האט זיך צפורה אפגערופען.

— יע, מיין טאכטער, דו ביזט גערעכט! — האט צדוק געענטפערט. בועז האט אפילו זיין פאטער ניט דערצעהלט די איינצעלהייטען.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען! — האט זיך בועז צו זיי געווענדעט — איהר ווייסט דאך אז דערווייל איז א געהיימניס וואס עס איז אויך פערבונדען מיט אהוד'ן. איך האב אויך מיין פאטער ניט דערצעהלט, ווייל איך האב מורא געהאט ער זאל זיך ניט ארויסריידען פאר מיין פעטער אלימלך, און דאן וואלט עס אויך דערגרייכט די אויערען פון מחלון און כליון. אבער איהר וועט דאך געוויס קענען האלטען דעם סוד וועגען אהוד'ן און דעריבער גלויב איך קענט איהר זיך צוהערען. איהר דארפט בלויז זעהר פארזיכטיג זיין, ווייל דאס וועט שטעלען אהוד'ן אין געפאהר.

— דארפסטו אונז דען בעטען? — האט צדוק געזאגט — מיר האבען גענוג צער געהאט, ווען מיר האבען אויסגעפונען וועגען דעם אומגליק וואס האט געטראפען זיין פאטער און איהם.

— מיט אייניגע טעג צוריק האב איך געקראגען א גערוס פון אהוד'ן דורך א רייזענדען, און ער האט איהם אנגעבעטען איך זאל צוקומען צו דעם ברעג פון טייך קדרון. אויף דעם צווייטען טאג גאנץ פריה בין איך אהין אוועק און איהם געטראפען. ער האט מיר דערצעהלט, ווי ער האט ניט ווייט פון דארטען אנגעטראפען א אידישע מיידעל, און זי האט איהם דערצעהלט ווי אזוי זי און איהר שוועסטער זיינען געפאנגען געווארען ביי עמלקים.

— און ווי איז איהר נאמען? — האט ימואל קוים איינגעהאלטען זיינע טרעהרען.

— מיר דוכט זיך אז ער האט געזאגט, אז איהר נאמען איז נועה!

— יע, זי איז מיין שוועסטער! — האט ימואל אויסגערופען מיט פרייד— אה, איך בעט דיר, מיין האר, דערצעהל מיר אלע איינצעלהייטען.

— איך וועל דיר איבערגעבען דאס וואס איך האב געהערט פון אהוד'ס מויל — האט בועז געענטפערט — איך אליין האב איהר ניט געזעהן. ווען ער האט מיר דערצעהלט ווי אזוי איהר משפחה איז בעפאלען געווארען פון עמלקים, האב איך איהם דערצעהלט אלעס וואס דו האסט מיר דערצעהלט וועגען דיין משפחה, און דאן האבען מיר אויסגעפונען אז איהר זייט ברודער און שוועסטער.

— אבער וואו איז זי און ביי וועמען געפינען זיי זיך?

— ווי עס ווייזט אויס געפינען זיי זיך ביי דיזעלבע עמלקים וועלכע זיינען דיין משפחה בעפאלען! — האט

בועז געזאגט — אבער זיי ניט בע־
זארגט — אהוד פלאנעוועט ווי אזוי
דיינע שוועסטער צו בעפרייען און ער
האט פון מיר פערלאנגט איך זאל דיך
געפינען און איבערגעבען אלעס, און צו־
זאמען מיט דיר וועט ער אויסארביי־
טען א פלאן ווי אזוי צו ראטעווען דיי־
נע שוועסטער.

— איך צווייפעל ניט, אז מיין שוועס־
טער האט איהם דערצעהלט וואס עס
האט פאסירט מיט מיינע עלטערען, און
ער האט אויך וועגען זיי מיט דיר גע־
רעדט. זאג מיר, איך בעט דיר, דעם
אמת! לעבען זיי נאך?

בועז איז צוגעגאנגען נעהנטער צו
ימואל׳ן און איהם אנגענומען פאר זיין
האנט.

— שטארק זיך מיין פריינד! עס
טוט מיר זעהר לייד, אז איך זאל זיין
דער יעניגער וועלכער זאל דיר אויך די
טרויעריגע בשורה אנזאגען.

— זיי זיינען טויט? ! — האט ימואל
אויסגערופען און זיין פנים איז בלאס
געווארען.

בועז האט א שאקעל געטאן מיט׳ן
קאפ.

ימואל האט זיך פאנאנדערגעוויינט.

— מיינע ליבע עלטערען! — האט
ער געיאמערט — הלואי וואלט איך
געווען טויט אנשטאט אייך... א, ווי
ביטער איז דאס לעבען! איך וואלט
בעסער געוואלט זיין טויט.

— דו מוזט לעבען און זעהן ראטע־
ווען דיינע שוועסטער.. איך בין זיכער,
אז דיינע שוועסטער וועלען זיין גליק־
ליך צו הערען אז דו לעבסט, ווייל זיי
דיינקען, אז דו ביזט אויך געטויטעט
געווארען. ווי זי האט דערצעהלט אהוד׳ן
האבען די עמלקים זיך בעריהמט, אז
זיי האבען דיך נאכגעיאגט, געכאפט און
געטויטעט. און יעצט שטעל זיך פאר
ווי גרויס זייער פרייד וועט זיין, ווען
זיי וועלען אויסגעפינען אז דו לעבסט
נאך.

— איך וועל גלייך געהן! — האט
ימואל זיך אפגערופען — איך בין זעהר
אומגעדולדיג.

— יע, מיין זוהן! האט צדוק דער
כהן גדול צו איהם געזאגט מיט טרעה־
רען אין די אויגען. געה גלייך און זאל
גאט זיין מיט דיר. אין אזא לאגע וועט
דיר גאט מוחל זיין, אז דו וועסט ניט
קענען פייערען דעם יום טוב ווי עס
בעדארף צו זיין. אבער איך בעט דיר,
ווען דו וועסט האבען דיין אויפגאבע
ערפילט מיט ערפאלג, זאלסטו דיינע
שוועסטער בריינגען צו מיר אין הויז.
זיי וועלען ביי מיר ווי מיינע אייגענע
טעכטער פעררעכענט ווערען.

— איך דאנק דיר, מיין האר, פאר
דעם חסד וואס דו האסט מיט מיר גע־
טאן! — האט ימואל זיך פערנייגט
און זיך געלאזט צום טיהר.

— ווארט א ווײלע, מיינע טעכטער
וועלען פאר דיר צוגרייטען שפייז. דער
וועג איז א לאנגער און עס וועט דיר
געדויערען לאנג ביז דו וועסט צוקומען
און דאן ווער ווייס אויב אהוד וועט
האבען פאר דיר גענוג שפייז. מעגליך
אז ער אליין הונגערט דארטען.

— ער זעהט זיך מיט נועה׳ן יעדען
טאג און זי בריינגט איהם ארויס שפייז
פערבארגענערהייט — האט בועז גע־
זאגט.

— פונדעסטוועגען וועט ניט שאדען
ווען דו וועסט איהם בריינגען פון די
יום טוב׳דיגע שפייז וואס מיר האבען
צוגעגרייט.

צפורה און שושנה האבען איינגע־
פאקט עטליכע חלות און א היבשען
חלק געבראטען קאלב פלייש. זיי האבען
אויך אנגעפילט די לאגלען מיט וויין
און מיט וואסער און דאס איבערגעגע־
בען ימואל׳ן.

בועז איז מיט איהם ארויס און ער
האט איהם איבערגעגעבען זיין פערד,
מיט א שווערד און א בויגען מיט פיי־
לען.

— דאס וועט אייך ביידען צונוץ
קומען אין דער וויסטעניש! — האט

**בועז** צוגעגעבען — זאל דיר גאט בע**גליקען.**

---

## צעהנטער **קאפיטעל**
## **פרייד געמישט מיט טרויער**

ווען בועז האט איהם פערלאזען האט אהוד זיך קוים דערוואַרט צו זעהן מיט נועה'ן. ער האט איהר געוואלט איבערגעבען די פרעהליכע נייעס וועגען איהר ברודער. ער איז אוועק צו דעם בעשטימטען פלאץ, א היבשע ווײלע פריהער פאר דער בעשטימטער צייט. ער האט מיט גרויס אומגעדולד געשפאנט הין און צוריק און זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען פון יענער ריכטונג פון וואנען נועה דארף אנקומען. ער איז שוין געווארען בעזארגט, איהם האט זיך געדוכט, אז די בעשטימטע צייט איז שוין לאנג פאריבער, און ער האט זיך געשראקען פיליכט האט עפעס פאסירט. ווער ווייס — האט ער ביי זיך געטראכט — אפשר האבען די רשעים א פערדאכט אויף איהר און זיי לאזען איהר מעהר ניט געהן.. ער איז מיט יעדער רגע אומרוהיגער געווארען. זיין הארץ האט אין איהם שטארק געקלאפט. ער האט בעשלאסען צוצווארטען נאך א קליינע ווײלע, און ווען זי וועט זיך ניט בעווייזען, וועט ער אוועקגעהן אהין. ער וועט אליין מיט זיי קעמפפען... ער האט בעטראכט זיין שווערד, און דעם בויגען מיט די פיילען וואס ער האט מיט זיך גענומען... ניין! דאס וועט ער ניט קענען טאן.. ער וועט דאמיט ערגער מאכען.. האט ער בעשלאסען. און זיין אומרוהיגקייט איז גרעסער געווארען. ענדליך האט ער איימיצען בעמערקט אנקומענדיג. און ווען ער האט דערהערט א בילען וואס האט אפגעהילכט אין דער שטילקייט, האט איהם א פרייד ארומגענומען. ער איז שוין געווען זיכער אז זי קומט אן...

באלד איז נועה צוריקגעקומען און אהוד האט קוים געקענט באהערשען זיינע געפיהלען און אויסגעשריען מיט פרייד:

— איך האב זעהר פרעהליכע נייעס פאר דיר, טייערע נועה! דיין ברודער לעבט!

— מיין ברודער לעבט! — **האט** נועה אויסגערופען — און **אין** איהרע אויגען האבען זיך באוויזען **טרעהרען פון** פרייד.

— יא, דיין ברודער לעבט און **איז** געזונד. ער ארבייט אי די **פעלדער פון** בית־לחם.

— פון וואנען ווייסטו עס? — **האט** נועה איהם אנגעקוקט. עפעס **האט** זיך איהר ניט געקענט גלויבען.

— בועז, מיין פריינד פון בית־לחם, וועגען וועמען איך האב דיר דערצעהלט, איז היינט גאנץ פריה ביי מיר געוועזן און ווען מיר האבען זיך ביידע צוזאמענגערעדט, האט ער מיר דערצעהלט וועגען איינעם א יונגענמאן, וועלכער האט געליטען פון די עמלקים און איך האב איהם דערצעהלט וועגען דיר, האבען מיר באלד אויסגעפונען, אז דאס איז דיין ברודער ימואל. בועז איז גלייך אוועק איהם אנזאגען, און עס איז מעגליך אז גאר אין גיכען וועט ימואל קומען צו מיר, און איך וועל מיט איהם מיטגעהן זיך מיט דיר צו טרעפען.

נועה איז געוועזן אזוי גליקליך צו הערען אז איהר ברודער לעבט, אז זי האט א ווײלע פון פרייד ניט געקענט א ווארט ארויסריידען.

— ווען דיין ברודער וועט קומען, וועלען מיר זיך צוזאמען בעראטהען ווי אזוי דיך און דיין שוועסטער צו באפרייען פון די הענט פון די עמלקים. ווי בועז האט מיר איבערגעגעבען, איז דיין ברודער ימואל זעהר שטארק און בראוו, און מיט גאטעס ילף וועט אונז פיליכט געלינגען אייך ביידען ארויסצוראטעווען פון די עמלקים, און אין דערזעלבער צייט אז זיי נקמה נעהמען פאר אייערע עלטערנ'ס בלוט...

— יא, ווי נייגעריג איך בין שוין זיך צו זעהן מיט מיין ברודער און מיין איינגערע שוועסטער, עדה, וועט זיך אויך שטארק פרעהען... זי געדענקט איהם

דאך ניט. זי איז געווען א קינד, קוים פינף יאהר אלט, ווען די גרויזאמע עמלקים האבען צושטערט אונזער גליקליכען לעבען... א, ווען איך זאל איהר קענען מיטנעהמען!

— זארג ניט, נועה. עס וועט שוין לאנג ניט נעהמען און איהר ביידע וועט באפרייט ווערען פון די עמלקים. דאן וועט איהר שטענדיג זיין צוזאמען מיט אייער ברודער.

— עפעס גלויבט זיך מיר ניט, אז מיר וועלען נאך ווען עס איז פריי זיין! — האט נועה געווישט איהרע טרעהרען. — אונזערע פאנגער זיינען אזוי שטארק. דער עלטסטער זוהן פון דעם עמלקי ווארט שוין מיט אומגעדולד אויף דעם טאג ווען ער וועט מיך קענען נעהמען פאר זיין פלגש.

— דאס וועט קיינמאל ניט געשעהן! — האט אהוד געזאגט דריקענדיג זיין פויסט. — גאט וועט די רשעים ניט שענקען... זעה, איך בעט דיך, נועה, ארויסצוקומען יעדען פריהמארגען אבי־סעל פריהער, ווייל איך ווער אזוי אומגעדולדיג... מעגליך אז איך וועל נאך מארגען זיין מיט דיין ברודער.

— דו ווייסט דאך, אז איך מוז זעהר פארזיכטיג זיין! — האט נועה געזאגט. — געלויבט איז גאט, דערווייל זיינען זיי מיר ניט חושד... זאל מיר גאט אויך ווייטער העלפען. איך וועל ארויסקומען אזוי שנעל ווי נאר עס וועט מעגליך זיין.

נועה האט ארויסגענומען פון איהר קרוג ברויט און גרינסען און דאס דערלאנגט אהוד'ן...

אויף מארגען איז אהוד ווידער געקומען אליין צו זיין גרויס ענטוישונג איז ימואל ניט געקומען... אהוד האט זיך גענומען שרעקען, פיליכט האט שוין בוען איהם ניט געטראפען, און מעגליך אז ער וועט איהם שוין מעהר ניט זעהן. פונדעסטוועגען האט ער געטרייסט נועה'ן. ער האט איהר בארוהיגט און געזאגט, אז עס איז מעגליך דאס ער איז פארהאלטען געווארען.

אויף דעם דריטען טאג, ווען אהוד איז נאך געווען אין דער עפענונג פון פעלזענשטיין, האט ער דערהערט א שטימע, וואס רופט אויס זיין נאמען. זיין הארץ האט אין איהם גענומען שטארק קלאפען...

— דאס איז ער! — האט אהוד מיט פרייד צו זיך געזאגט און איהם אנטקעגען געקומען.

— ביזטו ימואל, דער ברודער פון נועה'ן?

— און דו ביזט אהוד, דער זוהן פון גרא?

זיי האבען זיך ביידע ארומגענומען ווי זיי וואלטען שוין געווען אלטע פריינד.

— געלויבט איז גאט, וואס בוען האט דיך געטראפען! — האט אהוד געזאגט — איך בין געווען שטארק באזארגט.

— דערצעהל מיר שנעלער וועגען מיין שוועסטער! — האט איהם ימואל אונטערבראכען. — וואו געפינט זי זיך און ווי פיהלט זי?

— שלום איז צו איהר! איך האב זי ערשט נעכטען געזעהן... זי ווייסט שוין פון דיר און זי ערווארט שוין מיט דעם גרעסטען אומגעדולד דיך צו זעהן.

— לאמיר שנעלער געהן צו איהר! — האט ימואל אויסגערופען.

אהוד האט א קוק געטהאן אויף דער זון און געזאגט:

— עס איז נאך צו־פריה. זי וועט אנקומען שפעטער.

— פארוואס קענען מיר זי גלייך ניט זעהן? — איז ימואל אומגעדולדיג געווארען.

— דו ווייסט דאך, אז זי איז געפאנגען און זי ווערט געשיקט צו ברענגען וואסער פון דעם ברונעם, וואס געפינט זיך ניט ווייט פון דאנען, אין א באשטימטער צייט... און אויך זעהר לאנג קען זי דא ניט פארברענגען, ווייל מען קען איהר נאך חושד זיין, און דאן וועלען אלע פלענער צושטערט ווערען.

— זאג מיר, ווי קוקט זי אוים? — האט ימואל געפרעגט.

— זי איז אזוי שעהן ווי די זון! — האָט אהוד געענטפערט און א רויטקייט האָט זיין פּנים באַדעקט — זי איז יעצט א דיענסט ביי די עמלקים, אָבער אזוי ווי איינער פון די זיהן האָט איין זינען זי צו נעהמען פאר א קעבס־ווייב, דריקט מען זי ניט אזוי שווער.

— דאָס וועט קיינמאָל ניט געשעהן! — האָט ימואל זיך געכאַפּט צו זיין שווערד. — איך וועל נקמה נעהמען פון די מערדער פון מיינע עלטערן.

— וועגען דעם האָב איך אויך געטראַכט! — האָט אהוד געזאָגט — די עמלקים זיינען אונזערע שונאים פון לאַנג, נאָך פון דער צייט ווען אונזערע אור־עלטערן האָבען געוואַנדערט אין דער מדבר, און יעצט, ווען מיר ווייסען פון דיזער משפחה, וועלכע איז אייך באַפּאלען און געטויטעט אייערע עלטערן, מוזען מיר זעהן אַז זיי נקמה צו נעהמען. אָבער מיר מוזען זיין פאָרזיכטיג, ווייל זיכער ניט ווייט פון זיי מוז זיך געפינען זייער גאַנצער שבט, און ווען זיי זאָלען זיך דערוויסען וואָס מיר האָבען צו זיי געטאָן, וועלען זיי זיך אַלע פאַרזאַמלען און שלעכטעס טהאָן צו דעם גאַנצען שבט שמעון.

— וואָס איז דען דיין עצה? — האָט ימואל איהם געפרעגט.

— מיין עצה איז, אז מיר דאַרפען אויסגעפינען ווען די גאַנצע משפּחה געפינען זיך אין זייערע געצעלטען, און ביינאַכט וועלען מיר פּלוצלונג מאַכען אַן איבערפאַל און זיי אַלעמען פאַרניכטען, אַז עס זאָל פון זיין געדעכניס ניט בלייבען. זייערע געצעלטען און זייער האָב־און־גוטס וועלען מיר פאַרברענען.

— אָבער ווי אזוי וועלען מיר קענען אַרויסראַטעווען מיין אינגסטע שוועסטער, עדה, וועלכע געפינט זיך שטענדיג אונטער וואַך? — האָט ימואל געפרעגט.

— וועגען דעם וועלען מיר זיך נאָך היינט באַראַטען מיט נועה'ן — האָט אהוד געענטפערט — זי וועט אונז לאָזען וויסען ווי אזוי צו האַנדלען.

— דו וועסט מיט מיר קענען בלייבען אין דער עפּענונג פון דיזען פעלזען־שטיין, ביז וואַנען מיר וועלען דורכפיהרען אונזער פּלאַן.

---

זעהר ריהרענד איז געווען די באַגעגניש צווישען ימואל'ן און זיין שוועסטער נועה'ן. ביידענס געוויינען האָבען אין דער פוסטקייט פון פעלד אָפּגעהילכט פאר א לאַנגע צייט.

אהוד איז געשטאַנען עטוואָס אָפּגערוקט פון זיי און זיינע אויגען זיינען אויך אָנגעפילט געוואָרען מיט טרערען. ער האָט געזעהן ווי דער ברודער און שוועסטער זיינען איינגעפלאָכטען איינע אין צווייטען. זיי קענען קיין וואָרט ניט אַרויסריידען. אפילו דער הונט, וועלכער איז געקומען מיט נועה'ן האָט אויך באַגריפען אַז דאָ האָט עפּעס אויבערגעוויינליכעס פּאַסירט. ער איז אַרומגעלאָפען הין און צוריק. ער האָט געשפּרונגען אויף ביידען, זיי געלעקט און זיך גענוּרעט צו זיי.

— מיין טייערע שוועסטער, נועה! — האָט ימואל אויסגערופען — ווי גליקליך איך בין אַז איך זעה דיך. זאָג מיר, ווי קוקט אויס אונזער קליינע שוועסטער עדה. זי איז דאָך געווען אזוי יונג און צערטליך. זי מוז נאָך אויך איצט זעהר ליידען.

—האָ, מיין אומגליקליכע שוועסטער!
—האָט נועה אויסגערופען — זיי האַלטען איהר שטענדיג אונטער וואַך. די אַלטע לאָזט זי ניט אָפּ פון זיך. זיי געטרויען מיר צו געהן אַליין, צוליב דעם וואָס זיי ווייסען אַז איך וועל זי ניט איבערלאָזען אין זייערע הענט ווייל זיי האָבען מיר געוואָרענט אַז דעם טאָג וואָס איך וועל מאַכען א פאַרזוך צו אַנטלויפען, וועלען זיי איהר טויטען...
—מיר זיינען ביידע געקומען אייך ראַטעווען — האָט ימואל אָנגעוויזען אויף אהוד'ן, און נועה'ס פּנים איז באַדעקט געוואָרען מיט רויטקייט. זי

האט זיך עטוואס פארשעהמט וואס זי האט ווי אינגאנצען פארגעסען אן דעם פריינד, וועלכער האט עס מעגליך געמאכט פאר איהר זיך איצט צו זעהן מיט איהר ברודער, און וועלכער האט ארייננעגעבען אזוי פיעל ליכט און טרייסט אין איהר פאראומערטע און פאר'חושך'טע נשמה.

אהוד איז נעהנטער צוגעקומען צו זיי און ער האט זיך א נויג געטאן פאר נועה'ן.

— מיט וואס וועל איך דיר קענען אפדאנקען פאר דעם חסד וואס דו האסט מיט מיר געטאן — האט נועה זיך אפגערופען צו אהוד'ן.

— און דו, האסטו דען צו מיר ניט געטאן קיין גנאד. דו האסט מיר אין דיזער וויסטעניש געבראכט שפייז יעדען טאג. דו האסט דעם טרויער פון מיר פארטריבען, און אין מיר ארייננעגעבען א שטראל האפענונג און א לוסט צום לעבען און קעמפען.

זייערע ביידענס בליקען האבען זיך באגעגענט... זייער פרייד איז געווען געמישט מיט טרויער מיט אומזיכערקייט. וואס וועט ווייטער זיין? ווי אזוי וועט זי זיך קענען באפרייען און עדה'ן? וועלען זיי איהר קענען ארויסראטעווען פון די הענט פון די עמלקים?!

אזעלכע מחשבות האט יעדען פון זיי געדריקט, און פאר א ווײַלע האבען זיי מורא געהאט עס ארויסצוריידען פון מויל, ווי זיי וואלטען ניט וועלען צושטערען זייער גליק, זייערע אילוזיעס און חלומות.

זיי האבען זיך צוגעזעצט אויפ'ן גראז און גערעדט פון פארגאנגענע גליקליכע יאהרען, פון טעג פון פרייד פון זייער קינדהייט אין זייער היים צוזאמען מיט זייערע עלטערען... טרערען האבען געפלאסען פון זייערע אויגען, טרערען פון פרייד און צער, טרערען פון האפענונג און יאוש, צונויפגעמישט...

פלוצלונג האט זיך נועה אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און מיט שרעק אויסגערופען:

— אה, איך מוז זיך צוריקקערען! ווען זיי וועלען זעהן אז איך פארשפעטיג זיך וועלען זיי געוויס מיינען אז איך בין אנטלאפען און זיי קענען נאך שלעכטעס טאן צו עדה'ן.

א שווערער טרויער האט זיך אויף זיי דרייען אנגעזעצט. וואס זאלען זיי טאן? אט זעהט ימואל זיין שוועסטער אבער ער קען זי ניט ראטעווען! זי מוז זיך צוריקקערען צו איהרע פאנגער.

—אה, מיין שוועסטער—האט ימואל איהר ווידער ארומגענומען — איך קען דיר אזוי ניט אוועקלאזען פון מיר.

— קום דא מארגען אויך אין דער זעלבער צייט צוזאמען מיט אהוד'ן. מעגליך אז איך וועל קריגען מעהר אויסקינפטע וועגען די פלענער פון מיינע פאנגער און דאן וועלען מיר רעדען פון דעם ווי אזוי ארויסצוראטעווען אונזער שוועסטער עדה, און צוזאמען מיט איהר אנטלויפען פון די רשעים, אונזערע פאנגער.

נועה האט פון איהר קרוג ארויסגענומען א דאפעלטען חלק שפייז פאר אהוד'ן און איהר ברודער און זיי דאס איבערגעגעבען. זי האט זיך צוקושט מיט ימואל'ן און געווארפען א ליבליכען שמייכעל אין דער ריכטונג פון אהוד'ן און מיט שנעלע טריט איז זי אוועק צום ברונעם.

— מיר וועלען זיי מוזען באפרייען!

— האט ימואל אויסגערופען און טרערען האבען געשטיקט אין זיין האלז... נאכקוקענדיג ווי זיין שוועסטער פארשווינדט פון זיינע אויגען — אבער ווי אזוי?...

—זארג ניט מיין ברודער, מיט גאטס הילף וועלען מיר שוין געפינען א וועג!

— האט אהוד אויסגערופען.

— איך פיהל אז איך האב נאר וואס פארלארען א טייערען אוצר.

— אבער מארגען וועסטו זי ווידער זעהן!

— ווער ווייס! מיין הארץ שרעקט מיך. מעגליך אז זיי האָבען זי נאָכגעשפּיאָנירט און איצט וועט זי שוין מער קיין געלעגנהייט ניט האָבען אליין צו געהן. זיי וועלען איהר היטען.

— נועה ווייס ווי אזוי צו ריידען צו די עמלקים. זי איז זעהר קלוג. יע, איך דארף דאָך דאָס דיר ניט זאָגען — האָט אהוד געשמייכעלט — און די עמלקים זיינען דום־קעפּ... יעדער איינער וועט זיי קענען אָפּנארען...

— דו זעהסט דאָך אָבער אז זיי האָבען זיך באוואָרענט. זיי לאָזען זיך נועה'ן פריי באוועגען, ווייל זיי ווייסען, אז זי וועט ניט איבערלאָזען איהר שוועסטער אין זייערע הענט און אנטלויפען — האָט ימואל געווישט זיינע טרערען.

— מאָרגען וועט זי אונז לאָזען וויסען פון אלע זייערע פּלענער. נועה וועט שוין וויסען ווי אזוי אלץ ארויסצוקריגען פון זיי, און דו, מיין פריינט, זאָג מיר, קענסטו טרעפען אין ציעל?

— איך האָב געקענט זעהר גוט שיסען מיט'ן בויגען, אָבער זינט איך האָב ארומגעוואנדערט, האָב איך זעלטען געהאט א געלעגנהייט צו שיסען.

— אויב אזוי טאָ לאָמיר זיך צוריקקערען צו אונזער פּלאץ און איך וועל דיך לערנען שיסען און טרעפען אין ציעל. מעגליך, אז מיר ביידע וועלען זיך מוזען באנוצען מיט פייל און בויגען געגען אונזערע שונאים.

---

נועה האָט אָנגעפילט איהר קרוג מיט וואסער און האָט זיך שנעל צוריקגעקערט צום הויז. דאָרטען איז זי גלייך באגעגענט געוואָרען מיט קללות, וואָס די אלטע מכשפה, די מוטער פון די צוויי יונגע עמלקים, האָט איף איהר גענומען שיטען.

— וואו ביזטו עס געוועזן אזוי לאנג!

— האָט זי געכאַפּט א שטעקען און זיך גענומען יאָגען נאָך איהר.

נועה האָט גענומען לויפען און זוכען א פּלאץ פון שוץ.

די צוויי ברידער זיינען געזעסען און געטרונקען וויין און האָבען צוגעזעהן ווי זייער מוטער יאָגט זיך נאָך און נועה אנטלויפט. זיי האָבען ביידע זיך הילכיג פארנאנדערגעלאכט און דאָס האָט אויפגעוועקט זייער פאָטער וועלכער האָט געשמאק געשלאָפען נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעטרונקען מיט וויין.

— וואָט איז עס פאר א טומעל! — האָט ער אויסגערופען און א געניץ געטאָן, און באלד צוריק אנידערגעפאלען און געכראָפּעט.

נועה איז צוגעלאָפען צו דעם עלטערען ברודער נאָך שוץ. ער האָט זי א כאפּ געטאָן מיט זיינע מוגשם'דיגע הענט.

פון א ווינקעל פון הויז האָט זיך געהערט א געוויין. דאָס האָט עדה איהר קליינע שוועסטער, זיך פארנאנדערגעוויינט, מורא האָבענדיג טאָמער וועלען זיי שלעכטעס טאָן צו איהר שוועסטער.

טויט־בלאס איז נועה געווען ווען דער עמלקי האָט זי איינגעקלאמערט אין זיינע הענט. זי האָט זיך געטרייסעלט פון שרעק.

— איך וועל איהר צייגען ווי אזוי אוועקצוגעהן און פארפאלען ווערען... קיין טראָפּען וואסער איז אין הויז ניט געווען און זי איז געווים אנטשלאָפען געוואָרען ביי דעם ברונים! — האָט די אלטע זיך פארמאָסטען מיט'ן שטעקען.

— ווארט, מוטער — האָט דער זוהן זיך צו איהר אָפּגערופען — איך וועל אויסגעפינען פארוואָס עס האָט איהר אזוי לאנג גענומען.

— איך ווייס די אורזאכע! — האָט די אלטע א שטשירע געטאָן מיט די צייהן — זי חלום'ט נעבען ברונים, זי טראכט ווי אזוי צו אנטלויפען פון דאנען.

— איז עס אמת! — האָט דער זוהן איהר א דריק געטאָן ביי דעם אָרם.

— אָה, ניין! — האָט זי זיך פארנאנדערגעכליפּעט.

— און פארוואָס האָסטו זיך אזוי פארזאמט? זאָג מיר דעם אמת!

— דער הונט איז באַפּעלען א קליינע קעצעלע און זי צוביסען, האָב איך אויף איהר רחמנות געקראָגען און איך האָב זי צוגעבראַכט צום ברונעם און אויף איהר געגאָסען קאַלט וואַסער ביז וואַנען זי איז צו זיך געקומען.

— און דו ווילסט ניט אַנטלויפען פון דאַנען? — האָט ער איהר געפרעגט.

— ניין! — האָט זי געענטפערט— דו האָסט דאָך פאַרשפּראָכען מיך צו מאַכען פאַר דיין קעבס־ווייב...

— און דו ווילסט ווערען מיין קעבס־ווייב מיט דיין גוטען ווילען?

— געוויס! דו ביזט דאָך אַזוי שטאַרק — האָט זי אַרויפגעצוואונגען א שמייכעל אויף איהרע ליפּען. איך וואַרט שוין מיט אומגעדולד אויף יענעם טאָג.

א ברייטער און צופרידענער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף זיין פאַרגרעבטען פּנים.

— לאָז איהר אָפּ! — האָט ער זיך אָפּגערופען צו זיין מוטער. זי וועט שוין זעהן מעהר זיך ניט צו פאַרזאַמען.

—דאָס טהוט זי צו מיר ווייל איך בין צו גוט צו איהר. איך האָב איהר געהייסען נעמען בלויז איין קרוג צום ברונעם, ווייל איך האָב געמיינט אַז עס וועט זיין צו שווער פאַר איהר צו שלעפּען צוויי קריג וואַסער פון אַזאַ ווייטקייט, אָבער פון מאָרגען אָן וועט זי מוזען שלעפּען צוויי קריעג וואַסער יעדען טאָג!

— וואַרט ביז וואַנען זי וועט ווערען מיין קעבסווייב! — האָט ער אויסגערופען.

— ניין! ניין! איך וועל ניט דערלאָזען אַז דו זאָלסט זי נעמען פאַר דיין קעבסווייב! איך בין זיכער אַז דאַן וועסטו מיר איינגאַנצען אַוועקוואַרפען — האָט זיך געהערט א שטימע פון א פרוי וועלכע איז געלעגען אויסגעצויגען אויף דער ערד.

דער עלטערער ברודער האָט געכאַפּט זיין בעכער מיט וויין און ער האָט איהם אויף איהר א שליידער געטאָן.

— איך וועל דיר ווייזען ווי אַזוי צו רעדען צו מיר מיט חוצפּה! — האָט ער א שטורעם געטאָן — ווי א הונט וועל איך דיר פון מיין הויז פאַרטרייבען, אויב איך וועל פון דיר א צווייטען מאָל הערען אַזוינע רייד. אויב דו וועסט ניט אויפהערען צו וואָרטשען, וועל איך נועה'ן נעמען פאַר מיין ריכטיגע פרוי און דיך מאַכען פאַר איהר דינסט! זי וועט מיר אויך קינדער האָבען. זי איז דאָך אַזוי ווי דו א פאַרשאָלטענע פון די געטער.

דער אינגערער ברודער האָט זיך הילכיג פאַנאַנדערגעלאַכט.

— זאָג מיר, פאַרוואָס קומט דיר צו האָבען צוויי פרויען און מיר גאָרניט— האָט ער זיך צו איהם געווענדעט ניט אויפהערענדיג צו לאַכען.

— אויב דו ווילסט קענסטו נעמען אָט יענע נבלה פאַר זיך — האָט ער אָנגעצייגט אויף זיין פרוי וועלכע איז נאָך אַלץ געלעגען אומבאַוועגליך אויף דער ערד.

— איך וויל ניט די נבלה. איך וויל אָט די — האָט ער אָנגעוויזען אויף נועה'ן.

דער עלטערער ברודער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און צוגעגאַנגען צו זיין ברודער און איהם אַזאַ שטאַרקען זעץ געטאָן מיט זיין פויסט אין מאָרדע אַז יענער איז אומגעפאַלען פון זיין בענקעל א צובלוטיגטער.

א ווייל האָט ער איהם אַזוי געלאָזען ליגען און נאָכהער האָט ער אַליין געהאָלפען זיין אינגערען ברודער זיך אנידערזעצען און אָפּגעווישט זיין בלוט.

— פאַרוואָס דאַרפסטו זי? דו ווייסט דאָך אַז זי איז באַשטימט געוואָרען פאַר מיר, אַזוי האָט מיר דער פאָטער פאַרשפּראָכען.

— דאָס איז ווייל ער האָט געמיינט אַז דו האָסט ווירקליך געטויטעט איהר ברודער, ווי דו האָסט זיך דאַן פאַר איהם באַריהמט. ווען ער וואָלט געוואוסט אַז איהר ברודער האָט זיך אַרויסגעדרעהט פון אונזערע הענט און

איז אנטלאָפען, וואָלט ער דיר זי ניט אָפּגעגעבען.

דער עלטערער ברודער האָט א בליק געטאָן אויף נועה'ן צו זעהן וואָס פאַר אן איינדרוק זיין ברודער'ס רייד וועלען האָבען אויף איהר, און ווי ערשטוינט איז ער געוואָרען ווען ער האָט באמערקט אז זי איז גאָרניט גערירהרט געוואָרען פון דעם.

— זאָג מיר — האָט ער זיך צו איר אָפּגערופען — ביזטו דען ניט צופריעדען אויסצוגעפינען אז דיין ברודער איז דורך אונז ניט געטויטעט געוואָרען?

— יעצט אַרט מיך ניט וואָס מיט איהם האָט פּאסירט! — האָט זי מיט געמאַכטע קאַלטע גלייכגילטיגקייט זיך אָפּגערופען — איך וויים, אז איך געהער צו דיר און קיינער וועט מיך פון דיר ניט אָפּפרעמדען!

— יעצט הערסטו וואָס זי זאָגט! — האָט דער עלטערער ברודער זיך אָפּגערופען צו דעם אינגערען... יע, זי געהערט צו מיר, און דו טאָרסט אפילו וועגען איהר ניט טראַכטען... דו דאַרפסט בלויז האָבען אביסעל געדולד נאָך עטליכע יאָהר און עדה וועט אונטערוואקסען און דאַן וועסטו זי קענען נעמען פאַר זיך. אָבער וועגען נועה'ן זאָלסטו ניט טראַכטען... פאַר איהר איז אַלעם טויט אויסער מיר... ביז יעצט האָט זי געדענקט, אז איהר ברודער איז טויט, און ווען מיר פלעגען ריידען ווי אַזוי מיר האָבען איהם ערמאָרדעט, פלעגט זי וויינען, יעצט זעהסטו אליין ווי גלייכגילטיג זי איז ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אז איהר ברודער לעבט ערגיץ וואו און מיר האָבען איהם ניט געטויטעט... זי האָט אפילו קיין פינטעל ניט געטאָן מיט'ן אויג... באווייזט עס דען ניט, אז זי האָט מיך ליעב. און גיעב נאָר א קוק אויף איהר! איז זי דען ניט די שעהנסטע מיידעל וואָס מיר האָבען ווען עס איז געזעהן... א, ווען זי וואָלט געשטאַמט פון אונזער פאָלק עמלק, וואָלט איך זי טאַקע גענומען פאַר מיין ריכטיגע ווייב, און מיין נבלה געמאַכט פאַר איהר דינסט...

— קום אהער! — האָט דער אינגערער ברודער צוגערופען עדה'ן, וועלכע איז געזעסען איינגענורעט אין א ווינקעל. די קליינע האָט זיך אויפגעהויבען און מיט צושראָקענע אויגען געקוקט אויף איהם.

— ביזטו טויב געוואָרען! — האָט ער אויף איהר א געשריי געטאָן. קום אהער, זאָג איך דיר!

מיט לאנגזאַמע טריט האָט עדה גענומען צוגעהן צום אינגערען ברודער, זי האָט געציטערט פאַר שרעק און געוואָרפען איהרע בליקען צו איהר שוועסטער ווי זי וואָלט ביי איהר געזוכט שוץ... אָבער וואָס האָט נועה געקענט טאָן, ווען זי איז אליין הילפלאָז... מיט רחמנות'דיגע בליקען האָט זי אויף איהר קליינע שוועסטער געקוקט און אין איהר הארצען האָט זי מתפלל געווען צו גאָט ער זאָל איהר קליינע שוועסטער באשיצען פון ביין.

דער אינגערער ברודער האָט די קליינע עדה'ן א הויב געטהאָן און זי אוועקגעזעצט ביי זיך אויפ'ן שויס... ער האָט איהר אָנגענומען ביי די האָר און א דרעה געטאָן איהר קאָפּ אַזוי, אז איהר פנים זאָל אויסקומען געגען זיינעם.

נועה'ס בלוט האָט אין איהר גענומען זידען. — אה, איהר אומגליקליכע שוועסטער, וואָס וויל אָט דער גראָבער, שמוציגער נפש פון איהר... ווען זי זאָל קענען, וואָלט זי איהם מיט דעם מעסער וואָס ליגט אויף דעם טיש דערשטאָכען. זי זעהט ווי ער קוקט עדה'ן אין די אויגען... נאכהער הערט זי ווי ער רופט אויס:

"דו וועסט פּילייכט אמאָל זיין שעהן ווי דיין שוועסטער, אָבער דו וואקסט גאָר ניט... דריי יאָהר זינט דו ביזט אהער געקומען און דורך דיזער צייט האָסטו גאָר ניט געוואקסען... איך וועל אויף דיר געווים דאַרפען זעהר לאַנג וואַרטען" — האָט ער זי אַרונטערגעשליידערט פון זיין שויס.

— ווי אזוי קענסטו ערוואַרטען זי זאָל וואַקסען ,ווען זי איז שטענדיג פאַרשפּאַרט אין הויז !—האָט נועה זיך אָפּגערופען — אַ קליין קינד איז ווי אַ בלום וואָס נויטיגט זיך שטענדיג אין לופט און זונענשיין...

— ווילסטו אַז מיר זאָלען זי ארויסלאָזען אין דרויסען כדי דו זאָלסט נאָכהער קענען צוזאַמען מיט איהר ענטלויפען ! — האָט די אַלטע ארויסגעברומט! ניין ! זי וועט אימער בלייבען דאָ מיט מיר !

— ווען זי וועט ארויס אין דרויסען וועל איך דאָן בלייבען אין הויז ! — האָט נועה געזאָגט — דאָן וועסטו דאָך זיכער זיין.

— ניין ! איך וועל זי פון זיך ניט אָפּלאָזען... און ווען דו וועסט מאַכען אַ פּאַרזוך צו ענטלויפען וועל איך די קליינע גלייך אויף אָן אָרט טויטען.

— מיר אַרט ניט, אָבער דיין זוהן האָט זיך נאָר וואָס באַקלאָגט, אַז זי וואַקסט ניט גענוג שנעל פאַר איהם... האָב איך איהם געגעבען די עצה...

— פאַרוואָס זאָלסטו טאַקע זי ניט ארויסלאָזען אין דרויסען אויף אַ ווײַלע יעדען טאָג — האָט דער אינגערער זוהן זיך געווענדעט צו זיין מוטער.

— וואָס ווילסטו איך זאָל נאָך זיין אַ דינסט ביי אַט דער ! — האָט זי אויסגערופען — עס איז נאָך ניט גענוג וואָס איך דאַרף אויף איהר אכטונג געבען אין הויז, זאָל איך נאָך דאַרפען זי היטען אין דרויסען...

— איך מיין ניט דו זאָלסט עס טהאָן! — האָט ער זיך פאַרענטפערט — אָבער זי! — האָט ער אָנגעוויזען אויף זיין ברודער׳ס ווייב. זי קען איהר ארויסנעמען.

— זי, די פוילע נבלה ! — האָט די שוויגער אַ קריץ געטהאָן מיט די ציינער — זי ליגט אויף דער ערד און פוילט... זי וויל קיין זאַך ניט טהאָן... איך דאַרף פאַר איהר אַלעס טהאָן... האָט זי מיר דען ווען עס איז געהאָלפען. אָ, זי איז אַ פאַרשאָלטענע פון די געטער און אין דעם איז ער בלויז שולדיג ! — האָט זי אָנגעוויזען אויף איהר זוהן. ער האָט זי געמאַכט פאַר אַ האַרינטע ! און יעצט דאַרפען מיר אַלע זיין איהרע דינסטען און קנעכט.

— איך וועל איהר ווייזען ווי אַזוי צו ליגען און פוילען גאַנצע טעג ! — האָט זיך דער עלטערער זוהן אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און איז צוגעגאַנגען צו זיין ווייב, וועלכע האָט זיך אַנידערגעזעצט און זיך צונויפגעקאָרטשעט פון שרעק.

— שטעל זיך אויף, דו נבלה ! — האָט ער אויף איהר אַ געשריי געטהאָן און צוזאַמענגעדריקט זיינע פויסטען.

— שלאָג מיך ניט, איך בעט דיך !

— האָט זי זיך צו איהם גענומען בעטען.

— שטעל זיך אויף, זאָג איך דיר ! האָט ער נאָך העכער געשריען.

זי האָט זיך ניט גערוהרט פון אָרט.

— זי איז אַזוי פויל, אַז זי פוילט זיך אויפצוהויבען פון איהר פּלאַץ — האָט די שוויגער אַ שטשירע געטאָן מיט די ציינער... און דו האָסט זי אַזוי צופּעסטשעט, אַז יעצט וויל זי דיך שוין ניט פאָלגען.

— וועסטו זיך אויפשטעלען אָדער ניט ! — האָט ער אַ דונער געטהאָן אויף איהר.

— ניין ! איך וועל זיך ניט אויפשטעלען ! — האָט זי אויסגערופען — איך האָב דיך פיינט ! — דיר האָט זיך פאַרגלוסט אָט די יונגע מיידעל פון ישראל, און זאָלען די קללות פון די געטער רוהען אויף אייך ביידען !

— מאַך צו דיין מויל ! — האָט ער איהר אַ זעץ געטהאָן מיט זיין פויסט איבער׳ן פּנים, אַזוי, אַז זי איז אומגעפאַלען אַ צובלוטיגטע.

— דאָס איז נאָך ווינציג פאַר איהר !

— האָט די שוויגער איהם נאָך מעהר אויפגעדרייצט — ווי אַ צויג וואָלט איך איהר צושלאָגען, זאָל זי וויסען, אַז זי דאַרף אויך העלפען און טהאָן די ארבייט פון הויז.

— דו מכשפה! — האָט די שנור אויף איהר א שפּיי געטהאָן.

דאָס האָט איהר שבורן זוהן נאָך מעהר אויפגערייצט און ער האָט איהר מיט זיין פוס א בריק געטהאָן, אז זי האָט זיך געקאָרטשעט פון יסורים.

א ווײלע איז זי אזוי געלעגען און געקרעכצט... איהר מאַן און איהר שוויגער האָבען איהר ניט אויפגעהערט צו שילטען.

— איך ווייס פאַרוואָס דו שלאָגסט מיך אזוי שטארק! — האָט זי זיך ווידער אנידערגעזעצט — דו ווילסט פון מיר פּטור ווערען כדי דו זאָלסט באלד קענען נעהמען אַט די העסליכע מיידעל... אָבער ניין! זי וועט מיין פּלאַץ ניט פארנעהמען, איך וועל זי טוידטען... ביי די געטער פון עמלק שווער איך, אז איך וועל זי טוידטען!

— טוידטען וועסטו זי?! הא? — האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, איך וועל דיר באלד ווייזען ווי אזוי דו וועסט זי טוידטען. ער האָט זיך א בויג געטהאָן און ער האָט זי א נעהם געטהאָן מיטביידע הענט און א הויב געטהאָן פון באָדען — דו וועסט זי טוידטען, הא?!

— וואָס דען, דו מיינסט, אז איך בין א פיגלינג ווי דו, און דיין ברודער, וואָס איהר האָט זיך באריהמט, אז איהר האָט נועה׳ס ברודער ערמאָרדעט... דו ביזט א ליגנער און א פייגלינג. אָבער ניט איך.

זי האָט פלינק ארויסגענומען א מעסער פון א באהאלטענעם פלאַץ אין איהר קלייד און מיט איהר גאנצע מאכט א שלײדער געטהאָן דעם מעסער אין דער ריכטונג וואו נועה איז געשטאנען...

נועה האָט זיך אין צייט א רוק געטהאָן אָן א זייט און דער שארפער מעסער איז אריינגעהאקט געוואָרען אין וואנט, פאַרפעלענדיג זי צו טרעפען ביי א האָר.

נועה האָט אין גרויס שרעק א געשריי געטהאָן. דער איינגערער ברודער האָט זיך הילכיג פאַנאַנדערגעלאַכט, אז ער האָט ווידער אויפגעוועקט דעם פאָטער.

דער עלטערער ברודער איז צוגעלאָפען צו זיין פרוי און איהר אָנגענומען ביים האלז.

זי האָט זיך גענומען בריקען, בייסען און שרייען. ער האָט זי מיט זיין גאנצען כוח א שלײדער געטהאָן, אז זי האָט מיט איהר קאָפּ אריינגעקראַכט אין וואנט און איז באלד אומגעפאלען א באַוואוסטלאָזע אויף דעם באָדען.

— וואָס טוט זיך דאָ! — האָט זיך דער אלטער געריבען די אויגען און זיך אויסגעצויגען און געגעניצט.

א שטילקייט האָט געהערשט אין הויז... די קליינע עדה איז צוגעלאָפען צו איהר עלטערע שוועסטער און זיך איינגענורעט אין איהר בוזים.

דער פאָטער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין בעטעל, און ער האָט זיך ארומגעקוקט...

— וואָס האָט פּאסירט? — האָט ער ניט אויפגעהערט צו געניצען. ווען ער האָט ניט געקראָגען קיין ענטפער האָט ער זיך אויפגעשטעלט, און ווען ער האָט דערזעהן זיין שנור ליגענדיג א צובלוטיגטע און באוועגלאָזע, איז ער שנעל צו איהר צוגעגאנגען, און איהר אָנגענומען ביי איהר האנט...

— זי איז טויט! — האָט ער א ברום געטהאָן. ווער האָט עס געטהאָן?

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט.

— זי איז טויט! זאָג איך אייך, ווער האָט עס געטהאָן?!

— זי מאכט זיך דאָס, די פוילע נבלה! — האָט די אלטע אויסגערופען. זאָרג ניט, זי וועט באלד קומען צו זיך. איך וועל איהר צייגען ווי אזוי צו שפייען אויף מיר און ווי אזוי צו ווארפען א מעסער!

— אָבער איך זאָג דיר, אז זי איז טויט! — ווער האָט עס געטהאָן?

— דאָס האָב איך געטהאָן! — איז דער עלטערער זוהן צו איהם צוגעגאנגען.

— פאַרוואָס האָסטו זי געטויטעט! — האָט דער פאָטער איהם געפרעגט.

— ווייל איך האָב זי פיינט געקראָגען, איך האָב שוין לאַנג געוואָלט פון איהר פטור ווערען, און אויסער דעם האָט זי געוואָרפען א מעסער אויף נועה'ן.

— און צוליעב דער פארפלוכטער ישראלית האָסטו געטויטעט דיין ווייב, וועלכע שטאמט פון דעם זעלבען שבט.

— ניט צוליעב איהר זאָג איך דיר! — האָט ער געענטפערט — זי האָט מיך באליידיגט, זי האָט געשפּיגען אויף מיין מוטער און זי האָט מיך גערופען פיינגלינג... אָבער איך גלויב ניט, אז זי איז טויט.

ער איז צו איהר צוגעגאנגען, און איהר א הויב געטהאָן, איהר קערפּער איז געווען קאלט, און איהר קאָפּ איז ארונטערגעהאנגען...

— יע, זי איז טויט! — האָט דער זוהן אָפּגעווישט זיינע הענט... רעכט אויף איהר, זי האָט דעם טויט פארדינט!

— וואָס וועלען מיר יעצט טהאָן! — האָט דער פאָטער אויסגערופען מיט א בייזע שטימע — דו ווייסט דאָך, אז איך האָב זי פאר דיר גענומען פון א חשוב'ע משפּחה פון עמלק, ווען עס וועט דערגרייכען זייערע אויערען וואָס דו האָסט געטהאָן צו זייער טאָכטער און שוועסטער וועלען זיי פון אונז אלעמען נקמה נעהמען.

— קיינער וועט פון דעם ניט אויסגעפינען. מיר זיינען אָפּגעזונדערט פון זיי. איך וועל זי בעגראָבען און קיינער וועט ניט וויסען וואָס מיט איהר האָט פּאסירט.

— מעגליך אז איינינגע פון איהר משפּחה וועלען אונז קומען בעזוכען, וואָס וועלען מיר זיי זאָגען.

— מיר קענען דאָך זאָגען אז זי איז פון אונז אנטלאָפען געוואָרען — האָט דער עלטערער זוהן מיט גלייכגילטיגקייט געזאָגט — קיינער פון אונזערע קנעכט וויים דערפון ניט. און איך וועל זעהן אז קיינער זאָל ניט בעמערקען ווי אזוי איך וועל זי בעגראָבען.

— מיין עצה וואָלט געווען, אז דו זאָלסט די קנעכט אין גאנצען בעפרייען. ווייל אויב זיי וועלען מיט אונז פערבלייבען, וועלען זיי געוויס אויסגעפינען... זיי וועלען דאָך זעהן אז זייער הארינטע פעהלט און זיי וועלען זיכער פערדעכטיגען — האָט נועה געזאָגט דעם עלטערען ברודער אין דער שטיל.

— דו ביזט גערעכט! איך שווער ביי די געטער אז דו ביזט קלוג — האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען.

— איך געה בעפרייען אלע קנעכט!

— האָט ער זיך געווענדעט צו אלעמען. זיי וועלען זיין אזוי צופרידען צו קריגען זייער פרייהייט אז זיי וועלען גלייך אנטלויפען פון דאנען. און זיי וועלען קיינמאָל ניט חושד זיין אז איך האָב מיין פרוי געטויטעט.

— אָבער ווי אזוי וועלען מיר בלייבען אָהן קנעכט — האָט דער פאָטער זיך אָפּגערופען. מיר האָבען אזוי פיעל בהמות און ווער וועט אכטונג געבען אין די פעלדער?

— מיר וועלען אין גאנצען אויסוואנדערען פון דיזען געגענד — האָט דער עלטערער זוהן געזאָגט — און ווען מיר וועלען זיך נויטיגען אין קנעכט, וועלען מיר זיי קריגען פון ישראל... מיר האָבען גענוג שווערדען און שפּיזען...

— און יעצט ווען מיר וועלען פאנגען א שעהנע אידישע מיידעל פון ישראל, וועל איך זי נעהמען פאר זיך! איך וויל ניט וואַרטען אזוי לאַנג אויף דיזער קליינער — האָט דער אינגערער ברודער אנגעוויזען אויף עדה'ן.

— דו וועסט זיך קענען אויסקלייבען די שעהנסטע מיידעל, אפילו ווען זי וועט זיין שעהנער פון נועה'ן וועל איך דיר ניט שטערען מיין ברודער — האָט ער מיט א ווייכע שטימע געזאָגט.

— איהר אלע פערבלייבט דאָ אין הויז, ביז וואנען איך וועל פטור ווערען פון די קנעכט.

ער האָט אָפּגעווישט דאָס בלוט פון זיינע הענט און איז ארויס אין דרויסען.

און ער האָט צוגערופֿען איינעם פֿון די קנעכט און איהם געהייסען וואָס שנעלער צוזאמענרופֿען די איבעריגע. ווען די קנעכט זיינען צוזאמענגעקומען און ער האָט זיך אָפּגערופֿען צו זיי:

— מיין פֿאָטער און איך האָבען בעשלאָסען אייך אַלעמען צו בעפֿרייען, ווייל איהר האָט אונז ביז יעצט געטריי געדינט. ווילט איהר זיין פֿריי!

— טרייבט אונזער האר ניט קיין שפּאס מיט אונז — האָט זיך איין קנעכט אָפּגערופֿען.

— איך טרייב ניט קיין שפּאס. איהר זייט אַלע פֿריי, איהר קענט געהן וואוהין איהר וועט וועלען... אָבער געהט וואָס שנעלער, מיין פֿאָטער קען נאָד חרטה האָבען...

א גרויס פֿרייד האָט געהערשט צווישען די קנעכט... זיי זיינען שנעל אריין אין די שייערן וואו זיי פֿלעגען נעכטיגען און יעדער האָט גענומען זיין פּעקעל.

— איך וואָרען אייך אז אויב איהר וועט זיך אומקעהרען אין דיזען געגענד וועט מיין פֿאָטער אייך ווידער צווינגען צו ווערען אונזערע קנעכט. ענטלויפֿט פֿון דאנען אזוי ווייט ווי מעגליך, און ווער פֿון אייך וויל פֿערלירען זיין פֿרייהייט זאָל ער דאָ צוריקקומען.

די קנעכט האָבען זיך פֿערנייגט און מיט שנעלע טריט זיך גענומען דערווייטערען ביז וואנען זיי זיינען אין גאנצען פֿערשוואונדען פֿון זיינע אויגען.

דער עלטערער ברודער איז צוריק אריין אין הויז מיט א שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

— אָה, איהר האָט געדאַרפֿט זעהן ווי שנעל זיי זיינען זיך צולאָפֿען, אזוי ווי מייז וואָס זיינען בעפֿרייט געוואָרען פֿון א פֿאסטקע. יעצט לאָמיר אויסגראָבען א גרוב אין גאָרטען — האָט ער זיך געווענדעט צו זיין אינגערען ברודער.

זיי האָבען ביידע גענומען רידלען און ארויסגעגאנגען פֿון הויז.

— טראָגט זי פֿריהער ארויס פֿון הויז — איז די מוטער זיי נאָכגעגאנגען — איך וויל זי זאָל אין מיין הויז קיין איבעריגע רגע ניט זיין.

די צוויי ברידער האָבען א הויב געטהאָן דעם טויטען קערפּער און ארויס פֿון הויז.

— אזוי וועט מיין זוהן אויך צו דיר טהאָן — האָט די אלטע זיך אָפּגערופֿען צו נועה׳ן, שטשירענדיג מיט די ציינער — אויב דו וועסט ווערען אזא פֿוילע ווי זי, וועט לאַנג ניט נעמען און אויך דיין קערפּער וועט מען אזוי ארויסטראָגען פֿון הויז...

נועה האָט איהר ניט געענטפֿערט, די קליינע עדה האָט זיך נאָך מעהר געטוליעט צו איהר און שטילערהייט געוויינט.

דער פֿאָטער האָט אָנגעפֿילט זיין בעכער מיט וויין און אויסגעטרונגען... און ווידער אמאָל אָנגעפֿילט. ער האָט ניט אויפֿגעהערט צו טרינקען, און די אלטע האָט ניט אויפֿגעהערט צו וואָרטשען און שילטען.

באלד האָבען זיך די צוויי זיהן צוריקגעקעהרט. — פּטור געוואָרען פֿון איהר — האָט ער געריבען זיינע הענט פֿון פֿרייד.

— מיר וועלען דאָ ניט לאַנג פֿערבלייבען! מיר וועלען דאַרפֿען בלויז צונויפֿזאמלען די תבואה און פּרוכט און מיר וועלען אויסוואנדערען טיעפֿער נאָך דרום — האָט דער אינגערער געזאָגט.

— יעצט וועל איך דיר גלייך נעמען פֿאר מיין פֿרוי — האָט דער עלטערער א נעהם געטהאָן נועה׳ן ביי איהר האנט און איהר צוגעצויגען צו זיך... מאָרגען וועסטו ווערען מיין פֿרוי...

— גיב מיר עטליכע טעג צייט איך זאָל זיך צוגרייטען — האָט נועה זיך אָפּגערופֿען מיט א נידעריגע שטימע — איך בין דאָך ניט געגרייט.

— בלויז צוויי טעג צייט וועל איך דיר געבען! — האָט ער געזאָגט מיט א טרוקענע שטימע. דאן וועסטו געהערען צו מיר אויף שטענדיג.

אויף מאָרגען ווען די צייט איז געקומען צו געהן צום ברונעם נאָך וואַ־

סער, האָט נועה גענומען צוויי קריג און זיך געלאָזט געהן.

— וואַרט, דיזען מאָל וועל איך געהן אָנשעפּען דאָס וואַסער — האָט זיך דער עלטערער זוהן אָפּגערופען צו נועה'ן.

— אָה, ניין מיין האַר, האָט נועה געזאָגט מיט שרעק. איך וועל געהן ווי שטענדיג.

— איך וויל דיר געבען צייט זיך צוצוגרייטען — מאָרגען וועסטו דאָך ווערען מיין פרוי.

— איך בין שוין געגרייט. לאָז מיר, איך וועל געהן שעפּען דאָס וואַסער ווי שטענדיג.

— ניין, איך וועל אָנשעפּען דאָס וואַסער — האָט ער פון איהר אוועקגענומען די קריג!

— וואָס געהסטו טהאָן?! — האָט זיין מוטער אויף איהם א געשריי געטהאָן — דו ווילסט איהר שוין איינגעוואוינען צו זיין פויל. נאָך איידער דו נעהמסט זי פאַר דיין ווייב, ווילסטו פאַר איהר טהאָן איהר ארבייט?! ניין, איך וועל ניט דערלאָזען אז זי זאָל מיין זוהן מאַכען פאַר איהר שקלאַף. זאָל זי געהן מיט ביידע קריג... זאָל זי וויסען ווי אַזוי צו ארבייטען!

— בלויז דיזען מאָל וועל איך געהן מיט איהר. איך וועל איהר העלפען אָנשעפּען דאָס וואַסער.

— איך האָב נעכטען געזאָגט, אז איך וועל זי בעשטראָפען פאַר דעם וואָס זי האָט זיך פערזאַמט, און יעצט ווילסטו איהר גאָר ארויסהעלפען? ניין, זי וועט אַליין געהן, און דו האָסט גענוג ארבייט ביי דעם הויז. דו בעסער העלף דעם ברודער צונויפזאַמלען די תבואה. דו ווייסט דאָך, אז מיר וועלען דאָ לאַנג ניט קענען פערברייגגען... נו, וואָס שטעהסטו, געה, זאָג איך דיר — האָט די אַלטע זיך געווענדעט צו נועה'ן.

מיט אן איינגעהאַלטענע פרייד האָט זיך נועה שנעל ארויסגערוקט פון הויז... ווען די אַלטע וואָלט געוואוסט וואָס פאַר א טובה זי האָט איהר געטהאָן דערמיט. מיט שנעלע טריט איז זי געלאָפען צו דער ריכטונג פון ברונעם. זי האָט געטראָגען די צוויי קריג און פון גרויס איילעניש, האָט זי ניט בעוויזען ארייגצולייגען שפּיין אין די קריג... אָבער זי מוז זיי היינט זעהן... אויב ניט וועט אַלעס זיין פערפאַלען. זי האָט געוואוסט, אז עס איז נאָך צו פריה, מעגליך, אז זי וועט דאַרפען וואַרטען און דאַן וועט זי זיך ווידער פערשפּעטיגען אָבער וואָס האָט זי צו פערלירען... אויב עפּעס זאָל ניט געטאָן ווערען היינט אָדער מאָרגען, דאַן איז אַלעס פערפאַלען... נועה האָט זיך ארומגעקוקט און זי האָט געזעהן אז דער הונט וואָס פלעגט יעדען טאָג איהר בעגלייטען צום ברונעם איז דיזען מאָל איהר ניט נאָכגעגאַנגען... דער אָרימער הונט... ער האָט ניט אויפגעהערט צו בילען און סקאַוואוען דעם גאַנצען טאָג. דאָס טרויערט ער אויף דעם טויט פון זיין האַרינטע...

נועה האָט איבערגעלאָזען די צוויי קריג ביים ברונעם, און מיט ליידיגע הענט איז זי אוועק צו דעם פּלאַץ וואו איהר ברודער און אהוד דאַרפען זיך געפינען. זי איז געוואָרען זעהר ענטטוישט, ווייל זי האָט זיי דאָרטען ניט געטראָפען. זי האָט אומגעדולדיג ארומגעשפּרייזט א היבשע ווייל... איהר האַרץ האָט געקלאַפּט... ווער ווייס אויב ער וועט זי ניט געהן זוכען... אָבער זי איז היינט ווירקליך געקומען פריהער. באַלד האָט זי זיי דערזעהן פון ווייטען, און מיט גרויס פרייד איז זי זיי אנטקעגען געלאָפען.

זי איז ישמואל'ן אויפ'ן האַלז ארויפגעפאַלען און זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

— וואָס האָט פּאַסירט, מיין שוועסטער? — האָט ער איהר געפרעגט.

— אָה, זעהר פיעל האָט פּאַסירט זינט נעכטען! — האָט זי קוים בעהערשט איהר געוויין.

נועה האָט דערצעהלט מיט אַלע איינצעלהייטען, וואָס עס האָט מיט איהר פּאַסירט, ווען זי האָט זיך פערשפּעטיגט,

וי אזוי דאס ווייב פון עלטערען ברוי־
דער האט איהר געוואלט טויטען מיט
א מעסער, און ווי איהר מאן האט זי
דערנאך צום טויט דערשלאגען.

— יעצט וויל ער אז איך זאל מאר־
גען ווערען זיין פרוי — האט זי שווי־
דערענד געזאגט — איך האב פרובירט
אבלייגען, אבער ער איז איינגעשפארט.
איין זאך האט זיך מיר יע איינגעגעבען
— האט נועה צוגעגעבען — ער האט
מורא געהאט אז טאמער וועט זיך די
משפחה פון זיין פרוי דערוויסען וואס
ער האט צו איהר געטאן, וועלען זיי
קומען נקמה נעהמען, האב איך איהם
געראטהען צו בעפרייען אלע קנעכט,
איידער זיי אליין דערוויסען זיך, און
אזוי האט ער געטאן.

— און ווער איז פערבליבען אין הויז?
— האט אהוד געפרעגט.

— די צוויי ברידער, זייער פאטער
און מוטער.

— און מעהר קיינער ניט?

— ניין, אויסער עדה, וועמען די
אלטע לאזט פון זיך ניט אפ אויף א
רגע.

— אויב אזוי לאמיר געהן, ימואל
— האט אהוד אויסגערופען — איך
האב מיין בויגען און פיילען און דו
האסט דיין שווערד. יעצט איז געקומען
די צייט וואס מיר קענען דורכפיהרען
אונזער נקמה אויף די מערדער פון דיי־
נע עלטערען, און די פאנגער פון דיינע
שוועסטער.

— אה, ניין, איהר וועט מוזען זעהר
פארזיכטיג זיין, ווייל ווי נאר די אלטע
וועט דערזעהן, אז איהר קומט מיך
העלפען, וועט זי באלד טויטען עדה'ן.

— יע, מיר טארען ניט מאכען קיין
איבערגעאיילטע שריט! — האט ימואל
צוגעגעבען. מיר קענען נאך אלעס פער־
לירען.

— אבער עפעס מוז געטאן ווערען
היינט, ווייל מארגען וועט שוין מעגליך
צו שפעט זיין... דער עלטערער זוהן
איז דאך ווי א ווילדע חיה און יעצט,
אז ער איז פטור געווארען פון זיין ווייב
וועט ער מיט מיר מעהר קיין געדולד
ניט האבען... און ווען איך זאל זיך
יעצט צוריקקעהרען צו זיי וועט מיר
די אלטע מכשפה זיכער בעשטראפען
פאר דעם וואס איך האב זיך ווידער
פערזאמט.

— היינט מוזען מיר מאכען א סוף
צו דעם! — האט אהוד געזאגט —
מיר דארפען אויסארבייטען א פלאן
ווי אזוי ארויסצוראטעווען אייער קליי־
נע שוועסטער און די איבעריגע וועט
שוין ניט זיין שווער דורכצופיהרען.
איך אליין וועל קענען בייקומען די
ברידער מיט זייער פאטער.

— ער איז שטענדיג שכור — האט
נועה געזאגט — און מיט איהם וועט
איהר גאר קיין שוועריגקייטען ניט הא־
בען.

— אויב אזוי לאמיר געהן! — האט
אהוד געזאגט.

— צוזאמען? — האט נועה גע־
פרעגט.

— דו וועסט געהן פאראויס און מיר
וועלען זיין אפגערוקט א היבשען מרחק
פון דיר. ווען דו וועסט אריינקומען אין
הויז אהן וואסער און מען וועט דיר
פרעגען פארוואס דו האסט נישט גע־
בראכט קיין וואסער זאלסטו זאגען, אז
עס איז געווען פאר דיר צו שווער צו
טראגען צוויי קריג. דאמיט וועסטו דאך
אריינברייננגען די אלטע אין צארן און
זי וועט דיר וועלען בעשטראפען, זאל־
סטו ארויסלויפען פון הויז. איך בין
זיכער, אז זי וועט נאכלויפען נאך דיר,
איבערלאזענדיג דאס קינד אליין, און
ווען דו וועסט האבען אפגעלאפען א
היבשען מרחק וועלען מיר שוין פאר־
טיג ווערען מיט דער אלטער.

— אבער די זיהן געפינען זיך אויך
אין הויז, וואס וועל איך טאן אז זיי
וועלען מיר פערהאלטען? — האט נועה
זיך אפגערופען.

— מיין עצה איז—האט ימואל געזאגט
— אז דו זאלסט קומען און זאגען אז
ווען דו ביזט צוגעקומען צום ברונעם

האָט דיר אַ מאַן פון דאָרטען אוועקגעטריבען. דאַן וועלען די ברידער ארויסקומען פון הויז און געהן צום ב־ונעם, און אַזוי וועלען מיר זיי בעפאַלען.

— זיי זיינען אָבער זעהר שטאַרק און זיינען געאיבט אין פעכטען מיט׳ן שווערד! — האָט נועה געוואָרענט.

— און געלויבט איז גאָט איך קען טרעפען אין ציעל! — האָט אהוד אָנגעוויזען אויף זיין פייל און בויגען.

פּלוצלונג האָט זיך אין דער שטילקייט פון פעלד אָבגעהילכט אַ גראָבע שטימע: נועה!

— אָה, ער איז געקומען מיר זוכען!

— האָט נועה מיט שרעק געזאָגט און איהר פּנים איז טויט בלאַס געוואָרען

— ער איז צוגעקומען צום ברונעם... דאָרטען געפינען זיך די קריג... ער וועט מיינען אַז איך בין אנטלאָפען, דאַן וועט ער זיך אומקעהרען אהיים און זיי וועלען טויטען עדה׳ן.

— זאָרג ניט נועה — האָט אהוד געזאָגט — איך וועל שוין זעהן, אַז ער זאָל זיך אהיים ניט אומקעהרען. איהרביידע בעהאַלט זיך אונטער׳ן בוים.

אהוד האָט ארונטערגענומען דעם בויגען פון זיין שולטער און ווען די שטימע האָט ווידער אָפּגעהילכט, האָט אהוד הויך אויסגערופען: "ווער איז דאָרט?

— אָה, ער וועט באַלד צוקומען אהוד און ער וועט אונז געפינען — האָט נועה אַ צושראָקענע אויסגערופען און זיך געטוליעט צו איהר ברודער.

— זאָל ער זיך בלויז דערנעהנטערען, און ער וועט שוין זיך מעהר ניט צוריק קעהרען אהיים!

פון וויטען האָט אהוד באמערקט ווי איינער קומט אָן אין זיין ריכטונג. ער האָט צוגעוואַרט ביז וואַנען ער וועט זיך דערנעהנטערען.

— איז דאָס דער עלטערער ברודער?

— האָט ער געהייסען נועה׳ן ארויסקוקען פון איהר בעהעלטעניס.

נועה האָט זיך צוגעקוקט און איז דער שטיל געזאָגט:

— יע, דאָס איז ער!

אהוד האָט זיך גוט צוגעקוקט, ער האָט געזעהן ווי ער קומט איהם אנטקעגען מיט אַ בלויזען שווערד אין האַנט... ער האָט אַביסעל צוגעוואַרט, ער זאָל זיך עטוואָס דערנעהנטערען און דאַן האָט אהוד זיך אַ צילעווע געטאָן מיט זיין בויגען און זיין פייל האָט איהם געטראָפען גלייך אין האַרצען. ער האָט בעמערקט ווי ער איז אומגעפאַלען.

— קומט ארויס! — האָט אהוד אויסגערופען — בלויז איין פייל האָב איך אויף איהם אין ניוועץ געבראַכט.

ימואל און נועה זיינען גלייך ארויס פון זייער בעהעלטעניס און געגאַנגען מיט אהוד׳ן צו דעם פּלאַץ וואו דער עלטערער ברודער איז אומגעפאַלען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען, האָט ער נאָך געלעבט. אין זיין האַנט האָט ער שטייף געהאַלטען זיין שווערד.

— אָה, דו פערשאָלטענע פון די געטער! — האָט ער אויסגערופען ווען ער האָט דערזעהן נועה׳ן אָנקומענדיג, האַלטענדיג ימואל׳ס האַנט... ער האָט מיט זיינע לעצטע כחות אַ שליידער געטאָן זיין שווערד אויף איהר, אָבער ימואל האָט איהר פלינק אַ ציה געטאָן צו זיך, און דער שווערד איז פאַרביי געפלויגען און איהר ניט אָנגעריהרט.

ימואל האָט דעם שווערד אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו איהם.

— דו דערקענסט מיך! — האָט ער זיך אָפּגערופען.

— יע, דו ביזט איהר ברודער! — האָט ער קוים ארויסגערעדט. אָה, פאַר וואָס האָבען מיר דיך ניט געטויטעט ווי מיר האָבען עס געטאָן צו דיינע עלטערען.

— יעצט וועל איך נקמה נעהמען אַז דיר און אין דיין גאַנצער משפחה פאַר דאָס פערגאָסענע בלוט פון מיינע עלטע־

רען — האט ימואל געזאגט און איהם פערענדיגט מיט זיין אייגענעם שווערד.

— מיר דארפען וואס שנעלער בעהאלטען דעם טויטען קערפער! — האט אהוד געזאגט — לאמיר איהם אוועקטראגען צום ברונעם און איהם דארטען אי יינווארפען.

אהוד און ימואל האבען אויפגעהויבען דעם קערפער און איהם צוגעבראכט צום ברונעם.

— איידער מיר וועלען איהם אינוויניג אריינשליידערען, וועלען מיר פריהער אנפילען די קריג מיט וואסער. ווייל איך בין שוין דורשטיג און מיר וועלען זיך פיליכט נויטיגען אין וואסער.

ימואל האט אנגעפילט די צוויי קריג מיט וואסער, און נאכדעם האט ער צוזאמען מיט אהוד'ן אויפגעהויבען דעם קערפער און צוגעטראגען צום ברונעם.

— אזא סוף זאלען האבען אלע שונאים פון ישראל! — האט אהוד אויסגערופען און אריינגעשליידערט דעם קערפער.

עס האט זיך געהערט א שטארקער קלאפ און פליוסק פון וואסער. אהוד און ימואל האבען ארומגעוואשען זייערע הענט און זיך אנגעטרונקען מיט דעם ריינעם וואסער פון א קרוג.

— געלויבט איז גאט! — האט נועה לייכט אפגעאטעמט — יעצט דארפען מיר זעהן וואס ווייטער צו טאן. איך וועל זיך אומקעהרען אהיים, און איך וועל דעם פאטער מיט דעם אינגערען זוהן זאגען, אז א פרעמדער מאן געפינט זיך ביים ברונעם און ער לאזט ניט אנשעפען דאס וואסער, און אז דער עלטערער זוהן פיהרט מיט איהם א קאמף, דאן וועלען זיי ארויסקומען פון הויז, און איידער די אלטע וועט זיך ארומזעהן וועט ימואל זיך אריינרייסען אינווייניג און ראטעווען עדה'ן.

— אזוי זאלסטו טאן! — האט אהוד צוגעשטימט. איך וועל זיך בעהאלטען און ווי נאר איך וועל זיי זעהן פערביילויפענדיג וועל איך א געשריי טאן, און דאן וועלען זיי זיך אפשטעלען, וועט פאר מיר זיין בעסער זיך צו צילעווען.

— פריהער זאלסטו זיך צילעווען אויף דעם זוהן! — האט נועה איהם געראטען. פון זיין פאטער וועלען מיר קיין שוועריגקייט ניט האבען פטור צו ווערען.

אהוד האט זיך בעהאלטען אין מיטען וועג הינטער א בוים. נועה און ימואל האבען זיך דערנעהנטערט צום הויז.

— דו ציה זיך אוים אויפ'ן גראז, קיינער זאל דיר נישט בעמערקען — האט נועה זיך אפגערופען צו איהר ברודער, און איך וועל אריינגעהן אין הויז.

מיט א קלאפענדע הארץ האט נועה אויפגעעפענט די טיהר.

— אה, זי איז דא! איז די אלטע אויפגעשפרונגען פון איהר ארט און זיך צו איהר א לאז געטאן — דאס וואסער האט זי ניט געבראכט... זי איז אפילו ניט געוועזן ביים ברונעם! האב איך אייך ניט געזאגט, אז זי האט א ליעבהאבער! איז זי אויף איהר ארויפגעפאלען און איהר גענומען שלעפען פאר די האר. ווען דו וואלסט זיך פערזאמט בלויז איין קליינע ווילע וואלסטו דיין שוועסטער געפונען א טויטע... איך האב שוין דעם מעסער אין מיין האנט געהאלטען. אין דעם זעלבען קבר וואו מען האט מיין שנור בעגראבען, וואלט מען זי אויך בעגראבען. און ווארט, דיר וועט עס ניט געשאנקען ווערען... וואו זיינען די קריג, און וואו איז מיין עלטערער זוהן — האט זי איהר גענומען טרייסלען.

— אה, איך בעט דיר, לאז מיך אפ!

— האט נועה אויסגערופען — דיין עלטערער זוהן האט מיך געשיקט איך זאל רופען נאך הילף. ער פיהרט דארט א קאמף מיט א מאן איבער דאס רעכט צו שעפען וואסער פון יענעם ברונעם און ער וויל, אז זיין ברודער און פאטער זאלען איהם קומען צו הילף... שנעלער נעהמט אייערע שווערדען און לויפט.

— אויב דאָס איז א ליגען וועל איך
דיר און דיין שוועסטער מיט דעם מעס־
סער די העלזער צושניידען! — האָט
די אַלטע געברומט...

נועה'ס גאַנצער קערפּער האָט זיך
אין קאַנוואולסען געוואָרפען. איהרע ליפּ־
פען האָבען א תפלה צו גאָט געשעפּ־
צעט. אַלעס ווענדעט זיך אין דיזער
קליינער ווײלע... זאָל זיי גאָט מצליח
זיין.

באַלד האָט זיך דערטראָגען צום הויז
א געשריי און נועה האָט מיט א ציד־
טערנדע אויפרעגענדע שטימע אויסגע־
רופען:

— איך הער די שטימע פון דיין
מאַן! איך גלויב אז א גרויסער אומגליק
קומט פאָר.

די אַלטע האָט ארויסגעקוקט דורכ'ן
פענסטער און בעמערקט ווי איהר מאַן
לויפט און שרייט, און באַלד בעמערקט
זי ווי ער איז אומגעפאַלען... זי האָט
א כאַפּ געטאָן דעם מעסער און ארויס
פון הויז. נועה האָט שנעל די טיהר
פערהאַקט.

ווען די אַלטע האָט דערזעהן, אז
נועה האָט שנעל די טיהר פערהאַקט
האָט זי באַלד פערשטאַנען, אז נועה
וויל עפּעס טאָן, און זי האָט גענומען
גלייך קלאַפּען אין טיהר.

— עפען אויף, דו אומווירדיגע
ישראלית! באַלד וועלען מיר צו דיר
און דיין שוועסטער טאָן ווי מיר האָ־
בען געטאָן צו דיינע עלטערען און מיין
שנור. עפען אויף שנעלער!

דאָ האָט נועה דערהערט א פער־
שטיקטע שטימע, ווי זי וואָלט זיך מיט
אימיצען געראַנגעלט, און באַלד איז
אַלעס שטיל געוואָרען.

— עפען אויף נועה! — האָט זי
דערהערט איהר ברודער'ס שטימע.

זי האָט גלייך די טיהר געעפענט און
ימואל איז איהר געפאַלען אויפ'ן האַלז
און געקושט.

— געלויבט איז גאָט! מיר זיינען
ערפאָלגרייך — האָט ער אויסגערופען,
און וואו איז עדה?

— קום אהער מיין ליבע שוועסטער!
— האָט נועה זיך אָפּגערופען צו עדה'ן
— ער איז דאָך אונזער ברודער ימואל.
גאָט האָט איהם געשיקט ער זאָל אונז
ראַטעווען פון די הענט פון די מער־
דער.

ימואל איז צוגעלאָפען צו זיין קליי־
נע שוועסטער און זי א הויב געטאָן
און זי געקושט:

— מיין טייערע ליבענקע שוועסטער
— האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט גע־
זעהן אז פון שרעק קען זי א וואָרט ניט
אויסריידען.

— דו דערקענסט מיך ניט? איך בין
דאָך דיין ברודער ימואל.

ערשט דאַן האָט עדה אויסגעבראָכען
אין א געוויין, און ימואל האָט איהר
ניט אויפגעהערט צו קושען און גלעט־
טען.

— דו ביזט פריי, עדה! — האָט
ער מיט פרייד געזאָגט. מיר וועלען גלייך
פערלאָזען דעם פּלאַץ... די אַלטע וועל־
כע האָט דיר געפּייניגט, וועט עס שוין
מעהר ניט טאָן... זי איז טויט!

באַלד האָט זיך די טיהר געעפענט און
אהוד איז אריינגעקומען.

— לאָמיר לויבען און דאַנקען אונזער
גאָט, וואָס ער איז אונז צו הילף געקו־
מען! אונזער גאַנצער פּלאַן איז דורכ־
געפיהרט געוואָרען מיט ערפאָלג... ווען
איך האָב געזעהן ווי דער פאָטער און
זוהן לויפען אין גרויס אימפּעט, מיט
בלויזע שווערדען אין זייערע הענט, האָב
איך פון מיין בעהעלטעניס א געשריי
געטאָן.

זיי האָבען זיך ביידע גלייך אָפּגע־
שטעלט און איך האָב גלייך אריינגע־
שאָסען א פייל אין דעם הארצען פון
דעם זוהן... זיין פאָטער האָט שנעל גע־
נומען לויפען צוריק, און דאַן האָב איך
איהם פון הינטען דערשאָסען.

— און ווי איך האָב דערהערט די
שטימע פון דער אַלטער מכשפה, ווען
זי האָט געשריען און געשאָלטען האָב
איך פערשטאַנען אז יעצט איז די צייט

געקומען. איך בין צו איהר צוגעלאָפען און דערזעהן אז זי האלט א מעסער. איך האָב מיין שווערד געצויגען און זי באלד דערשטאָכען.

— די בעסטע זאך וואָלט געווען יוען מיר וואַרפען די איבעריגע אריין אין דעם זעלבען פּלאַץ וואו דער עלטערער ברודער געפינט זיך.

— דאָס קענען מיר גאַנץ גרינג טאָן!

— האָט אהוד געזאָגט — מיר וועלען צובינדען די דריי קערפּערס אויף אן אייזעל און זיי אוועקפיהרען צום ברונעם.

— און מיר וועלען אלע גלייך אוועקגעהן נאָך שילה! — האָט ימואל צוגעגעבען.

— ניין, איך וועל עס ניט קענען טאָן! דאָרטען איז שילה געפינען זיך די צוויי ברידער מחלון און כליון און זייער פאָטער, און ווען זיי וועלען מיר דאָרט דערזעהן, וועלען זיי געוויס לאָזען וויסען דעם קעניג! איך וועל זיך נאָך אויסבעהאלטען אין מיין פערבאָרגענעם פּלאַץ פאַר א קורצער צייט, און דו וועסט מיר לאָזען וויסען וועגען אלעם וואָס עס האָט פּאסירט. דו וועסט מיר אויך ברייננגען שפּייז, און ווען די צייט וועט קומען וועל איך פון דאנען אוועקגעהן.

זיי האָבען פון שטאל ארויסגענומען צוויי אייזלען און אויף איינעם האָבען זיי צוגעבונדען די דריי קערפּערס.

— מיר וועלען פון דאנען גאָר ניט נעהמען! — האָט נועה געזאָגט. ווען די קרובים פון דער דערמאָרדעטער פרוי וועלען קומען און זיי וועלען זעהן, אז קיין זאך איז ניט געריהרט געוואָרען, וועלען זיי פערשטעהן אז זיי זיינען אנטלאָפען צוליב דעם וואָס זיי האָבען דער׳הרג׳עט די פרוי

— פון וואנען וועלען זיי דאָס אבער וויסען! — האָט ימואל געפרעגט.

— איך וועל אויף א ברעט אָנשרייבען מיט קויהל אז דער עלטערער ברודער האָט געטויטעט זיין פרוי. און אזוי ווי זיי האָבען אלץ מורא געהאט זיינען זיי אנטלאָפען נאָך דרום. דאָס יועט ארונטערנעהמען דעם חשד פון אונז, און זיי וועלען אונז ניט נאָכיאָגען.

נועה האָט אָנגעשריבען מיט שווארצען קויהל אויף א ברעט די עטליכע יוערטער און די ברעט ארייננגעשטעקט אין דעם קבר פון דער פרוי.

— ווען זיי וועלען עפענען דעם קבר, וועלען זיי זיך איבערצייגען אז אלעם איז ריכטיג ! — האָט זי געזאָגט.

זיי האָבען גלייך צוגעפיהרט די קערפּערס צום ברונעם און איינעם נאָכ׳ן צווייטען האָבען זיי אהין ארייננגעשלײדערט. זיי האָבען מיט זיך גענומען גענוג שפּייז און זיי זיינען צוגעקומען צו דעם פעלזענשטיין — אהוד׳ס בעהעלטענים.

שווער איז געווען פאַר אלעמען דאָס געזעגענען זיך. נועה האָט זיך פאנאנדערגעוויינט. זי איז איהם געפאלען אויפ׳ן האלז און געקושט:

— דו האָסט מיט מיר אזוי פיעל חסד געטאָן, ווען וועל איך דיר פאַר אלעם קענען אָפּדאנקען?

— איך בין גליקליך צו וויסען אז דו און דיין שיועסטער זיינען בעפרייט. און איך האָב דיר מעהר דאנקבאר צו זיין! האָט אהוד געווישט זיינע טרעהרען — דו ביזט געווען צו מיר א טרייסט אין מיין עלענדקייט און א פריינד אין מיין איינזאַמקייט... יוען איך האָב דיך צום ערשטען מאָל דערזעהן, האָב איך צו דיר געפיהלט א צוגעבונדענקייט און יעצט איז דער בונד נאָך שטארקער געוואָרען... איך ווייס ניט אויב איך האָב עס פארדינט, אבער מיין חשק צום לעבען האָב איך ווידער געקראָגען, זינט איך האָב דיך דערזעהן. איך האָב... אָה, נועה, איך האָב דיך ליעב...

— און מיין שוועסטער האָט דיך אויך ליעב! — האָט ימואל מיט א ליעבליכען שמייכעל אויף זיינע ליפּען געזאָגט... און יעצט שליסטביידע א בונד פון ליעבשאפט און איך און עדה וועלען אייערע עדות זיין.

אהוד האָט נועה'ן ארומגענומען און געקושט. ביידע האָבען פון פרייד געוויינט און אויך ימואל האָט אָפּגעדרעהט זיין קאָפּ און געווישט די טרעהרען.

— איך בין דיינע אויף עוויג! — האָט נועה זיך אין איהם איינגעקלאָמערט.

— און איך שוועהר ביי גאָט אז דו וועסט זיין די איינציגע וועמען איך וועל ליעב האָבען מיין גאַנצען לעבען. זאָל נאָר גאָט געבען און איך זאָל זיך קענען פריי בעוועגען.

— אז גאָט האָט אונז ביז אהער געהאָלפען וועט ער אונז אויך אויף ווייטער ניט פארלאָזען! — האָט ימואל געזאָגט — איך וועל מיינע שוועסטער ברייגנען קיין שילה צו דעם כהן גדול אין הויז, ער האָט מיך שטאַרק געבעטען איך זאָל עס טהאָן. דער כהן גדול האָט צוויי טעכטער, וועלכע וועלען זיין ווי שוועסטער צו זיי... און מיט איהם וועל איך זיך בעראטהען וואָס צו טהאָן, און אזוי שנעל ווי מעגליך וועל איך צו דיר צורקומען און איבערגעבען אלעס וואָס מיר האָבען באשלאָסען.

אהוד האָט זיך מיט זיי ווידער אמאָל געזעגענט, ער האָט יעדען פון זיי געקושט און צוגעוואונשען גליק. ימואל און זיין קליינע שוועסטער עדה האָבען זיך געזעצט רייטענדיג אויף איין אייזעל און נועה — אויף דעם צווייטען אייזעל. אהוד האָט זיי נאָכגעקוקט ביז וואנען זיי האָבען זיך שוין מעהר ניט געזעהן...

## עלטער קאפּיטעל

ענטוישטע און פארביטערטע האָבען זיך מחלין און כליון אומגעקעהרט מיט וויער פאָטער פון שילה קיין בית לחם. זיי האָבען זיך געפיהלט זעהר ערנידעריגט, צוליעב דעם וואָס עס האָט מיט זיי פּאסירט אין דעם כהן גדול'ס הויז.

אלימלך האָט באשלאָסען, אז ער וועט שוין מעהר קיין שילה ניט געהן... דער כהן גדול זאָל איהם, דעם רייכסטען מאן פון יהודה, אזוי באנדלען!... אנשטאט צו זיין צופרידען וואָס ער האָט געוואָלט נעמען זיינע צוויי טעכטער פאַר זיינע זיהן, האָט ער נאָך ניט געוואָלט. עס פּאסט איהם ניט... ווייס ער דען ניט, אז ער און די איבעריגע כהנים ציהען זייער חיונה פון די רייכע מענשען, וועלכע קומען און ברייגנען זיי מתנות. ער וועט שוין יעצט דארפען לאנג ווארטען ביז וואנען ער וועט קומען אין שילה און ברייגנען איהם מתנות... ער וועט אויך זעהן, אז זיינע ברידער זאָלען אויך מעהר אהין ניט געהן.

— איך בין נאָך קיינמאָל אזוי באליידיגט ניט געוואָרען ווי דיזען מאָל — האָט זיך אלימלך אָפּגערופען צו זיינע צוויי זיהן, ווען זיי זיינען שוין געווען אויפ'ן וועג קיין בית לחם.

— און ווי מיינסטו האָבען זיינע טעכטער זיך צו אונז פארהאלטען? — האָט מחלון זיך אָפּגערופען — זיי האָבען אונז געהאלטען אין איין אויסריידען פארוואָס מיר האָבען איבערגעגעבען דעם קעניג פון מואב אז גרא און זיין זוהן אהוד זוכען צוצושטערען דעם שלום פון אונזער לאנד.

— און איך בין זיכער, אז אלעס שטאמט פון ימואל'ן, ער האָט זיכער אויף אונז אָנגערעדט פאַר צדוקן און זיינע טעכטער. מיר וואונדערט זיך אויף בועז'ן וואָס ער איז איהם נאָך מקרב, וואָס האָט ער אין איהם געזעהן אזוינס? וויניציג יונגען געפינען זיך אין בית לחם און ארום — האָט כליון געזאָגט — מיר דארפען איהם זעהן פאַריאָגען פון בית לחם!

— אזוי לאנג ווי ער האָט קיין פארברעכען ניט באגאנגען קען מען איהם ניט פארטרייבען פון בית לחם — האָט אלימלך געזאָגט.

— אָבער ווער איז ער, אַט דער קנעכט אז מיר זאָלען זיך מיט איהם רעכענען! — האָט מחלון געזאָגט.

— דו זעהסט דאָך, אז בועז איז צוליעב איהם געקומען קיין שילה! — האָט כליון געענטפערט.

— דאָס קומט פון דעם וואָס מיר צייגען ארוים צופיעל גנאדע צו די אָרימע און אונטערדריקטע, און דעריבער הויבען זיי אויף זייערע קעפּ... זיי דענקען, אז דאָס קומט זיי... פון יעצט אָן וועל איך זעהן, אז די אָרימעלייט זאָלען קיין צוטריט ניט האָבען אין מיינע פעלדער... ווייל איך זעה, אז וואָס מעהר מען טוט פאר זיי אלץ ווינציגער שאצען זיי דאָס אָפּ — האָט אלימלך אויסגערופען.

— ווען דו וואָלסט געזעהן ווי אזוי דער קעניג פון מואב האָט אָפּגעשאצט אונזער העלדענטאט, און וואָס פאר אן אויפנאמע מען האָט אונז געגעבען ווען מיר זיינען דעם צווייטען מאָל אהין געקומען — האָט מחליון געזאָגט.

— און עגלון׳ס טעכטער האָבען זיך צו אונז א סך העפליכער באנומען ווי די טעכטער פון כהן גדול — האָט כליון צוגעגעבען.

— און מיר דוכט זיך, אז אפילו אין שעהנקייט קענען זיך די פרינצעסינס פארגלייכען מיט צדוק׳ס טעכטער.

— איך זאָג דיר דעם אמת, מיין ברודער, אז צפּורה איז מיר גאָרניט אזוי געפעלען... זי איז שעהן אָבער רות איז א סך שעהנער פון איהר.

— און אזא ווי ערפּה איז גאָר ניט צו געפינען צווישען די מיידלעך פון ישראל.

— דו מיינסט, ווייל זי איז רויטהאָריג — האָט מחלון א שמייכעל געטהאָן.

— און אזוי געפעלט זי דיר ניט? — האָט כליון זיך א קרים געטהאָן. איך געדענק, אז דיר האָט שטארק פארדאָרסען וואָס דער קעניג האָט פארביטען די רינגען און מיר געגעבען ערפּה׳ס רינג.

— האָב איך דען געזאָגט, אז זי געפעלט מיר ניט, איך זאָג בלויז, אז רות, אויסער איהר שעהנקייט באזיצט זי א אידישען חן און רייץ.

— דאָס איז ווייל איהר מוטער שטאמט פון אידען! — האָט כליון צוגעגעבען.

— איז די מוטער פון רות א אידישע טאָכטער? — האָט אלימלך געפרעגט.

— געוויס! — האָט מחלון געענטפערט!

— און איהר האָט מיר גאָרניט געזאָגט וועגען דעם! — האָט אלימלך א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ.

— יע, מיר האָבען דיר יע דערצעהלט! — האָט כליון זיך אָפּגערופען — אָבער דו האָסט ווארשיינליך פארגעסען!

— און איך פארזיכער דיר, אז ווען דו וואָלסט מיט אונז אהין געגאנגען וואָלסטו אויך געווען צופרידען מיט דער קעניגליכער אויפנאמע.

— איך?

— יע, דער קעניג האָט אונז איבערגעגעבען, אז מיר זאָלען דיך איינלאדען אין זיין נאָמען. ער וועט דיר אָפּגעבען גרוים כבוד.

— ניין, מיינע זיהן! איך וויים, אז עס איז גאנץ ווייט פון דעם אָבער פונדעסטוועגען דארפט איהר אפילו ניט אונטערהאלטען אזעלכע געדאנקען. איהר טאָרט ניט פארגעסען, אז איהר זייט אידען, און איהר וועט הייראטען מיט אידישע טעכטער.

— אָבער...

— איהר מיינט, אז צדוק׳ס טעכטער זיינען די איינציגע, עס זיינען נאָך פאראן גענוג אידישע מיידלעך וועלכע זיינען שעהן און ווירדיג צו זיין אייערע פרויען. איך בין זיכער, אז פילע פון די רייכע אידען וועלען עס האלטען פאר א כבוד זיך מתחתן צו זיין מיט מיר.

אָבער עס וואָלט ניט געשאדט צו פארשטארקען אונזער פריינדשאפט מיט דעם קעניג פון מואב — האָט מחלון געזאָגט — בפרט אין דער צייט וואָס ער האָט אונז ארויסגעוויזען אזוי פיעל פריינדשאפט, אויב מיר וועלען דורכלאָזען אזא געלעגענהייט, וועט אונז דערנאָך פארדריסען — האָט כליון צוגעגעבען.

יע, אויב עס וועט אוועקגעהן א היבשע צייט און מיר וועלען ניט האָבען

באזוכט דעם קעניג, וועט ער אין גאנצען אן אונז פארגעסען!

— און ווען מיר וועלען זיך נויטיגען אין א טובה פון דעם קעניג וועט אונז גאנץ שווער אנקומען, — דעריבער איז מיין פארלאנג, פאטער, אז אויב דו ווילסט מיט אונז אליין ניט מיטגעהן, זאלסטו אונז ערלויבען צו געהן אליין אויף א באזוך צו דעם קעניג.

— אויב אייער פארלאנג איז אזוי שטארק, וועל איך אייך ניט שטערען — האט אלימלך געזאגט, אבער איהר וועט צוואווארטען ביז איבער די צייט פון רעגען. דאן וועט איהר האבען אן אויסרייד פאר אייער באזוך.

— מיר קענען יעצט אויך קריגען אן אויסרייד! — האט כליון געזאגט — מיר קענען קומען און איהם אפגעבען א באריכט וועגען דער לאגע און איהם זאגען, א זינט גרא איז ארעסטירט געווארען, איז אין לאנד שטיל און פון אהוד'ן הערט מען מעהר ניט.

— אויב עס וואלט געווען מעגליך פאר אייך צו ווירקען, אז עגלון זאל אין גאנצען באפרייען גרא'ן און איהם צוריקשיקען צו זיין שבט, וואלט איך זעהר צופריעדען געווען, ווייל איהר ווייסט ניט וויפיעל אונאנגענעהמעס דאס האט מיר פארשאפט... פיעלע פון די אידען זיינען זעהר אויפגערעגט וואס איהר האט פאראורזאכט אן ארעסט... זיי וועלען זיך ניט צוהערען צו דעם וואס איך ערקלעהר זיי, אז דאס זייט איהר געווען געצוואונגען צו טהאן כדי צו פארהיטען דעם שלום אין אונזער לאנד.

— אונז ארט ניט וואס אזעלכע אידען דענקען! — האט מחלון געזאגט — מיר ווייסען גאנץ גוט, אז בלויז די קבצנים זיינען פון דעם אונצופרידען, אבער די רייכע זיינען אונז דאנקבאר.

— איהר זעהט דאך, אז אפילו מיינע אייגענע ברידער קוקען קרום אויף דעם! — האט אלימלך געזאגט — מיין פליימעניק בועז האט א סך געהאלפען דערצו, אז אהוד זאל זיך ארויסדרעהען, און איך בין זיכער, אז ער וויים וואו אהוד באהאלט זיך.

— ווען ער וואלט געוואוסט, וואלטען מיר אויך געוואוסט — האט כליון זיך אפגערופען — אהוד וועט ניט וואגען ארויסצוקומען פון זיין באהעלטעניס.

— ווען איך האב זיך מיט איהם געטראפען אין צדוק'ס הויז, האט בועז געזוכט צו פארבארגען פון מיר זיינע סודות און דורך דעם בין איך נאך מעהר דערנידעריגט געווארען אין זיינע אויגען... צדוק האט געמיינט, אז מען דארף פון מיר האלטען פארבארגען די סודות.

— וואס פאר א סוד איז עס געווען?

— איהר ווייסט דאך, אז בועז איז געקומען אנזאגען ימואל'ן, אז זיינע שוועסטער לעבען, האב איך איהם געפרעגט פון וואנען ער האט אויסגעפונען פון זיינע שוועסטער, און ער האט מיר בשום אופן ניט געוואלט זאגען. און איך בין איהם חושד, אז דאס האט צו טהאן מיט אהוד'ן? אז ניט וואלט ער ניט געהאט וואס מורא צו האבען מיר צו זאגען ווער עס האט איהם דערצעהלט.

— איך וועל שוין פון איהם אויסגעפינען! — האט כליון געזאגט — און אויב דאס האט עפעס א שייכות מיט אהוד'ן, קענסטו זיכער זיין, אז ער וועט זיך לאנג ניט אויסבאהאלטען. איך וועל שוין זעהר, אז ער זאל זיך געפינען צוזאמען מיט זיין פאטער.

ווען זיי זיינען אנגעקומען אין בית לחם, האט אלימלך דערצעהלט פאר נעמי'ן אלעס וואס עס האט פאסירט אין שילה.

— וואלסטו זיך געקענט פארשטעלען, אז צדוק'ן זאל ניט געפעהלען דער שידוך? — ער האט, ווייזט אויס, פארגעסען וויפיעל מתנות איך האב פאר איהם געבראכט, זינט איך האב אנגעפאנגען צו געהן נאך שילה. אבער מעהר ניט! איך האב זיך א נדר געטהאן, אז

מעהר וועל איך ניט קומען באזוכען שילה.

— האסטו אויסגעפונען די אורזאכע פארוואס ער איז געגען אונזערע צוויי זיהן? — האט נעמי איהם געפרעגט.

— געוויס! ער האט מיר געזאגט, אז צוליעב דעם וואס אונזערע זיהן זיינען באגאנגען אז עולה און גע׳מסר׳ט דעם קעניג אויף איינעם פון ישראל, זיינען זיי ניט ווערטה צו זיין זיינע איידימס.

— מיינסטו, אז ער איז ניט גערעכט?

— האט נעמי מעזאגט מיט א טרויעריגע שטימע — זינט דאן פיהל איך זיך זעהר געקרענקט. איך וויס, אז זיי זיינען באגאנגען א גרויסען פארברעכען... ווען גרא און אהוד וואלטען געווען רויבער און געקומען פון די נידעריגסטע שיכטען פון אונזער פאלק, וואלט איך זייער האנדלונג ניט בארעכטיגט, בפרט יעצט, אז אלע ווייסען ווי נאבעל, בראוו און גערעכט אהוד און זיין פאטער זיינען געווען. זייער כונה איז צו פארבעסערען די לאגע פון אלע שבטים... ביז ווי לאנג וועלען מיר דארפען זיין פארשקלאפט אונטער דעם יאך פון מואב?

— איך זעה, אז בועז האט אין דעם א האנט! — האט אלימלך געזאגט — ער האט דיך איינגערעדט, אז דיינע זיהן זיינען באגאנגען א פארברעכען, און דו ווילסט ניט זעהן פון דער צווייטער זייט, אז זיי האבען דורך דעם פארהיט אן אונגליק אויף אלע אידען.

— דער קעניג פון מואב וואלט קיינמאל ניט אויסגעפונען וועגען דער טהעטיגקייט פון אהוד׳ן און זיין פאטער, זיי האבען מיט רוהיגקייט און גרויס פארזיכטיגקייט געזוכט צוזאַרייטען דעם פאלק — האט נעמי געזאגט — און ביז דאן זיינען דאך קיינע בעאמטע פון מואב ניט געווען צווישען אונז. אבער זינט אונזערע זיהן האבען דעם קעניג גע׳מסר׳ט אויף זיי, שיקט ער גאנץ אפט מיליטער אין אונזערע שטעדט און אונזער לאגע ווערט וואס ווייטער מעהר אונערטרעגליך.

— דערווייל האבען זיי אונז נאך קיין שאדען ניט פאראורזאכט — האט אלימלך געענטפערט — דער קעניג שיקט גאנץ אפט זיינע בעאמטע צו זוכען אהוד׳ן, אבער איך בין זיכער, אז אזוי שנעל ווי זיי וועלען געפינען אהוד׳ן און איהם ארעסטירען, וועלען זיי זיך אין גאנצען צוריקציהען.

— דער טאג ווען עגלון וועט פאנגען אהוד׳ן וועט דארפען פאררעכענט ווערען פאר א טרויער טאג אין גאנץ ארץ ישראל.

— וואס רעדסטו, נעמי?! — האט זיך אלימלך א בייזער געטהאן — ווער איז דאס אט דער אהוד! דו מיינסט, אז צוליעב דעם וואס ער איז א גוטער בויגען שיסער, איז ער וויכטיג?!

— אלע ווייסען, אז אהוד וועט נאך אמאל ווערען א שופט און א פיהרער אין ישראל! — האט נעמי געזאגט — ער באזיצט אלע מעלות פון א פיהרער, ער איז עהרליך, בראוו און העלדיש און ער איז געגרייט אויפצואפפערען זיין לעבען פאר זיין פאלק... און ווען מיר באטראכטען אונזער טרויעריגע לאגע, דארפען מיר זיך שעצען גליקליך, אז מיר באזיצען אזא מאן ווי אהוד און דא זאגסטו מיר, אז אזא מאן ווי אהוד איז א געפאהר פאר אונזער פאלק... און איך קען דיר זאגען, אז צו מיינע אויערען האבען דערגרייכט רייד, וועלכע האבען מיך זעהר באונרוהיגט.

— וואס מיינסטו? — האט אלימלך געפרעגט.

— ווען דו און אונזערע זיהן זיינען געווען אין שילה, איז מיר אויסגעקומען צו הערען א געשפרעך פון איינינע פון אונזערע שניט־יונגען, וועלכע האבען שטארק באדויערט דעם טהאט פון אונזערע זיהן. זיי האבען גערעדט צווישען זיך, אז אהוד האט זייערע אויגען געעפענט און זיי וואלטען געווען געגרייט איהם נאכצופאלגען וואוהין ער וועט זיי רופען.

— זאג מיר, ווער זיינען אט די יונ־

גען, וועלכע האבען אזוי געוואגט צו ריידען. אויב זיי ווילען נאכפאלגען אהוד'ן, קענען זיי מעהר אין מיינע פעלדער ניט ארבייטען, איך וועל זיי מיט שאנדע פון מיינע פעלדער פארטרייבען — האט אלימלך אויסגערופען — זאג מיר, נעמי, ווער זיינען זיי און איך וועל זיי גלייך באשטראפען פאר זייערע רייד.

— אין מיינע אויגען זיינען זיי מיט זייערע רייד קיין פארברעכען ניט באגאנגען, און זיי האבען ניט פארדיענט באשטראפט צו ווערען, דאריבער וועל איך דיר ניט זאגען ווער זיי זיינען!

— אויב דו וועסט מיר ניט זאגען, וועל איך אלע יונגען פון מיינע פעלדער ארויסטרייבען, איך וועל קריגען אנדערע, זיי זיינען אלץ איינס פוילע... מיר האבען זיי ארויסגעוויזען צופיעל גנאדע, און דאס איז ניט גוט, אז ארבייטער־יונג דארף וויסען זיין פלאץ, וועט ער דאן האבען דרך ארץ פאר זיין האר. יע, אויב דו וועסט ניט אנרופען די יונגען ביי זייערע נעמען, וועל איך אלעמען פאריאגען פון מיינע פעלדער.

— אבער אפילו ווען די אייניגע יונגען זאלען האבען באגאנגען א פארברעכען מיט דעם וואס זיי האבען גערעדט, זיינען דאך די איבעריגע אומשולדיג, פארוואס זאלען זיי אויך באשטראפט ווערען! — האט נעמי געפרעגט.

— ווייל דו ווילסט ניט אנרופען די שולדיגע ביי זייערע נעמען — האט אלימלך געענטפערט.

— איך וועל דאס ניט טאן! — האט נעמי געזאגט — לויט מיין מיינונג זיינען זיי געווען בארעכטיגט אזוי צו ריידען. און ווען דו וועסט אלעמען ענטזאגען, וועסטו דערמיט נאך מעהר פארגרעסערען דעם צארן און אויפרעגונג פון די איינוואוינער פון בית לחם.

— ווער זיינען די איינוואוינער פון בית־לחם, אז איך זאל מורא האבען פאר זייער צארן! — האט אלימלך אויסגערופען. איך בין דער רייכסטער מאן פון לאנד, און זיי דארפען מורא האבען פאר מיר. איך וועל טאן וואס מיר געפעלט, און קיינער וועט ניט וואגען צו זאגען, אז איהם געפעלט ניט... יע, איך וועל אלע מיינע ארבייטער פארטרייבען פון מיינע פעלדער, און זאלען זיי וויסען צו היטען זייערע צינגער און ניט זאגען, אז מיינע זיהן זיינען באגאנגען א פארברעכען, און אז אהוד האט זייערע אויגען געעפענט...

— אויב אזוי, אלימלך דארפסטו מיך אויך פון דיין הויז פארטרייבען, ווייל איך בין אויך מיט דער זעלבער מיינונג, אז מחלון און כליון זיינען באגאנגען א פארברעכען, און אז אהוד איז א ווירדיגער מאן, וועלכער פארדינט, אז מען זאל איהם נאכפאלגען.

— וואס רעדסטו, נעמי! — האט אלימלך זיך אפגערופען, דו אליין ווייסט דאך געווים, אז אונזערע זיהן האבען ריכטיג געהאנדעלט. מיר טארען ניט דערלאזען, אז פרעמדע מענשען פון אנדערע שבטים, זאלען קומען און צושטערען די רוה פון אונזער לאנד.

— ניין, איך זעה דאס אנדערש ווי דו... איך ווייס, אז מיר זיינען אונטעריאכט אונטער דעם קעניג פון מואב, און אהוד האט אין זינען געהאט ניט נאר צו פאראייניגען די אידען, אבער אויך זיי לערנען ווי זיך צו פארטיידיגען אין פאל פון א מלחמה... אבער דו ווילסט ניט זעהן די ווירקליכקייט, אז אזוי וועט עס לאנג ניט אנהאלטען, און ווען עס וועט קומען צו א מלחמה וועלען אונזערע ברידער ניט זיין פאראייניגט און ניט צוגעגרייט, און אונזערע שונאים וועלען זוי היישעריקען באפאלען אונזער לאנד.

— מעגליך, אז דו ביזט גערעכט! איז שוין אלימלך ווייכער געווארען — אבער עס איז דאך שוין פארפאלען. אזוי איז עס געשעהן און מיר טארען קיינמאל ניט צוגעבען, אז מיר זיינען געווען אומגערעכט, ווייל זיי זיינען דאך אונזערע קינדער!

— און איך וועל דעם אמת זאגען אפילו אויף אונזערע קינדער — האט נעמי געזאגט. זאלען זיי וויסען, אז זיי

האָבען אַן אומרעכט געטאָן, און וועלען אין דער צוקונפט מעהר פאָרזיכטיג זיין און קיין איבערגעאײלטען שריט ניט טאָן און זיך פריהער ניט בּאראטען מיט אונז.

— איך מוז נעהמען זייער שולד אויף זיך! — האָט אלימלך געענטפערט — איך האָב מיין צושטימונג געגעבען צו דעם, און איך גיב צו, אז איך בין געווען צו איילינ...

— —איך בין צופרידען, אז דו גיסט צו, אז דו ביזט אַן עולה באַגאַנגען. יעצט האָף איך, אז דו וועסט צוריקציהען דיינע רייד און ניט טאָן קיין שלעכטעס צו אונזערע ארבייטער.

— איך וועל זיי ניט פאַרטרייבען, אָבער איך וועל זיי וואָרענען, אז אויב זיי ווילען ארבייטען אין מיינע פעלדער זאָלען זיי וואָס ווינציגער ריידען און וואָס מעהר טאָן ארבייט...

— עס וואָלט געווען זעהר גוט ווען אונזערע זיהן וואָלטען געקראָגען מיידלעך און חתונה געהאָט — האָט נעמי געזאָגט — דאַן וואָלטען זיי מעהר געזעצט געוואָרען, און וואָלטען אויף זיך געהאַט פאַראַנטוואָרטליכקייטען. וואָלט זיי אין זינען ניט געלעגען אַזעלכע נאַרישקייטען ווי צו געהן מסר'ן אויף אייגענע ברידער.

— דאָס האָב איך געהאַט אין זינען, ווען איך האָב גערעדט מיט צדוק'ן, אָבער איהם איז נאָך ניט געפעלען געווען.

— וועלען מיר געפינען אנדערע מיידלעך!

— קענסטו מיר אָנווייזען אויף צוויי מיידלעך אין בית לחם, וועלכע זאָלען זיין פאַסיג פאַר אונזערע זיהן?

— —אויב ניט אין בית לחם, וועסטו זיי געפינען אין אַן אנדער שטאָדט פון אונזער שבט.

— דו ווייסט, אז איינע פון די טעכטער פון קעניג פון מואב האָט א אידישע מוטער! — האָט אלימלך זיך אָפּגערופען — און ווי מחלון האָט מיר איבערגעגעבען, איז רות אין גאַנצען ענליך צו א אידישע טאָכטער.

— קענען וואָס זאָגסטו מיר? — האָט זי איהם געפרעגט.

— איך זאָג דאָס קענען דעם, וואָס אונזערע זיהן האָבען געפונען חן אין די אויגען פון דעם קעניג און זיינע טעכטער. און זיי האָט זיך פאַרגלוסט נאָך אַמאָל צו מאַכען א באַזוך אין מדהבה, די הויפּט שטאָדט פון מואב.

— און דו האָסט צוגעשטימט? —

— המ... יע, אָבער איך האָב זיי געהייסען צוואַרטען ביז איבער דער צייט פון רעגען...

— און איך וועל זיי בשום אופן מעהר ניט לאָזען געהן אהין. — האָט נעמי מיט באַשלאָסענהייט געזאָגט. ניט גענוג וואָס זיי האָבען געזינדיגט נעגען זייערע ברידער, יעצט ווילען זיי אויך זינדיגען געגען גאָט... זיי וועלען בּיסלעכווייז אריינגעצויגען ווערען, און נאָכהער וועלען זיי נעמען די צוויי טעכטער פון מואב פאַר זייערע פרויען.

— ווען דאָס זאָל אַזוי פּאַסירען, וואָלט עס געווען א גרויס כבוד פאַר אונז, זיך מתחתן צו זיין מיט דעם קעניג פון מואב.

— אָבער אונזער תורה האָט דאָך געזאָגט, אז א מואבי קען קיינמאָל ניט ווערען א טייל פון אידישען פאָלק!

— אונזער תורה האָט בלויז פאַרבאָטען א אידישע טאָכטער צו הייראַטען מיט א מואבי'ן ווייל דאַן ווערט זי אין גאַנצען פאַררעכענט אויף דעם פאָלק פון מואב, אָבער א מאַן פון ישראל מעג יע הייראַטען מיט א טאָכטער פון מואב, ווייל דאַן וועט די טאָכטער פון מואב פאַררעכענט ווערען פאַר א ישראלית— האָט אלימלך געזאָגט — און איך פאַרזיכער דיר, אז ווען דאָס זאָל זיין ריכטיג, אז די פּרינצעסינס זיינען פאַרליעבט אין אונזערע זיהן, וועל איך זיין זעהר צופרידען. זאָל צדוק דער כהן גדול זעהן, אז דער קעניג מואב פאַסט יע זיך מתחתן צו זיין מיט מיר!

— איך ווייס ניט וואָס מיט דיר איז געוואָרען, אלימלך? — האָט איהם נעמי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג — דו

זוכסט זיך צו ערווייטערן פון דיין פאָלק, האָסטו דען ניט צו פאַרדאַנקען דיין רייכטום פון גאָט פון ישראל.

— און איך בין צו איהם דאַנקבאַר! — האָט אלימלך געענטפערט — אָבער איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסען די באַליידיגונג וואָס איך האָב געהאַט פון צדוק דעם כהן גדול, און דעריבער בין איך געגרייט צו טאָן אפילו אזא זאַך ווי צו נעמען טעכטער פון מואב פאַר מיינע זיהן.

— עס וועט אוועקגעהן א שטיקעל צייט און דו וועסט זיך באַרוהיגען, וועסטו זיך ארומזעהן, אז דו ביזט געווען איבעראיילט מיט דיין צונג... דו רעדס אזוי, ווייל דיין צאַרן האָט זיך נאָך ניט איינגעשטילט. און דערווייל פאַרלאַנג איך פון דיר, אז דו זאָלסט אפּלייגען אונזערע זיהנס באַזוך אין מואב אויף א לענגערע צייט, ביז דאַן האָף איך וועלען אונזערע זיהן אויפזוכען פאַר זיך מיידלעך פון ישראל און וועלען שוין מעהר ניט טראַכטען פון מואב.

— —אויב דאָס איז דיין וואונש, וועלען זיי געוויס ניט געהן דאַגעגען — האָט אלימלך געענטפערט.

## צוועלפטער קאַפּיטעל

א וואַרימע און פריינדליכע אויפנאַמע האָט צדוק און זיינע צוויי טעכטער געגעבען ימואל'ן און זיינע צוויי שוועסטער.

ימואל האָט זיי דערצעהלט אַלעס וואָס האָט פּאַסירט מיט זיינע צוויי שוועסטער, ווי אזוי אהוד האָט איהם געהאָלפען זיי ארויסראַטעווען, ווי אזוי זיי האָבען א סוף געמאַכט צו די מערדער, וועלכע האָבען אומגעבראַכט פיעלע משפּחות פון ישראל.

— געלויבט איז אונזער גאָט, וואָס ער האָט פאַר איך מעגליך געמאַכט דורכצופיהרען דיין נקמה אַן די שונאים פון ישראל. דערמיט האָסטו באַוויזען, אז דו ביזט בראַוו און העלדיש און אונזער פאָלק נויטיגט זיך מעהר אין אזעלכע מענשען.

— אָבער מיין האַר, ניט איך האָב פאַרדינט דאָס לויב, נאָר אהוד, דער זוהן פון גרא! — האָט ימואל זיך אָפּגערופען — מיט זיין העלדישקייט און בראַווקייט, מיט זיין אויסגערעכענטקייט און מיט זיין חכמה האָבען מיר דערגרייכט דאָס וואָס וואָלט אונמעגליך געווען... יע, גאָט האָט איהם באַשאַנקען מיט די אַלע מעלות, אָבער דער אומגליקליכער מוז זיך אויסבאַהאַלטען, ער קען זיך ניט פריי באַוועגען. ער דאַרף ליידען הונגער און דורשט און שטענדיג זיין אין געפאַהר, צוליעב דעם, וואָס ער האָט געוואָלט העלפען זיין פאָלק.

נועה האָט געוויסט איהרע טרעהרען ווען איהר ברודער האָט גערעדט וועגען אהוד'ן.

צפּורה האָט עס באַמערקט, און זי האָט איהר אָנגענומען פאַר איהר האַנט און זיך אָפּגערופען:

— אז גאָט האָט מעגליך געמאַכט אזא זאַך און דיך צוזאַמענגעבראַכט מיט דיין ברודער וועמען דו האָסט שוין געהאַלטען פאַר טויט, וועט ער אויך באַשיצען אהוד'ן און וועט מעגליך מאַכען, אז ער זאָל זיך קענען פריי באַוועגען.

— איך וואָלט זעהר געוואָלט איהם ברענגען שפּייז און א טרייסט וואָרט — האָט זי געזאָגט — דו ווייסט ניט וואָס ער האָט פאַר מיך געטאָן... איך האָב איהם אזוי...

— איך פאַרשטעה דיר, טייערע נועה!.. האָט צפּורה זי ארומגענומען און געקושט — אָבער דו מוזט האָבען אביסעל געדולד... מיר וועלען אַלע צוזאַמען אויסאַרבייטען א פּלאַן און מעגליך, אז גאָר אין גיכען וועט אהוד זיין מיט אונז צוזאַמען.

— עפּעס גלויבט זיך מיר קוים, אז אזא גליק קען פּאַסירען! — האָט נועה אויסגערופען — ווי איך האָב געהערט, האָט נאָך דער קעניג פון מואב ניט אויפגעגעבען זיין האָפנונג איהם צו נעמען אין געפאַנגשאַפט.

— די איינציגע וועלכע וואָלטען געקענט ראַטעווען אהוד'ן, זיינען די זיהן

פון אלימלך! — האט זיך ימואל אפגערופען.

— ווי אזוי? — האט צדוק געפרעגט.

— זיי האבען דאך א צוטריט צום קעניג פון מואב!

— דאס וועט שוין ניט העלפען — האט דער כהן גדול געזאגט — עס איז זעהר שווער... דער קעניג וועט זיך צו זיי ניט צוהערען. ווען זיי וועלען יעצט קומען אין פארלאנגען פון איהם ער זאל צורוה לאזען אהוד'ן.

— ניין, ניט דאס מיין איך! — האט ימואל אויסגערופען — איך מיין, אז אלימלך'ס זיהן זאלען אוועקגעהן צום קעניג און איהם זאגען, אז אהוד איז טויט, אז זיי האבען איהם אליין דערהרג'עט, איך בין זיכער, אז ער וואלט זיי געגלויבט און ער וואלט גלייך צוריקגעצויגען זיינע בעאמטע און סאלדאטען פון אונזער לאנד.

— זעהסטו דאס איז יע א פלאן! — האט צדוק צוגעשטימט, אבער איך צווייפעל, אז זיי וועלען איינשטימען דערצו!

— יע, זיי וועלען געוויס מורא האבען, טאמער וועט זיך דער קעניג דערוויסען, אז זיי האבען איהם אפגענארט — האט שושנה צדוק'ס איינגערע טאכטער זיך אפגערופען.

— ווען מען זאל זיי ערקלעהרען, אז זיי האבען באגאנגען א פארברעכען געגען גאט און געגען זייער פאלק, און דאס איז דער איינציגער מיטעל ווי אזוי זיי קענען פארגעבען ווערען פאר זייער זינד, וואלטען זיי זיך געוויס צוגעהערט און מעגליך, אז זיי וואלטען געפאלגט.

— איך אליין האב פארלוירען מיין מאכט איבער זיי! — האט צדוק געזאגט — אלימלך און זיינע זיהן האבען פארלאזען שילה מיט צארן.. איך האב ניט צוגעשטימט צו אלימלך'ס פארשלאג און יעצט איז ער אויף מיר אין כעס

— איך גלויב, אז בועז וואלט אויף זיי געקענט ווירקען! — האט צפורה זיך אפגערופען — איך ווייס, אז די צוויי ברידער האלטען זעהר פיעל פון בועז'ן און זיי וואלטען זיין עצה אנגענומען

— עס וואלט ניט געשאדט זיך דורכצוריידען מיט בועז'ן וועגען דעם, ער איז אימערצו געגרייט צו טאן גוטעס פאר יעדען — האט צדוק געזאגט

— איך וועל אוועקגעהן נאך בית לחם און זיך זעהן מיט איהם! — האט ימואל געזאגט — איך וועל איהם איבערגעבען אונזער פלאן און מעגליך, אז דאס וועט העלפען

— דו וועסט זיך אויסרוהען א פאר טעג און נאכהער וועסטו געהן! — האט צדוק געזאגט ימואל'ן, דו אליין ביזט דאך אויך מיעד פון וועג

— ניין, עס איז זעהר דרינגענד, איך מוז קומען אהוד'ן צו הילף אזוי ווי ער איז מיר צו הילף געקומען

— אמווייניגסטען פארבלייב דא ביז מארגען! — האט צפורה זיך צו איהם געווענדעט, און איהרע בליקען האבען זיך מיט זיינע באגעגענט...

— איך דאנק דיר מיין הארינטע פאר דיין גנאדע וואס דו ווייזט מיר און מיינע שוועסטער ארויס.

— דיינע שוועסטער זיינען יעצט אויך אונזערע שוועסטער — האט זי אנגעוויזען אויף שושנה'ן. יעצט אז גאט האט געגעבען אז זיי זיינען ביי אונז אין הויז געבראכט געווארען, וועלען זיי פערדעכענט ווערען פאר אונזערע שוועסטער, און דאן ביזטו דאך שוין בכילא פערדעכענט פאר אונזער ברודער. יעצט האף איך אז דיין שוועסטער'ס פערלאנג דו זאלסט פערבלייבען ביז מארגען אין דער פריה, וועסטו ניט צוריקווייזען.

א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף ימואל'ס ליפען און ער האט א שאקעל געטאן מיט זיין קאפ.

צפורה און שושנה האבען צוגעגרייט א גרויסארטיגען מאהלצייט פאר זייערע ליעבע געסט. זיי האבען אויך געגעבען נועה'ן און עדה'ן קליידער און זיי געהאלפען זיך ארומוואשען.

— ווי שעהן בײדע שוועסטען זיינען! — האט צפורה אין דער שטיל א זאג געטאן צו שושנה'ן.

ימואל איז זעהר עהנליך צו נועה'ן—

האט שושנה א שמייכעל געטאן, און צפורה'ס פנים איז בעדעקט געווארען מיט רויטקייט.

אויף מארגען גאנץ פריה, איז ימואל אוועק נאך בית לחם און בועז האט מיט גרויס פרייד אויפגענומען די נייעס אז ימואל'ס שוועסטער געפינען זיך שוין אין צדוק'ס הויז.

— יעצט דארפען מיר זעהן עפעס צו טאן פאר אונזער נאבעלען פריינד אהוד — האט בועז געזאגט.

— וועגען דעם בין איך טאקע יעצט צו דיר געקומען! — האט ימואל געזאגט.

— האסטו עפעס א פלאן?

ימואל האט איהם איבערגעגעבען דעם גאנצען פלאן און בועז האט צוגעגעבען אז דער פלאן וואלט געווען זעהר גוט, אויב מחלון און כליון וועלען דאס וועלען טאן.

— צדוק גלויבט, אז דו קענסט זיי בעאיינפלוסען צו גוטען.

— ער גלויבט אין מיין מאכט מעהר ווי איך אליין! — האט בועז א שמייכעל געטאן — פונדעסטוועגען וועל איך פרובירען א רעד טהאן מיט זיי און איך וועל הערען וואס זיי וועלען מיר דערויף ענטפערען. יעצט זאג מיר, ימואל, האט דיר אימיצער בעמערקט ווען דו ביזט אנגעקומען אין בית לחם.

ימואל האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— בין איך דען אויך אונטער פערדאכט? — האט ער איהם געפרעגט.

— איך וועל דיר ערקלעהרען, מיין פריינד, פארוואס איך פרעג דיר וועגען דעם — האט בועז געזאגט — איך וויל יעצט אריבערגעהן צו מיין פעטער אלימלך אין הויז, און דארטען וועל איך מיט מחלון און כליון ריידען אין געגענווארט פון זייער מוטער, וועלכע איז זעהר גוטהערציג און גנעדיג. מעגליך אז צוזאמען מיט נעמי'ן וועט מיר געלינגען זיי איינצורייד'ען דאס צו טאן פאר אהוד'ן, אבער ווען זיי וועלען אויסגעפינען אז דו ביזט צו מיר געקומען, וועלען זיי זיך אנשטויסען אז אויך דו ביזט אין דעם פעראינטערעסירט, און איך וויים ניט פארוואס, אבער די ברידער האבען אין זייערע הערצער ניט קיין איבעריגע פריינדשאפט פאר דיר, און אויב זיי וועלען חושד זיין, אז דו ביזט פאר דעם פעראנטווארטליך, וועלען זיי געוויס ניט צושטימען עס צו טהאן!

— אה, איך פערשטעה! — האט ימואל געזאגט — אבער איך בין זיכער אז קיינער האט מיך ניט בעמערקט. איך בין דאך אנגעקומען אין בית לחם זעהר פריה.

— אויב אזוי וועסטו אויפווארטען אין מיין הויז און איך וועל צו זיי אריבערגעהן און פרובירען ריידען, פיליכט וועלען זייערע הערצער ווייכער ווערען און זיי וועלען פעריכטען דאס וואס זיי האבען פערקרימט מיט זייער אן איבערגעאיילטען שריט.

בועז איז אוועקגעגאנגען צו אלימלך'ן אין הויז און ער האט זיך געזעהן מיט די צוויי ברידער.

— איך האב וועגען זעהר וויכטיגעס מיט אייך צו ריידען, אבער איך וואלט זעהר גערן געוואלט עס ריידען אין געגענווארט פון אייער מוטער.

— וואס? ווילסטו דען אונז אליין ניט אנפערטרויען?! — האט מחלון אויסגערופען מיט א ברוגז שטימע.

— דו פערשטעהסט מיך ניט. דו ווייסט דאך ווי שטארק איך שעץ אפ דיין מוטער, און איך בין זיכער, אז זי וועט מיך פערשטעהן און וועט וויסען ווי אזוי דאס דורכצופיהרען.

דערווייל קענסטו אונז אליין זאגען וואס דו פערלאנגסט און ווען מיר וועלען זעהן אז מיר נויטיגען זיך אין אונזער מוטער'ס עצה, וועלען מיר זי קענען נאכהער פרעגען.

— גוט, קומט ארויס אין גארטען און מיר וועלען דארטען קענען ריידען אומגעשטערט.

בועז איז צוזאמען מיט די צוויי ברידער אריין אין גארטען וואו זיי האט־

בען זיך אלע צוגעזעצט אונטער דעם שאטען פון א בוים, און בועז האט אנגעפאנגען:

— מיר זיינען דאך אלע קרובים פון איין משפחה. מיר האבען אלע איין זיידען געהאט, און דעריבער דארפען מיר זיין איבערגעגעבען און צוגעבונדען איינער צום צווייטען... און איך בין יעצט געקומען צו אייך מיט א פארשלאג וואס וועט פאר אייך ביידען אויך ארויסקומען א טובה.

— אויב דו האסט אין זינען דיין פריינד אהוד'ן איז אומזיסט דיין מיה! — האט כליון אונטערבראכען.

— ווארט, האב אביסעל געדולד און הער מיך אויס! — האט בועז געענטפערט — איך וויים, אז איהר זייט ביידע ניט קיין שלעכטע פון דער נאטור און אלס מענשען זייט איהר אויך בערעכטיגט צו מאכען גאנץ אפט א טעות. אבער איך בין זיכער, אז מען וועט אייך אויפווייזען אייער טעות און אייך אויך אנצייגען ווי אזוי דיזען טעות צו פעררייכטען, וועט איהר נעהמען אין אכט מיינע רייד.

— אבער זאג אונז שוין וועגען וואס דא האנדעלט זיך! — האט מחלון געפרעגט — דו ווייסט אליין, אז מיר האבען געטאן דאס וואס לויט אונזער מיינונג, איז אויסגעקומען, איז דאס בעסטע פאר אלעמען. אבער פונדעסטוועגען אויב דו גלויבסט אנדערש זיינען מיר געגרייט צו הערען פון דיר.

— וואס איהר זאלט ניט האבען געטראכט דאן ווען איהר האט עס געטאהן אין דער צייט פון אויפרעגונג, וועט איהר אבער צוגעבען אז דאס איז ניט געוועזען ריכטיג. אהוד'ס פערברעכען געגען אייך איז ניט געוועזען אזוי שרעקליך אז איהר זאלט אויף איהם און זיין פאטער דארפען מסר'ן פאר דעם קעניג. מען וואלט זיכער מיט זיי געקענט דורכקומען מיט גוטען און דאן וואלט אלעס פערמיטען געווארען.

— מיר האבען פרובירט מיט גוטען און דאס האט ניט געהאלפען — האט כליון געזאגט — ניט איין מאל האט אונזער פאטער געשיקט שלוחים זיי צו רופען און זיי זיינען ניט געגאנגען.

— נו, וואס עס איז געוועזען איז שוין פערפאלען! — האט בועז געזאגט — איהר קענט שוין זיין פאטער פון געפענגנים ניט בעפרייען. איהר מעגט זיך צופרידענשטעלען דאמיט וואס איהר האט גע'פועל'ט ביי דעם קעניג, דאס ער זאל איהם ניט טוידטען. אבער אהוד! וואס האט ער אזוי געטאהן אז ער זאל דארפען זיין פערוואגלט, ער זאל דארפען זיך שטענדיג אויסבעהאלטען, און א געפאהר דראהעט תמיד זיין לעבען.

— אבער יעצט קענען מיר דאך איהם גאר ניט העלפען! — האט מחלון געזאגט — קענען מיר דען קומען צום קעניג און איהם זאגען אז ער זאל אויפהערען צו זוכען זיין שונא? וועט ער זיך דען וועלען צוהערען צו אונז. ווען אהוד וואלט זיך אונטערגעגעבען, דאן וואלטען מיר פיללייכט געקענט פועל'ן ביי דעם קעניג ער זאל פערגרינגערען זיין שטראף. אבער אזוי לאנג ווי ער בעהאלט זיך אוים קענען מיר פאר איהם גאר ניט טהאן!

— יע, איהר קענט זעהר א סך טאהן פאר דעם ארימען אהוד — האט בועז זיך אפגערופען — און עס איז אייער פליכט צו פעררריכטען דאס וואס איהר האט קאליע געמאכט.

— ווי אזוי? — האבען מחלון און כליון מיט אמאל א פרעג געטאהן.

— איהר קענט אוועקגעהן צו דעם קעניג פון מואב און איהם זאגען אז אהוד איז געטויטעט געווארען. איהר קענט זאגען אז איהר אליין האט עס געטאהן, אדער איהר האט שוין דערצו געזעהען אז ער זאל געטויטעט ווערען. מיט דעם וועט איהר נאך מעהר שטייגען אין זיינע אויגען, און אזוי שנעל ווי ער וועט הערען אז אהוד איז טויט וועט ער צוריקציהען זיינע מענשען וועלכע זוכען איהם ארום און אהוד וועט שוין מעהר ניט דארפען זיך אויסבעהאלטען.

— און וואס וועט זיין אז דער קעניג וועט נאכהער אויסגעפינען אז מיר הא־

בען איהם גענארט? — האט מחלון א שאָקעל געטהאָן מיט זיין קאָפּ.

— דער קעניג וועט קיינמאָל ניט אויסגעפינען! קיינער פון זיינע מענשען האבען אהוד׳ן ניט געזעהען און ווייסען ניט ווי ער זעהט אויס. ער וועט זיך צוריקקעהרען צו זיין שבט און וועט טאָהן זיין ארבייט אין פעלד און איך פערזיכער דיך אז ער וועט זיך פאָר א פאָר יאָהר ניט מישען אין דעם וואס עס איז אייך ניט צום הארצען.

— ניין! מיר וועלען דאס קיינמאָל ניט טאָהן פאר איהם! — האט מחלון געזאגט מיט בעשלאָסענהייט — מיר וועלען זיך ניט לעכערליך מאכען אין די אויגען פון קעניג! און נאָך מעהר, אויב מיר וועלען אויסגעפינען אז אהוד געפינט זיך אין בית לחם, וועלען מיר גלייך מעלדען דעם קעניג וועגען דעם.

— איך זעה נישט איין פארוואס דו זאָלסט זיך אזוי איינשטעלען פאר איהם ווער איז ער דאס אַט דער אהוד! איז ער דען ניט פון א פרעמדען שבט! פארוואס איז ער געקומען אהער צו שטערען אונזער רוה? יעצט זאָל ער לײדען!

— און זאָל ער ניט מיינען אז ער וועט זיך לאנג קענען אויסבעהאלטען פון דעם קעניג פון מואב. מיר וועלען שוין זעהען אויסצוגעפינען וואו ער האלט זיך אויף, און אפילו ווען ער זאָל זיך אויפהאלטען אין דיין הויז וועלען מיר מעלדען דעם קעניג וועגען דעם.

— און אייך וועט ניט ארען, וועט איהר וועט ברייננען אויף מיר און מיין פאטער׳ס הויזגעזינד אן אומגליק? — האט בועז זיי אנגעזקוקט.

— דערפאר ווארענען מיר דיך טאקע אז דו זאָלסט גאָר ניט האבען צו טאָהן מיט אהוד׳ן, וועסטו פערמיידען פיעלע צרות! און וועגען דיין פלאן צוליעב וואס דו ביזט געקומען צו אונז ריידען. דארפסטו אין גאנצען פערגעסען — האט מחלון א זאג געטהאָן — און עס איז גאנץ גוט וואס דו האָסט ניט גערעדט אין געגענווארט פון אונזער מוטער.

— איך בין זיכער אז אייער מוטער וואלט אייך אויך געראטען צו טאָהן וואס איך פערלאנג פון אייך.

— אונזער מוטער ערמוטיגט אונז קיינמאָל ניט צו זאָגען א ליגען! — האָט כליון א שמייכעל געטאָהן.

— און איהר ענטזאגט זיך דאס צו טאָהן פאר מיר? האט איהר דען אהוד׳ן ניט פעראורזאכט גענוג לײדען מיט דעם וואס דורך אייך איז זיין פאטער יעצט אין געפאנגענשאפט?

— ער איז אליין שולדיג אין אלעם!

— האט מחלון אויסגערופען—און מיר וועלען גאָר ניט טאָהן פאר איהם! סיידען ער וועט זיך אליין איבערגעבען דאן וועלען מיר זעהען אז ער זאָל ניט קריגען קיין גרויסע שטראָף.

בועז האט זיי פארלאָזען מיט צאָרן. ער האט געזעהען אז אומזיסט וועלען זיין זיינע רייד, ער איז געוועזן זעהר ענטוישט וואס איהם האָט זיך ניט איינגעגעבען צו העלפען אהוד׳ן. ער האט זיך אומגעקעהרט צו ימואל׳ן און איהם איבערגעגעבען דעם ענטפער פון די ברידער.

— איז דען ניטאָ קיין אויסוועג! — האט ימואל טרויעריג געפרעגט.

— איך גלויב אז אהוד וואלט זיך דערוויל געקענט פיהלען גאנץ זיכער אין שילה! — האט בועז געזאגט — זעהר ווינציג מענשען קומען אָן אין שילה דורך די איינפאכע טעג און ביז דעם יום טוב פסח איז נאָך א לאנגע צייט. און ווי איך ווייס וועלען מחלון און כליון מעהר קיינמאָל ניט קומען נאָך שילה. וועט ער קענען זיך אויסבעהאלטען אין דעם הויז פון צדוק.

— וואלט פיליכט געוועזן זיכערער ער זאָל זיך אומקעהרען נאָך זיין שבט בנימין?

— ניין, די מואבים וועלען איהם געווים דארטען זוכען. דו ווייסט דאָך אז גאנץ אָפט קומען אָן די מואבים אין אונזערע פעלדער צו זוכען אהוד׳ן, און דאס זעלבע טוען זיי אויך אין די שטעדט פון דעם שבט בנימין.

— און אין שילה וועט מען איהם ניט זוכען? — האט ימואל געפרעגט.

— זעהסטו דאך אז אין שילה האט מען זיך ערשט ניט לאנג דערוואוסט וועגען אלעס! — האט בועז געענטפערט — דער קעניג ווייס אז שילה איז אונזער הייליגע שטאדט און ער שיקט אהין ניט קיין מיליטער, סיידען מען זאל איהם מסר'ן אבער אזוי ווי די צוויי ברידער יועלען אהין מעהר ניט קומען וועט ער זיין זיכער און יעצט וועל איך מיט דיר אוועקרייטען צו אהוד'ן און מיר וועלען זיך מיט איהם דורכריידען.

בועז האט מיטגענומען דריי אייזלען מיט שפייז און וואסער און צוזאמען מיט ימואל'ן זיינען זיי אוועקגעריטען צו דעם פלאץ וואו אהוד האט זיך געפונען.

גרויס איז אהוד'ס שמחה געוועזן ווען ער האט דערזעהען זיינע צוויי גוטע, איבערגעגעבענע פריינד.

— וואס מאכט נועה? — איז געווען זיין ערשטע פראגע, און ווען ימואל האט איהם פערזיכערט אז פרידען איז צו איהר, האט ער גענומען שטעלען אנדערע פראגען.

— מיר זיינען געקומען זיך מיט דיר צו בעראטהען וואס צו טאהן האט בועז געזאגט.

ער האט איהם איבערגעגעבען זיין פלאן, און אהוד איז געווען אזוי גליקליך מיט דעם געדאנק אז ער וועט זיין נאהענט צו נועה'ן, אז ער האט מיט צופרידענהייט אנגענומען, און גאר ניט א טראכט געטאהן וועגען דער סכנה וואס איז מיט דעם פערבונדען.

— איך האב גאר ניט וואס צו פערלירען! — האט ער זיך אפגערופען צו זיי — פערבלייבען דא לענגער וועט זיין פאר מיר אונמעגליך אויסער דעם וואס פערשידענע געפאהרען לויערען אויף מיר פון די ווילדע היות וועלכע בעזוכען גאנץ אפט דיזען געגענד, קען איך דאך ניט ערווארטען צו קריגען מיין שפייז נאכדעם ווי די פרוכטען וועלען שוין מעהר ניט זיין און איך האב אויך מורא אז די עמלקים וועלען זיכער אויסגעפינען וואס עס איז געטאהן געווארען צו זייערע ברידער און וועלען פאלען אויף מיין שפור. און דערצו איז מעגליך אז אויך די בעאמטע פון מואב וועלען אויסגעפינען מיין בעהעלטענים.

— אויב אזוי דארפען מיר דא לענגער ניט פערבלייבען. איך האב געבראכט אויך פאר דיר אן אייזעל, און לאמיר פון דאנען וואס שנעלער אוועק.

אהוד האט מיטגענומען זיין בויגען און פיילען מיט דעם שווערד און זיך אוועקגעזעצט אויף דעם אייזעל און צוזאמען מיט זיינע פריינד האט ער פערלאזען זיין בעהעלטענים פלאץ וואס איז געווען אין פעלזענשטיין.

ווען זיי זיינען צוגעקומען נאהענט צו בית לחם האט בועז זיך מיט אהוד'ן געזעגענט.

— זארג ניט מיין פריינד — האט ער איהם געזאגט — גאט וועט דיר ניט פערלאזען. עס וועלען קומען בעסערע צייטען פאר אונז. ניט אלע מאל וועלען מיר דארפען ליידען פון אונזערע שונאים, און ווען איך וועל עפעס הערען וועל איך דיר גלייך לאזען וויסען, און וועגען דיין פאטער דארפסטו זיך אויך ניט בעאומרוהיגען, אזוי לאנג ווי דו ביזט זיכער אז ער לעבט, דארפסטו האפען אז מיט גאט'ס הילף וועסטו איהם קענען אין גאנצען בעפרייען.

— שלום! — האט אהוד איהם דערלאנגט זיין האנד — איך דאנק דיר זעהר פאר אלעס וואס דו האסט פאר מיר געטאהן.

— געה אין פריעדען! — האט בועז געזאגט — און זאל גאט דיר בעגליקען אין אלע דיינע וועגען.

ווען אהוד און ימואל זיינען אנגעקומען אין שילה איז שוין געווען גוט פינסטער.

— דא ניט ווייט געפינט זיך צדוק'ס הויז — האט ימואל געזאגט צו אהוד'ן.

— איך האב מורא אז איך זאל איהם ניט פאלען צו לאסט! — האט אהוד זיך אפגערופען.

— ווען דו וואלסט געקענט די מענשען, וואלסטו אזוי ניט גערעדט — האט ימואל געזאגט — דער כהן גדול צדוק וועט זיך שעצען גליקליך, ווען ער וועט וויסען, אז ער וועט דיך קענען מיט

שפעם באהילפיג זיין. און זיינע טעכטער! זיי זיינען ביידע ווי מלאכים, איבערהויפּט, די עלטערע... זי איז אזוי נאָבעל און גוטהערציג. זי האָט זיך וועהר גענומען צום הארצען ווען זי האָט זיך דערוואוסט וואָס די ברידער מחלון און כליון האָבען געטהאָן צו דיר און צו דיין פאָטער.

— ווי איך פארשטעה האָט אלימלך געוואָלט נעמען צדוק'ס טעכטער פאַר פרויען צו זיינע זיהן. אָבער צוליעב זייער טאט, האָבען די טעכטער אויף זיי אפילו זיך ניט אומגעקוקט... און אלימלך מיט זיינע זיהן האָבען פארלאָזען שילה פארצאָרענטע און אויפגערעגטע.

מיט גרויס פרייד, האָט צדוק ,דער כהן גדול אויפגענומען אהוד'ן, ניט קלענער איז געווען די שמחה פון צפורה'ן און שושנה'ן, אָבער מעהר פון אלעמען האָט זיך גליקליך געשעצט נועה, כאָטש צוליעב איהר באשיידענהייט האָט זי באַהערשט איהרע געפיהלען...

אהוד איז צו איהר צוגעגאנגען און שווייגענדיג געדריקט איהר האנט... אָבער ביידענס אויגען האָבען גערעדט און צפורה, וועלכע האָט זיי באטראכט האָט פון זייערע בליקען אלעס פארשטאַנען...

— דו וועסט פארבלייבען מיט מיר, אזוי לאנג ווי עס וועט זיין נויטיג, מיין זוהן,— האָט צדוק זיך געווענדעט צו אהוד'ן — מיין הויז איז גרויס און מיט גאָט'ס הילף וועט קיין שפּייז אויך ניט פעהלען...

— איך דאנק דיר, מיין האַר, — האָט אהוד זיך אָפּגערופען — יעצט ווייס איך, אז גאָט איז מיט מיר, און ער וועט מיך אויף ווייטער ניט פארלאָזען... דורך די פיעלע טעג פון מיין איינזאמקייט און אָפּגעזונדערטקייט צווישען די פעלזען שטיינער ביי דעם טייך קדרון, האָט זיך אין מיין הארצען גאַנץ אָפט אריינגעגנב'עט א יאוש... ביז וואַנען גאָט האָט געמאכט אז איך זאָל דארטען באגעגנען נועה'ן און נאכהער ימואל'ן. יע, זינט דאַן איז מיין לעבען ווידער פול געוואָרען מיט האָפענונגען און שטרע־

בונגען... מיר דוכט זיך, אז יעצט וואָלט פאר מיר קיין זאך ניט שווער געווען צו טאָן... מיין ערשטע שטרעבונג איז צו באפרייען מיין פאָטער פון דער געפענגניס פון מואב, און דאַן... איך ווייס, אז פיעלע שטרויכלונגען ליגען אין מיין וועג... אונזער פאָלק איז אונטערטעניג און פארשקלאָפט צו דעם קעניג פון מואב.

— און נאָ דערגער איז — האָט צפורה צוגעגעבען, אז אונזער פאָלק באַגרייפט ניט, אז עס איז אונטער דעם יאָך פון מואב, און זוכען זיך ניט צו באַפרייען.

— די רייכע פון לאנד ווילען עס ניט באַגרייפען! — האָט ימואל געזאָגט — אזוי לאנג ווי זיי האָבען זייער רייכטום און דער קעניג שטערט זיי ניט ווען זיי ווילען אונטערדריקען דעם אָרימאַן, דעם יתום און די אלמנה זיינען זיי צופרידען, און זיי וועלען אימער זיין דאגעגען די, וועלכע זוכען אראָפּצואווארפען דעם שונא'ס יאָך. אָבער דאָס פאָלק אליין, די אָרימע, די ארבייטער און אנדערע האָפען אויף אזא צייט. איך האָב געוואנדערט צווישען פיעלע שבטים און אומעטום האָב איך געהערט ווי דאָס איינפאכע פאָלק לעכצט נאָך פרייהייט, אלע האָפען, אז גאָט וועט זיי צושיקען א פיהרער, וועלכער זאָל ווי יהושע קעמפען געגען די שונאים און באפרייען ישראל פון דעם יאָך פון פרעמדע מלכים.

— אָבער אויך ניט אלע רייכע זוכען צו לעבען בשלום מיט אונזערע שונאים! — האָט צדוק געזאָגט — אָט איז שלמון אלימלד'ס ברודער און דער פאָטער פון בועז... און ווי איך ווייס, זיינען זיי ביידע זעהר רייך און פון דעסטוועגען וואָלטען זיי געווען די ערשטע אונטערצושטיצען די וועלכע וואָלטען ארויס אין קאמף געגען מואב.

— און בועז אליין וואָלט געווען דער ערשטער ארויסצוגעהן קעמפען געגען מואב! — האָט אהוד געזאָגט — איך ווייס, אז ער האָט געהאָפט, אז עס וועט זיך אונז איינגעבען צו פאראייניגען אלע שבטים און ארויסגעהן מלחמה האלטען

גענען מואב. אבער אלימלך און זיינע זיהן האבען צושטערט אונזערע פעלדער... פיעלע בעאמטע פון מואב געפינען זיך אין אונזער לאנד, און ווען זיי וועלען דערשפירען, אז אימיצער זוכט אויפצוקלערען דעם פאלק, וועלען זיי איהם גלייך ארעסטירען... יע, דער געפאהר איז יעצט נאך גרעסטער ווי פריהער. און דעריבער ווייס איך ניט אויב איך האב א רעכט דא צו פארבלייבען, ווייל זאלען זיך די בעאמטע פון מואב דערוויסען, אז איך באהאלט זיך אויס אין דיזען הויז, וועלען זיי אייך אלעמען זוכען שלעכטעס צו טהאן.

— וועגען דעם האסטו ניט וואס צו זארגען! — האט צדוק געזאגט — דו ווייסט דאך, אז אין שילה קען דיך קיינער ניט, און אפילו ווען עס זאלען זיך געפינען אייניגע וועלכע האבען פון דיר געהערט און וועלכע וועלען וויסען, אז דו באהאלטסט זיך אויס, וועלען זיי דאך דיר געוויס קיין שלעכטעס ניט טהאן... יעדענפאלס וועסטו קענען זיין דא ביז דעם יום טוב פסח, און אויף יום טוב וועל איך דיך אוועקשיקען צו מיינע באקאנטע אין א דארף ניט ווייט פון דאנען. דארטען וועסטו איבערווארטען ביז וואנען די אידען וועלען זיך אומקעהרען צו וייערע שטעדט. און ווער ווייס אפשר ביז דאן וועט זיך פיעלעס ענדערען... איך און מיינע טעכטער וועלען זיין זעהר פארזיכטיג צו ריידען וועגען דיר צו אנדערע, אזוי אז קיינער פון שילה וועט אפילו ניט וויסען, אז ביי מיר געפינט זיך א מאן מיט דעם נאמען אהוד! מיר וועלען דיך רופען בנימין, אויף דעם נאמען פון דיין שבט.

— און איך וועל צוריקגעהן אין די פעלדער פון בועז — האט ימואל זיך אפגערופען — און אין דערזעלבער צייט וועל איך האלטען אן אפענע אויג וואס עס טוט זיך אין בית לחם, און ווי נאר איך וועל אויסגעפינען, אז אלימלך'ס זיהן האבען א פארדאכט דאס דו געפינסט זיך אין שילה, וועל איך גלייך קומען דיר אנזאגען.

— ניין, מיין זוהן, עס וועט פאר דיר ניט נויטיג זיין צו געהן ארבייטען אין בית לחם צוליעב דעם! — האט צדוק געענטפערט — אונזער פריינד בועז וועט שוין דערפאר זארגען. מיר וועלען מיט איהם קומען אין פארבינדונג און ווי נאר ער וועט עפעס וויכטיגעס הערען, וועט ער אונז שוין לאזען וויסען. דו אבער, ימואל וועסט פארבלייבען מיט אונז... מיר די כהנים און לויים זיינען ניט בארעכטיגט צו קיין נחלה, מיר קענען ניט האבען קיין אייגענע פעלדער און גערטנער, אבער דו, אלס איינער פון שבט שמעון ביזט יע בארעכטיגט דערצו, דעריבער וועל איך זעהן, אז דו זאלסט באזארגט ווערען מיט א פעלד, א וויינגארטען און אנדערע נויטיגע זאכען, און דו וועסט בלייבען וואוינען מיט אונז אין שילה, דיינע שוועסטער זיינען שוין יעצט פאררעכענט ביי מיר ווי אייגענע טעכטער, און ווען גאט וועט געבען, וועל איך נאך צובויען א צווייטע הויז וואו זיי וועלען זיך קענען געפינען נאכדעם ווען זיי וועלען הייראטען.

אהוד האט געווארפען זיינע בליקען אויף נועה און זי האט עטוואס פארשעהמט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען און א רויטקייט האט באגאסען איהר פנים.

צדוק האט עס באמערקט און א ליעבליכער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זיינע ליפען...

— איך זעה אהוד, אז גאט האט אזוי געפיהרט, אז דורך דיר זאלען די שוועסטער פאראייניגט ווערען מיט זייער ברודער. דו האסט די שעהנע צערטליכע נועה'ן געטראפען אין א צייט ווען איהר ביידע זייט געווען אין געפאהר. איז עס דען ניט זעלבסט-פארשטענדליך, אז איהר ביידע זייט א באשערטע פאר פון גאט, און איך וועל זיין גליקליך אייך ביידען מיין ברכה צו געבען... און מיר וועלען אלע זיין צופרידען אויב מיר וועלען קענען פייערען אייער החתונה גאר אין גיכען.

צדוק'ס רייד האבען געמאכט אזא

רושם אויף אלעמען. אז ביי יעדען האט זיך געשטעלט טרעהרען אין די אויגען. נועה האט זיך מעהר ניט געקענט באהערשען און איז געפאלען אויף איהר ברודער'ס הארץ און זיך פאנאנדערגעוויינט.

אהוד איז צו איהר צוגעקומען און זי אנגענומען ביי דער האנט.

צדוק און זיינע טעכטער האבען זיך ארויסגערוקט פון צימער. ימואל האט גענומען זיין קליינע שוועסטער און איז מיט איהר אויך ארויס פון צימער, איבערלאזענדיג אהוד'ן אליין מיט נועה'ן...

— מיין ליעבע, טייערע נועה האט אהוד איהר ארומגענומען און געקושט — דיזער טאג איז דער גליקליכסטער טאג פון מיין לעבען.. און יעצט זעה איך, אז גאט האט עס אלעס געטהאן פאר מיין טובה וועגען, פאר מיין גליק. און איך וועל דיר זאגען. אז כאטש ביז ניט לאנג ביז איך געוועזן אין כעס אויף אלימלך'ס זיהן פאר דעם וואס זיי האבען מיר אזוי פיעל צרות פארשאפט, יעצט אבער, פיהל איך, אז איך דארף זיי דאנקבאר זיין, ווייל ווען ניט זיי, וואלט איך דיך דאך געוויס ניט געקענט געפינען. און ווער וויים וואס עס וואלט פון דיר געווארען, ווען דו וואלטסט לענגער פארבליבען מיט די עמלקים רשעים... שוין אין דער ערשטער רגע ווען איך האב דיך געזעהן, האב איך אין מיין הארצען געוואונשען, אז דו זאלסט זיין א טאכטער פון ישראל, כאטש דו האסט געטראגען די קליידער פון עמלק, אבער דיין פנים האט מיך אזוי באצויבערט און איך האב זיך געפיהלט אזוי זיכער אין דיין געגענווארט, אז איך האב דיך גלייך געקענט דיר אנפארטרוי'ען מיין לעבען... און ווען דו האסט מיר פון דיין לעבען דערצעהלט און געזאגט, אז דו ביזט א טאכטער פון ישראל, איז צו מיין פרייד און גליק קען גרעניץ ניט געווען... מיט גרוים אומגעדולד האב איך געווארט אויף דעם קומענדען טאג, ווען איך וועל א געלעגענהייט האבען דיך ווידער צו זעהן... און וואס מעהר איך האב דיך געזעהן און מיט דער גערעדט, אלץ גרעסער איז מיין גליק געווען... איך האב זיך געפרעהט אבער אין דערזעלבער צייט אויך געשראקען, טאמער וועל איך דיך מעהר ניט קענען זעהן. פיליכט וועלען זיך די רשעים דערוויסען, אז דו קומסט ארוים מיך צו זעהן... עס זיינען געווען צייטען וואס צו מיין זארג און שרעק איז קיין גרעניץ ניט געווען... איך האב געמיינט, אז די עמלקים וועלען דיך אוועקפיהרען טיפער אין זייער לאנד, און דאן וועלען אלע מיינע האפענונגען מיט'ן רויך אוועקגעהן. אבער געלויבט איז גאט, בועז איז מיר צו הילף געקומען. ער האט דיין ברודער צו מיר געשיקט און צוזאמען האבען מיר פלענער אויסגעארבייט ווי אזוי דיך און עדה'ן צו באפרייען פון די עמלקים און אין דער זעלבער צייט נקמה נעמען פון זיי פאר דעם פארגאסענעם בלוט פון דיינע עלטערען. געבענשט זאל זיין אונזער גאט, דער באשעפער פון דער וועלט, וואס ער איז אונז צו הילף געקומען און אונז האט זיך איינגעגעבען דורכצופיהרען אלע פלענער, יעצט ביזטו אין גוטע און זיכערע הענט... צדוק איז אזוי ווי א פאטער צו דיר, און זיינע טעכטער — ווי שוועסטער צו דיר. דו האסט דיין ברודער און דיין אינגערע שוועסטער נעבען זיך... און איך בין גליקליך אין דיין גליק...

— און איז דען ניט מיין גליק פארפולט, ווען אויך דו ביזט נעבען מיר!
— האט נועה געווישט איהרע אויגען... אה, דאס איז אזא גליק וואס איך ווייס ניט, אויב איך האב עס פארדינט ביי גאט... עפעס גלויבט זיך מיר ניט, אז אלעס זאל האבען צו מיר געקומען מיט איין מאל. אין אזא קורצע צייט...

— גאטעס הילף קומט אין אן אויגענבליק! — האט אהוד געזאגט — און דעריבער האף איך, אז עס וועט לאנג ניט נעמען און ער וועט שיקען זיין הילף אויך צו אונזער אונטערדריקטען פאלק... ער וועט אויך באפרייען מיין פאטער, וועלכער איז שטענדיג געווען געגרייט

אפצוגעבען זיין לעבען פאר גאט, פאר זיין פאלק און לאנד.. איך אבער, בין געווען עלענד. כ׳האב ניט קיין קרובים, דער קעניג פון מואב האט פארשפרייט פיעלע נעצען מיך צו פאנגען... מיין לאגע איז געווען האפנונגסלאז, ביז וואנען גאט האט מיך באגליקט און איך האב דיך געפונען, און דורך דיר האב איך אויך געפונען אזעלכע געטרייע און איבערגעגעבענע פריינד ווי דיין ברודער ימואל אין צדוק מיט זיין משפחה... און קיין גרעניץ איז ניטא צו מיין פרייד, ווען איך וויים, אז דו האסט מיך ליעב... אין דערזעלבער צייט האבען מיר ביידע געקראגען די ברכה פון אונזער טייערען פריינד צדוק... אבער איך וויים ניט אויך איך וועל טהאן א גערעכטע זאך, ווען איך זאל מיט דיר הייראטען, אין א צייט וואס איך בין ניט זיכער, אז איך וועל קענען מיט דיר פארבלייבען... ווער וויים, ווען איך וועל זיין געצוואונגען צו ענטלויפען פון דאנען, זיך אויסצובאהאלטען, און דאן וועסטו בלייבען עלענד און אין גרויס שרעק פאר מיין גורל.

— און ווען דאס זאל מיט דיר פאסירען איידער מיר הייראטען, וועל איך דען דאן ניט פיהלען עלענד? וועל איך דען ניט זיין אין גרויס שרעק פאר דיין גורל? אה, אהוד, איך האב דיך אזוי ליעב, אז ווען חלילה עפעס זאל מיט דיר פאסירען, וועל איך דאס ניט אריבערטראגען...

— עס איז דאך אבער אויך פאראן א מעגליכקייט, אז איך זאל ארייןפאלען אין די עהנט פונ׳ם קעניג פון מואב, און דאן ווער קען פאראויסזאגען וואס ער וועט מיט מיר טהאן. ער קען מיר אויף אייביג אין געפענגניש פארשפארען, ווי ער האט עס געטהאן צו מיין פאטער, און אפשר וועט ער מיך גאר טויטען... און דאן וואס וועט זיין מיט דיר, דו וועסט פארבלייבען אן אייביגע עגונה... ניין, מיין טייערע נועה, צו שטארק איז מיין ליעבע צו דיר, אז איך זאל קענען פון דיר אזא קרבן פארלאנגען!

— אויב חלילה מיט דיר זאל עפעס אן אומגליק געשעהן, וואלט מיין לעבען אלין איינס גאר ניט ווערטה געווען — האט נועה איהם געזאגט — וועל איך דען טראכטען פון צו הייראטען א צווייטען?!

— ווער וויים וואס די יאהרען קענען ברייגען! — האט אהוד געענטפערט — מיר אלע האפען אויף גוטעס, אויף א בעסערער צוקונפט. אבער ווער קען פאראויסזאגען וואס עס וועט מארגען געשעהן!! אבער עס וועט זיין ניט ריכטיג פון מיין זייט דיך צו פארבינדען ביז וואנען איך וועל וויסען וואו איך האלט... ניין, מיין ליעבע נועה, מיר וועלען נאך צואווארטען א קורצע צייט, אפשר וועט זיך אונזער לאגע ביז דאן ענדערען און איך וועל שוין מעהר ניט זיין אין שרעק פאר מיין לעבען...

— אבער מיין ליעבער אהוד! — האט נועה זיך צו איהם געטוליעט, מיין הארץ שרעקט מיך... אז אויב מיר וועלען יעצט זיך ניט פארבינדען, וועלען מיר פיליייכט קיינמאל קיין געלעגענהייט ניט האבען... און איך האב דיך אזוי ליעב, אז אהן דיר איז מיין לעבען ווערטהלאז.

— און איך האב דיך ליעבער מעהר פון אלעם אין דער וועלט — האט אהוד זי געקושט.

— אויב אזוי לאמיר גלייך הייראטען! — האט נועה געזאגט — און גאט וועלכער האט אונז ביז יעצט באשיצט, וועט אונז אויך אויף ווייטער ניט פארלאזען.

— ווייסטו וואס, מיין טייערע — האט אהוד געזאגט, — מיר וועלען אריבערווארטען ביז איבער דעם יום־טוב פסח, און אויב ביז דאן וועט אריבער רוהיג וועלען מיר הייראטהען גלייך נאך פסח. שטימסטו איין צו דעם, מיין ליעבע?

נועה האט מיט א ליעבליכען שמייכעל א שאקעל געטהאן מיט איהר קאפ.

—די צייט וועט זיך ווי אן עוויגקייט ציהען פאר מיר! איך וועל מתפלל זיין צו גאט, אז ער זאל דיך באשיצען פון

דיינע שונאים, און פון די וועלכע זוכען דיר נאר שלעכטס צו טהאן.

— און יעצט ביזטו צו מיר פאר'קנס'ט! — האט אהוד איהר געקושט. מיר האבען די ברכה פון דעם כהן גדול, און גאט וועט אונז אויך זיין ברכה געבען.

—מיר וועלען דארפען זיי זאגען וועגען אונזער באשלוס — האט נועה א גליקליכע אויסגערופען — איך בין זיכער, אז אלע וועלען אונז גליק ווינשען.

אהוד און נועה זיינען אריין אין צווייטען צימער און אהוד האט זיך אפגערופען צו צדוק'ן און צו די איבעריגע:

— מיר האבען באשטימט אונזער היירעט ביז נאך פסח, אויב עס וועט אזוי זיין דער ווילען פון גאט.

— זאל זיין מיט גליק און הצלחה!— האט צדוק אויסגערופען — זאל גאט שיקען זיינע ברכות פון הימעל, וואס זאלען אייך אייער גאנצען לעבענס־וועג באגלייטען. און דיר, מיין זוהן, ווינש איך, אז גאט זאל געבען דו זאלסט ערייכען אלע דיינע שטרעבונגען. זאל אין דיינע טעג ישראל געהאלפען ווערען. איך זעה, אז דו באזיצסט אן אויסערגעוועהנליכען גייסט, א גייסט פון גבורה און מוטה. זיי געבענשט צו גאט און זאל דער אלמעכטיגער געבען אז דו זאלסט ווערען א שופט און פיהרער אין ישראל, און זאל ער דורך דיר זיין ישועה צו אונזער פאלק שיקען.

צפורה און שושנה האבען ארומגענמען נועה'ן און האבען איהר געהאלזט און געקושט און צוגעוואונשען גליק.

ימואל האט געדריקט די האנד פון אהור'ן און אויסגערופען:

— איך בין גליקליך אז איך וועל דיר קענען רופען מיין ברודער!

פון די בליקען וואס צפורה האט געווארפען אויף ימואל'ן האט איהר פאטער פארשטאנען וואס ביי איהר אין הארצען טהוט זיך. ער האט שוין לאנג געקענט זעהן, אז ימואל ליעבט זיין עלטערע טאכטער און דאריבער האט ער באשלאסען, אז יעצט איז א גוטע געלעגענהייט צו רעדען וועגען זיין טאכטער און ימואל'ן. ער האט געהייסען גרייטען צום טיש און ווען אלע האבען זיך געזעצט עסען, האט ער זיך אפגערופען:

— היינט איז א טאג פון שמחות. מיר פרעהען זיך אלע וואס גאט האט אונז דא צוזאמענגעבראכט, און מיר זיינען גליקליך צו הערען, אז אהוד און נועה זיינען פאר'קנס'ט. יעצט האב איך אייך נאך וואס צו זאגען, און איך האף, אז איך דריק אויס די געפיהלען פון די וועמען איך האב דא אין זינען. איך געדענק ווען מיינע טעכטער זיינען אריינגעקומען אין הויז און מיר געמאלדען וועגען אז עלענדען יונגען מאן, וועלכער איז אין גרויס צער, און זיי האבען געוואלט איך זאל איהם איינלאדען צו זיך, כדי צו פארגרינגערן זיינע ליידען. מיט וואס פאר א פרייד מיין עלטערע טאכטער, צפורה, איז געלאפען אנזאגען ימואל'ן, ער זאל אריינקומען אין אונזער הויז. דאס האט מיר דערמאנט וואס אין אונזער הייליגער תורה ווערט געשריבען וועגען משה'ן, ווען ער איז אנגעקומען אין מדין און איז געווען עלענד און איינזאם, האט איהם צפורה, יתרו'ס טאכטער, איינגעלאדען צו איהר פאטער'ס הויז. און איהר ווייסט דאך אלע וואס האט נאכהער פאסירט. זי איז געווען זיין באשערטע און משה האט גענומען צפורה'ן פאר זיין פרוי... און יעצט דאס זעלבע האט פאסירט מיט ימואל'ן. מיין טאכטער, צפורה, האט איהם געבראכט צו מיר אין הויז און איך האב געזעהן אין דעם די האנט פון גאט. איך וויים, אז ביידע האבען זיך ליעב געקריגען פון דעם ערשטען טאג ווען זיי האבען זיך באגעגענט. און דאריבער גיב איך אייך מיין ברכה!

צפורה'ס פנים איז באדעקט געווארען מיט רויטקייט. איהרע אויגען האבען געלויכטען פון פרייד און גליק.

ימואל איז געווען אזוי איבערראשט צו הערען אזעלכע רייד פון צדוס'ן, אז

ער איז געשטאנען באוועגלאז. צו זיין גליק אזי קיין גרעניץ ניט געווען... דאס וואס ער האט ניט געוואגט ארויסצוברענגגען אויף זיינע ליפען, האט עס פאר איהם געטהאן דער וואונדערבארער, גוטהערציגער צדוק... טרעהרען האבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען.

— מיין האר, איך בין ניט ווערט אזא גליק... איך... המ..

— מיין ליעבער פאטער! — איז צפורה איהם געפאלען אויפ'ן האלז, און טרעהרען פון פרייד האבען זיך געשטעלט אין איהרע אויגען.

— מיין טאכטער! — האט צדוק איהר געדריקט צו זיך — איך וויס, אז איהר וועט ביידע זיין א גליקליך פאר... זאל גאט געבען, אז דו זאלסט צו איהם זיין א טרייסט נאך זיינע עלטערען. קום אהער ימואל, נעהם אן צפורה'ס האנט און איך וועל אייך ביידען מיין ברכה געבען.

ימואל איז צוגעגאנגען נאהענט צו צפורה'ן, וועלכע איז געשטאנען מיט ארונטערגעלאזענע אויגען. א גליקליכער באשיידענער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף איהרע ליפען.

צדוק האט זיינע הענט ארויפגעלעגט אויף זייערע קעפ און זיי געבענשט.

— און יעצט, אויף ווען זאלען מיר באשטימען אייער חתונה? — האט צדוק זיי געפרעגט.

ביידע, צפורה און ימואל, האבען געשוויגען.

— איך גלויב, אז מיר וועלען דאס אויף לאנג ניט אפהאלטען — האט צדוק צוגעגעבען. איך וועל באשטימען אייער חתונה אין דרייסיג טעג ארום. זייט איהר איינשטימיג?

צפורה און ימואל האבען מיט דאנקבארע בליקען צוגעשטימט.

— זאל גאט געבען, אז פון יעצט אן און ווייטער זאל הערשען פרייד און גליק אין אונזער לאנד און אין אונזער הויז. מיר זאלען מעהר ניט וויסען פון קיין צער און טרויער. פון יעצט אן קען איך דיר, ימואל, מיט רעכט רופען מיין זוהן און דיינע שוועסטער — מיינע טעכטער.

— עס וואלט געווען זעהר ווינשענסווערטה, ווען מיר וועלען פייערען ביידע חתונות מיט איינמאל! — האט שושנה זיך אפגערופען צו איהר פאטער — פארוואס זאל אהוד און נועה'ס חתונה אויך ניט פארקומען אין דרייסיג טעג ארום?

— איך וועל זיין צופרידען צו האבען א טאפעלע שמחה אין אונזער הויז! — האט צדוק געזאגט — און דו, אהוד, ביזטו איינשטימיג צו דעם פארשלאג פון מיין אינגערע טאכטער?

— מיר וואלטען זיך ביידע געשעצט גליקליך, ווען דאס וואלט מעגליך געווען! — האט אהוד געזאגט — אבער צום באדויערען איז עס אונמעגליך! מיר האבען זיך ביידע דורכגערעדט וועגען דעם. איך וועל מוזען צואווארטען און זעהן וואס וועט מיט מיר געשעהן אזי די קומענדע מאנאטען. אויב מען וועט מיך מעהר ניט קומען זוכען און איך וועל ניט דארפען מורא האבען דא צו פארבלייבען... יע, אויב עס וועט קיין שטערונג ניט קומען ביז איבער פסח, דאן וועל איך זיין מעהר אדער ווייניגער געזיכערט. אבער ימואל, ער האט דאך ניט וואס צו שרעקען. ער איז געזיכערט...

אלע האבען פארשטאנען אהוד'ן און מעהר ניט פרובירט מיט איהם צו רעדען וועגען דעם.

גרויס פרייד און א יום־טוב'דיגע שטימונג האט געהערשט אין צדוק'ס הויז. אלע האבען זיך געגרייט צו צפורה'ס חתונה מיט ימואל'ן, וואס האט געדארפט אין גיכען פארקומען.

שושנה האט געהאלפען איהר שוועסטער נייהען איהרע חתונה קליידער.

מיט גרויס פראכט און גלאנץ איז די חתונה געפייערט געווארען אין דעם גארטען, וואס איז געווען נעבען צדוק'ס הויז.

כמעט אלע איינוואוינער פון שטאדט

שילה זיינען געקומען צו דער חתונה פון דעם כהן גדול'ס טאכטער.

זיבען טעג האט מען זיך משמח געווען. די געסט האבען געטרונקען וויין און געבענשט די גליקליכע פאר.

צווישען די געסט האט זיך געפונען א רייכער יונגער מאן, מיט'ן נאמען זרחי. ער האט די גאנצע צייט זיינע אויגען ניט אונטערגענומען פון דער שעהנער נועה'ן. ער האט געזוכט איהר באקאנטשאפט, און ווען ער האט געזעהן אז זי שענקט איהם ניט קיין אויפמערקזאמקייט, האט איהם זעהר פארדראסען.

—ווער איז זי האט די זעלטענע שעהנהייט — האט זרחי געפרעגט זיין פריינד, לוי.

—ווייסטו דען ניט, אז זי איז נועה, די שוועסטער פון ימואל, דעם חתן.

— און דער יונגערמאן, וועלכער זיצט שטענדיג אליין?

— זיין נאמען איז בנימין — האט לוי איהם געענטפערט — אבער פארוואס פרעגסטו זיך נאך אויף איהם?

— ווייל איך האב איינינע מאל בעמערקט ווי נועה קומט צו איהם צו.

— ווי איך האב געהערט איז זי צו איהם פער'קנס'ט!

— צו איהם! — האט זרחי זיך אבגערופען מיט פעראכטונג אין זיין שטימע — ווי מיר שיינט איז ער איינער פון די ארימסטע פון פאלק. ער איז ביי זיך אזוי געפאלען אז ער געהט אפילו ניט ארויס זיך צונויפמישען מיט די איבעריגע געסט. וואס האט זי אזוינס געזעהן אין איהם אז זי זאל איהם געבען איהר ליעבע?

—ווען איך האב דערפון געהערט האב איך זיך אויך שטארק געוואונדערט — האט לוי געזאגט — איך האב זיך געטראכט פאר וואס זאלען אזעלכע קבצנים האבען מעהר גליק צו די שעהנע מיידלעך ווי די רייכע יונגע לייט.

— איך שווער דיר, מיין פריינד, אז די זעלבע מחשבה האב איך אויך נאר וואס געהאט — האט זרחי געזאגט — און איך זעה, אז דו ביזט א בראווער יונג. איך וויל אז דו זאלסט מיר העלפען און איך וועל דיר דערפאר גוט בעלוינען.

— דו ווייסט דאך, זרחי, אז איך בין דיר איבערגעגעבען און וועל טהאן אלעס וואס דו וועסט מיר הייסען, אויב עס וועט נאר זיין אין מיין מאכט דאס צו טהאן.

— איך וועל דיר געבען צעהן שטיקער זילבער, אויב דיר וועט געלינגען אפצואווענדען איהר הארץ פון בנימין'ען. ווי איך האב זי צום ערשטען מאל דערזעהן, האב איך זי געגלוסט, און דו ווייסט דאך אז מיט מיר וועט זי פיעל גליקליכער זיין ווי מיט איהם.

— איך פערשפרעך דיר, אז נועה וועט געהערען צו דיר! — האט לוי אויסגערופען — לאז עס איבער צו מיר און איך וועל שוין וויסען וואס איך האב צו טהאן.

— און איך וועל וויסען ווי אבצושאצען דיין טובה! — האט זרחי איהם געזאגט — אבער זאג מיר, מיין פריינד, וואס וועסטו טהאן? ווי אזוי וועסטו קענען מאכען אז זי זאל אבגעפרעמדט ווערען פון איהם?

— דו ווייסט דאך אז איך געפין זיך אין משכן גאנץ אפט, ווען פיעלע קרבנות ווערען געבראכט, דאן האב איך אויך א געלעגענהייט אריינצוקומען אין צדוק'ס הויז. יע, עס וועט שוין פאר מיר זיין זעהר גרינג עס צו טהאן. איך וועל דארפען אויסגעפינען ווער ער איז און פון וואנען ער קומט.

— איז עס אזוי שווער אויסצוגעפינען ווער ער איז?

— מיר דוכט זיך אז זיין גאנצער זיין אין צדוק'ס הויז איז איינגעהילט אין א געהיימניס. אבער איך וועל שוין אויסגעפינען. וואס וועל איך ניט טהאן פאר אזא גוטען פריינד ווי דו ביזט צו מיר?

— קום צו מיר אריין אין הויז גאנץ אפט און וועסט מיר זאגען אלעס, וואס דו האסט אויסגעפונען! — האט זרחי איהם געבעטען.

— ווי נאר איך וועל אויסגעפינען

עפעם וויכטיגעס, וואס וועט קענען בענוצט ווערען צו אונזער פלאן, וועל איך דיר גלייך קומען אנזאגען—האט איהם לוי געזאגט.

— און אויב דיר וועט געלינגען און נועה וועט ווערען מיין פרוי, וועסטו אייביג זיין מיין פריינד, און וועל דיר די טובה קיינמאל ניט פארגעסען!

— נועה וועט געהערען צו דיר! — האט לוי איהם פערזיכערט. איך בין אלע מאל ערפאלגרייך אין מיינע אונטערנעהמונגען.

---

לוי האט געהאלטען זיין ווארט. א קורצע צייט נאך ימואל׳ס חתונה האט ער גענומען אריינקומען גאנץ אפט אין צדוק׳ס הויז. ער האט געזוכט ימואל׳ס און אהוד׳ס פריינדשאפט, אבער אהוד האט איהם אויסגעמיידט. און אלע זיינע בעמיהונגען זיינען געווען אומזיסט. ווען ער פלעגט פערבינדען א געשפרעך מיט איהם, פלעגען אהוד׳ס רייד זיין געצעהלטע.

לוי האט פרובירט פרעגען יעדען איינעם וועגען אהוד׳ן, וועמען ער האט אנגערופען בנימין, אבער קיינער האט ניט געוואוסט ווער ער איז.

איין מאל ווען אהוד איז געווען אין דעם הויף פון משכן, האט לוי בעמערקט ווי א פרעמדער, וועלכער איז געקומען אין משכן מקריב צו זיין א קרבן, האט געקוקט מיט נייגיעריגע בליקען אויף איהם. לוי איז גלייך צוגעקומען צום פרעמדען און האט זיך צו איהם אפגערופען אין דער שטיל:

— ווי איך זעה ביזטו פעראינטערעסירט צו וויסען ווער יענער מאן איז! זאג מיר, האסטו איהם פריהער געזעהן ערגעץ ווען?

— זיין פנים איז מיר זעהר בעקאנט, אבער איך קען זיך ניט דערמאנען וואו און ווען איך האב איהם געזעהן!

— קום מיט מיר צו יענעם פלאץ, פון דארטען וועסטו איהם קענען בעסער זעהן — האט דאן לוי געזאגט צו דעם פרעמדען.

— און דו ווייסט דען אויך ניט ווער ער איז? — האט איהם דער פרעמדער געפרעגט.

— אלעס וואס איך וויים וועגען איהם איז, אז זיין נאמען איז בנימין.

— בנימין! — ניין, א מאן מיט אזא נאמען קען איך ניט.

— פון דעסטוועגען וועט ניט שאדען ווען דו וועסט איהם נאך אמאל בעטראכטען! — האט לוי שטילערהייד א זאג געטהאן.

דער פרעמדער האט זיך געלאזט איבררעדען און איז מיט איהם צוגעגאנגען אן א זייט וואו ער האט געקענט בעסער איהם בעמערקען.

— ווארט! — האט יענער א קנייטש געטהאן מיט זיין שטערען — לאמיך זיך דערמאנען. מיר דוכט זיך... יע, אויב איך האב קיין טעות ניט, איז ער דאך אהוד, דער זוהן פון גרא, וועמען דער קעניג פון מואב זוכט ארום!

— ביזטו זיכער, אז דאס איז ער?! — האט איהם שוין לוי ניט אפגעלאזען!

— יעצט בין איך זיכער. איך האב איהם צוויי מאל געזעהן, איין מאל ווען ער האט געלערענט די יונגען צו שיסען מיט פייל און בויגען, און דעם צווייטען מאל ווען ער איז אנטלאפען, און ער האט זיך דערוואוסט אז די בעאמטע פון מואב קומען איהם זוכען.

— יעצט פערשטעה איך פאר וואס ער זיכט אויסצומיידען פרעמדע מענשען! — האט לוי איהם געזאגט מיט א שמייכעל.

— נו, געוויס, ווען די בעאמטע פון מואב זאלען זיך דערוויסען אז אהוד געפינט זיך דא אין שילה, וואלטען זי גלייך געקומען אהער.

— דו דארפסט אבער זיין זעהר פארזיכטיג! האט לוי זיך געמאכט ווי ער איז בעזארגט וועגען איהם. דו טארסט צו קיינעם קיין ווארט וועגען דעם ניט אויסרעדען.

— און איבערהויפט טארען די זיהן פון אלימלך׳ן ניט וויסען אז אהוד גע־

פינט זיך דאָ! — האָט דער פרעמדער געזאָגט — ווייל זיי האָבען דאָך אויף איהם און זיין פאָטער גע'מסר'ט פאר'ן קעניג. און אזוי שנעל ווי זיי וועלען זיך דערוויסען אז אהוד געפינט זיך דאָ, וועלען זיי גלייך אָנזאָגען די בעאמטע פון מואב.

— מיר וועלען קיינעם קיין וואָרט פון דעם ניט דערצעהלען! — האָט לוי צוגעלעגט זיין פינגער צו די ליפען.

— איך וועל געוויס פון דעם ניט ריידען! — האָט דער פרעמדער איהם פערזיכערט — איך האָב צו איהם גאָר ניט, מיר האָט ער קיין שלעכטס ניט געטהאָן... איך האָב געהערט אז ער איז א וואוילער מאן און ער האָט אין זינען בלויז די טובה פון אונזער פאָלק.

— לאָמיר זיך שנעל אומקעהרען, ווייל ער קען נאָך בעמערקען אז מיר קוקען אויף איהם, און וועט זיך מעגליך אָנשטויסען אז מיר ווייסען ווער ער איז, און דאָס וועט איהם פערשאפען גרויס זאָרג — האָט לוי געזאָגט און איז גלייך ארויס פון דעם הויף פון משכן.

מיט גרויס צופרידענהייט איז ער שנעל אוועק צו זרחי'ן.

— בריינגסט פאר מיר א גוטע בשורה מיין פריינד, איז איהם זרחי ענטקעגען געקומען.

— די שעהנע נועה איז אזוי גוט ווי דיינע!

— וואָס רעדסטו, שנעל דערצעהל מיר ווי אזוי האָסטו עס געטהאָן! — האָט ער מיט פרייד אויסגערופען.

— האָב אביסעל געדולד וועסטו אלעס אויסגעפינען... ניט לאנג צוריק האָסטו מיך בעשולדיגט אז איך טהו גאָר ניט פאר דיר, דו ביזט געוועזען אומגערעכט, איך האָב שוין פאר דיר זעהר פיעל געטהאָן... געוועהנליך איך האָב ניט געהאט קיין ערפאָלג, אָבער איך האָב געהאט גענוג געדולד ביז וואנען עס איז מיר געלונגען.

— האָסטו מיט איהר גערעדט? דו האָסט איהר דערצעהלט פון מיין רייכטהום און זי איז וויליג...

— אָה, ניין, מיין פריינד, דאָס ווייסטו איז אוממעגליך... צו ריידען צי נועה'ן וואָלט בלויז געמיינט זיך נאריש צו מאכען... זי האָט איהם אזוי ליעב אז עס איז אוממעגליך איהר אָפצוואווענדען פון איהם.

— אָבער וואָס האָסטו אויפגעטהאָן? איז שוין זרחי אומגעדולדיג געוואָרען.

— איך האָב אויסגעפונען ווער ער איז?

— ווער ער איז, וואָס איז דער אונטערשיעד ווער ער איז?

— עס איז א גרויסער אונטערשיעד, דו דארפסט וויסען זיין אז ער איז ניט ער...

— וואָס פלוידערסטו?

— איך מיין אז בנימין, נועה'ס חתן, איז ניט בנימין... ער בעהאלט זיך אויס אין צדוק'ס הויז...

— ווער איז ער דען?

— ער איז אהוד, דער זוהן פון גרא!

— אהוד, וועמען די בעאמטע פון מואב זוכען ארום?

— יאָ!

— פון וואנען האָסטו אויסגעפונען?

— מיר איז גלייך געפאלען א השד אז א געהיימנים רינגעלט איהם ארום. איך האָב בעמערקט אז ער זוכט אלעמען אויסצומיידען, און איך האָב אָנגעפאנגען איהם נאָך מעהר נאָכצוקוקען, איך האָב פון איהם די אויגען ניט ארונטערגענומען, און ווען ער פלעגט קומען אין דעם הויף פון משכן, פלעג איך איהם נאָכשפירען איך פלעג זיך אונטערהערען צו זיינע געשפרעכען מיט צדוק'ן אָבער פון דעם האָב איך נאָך אלץ ניט געקענט דערגעהן ווער ער איז ביז היינט... איך שטעה אזוי אין הויף פון משכן און טהו זיך מיין ארבייט, בעמערק איך ווי א פרעמדער מענש קוקט מיט נייגיעריגע און פאָרשענדע בליקען אויף בנימין... אהא, טראכט איך מיר, דיעזער מאן מוז עפעס וויסען פון איהם... איך בין באלד צו איהם צוגעגאנגען און מיט איהם פערפיהרט א געשפרעך... איך האָב איהם געפרעגט אויב ער קען דעם מאן אויף וועמען ער

קוקט, און ווען ער האָט מיר געזאָגט אז זיין פּנים איז איהם בעקאַנט, נאָר ער קען ניט געדענקען ווי אזוי, האָב איך דעם מאַן גענומען אין א צווייטער זייט און איהם געהייסען נאָך אמאָל בעטראכטען, ביז וואנען ער האָט איהם דערקענט אלס אהוד...

— אָבער וואָס פאַר א נוץ קען עס ארויסקומען פאַר מיר, אפילו ווען איך זאָל וויסען אז ער איז אהוד? ! — האָט איהם זרחי געפרעגט.

— ווען אהוד וועט זיין געצוואונגען צו אנטלויפען פון שילה, וועט נועה מיט איהם ניט קענען חתונה האָבען, דאן וועט זיין גרינגער מיט איהר צו רייד־ען... בפרט ווען די בעאמטע זאָלען אהוד'ן פאנגען און אוועקפיהרען נאָך מואב... מעגסטו זיכער זיין אז ער וועט זיך שוין קיין לעבעדיגער פון דאָרט ניט צוריקקעהרען און דאן ווער וועט דיר שטערען?

— אָבער איך וואָלט זעהר ניט געוואָלט אז דורך מיר זאָל אהוד אריינפאַלען אין די הענד פון שונא! — האָט זרחי געזאָגט — ווען מען וועט אויסגעפינען אז איך האָב עס פעראורזאכט וועל איך קריגען א סך שונאים, אזוי ווי די זיהן פון אלימלך!

— קיינער וועט ניט אויסגעפינען אז דו האָסט עס פעראורזאכט! — האָט לוי געזאָגט — איך וועל שוין זעהן אז דאָס זאָל פערבלייבען א סוד.

— עס וועט אָבער זיין אזוי גוט ווי איך וואָלט איהם בעפאַלען און געטויטעט! — האָט זרחי געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ — און דאָס וועט זיין א זינד!

— און די שעהנע נועה וועט אָבער דאן זיין פאַר דיר!

— ניין! איך וויל ניט זיין קיין רוצח! גאָט וועט מיך נאָך דערפאַר בעשטראָפען... קענסטו דען קיין אנדער מיטעל ניט אויסגעפינען ווי אזוי נועה זאָל געהערען צו מיר.

— אזוי לאַנג ווי אהוד וועט זיך געפינען נעבען איהר וועט זיין אוממעגליך איהר איבערצורעדען... אָבער ווי איך זעה ביזטו שוין ניט אזוי נייגיריג... מעגליך אז דיין ליעבע צו איהר איז אָפּגעקיהלט...

— אָה, ניין, מיין פריינד, איך האָב פון נועה'ן ניט אויפגעהערט צו טראכטען זינט איך האָב זי צום ערשטען מאָל דערזעהען. און מיין פערלאנג זי צו בעזיצען ווערט שטארקער מיט יעדען טאָג.

— ווארט, איך האָב אן אנדער עצה!

— האָט לוי געזאָגט — עס וועט ניט זיין נויטיג אז ער זאָל געכאַפּט ווערען ביי די בעאמטע. וואָס מיר ווילען איז אז ער זאָל אנטלויפען פון שילה דאן וועט נועה איבערבלייבען אליין און עס וועט ניט זיין גאַנץ שווער איהר צו געווינען!

— ווי אזוי וועסטו עס קענען טהאָן?

— גאַנץ איינפאַך! איך וועל אוועק נאָך בית לחם און אנזאָגען די ברידער מחלון און כליון אז אהוד געפינט זיך אין שילה, און דו מעגסט זיכער זיין אז אזוי שנעל ווי אהוד וועט אויסגעפינען אז אלימלך'ס זיהן וויסען וואו ער איז, וועט ער זיכער ענטלויפען פון דאנען.

— זעהסטו דיעזער פּלאַן געפעלט מיר בעסער! — האָט זרחי מיט צופרידענהייט געזאָגט — אזוי לאַנג ווי קיינער וועט ניט אויסגעפינען אז דאָס שטאַמט פון מיר אַרט מיך ניט.

— איך וועל צוגעהן צו אהוד'ן און איהם זאָגען אז א פרעמדער מאַן פון בית לחם וועלכער איז געקומען אין שילה האָט איהם דערקענט, און ער האָט מיר אנפערטרויעט אז ער וועט איבערגעבען מחלון און כליון... דו וועסט זעהען אז ער און נועה וועלען מיר נאָך דאנקבאַר זיין, וואָס איך האָב איהם געלאָזט וויסען... און ער וועט קיין איבעריגען טאָג ניט פערבלייבען אין שילה.

— דו וועסט אָבער דאַרפען אנזאָגען די ברידער אז זיי זאָלען זיך פאַר קיינעם ניט ארויסריידען אז דו האָסט זיי עס דערצעהלט.

— דאָס וועל איך שוין אויך בעזאָרגען! לאָז עס איבער צו מיר!

— און ווען דו וועסט אַלעס דורכפיהרען און נועה וועט איינשטימען צו ווערען מיין פרוי, וועל איך דיין לויז פערטאָפּלען, און דו וועסט בלייבען מיין פריינד אויף אימער.

— דערווייל נויטיג איך זיך אין עטליכע שקלים! — האָט לוי געזאָגט — איך וועל דאָך מוזען אָפּרייזען נאָך בית לחם.

— איך וועל דיר געבען וויפיעל דו דאַרפסט — האָט זרחי געזאָגט, קום אריין אין הויז און איך וועל דיר געבען דאָס געלד. זרחי האָט.לוי'ן געגעבען דאָס געלד און איידער ער איז אוועקגעגאַנגען האָט ער זיך אָפּגערופען:

— דו וועסט דאָך פריהער געהען נאָך בית לחם?

— יאָ! איך וועל זיי פריהער אָנזאָגען אז ער געפינט זיך שילה און נאָכהער וועל איך קומען אָנזאָגען אהוד'ן אז די ברידער האָבען זיך דערוואוסט אז ער בעהאַלט זיך אוים אין שילה. און דו מעגסט זיכער זיין אז ער וועט גלייך מאכען פליטה, ער וועט דאָרט קיין איבעריגע רגע ניט פערבלייבען.

— וואָס וועסטו טהאָן אז די ברידער וועלען גלייך קומען מיט די בעאַמטע, איך מיין זיי וועלען דיר פערכאַפּען דע סוועג, און איידער דו וועסט האָבען א געלעגענהייט זיך אומצוקעהרען אין שילה, וועלען זיי שוין אָנקומען און איהם ארעסטירען.

— דו ביזט גערעכט! — האָט לוי א קנייטש געטהאָן דעם שטערען — איך אליין וועל ניט טהאָרען פערלאָזען שילה... איך וועל מוזען קריגען א שליח, וועמען איך וועל קענען אנפערטרויען. יאָ, אזוי בלייבט עס.

— דו דאַרפסט זיך פריהער איבערציינגען אויב מיר וועלען זיך קענען אויף איהם פערלאָזען.

— ער דאַרף אפילו ניט וויסען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך. איך וועל איהם איבערגעבען א פערזיגעלטען בריעף און איהם אָנזאָגען ער זאָל עס איבערגעבען צו איינעם פון די ברידער, און אזוי שנעל ווי זיי וועלען עס קריגען זאָל ער פערשווינדען און טאָמער וועלען זיי איהם פרעגען ווער ער איז און ווער עס האָט איהם געשיקט, זאָל ער זיי ניט ענטפערען.

לוי האָט אָנגעשריבען א בריעף וואו ער האָט געלאָזט וויסען די ברידער אז אהוד געפינט זיך אין שילה ביי דעם כהן גדול אין הויז און האָט עס איבערגעגעבען איינעם פון די יונגען וועמען ער האָט גוט געקענט.

— נעהם זיך אייזעל און רייט אוועק נאָך בית לחם און דאָרטען זאָלסטו צוקומען צו דעם הויז פון אלימלך און זיך נאָכפרעגען אויף זיינע זיהן, און ווי דו וועסט זיי דערזעהען זאָלסטו זיי איבערגעבען דיעזען פערזיגעלטען בריעף, און איידער זיי וועלען בעוויזען מיט דיר א וואָרט אויסצוריידען, זאָלסטו שנעל צוריק אוועקרייטען... און ווען זיי וועלען דיר דערגרייכען און פרעגען ווער דו ביזט און ווער עס האָט דיר דעם בריעף איבערגעגעבען זאָלסטו זיי ניט ענטפערען.

לוי האָט איהם דערלאַנגט א פּאָר שקלים.

— ווען דו וועסט האָבען ריכטיג דורכגעפיהרט דיין שליחות, וועסטו קריגען מעהר! — האָט ער איהם געזאָגט.

דעמזעלבען אבענד איז לוי אוועק צו דעם כהן גדול אין הויז.

ווען צדוק האָט איהם געפרעגט וואָס ער פערלאַנגט, האָט לוי זיך אָפּגערופען:

— איך האָב זעהר וויכטיגעס צו רייד דען מיט... מיט בנימין'ען.

— ווילסטו אריין צו איהם אין צימער אָדער וועט פאר דיר זיין בעסער ער זאָל ארויסקומען צו דיר אין דרויסען.

— זאָל ער ארויסקומען צו מיר! — האָט לוי געזאָגט.

צדוק האָט גלייך ארויסגעשיקט אהוד'ן צו לוי'ן.

— וואָס איז דיין פערלאַנג? — האָט ער איהם געפרעגט.

— קום מיט מיר אריין אין גאָרטען!

— האָט לוי זיך אפגערופען, איך האָב דיר איבערצוגעבען זעהר א וויכטיגע זאך.

בײדע זײנען אריין אין גארטען, און לוי האָט זיך ארומגעקוקט און נאכהער אנגעפאנגען:

— ווען דו ביזט געווען אין הויף פון משכן, האָט זיך דארט דאן געפונען א מאן פון בית לחם, און ער האָט דיך דערקענט, ער האָט מיך צוגערופען און געפרעגט: קענסטו דיעזען מאן? און ווען איך האָב איהם געזאָגט אז דיין נאמען איז בנימין, האָט ער זיך פאנאנדערגעלאכט און האָט מיר געזאָגט, אז דו ביזט אהוד דער זוהן פון גרא!

— ניט אזוי הויך! — האָט אהוד אויסגערופען — איך האף אז דו וועסט וויסען ווי צו האלטען דיעזען סוד.

— דו האָסט ניט קיין בעסערען פריינד ווי איך! — האָט לוי געזאָגט — ווי איך האָב עס פון דעם פרעמדען דערהערט, האָב איך פון איהם פערלאנגט אז ער זאָל זיך פאר קיינעם ניט ארויסריידען וועגען דעם אז דו געפינסט זיך אין שילה אָבער יענער האָט זיך פון מיר אויסגעלאכט...

— איך קעהר זיך גלייך אום צוריק נאָך בית לחם און איך וועל עם דערצעהלען די ברידער מחלון און כליון אז איך האָב איהם געפונען און זיי וועלען מיך דערפאר בעלוינען... איך האָב איהם אנגעבאטען א בעלוינונג ער זאָל שווייגען, אָבער ער האָט פון מיר ניט געוואלט הערען, און ווען איך האָב געזעהען אז ער איז אוועק אויף דעם וועג וואָס פיהרט צו בית לחם... האָב איך זיך געאיילט דיר אנצוזאגען.

אהוד'ס פנים איז טויט בלאס געווארען.

— אה איך דאנק דיר, מיין האר, האָט ער זיך אפגערופען מיט א ציטערענדע שטימע — איך וועל קיינמאהל דיין טובה ניט פערגעסען... איך זעה אז מיר איז ניט בעשערט צו האבען רוה און פריעדען... איך וועל פון דאנען מוזען אנטלויפען.

— איך בעדויער זעהר, אָבער איך האָב מיין פליכט געטהאן, איך וועל דאָך ניט דערלאזען אז מיט דיר זאָל עפעס שלעכטעס טרעפען.

— דו האָסט מיט מיר ווירקליך געטהאן א גרויסען חסד און דער כהן גדול און די איבעריגע וועלכע געפינען זיך אין הויז וועלען וויסען ווי אפצושאצען דיין גנאדע... דו האָסט מיין לעבען גערעטעט... ווארום אויב די בעאמטע פון מואב וואלטען פלוצלונג אנגעקומען אין שילה וואלטען זיי מיך געווים גענומען אין געפאנגענשאפט... און דאן... יא, דאן וואלט איך מיין לעבען פערשפיעלט.

— פילייכט קען איך עפעס טהאן פאר דיר? — האָט לוי זיך געמאכט ווי ער בעדויערט זעהר זיין לאגע.

— וואָס קענסטו טהאן פאר מיר! איך דאנק דיר פאר דיין גוטהערציגקייט, אָבער איך וועל באלד מוזען אויסוואנדערען פון דאנען, און ווער ווייס ביז ווי לאנג... אה, ארימע נועה...

— נועה איז דיין כלה?

— יא. איך האָב זי אזוי ליעב... אָבער מיין הארץ האָט מיר געזאָגט אז מיין גליק וועט אויף לאנג ניט דויערען.

— דו האָסט זיך בענארישט וואָס דו פלעגסט אזוי אפט קומען אין משכן. דו האָסט דאָך בעדארפט וויסען אז דארטען קומען אן פערשיעדענע מענשען.

— יעצט איז שוין פערפאלען! — האָט אהוד טרויעריג א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ — איך דאנק דיר נאָך אמאל, פון יעצט אן ווערסטו פעררעכענט פאר מיין פריינד.

— אויב איך וועל עפעס קענען טהאן פאר דיר, וועל איך זיך שעצען גליקליך. קענסט מיר פילייכט זאגען וואוהין דו פלאנעוועסט צו געהן, וועל איך פילייכט דיר אמאל קומען בעזוכען און ברענגען א גרוס פון דיין כלה!

— איך דאנק דיר, דאָס וועט שוין ימואל טהאן... ער וועט זיך ווארשיינליך נויטיגען אין דיין הילף און איך וועל איהם אנזאגען אז ער קען דיר מיט

אלע סודות אנפערטרויען, ווייל איך האב אויסגעפונען אז דו ביזט מיין פריינד!

אהוד איז שנעל צוריק אריין אין הויז. פון זיין טויט בלאסען פנים האבען אלע גלייך אן איהם דערקענט אז עפעס האט פאסירט.

— וואס איז מיט דיר, אהוד?! — האט נועה אויסגערופען מיט שרעק.

— בערוהיג זיך, מיין טייערע, פרידען איז צו מיר — האט ער זיך בעמיהט צו בעהערשען.

— אבער עפעס האט פאסירט! — האט צדוק אויסגערופען, וואס האט לוי פון דיר געוואלט.

אהוד האט זיי דערצעהלט אלעס וואס לוי האט איהם נאר וואס איבערגעגעבען.

— יעצט וועל איך מוזען גלייך אנטלויפען פון דאנען! — האט ער אויסגערופען.

נועה איז איהם געפאלען אויפ'ן האלז און זיך פונאנדערגעוויינט — אה, מיין ליעבער אהוד, פערלאז מיך ניט! נעהם מיך מיט, איך וועל מיט דיר מיטגעהן וואוהין דו וועסט געהן.

— ניין, ליעבע נועה! — האט אהוד אויסגערופען — די געפאהר איז גרויס, דו טארסט מיט מיר ניט מיטגעהן, פאר מיר אליין וועט זיין שווער זיך אויסצובעהאלטען לאמיר האפען אז גאט וועט אונז נאך ביידען פעראייניגען און מיר וועלען ניט דארפען מורא האבען פאר דעם שונא.

— וואוהין וועסטו געהן, מיין ברודער! — האט ימואל איהם געפרעגט.

— איך וועל געהן צוריק צו יענעם פלאץ וואו איך האב זיך פריהער אויסבעהאלטען... קיינער אויסער איהר אלע ווייס דאך ניט פון יענעם פלאץ.

— אבער באלד וועלען אנקומען די רעגענס, און ווי אזוי וועסטו דארט קענען זיין... — האט ימואל געזאגט.

— דאס איז דערווייל דער איינציגער פלאץ. גלייך נאכדעם ווי די בעאמטע פון מואב וועלען מיר קומען זוכען דא אין הויז, זאלסטו מיר אנזאגען און דאן וועלען מיר זיך ביידע בעראטהען וואס צו טהאן, אבער איך בעט דיר, ימואל

דו זאלסט צו מיר קומען אליין, אהן נועה'ן... זי טאהר איהר לעבען ניט שטעלען אין געפאהר. נועה האט זיך נאך אמאל פאנאנדער געוויינט און אהוד האט איהר געזוכט צו בערוהיגען.

גרויס טרויער האט געהערשט אין צדוק'ס הויז, ווען זיי האבען גענומען צוגרייטען אהוד'ס שפייז. אלע האבען געוויינט ווען ער האט זיך מיט זיי געזעגנט.

— זאל גאט געבען אז דו זאלסט האבען די מעגליכקייט זיך צוריקצוקעהרען גאר אין גיכען — האט צדוק געזאגט.

— איך קען ניט פארשטעהן ווי אזוי אייגענע ברידער זאלען זוכען שלעכטעס צו טהאן! — האט נועה אויסגערופען — וואס האבען זיי צו דיר? פאר וואס לאזען זיי דיר ניט צורוה?

— אט זעהסטו דאך אז מיר האבען אויך געטרייע און גוטע מענשען — האט אהוד געענטפערט — ווי נאר לוי האט זיך דערוואוסט אז מען וועט מיר שלעכטעס טהאן, איז ער גלייך געקומען מיר אנזאגען.

— איך וואלט קיין מאל ניט געקענט גלויבען אז לוי זאל אזוי האנדלען — האט צדוק געזאגט — ווייל ער חבר'ט זיך שטענדיג מיט זרחי'ן, אבער ווי עס ווייזט אויס האט ער פון איהם זיינע שלעכטע מידות ניט אפגעלערענט.

— און דערפאר האט ער פארדינט, אז מען זאל איהם קענען אנפארטרויען אלע סודות — האט אהוד געזאגט — ער מעג וויסען וואו מיין באהעלטניס געפינט זיך.

— ניין! — האט נועה אויסגערופען — קיינער אויסער אונז טאר ניט וויסען דיעזען סוד, ווייל דיין לעבען וועט דאן זיין אין סכנה.

— מיין שוועסטער איז גערעכט. מעגליך אז לוי איז טרויענסווערטה, אבער מיר דארפען מעהר פארזיכטיג זיין איידער מיר וועלען איהם קענען אנפערטרויען אזא זאך!

אין איינינע טעג ארום נאכדעם ווי אהוד האט פערלאזען שילה, זיינען די

בעאמטע פון מואב אנגעקומען אין שילה און אוועק צו דעם הויז פון צדוק דעם כהן.

— מיר האבען זיך דערוואוסט, אז אהוד דער זוהן פון גרא געפינט זיך דא אין הויז — האבען די בעאמטע געזאגט צו צדוק

— איהר מאכט א טעות! — האט צדוק געענטפערט — ער געפינט זיך ניט אין מיין הויז.

זיי האבען גענומען זוכען אומעטום און ווען זיי האבען איהם ניט געפונען זיינען זיי אוועק ענטטוישטע.

צוויי טעג זיינען די בעאמטע געוועזן אין שילה און איהם געזוכט אין יעדען פלאץ, וואו עס איז געפאלען א פארדאכט. נאכהער האבען זיי אין גאנצען פערלאזען די שטאדט. ימואל איז גלייך נאכדעם אוועקגעריטען מיט שפייז צו דעם פלאץ וואו אהוד האט זיך באהאלטען.

— מיין ברודער, זיי זיינען געוועזן און דיך געזוכט און געלויבט איז גאט וואס דו ביזט אין צייט אנטלאפען! — האט ימואל געזאגט.

— און גלויבסטו אז איך וועל זיך קענען אין גיכען צוריקקעהרען? — האט אהוד איהם געפרעגט.

— איך האב מורא אז ניט! — האט ימואל געזאגט — ווייל ווען זיי זיינען אוועק פון שילה איז אריינגעקומען לוי צו אונז און האט דערצעהלט אז ער האט איבערגעהערט א געשפרעך צווישען די בעאמטע און זיי האבען געזאגט אז פון יעצט אן וועלען זיי דארפען גאנץ אפט בעזוכען שילה, ווייל אויב אהוד האט זיך דא געפונען, וועט ער געוויס דא נאך א מאל זיין. און יעצט ווער ווייס ווען זיי וועלען פלוצלונג אנקומען.

— איך האב אבער געוואוסט אז מיין גליק וועט לאנג ניט אנהאלטען — האט אהוד געזאגט — ווי עס ווייזט אויס איז גאר קיין האפנונג ניטא אז איך זאל זיך קענען שנעל צוריק קעהרען... זאג מיר וואס מאכט נועה?

— פריעדען איז צו איהר. אבער זי איז שטארק פארטרויערט פון דעם וואס דו ביזט געצוואונגען געווארען ווידער פארוואגעלט צו ווערען.

— מיר טארען דעם בטחון אין גאט ניט פארלירען! זאג איהר אין מיין נאמען אז זי זאל אויפהערען טרויערען, גאט וועט אונז העלפען.

— מיר זיינען אלע בעזארגט פון דעם וואס גאר אין גיכען וועט אנקומען די צייט פון רעגען און ווי אזוי וועסטו קענען דא זיין צווישען די פעלזען שטיינער?

— איך וועל שוין זעהען אז דער רעגען זאל ניט צוקומען אינוויינינג. איך האב פון די צווייגען אויסגעפלאכטען א צודעק און דאס וועט מיר בעשיצען פון נאסקייט.

---

לוי האט איצט גאנץ אפט בעזוכט צדוק׳ס הויז, וואו ער איז געווען ווילקאמען. ער האט כלומרשט געטרייסט נועה׳ן און אין דער זעלבער צייט האט ער ניט אויפגעהערט צו לויבען זרחי׳ן זיין פריינד. עטליכע מאל האט ער אנגעוואונקען צו נועה׳ן אז זרחי טראכט זעהר פיעל פון איהר. אבער נועה האט זיינע רייד ניט גענומען אין אכט.

איינמאל ווען לוי האט געטראפען נועה׳ן אליין נעבען צדוק׳ס הויז, איז ער צו איהר צוגעגאנגען און ריידענדיג פריהער וועגען דעם ווי אזוי די בעאמטע וועלען שוין פון יעצט אן האלטען אן אויג אויף שילה, האט ער אויסגערופען:

— מיין הארץ וועהטאגט מיר פאר דעם אומגליקליכען אהוד, ווי עס ווייזט אויס וועט ער קיין מאל קיין געלעגענהייט ניט האבען זיך צו בעוועגען פריי אהן מורא.

— פארוואס? האט נועה אויסגערופען מיט שרעק.

— ווייל ווי איך האב געהערט האט דער קעניג פון מואב בעשלאסען ניט אויפצוהערען איהם זוכען, ביז וואנען מען וועט איהם געפינען. יע עס איז מעהר קיין האפנונג ניטא אז ער זאל ווען עס איז קענען צוריקקומען.

נועה האָט פאַרשטעלט איהר פּנים מיט איהרע הענט און זי האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

— נועה, איך פיהל מיט דיין צער און וועהטאָג, אָבער דו קענסט אַזוי ניט אַפּטרויערן דיין גאַנצען לעבען. דו ביזט דאָך אַזוי יונג און שעהן... פאַר וואס זאָלסטו אומגליקליך זיין דיין גאַנצען לעבען, וועסטו דען דאַמיט איהם קענען העלפען? איך בין זיכער אַז אהוד אליין וואָלט עס פון דיר ניט פאַרלאַנגט, ווי ימואל האָט מיר געזאָגט האָט אהוד צוליעב דעם טאַקע אָפּגעלייגט זיין חתונה מיט דיר, ווייל ער האָט ניט געוואָלט אַז דו זאָלסט זיין צוגעבונדען צו איהם, אין דער צייט ווען זיין גורל איז אומבעשטימט.

— אַה, צו זיין גוטהערציגקייט און נאָבעלקייט איז קיין גרעניץ ניט געװען — האָט נועה געזאָגט מיט טרעהרען אין די אויגען.

— און איך בין זיכער אַז אויב ער האָט דיך ווירקליך ליעב געהאַט, וועט ער זיין צופריעדען ווען ער וועט אויסגעפינען אַז דו ביזט גליקליך פערהייראַטה צו אַ צווייטען!

— אַה ווי אַזוי קענסטו אַזוי רייַדען — האָט נועה מיט אויפרעגונג אויסגערופען.

— איך רייד אַזוי, ווייל דאָס איז געװען דער וואונש פון אהוד׳ן.

נועה האָט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג:

— דער וואונש פון אהוד?!

— יע. איידער ער איז אנטלאָפען געווארען פון דאַנען האָב איך מיט איהם אַ לייַנגערע צייט פאַרבראַכט. ער האָט מיט מיר גערעדט וועגען דיר, ווי שטאַרק ער האָט דיך ליעב, און ווי שלעכט ער וועט זיך פיהלען ווען ער וועט וויסען אַז דו ביזט אונגליקליך און ער האָט מיר געבעטען איך זאָל דיר אין זיין נאָמען איבערגעבען אַז דו זאָלסט אויף איהם ניט וואַרטען, ווייל ווער קען אין פאָראויס זאָגען וויפיעל יאָהרען עס וועלען פאַראיבער ביז וואַנען ער וועט קענען זיך פריי באַוועגען און מיט דיך הייראַטהען. און דעריבער האָט ער מיר אָנגעבעטען אַז איך זאָל מיט דיר איבעררײדען וועגען דעם און זעהען ווירקען אויף דיר דו זאָלסט.... הם..

— איך זאָל וואָס?! — האָט נועה אויסגערופען מיט ענטריסטונג.

— דו זאָלסט זיך פאַרגעסען אין איהם... און ווען אַ געלעגענהייט וועט קומען זאָלסטו עס ניט פאַרנאַכלעסיגען.

— איך פאַרשטעה נאָך אַלץ ניט וואָס דיינע רייד בעדייטען — האָט זי געזאָגט.

— אהוד האָט געמיינט גאַנץ איינפאַך אַז דו זאָלסט הייראַטען מיט אַ צווייטען, דאַן וועט זיין געוויסען בערוהיגט ווערען.

— אה, עס איז אונמעגליך. אהוד האָט עס קיין מאָל ניט געזאָגט — האָט נועה מיט אויפרעגונג אויסגערופען.

— דו ווייסט דאָך אַז איך וועל קיין ליגען ניט זאָגען! — האָט לוי געענטפערט — איך בין אַ גוטער פריינד צו אהוד׳ן ווי צו דיר און איך קען פאַרשטעהן פאַרוואָס אהוד ווינשט אַזאַ זאַך, ווייל ער ליעבט דיר זעהר שטאַרק וויל ער ניט אַז דו זאָלסט דיין גאַנצען לעבען טרויערן פון איהם. ער וויל דיך זעהן גליקליך. און ווען ער וועט וויסען אַז דו ביזט גליקליך וועט ער זיך אויך צופרידען שטעלען. ער האָט מיר אפילו געזאָגט אַז ער ווייסט דאָס זרחי, וועלכער איז אַ רייכער מאַן אין שילה, וואָלט זעהר גערן מיט דיר געוואָלט הייראַטהען, און אויב דו וועסט ניט האָבען דאַגעגען, האָט מיר אהוד געבעטען אַז איך זאָל זיך אויך איבעררײדען מיט זרחי׳ן און זעהן אייך ביידען צוזאַמענצוברינגען.

—איך בעט דיר דו זאָלסט מעהר אַזוי צו מיר ניט ריידען! — האָט נועה געזאָגט מיט אַ פאַרביטערטע שטימע.

— עס איז דאָך ניט מיין שולד — איך האָב אהוד׳ן פאַרשפּראָכען צו ערפילען זיין וואונש און דיר איבערגעבען אַלעס וואָס ער האָט מיר געזאָגט!

קיינער וועט דיר ניט צווינגען... אבער איך געפין אלס מיין פליכט דיר צו זאגען אז זרחי איז א גאנץ וואוילער מאן. אויסער זיין רייכקייט בעזיצט ער אויך אנדערע מעלות, און א פרוי וועט מיט איהם גליקליך זיין!

— איך גלויב נאך אלץ ניט אז אהוד זאל אזוי ריידען וועגען דעם. ער ווייס ווי שטארק מיין ליעבע איז צו איהם און איך וואלט בעסער געשטארבען איידער צו פארלירען די האפנונג אז מיר וועלען זיך נאך ווען עס איז קענען פאראייניגען... ניין! עס איז אונמעגליך!

— ווען אהוד וואלט געזעהען א מעגליכקייט אז דיעזע האפנונג זאל ווען עס איז פארווירקליכט ווערען, וואלט ער געוויס אזוי ניט גערעדט, אבער ער זעהט ניט קיין אנדער אויסוועג.. זיין לעבען איז שטענדיג אין סכנה, און ווען איך וואלט איהם אין צייט ניט געווארענט, ווייסטו דאך אז ער וואלט שוין יעצט געווען אין די הענט פון מואב, און מעגליך אז ער וואלט זיין לעבען פארלארען. און ער וויל ניט אז צוליעב איהם זאלסטו ליידען.

— איך קען אהוד'ן. ער וועט קיין מאל ניט אויפגעבען זיין האפנונג — האט נועה געענטפערט — מעגליך אז דו האסט ניט פארשטאנען וואס ער האט געמיינט.

— וואס איז דען ניט צו פארשטעהן!

— האט לוי ווידער א שמייכעל געטהאן. ווען ער האט צו מיר אזוי דייטליך גערעדט. ער האט מיר אנגעזאגט אז איך זאל זעהען אז דו זאלסט הייראטהען מיט זרחי'ן. ווען איך וואלט דיר פארלאנגט פאר זיך, וואלסטו געהאט א רעכט מיר חושד צו זיין. יעצט אבער קענסטו זעהען אז איך זאג ניט קיין ליגען און גיב דיר איבער אלעס וואס אהוד האט מיט מיר גערעדט.

נועה האט איהם מעהר ניט געענטפערט. זי האט זיך ביטערליך פאנאנדער געוויינט און איז צוריק אין הויז אריין. זי האט מיט קיינעם וועגען דעם ניט גערעדט, אבער איהר הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט וועהטאג און יאוש. איז עס מעגליך אז אהוד זאל אזוי ריידען? און ער איז אימערצו געווען פול מיט האפנונג... זיין ליעבע צו איהר איז דאך געווען גרעניצלאז. ווי אזוי קען ער איהר נאך צוריידען זי זאל הייראטהען מיט א צווייטען. סיידען ער האט זי אויפגעהערט ליעב צו האבען... אבער ניין. ביז דעם לעצטען טאג פון איהר לעבען וועט זי איהם געטריי זיין... ער האט זי ליעב. נאר ער וויל ניט אז זי זאל צוליעב איהם ליידען. מעגליך אז לוי האט ריכטיג איבערגעגעבען זיינע רייד. אויב אזוי פארשטעהט ער ניט. פון דעם וואס לוי האט איהר אין זיין נאמען איבערגעגעבען ליידעט זי נאך מעהר..

---

א צופרידענער איז לוי אוועק צו זרחי'ן און אויסגערופען מיט א פרעהליכער שטימע:

— זיי וויסען מיין פריינד, אז מיין אויפגאבע איז שוין אזוי גוט ווי אויסגעפיהרט. איך האב אויסגעטראכט א ליגען און זי האט מיר געגלויבט. שטעל זיך פאר אז איך האב איהר איבערגעגעבען אין אהוד'ס נאמען אז ער ווינשט זי זאל מיט דיר הייראטהען.

— ווי אזוי האסטו עס געקענט טהאן אז זי זאל דיר גלויבען? — האט זרחי מיט פרייד אויסגערופען.

— איז דען פאראן א זאך וואס איך קען ניט דורכפיהרען — האט לוי מיט שטאלץ געזאגט — איך האב אלעס ריכטיג אויסגעפלאנעוועט.

— אבער ביסטו זיכער אז זי וועט צושטימען צו זיין מיינע? — האט זרחי נאך אלץ געצווייפעלט.

— דו מעגסט רוהיג זיין אז גאר אין גיכען וועסטו פייערען דיין חתונה מיט נועה'ן.

— האט זי דען שוין צוגעשטימט! — האט זרחי געפרעגט.

— ווי באלד אז מיר האט זיך איינגעגעבען זי אפצונארען און זי גלויבט שוין אז דאס איז דער ואונש פון

אהוד׳ן, וועט שוין דאס איבעריגע גאנץ גרינג זיין.

— איך בין זיכער אז איהר ברודער שטעהט אין פארבינדונג מיט אהוד׳ן און ער וועט אין גיכען אויסגעפינען אז דו האסט זיין שוועסטער גענארט.

— איידער ער וועט אויסגעפינען וועט שוין נועה זיין דיין פרוי — האט לוי געלאכט.

— איך זעה אז דו ביזט זעהר קלוג. מיין פריינד און איך וועל וויסען ווי אפּצושאצען אלעם וואס דו האסט פאר מיר געטהאן — האט זרחי אויסגערופען און איהם געגעבען נאך עטליכע שקלים. דערווייל איז קיינער פון דיינע פלענער ניט דורכגעפאלען.

— מארגען וועל איך ווידער ביי איהר זיין, און דו וועסט מיט מיר מיטגעהן.

— אה ניין, ווי אזוי וועל איך קענען אריינקומען אין צדוק׳ס הויז איידער דו וועסט זיכער זיין אז זי שטימט צו.. זי קען דאך מיר גאר ניט.

— דו וועסט ווארטען אין דרויסען!

— האט לוי געזאגט און איך וועל שוין זעהן, אז זי זאל מיט מיר ארויסגעהן, און דיך וועלען מיר "טרעפען צופעליג", און דאן וועסטו קענען מיט איהר ריידען, און איך וואלט דיך געראטהען, אז דו זאלסט האבען מיט זיך ציערונג, וויל ווען א פרוי דערזעהט ציערונג ווערט זי אין גאנצען געענדערט... דו ווייסט דאך, אז ווען אליעזר האט געגעבען די ציערונג צו אונזער מוטער רבקה׳ן, האט זי צוגעשטימט צו געהן מיט איהם און ווערען די פרוי פון יצחק, כאטש זי האט איהם קיינמאל ניט געזעהן.

— איך וועל די ציערונג מיטנעמען!

— האט זרחי א שמייכעל געטהאן — זאל עס נאר העלפען, אה, מיין פריינד, וואס מעהר איך טראכט פון דער שעהנער נועה׳ן, אלץ מעכטיגער ווערט מיין ליעבע צו איהר.

— יעצט, אז איך האב פאר איהר קלאר געמאכט, אז זי האט ניט וואס צו האפען אויף אהוד׳ן, וועט זי זיין צופרידען צו וויסען, אז דו טראכסט וועגען איהר און עס וועט פאר דיר ניט שווער זיין צו געווינען איהר הארץ דורך די ציערונג וואס דו וועסט איהר געבען.

— אבער דער כהן גדול, וועט ער דען צושטימען? — האט זרחי געפרעגט — דו ווייסט דאך, אז ער האלט ניט שטארק פון מיר, ער גלויבט, אז איך בין פארדארבען.

— וואס האט צדוק צו טהאן מיט נועה׳ן, זי איז דאך א פרעמדע צו איהם, יע, דאס וואס זיין טאכטער האט געהייראט מיט נועה׳ס ברודער, מיינט ניט, אז ער וועט איהר קענען זאגען א דעה. פאלג מיך, מיין פריינד, דו גרייט אן שעהנע ציערונג און קום מיט מיר צו. איך וועל שוין זעהן, אז עס זאל דיר ניט שווער אנקומען, און ווען עס וועט זיין נויטיג, וועל איך איבעררײדען מיט איהר ברודער, דו ווייסט דאך, אז זיי האבען צוטרויען צו מיר און זיי וועלען גלויבען אלעם וואס איך וועל זאגען. מיט דער צייט וועלען זיי מיר אויך ענטדעקען דעם פלאץ וואו אהוד באהאלט זיך אויס... דאן וועל איך קענען קומען צו איהר אין זיין נאמען.

אויף מארגען איז לוי אוועק מיט זרחי׳ן צו נועה׳ן. זרחי איז געבליבען שטעהן אין דרויסען און לוי איז אריין אין הויז.

צדוק איז גראדע דאן געווען פארנומען אין משכן און ימואל און צפורה זיינען געווען אין זייער געצעלט. אין הויז זיינען בלויז געווען שושנה און נועה.

ווען נועה האט דערזעהן לוי׳ן, האט זי זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ און צו איהם צוגעגאנגען. זי האט ניט איבעריגס ליעב געהאט מיט איהם צו ריידען, אבער זי ווייס דאך וואס זי האט אויפגעטהאן פאר אהוד׳ן,, ווען ניט ער וואלט ער שוין יעצט געווען אין די הענט פון מואב, דאך אבער דאס וואס ער האט מיט איהר לעצטענס גערעדט וועגען אהוד׳ס וואונש, האט איהר אין גאנצען אויפגערודערט און ערשיטערט, און ווען זי האט איהם יעצט ווידער דערזעהן, האט איהר א ריס געטהאן אין הארצען.

— איך האב זעהר וויכטיגעס מיט דיר

צו ריידען! — האָט ער איהר מיט אַ נידעריגע שטימע געזאָגט.

— האָסטו עפּעס אויסגעפונען וועגען אהוד׳ן?! איז פּרידען צו איהם?! — האָט זי מיט שרעק געפרעגט.

— דערווייל איז פּרידען צו איהם — האָט לוי געענטפערט — אָבער... — אָבער וואָס?...

— איך מיין דאָס וואָס די בעאמטע האָבען באַשלאָסען ניט אויפצוהערען איהם צו זוכען ביז וואַנען זיי וועלען איהם געפינען און ברייננען פאַר דעם קעניג — האָט לוי זיך אָפּגערופען — און יעצט האָב איך געהערט...

— וואָס האָסטו געהערט? — האָט זי מיט אַ ציטערענדע שטימע געזאָגט, שנעלער, דערצעהל מיר.

— קום בעסער מיט מיר ארויס אין דרויסען און דאָרטען וועלען מיר קענען אַלעס ריידען.

— דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב קיין פאַרבאָרגענעס ניט פאַר שושנה׳ן! זי מעג פון אַלעם וויסען.

— אָבער דערווייל וואָלט איך וועלען ריידען מיט דיר אַליין, קום ארויס אין דרויסען.

נועה האָט זיך ענטשולדיגט פאַר שושנה׳ן און איז מיט לוי׳ן ארויס פון הויז.

— זאָג מיר שנעלער וואָס דו האָסט אויסגעפונען? — האָט זי אומגעדולדיג אויסגערופען.

— פון אַ זיכירען קוואַל האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די בעאמטע פון מואב ויינען שוין געפאַלען אויף אהוד׳ס שפור!

— וואָס?! — האָט נועה אויסגערופען און איהר פּנים איז טויט בלאַס געוואָרען — ביזטו זיכער אין דעם?

— געוויס! מיין פריינד זרחי האָט זיך באַפריינדעט מיט איינעם פון די בעאמטע און יענער האָט איהם דערצעהלט, אַז זיי האַלטען אַן אָפען אויג אויף ימואל׳ן, ווייל זיי וויסען, אַז דיין ברודער קומט איהם גאַנץ אָפט באַזוכען, און דעריבער האָבען זיי איהם נאָכגעשפּירט ווען ער איז לעצטענס אוועק צו איהם...

— און זיי האָבען אויסגעפונען וואו ער געפינט זיך?!

— נאָך ניט! אין מיטען וועג האָבען זיי איהם פאַרלוירען, אָבער זיי וועלען דעם צווייטען מאָל איהם שוין פון אויג ניט אָפּלאָזען... דאַן וועלען זיי געוויס אויסגעפינען וואו ער געפינט זיך און דעריבער בין איך צו דיר געקומען אָנזאָגען, אַז דיין ברודער זאָל זעהן פאַרזיכטיג זיין און אַ לאַנגע צייט ניט געהן צו אָהוד׳ן, ביז וואַנען די בעאמטע וועלען אויפהערען איהם נאָכצושפּירען.

— אָבער וואָס זאָל ער טאָן, אהוד האָט דאָך קיין שפּייז ניט, און ימואל מוז איהם פון צייט צו צייט ברייננען שפּייז.

— איז טאַקע ניט גוט! — האָט לוי אַ שאָקעל געטהאָן מיט זיין קאָפּ — אָבער וואַרט איך האָב אַ פּלאַן! — האָט ער אויסגערופען. דו ווייסט דאָך, אַז די בעאמטע שפּירען נאָך ימואל׳ן, ווייל זיי פאַרדעכטיגען איהם, אָבער מיך וועט דאָך קיינער ניט פאַרדעכטיגען, דעריבער וועל איך זיך אונטערנעמען צו ברייננען שפּייז פאַר אהוד׳ן, ווען דו וועסט מיר זאָגען וואו ער געפינט זיך. נועה איז געבליבען שטעהן אין אַ פאַרלעגענהייט... זאָל זי איהם אויסזאָגען? עפּעס שיינט ער צו זיין ניט אויפריכטיג... אָבער עס איז דאָך אוממעגליך, געוויס מיינט ער זיין טובה... ווען ער וואָלט איהם געוואָלט שלעכטעס טהאָן, וואָלט ער דאָך איהם ניט געקומען אָנזאָגען אין צייט, פונדעסטוועגען האָט זי זיך ניט געקענט באַשליסען איהם צו ענטדעקען דעם פּלאַץ וואו אהוד געפינט זיך.

— ווי איך זעה צווייפעלסטו נאָך אין מיר! — האָט לוי זיך אָפּגערופען מיט אַ שטימע פון באַליידיגונג. ווייסטו נאָך ניט, אַז איך בין אויסען דיין טובה און די טובה פון אהוד׳ן, איך האָב איהם פון אַ זיכערען טויט גערעטעט, און יעצט וויל איך בלויז פאַרמיידען נאָך אַן אומגליק.

— איך ווייס ניט גענוי דעם פּלאַץ, אָבער ימואל וועט מיט דיר ריידען וועגען דעם! — האָט זי געענטפערט.

— אָט קומט אָן מיין פריינד! — האָט לוי פּלוצלונג אַ דרעה געטהאָן זיין

קאָפּ — לאָמיר איהם א פּרעג טהאָן, וועסטו הערען וואָס ער האָט אויסגעפונען פון די בעאמטע.

— זרחי! — האָט ער אויסגערופען.

זרחי האָט זיך אָפּגעשטעלט ווי ער וואָלט געווען איבערראשט און איז באלד צוגעגאנגען און זיך א נויג געטהאָן פאר נועה'ן.

— איך האָב נאָר וואָס גערעדט מיט נועה'ן וועגען דיר, מיין פריינד, — האָט ער אויסגערופען.

— וועגען מיר?! — האָט זרחי א שמייכעל געטהאָן. איך האָף, אז דו האָסט קיין שלעכטס אויף מיר ניט גערעדט.

— דו דאַרפסט וויסען, אז איך בין א מענש וואָס האָט ליעב צו זאָגען דעם אמת — האָט ער געענטפערט מיט א ביטרען שמייכעל — און אויב אזוי וועל איך דאָך קיין שלעכטס אויף דיר ניט ריידען, איך האָב איבערגעגעבען נועה'ן וואָס דו האָסט מיר דערצעהלט וועגען דעם בעאמטען פון מואב מיט וועמען דו האָסט זיך באקאַנט און וועלכער האָט דיר געזאָגט, אז די בעאמטע האַלטען אן אויג אויף ימואל'ן.

— אָה, יע! — האָט ער אויסגערופען — איך האָב זיך נעאיילט עם דיר איבערצוגעבען, ווייל איך וויים, אז דו ביזט אן אריינגעהער אין צדוק'ס הויז, און דו וועסט האָבען א מעגליכקייט צו פארמיידען אן אומגליק.

— איך דאנק דיר זעהר, מיין האר, איך וועל קיינמאָל דעם חסד ניט פארגעסען.

— איך פיהל זיך גליקליך צו טהאָן עפּעס פאר דיר, דו רייצענדע בלום! — האָט זרחי זיך א נויג געטהאָן. ווען איר האָב געהערט פון דעם אומגליק וואָס איז באפאלען אהוד'ן און דיך, בין איך ביז טרעהרען גערירט געוואָרען... איך האָב אנגעשטרענגט אלע מיינע מעגליכקייטען איהם צו העלפען, און טאקע צוליעב דעם, האָב איך געזוכט די באקאנטשאַפט פון די בעאמטע. איך האָב זיי געגעבען וויין צו טרינקען און מיר איז געלונגען ארויסצוקריגען פון איינעם פון זיי זייער סוד. און אזוי שנעל ווי איך האָב עס אויסגעפונען, האָב איך געזעהן, אז עס זאָל דיינע אויערען דערגרייכען.

— איך וויים ניט מיט וואָס איך וועל דיר ווען עס איז קענען דאנקבאר זיין!

— האָט זי געזאָגט און איהרע אויגען זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט טרעהרען

— אָבער איך מוז זיך איילען און אָנזאָגען מיין ברודער וועגען דעם. ער פּלאָנעוועט אין גיכען אוועקצוגעהן צו איהם מיט שפּייז.

— עס טוט מיר לייד, אָבער איך האָב מורא, אז אהוד וועט אין גאַנצען מוזען פארלאָזען אונזער לאנד... יע, אזוי לאנג ווי מואב הערשט איבער אונז, וועט ער זיין לעבען שטעלען אין גרויס געפאהר, ווען ער וועט פארבלייבען אין לאנד. איך וואָלט איהם געראטהען ער זאָל אנטלויפען אין דעם לאנד פון פלשתים.

— אָה, ניין! ווען ער וואָלט פארלאָזען אונזער לאנד, וועל איך איהם שוין מעהר קיינמאָל ניט זעהן! — האָט זיך נועה פאנאנדערגעוויינט.

— האָסטו דען איהר ניט איבערגעגעבען דעם וואונש פון אהוד'ן? — האָט זיך זרחי געווענדעט צו לוי'ן מיט א נידעריגע שטימע, אָבער אזוי אז אויך נועה זאָל עס הערען.

— געוויס! איך האָב איהר אלעס דערצעהלט! — האָט לוי א קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס — אָבער ווי עס ווייזט אויס בין איך ביי איהר ניט באַגלויבט.

— צווייפעלסטו דען ניט אין זיינע רייד!! — האָט זרחי איהר געפרעגט — ווען ער וואָלט געוואָלט דיר שלעכטעס טהאָן, וואָלט ער דאָך גאָר געקענט שווייגען.

— אה, מיין האר, איך צווייפעל ניט אין זיינע רייד. איך שאַץ אָפּ אלעס וואָס ער האָט געטהאָן פאר מיר, אָבער איך וויל גאָר ניט צולאָזען צו מיין געדאנק דאָס וואָס אהוד האָט איהם געזאָגט. איך וויים, אז ער טוט עס צוליעב זיין גרויסע ליעבע צו מיר. אָבער איך

וועל קיינמאל מיין האפענונג ניט אויפגעבען זיך מיט איהם צו זעהן...

— מעגליך, אז ער וועט זיין געצוואונגען צו אנטלויפען נאך דעם לאנד פון פלשתים און דארטען וועט ער הייראטהען מיט א פלשתית — האט זרחי געזאגט מיט א שמייכעל — און דו וועסט נאך אלץ ווארטען אויף איהם. ניין, נועה, דו ביזט נאך יונג און צארט... א גליקליכע צוקונפט שטעהט פאר דיר פאר, פארוואס זאלסטו דיינע יונגע יאהרען פארברייגגען אין טרויער און אין ערווארטונגען וואס וועלען קיינמאל ניט פארווירקליכט ווערען. אהוד האט עס אלעס פאראויסגעזעהן און דעריבער האט ער דיך ניט געוואלט פארבינדען... און ווי מיין פריינד, לוי האט מיר איבערגעגעבען, האט אהוד אויסגעדריקט זיין וואונש, אז איך... המ... איך מיין, אז דו זאלסט... אבער זאל דיר לוי אלעס זאגען.

— איך האב שוין מיט נועה'ן גערעדט וועגען דעם! — האט לוי געזאגט — און ווי איך פארשטעה וועט זי גארניט האבען דאגעגען. זי וויס, אז דו ביזט רייך און זי וועט זיין גליקליך מיט דיר...

דאס בלוט האט נועה'ן א זעץ געטהאן אין פנים, ווען זי האט דערהערט אזעלכע רייד פון ביידען. זי האט קוים געקענט באהערשען איהר צארן.

לוי האט א וואונק געטהאן צו זרחי'ן און ער האט ארויסגענומען פון זיין קעשענע צוויי גאלדענע רינגען און א בראנזלעט.

— אויב איך האב געפונען חן אין דיינע אויגען, וואלט איך פון דיר פארלאנגט דו זאלסט אננעמען מיין מתנה וואס איך גיב דיר! — האט זרחי איהר דערלאנגט די ציערונג.

נועה איז געשטאנען באוועגלאז. פון אויפרעגונג האט זי קיין ווארט ניט געקענט ארויסרייען.

זרחי האט עס אנגענומען אלס צייכען, אז זי איז איבערראשט פון דעם פלוצלונגען גליק, און דעריבער קען זי ניט ריידען. ער האט געקראכען נאך מעהר כוטה און זיך אפגערופען:

— מיין פאטער האט מיר איבערגעלאזען זעהר א גרויסע ירושה און איך בין פארמעגענט פאר איינעם פון די רייכסטע איינוואוינער פון שילה, און ווי נאר מיר וועלען הייראטהען וועל איך לאזען פאר דיר בויען א שעהנע הויז פון צעדערהאלץ. איך וועל דיר ארומרינגלען מיט פיעלע דינסטען און אלע מיידלעך פון שילה וועלען דיך מקנא זיין. אבער פארוואס שווייגסטו, פארוואס נעהמסטו ניט די קליינע מתנה פון מיינע הענט... איך האב גענוג, און דו וועסט דאך געהערען צו מיר.

א געדאנק איז איהר פלוצלונג אויפ'ן זינען געקומען, אז אלעס וואס לוי האט געטהאן פאר איהר ביז יעצט איז עס געווען אפגעמאכט מיט ירחי'ן... ווער וויס ויאכ זייערע כונות זיינען געווען.. זי איז ביי זיך אין הארצען געווען צופריעדען וואס זי האט לוי'ן ניט אויסגעזאגט וואו אהוד געפינט זיך...

— נעהם דאך פון איהם די מתנות!

— האט לוי אנגעריהרט איהר האנט — פון יעצט אן און וויטער דארפסטו אויפהערען צו טרויערן. פריידען און גליק וועלען הערשען אין אייערע געצעלטען!

ווען זי האט זיך נאך אלץ ניט געריהרט פון ארט, האט לוי, מיינענדיג, אז זי שעהמט זיך, איבערגענומען די ציערונג פון זרחי'ס האנט און זיי אריינגעטהאן אין נועה'ס האנט.

מעהר האט זיך נועה ניט געקענט באהערשען; זי האט א שליידער געטהאן די ציערונג אויף דער ערד און מיט כעס אויסגערופען:

— איך וויל אייערע היידענ'ס פנים'ער מעהר ניט אנקוקען... יעצט פארשטעה איך אלעס! איהר זייט נידערטרעכטיג און איהר שטעלט זיך פאר קיין זאך ניט אפ, אבי אריינצוקריגען דאס וואס איהר פארלאנגט. איהר זאלט מעהר ניט וואגען דא צו קומען, ווארים. אוים ניט, וועט מיין ברודער איך לאזען פיהלען זיין מעכטיגען פויסט...

פארגליווערט און צוטומעלט זיינען ביידע, לוי און זרחי געבליבען שטעהן...

זיי האבען זיך איבערגעווארפען מיט בליקען, און ווען זיי האבען געזעהן ווי נועה פארשווינדעט שנעל פון זייערע אויגען, האט זרחי אויסגעשטעלט א פּאר אויגען אויף לוי'ן און געשאקעלט מיט זיין קאפּ. לוי אבער האט זיך ניט פאר־לוירען, ער האט א ציה געטהאן מיט זיינע אקסלען, נאכהער האט ער זיך איינגעבויגען און אויפגעהויבען די ציע־רונג.

— וואס זאגסטו דערצו? — האט זרחי זיך צו איהם אפּגערופען — יעצט איז שוין אלעס פארפאלען!

— זארג ניט, מיין פריינד, זי וועט נאך קומען צו מיר און פאלען צו דיינע פיס... איך וועל שוין וויסען וואס צו טהאן, לוי'ס מוח איז נאך ניט אויסגע־דארט... פארשטעהסטו מיך, זי איז נאך צו יונג צו פארשטעהן... איהר ליעבע צו אהוד'ן איז געווען שטארק אזוי ווי עס איז פאראיבער בלויז א קורצע צייט, זינט ער איז אנטלאפען געווארען, האט זי איהם נאך ניט ארויסגעלאזען פון איהרע געדאנקען... זאלען עטליכע חדשים אריבערגעהן, און זי וועט זיך ארומזעהן, אז זי האט ניט וואס צו האָ־פען אויף אהוד'ן וועט זי שוין דאן אן אנדער ליעד זינגען.

— פון איהרע רייד און ווי אזוי זי האט געהאנדעלט צייגט זיך ניט ארויס, אז זי וועט זיך ווען עס איז ענדערען — האט זרחי אויסגערופען.

— אויב זי וועט זיך אליין ניט ענדע־רען, האב איך גענוג מיטלען ווי אזוי זי צו צווינגען, זי זאל ענדערען איהר מיי־נונג. דו פערלאז זיך אויף מיר, און האב אביסעל געדולד. ווען איך האב דיך צו־געזאגט, אז נועה וועט געהערען צו דיר, וועט עס אזוי געשעהן—האט לוי איהם איבערגעבען די ציערונג וואס ער האט אויפגעהויבען פון דער ערד.

— דערווייל איז דיין גאנצער פּלאן דורכגעפאלען! —האט זרחי טרויעריג א זאג געטהאן.

— ווארט אביסעל און דו וועסט זעהן וואס דיין פריינד לוי וועט נאך טהאן— האט ער געזאגט און איז מיט איהם פון דארטען אוועק געגאנגען.

## פערצעהנטער קאפּיטעל
## דער הונגער

די צייט פון רעגען אין ארץ ישראל איז געקומען, אבער די הימלען זיינען געווען לויטער קלאהר. קיין סימן פון א וואלקען האט זיך ניט בעוויזען, זיינען די איינוואוינער פון לאנד אומרוהיג גע־ווארען. יעדער איז געשטאנען אין דרוי־סען מיט די אויגען פעררייסען צום הי־מעל און געזוכט פּילייכט וועט זיך א וואלקען בעווייזען. אבער די אויגען הא־בען געטרעהרט פון די שטראהלען פון דער זון... האבען די אידען געשאקעלט מיט די קעפּ, געקוועטשט מיט די פּליי־צעס... און איינער דעם צווייטען גע־טרייסט:

— דער רעגען האט זיך היי יאהר פערשפעטיגט, מאגען, איבערמארגען וועט ער קומען.

דער מארגען און איבערמארגען זיי־נען געקומען אבער קיין טראָפּען רעגען האבען זיי ניט געבראכט. זיינען די איינוואוינער פון לאנד געווארען עט־וואס צושראקען... טאמער וועט היי יאהר דער רעגען ניט קומען... א שווי־דער איז דורך יעדען צו וועמען אזא גע־דאנק איז ארויסגעקומען. מען האט גאנץ גוט געוואוסט וואס עס מיינט אז קיין רעגען וועט ניט זיין... עס מיינט א הונ־גער... דעריבער האבען אלע גענומען מתפּלל זיין צו גאט אויף רעגען... אבער גאט האט זייערע תפלות ניט אנגענומען. ער האט פערשלאסען די הימלען און זיי האבען ניט בעשאנקען די ערד מיט זייע־רע פרוכטבארע רעגענס, און די ערד איז געווארען הארט ווי אייזען. די גראז זיינען פערוויאנעט געווארען... זיינען נאך וואכען פאריבער געגאנגען און קיין רעגען איז אלץ ניט געקומען. האט זיך דער טרויער אין יעדענס הארץ פאר־שטארקט, אויב אין א קורצע צייט ארום וועט קיין רעגען ניט זיין, וועט

אלעס זיין פערפאלען. קיין תבואה וועט ניט וואקסען, אלעס וועט פער'שרפ'עט ווערען. האט מען נאך גענומען האפען פיעלייכט וועט נאך גאט רחמנות האבען... אבער זייער האפענונג איז ניט פערווירקליכט געווארען... קיין איינציגער זאנג האט זיך אויף די פעלדער ניט בעוויזען און אין די גערטנער און סעדער האבען די פרוכט ניט בעציערט די בוימער. האט איבעראל געהערשט א טרויער... א הונגער, א שרעקליכער הונגער איז אנגעקומען אין לאנד. די וועלכע האבען געהאט אנגעגרייט תבואה פון לעצטען יאהר האבען עס אויפגעגעסען. און די וועלכע האבען קיין סך ניט געהאט האבען גענומען הונגערן.

בלוז די רייכע וועלכע האבען אימער צו געהאט מעהר וויפיעל זיי דארפען פערברויכען, האבען יעצט אויך געהאט.

אלימלך פון בית לחם האט געהאט מעהר תבואה און פרוכט פון אלע אנדערע רייכע, ווילע יעדען יאהר פלעגט ער אנפילען גרויסע פוהרען מיט תבואה און זיי אוועקשיקען צו פערקויפען אין אנדערע לענדער. דעם יאהר, אבער ווען ער האט געזעהן, אז קיין רעגען קומט ניט, האט ער זיין תבואה ניט ארויסגעשיקט.

ווען דער הונגער איז שארפער געווארען ,זיינען פיעלע איינוואהנער פון בית לחם געקומען צו אלימלך'ן, ער זאל זיי ארויסהעלפען אין דער צייט פון זייער נויט. אבער אלימלך האט זיי ניט געענטפערט.

— וואס ?—האט ער זיך אויף זיי געבייזערט. בין איך דען אייער שפייזער, אויב איך זאל צוטהיילען מיין תבואה, וועט מיר און מיין משפחה אויסקומען צו הונגערן. ווען די הונגעריגע האבען צוגעשטאנען ער זאל זיי געבען עטוואס שפייז, האט ער זיינע קנעכט געהייסען זיי צוטרייבען.

דאס האט שוין נעמי, אלימלך'ס פרוי ניט געקענט צוזעהן און בעהאלטענערהייט פלעגט זי אויסטהיילען תבואה צווישען די נויטבעדערפטיגע... אבער אלימלך האט אויסגעפונען וואס זיין פרוי טהוט, און ער האט שוין געהיט, אז זי זאל מעהר אזוינס ניט טהאן.

דער הונגער און די נויט איז געווארען גרעסרע. די געוויינען און געבעטען פון די יתומים און אלמנות האבען דורכגעלעכערט די הערצער פון די גוטהערציגע אבער ניט דאס הארץ פון אלימלך'ן.

זיינען אלע ברידער פון אלימלך'ן צוזאמענגעקומען אין זיין הויז און זיך מיט איהם גענומען בעראטהען :

— דער הונגער איז גרויס אין אונזער לאנד, מיר קענען ניט העלפען אלע ליידענדע פון די אנדערע שטעדט, אבער מיר דארפען אונטערשטיצען די אלע איינוואהנער פון אונזער לאנד, אין אזא שרעקליכע צייט מוזען מיר עפענען אונזערע אוצרות פאר די בעדערפטיגטע.

— איהר קענט טהאן אלעס וואס איהר ווילט מיט אייערע תבואות, אבער איך וועל קיינעם ניט געבען פון מיינע! —האט אלימלך אויסגערופען. — ווער ווייס ווי לאנג דער הונגער וועט אנהאלטען אין לאנד... ניין, איך וועל עס ניט טהאן.

— אבער בעטער !—האט זיך בועז אפגערופען—גאט'ס צארן האט זיך אויסגעגאסען אויף אונזער לאנד, ווי אזוי וועסטו קענען צוזעהן מיט דיינע אויגען די ליידען און נויטה פון די ארימע.

— דעריבער האב איך זיי פארבאטען אריינצוקומען אין מיין הויף, ווייל איך קען ניט צוזעהן זייערע שמערצען.

— אבער ביז ווי לאנג וועסטו אזוי קענען אנהאלטען, וואס ווייטער ווערט דער לאגער פון די נויטבאדערפטיגטע גרעסער, דו וועסט זיך ניט קענען האלטען פון דער ווייטען... דאמיט וועסטו בלויז אויפרייצען דעם הונגעריגען המון און ווער וועט דיר קענען דאן פערזיכערען ,אז זיי וועלען ניט בעפאלען דיין הויז און מיט געוואלט ניט אוועקנעהמען דיין תבואה.

— יע, מיין מאן, עס וועט זיין בעסער צו געבען די ארימע לייט מיט'ן גוטען ווילען, ווייל אין אזא צייט איז שווער צו זאגען, וואס עס קען פאסירען מיט די הונגעריגע מענשען, אזוי לאנג ווי מיר האבען מעהר ווי מיר געברויכען, דארפען מיר זיך טהיילען מיט יעדען איינעם וועלכער נויטיגט זיך.

— פארוואס זאלען מיר אוועקגעבען אונזער פערמעגען צו פרעמדע — האט מחלון זיך אפגערופען — מיר האבען זיך פאר זיי ניט וואס צו שרעקען... מיר קענען אלעס צוזאמענעהמען און אוועקרייזען נאך מואב ביז וואנען דער הונגער וועט פאריבער אין אונזער לאנד.

— יע, אין מואב וועט אונז דער קעניג זעהר פיין אויפנעהמען — האט כליון צוגעגעבען — דער קעניג האט אונז שוין לאנג אהין איינגעלאדען, און ער וועט זיין זעהר צופריעדען ווען מיר וועלען אהין קומען. דארטען איז קיין הונגער ניטא און מיר וועלען ניט דארפען זיין בעזארגט, אז דער המון זאל צו אונז צושטעהן מיר זאלען איהם שפייזען.

— אבער וועט עס דען ניט זיין א זינד צו גאט, אויב מיר וועלען יעצט אין אזא שלעכטע צייט פערלאזען אונזערע ברידער.

— ניט נאר צו גאט, אבער אויך א גרויסע זינד צו אונזער פאלק! — האט בועז געזאגט — אין אזא שרעקליכע צייט דארפען מיר זעהען זיך צו העלפען איינער דעם צווייטען, און ווער עס פיהרט ארויס זיין פערמעגען אין א פרעמד לאנד אין א הונגער יאהר, יענער איז פעררעכענט פאר א פעררעטהער, בפרט אז מואב איז אונזער שונא!

— און דאס וואס דיין פריינד אהוד האט נאך א האר געקענט ברענגען אן אומגליק אויף אונז אלעמען, איז עס ביי דיר ניט פעררעכענט פאר פערראטה! — האט מחלון זיך א קרים געטהאן. יע, גאנץ ישראל דארף אונז דאנקבאר זיין, ווייל מיר האבען פערהיט א מלחמה.

— איך וואלט אויף דיין פלאץ דאמיט גארניט שטאלצירט! — האט בועז איהם געענטפערט — דאס וואס רורך דיר און דיין ברודער געפינט זיך יעצט איינער פון אונזערע בראווסטע ברידער אין געפענגנים פון מואב, און א צווייטער העלד, וועלכער האט געקענט ברענגען פיעלע נוצען אונזער געפייניגטען פאלק, מוז זיך יעצט אויסבעהאלטען אין זיין אייגען לאנד, ווייל דער שונא האט פערשפרייט פיעלע נעצען איהם צו פאנגען.

— און בלויז דאן וועט דער פרידען צווישען אונז און מואב געזיכערט זיין — האט כליון זיך אריינגעמישט — ווען אהוד וועט אויך אריינפאלען אין די הענט פון מואב... און איך זאג דיר, אז עס איז די פליכט פון יעדען פון אונז צו זעהען, אז אהוד זאל איבערגעגעבען ווערען צו דעם קעניג פון מואב. מיר וואלטען שוין געזעהן, אז ער זאל ניט געטויטעט ווערען, ער וואלט בלויז געהאלטען געווארען אין געפאנגענשאפט אזוי ווי זיין פאטער.

— מיינע זיהן, מיין הארץ וועהטאגט מיר צו הערען פון אייך אזעלכע רייד! — האט נעמי זיך אפגערופען — איך האב אייך שוין לאנג געבעטען, אז איהר זאלט פון דעם מעהר נישט רעדען.

— אבער מוטער, מיר מוזען איין מאל פאר אלע מאל בעשליסען צו פערלאזען אונזער לאנד ביז וואנען דער הונגער וועט פערשווינדען. דו ווייסט דאך, אז מיר האבען ניט אין בית לחם צופיעל פריינד, אפילו אונזע אייגענע משפחה דערווייטערט זיך אויך פון אונז, און בפרט יעצט, ווען מיר זיינען געצוואונגען צו פערטרייבען פון זיך אזוי פיעל מענשען, וועלכע קומען פאדערען מיר זאלען זיי שפייזען. דורך דעם פערשטעהט זיך וועלען מיר קיין נייע פריינד זיך ניט ערווארבען, און דעריבער וואלט געווען א סך מעהר ראטהזאם פאר אונז אנצולאדען אונזערע וועגענער מיט אונזער פערמעגען און אפרייזען נאך מואב. דארטען וועלען מיר ניט געשטערט ווערען פון די שטימען פון די הונגעריגע.

אונזערע אויערען וועלען ניט הערען זייערע קללות, און אונזערע אויגען וועלען ניט צוזעהן זייערע צארנדע און פארקרימטע פנים'ער... מיר וועלען ניט דארפען זיין אין שרעק זיי זאלען פון גרויסע צארן ניט אונטערצינדען אונזערע וואהנונגען...

— דאס איז א באליידיגונג!—האט בועז אויסגערופען—קיינער פון אונזערע ברידער וועלען אזא פארברעכען ניט בעגעהן נעגען דעם ערגסטען פון אונז!... זיינען דען די איינוואהנער פון בית לחם א באנדע פון רויבער און אונטערצינדער.

— מיר ווייסען גאנץ גוט ווי גרויס די שנאה פון פיעלע פון די איינוואהנער איז צו אונז!—און ווער קען פאראויסזאגען וואס עס וועט פאסירען, ווען דער הונגער וועט לענגער אנהאלטען...

— דעריבער זיינען מיר דאך זיך געקומען בעראטהען מיט דיך מיין ברודער—האט שלמון זיך געווענדעט צו אלימלך'ן—עס וואלט געווען זעהר גוט ווען מיר נעהמען צוזאמען אלע אונזערע תבואות און מיר טהיילען זיך גלייך אויף גלייך מיט דער גאנצער בעפעלקערונג פון בית לחם. און צוליעב דעם וועט זיך גאט מרחם זיין איבער אונז אלעמען און מיר וועלען דעם הונגער יאהר אריבערקומען בשלום.

— וואס מיינסטו זיך צוטהיילען גלייך אויף גלייך!—האט אלימלך זיך אפגערופען מיט צארן—וויל איך און מיין משפחה געצוואונגען זיין צו קארגען מיט דעם עסען און אפטמאל צו ליידען אביסעל הונגער צוזאמען מיט די איבעריגע, אין דער צייט וואס איך האב גענוג פון אלעם.

— דו פארגעסט אבער אונזער ברודער, אז דאס איז דיר אלעם געקומען פון גאט, און עס געהערט צו גאט — האט ירוחם זיך אפגערופען—און ווען דו וועסט ווייסען ווי אויסצונוצען גאט'ס מתנה וועט דיר גאט שיקען זיין ברכה אויף שטענדיג...

— גאט האט עס אבער מיר געגעבען, ווען ער וואלט געוואלט אז אויך די אנדערע זאלען געניסען פון זיין שפע, וואלט ער זיי געגעבען. ווארום זיינען דען די אוצרות פון גאט באגרעניצט?... און ווען גאט האט זיי ניט געוואלט מהנה זיין פון זיינע אוצרות, מסתמא האבען זיי עס ניט פארדיענט!

— און מיט וואס האסטו עס מעהר פערדיענט ווי די הונדערטע אנדערע פון בית לחם?—האט פלוני געפרעגט—האסטו דען געטהאן אזוי פיעל צדקה און גערעכטיגקייט פאר גאט... ניין, מיין ברודער, גאט האט דיר מיט דיין רייכטהום אנפערטרויט און יעצט דארפסטו וויסען וואס דו האסט צו טהאן דאמיט.

— מיין זוהן, בועז, האט פארגעשלאגען איינצולאדען אלע נויטהבאדערפטיגע פון אונזער שטאדט צו קומען צו נעהמען וויפיעל תבואה זיי דארפען פאר זייער געברויך—האט שלמון געזאגט—מיינע צוויי אנדערע ברידער, פלוני און ירוחם האבען צו דיזען פלאן צוגעשטימט, יעצט ווענדעט זיך עס אן דיר, אלימלך, לאמיר אויפשטעלען א גרויסען שייער אין מיטען שטאדט און לאמיר יעדען געבען וויפיעל ער באדארף צו האבען פאר זיך און זיין משפחה.

— איך וועל מיין רייכטהום ניט אוועקווארפען צום ווינט! — האט אלימלך אויסגערופען—ווען איך וואלט געוואלט פערקויפען מיינע איבעריגע תבואה, וואלטען מיינע גאלד אוצרות פערדאפעלט געווארען, איך האב עס אבער ניט געטהאן, און יעצט ווילסטו אז איך זאל עס אינגאנצען אפגעבען אומזיסט צו די ארימע לייט.

— אז דו וועסט עס ניט אפגעבען מיט'ן גוטען ווילען, וועט גאט אליין ביי דיר צונעהמען!—האט שלמון געזאגט, —און דאן וועט בלייבען א שאנד פלעק אויף אונזער גאנצער משפחה...

— און ווער וועט דיר קענען ערב זיין, אז דער הונגעריגער אויפגערייצטער המון וועט ניט בעפאלען דיינע אוצרות

און מיט געוואלט אלעס אוועקנעהמען! —האט פלוני ווייטער געזאגט.

— דעריבער, גלויב איך, האבען מייגע זיהן רעכט ווען זיי שלאָגען מיר פאר אָפּצורייזען נאָך מואב! —האט אלימלך געזאָגט—דאָרט וועל איך זיין געזיכערט מיט מיין לעבען און מיט מיין רייכטהום. —אונזערע לעבענס זיינען אין די הענט פון גאָט! —האט בועז זיך אָפּגערופען —און געוויס געהערען אונזער פערמעגענס צו גאָט, און ווער וועט איהם קענען זאָגען א דעה ווען ער וועט בעשליסען עס צוריק צו נעהמען פון אונז, דעריבער איז מיין עצה, אז אזוי לאנג ווי קיינער פון אונז איז ניט זיכער מיט זיין לעבען און פערמעגען, איז דאך געוויס בעסער צו טהאן גערעכטיגקייט און זיך פערהאלטען מיט ברידערליכקייט און פריינדליכקייט צו יעדען אונטערדריקטען און נויט באדערפטיגען!

— פיעלע זיינען די קבצנים אין אונזער שטאָדט, און נאָך מעהר זיינען זיי פאראן אין אנדערע שטעדט פון אונזער שבט, און זאלען זיי זיך נאָר דערוויסען, אז מיר טהיילען אויס אונזער ברויט צו די הונגעריגע, וועלען זיי אָנפאלען אויף אונז ווי היישעריקען און וועלען פערשלינגען אלעס וואס מיר האבען אין א קורצער צייט! —האט אלימלך געזאגט.

— אויב עס וועט בלייבען אויך פאר די מענשען פון אנדערע שטעדט, וועלען מיר זיין צופריעדען. אָבער פריהער וועלען מיר שפּייזען די הונגעריגע פון בית לחם! —האט בועז געזאגט.

— דו, מיין פאָטער און דיינע איבעריגע פעטער'ס וועלען קענען טהאָן וואס איהר ווילט מיט אייער פערמעגען! —האט אלימלך אויסגערופען מיט א פעסטע שטימע—איך אָבער, וועל מיט מיין משפחה אָפּרייזען נאָך מואב און איבערווארטען ביז וואנען דער הונגער וועט אין גאנצען פאָראיבער! די געשרייען און קרעכצען פון די הונגעריגע מאכען מיר נערוועאיש און קראנק... מיין הארץ קען ניט אריבערטראָגען אָט דאס אלעס.

און אזוי ווי איך קען זיי ניט העלפען, וועט זיין גלייכער פאר מיר צו פארלאָזען בית לחם.

— ניט דו קענסט זיי ניט העלפען, אָבער דו ווילסט זיי ניט העלפען מיין ברודער! —האט שלמון ווייטער געזאגט —מיר אלע און דו אליין ווייסט גאנץ גוט, אז די אוצרות פון דיינע תבואות זיינען גרויס, עס פעהלט דיר אויך ניט קיין גאָלד און זילבער, און ווען מיר זאָלען זיך אלע צוזאמענמעהמען, וועלען מיר קענען שטיצען די גאנצע בעפעלקערונג דעם גאנצען יאָהר.

— און וואס וועלען מיר טהאָן, אויב דער הונגער וועט זיך פערציהען פאר עטליכע יאָהר... ווייסטו דען ניט, אז אין די צייט פון יוסף'ן האט דער הונגער אָנגעהאלטען פאר גאנצע זיעבען יאָהר, וואס וואלסטו דאן געטהאן, ווען דיינע אוצרות וואלטען אויסגעליידיגט געוואָרען שוין דעם ערשטען יאהר פון הונגער?

— גאָט וועט אויף אונז רחמנות האָבען און וועט דעם קומענדען יאָהר שיקען זיין רעגען אין צייט.

— אפילו ווען דער רעגען זאל קומען אין צייט דעם קומענדען יאָהר, וואו וועלען אלע נעהמען אזוי פיעל זריעה צו פערזעען? אפילו דאן בין איך זיכער וועט אמווייניגסטען געדויערען נאָך צוויי יאָהר איידער יעדער וועט קענען פערזעען גענוג תבואה פאר זיך און פאר זיין משפחה.

— איז דען גאָטעס האנט קורץ? אזוי ווי ער קען אונז בעשטראָפען אזוי וועט ער אונז שיקען זיין ברכה און שפע פון די הימלען, און אונזערע ברידער וועלען צו זיך קומען אין איין יאָהר צייט — האט בועז געזאגט.

—איך וועל מיין בעשלוס ניט ענדערען, איך בין דער בעל הבית איבער מיין פערמעגען און איך וועל קענען טהאָן דאמיט וואס איך וועל ווען. יע, מיר ווילען אין א קורצע צייט ארום פערלאָזען בית לחם!

ניט די רייד פון נעמי און ניט די רייד פון אלימלך'ס ברידער האבען אויף איהם געווירקט. אלימלך האט זיך גענומען גרייטען צו פערלאזען בית לחם, זיינע קנעכט האט ער געהייסען צונויפנעהמען זיין פארמעגען. ער האט אלע זיינע אוצרות מיטגענומען, און אנגעלאדען פיעלע וועגענער מיט תבואה, ער האט אלעם מיטגענומען גארניט איבערגעלאזען.

שטארק צופריעדען זיינען געווען מחלון און כליון וואס זייער פאטער האט צוגעשטימט צו פערלאזען בית לחם און בעזעצען זיך אין מואב. זיי האבען שוין לאנג געזוכט א געלעגענהייט זיך צו זעהן מיט די פרינצעסינס פון מואב.

מיט בליקען פון אומעט און פערביטערונג האבען די איינוואוינער פון בית לחם בעגלייט אלימלך'ן און זיין משפחה, און כאטש א קללה איז געלעגען ביי יעדען אויף די ליפען, האט דאך קיינער ניט געוואגט ארויסצוברענגען, ווייל מען האט ניט געוואלט ווינשען קיין שלעכטעס נעמי'ן. זי איז געווען אזוי גוט און צערטליך צו יעדען און אלע האבען געוואוסט ווי שטארק זי האט געקעמפפט געגען דעם פלאן צו פערלאזען בית לחם.

פיעלע האבען געוויינט צוקוקענדיג ווי דער רייכסטער מאן פון בית לחם פערלאזט זיי אין אזא שרעקליכע צייט.

— אונזערע רייכע נעהמען מיט זייער פערמעגען און רייזען אפ נאך פרעמדע לענדער און וואס וועט פון אונז ווערען? —האבען מענשען געטרויערט.

— אסך האבען מיר געהאט פון אלימלך'ן און זיין רייכטהום — האבען אנדערע געזאגט — האט ער דען געשטיצט די נויטבאדערפטיגע, האט ער דען אפט ניט ארויסגעטריבען די ארימע לייט, די יתומים און די אלמנות פון זיינע פעלדער... האבען דען זיינע זיהן אונז ניט פעראורזאכט פיעל צרות, מיט דעם וואס זיי האבען דעם קעניג פון מואב גע'מסרט אויף גראז און זיין זוהן! זאלען זיי געהן פון דאנען! גאט וועט אונז שיקען א ישועה דורך אן אנדער וועג.

— אה, וויפיעל תבואה ער פיהרט ארויס פון בית לחם, דאס וואלט גענוג געקלעקט פאר הונדערטע משפחות.

— און די בהמות ?

— יע, אין מואב וועט זיין פאר זיי גענוג פאשע, אונזערע בהמות וועלען ביסלעכווייז אויסגעצערט ווערען...

אלימלך'ס ברידער און זייערע קינדער זיינען ניט געקומען זיך געזעגענען מיט איהם, אבער ער הזט זיך ניט גענומען צום הארצען.

— זיי זיינען מיר מקנא ! — האט אלימלך זיך אפגערופען צו זיינע זיהן— זיי ווייסען אז זיי וואלטען אין מואב געווען ניט קיין געווינשטע געסט. און מיט אונז וועט דער קעניג זיין זעהר צופריעדען... ניט ריכטיג, מיינע קינדער !

— געוויס ! האט דען דער קעניג אונז ניט איינגעלאדען !—האט מחלון געזאגט.

— איינגעלאדען ? ער האט אונז שטארק געבעטען !—האט כליון צוגעגעבען—ער האט אונז געזאגט, אז ער וועט זעהן דאס מיר זאלען זיך פיהלען בעקוועם אין זיין לאנד.

— אבער דאך איז דאס לאנד אזוי פרעמד צו אונז !—האט נעמי זיך בעקלאגט—מיין הארץ זאגט מיר, אז אונז וועט אויסקומען ז'ארט צו ליידען.

— דער קעניג איז זעהר דאנקבאר צו אונזערע זיהן, וועלכע האבען זיינע טעכטער געראטעוועט פון טויט און ער וועט שוין זעהן, אז מיר זאלען דארט ניט ליידען !—האט אלימלך זיך אפגערופען.

— און דו פערגעסט, מוטער, אז אין קעניגליכען פאלאץ געפינט זיך א אידישע טאכטער !—האט מחלון אויסגערופען.

— א אידישע טאכטער ! ווער איז זי?

— דאס איז דאך די מוטער פון רות! איך האב דאך דיר שוין איינמאל דער־

צעהלט, אז רות מוטער שטאמט פון ישראל.

— יע, איך געדענק, דו האסט מיר דערצעהלט, אז זי איז גענומען געווארען אין געפאנגענשאפט ווען זי איז נאך א קליין קינד געווען... וואס קען זי דען געדענקען פון איהר אידישקייט?

— זי געדענקט אויף אזוי פיעל, אז זי האט אפילו איינגעפלאנצט א ליעבע אין איהר טאכטערס הארץ צו אונזער פאלק... האט מהלון געזאגט.

— און וואס איז מיט ערפה'ן—האט כליון א שמייכעל געטהאן—איהר מוטער שטאמט דאך ניט פון ישראל, פונדעסטוועגען האלט זי אויך זעהר שטארק פון אונזער פאלק!

— דאס איז א דאנק דעם וואס ערפה איז א שוועסטער פון רות און זי האט איהר שטארק בעאיינפלוסט — האט מהלון געזאגט—ווען דו וואלסט געוואוסט מוטער, ווי שטארק רות האט זיך גענומען צום הארצען ווען זי האט אויסגעפונען, אז מיר האבען גע'מסרט איהר פאטער אויף גרא'ן און זיין זוהן. ניט איינמאל האט זי מיך אויסגערעדט וועגען דעם, איך האב איהר געמוזט פערזיכערען, אז דאס האבען מיר געטהאן פאר דער טובה פון אונזער פאלק, כדי אנצוהאלטען דעם שלום צווישען מואב און ישראל.

— און ערפה האט מיך אויך אויסגעמוסר'ט פאר דעם!—האט כליון געזאגט.

— און איהר שטאלצירט נאך מיט אייער טהאט, מיינע זיהן, זעהט איהר דען ניט, אז אפילו זיי קענען ניט פערשטעהן ווי אזוי איהר האט געהאנדעלט געגען אייערע אייגענע ברידער.

— נו, זאל שוין זיין גענוג צו רעדען וועגען דעם!—האט זיך אלימלך אריינגעמישט. — מיר קומען אן אין מואב און מיר דארפען פערגעסען אן אלעס וואס האט פאסירט אין בית לחם.

## 15טער קאפיטעל
## א פריינדליכע אויפנאהמע

די ערשטע צייט, נאכדעם ווי גרא, דער פאטער פון אהוד'ן איז איינגעשפארט געווארען אין תפיסה, האט ער זעהר שטארק געליטען. די בעאמטע האבען פון איהם געוואלט דערגעהן, וואו זיין זוהן געפינט זיך, און ווען ער האט זיי געענטפערט, אז ער ווייס ניט, האבען זיי איהם געשלאגען און איהם אנגעהאן פערשיעדענע יסורים.

איינמאל האט רות געהערט ווי דער אויפזעהער פון געפענגנים גיט אפ א בעריכט דעם קעניג וועגען די געפאנגענע.

— און וואס הערט זיך וועגען העם געפאנגענעם פון ישראל?—האט עגלון געפרעגט דעם אויפזעהער—האסטו געקענט דערגעהן פון איהם וואו זיין זוהן געפינט זיך?

— ניין, מיין האר קעניג! מיר האבען אנגענומען פערשיעדענע מיטלען איהם צו צווינגען ער זאל אונז זאגען, אבער ער האלט אין טענה'ען, אז ער ווייס ניט!

— און אלע מיינע בעאמטע וועלכע געפינען זיך אין לאנד פון ישראל, האבען מיר אויך בעריכטעט, אז זיי קענען זיין זוהן ניט געפינען... און לויט ווי איך האב געהערט איז ער א געפעהרליכער מאן, און ער קען נאך פערשאפען צרות צו מיין קעניגרייך... איך בעפעהל דיר נאך אמאל אז דו מוזט ארויסקריגען פון איהם וואו זיין זוהן בעהאלט זיך אוים.

— יע, מיין האר קעניג!—האט דער אויפזעהער זיך א נויג געטהאן.— איך וועל שוין פון איהם ארויסקריגען אפילו ווען איך וועל איהם דארפען פערמוטשען ביז טויט.

ווען רות האט געהערט די לעצטע ווערטער פון דעם אויפזעהער, האט איהר הארץ שטארק וועה געטהאן. און דעם זעלבען טאג איז זי אוועק אין געפענגנים, וואו גרא האט זיך געפונען.

דער אויפזעהער האט זיך דערשראקען און אויסגערופען :

— וואס איז דער וואונש פון דער פרינצעסין ?

—איך ווינש צו זעהן דעם געפאנגענעם פון ישראל !—האט רות געענטפערט.

— האט דער קעניג... המ... — האט דער אויפזעהער גענומען שטאמלען.

— זארג ניט, קיין בייזעס וועט דיר ניט געשעהן, ווי איך פערשטעה האסטו שוועריגקייטען ארויסצוקריגען פון גרא'ן דעם סוד ווען ער זעהט וואס איהם קומט

—יע, מיין הארינטע, ווען איך האב געזעהן אז שלאגען העלפט ניט, האב איך די בעאמטע אנגעזאגט, אז זיי זאלען איהם ניט ברענגען קיין וואסער, ווען זיין גומען וועט אויסגעטריקענט ווערען און זיין דורשט וועט זיך שטארקען וועט ער שוין רעדען...

— דו האנדעלסט ניט ריכטיג !— האט רות זיך אפגערופען — ווי אזוי קענסטו ערווארטען ער זאל ארויסגעבען דעם סוד, ווען ער זעהט וואס איהם אוים דא צו ליידען, וועלכער פאטער וועט וועלען, אז זיין זוהן זאל אויך דארפען אזוי ליידען. ווען דו וואלסט איהם ארויסגעוויזען פריינדשאפט, ווען דו וואלסט איהם פערזיכערט, אז ניט איהם און ניט זיין זוהן וועט קיין בייזעס געשעהן, דאן וואלט ער ניט מורא געהאט אויסצוזאגען.

— אבער גנעדיגע פרינצעסין, איך האב פיעלע מאל גערעדט צו איהם ווייכע רייד אבער דאס האט ניט געהאלפען.

— ווילע דו האסט קיין געדולד ניט געהאט מיט איהם. גיעב מיר וואסער און שפייז און איך וועל אריינקומען צו איהם.

דער אויפזעהער האט שנעל געטהאן איהר פערלאנג און רות האט גענומען דאס וואסער און שפייז און איז אריין אין געפענגניס, וואו גרא האט זיך געפונען.

גרויס איז געווען גרא'ס טרויער און צער. די צרות און פייניגונגען אבער וואס ער האט זיך אנגעליטען פון די בעאמטע פון געפענגנים, איז געווען גאר ניט אין פערגלייך מיט זיין זארג וועגען זיין העלדישען זוהן. ער האט אזוי פיעל האפענונג געלעגט אויף איהם... אלע האבען פאראויסגעזאגט, אז זיין בראווער זוהן אהוד, וועט נאך אמאל זיין א שופט און פיהרער אין ישראל. יעצט אבער זוכט מען איהם ארום און ווער וויים אויב איהם וועט געלינגען זיך אויסצובעהאלטען. ער וואנדערט געוויס ארום פון פלאץ צו פלאץ... זיין לעבען איז שטענדיג אין געפאהר.

דעם גאנצען טאג האט גרא מתפלל געווען צו גאט ער זאל בעשיצען זיין זוהן. אבער דער אויפזעהער פון געפענגנים האט איהם אונטערבראכען. ער פלעגט אריינקומען איינוויניג עטליכע מאל א טאג און פון איהם פערלאנגען ער זאל אויסזאגען וואו זיי קענען געפינען זיין זוהן. ווען גרא האט זיך ענטזאגט צו רעדען, האט ער איהם מערדערליך געשלאגען. יעדען מאל האט ער איהם געפייניגט און געזוכט ארויסצוקריגען פון איהם איינציגע ווערטער אבער גרא האט געדולדיג געליטען און געשוויגען.

דער אויפזעהער האט בעשלאסען צו פייניגען איהם מיט דורשט, פיליכט וועט ער זיך אונטערגעבען. צוויי טעג האט ער פערבאטען איהם אריינצוברענגען וואסער. צו גרא'ס ליידען איז קיין גרעניץ ניט געווען. זיין מויל איז געווען טרוקען, זיינע ליפען צוטריקענט און צושפאלטען פון דורשט, און דער אויפזעהר פלעגט אריינקומען מיט וואסער און עס אריבערגיסען פון איין כלי אין א צווייטער, כדי ער זאל זיך צוהערען צו דעם קלונג פון גיסענדען וואסער און איהם דאמיט מעהר אויפצורייצען. אבער גרא'ס מויל איז געבליבען פערזיגעלט...

דער אויפזעהער האט איהם געסטראשעט, אז ער וועט איהם לאזען אויס־

געהן פון דורשט, און שוין דער דריטער טאָג ווי ער האט ניט צוגעלאזען קיין וואסער צו איהם.

גראַ איז אזוי געלעגען א פארשמאַכטער און האלב פאר׳חלש׳טער פון דורשט... ער האט שוין געזעהן, אז זיינע שטונדען זיינען געצעהלטע און ער וועט שוין לאנג ניט קענען אויסהאלטע; די יסורים פון דורשט. אָבער ער האט בעשלאָסען בעסער צו שטארבען איידער איבערצוגעבען זיין זוהן אין די הענט פון די שונאים.

פלוצלונג האט ער דערהערט טריט. און גלייך האט זיך צו זיינע אויערען דערטראָגען א פרויען שטימע.

— שטעה אויף דו בראַווער מאַן, שרעק זיך ניט, קיין שלעכטעס וועט דיר ניט געטהאַן ווערען.

גראַ איז געוועזן אזוי אָפּגעשוואַכט, אז ער האט זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט.

רות האט זיך איבערגעבויגען איבער איהם און איהם געהאָלפען זיך אנידערזעצען.

— איך האב דיר געבראַכט פרישען וואסער!—האט זיך צו איהם אָפּגערופען רות און איהם דערלאַנגט די כלי פול מיט וואסער.

גראַ האט זיך ניט צוגעריהרט צו דעם.

— פארוואס טרינקסטו ניט?—האט איהם רות געפרעגט מיט פערוואונדערונג...

— איך קען ניט! איך קען ניט! איך וועל בעסער שטארבען פון דורשט, איידער צו פערראַטען מיין זוהן!—האט ער ארויסגעמורמעלט.

—בערוהיג זיך, איך בין געקומען דיך העלפען. איך בין נישט געשיקט געוואָרען פון דעם אויפזעהער. טרינק דאס וואסער און וועהר דערפרישט.

גראַ האט א נעהם געטהאָן דעם לאָגעל וואסער און אויגענבליקליך אויסגעטרונקען.

— און ווי פיהלסטו זיך יעצט מיין פריינד?!—האט זי איהם געפרעגט.

— איך דאנק דיר מיין הארינטע, דו האסט מיין לעבען געראַטעוועט.

— איך זעה, אז דו ביזט נאָך אלץ דורשטיג!—האט רות צו איהם געזאָגט מיט א שמייכעל—איך וועל דיר אריינברענגען נאָך וואסער.

רות איז ארויס פון זיין צעל און באלד צוריקגעקומען מיט צוויי לאָגלען וואסער און זיי איהם איבערגעגעבען.

— טרינק וויפיעל דיין הארץ געלוסט!—האט זי איהם געזאָגט — פון היינט אָן וועל איך שוין זעהן, אז דו זאָלסט קריגען יעדען טאָג דיין וואסער און שפייז.

— און איך וועל דאַרפען...

— זאָרג ניט, דו וועסט גאָר ניט דאַרפען טהאָן פאר דעם, דו זאָלסט בלויז שווייגען... מאָרגען וועל איך ווידער דאָ צוקומען, און אויב דער אויפזעהר וועט דיר זוכען שלעכטעס צו טהאָן, זאָלסטו מיר דערצעהלען... אָט האָסטו שפייז, און דו קענסט עסען וויפיעל דיין הארץ געלוסט... מעהר וועט דיר שוין ניט פעהלען.

רות האט שנעל פערלאָזען דעם געפענגנים און זי האט זיך אָפּגערופען צו דעם אויפזעהער: דו וועסט זעהן, אז אין א קורצע צייט וועל איך פון איהם ארויסקריגען דעם סוד... אָבער דו דאַרפסט מיר צוזאָגען, אז דו זאָלסט איהם צורוה לאָזען. ניט מיט אכזריות און פייניגונגען וועסטו קענען אויספיהרען, איך וועל דאָ צוקומען יעדען טאָג, און ווען ער וועט זיין גערייט מיר אויסצוזאָגען, וועל איך דאָן שיקען נאָך דיר, אָבער דו דאַרפסט עס האַלטען בסוד, אפילו פון מיין פאָטער... און ווען איך וועל פון איהם דערגעהן, וואו זיין זוהן געפינט זיך וועסטו קענען דעם קעניג זאָגען, אז דו האסט עס דערגאַנגען. דו ווייסט גאָרניט, אז ווען דו וואָלסט איהם אזוי געפייניגט נאָך א טאָג, וואָלט ער זיכער געשטאַרבען... און מיין פאָטער האט פערשפּראָכען די צוויי ברידער מחלון און כליון אז גראַ וועט ניט געטויטעט ווערען.

— איך ווייס מיין הארינטע, אבער איך האב געגלויבט, אז דאס וועט זיין דער איינציגער מיטעל איהם צו צווינגען. יעצט וועסטו טהאן וואס דו ווילסט. איך וועל זיך מעהר ניט מישען.

— דו דארפסט בלויז האבען געדולד און אלעס וועט רעכט ווערען — האט רות געזאגט.

— דער קעניג פערלאנגט עס פון מיר און דעריבער בין איך געצוואונגען עס צו טאהן — האט זיך דער אויפזעהער פערענטפערט.

— איך וועל שוין זעהן אז דער קעניג זאל אין דעם דערווייל פארגעסען— האט רות געזאגט.

אויף מארגען איז רות ווידער געקומען צו גרא, זי האט מיט זיך גענומען שפייז און וואסער.

— נו, ווי פיהלסטו זיך היינט? — האט זי מיט א צערטליכע שטימע איהם געפרעגט.

— איך דאנק דיר, מיין הארינטע, איך פיהל זיך א סך קרעפטיגער! — האט גרא איהר געזאגט און זיינע אויגען זיינען אנגעפילט געווארען מיט טרעהרען.

— איך וועל שוין זעהן אז מעהר זאלען זיך אזעלכע זאכען ניט ווידערהאלען! — האט זי געזאגט -- מען דארף האבען א שטיינערנע הארץ אזוי צו האנדלען! איך האב אנגעזאגט דעם אויפזעהער אז ער זאל דיך מעהר ניט פייניגען.

— ווי אזוי וועל איך דיר קענען ווען עס איז אפדאנקען, מיין הארינטע—האט גרא געזאגט און זיך געוואונדערט ווער איז דיזע גוטהערציגע יונגע פרוי וועלכע איז צו איהם געשיקט געווארען ווי א מלאך פון הימעל און איהם פון טויט גערעטעט.

— דו וועסט מיר קענען אפדאנקען דאמיט, וואס דו וועסט מיר פערשפרעכען אז דו ו,עסט מיט דיין גאנצען הארצען מוחל זיין די צוויי ברידער מחלון און כליון וועלכע האבען אויף דיר געמסר'ט. זיי ווייסען אז זיי האבען זיך בענארישט אבער דאן ווען זיי האבען עס געטאהן, האבען זיי געגלויבט אז זיי טוהען א גרויסע זאך, דורך דעם וועט דער שלום אנגעהאלטען ווערען אין זייער לאנד, פערשפרעכסטו מיר עס צו טאהן?

— איך פערשפרעך! איך טראג אויף זיי קיין שנאה ניט! — האט גרא זיך אפגערופען — און אויב דאס איז דיין פערלאנג יועל איך זיי מוחל זיין. ווייל ווען דו ווינשט עס פאר זיי איז א צייכען אז זיי זיינען ווירדיג. איך האף נאר אז מיין זוהן זאל דורך זיי אויך ניט אריינפאלען אהער.

— דאס וועלען זיי ניט טאהן! — האט רות געענטפערט — און דו וועסט מעהר ניט זיין געצוואונגען ארויסצוגעבען דעם סוד וואו די בעאמטע פון מואב וועלען קענען געפינען דיין זוהן. דער אויפזעהער האט מיר פערשפראכען דיר מעהר קיין שלעכטעס ניט טאהן. און דו דארפסט יעצט דיין האפנונג ניט פערלירען. זיי מתפלל צו דיין גאט און מעגליך אז דו וועסט נאך גאר אין גיכען בעפרייט ווערען.

ערשטוינט איז גרא געווארען ווען ער האט געהערט אזעלכע רייד פון דער יונגער פרוי. ווער איז זי? און ווי אזוי קומט זי אהער? זי איז א מואבית, וועגען דעם איז קיין צווייפעל ניט! אבער פון וואנען האט זי זיך דערוואוסט פון זיינע ליידען, און ווי אזוי קומט עס אז איהרע רייד זאלען האבען אזא ווירקונג אויף דעם שלעכטען אויפזעהער. ער האט בשום אופן ניט געקענט פערשטעהן.

— מיין הארינטע, דו ביזט צו מיר געקומען ווי א מלאך פון הימעל, זאג דאך מיר דיין נאמען, וועל איך קענען מתפלל זיין צו מיין גאט פאר דיר, איך וועל איהם בעטען אז ער זאל דיר בעצאהלען פאר אלעס וואס דו האסט פאר מיר געטאהן.

— מיין נאמען! וואס איז דער אונטערשיד, גאט ווייס דאך ווען דו וועסט אין זינען האבען — האט זי איהם

געענטפערט מיט א שמייכעל, און איך בין זיכער אז די תפלות פון אזא בראַוועז מאַן ווי דו, וועט גאָט זיכער אָננעהמען. און דו, מיין פריינד, שטאַרק זיך און קרעפטיג זיך... איך וועל גאַנץ אָפט דאַ אַריינגעהן דיך בעזוכען און אויב די בעהאַנדלונג וועט פון יעצט אַן ניט פערבעסערט ווערען, וויל איך אז דו זאָלסט מיר וועגען דעם זאָגען, און איך וועל שוין זעהן אז דאס זאָל מעהר ניט געשעהען, און דו וועסט זיכער מיין פערלאַנג טאָהן און מוחל זיין די ברידער.

רות איז שנעל ארויס פון זיין צעל און איז צוגעגאַנגען צום אויפזעהער און זיך אפגערופען צו איהם:

— איך קען נישט פארשטעהן ווי אזוי דו האסט ערוואַרטעט ער זאָל דיר אויסזאָגען וואו זיין זוהן בעהאַלט זיך אויס, פון וואַנען זאָל ער וויסען אזא זאך? איז ער דען מיט זיין זוהן געווען אין פערבינדונג. ווען מען האט איהם ארעסטירט אין זיין לאַנד איז דאך דאַן זיין זוהן אנטלאָפען און מעהר האט ער איהם ניט געזעהען. דעריבער האב איך זיך איבערצייגט אז ער האט קיין אהנונג וואו זיין זוהן איז יעצט און די אלע פיינונגען וואס ער האט דורך דעם געליטען זיינען געווען אומזיסט. יעצט בעט איך דיר אז דו זאָלסט דיזען אומגליקליכען מאַן מעהר ניט פייניגען, דו זאָלסט איהם געבען זיין שפייז און וואסער אין צייט.

— אבער דער קעניג! — האט דער אויפזעהער מיט צושראָקענהייט געזאָגט.

— גנעדיגע פרינצעסין איך האב בלויז אויסגעפיהרט דעם בעפעהל פון מיין האר קעניג!

— דו האסט ניט וועגען דעם צו זאָרגען, ווען עס וועט נויטיג זיין וועל איך מיין פאטער ערקלערען אז ער פערלאַנגט דאס אונמעגליכע פון דיר, און איך וועל איהם אויך דערמאַנען אז זיין פערשפּרעכען צו די צוויי ברידער פון בית לחם ניט צו טויטען גראַז. ער וועט עס פון דיר מעהר ניט פערלאַנגען.

ווען רות האט זיך אומגעקערט צו דעם פאלאַץ איז איהר שוועסטער ערפה איהר ענטקעגען געלאָפען און מיט פרייד אויסגערופען:

רות, וואו ביזטו געווען? איך האב דאך דיר ארומגעזוכט אומעטום. איך האב אן איבערראַשונג פאר דיר! מיר האבען געסט!

— געסט? וועלכע געסט? — האט רות געפרעגט.

— די ברידער פון בית לחם.

— מחלון? — האט רות אויסגערופען.

— יע, און כליון! און זייערע עלטערען אויך. קום וועל איך דיר צייגען. זעהסטו דארט אַט די אלע וועגענער?

רות האט אנגעשטרענגט איהרע אויגען און זי האט דערזעהען ניט ווייט פון דעם הויף פון פאלאַץ פיעלע פוהרען אנגעלאַדען מיט פערשיעדענע זאַכען.

— דערצעהל מיר, ווי אזוי זיינען זיי פלוצינג אנגעקומען און וואו געפינען זיי זיך? — האט רות מיט אונגעדולד געפרעגט.

זיי געפינען זיך אין פאלאַץ. אונזער פאטער האט זיי גלייך אויפגענומען. אבער וואס שטעהסטו, קום אריין אינווייניג, דאָרטען וועסטו זיי זעהן און מיר וועלען אויסגעפינען אלע איינצעלהייטען.

— וואַרט א ווײלע קום אהין מיט מיר אין צימער, איך וועל אומבייטען מיינע קליידער, זאָג מיר ערפה ווי קוקט ער אויס?

— ווער?

— מחלון.... איך מיין ביידע ברידער, מחלון און כליון — האט זיך רות פערראַטעלט.

— דו וועסט זיי שוין באַלד זעהן!

— האט ערפה א שמייכעל געטהאַן. אבער איך קען נאָך אלץ ניט פארשטעהן וואו דו ביזט געווען אזא לאַנגע צייט.

— וועגען דעם וועלען מיר רעדען שפּעטער! — האט רות אויסגערופען מיט אויפרעגונג, ווי עס ווייזט אויס זיינען זיי געקומען זיך באַזעצען אין אונזער לאַנד.

— געווים! — האט ערפה אויסגערופען ניט מיט ווייניגער אויפרעגונג. — די גאנצע משפחה איז אנגעקומען און זיי האבען מיטגעבראכט זייער גאנצען פערמעגען און ווי עס ווייזט אויס זיינען זיי זעהר רייך.

— און דער פאטער? איז ער געווען צופרידען זיי צו זעהען?

— אה, דו האסט געדארפט זעהן ווי פרעהליך דער פאטער איז געווען ווען מען האט איהם אנגעזאגט וועגען די אנגעקומענע געסט! ער איז זיי ענטקעגען געקומען.

— האסטו געזעהען זייערע עלטערען?

— געווים! זייער מוטער איז וואונדערליך שעהן און אויך זייער פאטער שיינט צו זיין א וויכטיגער מאן.

רות האט שנעל אומגעביטען איהרע קליידער און צוזאמען מיט איהר שוועסטער אריינגעקומען אין פאלאץ.

באלד האט דער קעניג עגלון פארגעשטעלט זיינע ביידע טעכטער פאר אלימלך'ן און נעמי'ן.

— זייערע לעבענס האב איך צו פערדאנקען אייערע זיהן — האט דער קעניג אויסגערופען מיט א שמייכעל — ווען ניט די העלדישקייט פון מהלון און כליון וואלטען מיינע ליבע טעכטער, ערפה און רות, שוין יעצט ניט געווען צווישען די לעבעדיגע.

— גאט האט געוואלט אז זיי זאלען בלייבען לעבען און דעריבער האט ער געמאכט, אז מיינע זיהן זאלען גראדע צו יענער צייט זיין דערביי! — האט אלימלך געזאגט.

— יע, די געטער פון מואב זיינען צו מיר זעהר גנעדיג געווען! — האט דער קעניג געזאגט — אבער איך ווייס אויך ווי אפצושאצען דאס וואס דיינע זיהן האבען פאר מיינע טעכטער געטאהן... איך וועל זיי מאכען פאר הויפטען אין מיין קעניגרייך, און דיר, מיין פריינד, אלימלך, וועל איך מאכען פאר אן אויפזעהער איבער מיינע גיטער, איך זעה אז די ביזט געבענשט מיט גרוים רייכטום, דאס איז א בעוויז אז דו ווייסט ווי אויפצופאסען אויף גיטער און דורך דיר וועט אויך מיין רייכטום פערגרעסערט ווערען.

אלימלך האט איהם בעדאנקט פאר דעם גרויסען כבוד וואס ער טוט איהם אן. דערנאך האט דער קעניג געמאכט א גרויסען מאלצייט און ער האט געלאזט וויסען אין גאנץ מדהבה צו פייערען א יום טוב און צוזאמענצוקומען נעבען דעם פאלאץ צו געבען זיינע חשוב'ע געסט א פייערליכע אויפנאהמע.

אייניגע טעג האט מען אין פאלאץ זיך משמח געווען מיט די חשוב'ע געסט. דורך דיזער צייט האבען די צוויי שוועסטער גאנץ פ'ין פערבראכט מיט די צוויי ברידער; מחלון האט מיט רות'ן געשפאצירט אין קעניגליכען גארטען, און דערצעהלט אלעס וואס עס האט מיט זיי פאסירט. ער האט איהר אויך דערצעהלט וועגען דעם גרויסען הונגער וואס האט אויסגעבראכען אין ארץ ישראל.

— איך דארף דאנקען גאט דערפאר!

— האט מחלון מיט א שמייכעל געזאגט.

— דאנקען גאט פאר דעם הונגער וואס ער האט אנגעשיקט אויף דיינע ברידער אין ארץ ישראל.

— פערגעס אבער ניט, טייערע רות, אז צוליעב דעם האב איך יעצט א געלעגענהייט צו זיין מיט דיר... מיר האבען שוין געהאט אויפגעגעבען אונזערע האפנונגען ווייל אונזער מוטער איז געווען דאגעגען מיר זאלען געהן אליין אין א פרעמד לאנד, יעצט אבער האט גאט געמאכט אז מיר זאלען געהן צוזאמען... און ווי עס ווייזט אויס וועלען מיר זיך שוין קיינמאל ניט אומקעהרען צו אונזער לאנד.

— און דו האסט אונזער לאנד מעהר ליעב ווי דיין געבורטסלאנד? — האט איהם רות געפרעגט.

— יע, ווייל דו געפינסט זיך דא. — האט מחלון געזאגט און א רויטקייט האט בעדעקט זיין פנים.

רות איז אויך רויט געווארען און ארונטערגעלאזען איהרע אויגען.

— דו ווייסט ניט ווי גליקליך איך

פיהל זיך יעצט, רות! — האט מחלון ווייטער געזאגט — איך האב זיך ניט געריכט אז דער קעניג זאל זיין אזוי שטארק צופרידען מיט אונזער בעזוך און אונז געבען אזא פריינדליכע אויפנאהמע.

— דו ווייסט דאך אז מיין פאטער פערגעסט ניט קיין טובה וואס מען טוט מיט איהם.

— אבער אויף אזוי פיעל או ער זאל מיר און מיין ברודער מאכען פאר בעאמטע אין זיין קעניגרייך און דערצו מאכען אונזער פאטער פאר דעם אויפזעהער איבער זיינע גיטער. אויף דעם האב איך זיך גאר ניט געריכט.

— מיין פאטער זעהט דאך ווי געטריי דו און דיין ברודער זייט איהם געוועזען די גאנצע צייט. אפילו ווען איהר האט געזעהען אז צוויי פון אייערע ברידער זוכען איהם צו שאדען, האט איהר גלייך געלאזט וויסען....

— געווים, מיר וועלען שטענדיג זוכען צו בעשיצען די קעניגרייך פון מואב! — האט מחלון געזאגט — און ווען דו וואלסט געוואוסט, טייערע רות, וויפיעל מיין ברודער און איך האבען דערפון געליטען פון אונזערע בעקאנטע און אפילו פון אונזערע קרובים, וועלכע האבען אונז שטענדיג פארגעווארפען, אזוי ווי מיר וואלטען בעגאנגען דעם גרעסטען פערברעכען!...

— איך גלויב אז זיי זיינען געווען גערעכט. עס מאכט ניט וואס אייערע כוונות זיינען געווען ,אבער צו מסר'ן אויף איינעם פון אייערע ברידער און פעראורזאכען אז מען זאל איהם אוועקפיהרען אין א פרעמד לאנד און איהם דארט איינשפארען אין געפענגנים צו לאזען שטארבען אין יסורים און ליידען ,דאס איז פון אייך ביידען ניט געווען אן אויסגערעכענטער שריט.

— אבער רות, מיר זיינען געווען געצוואונגען עס צו טאהן! — האט מחלון געענטפערט—ווען איך וואלט זיי דאן געלאזט אנגעהן מיט זייערע רייד, וואלטען זיי פאראורזאכט א מלחמה צווישען דיין פאטערלאנד און אונזער לאנד, און אויסער דעם האבען מיר דאך געהאט דעם פערשפרעכען פון דעם קעניג אז גרא וועט ניט געטויטעט ווערען און אפילו ניט זיין זוהן אהוד, אויב עס וועט זיי געלינגען איהם צו כאפען.

— יעצט מעג איך דיר דערצעהלען! — האט רות זיך אפגערופען — אז אין דער צייט וואס דו און דיין משפחה זיינען אנגעקומען אין מדהבה, בין איך געווען אין געפענגנים וואו גרא געפינט זיך. און דו דארפסט וויסען ווען איך וואלט מיט א טאג פריהער זיך ניט אונטערגעהערט א געשפרעך וואס עס איז פארגעקומען צווישען מיין פאטער און דעם אויפזעהער פון געפענגנים, וואלט שוין גרא לאנג געווען טויט.

— ווי אזוי? — האט מחלון אויסגערופען און זיין פנים איז בלאס געווארען.

— דער אויפזעהער האט געוואלט צווינגען גרא'ן ער זאל אנדייטען וואו זיין זוהן געפינט זיך. און ווען ער האט פון איהם גאר ניט געקענט ארויסבעקומען, האט ער איהם בעשטראפט דאמיט וואס ער האט ניט ערלאזען מען זאל איהם ברינגען וואסער. און ווען איך וואלט אין צייט ניט אנגעקומען און געבראכט וואסער, וואלט ער זיכער פון דורשט געשטארבען.

— עס טוט מיר זעהר לייד וואס איך האב איהם פעראורזאכט אזוי פיעל ליידען! — האט מחלון זיך אפגערופען— איך בין זיכער אז ער האט מיך און מיין ברודער געשאלטען פאר דעם.

— איך האב פון איהם ארויסגעקראגען א פערשפרעכען אז ער האט אייך ביידען מוחל געווען...

— ווען עס וואלט געווען מעגליך וואלט איך געבעטען דעם קעניג ער זאל איהם אין גאנצען בעפרייען! — האט מחלון זיך אבגערופען.

— ווען איך וואלט געוואוסט אז דיין בעטען וועט העלפען וואלט איך עס דיר געווים געראטהען צו טאהן. — האט דות געזאגט — אבער איך וויים ווי אזוי מיין פאטער פיהלט וועגען איהם, און ווי

אזוי ער האט אנגעזאגט דעם אויפזעהער איהם צו פייניגען. דעריבער בין איך זיכער אז דו וועסט ביי מיין פאטער ניט פועל'ן ער זאל איהם בעפרייען. דו וועסט נאך דאמיט ערגער מאכען פאר דיר און פאר דיין משפחה.

— און וואס דען זאל איך טהאן צו פערגרינגערען זיינע ליידען! — האט מחלון געזאגט—נאך אלעמען איז אונזער צוועק ניט געווען אז דער אלטער זאל ארעסטירט ווערען. הויפטזעכליך האבען מיר געוואלט, אז אהוד, זיין זוהן זאל איינגעשפארט ווערען אין געפענגניס, ווייל ער האט געדראהט צו ברענגען אן אומגליק אויף אונזער לאנד, און זיין פאטער איז גאר ניט אזוי שולדיג. איך בין זיכער, אז ווען עס געלינגט אונז אויסצוגעפינען, וואו אהוד געפינט זיך און איהם ברענגען אהער וואלט דער קעניג געוויס בעפרייט זיין פאטער.

— דו מאכסט א טעות! דאן וואלטען ביידע געווען ארעסטירט. און לויט ווי איך פערשטעה איז מיין פאטער זעהר אויפגעבראכט געגען אהוד'ן און ווען ער וואלט אריינגעפאלען צו אונזערע בעאמטע אין די הענט, וואלט ער געהייסען מען זאל איהם טויטען.

— איך מוז דיר זאגען דעם אמת, רות! —האט זיך מחלון אפגערופען רויט ווערענדיג—אז ווען איך טראכט, אז דו, וועלכע ביזט א טאכטער פון קעניג, געגען וועמען גרא און אהוד האבען געזינדיגט, זוכסטו זיי צו בעשיצען, פיהל איך ערשט אז איך און כליון זיינען בעגאנגען א פארברעכען געגען אונזערע ברידער.

— און דעריבער ווילען מיר זיך אנשטרענגען און זעהן, אז דער געפאנגענער זאל איימווייניגסטען נישט ליידען צופיעל—האט רות געזאגט.

---

אייניגע וואכען האבען זיי, אלימלך, נעמי און זייערע זיהן פערבראכט אין דעם קעניגליכען פאלאץ. דעם קעניג'ס פריינדשאפט צו זיי איז ניט אפגעשוואכט געווארען. נעמי איז שטארק צוגעבונדען געווארען צו ביידע טעכטער פון קעניג, איבערהויפט צו רות'ן און צו איהר מוטער. און כאטש אין אנפאנג איז איהר ניט געווען צום הארצען ווען זי האט א טראכט געטהאן פון דער מעגליכקייט, אז איהרע זיהן וועלען יעצט הייראטהען די צוויי מואב'ישע טעכטער פון קעניג, האט זי אבער יעצט מיט גרויס צופריעדענהייט געטראכט פון דעם. רות און איהר מוטער זייען איהר איינגעבאקען אין הארצען, און ניט איינמאל האט זי מיט איהר מאן וועגען דעם גערעדט.

— דו ווייסט, אלימלך, אז אזא טייערע, נאבעלע נשמה ווי רות פערמאגט, איז שווער צו געפינען אפילו צווישען אונזער אייגענע ברידער — האט נעמי זיך אפגערופען.

— און יעצט זעהסטו אז איך בין גערעכט! — האט אלימלך געזאגט — וויפיעל טרעהרען האסטו פערגאסען איידער דו האסט צוגעשטימט צו פערלאזען בית לחם... זאג אליין, וואלטען מיר זיך אין דיזער צייט געקענט לעבען אין בית לחם אזוי רוהיג ווי דא?... און קריעג איך דען ניט אין דיזען לאנד מעהר כבוד, ווי איך האב געקראגען אין בית לחם? יעצט זעהסטו, אז דער קעניג פון מואב איז גארניט אזוי שלעכט, ווי מיר האבען זיך פארגעשטעלט. און וואס אנבעלאנגט די טעכטער פון דעם קעניג, דארפען מיר זיך שעצען גליקליך אז ער זאל וועלען זיך מתחתן זיין מיט אונז... רות מוטער איז דאך אליין א אידישע, און רות אליין איז גענייגט צו אונזער רעליגיע, זי פערהאסט די געטער פון מואב און קען ניט פערטראגען זייערע שלעכטע מנהגים.

— דאך ווען איך גיעב א טראכט אין וואס פאר א לאגע מיר האבען איבערגעלאזען אונזערע ברידער אין ארץ ישראל, בלוטיגט אין מיר דאס הארץ. ווער ווייס ווי זיי וועלען דורכשטופען דעם הונגער יאהר, און ווער ווייס אויב דאס צווייטע יאהר וועט זיין בעסער!

— וועמען דארף פאר זיי אארען! —האט אלימלך אויסגערופען—זיי האבען נאר פערלאנגט איך זאל זיך מיט זיי צוטהיילען מיין פערמעגען און ווערען אזוי ארים ווי זיי, געדענקסטו ניט ווי די אלע קבצנים זיינען אונז בעפאלען ווי היישעריקען און פערלאנגט איך זאל זיי געבען ברויט.

— זינדיג ניט מיט דיינע רייד, מיין מאן! — האט נעמי א זיפץ געטהאן. — דו ווייסט אליין, אז דו האסט זיי זעהר שלעכט בעהאנדעלט, דו האסט זיי צוטריבען ווי זיי וואלטען געווען הינט... ווען איך דערמאן זיך יעצט ווי די אומגליקליכע זיינען זיך צולאפען. זייערע פנים זיינען געווען טוידט בלאס פון שרעק און פון הונגער... און געוויס האבען זיי געשאלטען... יע, ווען איך דערמאהן זיך דאס, געהט דורך א שוידער איבער מיין לייב... און עס געהט מיר ניט איין דאס לעבען דא.

— דו דארפסט וועגען דעם ניט טראכטען, פערגעס ניט דעם גרויסען כבוד וואס דער קעניג טהוט אונז אן און א חוץ דעם קען איך דיר מיט פרייד אנזאגען אז דער קעניג האט בעשטימט אז ביידע חתונות פון אונזערע זיהן און זיינע טעכטער זאלען פארקומען גאר אין גיכען... איז דען דאס אליין ניט א גליק פאר אונז אלעמען. א קלייניגקייט מיר וועלען געהערען צו דער קעניגליכער משפחה פון מואב.

— אויב נאר מיר זאלען דאמיט ניט זינדיגען צו גאט! —האט נעמי א זיפץ געטהאן.

— מיר וואלטען געזינדיגט צו גאט דאן, ווען אונזערע זיהן וואלטען געהייראט מיט טעכטער פון מואב, וועלכע זיינען געצענדינער און היטען אפ אלע מנהגים פון זייער פאלק. אבער דו ווייסט דאך אליין, אז רות און ערפה זיינען אנדערש...

— יע,—האט נעמי א שמייכעל געטהאן—איך האב נאך דיר ניט דערצעהלט, אז רות איז נעכטען געווען ביי מיר, און מיר פערטרויט א סוד, אז זי וויל זיך מגיר זיין!

— זי וויל אנעהמען אונזער אמונה! —האט אלימלך מיט איבערראשונג געזאגט.

— יע, אבער דאס דארף זיין א סוד, איהר פאטער טאר דערפון ניט וויסען.

— און ערפה? —האט אלימלך געפרעגט.

— רות גלויבט, אז אויך איהר שוועסטער וועט וועלען ווערען א אידישע טאכטער. דו ווייסט דאך ווי איבערגעגעבען און פריינדליך זיי זיינען איינע צו דער צווייטער, אזוי ווי זיי וואלטען געווען אויך פון איין מוטער. רות האט מיך געבעטען איך זאל איהר לערנען אלעס וואס א אידישע טאכטער דארף וויסען. און היינט וועט זי געוויס קומען מיט ערפה'ן.

— עס איז א מערקווירדיגע זאך! —האט אלימלך א שמייכעל געטהאן,— מחלון האט געראטעוועט ערפה'ן און כליון—רות'ן און פון אנפאנג האט עס געשיינט, אז זיי זיינען די בעשערטע איינע צום צווייטען. אבער האט דער קעניג דורך א טעות געגעבען מחלון, דעם רינג פון רות'ן און כליון'ען — ערפה'ס רינג אלס אנדיינקונג און דאס האט געפיהרט דערצו, אז מחלון און רות האבען זיך פערליעבט און ערפה און כליון זיינען די בעשערטע.

— יע, זיי זיינען ביידע ווירדיגע און בעזיצען גוטע הערצער, אבער רות שטאמט דאך פארט פון א אידישער מוטער... און זי בעזיצט א סך אידישען חן.

— און וואס פעהלט די רויט־האריגע ערפה'ן. איז זי דען ניט גענוג שעהן? —האט אלימלך א שמייכעל געטהאן. — ווען איך דערמאהן זיך ווי צדוק דער כהן גדול האט זיך ניט געוואלט מתחתן זיין מיט מיר, פיהל איך מעהר צופריעדען. מיינע זיהן נעהמען פרינצעסינס און ווי איך האב געהערט האט צדוק'ס

עלטערע טאָכטער חתונה געהאַט מיט א קנעכט פון שלמינ׳ען.

— לאָמיר וועגן דעם מעהר ניט רעדען! — האָט נעמי געזאָגט — אָט קומען מחלון און רות.

מיט א שטראַהלענדען פּנים האָט מחלון בעגריסט זיינע עלטערן און זיי איבערגעגעבען אז רות האָט זיך שוין מגיר געווען און יעצט קומט זי צו לערנען פון זיין מוטער זאַכען וואָס א אידישע טאָכטער דאַרף וויסען.

— און וואו איז דיין ברודער? — האָט נעמי איהם געפרעגט.

— ער וועט באַלד צוקומען מיט ערפּה׳ן — האָט מחלון געענטפערט — זי וועט נאָכטאָן איהר שוועסטער און זיך אויך מגיר זיין.

א יווילע שפּעטער זיינען זיי טאַקע צוגעקומען. ערפּה און רות זיינען אוועק מיט נעמי׳ן און מחלון און כליון זיינען פערבליבען מיט זייער פאָטער.

די טאָפּעלטע חתונה איז געפייערט געוואָרען מיט גרויס פּאַראַד. דאָס גאַנצע לאַנד פון מואב האָט געיובעלט און געפייערט א יום טוב צוליעב דעם.

מחלון און כליון זיינען געוואָרען די איידימס פון דעם קעניג פון מואב. גרויס פריידן האָט געהערשט ביי אַלעמען. אלימלך און נעמי זיינען געווען זעהר גליקליך צו זעהן זייערע זיהן פערהייראַט. די שניר זיינען זיי געפעהלען געווען. און דעם גרויסער כבוד וואָס זיי האָבען געהאַט איז אויך ניט געווען אוועקצומאַכען מיט דער האַנט. א קליינינקייט זיך מחותן זיין מעט דעם קעניג.

לאַנג אָבער איז דאָס פרייד ניט געדויערט: דער קעניג האָט בעמערקט, אז זיינע ביידע טעכטער זיינען יעצט נאָך מעהר אָפּגעפרעמדעט געוואָרן פון די געטער פון מואב. פריהער האָט ער געוואוסט, אז בלויז רות איז ניט איבערגעבען צו די געטער, ווייל איהר מוטער שטאַמט פון אידען, אָבער יעצט בעמערקט ער, אז אויך ערפּה דערווייטערט זיך פון די געטער: זי מיידעט אויס די טעמפּלען פון פעור. עגלון האָט דעריבער צו זיך גערופען ערפּה׳ס מוטער און איהר געפרעגט די אורזאַכע.

— אין גאַנצען איז שולדיג נחמה, די מוטער פון רות׳ן — האָט חגית אויסגערופען — זי האָט אויך מיין טאָכטער׳ס האַרץ אָפּגעווענדעט פון די געטער, און איך האָב מורא, אז זיי זאָלען ניט אויסלאָזען זייער צאָרן אויף אונז אַלעמען צוליעב דיזען גרויסען זינד.

— אין עס מעגליך, אז צוליב דעם וואָס זיי האָבען געהייראַט מיט מענער פון אידישער אָפּשטאַמונג, זיינען זיי דערווייטערט געוואָרען פון אונזערע געטער און בעזוכען ניט זייערע טעמפּלען.

— איך האָב אָבער בעמערקט נאָך פריהער, איידער זיי האָבען געהייראַטעט אז זיי פּלעגען אויסמיידען צו בעזוכען די טעמפּלען אפילו אין אונזערע פייערטעג — האָט זי אויסגערופען — און דאָס איז קיינעם׳ס שולד אויסער נחמה׳ס, די פרוי וועמען דו האָסט אַזוי פיעל געצערטעלט און געליעבט. איך ווייס, אז ניט איינמאָהל האָט זי גערעדט שלעכטעס אויף אונזערע געטער און אונזערע מנהגים אין דער געגענוואַרט פון מיין טאָכטער ערפּה, אָבער ווען איך האָב דאָס דיר אויפמערקזאַם געמאַכט, האָסטו מיינע רייד ניט גענומען ערנסט. איך האָב געהאָפט, אז ווען מיין ערפּה וועט הייראַטהען מיט כליון׳ען וועט זי איהם בעקעהרען צו אונזער גלויבען. זי וועט האָבען א גוטען איינפלוס איבער איהם, יעצט אָבער זעה איך, אז פון מיינע האָפנונגען זיינען גאָרניט געוואָרען. ניט נאָר דיענט זי ניט אונזערע געטער, אָבער זי פיהרט זיך אין גאַנצען אויף ווי אַן אידישע טאָכטער.

— אָה, איך וועל אין דעם ניט שווייגען! — האָט עגלון א קריץ געטהאָן מיט די צייהן. פון יעצט אָן און ווייטער וועל איך צווינגען נחמה׳ן צו געהן אין טעמפּעל און צו דינען צו די געטער, און זאָל רות זעהן וואָס איהר מוטער טהוט, וועט זי אויך טהאָן דאָס זעלבע!

— און דאָן וועט שוין ניט זיין שווער

צו ווירקען אויף ערפּה'ן—האט חגית צוגעגעבען.

דער קעניג האט גלייך געשיקט רופען די מוטער פון רות און ער האט זיך צו איהר אָפּגערופען מיט א בייזע שטימע:

— פיעלע יאָהרען האב איך געדולדעט דיין אויפפיהרען זיך, איך האב געזעהן ווי דו פערשוועכסט די הייליגע געטער פון מואב. דו האסט זיך ניט בעטהייליגט אין אונזערע פייער טעג... איך האב געשוויגען. ווייל איך האב געמיינט, אז די צייט וועט אַלעם ענדערען. יעצט אָבער זעה איך, אז וואס ווייטער ווערסטו ערגער און ניט נאָר דו אליין, אָבער אויך מיינע צוויי טעכטער, וועלכע זיינען דער שטאָלץ פון מיין לאנד, אויך זיי האט מען שוין לאנג ניט געזעהן אין די טעמפּלען פון די געטער... דו האסט איבערגעפיהרט רות'ן און רות האט אויך געווירקט אויף ערפּה'ן און יעצט ווען זיי האבען געהייראט מיט די צוויי זיהן פון אלימלך, קומט אויס, אז מיין משפחה איז אין גאנצען פערוואנדעלט געווארען אין א אידישע.

— נאָך ניט גענוג וואס אונזערע טעכטער האבען חתונה געהאט מיט צוויי זיהן פון ישראל, נעהמסטו, האר קעניג און דו בעשטימסט אלימלך'ן פאר דעם אויפזעהער פון דיינע גיטער—האט ערפּה'ס מוטער זיך אָפּגערופען און איך שווער ביי די געטער פון מואב, אז איך אליין האב בעמערקט ווי אלימלך איז מתפּלל צו זיין גאָט אין דיין שאַצקאמער...

— ער וועט שוין ווערען אויס אויפזעהער! — האָט עגלון מיט א שטורמישע שטימע געזאגט—איך וועל איהם אין גאנצען פון מיין פּאַלאַץ פערטרייבען.

— אָבער, מיין האר קעניג!—האט זיך נחמה אריינגעמישט—אין וואס בעשטעהט זיין פערברעכען, האט ער דען זיין פליכט ניט געטהאן מיט עהרליכקייט און איבערגעבענהייט?

— איך האס אלע אידען, און איך וועל ניט דערלאָזען, אז אין מיין פּאַלאַץ זאָל הערשען דער איינפלוס פון אידען! און איך וועל טאקע אָנפאנגען פון דיר!—האט ער זיך געווענדעט צו נחמה'ן—דו וועסט היינט פאר אלעמען אין די אויגען אוועקגעהן צום טעמפּעל פון כמוש און מקריב זיין צו איהם א קרבן...

— ניין! איך וועל עס ניט טהאן!—האט זי אויסגערופען מיט א פעסטע שטימע—איך וועל ניט דינען צו די אָפּגעטער פון מואב.

— אויב דו וועסט עס ניט טהאָן מיט דיין גוטען ווילען, וועסטו עס טהאן געצוואונגענערהייט!—האט דער קעניג א געשריי געטהאן—גלייך וועסטו געהן.

נחמה איז געבליבען שטעהן בעוועגלאָז אויף איהר פּלאַץ. עגלון האָט געשיקט רופען זיינע בעדינער און איינינע פון די פריעסטער פון כמוש.

— איך וויל אז איהר זאלט צוגרייטען א פעטען אָקס, ווייל מיין פרוי, נחמה, וועט אליין קומען מקריב זיין א קרבן צו אונזער גאָט כמוש.

— געבענשט זאָל זיין אונזער קעניג צו כמוש!—האט דער פריעסטער אויפגעהויבען זיינע הענט—דאמיט וואס זי וועט קומען מקריב זיין צו איהם א קרבן, וועט זיין צאָרן אָפּגעטהאן ווערען און איהרע זינד וועט פערגעבען ווערען.

—איצט געה מיט זיי! — האָט עגלון זיך געווענדעט צו נחמה'ן — זיי מקריב דעם קרבן און זיי צו איהם מתפּלל ער זאָל דיר מוחל זיין פאר דיינע זינד, דאָן וועסטו זיך צוריקקערען צו מיר מיט א ריינע געלייטערטע נשמה.

— איך וועל ניט געהן — האָט זי קאַלטבלוטיג געענטפערט און זיך ניט געריהרט פון אָרט.

— דו וועסט מיין באפעהל טאָן!—איז שוין דעם קעניג'ס צאָרן שטארקער געוואָרען — און אויב דו וועסט ניט געהן מיט דיין גוטען ווילען וועסטו דאָרט געבראכט ווערען דורך צוואנג. איך וועל מוזען מאכען א סוף צו דעם אידישען איינפלוס אין מיין פּאלאץ!

נחמה האָט געזעהן אַז דער צאָרן פון קעניג איז גרויס, און אַז ער וועט ניט ענדערען זיין באַשלוס, איז זי צוגעגאַנגען נעהנטער צום טראָהן און איז געפאַלען צו זיינע פיס און וויינענדיג אויסגערופען:

— מיין האַר, קעניג! דו האָסט צו מיר אַרויסגעוויזען אַזוי פיעל חסד ביז היינט, האָב איצט רחמנות אויף דיין דינסט און צווינג מיר ניט צו טאָן אַזאַ זאַך געגען מיין ווילען... איך וויל ניט זינדיגען געגען מיין גאָט!

— דו זעהסט, אַז זי איז אַליין מודה אַז דער גאָט פון ישראל איז אויך איהר גאָט — האָט ערפּה'ס מוטער זיך אַריינגעמישט — ווי אַזוי קענסטו ערוואַרטען די ברכה פון אונזערע געטער, ווען דיין קעניגין איז פון אַן אַנדער גלויבען. איך בין זיכער אַז אין איהר האַרצען לאַכט זי און שפּאַט אָפּ פון די געטער פון מואב און פון אַלע אונזערע מנהגים.

— ניין, ניין, מיין האַר קעניג —האָט נחמה מיט טרערען געזאָגט — איך שפּאַט ניט אָפּ פון קיין גלויבען. זי מאַכט אויף מיר אַ בלבול!

— אויב אַזוי, פאַר וואָס ווילסטו זיך ניט באַטייליגען אין דער גאָטעס דינסט און ווילסט ניט מקריב זיין דעם קרבן צו כמוש?

— איך וויל ניט ווילען...

— וועסט שוין ווילען — האָט דער קעניג זי איבערגעשלאָגען — געה גלייך מיט זיי! שטעל זיך אויף און געה מיט דעם פּריסטער און זיינע באַאַמטע.

נחמה איז געבליבען ליגען אויף איך פּלאַץ און זי האָט ניט אויפגעהערט צו וויינען.

— הויבט זי אויף און פיהרט איהר אַוועק צו דעם טעמפּעל פון כמוש — האָט עגלון באַפוילען זיינע באַאַמטע.

יענע זיינען גלייך צוגעגאַנגען און האָבען אויפגעהויבען נחמה'ן און איהר אַרויסגעפיהרט פון פּאַלאַץ.

ווען זיי האָבען איהר געבראַכט צום מזבח, איז זי געבליבען שטיין באַוועגלאָז. איהר קאָפּ געבויגען צו דער ערד.

דער פּריסטער איז צו איהר צוגעגאַנגען און מיט אַ מילדע שטימע צו איהר געזאָגט.

— אַלץ איז געגרייט. איצט דאַרפסטו צוגעהן און אָנצינדען דעם פייער וואָס וועט פאַרברענען דעם קרבן, און דער גאָט כמוש וועט מוחל זיין אַלע דיינע זינד.

זי האָט איהם ניט געענטפערט. זי איז געבליבען שטעהן ווי צוגעשמידט צו איהר פּלאַץ.

דער פּריסטער האָט אָבער פון איהר ניט אָפּגעטראָטען. ער האָט גענומען מיט איהר איינ'טענה'ן און ווען ער האָט געזעהן אַז מיט גוטען וועט ער גאָר ניט פּועל'ן, האָט ער איהר גיעוואָרענט אַז ער וועט שיקען אָנזאָגען דעם קעניג אַז זי וויל ניט דורכפיהרען זיין באַפעהל...

זי האָט איהם ניט געענטפערט. איהר קוק איז ווי פאַרגליווערט געוואָרען.

דער פּריסטער האָט צוגערופען די באַאַמטע און זיי האָבען אויך גענומען איהר איינרעדען, זי זאָל פאָלגען דעם פּריעסטער. נחמה איז געבליבען שטעהן און ניט געענטפערט.

דער פּריעסטער האָט געהייסען די באַאַמטע אַכטונג געבען אויף איהר און ער אַליין האָט זיך אַריינגעזעצט אין זיין קאַרעטע און צוגעפאָהרען צום פּאַלאַץ. ער האָט גלייך איבערגעגעבען דעם קעניג אַז זי וויל איהם ניט פאָלגען און עגלון איז מיט גרויס צאָרן אַוועק צו איהר אין דער באַגלייטונג פון זיינע לייב־וועכטער.

ווען ער איז צוגעקומען צו איהר האָט אין איהם געברענט זיין כעס און ער האָט אַ געשריי געטאָן מיט אַ דונערדיגע שטימע:

— וועסטו דען אויך מיין מויל ווידערשפּעניגען! אויב דו וועסט גלייך ניט פאָלגען וואָס דער פּריסטער הייסט דיר, וועסטו אַריינגעוואָרפען ווערען אין געפענגנים.

נחמה אָט ניט געענטפערט. מיט גלייכגילטיגע בליקען האָט זי אויף איהם געקוקט און געשוויגען.

עגלון האָט א וואונק געטאָן צו זיינע לייב־וועכטער און יענע זיינען צוגעקומען צו איהר און זי אָנגענומען ביי איהרע הענט. זי האָט ניט ארויסגעצייגט קיין ווידערשטאַנד און איז מיט אן אויסערגעוויינליכער רוהיגקייט מיט זיי מיטגעגאנגען.

ווען ערפּה'ס מוטער האָט זיך דערוואוסט אז מען האָט איהר פיינדין אריינגעשפּארט אין געפענגנים, איז זי געווען העכסט גליקליך. זי איז גלייך אוועק צו איהר טאָכטער און מיט פרייד איהר דערצעהלט וואָס עס האָט פּאַסירט.

— איצט קענסטו שוין זעהן אז דער קעניג האָט מיך מעהר ליעב ווי זי. ער האָט זיך צוגעהערט צו מיינע רייד און איינגעזעהן אז איך בין איהם מעהר געטריי ווי נחמה. זי איז שוין איינגעשפּארט אין געפענגנים, ווייל זי האָט איהם ניט געפאָלגט. זי האָט ניט געוואָלט מקריב זיין קיין קרבן צו דעם גאָט כמוש.

— אָה, מוטער, וואָס האָסטו געטאָן?

— האָט ערפּה אויסגערופען — וואָס האָסטו צו איהר געהאט? זי האָט דאָך קיינעם קיין שלעכטעס ניט געטאָן... זי איז געווען גוט צו אלעמען אפילו צו איהרע שונאים. און וויפיעל צער און לײדען רות וועט דערפון האָבען.

— איך ווייס, מיין טאָכטער, אז דו האָסט ליעב רות מעהר ווי מיך

— האָט זי מיט פאַרדרוס געזאָגט — האָט דיר ווען עס איז געאַרט, ווען דו האָסט געוואוסט אז זי איז מעהר באַליבט ביי דעם קעניג ווי איך...

— זי האָט אָבער מיט קיין זאך ניט ארויסגעוויזען אז זי שטעהט העכער פון דיר. זי האָט די גאנצע צייט געזוכט צו לעבען מיט דיר אין פרידען! און איצט האָסטו איהר פאַראורזאַכט אזוי פיעל לײדען.

— רעד ניט קיין נארישקייטען, מיין טאָכטער — דו ווייסט אז איך האָב אזוי געמוזט האנדלען. פאַרוואָס זאָל זי אויפּרעגען דעם צאָרן פון די געטער אויף אונז אלעמען. זי שטאַמט פון ישראל, און אין איהר הארצען איז זי פאַרבליבען א ישראלית.

— מוטער! — האָט ערפּה אויסגערופען מיט א ציטערנדע שטימע — אויב דו גלויבסט אז זי האָט פאַרדינט באַשטראָפט צו ווערען, באַדאַרפסטו אויך מיר באַשטראָפען.

—פאַרוואָס קומט דיר באַשטראָפט צו ווערען? — האָט זי איהר אָנגעקוקט מיט שטוינענדע בליקען.

— ווייל אויך איך וועל שוין מעהר ניט דינען צו די געטער פון מואב.

— איך פאַרשטעה ניט וואָס דו רעדסט!

— האָסטו און מיין פאָטער דען ניט צוגעשטימט איך זאָל הייראַטען מיט כליון'ען, און ער איז דאָך א זוהן פון ישראל!

— אָבער דו ווייסט דאָך, אז ער האָט גאָרניט צו טאָן מיט זיין פאָלק. ער האָט פאַרלאָזען זיין לאַנד, זיין פאָלק צוזאַמען מיט זיין גאָט, און עס וועט לאַנג ניט דויערען און ער וועט אָנפאַנגען צו דינען צו אונזערע געטער.

— דו מאַכסט א טעות, מוטער, א זוהן פון ישראל וועט ניט אויסבייטען דעם גאָט פון זיינע עלטערען אויף אן אָפּגאָט. ער ווייס וויפיל וואונדער זיין גאָט האָט ארויסגעוויזען זיינע עלטערן!.

— אויב ער וועט עס ניט וועלען טאָן מיט זיין גוטען ווילען וועט ער עס טאָן דורך צוואַנג, אזוי ווי די מוטער פון רות.

— און אויב ער וועט ניט וועלען פאָלגען? — האָט ערפּה געפרעגט.

— וועל איך שוין זעהן אז ער זאָל איינגעשפּארט ווערען אין געפענגנים.

— אויב אזוי מעגסטו וויסען מוטער, אז אויך איך האָב אָנגענומען זיין גלויבען. איך האָב זיך מגיר געווען נאָך איידער איך האָב געהייראַט, און איך בין פאַררעכענט אלס א טאָכטער פון ישראל.

— וואָס רעדסטו, מיין טאָכטער!—

האט זי אויסגערופען און איהר פנים איז בלאס געווארען — ווילסטו דען אויך דערצערענען דיין פאטער.

— אויב עס איז א זינד וויל איך ליידען צוזאמען מיט רות'ן און מיט איהר מוטער — האט ערפה געזאגט — איצט אויב דו ווילסט קענסטו איבערגעבען אונזער פאטער אז איך און רות האבען זיך מגיר געווען און זאל ער אונז באשטראפען.

— איך ווייס מיין טאכטער, אז עס איז ניט דיין שולד, עס איז דער שולד פון נחמה'ן. זי האט עס אלץ פאראורזאכט. איך וועל מוזען העם קעניג דערציילען וועגען אלץ... אבער איידער איך טו עס, פארלאנג איך פון דיר, אז דו זאלסט גלייך צוריק אנפאנגען דינען צו אונזערע געטער, און דאן וועלען דיר די געטער מוחל זיין דיין גרויסע זינד.

— דאס וועט קיינמאל ניט געשעהן!

— האט ערפה מיט פעסטקייט געזאגט

— איך וועל זיך מעהר קיינמאל ניט אומקערען צו די געטער פון מואב.

— אויב אזוי וועט דיין פאטער וויסען וואס צו טאן מיט דיר. דו וועסט ערגער מאכען פאר אלימלך'ן און זיין משפחה... זיי וועלען צוליב דעם זעהר פיל ליידען.

ערפה אט איהר מעהר ניט געענטפערט. זי איז גלייך אוועק צו רות'ן און איהר דערציילט אז דער קעניג האט איינגעשפארט איהר מוטער אין געפענגנים. מיט גרויס שרעק איז רות געקומען צולויפען צו איהר פאטער און מיט טרערען אין די אויגען האט זי איהם געבעטען ער זאל אפטאן זיין צארן פון איהר מוטער און איהר ניט פארשאפען קיין שמערצען.

—אומזיסט זיינען דיינע רייד! — האט עגלון געשטורעמט.— איך האב אייך צופיל נאכגעגעבען. צוליב אייך האב איך אלימלך'ן געמאכט פאר דעם אויפזעהער איבער מיינע גיטער. צוליב דיר און ערפה'ן האב איך מחלון און כליון געמאכט פאר באאמטע. איצט איז מיין פאלאץ פול מיט אידען. זיי האבען אויך מיר געווירקט איך זאל פארקלענערען די צינזען וואס איך פלעג אויפמאנען פון ישראל.

— אבער פאטער, דו ווייסט דאך, אז דאס האבען זיי פון דיר פארלאנגט ווייל אין ארץ ישראל הערשט א הונגער און די איינוואוינער קענען ניט באהויפטען צו צאהלען אזעלכע הויכע צינזען ווי פריהער, אין די גוטע יאהרען.

— איך וועל זיי ווייזען מיין שטארקע האנט! — האט עגלון זיך אפגערופען — איך וועל זיי אנפאנגען נאך מעהר צו דריקען און אויב אלימלך און מיינע אידימס וועלען ניט וועלען דינען צו די געטער פון מואב, וועלען זיי באשטראפט ווערען אזוי ווי דיין מוטער!

באלד איז אויך אנגעקומען ערפה, און גענומען זיך בעטען ביי איהר פאטער ער זאל זיין ניט אזוי בייז און באפרייען נחמה'ן פון געפענגנים.

— איהר האט זיך אלע אנגעזעצט אויף מיר! — האט עגלון געשטורעמט — איהר ווילט איך זאל פארלירען מיין חן אין די אויגען פון די געטער און דורכדעם וועט אן אומגליק קומען אויף אונז אלעמען.

— פון טאן גוטעס וועט קיין אומגליק ניט קומען — האט רות געענטפערט. — ווען דו האסט גוט באהאנדעלט די אידען האט קיין זאך ניט פאסירט. דיין לאנד ליידט ניט פון דעם הונגער וואס הערשט אין ארץ ישראל.

— דער פריסטער האט מיר איבערגעגעבען אז דער צארן פון די געטער ווערט גרעסער מיט יעדען טאג, דאס איז ווייל אלימלך דינט ניט צו זיי, און אויך אייערע מענער האבען נאך ניט פארלאזען זייער גאט און אנגעפאנגען צו דינען צו די געטער פון מואב.

— און ניט נאר דאס! — האט זיך פלוצלינג דערטראגען די שטימע פון ערפה'ס מוטער. זי איז שנעל צוגעקומען צום קעניג און זיך פארנייגט.

— אה, מיין האר קעניג, א גרעסערער אומגליק האט פאסירט. דיינע ביידע טעכטער האבען אנגענומען דעם גלויבען פון ישראל!

— וואס! — האט עגלון זיך אויפ־

געשטעלט און זיין שטימע האָט געציטערט — מיינע טעכטער האָבען פערלאָזען די געטער פון מואב און אָנגענומען דעם גאָט פון ישראל!

— יע, עס איז אמת! — האָט ערפה צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפ.

— און מיר האָבען ניט קיין חרטה — האָט רות צוגעגעבען — ווייל דער גאָט פון ישראל איז דער הערשער איבער דער וועלט און ער האָט געטהאָן גרויסע ניסים מיט זיין פאָלק.

— פאר דעם וועט אלימלך נאָך מעהר ליידען פון מיר! — האָט דער קעניג אויסגערופען און געדריקט זיין פויסט. איך וויים אז איהר זייט אָבגעפרעמדט געוואָרען פון אונזערע געטער דורך איהם ווייל ער האָט אייך דערצעהלט די וואונדער פון זיין גאָט. ווען איך האָב אייך געלאָזען הייראטען זיינע צוויי זיהן, בין איך געווען זיכער אז זיי וועלען ווערען ווי אלע מואבים, אָבער יעצט זעה איך אז זיי האָבען מיינע טעכטער אָבגעפרעמדט פון מיר און מיין פאָלק!

— אָבער, איך בעט דיך פאָטער, פאר וואָס זאָלסטו בעשטראָפען מיין מוטער?

—האָט רות מיט טרעהרען אין די אויגען געזאָגט — זי האָט דאָך גאָר ניט געזינדיגט. דו ווייסט דאָך אז זי האָט זיך שטענדיג געהאלטען פון דער ווייטען.

— איך וויים, אז איך אליין האָב איהר נאָכגעלאָזען, יעצט אָבער וויל איך זעהן צופרידענצושטעלען אונזערע געטער און אלע וועלכע געפינען זיך אין מיין קעניגרייך וועלען מוזען דיענען צו זיי און ברענגען פאר זיי קרבנות. און אָנפאנגען וועט מוזען דיין מוטער, אז ניט וועט זי פערבלייבען אין געפענגנים. און יעצט וועל איך שיקען רופען אייער שווער, אלימלך. ער וועט פון יעצט אָן אויך מוזען דיענען צו די געטער פון מואב. אויב ער וועט פערבלייבען אין מיין פאַלאץ און זיין אויפזעהער איבער מיינע גיטער. און ווען ער וועט ניט פאָלגען, וועט ער ערגער מאכען.

די געבעטען און געוויינען פון ערפה'ן און רות, זיינען געפאלען אויף טויבע אויערען. דער קעניג איז געווען זעהר פערביטערט און האָט זיין בעשלוס ניט געענדערט.

רות איז גלייך אוועק אין געפענגנים וואו איהר מוטער געפינט זיך, אָבער די וועכטער האָבען איהר געזאָגט אז דער בעפעהל פון קעניג לויטעט, אז מען זאָל קיין איינעם צו איהר מעהר ניט צולאָזען.

עס האָבען זיך אָנגעפאנגען שלעכטע צייטען פאר אלימלך'ן און זיינע זיהן. אלימלך האָט ניט געוואָלט פערלאָזען דעם גאָט פון זיינע עלטערען, און עגלון האָט איהם גענומען שטראָפען. פריהער האָט ער איהם דערווייטערט אין גאַנצען פון פאלאץ, און ביי איהם צוגענומען דעם אמט פון צו זיין דער אויפזעהער איבער זיינע גיטער. ווען אלימלך איז נאָך אלץ געווען פער'עקשן'ט, האָט ער ביי איהם צוגענומען זיין גאנצען רייכטום. אלימלך איז געוואָרען אָרעם און ער און נעמי זיינען געשטיצט געוואָרען פון זיינע זיהן.

גרויס טרויער האָט געהערשט אין אלימלך'ס הויז.

— פארשאָלטען זאָל ווערען דער טאָג, וואָס איך האָב פארלאָזען בית לחם! — האָט אלימלך מיט פערביטערונג געזאָגט. אַ, פאר וואָס האָב איך זיך ניט צוגעהערט צו דיינע רייד, מיין טייערע נעמי. איך האָב פערלאָזען מיינע אָרימע ברידער אין דער צייט פון א צרה און יעצט בעשטראָפט מיך גאָט פאר דעם. יע, איך האָב עס פארדיענט.

— נעהם זיך ניט צום הארצען, מיין ליעבער אלימלך — האָט נעמי איהם געזוכט צו טרייסטען, כאָטש איהר הארץ איז אויך געווען פערביטערט. עס איז אזוי געוועזן בעשערט פון גאָט. און מיר דארפען דאנקבאר זיין צו איהם פאר דעם חסד וואָס ער האָט מיט אונז געטהאָן ביז יעצט. לאָמיר צו איהם מתפלל זיין, פיעלייכט וועט ער אונז דאָך מוחל זיין...

— איך האָב זעהר שטארק געזינדיגט געגען מיינע ברידער. אין מיינע אויערען קלינגען נאָך יעצט זייערע פערצווייפעלטע געשרייען און געבעטען, ווען

זיי זיינען געקומען צו מיר פערלאנגען איך זאל זיי געבען ברויט פאר זייערע הונגעריגע קינדער. אה, איך קען ניט בעגרייפען, ווי אזוי מיין הארץ איז דאן פערשטיינערט געווארען און איך בין ניט געריהרט געווארען פון זייערע געבעטען און וויינען.

נעמי האט זיך שוין מעהר ניט געקענט בעהערשען און א שטראם טרעהרען האבען א זעץ געטהאן פון איהרע אויגען.

— לאמיר זיך אומקעהרען נאך בית לחם! — האט זי געזאגט מיט א טרויעריגע שטימע, דא זיינען מיר דאך אזוי עלענד און פרעמד, דארטען, אין אונזער אייגען לאנד, וועלען מיר דאך זיין צווישען ברידער. זיי וועלען אונז פערגעבען און מיר וועלען זיך בעגניגענען מיט וואס מיר וועלען האבען.

— אה, ניין! עס איז שוין יעצט צו שפעט פאר מיר, צוריקצוקעהרען זיך נאך מיין לאנד! — האט אלימלך אויסגערופען — איך וועל זיין צו שאנד און צו שפאט ביי יעדען. יעדער איינער וועט מיט רעכט, מיך פעראכטען און אפלאכען פון מיר. און אויסער דעם, וואס וועלען אונזערע זיהן און שניר זאגען דערויף?

— איך קען דיר איבערגעבען, אז איך האב שוין מיט זיי לאנג גערעדט דערפון, און כאטש מחלון און כליון זיינען ניט געווען שטארק בעגייסטערט פון דעם פלאן זיך צוריקצוקעהרען נאך ארץ־ישראל, האבען אבער רות און ערפה איינגעוויליגט. זיי האבען מיר געזאגט, אז זייער פאטער האט זיי שלעכט בעהאנדעלט און זיי זיינען יעצט איז גאנצען אבגעפרעמדט געווארען פון איהם, בפרט רות. איהר צער איז גרויס גענוג, איהר מוטער איז צוליעב דער אכזריות פון קעניג, פון דער וועלט געגאנגען. זי וואלט זעהר געוואלט געהן מיט מחלון נאך אונזער לאנד, אבער מחלון וויל ניט, ער וויים אז אויב ער וועט מיט איהר פערלאזען מואב, וועט דער קעניג ביי זיי צונעהמען דאס ביסעל וואס זיי איי פערבליבען. און וואס וועט ער דארט יעצט טהאן? געהן ארבייטען אין די פעלדער פון זיינע פעטערם?

— יע, ער פיהלט אויך ווי איך, אז עס וועט זיין אונמעגליך פאר אונז אריבערצוטראגען די שאנדע און די ערנידרונג. און אזוי פיהלט געווים אויך כליון.

— אבער מיין טייערער מאן, אויב ליידען איז דאך שוין בעסער צו ליידען אין אונזער אייגען לאנד, צווישען אייגענע ברידער.

— קען דען געמאלט זיין גרעסערע יסורים ווי צו קומען און בעטען ברויט ביי יענע, וועמען איך האב פערטריבען, ווען זיי זיינען צו מיר געקומען איך זאל זייער הונגער שטילען. אה, נעמי, גאט שטראפט מיך פאר אלעס, אבער איך האב זיין שטראף פארדיענט. איך בין געווען שלעכט און קארג. גאט האט מיך מיט אזוי פיעל רייכטום געבענשט און איך האב ניט געוואוסט ווי דאנקבאר איהם צו זיין. איך האב געמיינט אז אלעס בעלאנגט צו מיר און וועט ביי מיר אויף אייביג פערבלייבען. אנשטאט זיך איינצושאפען פריינד מיט מיין רייכטום, האב איך זיך געשאפען פיינד. איך וויים אז יעדער איינער פון בית לחם האט מיך געשאלטען. איך וועל קיין מאל ניט פערגעסען יענעם טאג ווען מיר האבען בית לחם פערלאזען, ווי די איינוואהנער האבען אויף אונז שווייגענדיג געקוקט, אבער זייערע בליקען האבען מיין הארץ דורכגעלעכערט. איך האב געוואוסט אז כאטש זיי האבען עס ניט ארויסגערעדט, איז אויף זייערע ליפען געלעגען א קללה פאר אונז אלעמען, אויסער דיר, מיין ליעבע נעמי. דו ביזט ביי זיי בעליעבט געווען און זיי האבען געוואוסט אז דאס וואס מיר פערלאיען אונזערע ברידער אין דער צייט פון א שרעקליכען הונגער, איז עס געווען געגען דיין ווילען. אלע האבען געוואוסט אז דו ביזט צערטליך און גנעדיג. דו פלעגסט קיין מאל ניט ארויסלאזען אן ארימאן הונגעריג פון דיין הויז, דו האסט געשטיצט דעם יתום און די אלמנה. און דו ביזט געווען געגען דעם אז אונזערע

זיהן זאָלען מסר'ן דעם קעניג אויף גראַ'ן און זיין זוהן אהוד. איך אָבער בין שולדיג אויך אין דיעזער שרעקליכען פערברעכען. ניט נאָר האָב איך זיי ניט געשטערט אין דעם, נאָר איך האָב זיי נאָך ערמוטהיגט. און יעצט שמאַכטעט גראַ צוליעב מיר אין געפענגניס און זיין זוהן אהוד איז פאַרוואָגעלט און איז שטענדיג אין שרעק.

— דו ווייסט דאָך, מיין מאַן, אז קיין זאַך ווערט ניט געטהאָן אָהן דעם ווילען פון גאָט, און מיר מענשען קענען ניט בעגרייפען וואָס עס איז גוט און וואָס איז שלעכט. מעגליך אז פון דעם וועט נאָר ארויסקומען א טובה פאַר אונזערע ברידער — האָט נעמי געזאָגט אין קוים איינגעהאלטען איהרע טרעהרען.

— איך בין אויך שולדיג וואָס אונזערע זיהן זיינען ניט ריכטיג ערצויגען געוואָרען — האָט אלימלך ווייטער געקלאָגט — איך האָב זיי בעאיינפלוסט מיט מיינע שלעכטע מידות, איך האָב אין זיי ניט איינגעפלאַנצט די מידה פון "ליעב האָבען א פריינד ווי זיך אליין".

זיי זיינען געוועזן גייציג, קאַרג און שלעכט און בלויז געזוכט זייערע אייגענע פערגעניגענס. יע, יעצט שנייד איך וואָס איך האָב פאַרזעעט. ווען איך וואָלט זיי איבערגעלאָזען צו דיר, וואָלטען זיי פיעלייכט אנדערש אויפגעוואַקסען. איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסען ווי דו האָסט ניט געוואָלט אז זיי זאָלען געהן נאָך מואב, בפרט ווען דו האָסט זיך דערוואוסט פון דער מעגליכקייט אז זיי זאָלען זיך פערהייראטען מיט טעכטער פון מואב.

— אָבער מיט די פרויען מיט וועמען אונזערע זיהן האָבען געהייראט, האָבען מיר ניט וואָס צו זינדיגען — האָט נעמי געזאָגט — זיי זיינען ביידע גוט און נאָבעל. דו זעהסט דאָך אז זיי האָבען ביידע אָנגענומען אונזער אמונה און זיי זיינען וויליג צו לײַדען צוליעב דעם.

— ווי איך האָב געהערט האָט דער קעניג יעצט אָנגעפאַנגען נאָך מעהר צו דריקען אונזערע ברידער אין ארץ ישראל. ער האָט פערגרעסערט די צינזען וואָס זיי דאַרפען איהם צאָהלען, ער האָט אָנגעשטעלט מעהר בעאמטע וועלכע קומען אויפמאָהנען די צינזען און די אָרימע וועלכע קענען ניט בעצאָהלען, נעהמט ער ביי זיי אַלעס צו. און אין דעם בין איך אויך שולדיג. איך בין זיכער אז דער קעניג האָט ער געטהאָן כדי זיך אָבצורעכענען מיט מיר, ווייל איך האָב איהם ניט געוואָלט פאָלגען און דיענען צו זיינע געטער.

אזוי האָט זיך אלימלך געערגערט. זיין געוויסען האָט איהם געמאַטערט. און צו דעם איז צוגעקומען דעם קעניג'ס שטראָף. ער האָט זיך זעהר שטאַרק גענומען צום הארצען ביז ער איז קראַנק געוואָרען.

עטליכע וואָכען איז ער געלעגען קראַנק. זיין פרוי נעמי און זיינע זיהן און די שניר זיינען ניט אָבגעטראָטען פון זיין בעט. אָבער אלימלך איז ערגער געוואָרען פון טאָג צו טאָג, ביז וואנען ער האָט ענדליך אויסגעהויכט זיין נשמה.

זעהר גרויס איז געוועזן נעמי'ס טרויער און בראָך. א לאַנגע צייט האָט זי געטרויערט נאָך איהר מאַן, און ניט געפונען קיין טרייסט.

און ווען דער ערשטער יאָהר פון טרויער איז פאַריבער, האָט נעמי ווידער געמאַכט א פאָרשלאָג איהרע זיהן זיי זאָלען זיך צוריק אומקעהרען נאָך בית לחם.

— מיר האָבען דאָך דאָרטען רייכע קרובים און זיי וועלען אונז ניט פערלאָזען — האָט נעמי זיך צו זיי אָבגערופען.

— ניין, מוטער, מיר וועלען זיך ניט אומקעהרען אין בית לחם — האָט מחלון געזאָגט — איך וועל ניט קענען פערטראָגען די בליקען פון רחמנות וואָס וועלען זיין געווענדעט צו מיר.

— און וואָס וועלען מיר דאָרטען טהאָן, געהן ארבייטען אין די פעלדער פון בועז? — האָט כליון צוגעגעבען. זיך מישען מיט די אלע ארבייטער וועלכע פלעגען ארבייטען אין אונזערע פעלדער, און דערלאָזען אז אלע אונזערע

שונאים זאָלען זיך פרעהען אויף אונזער מפלה.

— מיינע זיהן, איהר זעהט דאָך אז גאָט האָט אונז אלעמען בעשטראָפט פאר דעם וואָס מיר האָבען אונזער לאנד פערלאזען. אייער פאָטער איז געשטאָרבען, אונזער רייכטום איז פון אונז אוועקגענומען געוואָרען, און אייך האָט דער קעניג פערורזאכט פיעלע ליידען און וואָס ווייטער ווערט אייער לאגע דאָ ערגער. ער האָט אפילו זיינע אייגענע טעכטער פערטריבען פון זיך און יעצט ליידעט איהר דאָ אלע נויט. פאר וואָס זאָלט איהר ליידען אין א פרעמד לאנד. קומט צוריק צו אונזער לאנד, מיר וועלען זיך שוין דאָרטען ווי עס איז אן עצה געבען.

— עס וועט לאנג ניט נעהמען און דער קעניג וועט זיך ארומזעהן אז ער איז בעגאנגען אן עולה געגען זיינע אייגענע טעכטער, און וועט זיי צוריקרופען און דאַן וועלען מיר אויך דערפון געניסען, — האָט מחלון געזאָגט — אָבער וואָס קען אונז ערווארטען אין ארץ־ישראל,, אפילו אויב די הונגער יאָהרען זיינען שוין פאָראיבער, וועלען מיר אלץ איינם דאָרטען גאָר ניט געניסען פון דעם. די מענשען פון אונזער שטאָדט וועלען זעהן א נקמה אָן אונז — און דו קענסט זיך פאָרשטעלען ווי אהוד וועט זיך פרעהען ווען ער וועט אונז זעהן אין אזא לאגע.

— רות האט מיר געזאגט, אז גרו האָט אייך מוחל געווען און יעצט אויב איהר וועט האָבען די מעגליכקייט צו זעהן אהוד'ן וואָלט איך אייך געראטען אז איהר זאָלט פון איהם בעטען ער זאָל אייך פערגעבען.

— ניין, דאָס וועלען מיר קיין מאָל ניט טהאָן, — האָט כליון זיך אָבגערופען — מיר וועלען זיך אזוי ניט ערנידעריגען. אהוד איז געווען אונזער שונא און וועט שטענדיג זיין, אונזער שונא.

— אָבער רות און ערפה זיינען וויליג צו פערלאזען זייער פאָטערלאנד און מיטגעהן מיט אייך! — האָט נעמי געזאָגט.

— ווי אזוי וועלען מיר זיי קענען ברענגען אהין. וועלען דען אונזערע בעקאנטע ניט אָבשפּאָטען פון אונז? — האָט מחלון זיך אָבגערופען.

— קיינער לאכט ניט אָפּ פון א גר, בפרט אז אלע ווייסען אז אייערע פרויען זיינען געווען פרינצעסינס, און זיי האָבען פארלאָזען זייער פאָטער'ס פאלאץ, זיי האָבען אוועקגעוואָרפען זייערע אָפּגעטער און געוואָרען געטרייע אידישע טעכטער. ניין, מיינע זיהן, איהר מאכט א טעות. קיינער וועט פון אייך ניט אָבשפּאָטען. מיר וועלען אלע שטאָלצירען מיט ערפה און רות.

— איך מוז דיר זאָגען דעם אמת, מוטער, האָט זיך כליון אָבגערופען — איך האָב ערשט נעכטען איבערגערעדט מיט ערפה'ן וועגען דער מעגליכקייט אז מיר זאָלען זיין געצוואונגען צו פערלאָזען מואב, און זי האָט מיר געזאָגט, אז אויב מיר וועלען האָבען אביסעל געדולד וועט אלעם רעכט ווערען. דער קעניג וועט לאנג זיין כעס אויף זיי ניט אנהאלטען. ער וועט זיך איבערבעטען מיט זיי און דאַן וועלען מיר אלע קענען לעבען דאָ ווי פריהער, אין שלום און אין רוהיגקייט. זעהסטו אז מיר דאַרפען זיך ניט ציאיילען צו מאַכען דיעזען שריט. מיר וועלען קיין מאָל ניט פערזאמען זיך אומצוקעהרען נאָך ארץ־ישראל.

— זאָג עס ניט, מיין זוהן! — האָט נעמי אויסגערופען. ווער ווייס אויב מיר וועלען עס אָפּלייגען אז עס וועט ניט זיין צו שפּעט... מיין הארץ ציהט מיך צו מיין לאנד. איך וועל שוין דאָ קיינמאָל ניט גליקליך זיין.. דאָ האָב איך פערלאָרען מיין טייערען מאַן... און אלע זיינען מיר דאָ פרעמד.. איך וועל זיך שוין קיינמאָל ניט צופּאסען צו דעם לעבען פון די מואבים.

— זאָרג ניט, מיין מוטער, ווען דער קעניג וועט מיט אונז שלום מאַכען וועלען מיר זיך דאָ ווידער פיהלען בעקוועם

און אויך גליקליך — האט מחלון א זאג געטאן.

— גליקליך אין דיזען לאנד, אה, ניין מיין זוהן... זאל גאט געבען אז איהר זאלט זיך פיהלען גליקליך. איך האב שוין קיין האפנונג ניט אויף דעם.

## 15-ער קאפיטעל

עגלון, דער קעניג פון מואב, האט זיין צארן ניט איינגעשטילט, אפילו נאכדעם ווי אלימלך איז געשטארבען. ער האט ניט געוואלט פעריאגען מהלון און כליון פון זיין לאנד, ווייל זיי זיינען דאך פארט געווען זיינע איידימ[illegible]. ער האט פרובירט אלעס וואס איז מעגליך איבערצוריידען זיינע טעכטער זיי זאלען זיך ערווייטערען פון זייער מענער, אבער אומזיסט איז געווען זיין מיה. ער האט דעריבער בעשלאסען זיי נאך מעהר צו דערצארענען מיט דעם וואס ער וועט אונטערדריקען אלע אידען וועלכע זיינען אונטער זיין יאך... ער האט גלייך אוועקגעשיקט א מחנה סאלדאטען אונטער דער אויפזיכט פון זיינע בעאמטע און זיי האבען גענומען נאך מעהר דריקען און שטיקען די אידען פון דעם שבט יהודה און בנימין.

ניט קוקענדיג אויף דעם וואס די שפורען פון די הונגער יאהרען זיינען נאך אין גאנצען ניט פערשוואונדען פון לאנד, האבען די בעאמטע פון זיי פערלאנגט א טאפעלטע צינז, און די וועלכע האבען אין א געוויסען טאג ניט איינגעצאהלט, האט מען ביי זיי צוגענומען די גאנצע תבואה, און די וועלכע האבען זיך ענטגעגענגעשטעלט האט מען מערדערליך געשלאגען. יעצט האבען די בעאמטע פערגעסען אז דעם איינציגען אהוד וועמען זיי האבען אזא לאנגע צייט ארומגעזוכט. זיי האבען פיעלע אנדערע העלדישע אידען געבראכט קיין מואב בעשטראפט צו ווערען.

---

אזוי שנעל ווי אהוד האט זיך דערוואוסט פון בועז'ן אז די גאנצע משפחה פון אלימלך'ן האבען פערלאזען בית־לחם און זיך בעזעצט אין מואב, האט ער זיך געפאסט מוטה און זיך אומגעקערט נאך שילה.

גרעניצלאז איז געווען די שמחה פון נועה'ן ווען זי האט דערזעהן איהר חתן, אהוד'ן. זי איז געפאלען אויף זיין האלז און געוויינט פון גליק. ניט קלענער איז געווען די פרייד פון איהר ברודער ימואל און די איבעריגע פון דעם כהן גדול'ס משפחה. זייער שרעק איז עטוואס פאריבער. וויבאלד אז מחלון און כליון זיינען שוין ניטא אין לאנד וועט דאך ניט זיין ווער עס זאל מסר'ן די בעאמטע.

די איינציגע, ביי וועמען אהוד איז געווען אן אומגעווינשטער גאסט זיינען געווען זרחי און לוי. ווען לוי האט זיך דערוואוסט, אז אהוד געפינט זיך אין שילה, איז ער גלייך אוועק צו זיין פריינד זרחי'ן און איהם איבערגעגעבען.

— וואס האב איך דיר געזאגט, לוי— האט זרחי אויסגערופען מיט ענטוישונג — יעצט איז שוין געווים מעהר קיין האפנונג ניטא צו קריגען נועה'ן פאר מיר. זיי וועלען זיכער אין גיכען הייראטען און דאן וועט אלעס זיין פערפאלען.

— לאז עס איבער צו מיר! — האט לוי געזאגט — ניט אזוי שנעל וועט ער מיט איהר הייראטען. און איך שווער דיר ביי מיין לעבען, אז עס וועט לאנג ניט נעהמען און אהוד וועט ווידער מוזען נעמען דעם וואנדער־שטעקען.

— ווי אזוי וועסטו עס טאן? אלימלך'ס משפחה איז דאך שוין מעהר ניטא אין בית לחם.

— דארף איך דען שטענדיג אנקומען צו זיי! — האט לוי א שמייכעל געטאן — האב איך דען ניט קיין אייגענע צונג... איך וועל שוין וויסען צו וועמען און וואס צו ריידען!

— דו מיינסט אז דו וועסט אליין איבערגעבען די בעאמטע פון מואב אז אהוד געפינט זיך ווידער אין שילה?— האט זרחי איהם געפרעגט.

— יע, אזוי וועל איך טאן. אבער דיזען מאל וועל איך איהם שוין ניט קומען ווארענען, ער זאל מיינען, אז

איך בין איהם אן איבערגעגעבענער פריינד... זאָלען זיי איהם טאקע פאנגען און דאַן וועסטו שוין מעהר ניט דאַרפען זאָרגען וועגען איהם. ער וועט זיך אומקעהרען ווי זיין פאָטער קעהרט זיך אום.

— איך האָב אָבער מורא, אז זיי וועלען זיך אנשטויסען אז מיר ביידע האָבען א האנט אין דעם — האָט זרחי זיך אָפּגערופען — ווייל יעצט אז אהוד איז געקומען וועט דאָך נועה זיכער אויסגעפינען, אז אלעס וואָס דו האָסט איהר דערצעהלט אין אהוד'ס נאָמען איז א ליגען...

— אויב אזוי האָבען מיר דאָך געוויס גאָר ניט צו פערלירען! — האָט לוי געזאָגט — עס וועט זיין פאַר אונז ביידען בעסער אז די בעאמטע וועלען אהוד'ן נעהמען אין געפאנגשאפט... און ווען א שטיק צייט וועט פאַריבער און נועה וועט זיך איבערצייגען אז איהרע האָפנונגען וועגען אהוד'ן זיינען צורונען געוואָרען, וועט זי זיך ארומזעהן, אז דו האָסט זי ליעב און זי קען אויך פאַר דיר גליקליך זיין.

— וואָס דו זאָלסט ניט טאָן, מיין פריינד, פערלאנג איך פון דיר אז פון מיר זאָלסטו קיין הילף ניט ערווארטען.. איך וויל ניט זיין פערמישט אין דעם. ווייל אויב די איינוואוינער פון שילה זאָלען אויסגעפינען, אז דו אליין האָסט עס געטאָן, האָסטו גאָר ניט צו פערלירען. דו וועסט נעהמען דיין וואנדערשטאָק און אויסוואנדערען אין אן אנדער שטאָדט, אָבער ווען מען וועט זיך דערוויסען, אז איך האָב אויך א האנט אין דעם, וועלען זיך אויף מיר אָנזעצען די השוב'ע פון שטאָדט און וועלען מיר פון דאַנען ארויסטרייבען, אזוי אז איך וועל פערלירען מיין גאנצען פערמעגען...

— איך וועל עס טאָן אויף מיין אייגענעם חשבון! — האָט לוי געענטפערט

— אָבער דו דאַרפסט וויסען זיין, אז דאָס טו איך פאַר דיר, ווייל איך וויל מיין פערשפּרעכען האלטען... איך וועל דיר נאָך צייגען, אז איך וועל קענען אויספיהרען אלץ וואָס איך האָב זיך אונטערגענומען... און איידער אהוד וועט האָבען די מעגליכקייט זיך ארומצוקוקען, וועט ער שוין ארומגערינגעלט ווערען פון די בעאמטע, אזוי, אז ער וועט ניט בעוויזען צו אנטלויפען.

— איך וועל דיר זאָגען דעם אמת — האָט זרחי געזאָגט — ווען איך דערמאָן זיך ווי נועה האָט א שליידער געטאָן מיין ציערונג אויף דער ערד, און מיט אזוי פיעל צאָרן און ביטערקייט אויסגערופען, אז זי וויל אונזערע ביידענ'ס פנים'ער מעהר ניט אָנקוקען... האָב איך מורא, אז דו וועסט זיך יעצט מאכען צום נארען.

— דו וואַרט און זעה!... עס וועט קומען א צייט און דו וועסט אליין צוגעבען, אז לוי איז דיין איינציגער און בעסטער פריינד.

— און איך וועל זיכער וויסען ווי אָפּצושאַצען דיין פריינדשאפט — האָט זרחי געזאָגט — ווייל דו ווייסט אז איך האָב זי נאָך אלץ ליעב. איך האָב נועה'ן ניט ארויסגעלאָזען פון מיינע געדאנקען, כאָטש זי האָט מיך שטארק בעליידיגט.

— זי איז געווען זעהר אויפגערעגט דאַן, און זי האָט ניט געוואוסט וואָס זי רעדט — האָט לוי איהר פערענטפערט.

— אויב דו וועסט נאָר מיך ניט אריינמישען און דורכפיהרען דעם גאנצען פּלאַן, וועל איך דיר בעלוינען גאנץ פיין — האָט זרחי איהם פערשפּראָכען.

---

אהוד האָט דערצעהלט פאַר אלעמען וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט די גאנצע צייט.

— אָבער ביי דיר איז געווען רעכט אז איך זאָל הייראַטען מיט א צווייטען — האָט נועה איהם פאָרגעוואָרפען מיט א גליקליכען שמייכעל ווען זיי זיינען געבליבען אליין.

— וואָס מיינסטו? — האָט איהר אהוד אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— האָסטו דען ניט געזאָגט צו לוי'ן

אז איך זאָל אויף דיר ניט וואַרטען און אז איך זאָל הייראַטען.

— איך פערשטעה ניט וואָס דו רעדסט. ווער האָט געזאָגט לוי'ן און וואָס האָב איך איהם געזאָגט!

נועה האָט איהם אַלעס דערצעהלט און ביידע האָבען אויסגעפונען, אז לוי האָט געזוכט זיי אָפּצונאַרען.

— איך וועל שוין זעהן, אז ער זאָל אין גאַנצען דערהויטערט ווערען פון צדוק'ס הויז! — האָט אהוד געזאָגט — איך זעה, אז ער איז פאַלש און מיר דאַרפען זיך היטען פון איהם.

— איך קען אָבער ניט פערשטעהן, פאַרוואָס ער איז געקומען דיר אָנזאָגען ווען די מואב'ישע בעאַמטע זיינען געקומען נאָך דיר. ווען ער וואָלט געמיינט דיך שלעכטעס צו טאָן וואָלט ער דאָך זיי געלאָזען דיך פאַנגען.

— עס וועט לאַנג ניט נעהמען און מיר וועלען אַלעס אויסגעפינען — האָט אהוד געענטפערט — אָבער דערווייל לאָמיר ריידען וועגען אונזער צוקונפט... יעצט, גלויב איך, וועלען מיר שוין אויף לאַנג ניט דאַרפען אָפּלייגען אונזער חתונה...

— דו ווייסט, אהוד — האָט נועה זיך אָבגערופען — ימואל'ס פרוי צפורה, וועט איהם אין גיכען געבוירען א קינד.

— דאַן וועלען מיר האָבען א דאָפּעלטע שמחה! — האָט אהוד א שמייכעל געטאָן.

די חתונה פון אהוד'ן און נועה'ן איז בעשטימט געוואָרען אויף א וואָך שפּעטער. דערווייל זיינען אַלע אין צדוק'ס הויז גענומען זיך גרייטען... די דינסטען האָבען גענומען צוגרייטען פערשידענע שפּייזען און די חתונה קליידער פון נועה'ן זיינען שוין אויך געווען פאַרטיג.

פּלוצלונג האָט שושנה, צדוק'ס אינגערע טאָכטער בעמערקט דורכ'ן פענסטער ווי די בעאַמטע פון מואב דערנעהנטערען זיך צו איהר פאָטער'ס הויז. זי האָט גלייך פערשטאַנען אז דאָס קומען זיי נעהמען אהוד'ן אין געפאַנגענשאַפט.

מיט גרויס האסט איז זי אריינגעלאָפען אין דעם צימער וואו אהוד און נועה זיינען געזעסען און געפּלאַנעוועט וועגען זייער צוקונפט.

— אהוד, זיי קומען אָן די בעאַמטע. איך האָב זיי דורכ'ן פענסטער בעמערקט. שנעלער אנטלויף, זיי זיינען זעהר פיעל — האָט שושנה אויסגערופען... קוים אָפּכאַפּענדיג איהר אָטעם.

נועה האָט ארויסגעלאָזען א געשריי און איז געפאַלען אין חלשות: אהוד איז צו איהר צוגעלאָפען און איהר גענומען אָפּמינטערען, אָבער שושנה האָט זיך אָפּגערופען:

— ווי גאָט איז דיר ליעב, אנטלויף וואָס שנעלער, איך וועל זי אָפּמינטערען. גיכער אנטלויף דורך דיעזען פענסטער, ווייל דיין לעבען איז אין סכנה.

אהוד האָט א כאַפּ געטהאָן זיין בויגען מיט די פיילען וואָס זיינען געלעגען אין א ווינקעל פון צימער און אריבערבויגענדיג זיך איבער דער פאַר'חלש'טער נועה'ן האָט ער זי א קוש געטהאָן און שנעל פאַרלאָזען דעם צימער דורך דעם פענסטער וואָס קוקט ארויס אין גאָרטען?

איידער שושנה האָט באַוויזען אָפּצומינטערען נועה'ן האָבען זיך די בעאַמטע אריינגעריסען אין הויז... זייערע גראָבע שטימען האָבען זיך דערטראָגען אויך צו דעם צימער וואו שושנה און נועה זיינען געווען.

— בארוהיג זיך נועה, קיין שלעכטעס וועט צו איהם ניט געשעהען. ער האָט זיך שוין געראַטעוועט...

—אה, מיין אהוד! — האָט זי געכליפּעט... אזוי קורץ איז מיין גליק געווען...

שטאַרק זיך, נועה! זיי וועלען באַלד אריינקומען אהער, זאָלען זיי ניט באַמערקען אז ער איז דאָ געווען, וועלען זיי איהם זיכער ניט געהן זוכען ווייטער.

נועה האָט זיך געשטאַרקט, זי האָט אויסגעווישט איהרע אויגען און זיך געזעהן צו האַלטען רוהיג.

באַלד זיינען די בעאַמטע אריין אויף

אין דעם צימער און האָבען גענומען אויספרעגען:

— איז אהוד, דער זוהן פון [illegible]א דאָ ניט געווען ?!

— ניין! — האָבען ביידע מיט אמאָל אויסגערופען.

— איהר זוכט איהם צו בעהאַלטען!

— האָט א בעאַמטער אויסגעשריען אָבער מיר וועלען איהם כאַפּען.

— ענטשולדיגט מיר, מיין האר! — האָט שושנה געזאָגט מיט גלייכגילטיגקייט, איך וויים ניט פאַרוואָס מען קומט איהם זוכען אין מיין פאָטער'ס הויז אין דער צייט ווען מיר האָבען אפילו זיין פּנים ניט אָנגעזעהען... מיר ווייסען ניט ווי ער קוקט אוים אפילו.

—אונז האָט מען געלאָזט וויסען פון דיעזער שטאָדט אז אהוד געפינט זיך אין דיעזען הויז. און מיר זיינען זיכער אז דער מאַן וועלכער האָט אונז געמעלדעט וועגען דעם, איז געווען זיכער.

— יענער וועלכער האָט דיעזען בלבול אויסגעטראַכט אויף מיין פאָטער איז געווים זיינער א שונא.

— ער איז ניט דיין פאָטער'ס שונא אָבער ער איז א גוטער פריינד פון אונזער קעניג און ער וועט געווים אונז ניט נארען.

— אונזער הויז איז פריי פאַר דיר צו זוכען — האָט שושנה געזאָגט. אָבער דו דאַרפסט וויסען אז דיין מיה איז אומזיסט — האָט שושנה געזאָגט.

— ווען ער וואָלט געווען אין אונזער הויז וואָלט איהר איהם געווים געפונען, ווייל איהר זייט פּלוצלונג דאָ אָנגעקומען — האָט נועה זיך אָפּגערופען.

די בעאַמטע האָבען גענומען זוכען און האָבען איהם ניט געפונען.

— מיר דוכט זיך אז איך זעה אימיצען לויפענדיג — האָט איינער פון די בעאַמטע געזאָגט אָנצייגענדיג מיט'ן פינגער אין דרויסען דורכ'ן פענסטער.

— אויב אזוי וועל איך נעהמען דעם שווערד און זיך ארויפכאַפּען אויף מיין פערד און איהם נאָכיאָגען — האָט דער אינגסטער פון די בעאַמטע זיך אָפּגערופען און ניט פערלירענדיג קיין רגע איז ער שנעל ארוים פון הויז.

— איך בין זיכער אז ער האָט געמאַכט א טעות — האָט שושנה אויסגערופען.

— איך האָב אויך אימיצען בעמערקט! — האָט א צווייטער בעאַמטער געזאָגט — און איך בין זיכער אז דאָס מוז ער געווים זיין.

— עס איז מעגליך אז ער האָט בעמערקט איינעם פון די רויבער וועלכע קומען בערויבען די פרוכט פון אונזער וויינגאָרטען! — האָט שושנה געזאָגט און געצוואונגען א שמייכעל אויף איהרע ליפּען — אויב אזוי וועלען מיר זיין זעהר צופרידען אויב עס וועט דעם בעאַמטען געלינגען איהם צו כאַפּען, ווייל אין דער לעצטער צייט האָבען מיר זעהר פיעל געליטען פון די פערשידענע רויבער וועלכע גנב'ענען זיך אריין און פערדאַרבען די פרוכט פון אונזער גאָרטען.

— דאָס וועלען מיר זיך באַלד איבערצייגען! — האָט א בעאַמטער געזאָגט — אונזער ברודער וועלכער האָט זיך ארויסגעלאָזט זיך נאָכיאָגען נאָך איהם וועט איהם זיכער כאַפּען. ער איז זעהר פלינק... ער וועט איהם שוין באַלד ברייגגען צו טויט אָדער לעבעדיג!

די איבעריגע בעאַמטע האָבען פערלאָזען צדוק'ס הויז און רייטענדיג אויף די פערד האָבען זיי זיך פערנומען אין יענער ריכטונג וואו דער ערשטער בעאַמטער איז אוועק.

אין א ווייל ארום האָבען זיך די אַלע בעאַמטע אומגעקעהרט פיהרענדיג מיט זיך א פערוואונדעטען מאַן.

זיי האָבען איהם געכאַפּט! זיי האָבען איהם געטויטעט! — האָט נועה אויסגעבראָכען אין א היסטערישען געוויין.

— ווער ? וואָס ? — איז שושנה צו איהר צוגעלאָפען. צו איהרע געשרייען זיינען באַלד אָנגעקומען ימואל און צדוק וועלכע האָבען זיך געפונען אין פאָדערשטען צימער.

— וואס איז געשעהן, מיין שוועסטער?! — האט ימואל אויסגערופען און איהר צוגעהאלטען זי זאל ניט אומפאלען.

— אט פיהרען זיי איהם! אה, מיין אומגליקליכער אהוד. דער שונא האט דיך דערגרייכט... ער ליגט אויסגעצויגען אין זייערע הענט.... איך בין זיכער אז האבען איהם געטויטעט!

אלע האבען זיך שנעל א לאז געטהאן צום פענסטער און האבען אנגעשטרענגט זייערע בליקען צו רער ריכטונג פון וואנען די בעאמטע האבען זיך צוריקגעקעהרט.

— וואס רעדסטו, נועה, דאס איז ניט אהוד! — האט ימלאל אויסגערופען— זיי וועלען קיינמאל איהם ניט געפינען... דאס איז דאך איינער פון זיי.

מיט ציטערנדע הענט און פיס איז נועה צוגעקומען צום פענסטער און מיט נייגיעריגע בליקען האט זי דארטען געקוקט.

— געלויבט איז גאט! — האט זי אויסגערופען מיט א זיפץ פון ערלייכטערונג—דאס איזווירקליך דער בעאמטער, ער איז פערוואונדעט!

באלד זיינען אלע בעאמטע אריין מיט זייער פערוואונדעטען ברודער אין צדוק׳ס גארטען.

— ווער האט עס געטהאן?—פרעגט דער עלטסטער פון די בעאמטע דעם פערוואונדעטען.

דער פערוואונדעטער האט ניט געענטפערט.

— דאס איז געווים געוועזן אהוד!— האט א צווייטער זיך אפגערופען.

— ניין, מיין האר, עס איז אוממעגליך, ווייל אהוד איז דא ניט געוועזן— האט שושנה אויסגערופען—דאס האט געווים געטהאן איינער פון די רויבער וועלכע קומען דא אזוי אפט בערויבען די פרוכט פון אונזער גארטען.

— דאס וואס ער האט ניט פערפעהלט צו טרעפען אין ציעל, ציינט אז דאס איז אהוד—האט אן אנדער בעאמטער געזאגט—איך האב געהערט אז אהוד איז א גוטער בויגען שיסער, און דאס האט ער אויף איהם געווים געשאסען.

— אלע ווייסען, אז די רויבער פון דיזען געגענט זיינען גוטע בויגען שיסער. און ווען דער רויבער האט בעמערקט אז אימיצער יאגט זיך נאך איהם, האטער זיך געווים א ציעלעווע געטהאן מיט זיין בויגען... אבער ווי קומט אהוד אין דיזען געגענט!

— פיליכט וועלען מיר קענען דערגעה׳ פון איהם?—האט דער עלטסטער ווידער צוגעגאנגען צום פערוואונדעטען. נאכדעם ווי שושנה האט געבראכט וואסער און באנדאזשען.

— דער פ״ל איז אין איהם אריין גאנץ טיעף נעבען זיין הארצען, ער קען לאנג ניט לעבען... לאמיר איהם נאך אמאל פרעגען.

זיי זיינען צו איהם צוזאמען צוגעקומען. מען האט שנעל ארויסגעשלעפט דעם פייל און פערהאלטען דאס בלוט.

— זאג אונז איז עס געוועזן אהוד?—האט מען איהם ווידער געפרעגט.

מיט א קוים הערבארע שטימע האט דער פערוואונדעטער ארויסגערעדט:

— איך וויים נישט, איך האב איהם נ״ט געקענט זעהן..

— האסטו בעמערקט בלויז איינעם אדער מעהרערע?

דער פערוואונדעטער האט שוין מעהר ניט געקענט ענטפערען. ער איז אומגעפאלען...

— ער איז טוידט!!

— יע ער איז געשטארבען פון די וואונדען!

— אבער וואס שטעהען מיר דא, לאמיר זיך ארויסלאזען איהם זוכען! — האט איינער אויסגערופען.

— און וואס וועלען מיר טהאן, אז ער וועט אויך אויף אונז שיסען!—האט א צווייטער געזאגט.

— מיר זיינען עטליכע אין צאהל און ער איז בלויז איינער.

— אבער ווי זי פערזיכערט אונז — האט נאך א בעאמטער אנגעוויזען אויף

שושנה'ן—זיינען זיי דאך רויבער און מעגליך זיי זיינען פיעלע אין צאהל..

— מעגליך !—האבען די איבעריגע צוגעגעבען זייענדיג צופריעדען צו האבען אן אויסרייד ניט צו דארפען זיך נאכיאגען—ווייל יעדער בון זיי האט אין הארצען געציטערט, אז ער זאל אויך ניט דערשאסען ווערען.

— און וואס פאר א בעריכט זאלען מיר איבערגעבען דעם קעניג ?

— אז אידישע רויבער האבען איהם דערשאסען !—האט דער עלטסטער זיך אפגערופען.

— אבער פיעלייכט איז עס טאקע געוועזען אהוד !—האט אימיצער געזאגט.

— קענען מיר דען בעהויפטען און איבערגעבען דעם קעניג, אז מיר זיינען געווען נאהענט צו אהוד'ן און ער האט איינעם פון אונז דערשאסטען און מיר האבען איהם ניט נאכגעיאגט און געכאפט.. ניין, עס וועט זיין בעסער פאר אונז, אז מיר זאלען אלע איינשטימען, אז עס זיינען געווען רויבער .

— און איך פערזיכער אייך, אז איהר וועט קיין טעות ניט מאכען ! — האט שושנה צו זיי זיך אפגערופען.

— אבער דער מאן וועלכער האט אונז געלאזט וויסען וועגען דעם וועט אונז ניט אפנארען. ער האט אונז אנגעגעבען אלע סימנים און ער האט אונז געזאגט, אז ער האט איהם אליין געזעהן אין דיין פאטער''ס הויז.

— יענער מאן מוז געווים זיין א שונא פון מיין פאטער און ער האט איהם געוואלט שעדיגען... אבער מיר ווייס[illegible]ן וואס צו זאגען וועגען איהם... ווען איהר וואלט מיר געזאגט זיין נאמען, יואלט איך געקענט אייך אויף זיכער זאגען, ווי וויט דער מאן קען זיין פאלש און מען דארף איהם ניט גלויבען.

— ער האט אונז זיין נאמען ניט איבערגעגעבען !

— אויב אזוי האט ער געווים אפגעשפאט פון אייך !

— איך וואלט איהם דערקענט, ווען איך זעה איהם א צווייטען מאל—האט א בעאמטער א זאג געטהאן,—יעצט פערדריסט אונז שוין וואס מיר האבען ניט געפרעגט זיין נאמען, ווען ער איז געקומען צו אונז מסר'ן.

— און מיר וואלטען אייך אויך זעהר דאנקבאר געווען—האט שושנה געזאגט —ווייל מיר וואלטען זעהר וועלען אויסגעפינען ווער איז אונזער גרעסטער שונא, וועלכער זוכט שטענדיג צו מאכען א בלבול אויף אונז.

— ווען מיר וועלען איהם געפינען וועלען מיר איהם ברענגען צו דיין פאטער'ס הויז. דאן וועט איהר איהם אלע זעהן.

די בעאמטע האבען אויפגעהויבען זייער טוידטען און איהם ארויסגעטראגען פון צדוק'ס הויף. דערנאך האבען זיי איהם ארויפגעלעגט אויף איינעם פון זייערע אייזלען, איהם צוגעבונדען און מיט איהם אוועקגעריטען.

ווען נועה האט דערזעהן, אז די בעאמטע זיינען אוועק איז זי גלייך אריין אין הויף. אלע האבען פרייער אפגעאטהעמט.

— געלויבט איז גאט, ער איז געראטעט !—האט ימואל אויסגערופען און א קוש געטהאן זיין שוועסטער — ער האט מיט זיין געשיקטקייט און פלינקייט דערשאסען זיין נאכיאגער.. און דורך דעם ארויפגעווארפען א פחד אויף די איבעריגע בעאמטע.

— ווער האט עס געקענט מסר'ן ?—האט צדוק זיך אפגערופען—יעצט אז די זיהן פון אלימלך'ן זיינען ניטא, ווייס איך ניט ווער עס האט עס געקענט טהאן!

—עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט ,אז לוי האט דאמיט געהאט צו טהאן—האט נועה זיך אפגערופען.

— אה, ווי אזוי קענסטו ריידען, מיין קניד, אויף איהם... זאל ער וועלען אונז שלעכטס טהאן... ווען ער וואלט געטראגען א שנאה אויף מיר אדער אויף אהוד'ן וואלט ער דאך ניט געקומען דעם ערשטען מאל אנזאגען, אז

מען האט איהם גע׳מסר׳ט און איהם געהייסען זיך ראטעווען.

— איך בין זיכער, אז ער איז אויך דאן געווען עפעס אויסען דאמיט—האט נועה געזאגט — ווילע ווי איך האב נאכהער אויסגעפונען האט ער מיר פיעלע ליגענס געזאגט אין אהוד׳ס נאמען. ער האט...

## 16טער קאפיטעל.

ווען דער קעניג פון מואב האט זיך דערוואוסט, אז איינער פון זיינע בעאמטע איז געטויטעט געווארען אין ארץ ישראל, האט אין איהם זיין צארן געברענט.

— יעצט וועל איך די ישראלים ווייזען מיין מעכטיגע האנט !—האט ער אויסגערופען—איך וועל זייערע ציינער פערדאפלען... איך וועל זיי מאכען פאר שקלאפען פאר מיין פאלק... יעדער איינער פון מואב וועט קענען טהאן מיט זיי וואס איהם געפעהלט... ער וועט זיי ערלויבט צו פאנגען די טעכטער פון ישראל און זיי מאכען פאר דינסטען... זייער האב און גוטס וועט געהערען צו דער אוצר פון דער מלוכה... אזוי לאנג ווי זיי וועלען ניט אויפזוכען דעם מערדער פון מיין בעאמטען, וועל איך זיי ניט אויפהערען צו דריקען און יעדען יאהר וועלען זיי מיר מוזען ברענגען טויזענד שטיקער גאלד אלס א צוגאב צו די צינזען... און אויב ניט וועלען מיינע ארמעען אריינדרינגען אין איינע פון זייערע שטעדט און זיי פערברענען צוזאמען מיט די איינוואוינער.

דיזען בעפעהל האט עגלון געשיקט דורך זיינע שלוחים, וועלכע זיינען געווען בעגלייט פון א בעוואפענטע ארמעע.

ווען די נייעס האט דערגרייכט די איינוואהנער פון יהודה און בנימין, איז זייער שרעק געווען גרויס. א יללה און א יאמער האט אויסגעבראכען ביי אלעמען. האבען זיך פיעלע פון די אידען פערזאמעלט אויף דעם מארק פלאץ פון בית לחם און האבען מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט איינער דעם צווייטען וואס דער קעניג פון עגלון האט בעפוילען.

— מיר דארפען אויסגעפינען ווער איז דער מערדער פון דעם בעאמטען און דאן איהם איבערגעבען אין די הענט פון מואב, וועט דער קעניג אפטהאן פון אונז זיין צארן...

— געוויס, פארוואס זאלען מיר אלע דארפען ליידען צוליעב איינעם ! מיר מוזען איהם געפינען.

— דער מארד האט פאסירט אין שילה, לאמיר שיקען אהין אויספארשער אז ווען זיי וועלען אויסגעפינען, ווער דער מערדער איז וועלען מיר פערלאנגען פון זיי, אז מען זאל איהם איבערגעבען אין אונזערע הענט.

— און וואס וועלען מיר טהאן, אז דער שבט אפרים וועט זיך ענטזאגען איהם איבערצוגעבען אין אונזערע הענט ? קענען מיר זיי דען צווינגען ? ! מיר אלע וויסען דאך ווי שטארק פערעקשנ׳ט דער שבט אפרים איז...

— וועלען מיר זיי צווינגען !

— ניין, דאס וועט מיינען, אז מיר וועלען מוזען ארויסגעהן אויף מלחמה מיט זיי.

— אויב נויטיג, פאר וואס ניט. ווען מיר וועלען איבערגעבען דעם קעניג פון מואב, אז זיי וויסען וואו דער מערדער איז און ווילען איהם ניט ארויסגעבען צו אונז, וועט ער שיקען זיין ארמעע אונז צו העלפען.

— ניין, דאס איז ניט קיין פלאן !—האט אן עלטערער איד אויסגערופען — מיר טארען ניט אנפאנגען קיין מלחמה געגען אייגענע ברידער, און געוויס ניט פערלאנגען הילף פון דעם שונא פאר דיזען צוועק.

— אבער וואס דען בלייבט אונז איבער צו טהאן ? מיר מוזען דאך קריגען דעם מערדער, אויב ניט זיינען מיר אלע פערלארען !

— איך האב געהערט, איז איינער צו־

געקומען צו דער גרופּע אידען—א אהוד איז געווען דער מערדער.

— ווער האָט עס דיר געזאָגט.

— איך האב געהערט פון איינעם, וועלכער קומט פון שילה. ער זאָגט, אז דאס אליין וואס דער שיסער האט אזוי גוט געטראָפען אין ציעל, איז עס ניט קיין אנדערער ווי אהוד, ווייל ווער נאר ווי ער, קען טרעפען אין ציעל!

— די בעאמטע אָבער אליין גיבען צו, אז עס איז ניט געווען אהוד... ווארום, אויב עס וואָלט ווירקליך געווען אהוד, וואָלט שוין דער קעניג ניט גערוהט און איהם געפונען. ער וואָלט אויסגעזוכט יעדען ווינקעל פון לאנד.

— מיין עצה איז — האָט דער עלטערער איד ווידער געזאָגט — מיר זאָלען שיקען פרידליכע שלוחים אין שילה און זיי ערקלערען אונזער אומגליק, און זיי בעטען זיי זאָלען זיך איבער אונז דערבארימען און אויסגעפינען דעם מערדער כדי איינצושטילען דעם כעס פון עגלון, דעם קעניג פון מואב.

— לאָמיר אויספאָלגען זיין עצה, וואָס קענען מיר פארלירען.

— צו וועמען ווען מיר די שלוחים שיקען?

— צו די עלטסטע פון שילה!

— בעסער וועט זיין אז מיר וועלען זיי שיקען גלייך צום כהן גדול.

— מיר לייגט זיך ניט אויף'ן שכל, אז זיי וועלען איינוויליגען ארויסצוגעבען דעם מערדער פון אונזער שונא... נאָך אלעמען האָט ער דאָך באוויזען א העלדישקייט... און דאָס פאָלק דארף מיט אזא מאן שטאָלצירען און געוויס איהם באשיצען און ניט איבערגעבען אין דעם שונא'ס הענט.

— לאָמיר זיך פריהער בעראטהען מיט בועז'ן — האָט א יונגערמאן א זאג געטהאָן — ער האָט אונז געשטיצט אין דער צייט פון הונגער און יעצט האָט ער פארדינט, אז מיר זאָלען זיך צוהערען צו זיין עצה.

— לאָמיר אריבערגעהן צו איהם.

— מיר קענען דאָך אלע ניט געהן, מיר וועלען אויסקלייבען צוויי פון אונז און זיי וועלען צו איהם געהן.

— מיר דוכט זיך, אז בועז קומט אָן!

— האָט אימיצער אויסגערופען.

— יע, איך האָב געוואוסט, אז ער וועט קומען. ווען בועז וועט הערען, אז מיר האָבען זיך פארזאמעלט, וועט ער דען פארבלייבען אין דער היים?

— אימיצער קומט אָן מיט איהם.

אלע האָבען אָנגעשטרענגט זייערע אויגען און האָבען געזעהן בועז אין באגלייטונג פון א יונגען מאן, דערנעהנטערט זיך צו זיי.

ווי בועז איז צוגעקומען מיט'ן אומבאקאנטען האָבען איהם די פארזאמעלטע ארומגערינגעלט.

— גאָט האָט דיך צו אונז געשיקט! האָט איינער פון המון זיך צו איהם אָפּגערופען. מיר האָבען נאָר וואָס באשלאָסען צו שיקען איינגע פון אונז צו דיר אנצופרעגען דיין עצה ווי אזוי צו האנדלען אין דיזער שרעקליכער צייט.

— וואָס קען איך אייך ראטהען? — האָט בועז געזאָגט — מיר זיינען אלע שולדיג אין דעם.

מיר האָבען באשלאָסען אויסצוגעפינען דעם מערדער פון דעם מואבישען בעאמטען און איהם איבערגעבען אין די הענט פון דעם קעניג פון מואב. צוליעב דיזען צוועק, האָבען מיר געוואָלט שיקען אונזערע שלוחים נאָך שילה. זיי זאָלען פארלאנגען פון דאָרטיגע איינוואוינער ארויסצוגעבען דעם מערדער צו אונז כדי דערמיט איינצושטילען דעם צאָרן פון דעם קעניג פון מואב, אָבער איידער מיר האָבען עס געטהאָן, האָבען מיר געוואָלט הערען וואָס דו וועכט אונז ראטהען!

— איך האָב אייך געבראַכט דעם מערדער! — האָט בועז אויסגערופען — אָט איז ער! — האָט ער אָנגעוויזען אויף דעם יונגען מאן, וועלכער איז געשטאַנען נעבען איהם. ווילט איהר איהם איבערגעבען אין די הענט פון קעניג!

א שטילקייט האָט געהערשט צווישען די פארזאמעלטע. זיי זיינען געבליבען שטעהן באוועגלאָז, באטראכטענדיג דעם

יונגען מאן, וועלכער איז געשטאנען נעבען בועז'ן...

— פארוואס ארעסטירט איהר איהם ניט! — האט בועז זיך צו זיי געווענדעט — דער קעניג פון מואב דריקט אייך און שטיקט אייך... ער זוכט א קרבן, אט איז ער! דאס איז אהוד, דער זוהן פון גרא! ווען איהר וועט איהם איבערגעבען אין די הענט פון קעניג, וועט דער קעניג אייך האלטען פאר געטרייע שקלאפען... ער וועט מעגליך אויך ארונטערנעהמען פון אייך די גרויסע יעהרליכע אפצאהלונג וואס ער האט אויף אייך ארויפגעלייגט...

די מענשען זיינען געשטאנען און זיך געוואונדערט: זיי האבען ביי זיך ניט געקענט באשליסען אויב בועז איז ערנסט אדער ער מאכט חוזק פון זיי.

באלד אבער איז אייגער פון המון צוגעגאנגען נאהענט צו בועז'ן און אנווייזענדיג אויף אהוד'ן, האט ער אויסגערופען:

— ער פארדינט דעם שטראף וואס ער וועט באקומען. ווייס ער דען ניט אז דורך זיין אומפאראנטווארטליכקייט האט ער אויף אונז אלעמען געבראכט א גרויסע צרה.

— געוויס! ער איז שולדיג אין אונזער אומגליק, קיינער האט פון איהם ניט פארלאנגט ער זאל טויטען א באמטען פון מואב... מיר זיינען געווען צופרידען צו צאהלען עגלון'ען א קליינעם צינז, אבי ער זאל אונז אין גאנצען ניט פארשקלאפען, און יעצט האט דער קעניג צוליעב דיין אומפארזיכטיגקייט פארדאפעלט אונזערע צינזען און מיר וועלען איהם דערצו דארפען אפגעבען א גרויסע יעהרליכע אפצאהלונג.

— יע, מיר האבען קיין אנדער אויסוועג ניט! מיר וועלען דיך מוזען איבערגעבען אין די הענט פון עגלון, דעם קעניג פון מואב.

— וואס וועט זיין, אז איהר וועט איהם איבערגעבען אין די הענט פון מואב? — האט בועז מיט א געמאכטע קאלטבלוטיגקייט געפרעגט.

— דאן וועט דער קעניג אונז צו רוה לאזען!

— יע, ער וועט אייך צו רוה לאזען! — האט בועז מיט א ביטערקייט געזאגט — ער וועט זעהן אייער שוואכקייט און ער וועט אייך נאך מעהר טרעטען מיט די פיס... ער וועט זעהן, אז איהר גיט איהם איבער איינעם פון אייערע בראווע, העלדישע ברידער, וועט ער שפעטער נאך מעהר פארלאנגען פון אייך. ער וועט פארלאנגען איהר זאלט איהם אפגעבען אייערע שעהנע פרויען און אייערע טעכטער! און איהר וועט קיין ברירה ניט האבען און מיט אונטערטעניגקייט און געבויגענע קעפ וועט איהר נאכגעבען אלע פארלאנגען פון דעם קעניג!

— אבער וואס זאלען מיר טהאן! — האט דער עלטערער איד געפרעגט. מיר זיינען דאך אונטער זיין יאך, און מיר מוזען טהאן אלעס וואס ער פארלאנגט פון אונז. מיר זיינען הילפלאז, און אויב מיר וועלען ניט טהאן זיין פארלאנג, וועט ער אונז אין גאנצען פארניכטען מיט אונזערע פרויען און קינדער!

— מיין פריינד, אהוד, וועט אייך אויף דעם ענטפערען — האט בועז זיך אפגערופען.

אהוד האט ארויסגעצויגען א שווערד און אויפהויבענדיג איהם אין דער הויך, האט ער אויסגערופען:

— דורך קאמף פאר אונזער פרייהייט, וועלען מיר דעם יאך פון מואב ארונטערווארפען! גענוג שוין פאר אונז צו זיין פייגלינגע און בויגען אונזער קאפ פאר דעם שונא... האבען מיר דען פארגעסען די העלדישקייט און גבורות וואס אונזערע עלטערען האבען ארויסגעוויזען געגען מעכטיגע פעלקער... געקומען איז די צייט, אז מיר זאלען ווייזען דעם שונא, אז מיר זיינען ווערט אנגערופען צו ווערען די קינדער פון ישראל! מיר מוזען אלע זיך פאראייניגען געגען שונא! מיר האבען דאס שוין לאנג געדארפט טהאן... אבער צווישען אונז

האבען זיך געפונען מוסרים און געשטערט אונזער הייליגע ארבייט... מיר לעבען ניט בלויז פאר אונז אליין, אבער אויך פאר אונזערע קינדער און קינדס קינדער. קענען מיר זיך דען צופרידענשטעלען מיט דעם וואס צייטווייליג וועט פאר אונז עטוואס גרינגער ווערען. און וואס וועט שפעטער זיין? אויב מיר וועלען דערלאזען, אז אונזערע שונאים זאלען זיך איינווארצלען אין אונזער לאנד און פארדארבען אלעס וואס מיר פארמאגען... זיי וועלען דאן פארביטערען דאס לעבען פון אונזערע קינדער, אזוי, אז זיי וועלען שילטען די טעג פון זייער געבורט! ניין, מיינע ברידער, מיר דארפען זיך שטארקען און באשליסען איינמאל פאר אלע מאל באפרייען אונזער פאלק פון מואב׳ס יאך. דאן וועלען מיר פארזיכערען פרידען און רוהיגקייט פאר אונזער צוקונפטיגען דור! ווער פון אייך וויל מיר נאכפאלגען. זאלען אויפהויבען די רעכטע האנט.

מיר וועלען טהאן אלעס וואס דו וועסט אונז הייסען! — האבען אלע פארזאמעלטע אויסגערופען מיט באגייסטערונג, אויפהויבענדיג זייערע רעכטע הענט.

— אבער דו וועסט זיין אונזער פיהרער! — האט איינער פון המון זיך אפגערופען.

— גאט איז אונזער פיהרער! — האט אהוד געענטפערט און אויב עס איז זיין ווילען, וועל איך מיט זיין ווילען אנפאנגען די מלחמה געגען מואב. און יעצט דארפט איהר אלע וויסען וואס איהר האט צו טהאן. יעדער פון אייך זאל איבערגעבען זיינע באקאנטע, פריינד און קרובים די רייד וואס איך האב יעצט מיט אייך גערעדט, זאלען זיי זיין גרייט צו מיין רוף... אבער יעדער פון אייך וועט מוזען זיין זעהר פארזיכטיג, ווייל נאך יעצט געפינען זיך צווישען אונז שלעכטע מענשען, וועלכע זיינען שטענדיג געגרייט צו פארראטהען זייער פאלק צוליעב זייערע אייגענע נוצען... איך וועל ארומרייזען איבער די איבעריגע שטעדט פון יהודה און בנימין און פיליכט וועט מיר אויך געלונגען צוצוציהען נאך שבטים און מיט פאראייניגטע כחות וועלען מיר מיט גאטעס הילף באזיגען אונזערע שונאים!

— אבער וואס וועלען מיר דערווייל טהאן? — האט אימיצער א פרעג געטהאן — זאלען מיר צאהלען די צינזען און שיקען איהם די יעהרליכע מתנה.

— יע, דערווייל וועלען מיר טהאן אלעס וואס עגלון פארלאנגט פון אונז — האט אהוד געענטפערט — און ווען די צייט וועט קומען און מיר וועלען איהם דארפען אפשיקען די יעהרליכע מתנה פון טויזענד שטיקער גאלד, וועל איך זיך אונטערנעהמען דאס איהם צו ברייגנען. יע, איך וועל קומען מיט דער מתנה צו דעם קעניג... און דאן זאל אונז נאר גאט העלפען...

ווען אהוד האט געענדיגט ריידען! האבען אלע אויסגעשריען: — זאל לעבען אהוד, דער זוהן פון גרא!

— זאל לעבען אונזער שופט און פיהרער אהוד!

— מיין ברודער! — האט אהוד דערהערט א שטימע, און ווען ער האט אומגעדרעהט זיין קאפ, האט ער דערזעהן ימואל׳ן. אהוד האט זיך מיט איהם ארומגעכאפט און איהם גענומען קושען.

— זאג מיר וואס מאכט נועה?! — האט ער גלייך געפרעגט.

— פרידען איז צו איהר!

— איך האב אבער געוואוסט, אז דו וועסט קומען! — האט בועז געדריקט זיין האנט.

— זאג מיר, פון וואנען האסטו געוואוסט, אז איך געפין זיך דא אין בית לחם? — האט אהוד איהם געפרעגט — איך האב פארשטאנען, אז אויב עס וועט זיין שווער פאר דיר צוקומען אין פארבינדונג מיט אונז, וועסטו זיך פארבינדען מיט בועז׳ן און דעריבער בין איך אהערגעקומען אויסצוגעפינען וואו דו ביזט. און ווען איך בין געקומען אין הויז פון בועז׳ן האט מען מיר געזאגט, אז איך וועל איהם דא געפינען, און

יעצט געלויבט איז גאט! איך האב געהערט דיינע רייד און איך געזעהן די באגייסטערונג פון פאלק. יעצט וועל איך קענען דערפרעהען נועה'ס הארץ... זי וועט זיין זעהר גליקליך ווען זי וועט אויסגעפינען, אז דאס פאלק האט דיך פאר זייער שופט און פיהרער געמאכט.

— מיר דארפען אבער נאך זיין זעהר פארזיכטיג, ווייל אין אונזערע שטעדט געפינען זיך פיעלע בעאמטע פון מואב און מיר דארפען זיך היטען, אז די שלעכטע מענשען, וועלכע געפינען זיך צווישען אונז זאלען ניט מסר'ן, ווי מען האט עס געטאן ביז יעצט.

— מיר האבען אויסגעפונען ווער עס האט אויף דיר גע'מסר'ט — האט ימואל זיך אפגערופען.

— מיר דוכט זיך, אז איך קען זיך אנשטויסען. דאס איז געוויס לוי! — האט אהוד געזאגט.

— ריכטיג! מיר פארדעכטיגען איהם און זיין פריינד זרחי'ן ווייל לויט ווי נועה האט מיך דערצעהלט זייען זיי געווען פאראינטערעסירט, דו זאלסט זיך ניט געפינען אין שילה.

— די איינציגע זאך, וואס מען וועט דארפען טאן — האט בועז געזאגט — איז זיי ביידען צו ארעסטירען און פארהאלטען ביז וואנען די מורא וועט פארשווינדען.

— מען איז דאך ניט זיכער, אז לוי האט אויף מיר גע'מסרט — האט אהוד זיך אפגערופען. מיר האבען בלויז א פארדאכט אויף איהם.

— איך גלויב, אז מיר קענען זיין זיכער אין דעם! — האט בועז געזאגט — ווייל לויט ווי איינער פון מיינע יונגען האט מיר דערצעהלט, האט ער געטראפען דעם יונג, וועלכער איז געקומען מיט איינגע יאהר צוריק אנצוזאגען מחלון און כליון, אז דו געפינסט זיך אין שילה, און ווען ער האט איהם געפרעגט ווער עס האט איהם געשיקט אהער, האט ער געענטפערט, אז לוי פון שילה!

— אויב אזוי וועט ער דארפען גלייך פארהאלטען ווערען! — האט אהוד געזאגט צו ימואל'ן — דער כהן גדול צדוק וועט עס קענען בעוויזען. ער האט די מאכט עס צו טאן. דו וועסט איהם איבערגעבען אין מיין נאמען און אין נאמען פון בועז'ן, אז ער זאל לאזען ארעסטירען לוי'ן.

— און זרחי'ן! — האט ימואל געפרעגט.

— ניין, דערווייל זאל מען זרחי'ן צורוה לאזען, מען וועט בלויז דארפען זיין פארזיכטיג מיט איהם. איך גלויב, אז לוי האט געזוכט איהם אראפצופיהרען פון וועג. יע, לוי איז זעהר פארדארבען און ער מוז פארהאלטען ווערען ביז וואנען די סכנה וועט אינגאנצען פאראיבער געהן.

די פארזאמעלטע זיינען געבליבען שטעהן און האבען געווארט ביז וואנען זייער נאר וואס אויסגעקליבענער שופט און פיהרער וועט זיי זאגען, וואס ווייטער צו טאן. אייניגע זיינען צו איהם צוגעגאנגען און איהם געפרעגט:

— דערווייל מוז אלעס געטאן ווערען בסוד! — האט אהוד זיך אפגערופען צו אלעמען, ווען די בעאמטע פון מואב וועלען קומען און ארויסשטעלען פארשידענע פאדערונגען, זאלט איהר ניט ארויסצייגען דעם מינדעסטען ווידערשטאנד. דער סיגנאל פון אויפשטאנד וועט געגעבען ווערען דורך מיר, און דאן וועלען מיר אלע ווי איין מאן זיך אויפשטעלען צו קעמפען געגען מואב'ן. יעצט איז מיין עצה, אז איהר זאלט זעהן צונויפצוזאמלען די נויטיגע צאהל שטיקער גאלד, וואס דארף געבראכט ווערען צו דעם קעניג אלס זיין יעהרליכע מנתה. איך אליין וועל דיזע מתנה פיהרען צום קעניג, און אויב מיר זיינען ווערט ביי גאט, וועט ער אונז דאן שיקען זיין ישועה. יעצט מיינע פריינד, געהט יעדער צו זיין ארבייט, אזוי ווי גארניט האט פאסירט, איהר זאלט בלויז שטילערהייט איבערגעבען צו אייערע פריינד און בעקאנטע, וואס מיר האבען דא גערעדט און זאל זיך יעדער איינער איבען

אין קאמף, כדי מיין רוף וועט קומען, זאָלען זיי אַלע זיין געגרייט.

דער פאַרזאַמעלטער המון איז זיך צוגאַנגען. א גרויס צופרידענהייט האָט געהערשט צווישען זיי אַלעמען. יעדער איז געווען זיכער, אז גאָט האָט זיי צוגעשיקט א העלפער, וועלכער וועט זיי בעפרייען פון די הענט פון מואב.

אין בית לחם אזוי ווי אין די ארומיגע שטעדט האָבען זיך די אידען דערוואוסט וועגען די פּלענער פון דעם גרויסען העלד אהוד. א שטראַהל פון האָפנונג האָט א ליכט געטאָן אין יעדענ'ס האַרץ. מען האָט מיט פיעל בעגייסטערונג גערעדט וועגען דעם גרויסען העלד אהוד, וועגען זיין בראַווקייט. אַלע האָבען געוואוסט, אז דער רייכער בועז, דער זוהן פון שלמון שטיצט אהוד'ן מיט אַלעם וואָס איז מעגליך. פלעגען פיעלע מענשען פון דעם שבט יהודה און פון אנדערע שבטים שטראָמען נאָך בית לחם אויסצוגעפינען איינצעלהייטען ווי אזוי זיי וועלען קענען נאָכפאָלגען זייער העלדישען פיהרער.

בועז האָט יעדען ערמוטיגט און געגעבען האָפנונגען.

ווען די בעאַמטע פון מואב זיינען געקומען מאַהנען די צינזען, האָט קיינער קיין ווידערשטאַנד ניט ארויסגעזעצט. ווי זיי זיינען געוואוינט געוואָרען צו טאָן אין די פריהערדיגע צייטען.

די בעאַמטע האָבען עס אָנגענומען אַלס צייכען, אז די אידען זיינען שוין אינגאַנצען אונטערטעניג זייער קעניג און מיט פרייד באַריכטעט צו עגלון'ען.

ימואל האָט זיך אומגעקעהרט אין שילה און מיט גרויס פרייד איבערגעגעבען נועה'ן וועגען אהוד'ן.

— איך בין גליקליך! געלויבט איז גאָט! — האָט נועה'ס פנים אויפגעלויכטען. די שמחה אין צדוק'ס הויז איז געווען אונגעהויער גרויס. אַלע האָבען געזעהן אז עס קומט אָן א צייט ווען ישראל וועט פון זיך ארונטערשליידערען דעם יאָך פון מואב.

— **די אידען פון בית לחם האָבען** געוואוסט וואָס זיי טהוען ווען זיי האָבען אויסגעקליבען אהוד'ן פאַר זייער הויפּט און פיהרער — האָט צדוק געזאָגט — אזא בראַווער, העלדישער מאַן ווי אהוד'ן איז שוין לאַנג ביי אונז אין לאַנד ניט געווען.

— ווי אזוי האָט עס פּאַסירט? — האָט צפּורה, ימואל'ס פרוי איהם געפרעגט.

— בועז איז מיט איהם צוגעקומען צו דעם פערזאַמעלטען המון, און ער האָט זיי אַלעמען ערקלערט וועגען אהוד'ן און זיי האָבען מיט גרויס בעגייסטערונג געמאַלט אהוד'ן פאַר זייער שופט. אָבער עס איז אָפּגעמאַכט געוואָרען אז דערווייל זאָל אַלעס געטהאָן ווערען אין געהיים. די בעאַמטע פון מואב געפינען זיך אין אונזער לאַנד, און זיי טאָרען קיין זאַך ניט חושד זיין. זאָלען אַלע צאָהלען וויפיעל צינזען מען וועט פון זיי פערלאַנגען, און אהוד וועט אליין ברענגען די מתנה צו עגלון'ען, דעם קעניג פון מואב.

— אה, ניין, מען דאַרף ניט דערלאָזען אז ער זאָל עס טהאָן, צו גרויס איז די געפאַהר פאַר איהם — האָט נועה אויסגערופען מיט שרעק — דער קעניג זוכט איהם דאָך ארום פאַר פיעלע יאָהרען, און יעצט זאָל ער אליין געהן צו איהם.

— קיינער פון די בעאַמטע האָט אהוד'ן קיינמאָל ניט געזעהן! — האָט ימואל איהר בערוהיגט — און ער וועט קומען צום קעניג אונטער אן אנדער נאָמען.

— דו האָסט אָבער פערגעסען אז דאָרטען געפינען זיך נאָך די משפחה פון אלימלך'ן און ווען זיי וועלען איהם דערזעהן וועלען זיי איהם דערקענען און גלייך איבערגעבען דעם קעניג ווער ער איז.

— לויט ווי איך האָב געהערט, האָבען די ברידער מחלון און כליון פערלאָרען זייער גאַנצען חן אין די אויגען פון דעם קעניג.

וועלען זיי יעצט זוכען צוריק צו גע־

פעלן ווערן דעם קעניג, דאמיט וואס זיי וועלן איהם איבערגעבען אז אהוד איז געקומען אין זיין פאלאץ.

— וועגען דעם דארפסטו ניט זארגען, מיין שוועסטער — אזוי פיעל יאהרען האבען זיי איהם ניט געזעהן און וועלען איהם זיכער ניט דערקענען, און אויסער דעם געפינען זיי זיך שוין מעהר ניט אין פאלאץ און זיי וועלען אפילו ניט וויסען אז אהוד איז אהין אנגעקומען

— אבער פארוואס זאל אהוד וועלען ברענגען די מתנה צו דעם קעניג, קען דאס דען ניט געשעהן ווערען דורך א צווייטען? — האט זיך נועה נאך אלץ ניט בערוהיגט.

— אין דעם האט אהוד א כוונה, מיין ליעבע שוועסטער און קיינער דארף איהם ניט שטערען... איבערהויפט דארף מען זעהען, אז אלעס זאל געהאלטען ווערען בסוד... קיינער טאר דערפון ניט וויסען.

— אבער אזוי לאנג ווי לוי קומט אריין גאנץ אפט אין דיעזען הויז אדער אין משכן, וועט קיין סוד ניט קענען געהאלטען ווערען — האט נועה זיך אפגערופען.

— איך וועל איהם אנזאגען אז ער זאל מעהר אין מיין הויז ניט אריינקומען. ווי באלד אז עס פאלט אויף איהם א פערדאכט וועל איך שוין זעהן אז ער זאל ווייכען אויך פון דעם משכן.

— עס איז שוין מעהר ניט קיין פערדאכט! — האט ימואל זיך אפגערופען — לוי האט פעראורזאכט די ערשטע מסירה, ער האט עס געשיקט אהער צו די ברידער מחלון און כליון.

— פון וואנען האסטו עס אויסגעפינען? — האט צדוק איהם געפרעגט.

איינער פון בועז'ס יונגען האט זיך געזעהן מיט דעם יונג וועלכער איז דאן געקומען צו מחלון און כליון און ער האט פון איהם אויסגעפונען אז לוי האט עס איהם געשיקט.

— אויב אזוי איז ער דאך ווירקליך א מסור! — האט צדוק אויסגערופען.

יעצט וועט ער זיך ניט טארען בעווייזען אפילו נעבען דעם משכן.

— עס איז דער וואונש פון בועז'ן און אהוד'ן אז דו, מיין הער זאלסט איהם לאזען ארעסטירען און ער זאל פערהאלטען ווערען ביז וואנען דער געפאהר וועט פאראיבער, ווייל אזוי לאנג ווי לוי וועט זיך פריי בעוועגען, וועט אהוד קיינמאל ניט זיין זיכער מיט זיין לעבען.

— איך וועל צונויפרופען די עלטסטע פון שטאדט און זיך מיט זיי בעראטען וועגען דעם! — האט צדוק געזאגט.

— מען וועט דארפען אנזאגען אויך זרחי'ן אז ער איז אונטער חשד, און ווען מען וועט אויסגעפינען אז ער חבר'ט זיך נאך אלץ מיט לוי'ן, וועט ער אויך ארעסטירט ווערען, דאן גלויב איך וואלט מען געקענט פון איהם ארויסקריגען פיעלע סודות... ווייל זרחי איז א גרויסער פחדן און ווען מען זאל איהם עטוואס צודריקען צום וואנט, וועט ער אלעס דערצעהלען.

צדוק, דער כהן גדול, האט גלייך געשיקט רופען די עלטסטע און חשוב'ע פון שטאדט און ווען ער האט זיי אלעם אנפערטרויט האט ער זיך מיט זיי בעראטען וואס צו טהאן מיט לוי'ן.

איז עס דען נאך א צווייפעל ביי אונז אז לוי זאל איינגעשפארט ווערען אין געפענגנים! — האט איינער פון די זקנים זיך אפגערופען — אויב ער איז אזוי פערדארבען טאר ער זיך פריי ניט בעוועגען אין אונזער שטאדט... דו, אלס אונזער כהן גדול האסטו די מאכט איהם צו ארעסטירען. און דאן וועלען מיר אויך שיקען רופען זרחי'ן און פון איהם ארויסקריגען נויטיגע בעווייזע.

צדוק האט געשיקט איינעגע פון די שומרים און זיי זיינען אוועק צו לוי'ן אין הויז און איהם ארעסטירט.

— וואס פאר א פערברעכען בין איך בעגאנגען אז מען ארעסטירט מיך! — האט לוי זיך גענומען ווערען.

— דאס וועסטו אויסגעפינען ווען

דיין משפט וועט פארקומען! — האט מען איהם געענטפערט.

א גרויס שרעק איז בעפאלען זרחי׳ן ווען ער האט זיך דערוואוסט אז מען האט לוי׳ן ארעסטירט. ער האט גענומען ציטערן טאמער וועט לוי זיך מודה זיין אין אלעם, און איהם אויך אריינשלעפען אין דעם. זיין שרעק איז נאך גרעסער געווארען, ווען די שלוחים פון צדוק׳ן זיינען געקומען צו איהם און געלאזט וויסען אז ער מוז גלייך קומען אין צדוק׳ס הויז.

מיט ציטערנדע הענט און פיס איז ער אוועק צו צדוק׳ן. ווען ער האט דערזעהן די זקנים זיצענדיג איז ער טויט בלאס געווארען.

— מיר האבען אויסגעפונען אז לוי איז געווען דיין פריינד און דו האסט איהם געהאלפען אין פיעלע זאכען.

— ניין! ער איז א ליגנער! — האט זרחי אויסגערופען. לוי זוכט ארויפצוווארפען דעם שולד אויך אויף מיר.

— מיר ווייסען אז ער איז פערדארבען און דעריבער פערלאנגען מיר אז דו זאלסט אונז זאגען אלעס וואס דו ווייסט וועגען דעם, און דערמיט וועלען מיר זעהן דיך ריינצוואשען.

— איך בין אין דעם ניט שולדיג — האט זרחי אויסגערופען — ער האט מיך געוואלט אריינמישען אבער איך האב זיך ניט געלאזען.

— דערצעהל אונז אלעס וואס דו ווייסט וועגען איהם — האט צדוק געווענדעט זיך צו זרחי׳ן — דו דארפסט גאר ניט מורא האבען פאר מיר.

— ער האט מיר געזאגט אז ער וועט זעהן דאס נועה וועט ווערען מיין פרוי... איך שווער אז איך האב איהם גארניט געהייסען טהאן... דאס האט ער אלעס אליין אויף זיין אייגענעם חשבון געטהאן...

— וואס האט ער געטהאן? — האט איינער פון די עלטסטע איהם געפרעגט.

— ער האט געוואלט אז אהוד זאל זיין געצוואונגען צו אנטלויפען פון שילה, האט ער געזעהן אז מחלון און כליון זאלען אויסגעפינען דאס ער געפינט זיך דא...

— און ווער האט אויף איהם גע׳מסר׳ט דאס לעצטע מאל? — האט צדוק געפרעגט — דו אדער ער?

— געוויס לוי! — האט זרחי אויסגערופען — איך האב איהם אפגערעדט דערפון אבער ער האט פון דעם ניט געוואלט הערען!

— און פארוואס ביזטו ניט געגאנגען אונז גלייך זאגען וועגען דעם. — ווייל איך האב מורא געהאט אז ער וועט אויף מיר ווארפען דעם בלבול און אז די שופטים וועלען איהם גלויבען.

— דו וועסט מוזען קומען צו זיין משפט און דארטען פאר די שופטים ערקלערען אלעס וואס דו ווייסט וועגען לוי׳ן — האט צדוק געזאגט.. — מיר ווייסען אלע אז אויך דו האסט א שולד אין דעם, אבער מיר וועלען דיך ניט בעשטראפען דיעזען מאל, ווייל דו האסט אונז געהאלפען בעשטעטיגען דעם שולד פון דעם ריכטיגען פערברעכער. אבער זעה זיי זעהר פארזיכטיג, ווען מיר וועלען זיך דערוויסען אז דו שטעהסט נאך אלץ אין פערבינדונגען מיט דעם שונא, וועט אויך דיין סוף זיין א ביטערער.

— איך שווער ביי גאט אז איך וועל זיך קיינמאל ניט לאזען איבעררייִדען און איך וועל האלטען מיין מויל צוגעמאכט ווייל איך ווייס אז אונזערע שונאים זוכען אונז אלעמען שלעכטעס צו טהאן.

---

מיט איניגע וואכען שפעטער האבען ימואל און בועז געזעהן אז אהוד זאל קומען אויף א בעזוך אין שילה. ביינאכט זיינען זיי אהין אנגעקומען און מיט גרויס פארזיכטיגקייט זיך ארומגעקוקט אז מען זאל זיי ניט בעמערקען. גרויס פרייד האט געהערשט אין צדוק׳ס הויז ווען אהוד איז אהין אנגעקומען.

נועה האט פון גליק געוויינט.

— ווען וועט שוין קומען די צייט אז דו זאלסט מעהר ניט דארפען זיין אפגעשיידט פון מיר — איז זי איהם געפאלען אויפ׳ן האלז.

די צייט איז שוין ניט ווייט — האט אהוד זי געקושט — לאמיר האפען צו גאט אז ער וועט בעגליקען מיין וועג. און דאן ווען דאס גליק וועט א שיין טהאן פאר אלע אונזערע ברידער וועט עס אויך פאר אונז שיינען... אבער איך וועל קיינמאל ניט קענען פאלקאמען גליקליך זיין, ביז וואנען איך וועל בעפרייען מיין טייערען פאטער, יועלכער שמאכטעט אין געפענגנים צוליעב אונז אלעמען. יע, ער האט ארייגגעגעבען אין מיר א גייסט פון גבורה און מוטה. ער האט מיר געלערענט אז דאס לעבען דארף זיין געווידמעט צו אונזער גאט, אונזער פאלק און לאנד, און מיט זיין הילף האב איך דערגרייכט אלעס.. יעצט, וועט מיין ערשטע אויפגאבע זיין צו בעפרייען מיין פאטער... אויב... יע, אויב עס איז נאך ניט צו שפעט — האט ער געזאגט מיט אן אומעטיגע שטימע.

— אונזער לאגע איז גענוג טרויעריג, אז מיר דארפען ציטערען פאר מיאב, אז מיר דארפען זיין אונטעריאכט אונטער דעם טיראנישען קעניג עגלון — האט צדוק מיט בעדויערען געזאגט.

— און ווען מיר בעטראכטען אז ניט מיט פיעלע יאהרען צוריק האט דאס פאלק מואב געציטערט פאר אונז — האט ימואל זיך אפגערופען.

— יע, ווען משה איז צוגעקומען ניט ווייט פון די גרעניצען פון מואב, האט זיך דער דאמאלדיגער קעניג בלק אזוי דערשראקען פאר ישראל, אז ער האט געדונגען בלעם, דעם רשע אונז צו שילטען... און אפילו אין די צייטען פון יהושע'ן האט מואב זיך שטארק געשראקען פאר אונז — האט בועז צוגעגעבען. און יעצט זיינען מיר געווארען זיינע קנעכט... עגלון טהוט מיט אונז וואס איהם געפעלט, זיינע בעאמטע געפינען זיך אין אונזערע שטעדט און היטען אונז אויף שריט און טריט.

— לאנג וועט עס אזוי ניט זיין!— האט אהוד געדריקט זיין פויסט — דער סוף פון דעם שונא איז נאהענט — איך האב פערבראכט אין פיעלע שטעדט און איך האב געזעהן אז די בעגייסטערונג איז איבעראל גרויס... יעדער איינער איז וויליג איפצואפפערן זיין לעבען פאר זיין פאלק!

— דאס וואס איך האב שוין לאנג געזאגט! — האט צדוק זיך אפגערופען— די שוואכקייט פון ישראל בעשטעהט אין דעם וואס עס פעהלט זיי א ריכטיגער פיהרער וועלכער זאל וויסען ווי אזוי צו פעראייניגען די שבטים אזוי, אז זיי זאלען בלייבען פעראייניגט און העלפען איינער דעם צווייטען אין דער צייט פון א צרה... יעצט אבער, האט גאט צו אונז צוגעשיקט א פיהרער. . דאס פאלק האט פולען צוטרויען צו דיר, און אלע זיינען זיכער אז דו וועסט זיי העלפען פון די הענט פון אונזערע שונאים.

— זאל נאר גאט זיין מיט דיר? — האט נועה געווישט איהרע טרעהרען.

— איז דען גאט ניט געווען מיט אונז ביז יעצט — האט בועז זיך אפגערופען — וויפיעל מאל איז שוין זיין לעבען געווען אין געפאהר און ער האט איהם געראטעט... וויפיעל האט געפעהלט ער זאל ארייגפאלען אין די הענט פון שונא, דאן ווען מען האט איהם און זיין פאטער ארומגערינגעלט אויף דעם בארג אין בית לחם און דעם לעצטען מאל ווען מען האט איהם געזעהן אנטלויפענדיג פון דיעזען הויז. ווען ער וואלט זיין נאביאגער ניט געטראפען מיט זיין פייל, וואלט ער געווים ארייגעפאלען אין די הענט פון זיינע שונאים.

— גאט איז מיט איהם געווען ביז יעצט און וועט אויך מיט איהם זיין שפעטער! — האט צדוק געזאגט — איהם האט גאט אויסדערוועהלט צו זיין אונזער העלפער. דורך איהם וועט ער שיקען די ישועה פאר אלע אידען.. ווען איהם וועט געלונגען צו בעזיעגען מואב'ן און צו פערטיידיגען אלע אונזערע שבטים, וועלען מיר ניט דארפען מורא האבען פאר קיין אנדער פאלק.

מיר וועלען אויך די עמלקים פאריאגען פון אונזערע גרעניצען.

— אה, ווען די עמלקים זאלען וואגען אונז צו דריקען! — האט ימואל אויסגערופען מיט צארן. אין גאנצען וואלטען מיר זיי פערניכטעט... איך בין צופרידען וואס איך האב מיין נקמה געשטילט דערמיט וואס מיר האבען אומגעבראכט די גאנצע משפחה פון די עמלקים וועלכע האבען ערמארדעט אונזערע עלטערען... אבער איך ווייס אז דאס איז נאך ניט גענוג. מיר זיינען ניט געווען די איינציגע נעמען די עמלקים האבען פעראומגליקט... זיי האבען רואינירט פיעלע משפחות פון דעם שבט שמעון... און מיר האפען אלע אז עס וועט קומען א צייט און מיר וועלען זיך קענען נוקם זיין אן דעם גאנצען פערדארבענעם פאלק פון עמלק.

— אין אונזער היילינער תורה שטעהט געשריבען, אז מיר דארפען האלטען מלחמה מיט עמלק פון דור צו דור ביז וואנען מיר וועלען זיי אויסמעקען פון אונטער די הימלען — האט צדוק געזאגט — ווייל עמלק איז געווען דאס ערשטע פאלק וואס איז ארויסגעגאנגען מלחמה האלטען מיט אונזערע עלטערען ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים.

— ווען מיר וועלען פארטיג ווערען מיט מואב, וועלען מיר זיך גאנץ גרינג קענען נוקם זיין אן די עמלקים — האט אהוד געזאגט. עמלק איז אונזער ביטערסטער שונא, אבער ער איז צו שוואך אליין מלחמה צו האלטען מיט אונז. דאריבערווארט ער ביז וואנען א צווייטע פאלק מאכט איבער אונז אן איבערפאל און ער קומט זיי העלפען. אזוי האט עמלק פיעל געהאלפען מואב׳ן.

---

## 17טער קאפיטעל

וואס ווייטער איז די שנאה פון עגלון דעם קעניג פון מואב, גרעסער געווארען צו זיינע איידימס מחלון און כליון. און כאטש ער האט זיי דערווייטערט פון פאלאץ און ביי זיי אוועקגענומען זייער פארמעגען, האט ער זיך נאך דערמיט ניט בענוגענט. ער האט געשיקט רופען זיינע טעכטער און זיי איינגערעדט אז זיי זאלען פארלאזען זייערע מענער, און זיך אומקעהרען צוריק אין פאלאץ. אבער רות און ערפה האבען איהם געענטפערט אז דאס וועלען זיי קיין מאל ניט טהאן.

— קיין זאך אויסער דער טויט וועט מיר ניט אפטהיילען פון מיין מאן — האט רות אויס־ערופען.

— און איך וועל כליון׳ען אויך קיין מאל ניט אויפגעבען — האט ערפה געענטפערט איהר פאטער.

— אה, איהר ווידערשפעניגע טעכטער — האט עגלון מיט כעס געשטורעמט — צוליעב אייך איז דער צארען פון די געטער גרויס געווארען אויף מיר. די פריעסטער האבען מיר אנגעזאגט אז כל זמן מחלון און כליון געפינען זיך אין מיין לאנד און ענטזאגען זיך צו געהן דיענען די געטער, וועט זייער צארן ניט אפגעטהאן ווערען פון מיין פאלק.

— די פריעסטער זיינען ליגנער! — האט רות אויסגערופען. — זיי האבען פיינט אונזערע מענער ווייל זיי זיינען פון אן אנדער פאלק, דעריבער זוכען זיי דיך אנצושרעקען, און זאגען אז די געטער זיינען אין כעס אויף דיר צוליעב דעם.

— ווי אזוי וואגסטו אנצורופען די היילינע פריעסטער ליגנער! — האט עגלון געשטורעמט — האסטו דען ווינציג געזינדיגט געגען די געטער? אה, דאס איז צוליעב דעם וואס דיין מוטער איז געוועזען פון ישראל! יע, עס איז מיין שולד. איך האב זיך צו שפעט ארומגעזעהען. איך האב פון אנפאנג אן בעדארפט זי אזוי בעשטראפען, וואלסטו ערצויגען געווארען אין דעם גייסט פון אונזער פאלק, דו וואלסט אליין געגאנגען בעזוכען די טעמפלען פון אונזערע געטער, און דו וואלסט אויך בע־

איינפלוסט דיין מאן ער זאָל געהן דינען צו אונזערע געטער.

אָבער מיין מוטער איז דאָך ניט פון ישראל, פונדעסטיועגען פיהל איך אויך דאס זעלבע ווי רות! — האָט ערפה א זאָג געטהאָן.

— דאס איז ווייל רות האָט אויף דיר געווירקט און דערצו זיינען אייערע מענער אין דעם שולדיג. ווען איך האָב מיין צושטימונג געגעבען האָב איך געגלויבט, אז אייערע מענער וועלען דינען צו די געטער פון אונזער לאנד און דעריבער האָב איך זיי מקרב געפען... און זיי, אנשטאט צו זיין דאנקבאר צו אונזערע געטער וואס זיי האָבען געפונען רוהה און שלום אין אונזער לאנד, האָבען גאָר צו זיי זיך אומגעקעהרט מיט'ן נאקען. זיי פארשוועכען אונזער הייליגקייט, וואס זיי ווילען ניט אריינקומען אין אונזערע טעמפלען. נייז, מעהר וועט עס שוין אזוי ניט אָנגעהן. איך וועל זיי צווינגען עס צו טהאָן, ווי איך האָב געטהאָן צו דיין מוטער— האָט ער זיך געווענדעט צו רות'ן.

— אָבער דו ביזט שולדיג אין מיין מוטער'ס טויט! — האָט רות זיך אָפּגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען.— זי האָט קיינעם קיין שלעכטעס ניט געטהאָן און זי איז פארפייניגט געווארען צום טויט.

— זי איז געשטאָרבען ווייל די געטער האָבען זי בעשטראָפט! — האָט עגלון זיך אָפּגערופען — און אזא סוף וועלען אויך האָבען אייערע מענער אויב איך וועל ניט קענען ברעכען זייער עקשנות. איך וועל שיקען רופען די פריעסטער און זיי וועלען אייך זאָגען וואס פאר א שטראָף אייך ערווארט אויב איהר וועט אין גיכען ניט קומען אין זייערע טעמפלען און מתפלל זיין צו די געטער פון מואב.

— דו האָסט זיך זעהר גרויזאם בעגאנגען מיט אונז! — האָט איהם ערפה פארגעווארפען. — דער פאָטער פון אונזערע מענער, אלימלך, איז געשטארבען, ווייל ער האָט ניט געקענט אריבערטראַגען די אונטערדריקונג און די בעליידיגונגען וואס ער האָט געדארפט אויסשטעהן. — יעצט איז עס דיר נאָך ווייניג און דו ווילסט זיך נעהמען אויך צו אונזערע מענער. ווייסטו דען ניט אז מחלון און כליון זיינען קראנק און צובראכען פון דיין בעהאנדלונג?

— זיי וועלען אָדער אויספאָלגען דעם פארלאנג פון די פריעסטער אָדער זיי וועלען געהן צו זייער פאָטער אלימלך'ן — האָט עגלון געזאָגט מיט צאָרן. איך בין נאָך מיט זיי ניט פארטיג. איך וועל זיי איבערגעבען אין גאנצען אין רשות פון די פריעסטער. מיר וועט ניט ארען וואס די פריסטער וועלען מיט זיי טהאָן.

— אָבער ווי אזוי קענסטו טהאָן אזא זאך צו אונז, דיינע טעכטער! — האָט רות זיך בעקלאָגט. ווייסטו דען ניט אז מיט דעם וואס דו שטראפסט אונזערע מענער ליידען מיר אויך.

— איהר האָט פארדינט צו ליידען! מעגליך אז דורך אייערע ליידען וועלען אייערע נשמות געריינינגט ווערען און די געטער וועלען אייך פארגעבען. און אויב איהר וועט ווירקען אויף אייערע מענער זיי זאָלען חרטה האָבען אויף זייער זינד און זיך אומקעהרען צו אונזערע געטער, וועלען זיי שיקען ברכות צו אייך אלעמען אנשטאט קללות.

ערפה און רות האָבען פארלאָזען זייער פאָטער'ס פאלאץ מיט צובראכענע הערצער. זיי האָבען געזעהען אז קיין אנדער אויסוועג איז ניטאָ פאר זיי, ווי אויסצוואַנדערען צוזאמען מיט זייערע מענער פון מואב, זיינען זיי אוועק אהיים, און צוזאמענגעקומען מיט זייער שוויגער נעמי זיך צו בעראטהען וואס צו טהאָן.

— מיינע זיהן! — האָט נעמי אויסגערופען און די טרעהרען האָבען איהר געשטיקט אין האלז — איין איינציגער אויסוועג איז פאר אונז פארבליבען און דאס איז זיך אומצוקעהרען קיין בית לחם.

— מיט וואס וועלען מיר זיך אומקעהרען? — האָט מחלון געזאָגט מיט

פארביטערונג. ווען מיר זיינען אהער אנגעקומען האבען מיר געהאט אונזער געזונט, רייכטהום, מוט און האפנונגען. מיר האבען געהאט אונזער ליעבען פאטער און מיר זיינען געווען גליקליך. יעצט האבען מיר אלעם פארלארען... פון אלעם וואס מיר האבען דורכגעמאכט, פון די פיעלע צרות און פייניגונגען וואס עס איז אונז אויסגעקומען אויסצושטעהן פון די פריעסטער און פון די אנדערע בעאמטע פון דעם קעניג, האבען מיר פארלארען אונזער געזונד, אונזער מוטה און האפנונג. דער קעניג האט אונזער גאנצע רייכטהום אוועקגענומען, אונזער פאטער איז טויט. אונזער האפענונג איז פארלארען, פאר וואס זאלען מיר נאך יעצט זיין צו שאנד און צו שפאט אין אונזער אייגען לאנד... בפרט אז מיר ווייסען אז מיר האבען געזינדיגט, יע, זעהר שטארק געזינדיגט נעגען אונזערע ברידער.

— יע, מיר האבען אויך געזינדיגט געגען אונזער גאט. מיר האבען פארלאזען אונזער לאנד און איבערגעלאזען אונזערע ברידער אין א צייט פון נויטה. מיר האבען געגלויבט אז מיר וועלען אויסמיידען גאט'ס שטראף, האט ער דערפאר אונז דאפעלט בעשטראפט. אבער איהר ווייסט דאך אז גאט איז בארמהערציג און ער וועט אונז מוחל זיין!

— וועט אונז אבער אהוד און זיין פאטער גרא מוחל זיין פאר דעם שוידערליכען אומרעכט וואס מיר זיינען געגען זיי בעגאנגען — האט כליון טרויעריג געזאגט.

— אה, ווען איך דערמאהן זיך ווי געמיין מיר האבען געהאנדעלט געגען אונזערע ברידער, טהו איך אויפשוידערען! — האט מחלון געזאגט — איך קען ניט פארשטעהן ווי אזוי מיר האבען געקענט טהאן אזא זאך...

— מיר האבען אונזער פארשטאנד פערלארען און יעצט ליידען מיר פאר דעם. מיר קומען אפ פאר אונזערע גרויסע זינד — האט כליון צוגעשאקעלט מיט'ן קאפ.

— איך בין זיכער אז ווען מיר קומען צוריק אין ארץ ישראל און מיר וועלען אויפזוכען אהוד'ן, וואלט ער אייך געוויס מוחל געווען — האט נעמי געזאגט — פונקט אזוי ווי רות האט אויסגעווירקט אז זיין פאטער גרא זאל אייך מוחל זיין.

— דאס דערמאהנט מיר — האט זיך רות אפגערופען אז עס איז שוין לאנג ווי איך האב ניט בעזוכט גרא'ן אין געפענגניס. איך וואלט וועלען וויסען ווי מען בעהאנדעלט איהם דארטען און ווי ער פיהלט זיך.

— איך האב מורא אז מיט דיין יעצטיגען בעזוך וועסטו איהם טהאן מעהר שלעכטעס ווי גוטעס! — האט ערפה געזאגט — דער אויפזעהער ווייס אז מיר האבען פארלוירען דעם חן אין אונזער פאטער'ס אויגען און ווען דו וועסט איהם יעצט היסען ער זאל בעסער בעהאנדלען גרא'ן, וועט ער טהאן פונקט פארקעהרט, ווייל ער ווייס אז ער דארף שוין מעהר פאר דיר קיין מורא ניט האבען.

— ניין, ערפה, דו מאכסט א טעות — האט רות איהר געענטפערט — איך האב אויף דעם אויפזעהער פון געפענגנים געווירקט ער זאל גרא'ן בעסער בעהאנדלען ניט אויס מורא פאר מיר, נאר אויס מענשליכקייט. איך האב אין איהם ערוואכט זיין מענשליכען געפיהל און אזוי האט ער איהם פאר א היבשע צייט מענשליך בעהאנדעלט, און איך בין זיכער אז ווען איך וועל קומען אין געפענגניש וועט ער זיך צו מיר צוהערען אזוי ווי פריהער.

— אבער ווען דער פאטער וועט אויסגעפינען אז דו קומסט בעזוכען גרא'ן וועט ער געוויס אין כעס ווערען און וועט איהם גאר היסען אומברייננגען!

— איך וועל זעהר פארזיכטיג זיין אז דער פאטער זאל זיך ניט דערוויסען — האט רות געזאגט — מיין הארץ געהט אויס פאר דעם ארימען אלטען

גרא'ן. ער שמאכטעט שוין אזוי פיעל יאהרען אין געפענגניס. ווי לאנג מעהר וועט ער קאנען אויסהאלטען ?

— פאר דעם טהוט מיין הארץ נאך מעהר וועה ווי פון די ליידען וואס איך לייד פון די פריעסטער — האט מחלון געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען— איך וויים אז איך בין אליין שולדיג אין זיין אומגליק.

— ניט דו אליין, מיין ברודער, אבער אויך איך ! — האט כליון זיך אפגערופען — יע, מיר זיינעןביידע שולדיג אין דעם !

— מיין שולד איז גרעסער ווי דיינע — האט מחלון געענטפערט — איך בין דאך דער עלטערער ברודער און ווען איך וואלט ניט געוואלט בעגעהן אזא פארברעכען וואלסטו איהם אויך ניט בעגאנגען. יעצט ווען איך נעהם זיך פארשטעלען אז צוליעב מיר ליידעט אזא מאן ווי אהוד וועלכער האט געדארפט זיין א שטאלץ פאר אונזער פאלק מיט זיין בראווקייט, העלדישקייט און מוטה. דער אהוד האט אין זיך געהאט אלע פעהיגקייטען צו ווערען א פיהרער אין ארץ ישראל ,און צוליעב אונז דארף ער זיין פארוואגעלט. ער וואנדערט פון פלאץ צו פלאץ און איז שטענדיג אין סכנה אז מען זאל איהם ניט כאפען...

— ווער ווייס אויב ער לעבט נאך— האט כליון געזאגט — ער האט זיכער געהאט זעהר פיעל אויסצושטעהן.

— און עס איז נאך ניט גענוג גערעדט געוואן פאר אונז וואס מיר האבען איהם איין מאל גע'מסר'ט, האבען מיר די בעראמטע א צווייטען מאל געלאזט וויסען אז ער געפינט זיך אין שילה ביי דעם כהן גדול אין הויז — האט מחלון געזאגט.

— דער צווייטער פארברעכען איז נאך געווען ערגער ווי דער ערשטער !— האט כליון צוגעגעבען. — ער האט זיך בעזעצט אין דעם הויז פון כהן גדול און ער איז געווען צופרידען צו בלייבען זיצען דארט און חתונה האבען מיט

איינער פון זיינע טעכטער, זיינען מיר געקומען און צושטערט אלע זיינע פלענער. מיר האבען געווים פיעל ליידען פאראורזאכט צו איינער פון זיינע טעכטער. נו יעצט, מוטער פרעג איך דיר, קענען מיר דען ערווארטען אז ער זאל אונז מוחל זיין פאר דעם ?

— ער וועט זעהען אז איהר האט חרטה מיט'ן גאנצען הארצען און ער וועט אייך מוחל זיין — האט נעמי געזאגט. — ווען מיר ווע׳ען אהין קומען, וועל איך אליין צו איהם אריבערגעהן און בעטען אז ער זאל אייך מוחל זיין !

— און די פיעלע ארימע לייט, וועלכע האבען געליטען אזוי פיעל צרות און נויטה דורך דער צייט פון הונגער, וועלען זיי אונז דען אויך מוחל זיין ? האסטו פארגעסען די קללות מיט וואס זיי האבען אונז באגלייט ווען מיר האבען פארלאזען בית לחם — האט מחלון געזאגט. — יע, מוטער, דו ביזט געווען די איינציגע אין אונזער משפחה ווען די ארימע לייט האבען ליעב געהאט. דו ביזט געווען גוט צו יעדען ארימאן, צו יעדען אונטערדריקטען און קיינעם ניט ענטזאגט קיין הילף. דו האסט זייערע ברכות פארדיענט און מיר — זייערע קלות. און יעצט ווערען די קללות מקויים

— אה מיין זוהן — האט נעמי גע־ווישט איהרע אויגען — זיינען אייערע קללות אויך ניט מיינע ? ווען איך זעה ווי איהר ליידט, טהוט מיר דען ניט וועה ? ווען אלימלך איז געשטארבען איז דען פון מיר ניט אפגעשטארבען א שטיק פון מיין לעבען ? און ווען איך זעה ווי איהר ווערט אויסגעצערט און איינגעשרומפען פון צרות קען דען מיין לעבען מיר איינגעהן ! פאלגט מיר מיינע קינדער לאמיר זיך אומקעהרען צוריק קיין ארץ ישראל.

— ווען מיר וואלטען עס יעצט געטהאן, וואלטען מיר דאמיט קיין טובה ניט געטהאן צו אונזער פאלק — האט כליון זיך אפגערופען. — דער קעניג וואלט אויסגעלאזען זיין גאנצען כעס

אויף אלע אונזערע ברידער. ווער ווייסט אויב ער וואלט ניט געצוואונגען אלע אידען פון ארץ ישראל צו דיענען צו זיינע געטער. מיר זיינען דאך אין זיינע הענט און וואס איהם געפעהלט טהוט ער. ווען ער וועט זעהן אז מיר האבען פארלאזען דאס לאנד וועט ער הייסען ברייננגען די געטער פון מואב אין דעם לאנד פון ישראל און מיר וועלען זיך ווידער פיהלען שולדיג.

— ווען ער וואלט בלויז געמאכט אזא פארזוך, וואלט ער נאכהער חרטה געקראגען — האט נעמי געזאגט. — אונזער גאנצע פאלק וואלט געקעמפט ווי איין מענש געגען איהם און דאן וואלט זי מעגליך געלונגען אין גאנצען ארונטערצואווארפען זיין יאך.

— ניין, ווייגער דאס וואלט זיי קיין מאל ניט געלונגען — האט ערפה זיך אפגערופען. — דו פארגעסט אז מיין פאטער'ס קעניגרייך איז די שטארקסטע פון אלע ארומיגע קעניגרייכען. — עס וואלט קיין מאל ניט געווען ראטהזאם אז די קינדער פון ישראל זאלען מאכען אן אויפשטאנד געגען דעם קעניג פון מואב. עס שטעהט זיי פאר א סך צו פארלירען אבער זעהר ווייניג צו געווינען. מיין עצה וואלט געווען צו זיי, זיי זאלען איהם צאהלען די צינזען און זיין אונטערטהעניג צו איהם, ביז וואנען די צייט וועט קומען און ער וועט אליין פארגרינגערען זיין יאך פון זיי... איך בין זיכער אז דער פאטער אליין איז גאר ניט אזוי שלעכט. אין זיין שלעכטסקייט זיינען שולדיג די פריעסטער און זיינע ראטהגעבער.

— און וואס איז דיין עצה? — האט זי בלויז געפרעגט — זאלען מיר פערלאזען דיין פאטער'ס לאנד און צוריקגעהן נאך ארץ ישראל?

— אויב דאס וועט זיין דער בעשלוס אזוי, וועל איך אויך ניט אפשטעהן! — האט ערפה געענטפערט — אבער איך גלויב, אז דו ביזט גערעכט, מיין מאן, ווען מיר פערלאזען אלע אונזער לאנד, וואלט מיין פאטער נאך שטארקער געדריקט אייערע ברידער.

— יע, אזוי בלייבט עס! — האט מחלון צוגעגעבען — מיר האבען געזינדיגט געגען גאט און ער שטראפט אונז און מיר דארפען דא פערבלייבען צו קריגען אונזער שטראף אין פול און ניט ברענגען אן אומגליק אויף אלע אידען.

נעמי האט איינגעזעהן, אז אומזיסט זיינען איהרע רייד. זי קען איהרע זיהן. זי ווייס, אז זיי האבען א רעכט זיך צו שעהמען אומצוקעהרען זיך אין בית לחם. זי האט דעריבער צו זיי ניט געוואלט צושטעהען. און בפרט נאכדעם ווי ערפה האט איהר ערקלעהרט, אז פון דעם וועט מעגליך ארויסקומען א רעה פאר די אידען. אבער איהר הארץ איז איהר געווען פערביטערט. זי האט נאך ניט אויפגעהערט צו טרויערען אויף דעם טויט פון איהר מאן. און שווער איז איהר געווען צוצוזעהען די ליידען פון איהרע זיהן, ווען דער קעניג הערט ניט אויף צו דריקען. איין טרויסט האט זי געהאט און דאס זיינען געווען איהרע שניר. זי האט זיך קיינמאל ניט פארגעשטעלט, אז צווישען די טעכטער פון מואב זאלען זיך געפינען אזעלכע נאבעלע און גוטהארציגע ווי רות און ערפה... זי איז זיכער, אז פאר דעם וואס איהרע זיהן האבען מיט זיי געהייראט בעשטראפט זיי ניט גאט, ווייל זיי האבען זיך דאך מגיר געווען און האבען אויפגעהערט צו דינען צו די געטער פון מואב... דאך האט זי ניט אויפגעגעבען איהר האפענונג זיך צוריקצוקעהרען נאך ארץ ישראל. אפילו ווען עס זאל פאר איהר נויטיג זיין זיך אומצוקעהרען אליין, אהן איהרע זיהן. זי וועט דאך ניט שטארבען אין א פרעמד לאנד... זי וועט איהרע לעצטע יאהרען אויסלעבען צווישען איהרע אייגענע ברידער אין בית לחם.

אזוי איז נעמי געווען די גאנצע צייט פערזארגט און פאראומערט, און גאנץ אפט האט זי אויסגעוויינט איהרע אוי־

נען אויף די לײדען פון איהרע זיהן, וועמען דער קעניג הערט ניט אויף צו פלאגען מיט אזוי פיעל גרויזאמקייט... זי זעהט ווי איהרע זיהן זיינען אויסגעבלייכט און אויסגעצעהרט... זי ווייס, אז זיינען געווארען קראנק פון די לײדען, זאל זיך גאט אויף זיי מרחם זיין.

אַט האבען אָנגעפאנגען צו קומען נאָך ערגערע טעג פאר איהרע זיהן. דער הויפט פון די פריסטער פון כמוש האט גענומען אנריידען דעם אזוי אויך טיראנישען קעניג, אז דער אָפּגאָט כמוש האט שוין פערלאָרען זיין גדולה, און ווען ער וועט ניט צווינגען די אידען, וועלכע געפינען זיך אין זיין לאנד צו ברענגען קרבנות צו איהם וועט זיין צאָרן ברענען אין איהם און ער וועט ברענגען א מגפה אויף דעם גאנצען לאנד.

— א טויט שרעק האט אָנגענומען דעם קעניג, ווען ער האט דערהערט די רייד פון דעם פריסטער. ער האט גלייך בעשטימט א טאָג, וואו אלע איינוואהנער פון מדהבה וועלען מוזען קומען און ברענגען קרבנות צו כמוש און אויך צו די אנדערע געטער פון מואב.

— דער וועלכער וועט זיך ענטזאגען צו ברענגען א קרבן צו די געטער וועט געטויטעט ווערען—האט דער קעניג ארויסגעגעבען א גזרה.

באלד האט דער קעניג געשיקט אָנזאָגען זיינע טעכטער, אז זיי זאלען זיך בעזינען און זעהען אליין אויסצופאָלגען זיין באפעהל און אויך ווירקען, אז זייערע מענער און שוויגער זאלען נאָכטהאָן זייער ביישפיעל און זאלען זיי וויסען, אז זיין בעפעהל איז אויך געציעלט געגען זיי. ער וועט אפילו ניט שאנעווען זיינע אייגענע טעכטער, ווײלע ער האט שוין געהאט צופיעל געדולד מיט זיי.

ווען זיי האבען אלע געהערט דעם קעניג'ס בעפעהל, איז אויף זיי א פחד געפאלען.

— איך זעה, אז דיזען מאָל איז אונזער פאָטער ערנסט מיט זיינע רייד!—האט ערפה געזאגט—מיין עצה איז, אז מיר זאלען איהם דיזען מאל פאָלגען און דער גאט פון ישראל וועט אונז מוחל זיין.

— אָה, ניין!—האט רות געענטפערט—מיר זיינען יעצט פעררעכענט אזוי ווי טעכטער פון ישראל—און מיר דארפען זיין געגרייט אָפּצוגעבען אפילו אונזערע לעבענס פאר אונזער גאט... און אזוי שנעל ווי מיר וועלען מקריב זיין קרבנות צו די אָפּגעטער פון מואב, פערשוועכען מיר זיין הייליגען נאָמען, און מיר קענען שוין מעהר ניט פעררעכענט ווערען פאר טעכטער פון אידישען פאָלק.

— אָבער זעהסטו דען ניט, מיין שוועסטער, אז אויב מיר וועלען ניט אויספאָלגען אונזער פאָטער'ס בעפעהל וועלען מיר געטויטעט ווערען. דעם בעפעהל האט דער פאָטער ארויסגעגעבען אונטער דעם איינפלוס פון זיין הויפט פריעסטער און ער וועט איהם זיכער ניט ענדערען. ער האט דאך געזאגט, אז זיין בעפעהל איז אויך גילטיג אפילו אויף זיינע אייגענע טעכטער!

— הער זיך איין, מיין טאָכטער!—האט נעמי זיך צו איהר אָפּגערופען—דו ביזט נאך יונג און דיין [illegible]לוסט צום לעבען איז גרויס, דאס זעלבע איז מיט רות'ן. איהר קענט אויספאָלגען דעם בעפעהל פון דעם קעניג און מקריב זיין קרבנות צו זיינע אָפּגעטער—איך און מיינע זיהן אָבער זיינען בעשלאָסען זיין בעפעהל ניט אויסצופאלגען.

— און איך וועל אויך ניט פאָלגען!—האט רות געזאגט—זאל ער מיר אפילו טוידטען אויב ער וויל!

— אויב עס וואָלט נאָר געווען א מעגליכקייט יעצט צו ענטלויפען פון מואב, וואלטען מיר עס געדארפט טאָן!—האט כלין געזאגט.

— דאס איז אומעגליך!—האט ערפה געזאגט—אונזער פאטער וועט שוין זעהן, אז מען זאל אונז היטען מיר זאָלען דאס לאנד ניט פערלאָזען. מיר האָבען קיין אנדער אויסוועג ניט, און איך

בעט דיר כליון ראטעווע דיין לעבען און לאמיר ביידע אויספאלגען דעם קעניג'ס בעפעהל!

— ניין, ערפה! איך קען עס ניט טהאן. איך ווייס, אז איך בין געווען פארדארבען. איך האב א סך געזינדיגט געגען אונזער גאט און געגען מיין פאלק, אבער דאס וועל איך ניט טהאן. איך וועל בעסער שטארבען אזוי ווי מיין פאטער און אזא זאך ניט טהאן.

— דרייסיג טעג צייט האט אונז דער פאטער געגעבען... און מיר וועלען נאך צייט האבען זיך איבערצולייגען און בעטראכטען וואס צו טהאן, אבער יעצט, פארוואס זאלען מיר גלייך ענטזאגען זיין פערלאנג! לאמיר צושטימען און ווען די צייט וועט קומען, וועלען מיר דאן זעהן!

— ניין, איך וועל בשום אופן ניט צושטימען! — האט רות געזאגט. איך וועל איהם גלייך זאגען, אז איך וועל קיינמאל ניט צושטימען צו דינען צו די געטער פון מואב.

— און איך וועל דעם קעניג מיין ענדגילטיגען ענטפער אויף דעם דרייסיגסטען טאג געבען! — האט ערפה געזאגט צו דעם שליח פון קעניג.

— און מיין ענטפער איז אז איך וועל מעהר קיינמאל ניט דינען צו די אפגעטער פון מואב — האט רות געזאגט.

— ניין, נעהם איהר ניט ערנסט! — האט ערפה זיך אפגערופען — גיעב איבער דעם קעניג, אז מיר וועלען יענעם טאג אלע ענטפערען.

ווען דער שליח איז אוועק! — האט ערפה געזאגט צו רות'ן:

— מיר קענען ניט וויסען וואס עס וועט פארקומען דורך דער צייט פון די דרייסיג טעג. אבער דערווייל יועסטו פיליכט קענען עפעס גויד טהאן פאר גרא'ן ווי דו האסט געפלאנעוועט.

דעם צווייטען טאג האט רות בעזוכט דעם געפאנגענעם, וואו גרא האט זיך געפונען. דער אויפזעהער האט איהר אבער זעהר קאלט אויפגענומען. ער האט איהר איבערגעגעבען, אז דעם קעניג'ס בעפעהל איז, אז גרא זאל געצוואונגען ווערען צו ברענגען א קרבן צו די אפגעטער פון מואב און אויב ער וועט ניט וועלען אויספאלגען זיין בעפעהל זאל ער אליין געבראכט ווערען פאר א קרבן. און יעצט ווייס איך ניט וואס צו טהאן! גרא איז נאך אלץ איינגע'עקשנ'ט און איך האב מורא, אז ער האט זיין לעבען פערשפילט.

— לאז מיר צו צו איהם, איך וועל פרובירען מיט איהם רעדען! — האט רות געזאגט — איך פערזיכער דיר, אז מיין פאטער וועט וועגען דעם בעזוך ניט וויסען.

ער האט זי אריינגעלאזען צו איהם און רות איהם פריינדליך בעגריסט:

— דערקענסטו מיר, מיין פריינד? איך בין דיזעלבע וועלכע האט מיט אייניגע יאהר צוריק ביי דיר געווען און געקראגען פון דיר א פערזיכערונג, אז דו ביזט מוחל די צוויי ברידער, מחלון און כליון.

— ווען איך וואלט נאר געוואוסט, אז מיין זוהן לעבט און ער איז פריי, וואלט איך אויף זיי מעהר קיין שנאה ניט געטראגען — האט גרא געזאגט — אבער ווי אזוי קען איך זיי מוחל זיין אויף פאר די צרות וואס זיי האבען פערארזאכט מיין זוהן, אויף וועמען איך האב אזוי פיעל האפענונג געלעגט.

— איך בין זיכער, אז דיין זוהן לעבט! — האט איהם רות בערוהיגט — ווארום ווען די בעאמטע פון מואב וועלכע געפינען זיך אין ארץ ישראל, וואלטען איהם געפאנגען וואלטען זיי איהם זיכער געבראכט אהער און אלע וואלטען דערפון געוואוסט... און דו מעגסט וויסען, אז איך בין די טאכטער פון קעניג!

— וואס?!... איז גרא אויפגעשפרונגען פון זיין פלאץ — דו ביזט די פרינצעסין און איך...

— שרעק זיך ניט, איך וועל דיר קיין בייזעס ניט טהאן — האט רות געזאגט.

— פאר זיך ארט מיר שוין ניט,

אבער פאר מיין זוהן !—האט גרא איהר אנגעקוקט מיט צושראקענהייט.

— דורך מיר וועט דיין זוהן קיין רעה ניט ארויסקומען—האט רות איהם ווידער פערזיכערט—איך בין שוין אויך פערדרעבענט פאר איינע פון דיין פאלק און וועל אין גיכען ליידען צוזאמען מיט די אנדערע. מיין פאטער איז זעהר פערביטערט געגען מיר און מיין שוועסטער, ווייל מיר ווילען ניט דינען צו די אפגעטער פון מואב. איך בין געקומען דיר זאגען, אז וואס עס וועט מיט דיר פאסירען וועט אויך פאסירען מיט אונז:

— מיט וועמען נאך ? — האט גרא איהר געפרעגט.

— מיט מיין שוועסטער און אונזערע מענער, מהלון און כליון ! ווייל מיר אלע זיינען געבליבען געטריי דעם גאט פון ישראל. און אויב עס וועט נאר זיין א מעגליכקייט בטל צו מאכען מיין פאטער'ס גזרה, וועל איך שוין זעהן, אז דו זאלסט אויך ניט דארפען ליידען.

— זיי געבענטשט צו אונזער גאט ! —האט גרא געענטפערט — אבער איך האב שוין מעהר קיין האפענונג ניט, אז איך וועל ווען עס איז בעפרייט ווערען פון דיזען געפענגנים... יע, גאט וויים אויב איך וועל שוין ווען עס איז זוכה זיין צו זעהן מיין איינציגען זוהן. יעצט וויים איך, אז דאס וואס מען האט מיך פאר די לעצטע יאהרען בעהאנדעלט מענשליכער איז עס געווען צוליעב דיר... יעצט אבער איז די בעהאנדלונג פון דעם אויפזעהער ווידער געווארען שלעכט און ער זאגט מיר ,אז אויב איך וועל זיך ניט אונטערגעבען און ברענגען א קרבן צו די געטער פון מואב מיט מיין גוטען ווילען, וועט מען מיך אליין מקריב זיין פאר א קרבן צו זייער אפגאט מולך.

— די זעלבע דראהונג האט דער קעניג געגעבען צו אונז, זיינע טעכטער — האט רות געזאגט צו גרא'ן,—אבער לאמיר מתפלל זיין צו דעם גאט פון ישראל, פיליכט וועט ער אונז העלפען ווי ער האט געהאלפען זיין פאלק צו יעדער צייט, ווען זיי זיינען געווען אין נויט.

— די מאס פון די ליידען פון אונזער פאלק איז שוין פול געווארען ! — האט גרא געזאגט—זאל ער אונז שוין שיקען א שנעלע ישועה.

באלד איז דער אויפזעהער אריינגעקומען א בלאסער און צושראקענער. זיינע הענט און פיס האבען גענומען ציטערען:

— אה, פרינצעסין, איך בין פערלארען ! איך בין פערלארען !—האט ער געשריען—און דו ביזט אין דעם שולדיג !

— וואס האט פאסירט ?—האט איהם רות געפרעגט מיט א ציטערענדע שטימע.

— דער קעניג האט זיך געוויס דערוואוסט, אז איך האב דיר געגעבען ערלויבניס זיך צו זעהן מיט גרא'ן און דעריבער האט ער געשיקט איך זאל שנעל קומען צו איהם.

— בערוהיג זיך, קיין שטראף וועסטו דערפאר ניט בעקומען—האט רות זיך אפגערופען צו דעם אויפזעהר. — איך וועל נעהמען אויף זיך די גאנצע פעראנטווארטליכקייט, איך וועל מיט דיר אוועקגעהן צום קעניג אין פאלאץ און איהם ערקלערען אז איך האב דיך גענארט און אז איך האב עס פון דיר פערלאנגט אין זיין נאמען. איך וועל איהם איבערצייגען ,אז דו ביזט אומשולדיג.

מיט ציטערנדע הענט און פיס איז דער אויפזעהער אוועק אין פאלאץ פון דעם קעניג, רות אין מיט איהם מיטגעגאנגען.

— מיין טאכטער, דו ביזט געקאמען אויספאלגען מיין באפעהל— האט עגלון זיך אפגערופען און א שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפען.—געלויבט איז כמוש וואס ער האט דיר אריינגעגעבען א גוטען געדאנק און יעצט וועל איך ניט דארפען דורכפיהרען מיין בעפעהל אויף מיינע טעכטער.

— מיר זיינען מעהר ניט דיינע טעכ־

טער, מיר זיינען פרעמדע צו דיר! — האט רות געזאגט און דו וועסט אונז קענען בעהאנדלען ווי דו בעהאנדעלסט יעדען פרעמדען פון ישראל און אויב לויט דיין בעפעהל וועט אונז קומען טוידטען פאר ניט פאלגען דיינע דייך, וועסטו אונז קענען טוידטען... איך ווייס ניט ווי ערפה פיהלט, מעגליך, אז זי וועט טהאן ווי דו פערלאנגסט. אבער ניט איך און געוויס ניט מהלון און בליון און זייער מוטער

— איך האב געשווארען פאר אונזער גאט כמוש אין דער געגנווארט פון הויפט פריסטער, אז יעדער איינער וועלבער וועט זיך ענטזאגען דורך דער צייט פון די דרייסיג טעג, וואס איך האב געגעבען, צו ברענגען א קרבן צו איהם, יענער וועט מוזען שטארבען... דו זעהסט דאך אליין, אז איך וועל מיין ווארט ניט קענען בייטען, פארוואס זאל איך פערלירען מיינע צוויי טעכטער?

— דו האסט זיי שוין לאנג פערלארען! — האט רות געענטפערט — דורך דעם וואס דו דריקסט אונזערע מענער, זיינען מיר אפגעפרעמדעט געווארען פון דיר.

— איך ווייס, אז איך האב געזינדיגט געגען אלע מיינע געטער מיט דעם וואס כ'האב אייך ערלויבט צו הייראטען מיט די צוויי ישראלים, און צוליעב דעם וואס איך האב אלימלך'ן געמאכט פאר דעם אויפזעהער איבער מיינע אוצרות... יעצט איז געקומען די צייט איך זאל צוריק געפינען חן אין זייערע אויגען און אויב מיין בעפעהל וועט ניט דורכגעפיהרט ווערען וועל איך זעהן איבערצובעטען די געטער מיט דעם וואס איך וועל פאר זיי מקריב זיין די זינדיגער. און צוליעב דיזען צוועק האב איך יעצט געשיקט רופען דעם אויפזעהער פון געפענגנים, ווייל איך וויל, אז דער ערשטער קרבן זאל זיין גרא. איך וויל איהם היינט צווינגען מקריב צו זיין א קרבן פאר כמוש און אויב ער וועט בלייבען פער'עקשנ'ט, וועל איך זעהן, אז מארגען זאל ער אליין זיין דער קרבן. יע, אזוי איז מיין פערלאנג — האט ער זיך געווענדעט צום אויפזעהער — געה און ברענג גרא'ן צו דעם אלטאר פון כמוש און זאל ער דארטען מקריב זיין א קרבן און ווען ער וועט גלייך ניט וועלען פאלגען, זאלסטו איהם ברענגען צו מיר איך וועל שוין זעהן, אז ער זאל געבראכט ווערען פאר א קרבן.

— דיין בעפעהל איז דאך געוועזן, אז דער וועלכער וועט ניט טהאן דיין ווילען ביז דרייסיג טעג זאל „עטויטעט ווערען און פאר וואס מאכסטו אן אויסנאהם מיט דעם אידישען געפאנגענעם — האט רות זיך אפגערופען.

— ווילע איך וויל, אז ער זאל זיין דער ערשטער ביישפיעל, איך וועל אייך אלעמען צווינגען צו זיין אנוועזענד, ווען ער וועט פארברענט ווערען אלס קרבן פאר די געטער פון מואב.

— דו קענסט אזא זאך ניט טהאן, פאטער! — האט רות אויסגערופען — דאמיט וועסטו ארויסרופען דעם צארן פון דעם גאנצען אידישען פאלק.. זיי זיינען יעצט אונטערטעניג צו דיר, זיי צאהלען דיר צינזען און קומען נאך אלע דיינע פערלאנגען. אבער ווען עס וועט בעוואוסט ווערען, אז דו האסט אומגעבראכט אן אומשולדיגען מאן פון זייערע ברידער וועלען זיי זיך אלע שבטים פעראייניגען געגען דיר און וועלען זוכען אין גאנצען אראפצווארפען דיין יאך!

עגלון האט אויסגעבראכען אין א הילכיגען געלעכטער — זינגט דו האסט געהייראט דעם ישראל האסטו אין גאנצען דיין שכל פערלארען — האט ער ניט אויפגעהערט צו לאכען — ווילסטו מיר דען אנסטראשען... און אפילו ווען זיי זאלען זיך פעראייניגען געגען מיר, דארף איך דען פאר זיי מורא האבען. דו ווייסט דאך, אז איך וויל מאך איך וויסט זייער גאנץ לאנד... זיי וועלען ניט וואגען זיך געגענשטעלען געגען מיר... זעהסטו דען ניט, אז איך קען טהאן מיט זיי וואס איך פערלאנג... אין גיכען וועלען זיי

מיר מוזען צושיקען א גרויסע מתנה א חוץ צינזען... און אויסער דעם דארפסטו וויסען רות, אז קיין פעראייניגונג קען קיינמאָל ניט זיין צווישען די פערשיעדענע שבטים פון ישראל... און ווען מיינע בעאמטע וועלען זיך דערוויסען, אז די אידען קלייבען זיך צו מאכען אן אויפשטאנד, וועל איך פערזאמלען די גרעסטע ארמעע און אריינקומען אין זייער לאנד און אויסשלאכטען אלע מענער ,פרויען און קינדער אויף קיינעם וועלען מיר קיין רחמנות ניט ליגען... זאלען זיי זיך נאָר אָנפאנגען מיט מיר.

— ווי איך האָב אויסגעפונען שמאכטעט שוין גראָ אין געפענגנים שוין פיעלע יאָהר ,ער האט זעהר פיעל געליטען און יעצט ווילסטו איהם אין גאנצען אומברענגען !—האט רות געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען.

— איך האב מיט איהם געטהאן א חסד און גלייך ניט געטויטעט, ווייל איך האב פערשפראָכען מחלון און כליון, יעצט אָבער וועלען זיי אויך ליידען צוזאמען מיט איהם און איך וויל, אז ער זאל זיין דער ביישפיעל. ווען איהר וועט ווען דער הדייסיגסטער טאָג וועט קומען, ניט אויספאלגען מיין בעפעהל, וועט צו אייך אלעמען געטהאן ווערען אזוי ווי צו איהם. און יעצט געה און ברענג גרא'ן צום מזבח !—האט ער זיך געווענדעט צום אויפזעהער.

א שטיין איז אראָפּ פון דעם אויפזעהער'ס הארצען... ווען ער האט אויסגעפונען, אז דער קעניג ווייס ניט פון דעם, אז ער האט ערלויבט רות'ן אריינצוקומען אין געפענגנים צו גראָ'ן. ער האט זיך פערנייגט פאר'ן קעניג און גענומען פערלאָזען דעם פּאלאץ.

— ווארט אויף א ווײלע !—האט רות אויסגערופען און ווענדענדיג זיך צו איהר פאָטער, האט זי געזאגט :

— גוט, מיין ליעבער פאטער, איך וועל טהאן דיין פערלאנג, און איך וועל זעהן, אז אויך ערפה און אונזערע מענער זאלען טהאָן דאס זעלבע, און פאר דעם פערלאנג איך, אז דו זאלסט גרא'ן צו רוה לאזען ביז וואנען דער דרייסיגסטער טאָג וועט קומען.

— יעצט רעדסטו ווי א ווירדיגע טאָכטער פון א ווירדיגען קעניג !—האט עגלון זיך אָפּגערופען—אויב אזוי וועסטו נאך היינט טהאָן די געפעליגקייט, צו די געטער און פאר זיי מקריב זיין א קרבן !!

— איך וועל טהאָן דיין ווילען, אָבער איך וועל ווארטען ביז דעם לעצטען טאָג אזוי ווי דו האסט פערלאנגט ! און ביז יענער צייט האף איך וועל איך קענען איינריידען מיין מאן און דעם מאן פון ערפה'ן און אויך אונזער שוויגער נעמי און מיר וועלען אלע מיט אמאָל קומען און ברענגען די קרבנות פאר די געטער.

—איך בין זעהר צופריעדען צו הערען אזעלכע רייד פון דיין מויל. און דו מעגסט וויסען, אז אזוי שנעל ווי דיין מאן און דער מאן פון דיין שוועסטער וועלען אָנפאנגען צו דינען צו אונזערע געטער, אזוי וועל איך זיי צוריק אריינגעהמען אין פאלאץ. איך וועל אומקעהרען זייער פערמעגען און איך וועל מיט זיי טהאן חסד אזוי ווי אין די פריהערדיגע יאָהרען !

— און דאן וועלען מיר אלע ווידער אמאָל גליקליך זיין צוזאמען ! — האט רות אויסגערופען מיט א געצוואונגענעם שמייכעל—מיין מאן וועט פאלקאָם געזונט ווערען און אין אונזער הויז וועט הערשען גליק און צופריעדענהייט !

— יע, מיר וועלען אלע זיין צופריעדען !—האט דער קעניג געזאגט—איך וועל ניט דארפען זארגען פון דעם וואס מיינע טעכטער ווידערשפעניגען מיין פערזאג. אייערע לעבענס וועט איהר רעטען און מיין פריינשאפט מיט מיינע איידימס וועט בענייט ווערען... אָבער דו דארפסט זעהן דאס וואס שנעלער אויסצופיהרען.

— איך מוז האבען גענוג צייט איבערצורעדען מיט די איבעריגע — האט רות געזאגט—און אזוי לאנג ווי מיר וועלען

עס טהאָן ניט שפּעטער ווי דעם אָנגע־געבענעם טאָג, ווע‏לען די געטער אונז אלעמען מוחל זיין... און דאַן האָף איך, אז אויך גראַ וועט צושטימען צו טהאָן דיין פערזאָג. און אויב דו וועסט מיר ערלויבען וועל איך איהם אליין בעזוכען אין געפענגנים און מיט איהם איבער־ריידען, און איך פערזיכער דיר, אז צו דעם בעשטימטען טאָג וועט גראַ טהאָן וואָס מיר טהוען. און פאַר דעם פערלאַנג איך פון דיר אז דו זאָלסט יעצט גראַ'ן צו רוה לאָזען און ווארטען ביז דעם דרייסיגסטען טאָג.

— איך וועל זיך בעראַטהען מיט מיין הויפּט פּריעסטער—האָט דער קעניג זיך אָפּגערופען—און דו ווארט נאָך אויף א ווילע—האָט ער זיך געווענדעט צום אויפזעהער—באַלד וועסטו וויסען אויב דו זאָלסט גראַ'ן נאָך היינט פיהרען צום מזבח אדער ווארטען...

עגלון האָט געשיקט רופען דעם הויפּט פּריעסטער און ער האָט צו איהם גע־זאָגט:

— דאָס הארץ פון מיין טאָכטער איז ווייכער געוואָרען. זי שטימט שוין איין צו ברענגען א קרבן פאַר אונזערע גע־טער.

א ברייטער שמייכעל האָט זיך צו־שפּרייט איבער דעם פעטען פּנים פון דעם פּריעסטער, ער האָט זיך א נייג גע־טהאָן נאָכדעם האָט ער אויפגעהויבען זיינע הענט און געבענשט רות'ן.

— זאָלען די ברכות פון אלע געטער פון מואב פאַלען אויף דעם קעניג און אויף דיר. דורך דעם וואָס דו שטימסט איין צו טהאָן דעם ווילען פון די געטער, האָבען זיי דיר פערגעבען פאַר אלע דיינע זינד.

— ניט נאָר וועט זי אליין טהאָן אונ־זער פערלאַנג—האָט דער קעניג געזאָגט צו דעם פּריעסטער—אָבער זי וועט אויך זעהן צו ווירקען אויף איהר שוועסטער און זייערע מענער און שוויגער!

— זאָלען דערפאַר זייערע ברכות פערדאָפּעלט ווערען! — האָט דער פּריעטער פערגלאָנטשט מיט זיינע אוי־גען. — איך וועל שיקען אָנזאָגען אלע פּריעסטער און מיר וועלען מאָרגען ער־קלעהרען א יום טוב איבער'ן לאַנד, זאָ־לען אלע איינוואהנער צוזעהן ווי די פּרינצעסינס האָבען זיך אומגעקעהרט צו די געטער מיט זייערע מענער.

— אָבער רות וויל עס ניט טאָן באַלד! —האָט דער קעניג זיך אָפּגערופען— זי וויל האָבען גענוג צייט איבערצוריי־דען מיט די איבעריגע פון איהר משפּחה און זי וויל טהאָן צוזאַמען אין די לעצ־טען טאָג פון דער אָנגעגעבענער צייט.

דער פּריעסטער האָט אראָנטערגעלאָ־זען זיינע אויגען. זיין פּנים האָט אויס־געדריקט ענטטוישונג.

— און דעריבער האָב איך געשיקט דיך רופען!—האָט דער קעניג צו איהם געזאָגט—זאָל איך ווארטען ביז יענעם טאָג און דערווייל אויך זי, אָפּהאַלטען ניט צו צווינגען גראַ'ן, אדער איך זאָל ניט ווארטען.

— וואָס האָט עס צו טהאָן מיט גראַ'ן!—האָט דער פּריעסטער א ציה געטהאָן מיט זיינע אקסלען.

— דאָס איז דער פערלאַנג פון מיין טאָכטער. זי גלויבט, אז זי וועט אליין זיך מיט איהם איבעררײדען און ווירקען אויף איהם ער זאָל ברענגען א קרבן צו כמוש מיט זיין גוטען ווילען. יעצט ווענ־דעט זיך אָן דיר, איך וועל זיך צוהערען צו דיין עצה.

— "הייליגער" פּריעסטער!—האָט רות זיך צו איהם אָפּגערופען—וועלען דען די געטער פון מואב ניט זיין מעהר צופריעדען בעסער, אז מיר זאָלען ברענ־גען קרבנות צו זיי מיט אונזער גוטען ווילען, און ניט דורך צוואַנג.

— געוויס! — האָט דער פּריסטער געענטפערט. — די געטער באַווילינגען בעסער דעם קרבן, ווען ער ווערט גע־בראַכט פאַר זיי מיט'ן גוטען ווילען.

— אויב אזוי, האָף איך אז די וועסט איינזעהן, אז איך בין גערעכט און מיר

ערלויבען די אנגעגעבענע צייט, כדי מיר זאלען אלע מיט אמאל עס טהאן.

דער פריסטער האט א קנייטש געטהאן מיט זיין שטערען און נאכהער האט ער א שאקעל געטהאן מיט זיין קאפ:

— זאל זיין, ווי זי פערלאנגט, אזוי לאנג ווי זי וועט ווירקען אויף אלעמען זיי זאלען דיענען צו אונזערע געטער אנשטאט צו דעם גאט פון ישראל.

— גוט, איך גיב נאך דיין פארלאנג!

— האט עגלון זיך געווענדעט צו רות'ן.

— אבער דו מוזט וויסען זיין, אז ווען דער באשטימטער טאג וועט אנקומען און אימיצער פון אייך וועט זיך ענטזאגען צו דיענען צו די געטער פון מואב, וועט יענער אליין אויפגעאפפערט ווערען פאר די געטער. זאל מיר כמוש אזוי העלפען, אז אזוי וועל איך טהאן. קיין רחמנות וועל איך ניט ארויסציינען אפילו צו מיינע אייגענע טעכטער.

— יעצט בעט איך דיך, פאטער, דו זאלסט אנזאגען דעם אויפזעהער ער זאל מעהר ניט בעלעסטיגען גרא'ן ביז יענעם בעשטימטען טאג, און ער זאל מיך צולאזען בעזוכען איהם צו יעדער צייט, כדי איך זאל קענען אויף איהם ווירקען ער זאל אויפגעבען זיין גאט און אנפאנגען צו דיענען צו די געטער פון מואב.

— דו האסט געהערט וואס מיין טאכטער האט געזאגט? — האט זיך דער קעניג געווענדעט צום אויפזעהער, טהו איהר פערלאנג.

דער אויפזעהער האט זיך א נויג געטהאן און איז ארויס. רות איז א קליינע ווילע נאך פערבליבען אין פאלאץ און דערנאך איז זי אוועק צו איהרע אייגענע.

— וואס האט מיט דיר פאסירט, מיין שוועסטער? — האט ערפה אויסגערופען, ווען זי האט דערזעהן דעם בלאסען פנים פון רות.

— איך קום עס יעצט פון פאטער!

— האט רות געענטפערט מיט א טרויעריגער שטימע.

— וואס האסטו ביי איהם געטהאן?

— איך בין געווען אין געפענגניס צו זעהן גרא'ן, און דער אויפזעהער האט געקראגען א בעפעהל צו ערשיינען גלייך פאר דעם קעניג.

— אימיצער האט געוויס גע'מסר'ט, אז ער לאזט דיך צו צום געפאנגענעם— האט ערפה זי אונטערבראכען.

— דאס האבען מיר אויך געטראכט, און איך האב בעשלאסען איהם רייניצוואשען און נעהמען אויף זיך די שולד, און דעריבער בין איך מיט איהם מיטגעגאנגען. אבער דארט האב איך אויסגעפונען אן ערגערע זאך: אונזער פאטער האט געוואלט גלייך צווינגען גרא'ן צו ברענגען א קרבן פאר כמוש, און אויב ער וועט ניט ווען, וועט מען איהם אליין מקריב זיין פאר כמוש.

— און האסטו גע'פועל'ט ביים פאטער ער זאל איהם צו־רוה לאזען?

— דאס ווייסטו איז אוממעגליך, אבער איך האב ביי איהם גע'פועל'ט ער זאל אפלעגען ביז דעם דרייסיגסטען טאג.

— מיר וואונדערט זיך ווי אזוי ער האט דיר נאכגעגעבען אזא זאך! — האט נעמי געזאגט.

— איך האב איהם געמוזט פערשפרעכען, אז איך וועל טהאן זיין בעפעהל, און אויב ער וועט גרא'ן צו־רוה לאזען ביז יענער צייט, וועל איך זעהן, אז מיר אלע זאלען אנפאנגען צו דיענען צו די געטער פון מואב.

— וואס?! — האט נעמי אויסגערופען מיט ערשטוינונג. — ווי אזוי האסטו איהם געקענט פערשפרעכען אזא זאך? ווייסטו דען ניט, אז איך און מיינע זיהן וואלטען בעסער געשטארבען אײדער אומבייטען אונזער גאט.

— איך וואלט אויך בעסער געשטארבען איידער אויפצוגעבען דעם גאט פון ישראל... אבער דאס איז געווען דער איינציגער וועג ווי אזוי צו ראטעווען גרא'ן דערווייל... איך האב קיין אנדער

ברירה ניט געהאט. איך האב צוגעשטימט: דורך דעם האב איך געוואונען א פערלענגערונג אין צייט. און מעגליך, אז אין פערלויף פון די דרייסיג טעג, וועט זיך די לאגע ענדערען צום בעסערען. און אויב ניט, וועלען מיר דאן צייט האבען אויפצואפפערען אונזערע לעבענס... דערווייל פיהל איך, אז איך האב גרא'ן אפגעראטעוועט פון א זיכערען טויט! ער האט געהייסען דעם אויפזעהער פיהרען גרא'ן צום מזבח און אויב ער וועט ניט וועלען פאלגען, זאל מען איהם אליין מקריב זיין פאר א קרבן.

— דו האסט געטהאן א נאבעלע זאך, מיין טאכטער, און זאל אונזער גאט שיקען פאר אונז אלעמען די ישועה! — האט נעמי אויסגערופען. — פונדעסטוועגען ווייס איך ניט, אויב איך און מיינע זיהן האבען א רעכט צו פערלאנגען פון דיר און פון ערפה איינצושטעלען אייערע לעבענס. נאך אלעמען זייט איהר דאך מואבות און איהר זייט אויפגעהאדעוועט און ערצויגען געווארען אין דעם גייסט פון די געטער פון מואב... פאר אייך וועט ניט זיין אזוי שווער זיך אומצוקעהרען צו די געטער און צו דיענען צו זיי. ניין, איהר טארט ניט מקריב זיין אייערע לעבענס צוליעב דעם.

— איך גלויב, אז נעמי איז גערעכט!

— האט ערפה זיך געווענדעט צו איהר שוועסטער. — ווען מיר וועלען בעצאהלען מיט אונזערע לעבענס, וועלען מיר קיינעם דאמיט קיין טובה ניט טהאן. אבער ווען מיר אליין וועלען אמוועניגסטען אויספאלגען אונזער פאטער'ס בעפעהל, וועלען מיר ניט נאר ראטעווען אונזערע אייגענע לעבענס, נאר מיר וועלען, מעגליך, קענען עפעס טהאן פאר אונזערע מענער... איך בין זיכער, אז דער גאט פון ישראל וועט עס אונז ניט פערגעבען פאר א זינד.

— ניין, מיין שוועסטער, אויב מיר וועלען זיך אומקעהרען צו די אפגעטער פון מואב, מוזען מיר ווערען אפגעשניטען אינגאנצען פון ישראל... מיר קענען ניט דיענען צו ביידען, צו דעם גאט פון ישראל און צו די געטער פון מואב! איך וועל בעסער שטארבען א ישראלית אידער צו לעבען א געצענדינערין.

— און איך וועל מיין לעבען ניט אויפאפפערען פאר דעם: איך בין זיכער, אז אויך כליון וועט עס פון מיר ניט פערלאנגען. כאטש איך ווייס, אז אזוי שנעל ווי איך פאנג אן צו דינען צו די געטער, וועט כליון אפגעפרעמדט ווערען פון מיר.

— ווען מיר האבען ביידע בעשלאסען זיך מגייר צו זיין, האבען מיר אפגעמאכט, אז וואס עס זאל ניט פאסירען, וועלען מיר פארבלייבען אידישע טעכטער און יעצט איז ביי דיר רעכט צו פערלאזען דעם גאט פון ישראל.

— איך טהו עס דאך ניט מיט מיין גוטען ווילען. איך טהו עס צוליעב דעם ווייל איך בין געצוואונגען. איך קען פערשטעהן פארוואס דו ווערסט עס קיינמאל ניט טהאן, ווייל דיין מוטער האט געשטאמט פון אידען און דעריבער ביזט יעצט נאך מעהר צוגעבונדען צו דעם אידישען גאט. אזוי אז דו ביזט גרייט אויפצואפפערען דיין לעבען. אבער מיין מוטער איז דאך פון מואב און פאר מיר איז עס גרינגער צו טהאן.

— ערפה איז גערעכט! — האט נעמי צוגעגעבען. — קיינער פון אונז קען ניט פערלאנגען, אז זי זאל ברענגען אזא קרבן. און איך בין זיכער, אז גאט וועט עס איהר ניט פערעכענען פאר א זינד!

— איך אליין בין נאך ניט בעשלאסען וואס צו טהאן. אזוי ווי איך קען ניט זאגען בעשטימט אז איך וועל דיענען צו די געטער פון מואב, אזוי קען איך ניט בעשטימט זאגען אז איך בין גרייט אויפצואפפערען מיין לעבען פאר דעם גאט פון ישראל.

כליון איז געזעסען פערטרויערט און האט געשוויגען. ער האט אין זיין האר־

צען מקנא געווען זיין ברודער וואס אין זיין חלק איז אריינגעפאלען רות, וועלכע איז אזוי געטריי און איבערגעבען צו איהם און צו דעם גאט פון ישראל. אבער זיין ערפה! ווי לייכטזיניג זי איז. איהר ליעבע צו איהם איז ניט אזוי שטארק ווי די ליעבע פון רות צו מחלון'ען...

אויף מארגען איז רות ווידער אוועק צו גרא'ן אין געפענגניס. דיזען מאל האט זי שוין מעהר קיין שוועריגקייטען ניט געהאט. זי האט אויך ניט בעדארפט עס טהאן בעהאלטענערהייט.

— פריידען צו דיר, דו ווירדיגע פרינצעסין! — האט גרא זי בעגריסט.

— גאט זאל מיט דיר זיין, דו בראווער מאן! — האט איהם רות געענטפערט.

— זאג מיר, רות, — האט גרא זיך צו איהר אפגערופען, — האסטו פאר מיר שלעכטע נייעס? נו, דארפסט ניט צעגערען, דו קענסט מיר גלייך דערצעהלען, ווייל איך ערווארט אלע־איינס דאס ערגסטע.. איך ווייס, אז היינט, מארגען וועט דער קעניג מיך אומברענגען.

— ניין, מיין פריינד, איך האב פאר דיר קיין שלעכטע נייעס ניט. דאס ערגסטע איז פאראיבער.. דו האסט אויך געקראגען א פערלענגערונג פון צייט, און מעגליך ביז יענער צייט וועט אונזער גאט צושיקען א ישועה פאר אונז אלעמען.

רות האט איהם איבערגעגעבען אלעס וואס עס איז פארגעקומען צווישען איהר און איהר פאטער און צוגעגעבען:

— דו דארפסט ניט זארגען. דאס וואס וועט טרעפען צו דיר וועט אויך טרעפען צו מיר, און אויב מיין לעבען וועט געראטעוועט ווערען וועסטו אויך פערבלייבען לעבען. אבער דערווייל היט זיך ניט ארויסצוריידען קיין ווארט פאר דעם אויפזעהער, אז דו וועסט ניט אויספאלגען דעם קעניג'ס בעפעהל. פערקעהרט, דו קענסט איהם פערזיכערען, אז ווען די צייט וועט קומען, וועסטו טהאן דעם פערלאנג פון קעניג.

— איך דאנק דיר זעהר, רות, דו האסט מיט מיר גרוים חסד געטהאן, זאל גאט דיר בעצאהלען פאר דיין חסד, און זאל גאט געבען אז איך זאל זוכה זיין צו זעהן מיין זוהן בלויז איין מאל, דאן וועל איך קענען שטארבען מיט רוהיגקייט.

— מיין הארץ זאגט מיר, אז דו וועסט נאך בעפרייט ווערען פון דיין געפענגניס און וועסט זיך זעהן מיט דיין זוהן און מיט דיינע גוטע פריינד אין דיין אייגען לאנד.

— איך האב געלעגט זעהר פיעל האפנונג אויף מיין זוהן. ער איז פעררעכענט געווען פאר א גרויסען העלד אין דעם שבט בנימין. ער איז אן אויסגעצייכענטער שיסער. ער האט נאך קיינמאל ניט פערפעהלט צו טרעפען אין ציעל. איך געדענק ווי איין מאל איז ער אויפגעשטאנען גאנץ פריה און איז צו מיר צוגעגאנגען. פון זיינע אויגען האבען פונקען פייער געשפריצט, זיין פנים האט געפלאמט.

— פאטער! — האט ער זיך צו מיר אפגערופען. — איך קען שוין מעהר ניט צוזעהן די ליידען פון אונזער פאלק. פארוואס זאל ישראל בויגען זיין קאפ פאר יעדען אונטערדריקער. וואו איז די גבורה וואס אונזערע עלטערען און אורעלטערען האבען ארויסגעוויזען ווען עס איז זיי אויסגעקומען זיך צו פערטיידיגען געגען זייערע שונאים!

— אונזער גבורה איז פערשוואונדען געווארען אין דער צייט, ווען אונזער אייניגקייט איז צובראכען געווארען! — האב איך איהם געענטפערט. — יע, כל זמן מיר זיינען געווען פעראייניגט, איין שבט איז געווען צוגעבונדען צו דעם צווייטען שבט, האט דער שונא ניט געקענט אונז שלעכטעס טהאן. אבער צו אונזער גרוים בעדויערען זיינען אונזערע ברידער אפגעפרעמדעט געווארען איינער פון צווייטען, און אזוי שנעל ווי אונזערע שונאים האבען אויסגעפונען,

אז די שבטים זיינען אפגעזונדערט און צוריסען צווישען זיך, האבען זיי קיין שווערינקייט ניט בעגעגענט אויף זייער וועג און זיי האבען אנגעפאנגען אונז צו דריקען. זיי האבען אונז פערשקלאפט, אזוי ווי פרעה האט פערשקלאפט אונזערע ברידער אין מצרים...

— מיר מוזען זיך בעפרייען!—האט מיין זוהן אהוד אויסגערופען און ארויסגעצויגען זיין שווערד.—איך וועל געהן פון דארף צו דארף, פון שטאדט צו שטאדט און פון שבט צו שבט. איך וועל לערנען מיינע יונגע ברידער ווי צו שיסען פון דעם בויגען, ווי צו קעמפען מיט'ן שווערד... איך וועל זעהן, אז די פריינדשאפט פון איין שבט צום צווייטען זאל פערשטארקט ווערען. און ווען איך וועל זעהן, אז מיר זיינען געגרייט, וועלען מיר אלע ווי איין מאן זיך אויפשטעלען געגען אונזערע שונאים און בעפרייען אונזער פאלק פון דעם יאך פון דעם שונא.

— א, ווי העלדיש און בראוו דיין זוהן האט געמוזט דאן זיין! — האט רות געווישט איהרע אויגען. זעלטען אז א פאלק איז געבענשט מיט אזעלכע זיהן; ער וואלט געווים געקענט וואונדער בעווייזען.

— יע, אזוי האב איך געטראכט און הונדערטע אנדערע, וועלכע האבען איהם געקענט. אבער, ווי עס ווייזט אויס, איז ניט אזוי געווען דער ווילען פון גאט. איך האב איהם ניט געוואלט לאזען וואנדערען אליין, ווייל ער איז מיין איינציגער זוהן און ער איז מיר טייערער ווי מיין אייגען לעבען. דערייבער האב איך בעשלאסען מיטצוגעהן מיט איהם און איהם ארויסהעלפען אין זיין אונטערנעהמונג. מיר זיינען געווען ערפאלגרייך. די אלע יונגען, מיט וועמען מיין זוהן האט גערעדט, זיינען געווען בעגייסטערט און זיינען געווען גרייט צו פערלאזען זייערע פעלדער און זיך אריינווארפען אין קאמף געגען שונא... אבער לאנג האט אונזער ערפאלג ניט געדויערט. מיר זיינען אנגעקומען אין בית לחם און צום אומגליק זיינען מיר אריינגעקומען אין די פעלדער פון אלימלך'ן, און כאטש זיינע יונגען האבען אויך ארויסגעצייגט די זעלבע בעגייסטערונג און געווען וויליג אהוד'ן נאכצופאלגען, אבער דאן זיינען אנגעקומען אלימלך'ס זיהן... און דאס איבעריגע ווייסטו דאך שוין...

— ווען איך וואלט ניט געוואוסט וויפיעל מיין מאן מחלון און זיין ברודער כליון ליידען נאך יעצט פון זייער נארישען שריט וואס זיי האבען געטהאן, וואלט איך זיי ביידען פערהאסט—האט רות געזאגט.—אבער איך ווייס, אז זיי האבען שוין לאנג טיעף חרטה געהאט וועגען דעם. זיי האבען תשובה געטהאן צו גאט און איהם געבעטען ער זאל זיי מוחל זיין. און ווי גליקליך זיי האבען זיך געשעצט, ווען איך האב זיי אין דיין נאמען איבערגעגעבען, אז דו ביזט זיי מוחל מיט דיין גאנצען הארצען.

— איך בין זיי געווים מוחל, בפרט ווען איך ווייס אז איינער פון זיי איז דיין מאן... איך האף אז אויך אהוד וועט זיין אימשטאנד זיי מוחל צו זיין — האט גרא געשאקעלט מיט זיין קאפ... איך זעה אז ווען מחלון וואלט ניט ווערט געווען, וואלט ער ניט זוכה געווען צו האבען אזא פרוי ווי דו.

— איך דאנק דיר זעהר מיין האר פאר דיינע צערטליכע רייד און איך פיהל אז מיר וועלען נאך אמאל אלע זיין זעהר גוטע פריינד... מיר וועלען עס אלעם דערצעהלען אין פריידען.

—ווייס גאט אויב איך וועל שוין ווען עס איז זוכה זיין צו זעהן מיין זוהן און מיין לאנד... עס דוכט זיך מיר אז איך האב שוין קיין האפנונג ווען עס איז זיך צו בעפרייען... דער ביטערער טויט לויערט אויף מיר. — דעם קעניג'ס צארן איז גרוים און כאטש מיין האדרינטע איז געלונגען מיך צו ראטעווען פאר א קורצע צייט, זעה איך אז מיינע טעג זיינען געצעהלטע. איך וועל קיין

מאל ניט צושטימען צו דינען זי די נעטער פון מואב, און דאס מיינט אז דער קעניג וועט הייסען דורכפיהרען זיין בעפעהל מיד אומצוברייגגען.

— די זעלבע זאך וועט פאסירען צו מיר, צו מיין מאן זיין ברודער און זייער מוטער — האט רות געזאגט. — דער קעניג האט געשווארען אז ער וועט אפילו ניט שאנעווען זיינע טעכטער. אבער לאמיר האפען צו אונזער גאט אז ער וועט אונז קומען צו הילף אין דער צייט פון אונזער נויט.

## 18טער קאפיטעל

שטיל, אהן טומעל און רעש, האט אהיד געטהאן זיין ארבייט. מיט גרויס פארזיכטיגקייט פלעגט ער פערזאמלען די יונגע לייט אין בעהאלטענע פלעצער און זיי געאיבט פאר מלחמה. אלע האבען געוואוסט אז די סכנה איז זעהר גרויס ווען די בעאמטע פון מואב זאלען עס אויסגעפינען. דאריבער זיינען די אידען אנגעזאגט געווארען צו טהאן אלעם וואס די בעאמטע פערלאנגען. קיינער זאל זיך מיט זיי ניט דינגען, כדי ניט צו ערוועקען קיין חשד.

עס האט זיך גענומען דערנעהנטערען דער טאג, ווען מען האט געדארפט צושיקען דעם קעניג פון מואב א מתנה. יעדער איינער וועלכער האט נאר געקענט, האט געבראכט גאלד. אנדערע האבען געבראכט זייער ציערונג. אין בועז'עס הויז האט מען אלעם געבראכט, ביז וואנען עס האט זיך אנגעקליבען צוויי קאסטענס מיט גאלד און ציערונג.

בועז האט פארצייכענט די נעמען פון די וועלכע האבען ביינעשטייערט און וואס זיי האבען געבראכט.

— לאמיר האפען צו גאט אז אהוד וועט דורכפיהרען זיין פלאן, און דאן וועט יעדער איינער פון אייך ניט נאר צוריקקריגען זיין חלק וואס ער האט ביינעשטייערט, נאר ער וועט שוין אין גאנצען בעפרייט ווערען פון די ציגזען.

די איינוואהנער פון בית לחם האבען אפגעהיט אהוד'ן. זיי האבען געזעהען אז די בעאמטע פון מואב זאלען ניט פארדעכטיגען אז אהוד געפינט זיך צווישען זיי. צוליעב דיעזען צוועק האבען זיי ארויסגעלאזען א קלאנג אז אהוד איז געשטארבען. זיי האבען גענומען א מאן וועלכער איז געשטארבען אין בית לחם און האבען געזאגט די בעאמטע אז דאס פיהרען זיי באגראבען אהוד'ן.

— יעצט זעהען מיר אז די געטער פון מואב זיינען מעכטיג. — זיי האבען געטויטעט דעם קעניג'ס ערגסטען שונא! — האט איינער פון די בעאמטע זיך אפגערופען.

— לאמיר עס גלייך לאזען וויסען דעם קעניג! — האט א צווייטער געזאגט— ער וועט אונז זיכער בעלוינען פאר דעם.

— מיר דארפען זיך פריהער איבערצייגען אין דעם! — ביז וואנען מיר וועלען מיט אונזערע אויגען ניט זעהן ווי מען בעגראבט איהם, וועלען מיר ניט זיין זיכער.

— לאמיר מיטגעהן און זעהן.

די בעאמטע האבען זיך גענומען דערנעהנטערען צו דעם פלאץ וואס די לויה איז געווען. ווען די אידען האבען זיי באמערקט אנקומענדיג, האט מען גלייך איבערגעגעבען בסוד פון אויער צו אויער, אז ווען מען וועט זיי פרעגען דעם נאמען פון דעם פארשטארבענעם זאל מען זאגען אז זיין נאמען איז אהוד דער זוהן פון גרא.

די בעאמטע זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט און האבען געפרעגט די טרעגער פון דער מטה ווער עס איז געשטארבען.

— אהוד דער זוהן פון גרא! — האבען זיי געענטפערט און פארטגעזעצט זייער וועג.

— פון וואס איז ער געשטארבען? — האט א בעאמטער געפרעגט איינעם פון זיי.

— פון שרעק! — האט יענער געענטפערט.

— ווי אזוי?

— אהוד האט זיך אויסבעהאלטען אין בית לחם, און אימיצער האט איהם

געזאגט אז די בעאמטע פון מואב האבען אויסגעפונען זיין בעהאלטענים און זיי קומען איהם נעהמען, האט ער זיך דערשראקען און איז געפאלען טויט.

— אויב אזוי האבען מיר דאך איהם געטויטעט — האט דער הויפט פון די בעאמטע זיך אפגערופען מיט שטאלץ.

— געוויס האבען מיר אלע אין דעם א האנט ! — האט א צווייטער געזאגט מיט א שמייכעל.

— און זאל דער קעניג טאקע וויסען אז מיר האבען אומגעבראכט זיין גרעסטען שונא.

נאכדעם ווי די בעאמטע האבען אליין צוגעזעהען ווי מען האט דעם טויטען בעגראבען, האבען זיי זיך אומגעקעהרט צו זייער לאגער. זיי האבען אויסגעקליבען צוויי פון זיי און זיי אוועקגעשיקט צום קעניג.

— מיר זיינען געקומען אנזאגען דעם קעניג א גוטע בשורה — האבען זיך די שלוחים פארנייגט, ווען מען האט זיי פארגעבראכט פאר עגלון'ען.

— רעדט און לאמיר הערען — איז עגלון אומגעדולדיג געווארען.

— אהוד, דער זוהן פון גרא, אונזער האר קעניג'ס ביטערסטער שונא איז טויט !

— אהוד איז טויט ! — האט זיך עגלון געוואונדערט. ווי אזוי איז עס געשעהן.

— מיר, די בעאמטע, וועלכע זיינען בעשטימט געווארען צו היטען די שטאדט בית לחם, האבען איהם געטויטעט ! — האט זיך איינער פון זיי בעריהמט.

— מיר האבען זיך דערוואוסט וואו אהוד בעהאלט זיך און מיר זיינען שנעל געקומען און ארומגערינגעלט יענעם פלאץ און מיר האבען געמאכט א סוף צו זיין לעבען — האט דער צווייטער צוגעגעבען.

— יעצט זעה איך אז די געטער פון מואב האבען אפגעטהאן זייער צארן פון מיר... דאמיט וואס איך האב בעפוילען צו צווינגען אלע אידען וועלכע געפינען זיך אין מדהבה צו ברייגען קרבנות צו זיי, זיינען זיי מיר שוין געקומען צו הילף... יעצט קען איך זיך פארשטעלען וויפיעל טובות איך וועל האבען פון די געטער, ווען מיין בעפעהל וועט דורכגעפיהרט ווערען און אפילו מיינע טעכטער וועלכע זיינען אפגעפרעמדט געווארען פון די הייליגע געטער, וועלען אנפאנגען צו דיענען צו זיי.

דער קעניג האט גלייך געשיקט רופען זיין הויפט פריעסטער און איהם אנגעזאגט די שמחה, אז אהוד פאר וועמען ער האט זיך אזוי געשראקען, איז געטויטעט געווארען דורך זיינע בראווע יונגען וועלכע האבען זיך געפונען אין בית לחם.

— מיר מוזען פייערען באלד א יום טוב צו די געטער און זיי דאנקען פאר דעם חסד וואס זיי האבען געטהאן מיט אונזער קעניג.

— נאך עטליכע טעג און דער בעשטימטער טאג קומט אן ווען מיינע טעכטער און אידימס וועלען עפענטליך מקריב זיין די קרבנות פאר די געטער, דאן וועט אונזער שמחה פארפולט ווערען.

— אבער עס וואלט זיין ניט מעהר ווי רעכט באלד אפצודאנקען אונזער גאט כמוש, וואס ער האט איבערגעגעבען דעם שונא אין דיינע הענט. און יעצט אז גרא וועט זיך דערוויסען אז זיין זוהן איז טויט, וועט ער אליין צוגעבען אז די מאכט פון אונזערע געטער זיינען גרויס און ער וועט שוין ניט זיין אזוי פאר'עקשנ'ט. ער וועט דאן מיט צופריעדענהייט אנהויבען צו דינען צו אונזערע געטער.

איך וועל איהם שיקען רופען, זאל ער געבראכט ווערען פאר מיר, פיעלייכט וועט מיר געלינגען איהם איבערצוריידען, ווייל דו ווייסט דאך אז איך קען איהם ניט צווינגען ביז דעם דרייסיגסטען טאג, ווייל אזוי האב איך פארשפראכען צו רות'ן.

— יעצט וועסטו איהם ניט דארפען צווינגען מיין האר קעניג. ער וועט דאך

אליין צוזעהען אז זיין גאָט האָט ניט געקענט בעשיצען זיין זוהן, וועט ער זיך איבערצייגען אז אונזערע געטער זיינען מעכטיגער.

עגלון האָט געשיקט רופען גרא׳ן ער זאָל גלייך קומען צו איהם.

אין דער בעגלייטונג פון דעם אויפזעהער איז גרא געבראַכט געווארען פאר דעם קעניג. זיין פנים איז געווען טויט בלאס. זיין גאנצער קערפער האָט געציטערט.

דער אויפזעהער האָט איהם א שטורך געטהאָן מיט זיין האנד ער זאָל זיך פארנייגען פאר דעם קעניג, אבער גרא איז געבליעבען שטעהן ווי פארגליווערט.

— ווייסטו צוליעב וואָס איך האָב דיר געשיקט רופען? — האָט זיך א ברייטער שמייכעל צוגאָסען איבער דעם קעניג׳ס פעטען פנים — איך וויל אז דו זאָלסט וויסען אז דיין זוהן אהוד, וועמען איך האָב פאר אזוי פיעל יאהרען געזוכט, איז שוין טויט. מיינע געטער האָבען איהם אין מיינע הענט איבערגעגעבען.

— מיין זוהן איז טויט!! — האָט גרא אויסגערופען — אָה ניין, עס איז אוממעגליך!

עגלון האָט זיך פאנאנדערגעלאכט: קיין זאך איז ניט אוממעגליך פאר מיינע געטער. די געטער פון מואב זיינען מעכטיגער פאר אלע אנדערע געטער. און אויב דו ווילסט וועלען דיר שלוחים פון מיינע בעאמטע דערציעהלען אלע איינצעלהייטען ווי אזוי זיי האָבען געטויטעט דיין זוהן.

די בעאמטע האָבען נאָך מעהר איבערטייבט ווען זיי האָבען פאר גרא׳ן דערציעהלט ווי אזוי זיי האָבען געטויטעט זיין זוהן.

— ווען ער האָט דערזעהען אז מיר רינגלען איהם ארום און ער וועט שוין ניט קענען זיך ארויסדרעהען פון אונזערע הענט האָט ער זיך גענומען בעטען ביי אונז מיר זאָלען איהם ניט טויטען. ער האָט געזאָגט אז ער וועט זיין אן איביגער קנעכט צו אונזער קעניג. אבער מיר האָבען איהם ניט געגלויבט. מיר האָבען געוואוסט אז אזוי לאנג ווי ער וועט בלייבען לעבען, וועט ער זוכען צו אנטלויפען און דעריבער האָבען מיר גלייך זיין הארץ דורכגעלעכערט מיט אונזערע שווערדען, און מיר זיינען דארט פארבליבען ביז וואנען מען האָט איהם בעגראבען. און ווען מיר האָבען מיט אונזערע אויגען צוגעזעהען אז אהוד איז שוין בעגראבען, דאן זיינען מיר געקומען אנזאָגען אונזער האר דעם קעניג.

ווען גרא האָט דאס דערהערט איז זיין הארץ איהם איינגעפאלען, פאר זיינע אויגען האָט איהם גענומען שווינדלען און ער איז אומגעפאלען אין חלשות.

די בעאמטע האָבען איהם דערמינטערט און עגלון האָט זיך צו איהם אָפּגערופען:

— דארפסטו דען האָבען א בעסערען בעוויז אז אונזערע געטער קענען דיר מעהר העלפען. אויב דו וועסט גלייך צושטימען צו בריינגען א קרבן פאר זיי, וועל איך דיר אין גאנצען בעפרייען פון געפענגנים און דו וועסט פארעכענט ווערען פאר איינעם פון מיינע קנעכט.

איך וועל בעסער שטארבען און געהן צו מיין זוהן אבער איך וועל מיין גאָט ניט אומבייטען אויף די אָפּגעטער פון מואב.

— וואס איז דער אונטערשייד צו דיר, אויב דו וועסט עס איצט טאָהן אדער דו וועסט עס טהאָן מיט עטליכע טעג שפעטער?

— איך וועל יעצט עס ניט טהאָן און אויך ניט שפעטער — האָט גרא אויסגערופען.

— אבער דו ווייסט דאך אז אויף דעם בעשטימטען טאָג, וועלען אלע זיין געצוואונגען צו ברייגען קרבנות צו די געטער און רות האָט מיר פארשפראָכען אז זי וועט זיך מיט דיר דורכרעדען און זעהען צו קריגען אויך דיין צושטימונג.

— איך האָב נאָך דערווייל קיין

תשובה אויף צו רות'ן ניט געגעבען. איך וועל מיין בעשלוס איהר געבען דעם לעצטען טאָג און ביז דאן וועל איך גאר ניט טהאָן.

— מיין עצה וואָלט געווען אז דער קעניג זאָל איהם גלייך צווינגען — האָט דער פריעסטער געזאָגט — דאמיט וועלען מיר די געטער צייגען אונזער דאנקבארקייט און פון זיי נאָך גרעסערע טובות ארויסקריגען.

— איך האָב פארשפראכען רות'ן אז איך וועל צואווארטען ביז דעם בעשטימטען טאָג, און איך וויל ניט אז זי זאָל האָבען אן אויסרייד אז איך האָב מיין פארשפרעכען ניט געהאלטען דעריבער האָט זי אויך איהר פארשפרעכען ניט געקענט האלטען.

— אָבער פאר וואס זאָל דער נאָמען פון אונזער גאָט כמוש ניט געהייליגט ווערען גלייך, נאָכדעם ווי מיר האָבען אויסגעפונען אז ער האָט געבראכט גליק צו אונזער לאנד?

— מיר וועלען שוין לאנג ניט דארפען ווארטען און דאן וועלען אלע מיט זייער גוטען ווילען דיענען צו אונזערע געטער. זאָל ער האָבען די עטליכע טעג זיך צו בעזינען — האָט עגלון געזאָגט צום פריסטער.

— אויב דו וועסט נאָך אלץ פערבלייבען פאר'עקשנ'ט וועלען די טעג פון דיין לעבען זיין געצעהלטע — האָט דער פריעסטער זיך געווענדעט צו גרא'ן.

— דעם מענשען'ס לעבען איז אין די הענט פון אונזער גאָט, דעם בעשעפער פון דער וועלט. דורך זיין ווילען עקזיסטירען מיר אלע און אויב עס וועט זיין זיין ווילען אז איך זאָל קומען צו מיין זוהן, וועל איך געהן מיט פרייד. ווייל מיין לעבען אָהן דער האָפנונג זיך ווען עס איז צו זעהן מיט מיין זוהן, איז אלץ איינס פאר מיר ווערטהלאָז.

— דו וועסט אנדערש ריידען ווען מען וועט דיר אויף דעם מזבח לייגען און אונטער לייגען א פייער אונטער די האָלץ — האָט דער פריעסטער זיך אָפגערופען... יע בלויז געצעהלטע טעג זיינען דיר פארבליבען. בעזין זיך און בעטראכט זיך ביז יענעם טאָג, אז ניט וועט דער ריח פון דיין געברענטער פלייש אריינדרינגען אין די נאָזלעכער פון די געטער פון מואב.

דער קעניג האט בעפוילען צו בריינגען גרא'ן צוריק אין געפענגנים און איהם דארטען האלטען ביז דעם בעשטימטען טאָג.

דער אויפזעהער האט פערבונדען גרא'ס הענד אויף הינטען און איהם צוריקגעפיהרט אין געפענגנים.

דערווייל האט דער קעניג בעקאנט געמאכט אז זיין גאנצעם פאלק זאל זיין געגרייט צו פייערען דעם יום טוב פון די געטער ווען אלע אומווירדיגע און אפּגעפרעמדטע וועלען צוריק אנפאנגען צו זיי צו דינען.

דער קעניג האט אויך געשיקט שלוחים אין ארץ ישראל אנצוזאגען די שבטים וועלכע זיינען אונטערטעניג צו איהם אז זיי זאלען צו איהם שיקען זייער פאָרשטעהער און די מתנה דעם זעלבען טאָג.

— זאלען די אידישע פאָרשטעהער זעהן ווי זייערע אייגענע ברידער זיינען מקריב קרבנות צו אונזערע געטער. זיי וועלען דאס פאר אלעמען דערצעהלען, און דאן וועלען פיעלע פון ישראל נאכטאהן דיזען ביישפיעל און פערלאָזען זייער גאט און אנפאנגען צו דינען צו די געטער פון מואב.

— יע, זיי וועלען דאן זייערע אויגען עפענען! און זיי וועלען זעהן אז די געטער פון מואב זיינען שטארקער פון זייער גאָט. ווייל שוין אזוי פיעל יאהרען אז מיר אונטערדריקען זיי און זייער גאָט קען זיי אפילו ניט העלפען.

---

ווען די שלוחים פון מואב זיינען אנגעקומען אין ארץ ישראל און האבען געלאָזט וויסען די איינוואָהנער פון בית לחם אז דער קעניג פערלאנגט מען זאל איהם זיין יעהרליכע מתנה שיקען מיט איניגע טעג פריהער, האט עס ארויסגערופען פערביטערונג ביי פיעלע פון זיי.

— מיר זיינען נאָך ניט געגרייט! —

האבען איינינע גע'טענה'ט. אבער ווען מען האט זיך אין געהיים פערזאמעלט אין בועז'ס הויז, האט אהוד ערקלעהרט פאר אלעמען אז אלעס איז פארטיג, זיין פלאן איז שוין אויסגעארבייט, יעצט דארפען אלע בלויז מתפלל זיין צו גאט ער זאל איהם מצליח זיין.

— ווי איך האב אויסגעפונען פון די שלוחים, וויל דער קעניג פייערען דעם בעשטימטען טאג אלס יום טוב, ווייל ער גלויבט אז זיינע געטער האבען געהאלפען דערצו אז מען זאל דיך טויטען! — האט בועז זיך אפגערופען מיט א שמייבעל.

— דאמיט וועל איך דעם קעניג ווייזען ווי שטארק לעבעדיג איך בין! — האט אהוד געלאכט, און ער האט ארויסגענומען א קורצען שווערדעל פון זיין בוזים קעשענע וואס איז געווען אין זיין רעכטער האנט, — בלויז איין שפאן די לייננג אבער לאנג גענוג דורכצולעכערן זיין פארשטאפטע הארץ.

—פארוואס טראגסטו דעם שווערדעל ביי דער רעכטער זייט און ניט ביי דער לינקער? — האט איהם איינער א פרעג געטאהן.

— ווייל ווען איך וועל ארייננשטעקען מיין רעכטע האנט אין בוזים פון דער לינקער זייט וועט דער קעניג מיר גלייך חושד זיין אז איך וויל פון דארטען ארויסנעהמען א וואפען, אבער ווען איך וועל די האנט ארייננשטעקען אין בוזים קעשענע וועט ער מיינען אז איך האב א שריפט איהם צו ציינען.

— יעצט קענען מיר לאזען וויסען די בעאמטע אז מיר זיינען פארטיג מיט דער מתנה און אזוי ווי היינטיגעם יאהר איז די מתנה פאר דעם קעניג א סך גרעסער, ווי אין די פריהערדיגע יאהרען, וועלען מיר מיזען האבען פיעלע מענשען זאלען העלפען טראגען די קעסטלעך מיט גאלד און ציערונג.

אויף אייזלען און קעמלען האט אהוד אנגעלאדען די מתנות פאר דעם קעניג. ארום צעהן מענשען האבען איהם באגלייט, און אלע איינוואהנער פון בית לחם זיינען ארויסגעקומען זיי צו בעגלייטען. די בעאמטע פון מואב האבען אנגעקוואלען ווען זיי האבען בעמערקט די פיעלע מתנות וואס זייער קעניג וועט בעקומען.

— אונזער פאלק ווערט רייכער און שטארקער און דאס פאלק ישראל ווערט שוואכער און ארימער! — האט איינער בעאמטער זיך אפגערופען צו די איבעריגע.

— עס איז א גוטער סימן! — האט א צווייטער א זאג געטאהן — עס וועט לאנג ניט נעהמען און אונזער קעניג וועט בעהערשען גאנץ ארץ ישראל. מיר זעהען ווי זיי ציטערען און קיינער פון זיי לאזט זיך לאנג ניט בעטען, ווען מען פערלאנגט מעהר צינזען.

— איך קען נישט פארשטעהן פארוואס אונזער קעניג ווארט אזוי לאנג מיט'ן צונעהמען זייער לאנד? יעצט איז די בעסטע צייט. ישראל איז אפגעשוואכט און פערארימט. טאמער איז ביי זיי געווען איינער א העלד, וועלכער וואלט פיליכט געווען א שטיקעל געפאהר פאר אונזער לאנד, איז ער שוין אויך טויט. יע, ווען איך וואלט געווען איינער פון דעם קעניג'ס ראטהגעבער וואלט איך איהם געראטהען אז יעצט איז געקומען די צייט אז מען זאל שיקען אן ארמעע און איננעהמען די שעהנסטע שטעדט פון ישראל.

— אונזער קעניג ווייס וואס ער טוט! —האט אן אנדער בעאמטער זיך אפגערופען—ווען ער זאל יעצט איינגעהמען דאס לאנד וועט ער זיך מוזען צוטיילען מיט דעם קעניג פון עמון און עמלק, וועלכע האבען איהם געהאלפען צו בעזיגען ישראל מיט אכטצעהן יאהר צוריק, דעריבער ווארט ער יעצט ביז וואנען ער וועט ארויסקריגען דאס גאנצע רייכטום פון ישראל און דאמיט וועט די מלוכה פון מואב נאך מעהר פערשטארקט ווערען, און דאן וועלען שוין עמון און עמלק ניט וואגען צו פאדערן זייער חלק פון ארץ ישראל. דאן וועט אויך אונזער

קעניג זיך מעהר ניט נויטיגען אין זייער הילף.

— דו ביזט אזוי קלוג און מיר וואונדערט זיך וואס אונזער קעניג האט דיך ניט געמאכט פאר זיין מיניסטער אנשטאט פאר א בעאמטען וועלכער דארף היטען די שטאדט פון אונזערע שונאים — האט נאך איינער געזאגט מיט א שמייכעל.

— ווען עגלון אונזער קעניג וועט איינגעהמען גאנץ ארץ ישראל וועלען מיר אלע דערהויבען ווערען — האט יענער געענטפערט — דער קעניג וועט דאך אונז געוויס בעלוינען פאר דעם וואס מיר האבען "געטויטעט" זיין גרעסטען שונא, אהוד'ן.

— און וואס וועלען מיר טהאן אז ער וועט אויסגעפינען אז מיר האבען איהם גענארט, און אז אהוד איז גאר געשטארבען פון שרעק, און מיר האבען איהם ניט געטויטעט.

— פון וועמען וועט ער עס קענען אויסגעפינען?

— פון די איינוואהנער פון בית־לחם.

— וועלען מיר לייקענען און זאגען אז מיר האבען איהם געטויטעט, ווען מיר וועלען זיך אלע האלטען פעסט ביי אונזערע רייד, וועט דער קעניג גיכער אונז גלויבען איידער די אידען.

— איך וואלט געוואונשען צו זיין דער הויפט פערוואלטער פון בית לחם — האט דער הויפט פון די בעאמטע זיך אפגערופען — און איהר קענט זיך אויף מיר פערלאזען אז איך וועל אלע מיינע פריינד ניט פערזעהען.

— דער פנים פון זייער פיהרער איז מיר גאנץ בעקאנט! — האט איינער פון די בעאמטע אנגעוויזען אויף אהוד'ן וועלכער האט געריטען פאראויס אויף אן אייזעל וואס איז געווען אנגעלאדען מיט צוויי קעסטלעך מתנות.

— ביי מיר קוקען אלע ישראלים אויס גלייך! — האט א צווייטער געזאגט.

— אבער דער דערמאהנט מיר פארט אז איינעם... יע, ער איז אזוי ענהליך צו אהוד'ן.

— פון וואנען ווייסטו ווי אהוד האט אויסגעזעהען אז מיר האבען איהם קיין מאל ניט געזעהען קיין לעבעדיגען.

— ווען מיר האבען גענומען זיין פאטער איז געפאנגענשאפט און ער איז אנטלאפען געווארען פון אונזערע הענט האב איך גאנץ גוט בעמערקט זיין פנים און אט דער פיהרער זייערער איז שטארק ענהליך צו איהם מעגליך אז ער איז א ברודער אדער א זוהן, איינער פון דער משפחה.

— לויט ווי איך האב אויסגעפונען, האט אהוד ניט געהאט קיינע ברידער — האט דער הויפט זיך אפגערופען — און דו מוזט האבען א טעות. איך האב דאן אויך בעמערקט אהוד'ן און צו מיר קוקט זיין פנים ניט אוים ענהליך.

---

דער דרייסיגסטער טאג איז געקומען, דער טאג וואס איז בעשטימט געווארען אז גרא און די טעכטער פון קעניג צוזאמען מיט מחלון און כליון און זייער מוטער זאלען ברייגען קרבנות צו די געטער פון מואב.

עגלון האט געווארט אין זיין פאלאץ אויף זיין טאכטער רות, וועלכע האט געזאלט קומען און איהם איבערגעבען אז אלע פון זיין משפחה וועלען קומען און מקריב זיין קרבנות צו די געטער. ווען ער האט געזעהען אז רות קומט ניט, איז ער געווארען אומגעדולדיג און געשיקט זיינע בעאמטע מען זאל איהר אנזאגען אז דער קעניג ווארט אויף איהר.

די בעאמטע זיינען אוועק צו דעם הויז וואו רות און די איבעריגע האבען זיך געפונען און איהר איבערגעגעבען די רייד פון דעם קעניג.

— געהט זאגט מיין פאטער! — האט רות א בלאסע געזאגט — אז איך בין גרייט, יע, איך און מיין מאן זיינען גרייט צו שטארבען פאר דעם גאט פון ישראל. זאל מען אונז נעהמען און אוועקפיהרען צום מזבח.

— און איך בין אויך גרייט! — האט כליון, ערפה'ס מאן געזאגט.

— ניין, איך וועל ניט דערלאזען אז מען זאל דיך טוידטען, כליון! — האט זיך ערפה אפגערופען — קום מיט מיר אויב מיין שוועסטער קען ניט זעהן אז זי בעגעהט א נארישקייט איז ניט מיין שולד. איך ווייס אז מיין פאטער איז ערנסט מיט זיינע רייד און ער וועט זיין דראהונג דורכפיהרען. דער גאט פון ישראל וועט אונז אלעמען מוחל זיין, ער ווייס אז מיר זיינען געצוואונגען צו ברייגנען קרבנות צו די געטער פון מואב.

— איך פיהל זיך קראנק און צובראכען! — האט כליון איהר געענטפערט —איך ווייס ניט ווי לאנג איך וועל נאך לעבען, אבער מיינע לעצטע טעג וועל איך ניט געהן דינען צו דעם אפגאט פון מואב.

— וועי דו וועסט פאלגען, דאן וועט דער קעניג ווידער ווערען צו דיר גוט, ער וועט אויפהערען דיך צו דריקען און איך בין זיכער אז אין א קורצע צייט וועסטו זיך פאלקאם ערהוילען פון דיין קראנקהייט. זיי ניט אזוי פער'עקשנ'ט. ווי מיין שוועסטער און דיין ברודער.

— ניין, ערפה, איך וועל בעסער גלייך שטארבען איידער צו פערשוועכען דעם נאמען פון מיין גאט.

— איך זעה ניט איין וואס פאר א גוטעס דיין גאט האט פאר דיר געטאהן! —האט ערפה געזאגט—דו ביזט נאך יונג און שוין האסטו אזוי פיעל געליטען.

— גאט האט מיך און מיין ברודער געשטראפט און מיר האבען עס פערדינט. מיר האבען שטארק געזינדיגט געגען אונזער גאט און געגען אלע אונזערע ברידער. צוליעב אונז שמאכטעט יעצט אין געפענגנים גרא, און זיין זוהן אהוד איז טויט. יע, מיר זיינען אין דעם שולדיג און מיר זיינען גרייט צו נעהמען די פולע מאס פון אונזער שטראף.

— מיר וועלען בלויז טהאן מיט אונזערע הענט דעם ווילען פון אונזער פאטער אבער אונזערע הערצער וועלען זיין ריין. מיר וועלען טראכטען בלויז פון גאט פון ישראל.

— ניין, מיר קענען ניט פערשוועכען זיין הייליגען נאמען — האט כליון געזאגט—איך וועל טהאן ווי רות און מחלון און איך וועל צוזאמען מיט זיי שטארבען כדי צו הייליגען דעם נאמען פון אונזער גאט.

—און וואס וועט זיין מיט דיין מוטער, זי וועט בלייבען עלענד און פארלאזען?—האט ערפה אנגעוויזען אויף נעמי'ן, וועלכע איז געזעסען אין א ווינקעל פון הויז און ניט אויפגעהערט צו וויינען.

—וואס עס וועט געשעהען מיט רות'ן און מיט מיינע זיהן וועט צו מיר אויך געשעהען! — האט נעמי זיך אפגערופען — באטש דער קעניג פערלאנגט ניט פון מיר, אז איך זאל מקריב זיין א קרבן צו זיינע געטער, וועל איך צוזאמען מיט מיינע זיהן געטויטעט ווערען.

— דאן וועל איך אויך ניט אויספאלגען דעם פאטער'ס בעפעהל! — האט ערפה מיט בעשלאסענקייט געזאגט.

— דו דארפסט זיך ניט מקריב זיין צוליעב אונז! — האט רות זיך אפגערופען — פאלג מיר, מיין שוועסטער, דו בעסער געה און טוה דעם פאטער'ס פערלאנג און ראטעווע דיין לעבען.

— איך ראטה דיר אויך אזוי—האט כליון געזאגט צו ערפה'ן — דו האסט פריהער אנדערש געפיהלט און איך זעה ניט איין פארוואס דו זאלסט אזא קרבן ברייגנען.

— אזוי איז מיין בעשלוס! — האט ערפה מיט פעסטקייט א זאג געטאהן און ווענדענדיג זיך צו דעם קעניג'ס שלוחים האט זי זיך אפגערופען.

— אזוי ווי מיין שוועסטער רות איז איהר מאן מחלון, אזוי בין איך און מיין מאן געגרייט צו שטארבען פאר דעם גאט פון ישראל. יע, מיר זיינען אלע געגרייט, נעהמט אונז צום מזבח!

די קעניגליכע שלוחים זיינען געבליבען שטעהען אין פערלעגענהייט, זיי האבען ניט געוואוסט ווי צו האנדלען.

דער קעניג האט דאך זיי ניט געהייסען ברייגנען. ער האט זיי בלויז געשיקט אנזאגען רות'ן.

— מיר וועלען מוזען פריהער איבערגעבען דעם קעניג זייערע רייד און דאן וועט ער אונז זאגען וואס צו טאהן — האבען די שלוחים בעשלאסען.

עגלון'ס צארן האט זיך אין איהם צופלאקערט ווען ער האט געהערט דעם ענטפער פון זיינע טעכטער; דער יום טוב איז ערקלעהרט געווארען. טויזענדער מענשען האבען זיך שוין פערזאמעלט ארום די טעמפלען פון די געטער די מזבחות זיינען געווען געגרייט. די פריעסטער װארטען מיט אומגעדולד און דא קומען די שלוחים און געבען איהם איבער אז ערפה און רות ווילען זיך ניט אונטע־רגעבען. זיי ענטזאגען זיך מקריב צו זיין די קרבנות.

— זאלען אלע געבראכט ווערען צום מזבח! — האט דער קעניג א בעפעהל געגעבען — אלע! מיינע טעכטער מיט זייערע מיננער! זאלען די מזבחות זיין פאר זיי צוגעגרייט. איך אליין וועל זיי מקריב זיין פאר קרבנות צו די געטער. דאן וועלען די געטער געהייליגט ווערען און זייער צאדן וועט פון מיר אפגעטהאן ווערען.

דער הויפט פריעסטער וועלכער האט זיך געפונען אין פאלאץ און געווארט אז דער קעניג זאל מיט איהם צופאהרען צו דעם פלאץ וואו די פייערונג וועט פארקומען, איז אויך געווען שטארק פערביטערט און ענטוישט.

— אויב דעם קעניג'ס טעכטער ענטזאגען זיך אויסצופאלגען דעם בעפעהל וועט גרא געוויס ניט וועלען פאלגען.

— זאל ער פריהער געבראכט ווערען און ווען מיינע טעכטער וועלען אנקוקען זאלען זיי איהם שוין געפינען ליגענדיג אויף דעם מזבח!

— און זאל מען איהם גלייך פערברענען אלס קרבן? — האט דער פריסטער געפרעגט.

— ניין, מען זאל ווארטען ביז וואנען איך וועל צוקומען. — האט עגלון זיך אפגערופען.

— מיין האר קעניג, דער המון האט זיך שוין פערזאמעלט און ווארט שוין מיט גרויס אומגעדולד צוצוזעהען ווי אזוי מען וועט ברייגנען די מענשליכע קרבנות פאר די געטער.

— זאלען זיי ווארטען נאך א ווײלע — האט עגלון געענטפערט — איך בין יעצט זעהר צוהיצט און אויפגערעגט פון דעם ענטפער פון מיינע טעכטער, איך וועל ארויפגעהן אין דעם אפקיהלונגס צימער און זיך דארט אפקיהלען און בערוהיגען און נאכהער וועל איך צוקומען צו דעם פלאץ וואו די מזבחות געפינען זיך, און דו קענסט גלייך אהין געהן, און אנזאגען די פערזאמעלטע אז איך קום באלד אונטער, אבער דו דארפסט געדענקען אז מען זאל גאר ניט אנפאנגען צו טאהן איידער איך קום.

— זאל מען דערווייל גרא'ן ניט צובינדען צום מזבח? — האט דער פריסטער געפרעגט — איך בין זיכער אז ווען דעם קעניג'ס טעכטער וועלען איהם דערזעהען ליגענדיג א צוגעבונדענעם וועלען זיי זיך דערשרעקען און וועלען צושטימען צו טאהן דעם פערלאנג פון די געטער.

— יע, דאס קענסטו טאהן! — האט עגלון געזאגט — דו קענסט איהם הייסען ארויפליגען אויף'ן מזבח איהם צובינדען און אונטערליגען די האלץ אבער זאל מען דאס פייער ניט צוליגען ביז וואנען איך קום!

— יע, מיין האר קעניג, אזוי וועט געטהאן ווערען! — האט דער פריסטער זיך פארנייגט — איך וועל אלעמען אנזאגען אז דער קעניג וועט באלד אנקומען. ער איז ארויס פון פאלאץ און גלייך בעפוילען צו ברייגנען גרא'ן צום מזבח.

דאס אפקיהלונגס צימער פון פאלאץ איז געווען אויבען, גאנץ נאהענט צום דאך. אין יענעם צימער זיינען געווען פיעלע פענסטער און א קיהלער ווינטעל

פלעגט דארט שטענדיג בלאזן. צוויי ארויסגאנגען פון טרעפ האט יענער צימער געהאט. די טרעפ פון איין ארויסגאנג האבען געפיהרט אינווייניג צום פאלאץ, און די טרעפ פון צווייטען ארויסגאנג האט געפיהרט צו דעם קארידאר, דארטען פלעגט דער קעניג קימען זיך אפקיהלען און אויסרוהען. עס איז דארטען אויך געשטאנען זיין בעט, און אין א גאנץ הייסע נאכט פלעגט ער דארט שלאפען. גאנץ אפט פלעגט ער אויך אויפנעהמען געסט אין יענעם צימער.

עגלון איז געווען א שווער געוויכטיגער ער איז געווען אזוי פעט אז אהן דעם הילף פון זיינע לייבוועכטער און קנעכט האט ער זיך קוים געקענט בעוועגען.

ווען דער פריסטער איז ארויס פון פאלאץ, האט דער קעניג א וואונק געטאהן צו זיינע לייב־וועכטער און קנעכט און יענע האבען איהם געהאלפען ארויפצוגעהן אויף די טרעפ וואס פיהרט צו דעם אפק־הלונג׳ס צימער. שטארק געשוויצט און קוים אפכאפענדיג זיין אטעם, האט זיך עגלון איינגעזעצט אין זיין שטוהל. זיין כעס האט זיך נאך אין איהם ניט געשטילט.

— מיינע אומווירדיגע טעכטער! — האט ער געמורמעלט צו זיך — איך וועל זיי ציינען ווי אזוי מיר ניט צו פאלגען. יע, פריהער וועל איך פאר זיי אין די אויגען פארברענען גרא׳ז און נאכהער וועל איך ייערע מענער מקריב זיין צו די געטער און ווען דאס וועט זייערע הערצער ניט ווייכער מאכען, וועל איך בעפעהלען מען זאל אויך זיי לייגען אויף דעם מזבח, זאלען אלע פריסטער און מיין פאלק וויסען אז די געטער זיינען ביי מיר טייערער אפילו פון מיינע אייגענע טעכטער!

— עפענט אויף אלע פענסטער! — האט ער בעפוילען — איך פיהל זיך אויך דא הייס.

מען האט די פענסטער געעפענט און באלד זיינען צוגעקומען צוויי קנעכט מיט גרויסע פעכערס אין זייערע הענט און איהם געפאכעט.

דעם קעניג׳ס שלוחים זיינען צוגעקומען צו דעם הויז וואו רות און איהר שוועסטער האבען געוואוינט. דער עלטסטער איז אריין אינווייניג און האט מיט א טרוקענע שטימע איבערגעגעבען דעם בעפעהל פון קעניג.

— מיר זיינען געגרייט! — האט רות זיך אויפגעשטעלט צוזאמען מיט מחלון וועמען זי האט געהאלטען אונטער דעם ארעם. ערפה און כליון האבען איהר נאכגעפאלגט.

— איך געה מיט איך, מיינע קינדער! — האט נעמי זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ.

— מיר האבען ניט קיין בעפעהל אויך דיר צו נעהמען! — האט דער שליח צו איהר געזאגט.

— וואס עס יועט מיט זיי געשעהן. וועט אויך מיט מיר געשעהן — האט נעמי אויסגערופען און זי איז זיי נאכגעגאנגען.

מיט שטאלצע קעפ אבער פערביטערטע הערצער זיינען זיי אלע געגאנגען. ערפה האט זיך קוים בעהערשט ניט אויסצוברעכען אין א געוויין. פון ווייטען האבען זיי געזעהען דעם גרויסען המון וואס האט זיך פערזאמעלט ארום די טעמפלען פון די אפגעטער. צו זייערע אויערען האבען דערגרייכט די שאלען און יובעלען פון די בלוטדורשטיגע צושויער. ווען זיי זיינען צוגעקומען עטוואס נעהענטער, האט אלעמען א טויט שרעק אנגענומען.

— אט פיהרט מען דעם אומגליקליכען גרא׳ז! — האט רות געזאגט און א שטראם טרערען זיינען ארויסגעקומען פון איהרע אויגען. נעמי האט זיך אויך פאנאנדערגעוויינט און ערפה האט געווישט איהרע אויגען.

— אה, ווי עס האט זיך געענדיגט!

— האט מחלון זיך אפגערופען צו כליון׳ען — איידער מיר האבען אויף איהם גע׳מסר׳ט, האט ער אויסגעזעהען

גאנץ יונג. דו געדענקסט אז עס איז געוועז אומגלויבליך אז ער איז אהוד'ס פאטער, מעז האט גיכער געקענט מיינעז אז ער איז זיין ברודער.

— און יעצט קוקט ער אויס ווי ער וואלט געוועז זיין זיידע — האט כליון טרויעריג געשאקעלט מיט זיין קאפ.

— מיר זיינעז שולדיג אין זיין גרויסען אומגליק. זיין זוהן'ס בלוט פאלט אוי האונזערע קעפ, און יעצט זיין בלוט! אה, גאט זאל אונז נאר מוחל זיין! — האט מחלון עזיפצעט.

— מיר געהען דאך אויך שטארבען כדי צו הייליגען דעם נאמען פון אונזער גאט! — האט כליון געזאגט — לאמיר האפען אז ער וועט אונז מוחל זיין.

— קום לאמער צוגעהן עטוואס נעהנטער! — האט מחלון זיך אפגערופען— מיר וועלען פרובירען בעטען ער זאל אונז מוחל זיין יידער זיי פארברענען איהם.

— מיר קענען זיך דאך יעצט פריי ניט בעוועגען! — האט כליון געענטפערט — די בעאמטע האבען דאך אונז ארומגערינגעלט.

— מיר וועלען זיי זאגען אז מיר ווילען ריידען עטליכע ווערטער צו גרא'ן און זיי וועלען אונז ערלויבען.

— אט לייגט מען איהם שוין אויפ'ן מזבח! — האט רות אויסגערופען מיט א ציטערנדע שטימע.

— ווי געלאסען ער איז. יע, ער איז זעהר בראוו אט דער אלטער! — האט ערפה צוגעגעבען און טרויעריג געשאקעלט מיט איהר קאפ.

נעמי איז געשטאנען און איהרע הענט און פיס האבען געציטערט, איהרע ליפען האבען געשעפצעט א תפלה צו גאט. זי האט געבעטען ער זאל מוחל זיין איהרע זיהן פאר זייער זינד און אויך פאר איהרע זינד וואס זי האט דאן צוגעשטימט צו פערלאזען איהר הייליג לאנד און געהן אין אזא אומריינע לאנד. ווען זי האט בעמערקט ווי מען לייגט גרא'ן אויפ'ן מזבח, האט זי ארויסגע־

לאזען א שרעקליכען געשריי און איז אומגעפאלען.

רות, ערפה און איהרע זיהן האבען זי געוואלט אויפהויבען אבער מען האט זיי זיך ניט געלאזען ריהרען פון ארט, איינינע בעאמטע האבען נעמי'ן אויפגעהויבען און איהר אפגעמינטערט און זי איבערגעלאזען ניט ווייט פון דעם פערזאמעלטען המון.

אט האט מען גרא'ן געגומען צובינדען צום מזבח, מען האט ארומגעלייגט האלץ.

— לעגט צו פייער! לעגט צו פייער! — האבען זיך געהערט שטימען פון פאלק — זאל ער גלייך פערברענט ווערען!

דער הויפט פריסטער איז צוגעקומען נאהנט און ער האט אויפגעהויבען זיינע הענט אין דער הויך. דער המון האט זיך איינגעשטילט.

— עס איז דעם קעניג'ס וואונש און פערלאנג — האט דער פריסטער אויסגערופען מיט א הויכע שטימע—צו זיין אנוועזענד ווען די מענשליכע קרבנות פאר אונזערע געטער וועלען פערברענט ווערען, און דעריבער וועלען מיר מוזען ווארטען אוז צולייגען דעם פייער ווען דער קעניג וועט אנקומען. מיר וועלען מוזען האבען א ביסעל געדולד און דאן וועלען מיר נאך מעהר בעלוינט ווערען, וויל דעם קעניג'ס טעכטער מיט זייערע אידישע מענער וועלען אויך אויפגעאפפערט ווערען אלס קרבנות צו די געטער אויב זיי וועלען זיין פער'עקשנ'ט און ניט וועלען דינען צו די הייליגע געטער און מקריב זיין צו זיי קרבנות.

א געשריי פון שאלען און יובעל האט זיך צוטראגען צווישען די פערזאמעלטע. אלע זיינען געוועזן צופרידען, וואס זיי וועלען זעהן א נקמה אן די טעכטער פון קעניג וועלכע האבען אנגעפאנגען צו דינען אן אנדער גאט, דעם גאט פון זייערע שונאים.

גרא איז געלעגען אויסגעצויגען אויף דעם מזרח. זיינע אויגען האט ער געהאלטען פערמאכט. ער האט ניט גע־

קענט צוקוקען צו די בלוטדורשטיגע מענשען וועלכע האבען איהם ארומגערינגעלט.

דער פריסטער איז צו איהם נאך אמאל צוגעגאנגען און זיך אפגערופען גאנץ הויך:

— איך גיעב דיר יעצט די לעצטע געלעגענהייט, אויב דו ווילסט צושטימען מקריב צו זיין א קרבן פאר די געטער און דאמיט זיי הייליגען, וועסטו ראטעווען דיין לעבען!

גרא האט איהם ניט געענטפערט, ער האט אויפגעעפענט זיינע אויגען און געווארפען אויף דעם פריסטער א בליק פון פעראכטונג.

— דיין סוף איז געקומען! — האט דער פריסטער געזאגט — יעצט וועסטו זיך שוין ניט קענען העלפען אפילו ווען דו וועסט צושטימען צו טאהן מיין פערלאנג. דיינע מינוטען זיינען געצעהלטע. דער קעניג וועט באלד אנקומען און גלייך וועט דיין מזבח אנגעצונדען ווערען.

— זאל דער גאט פון ישראל אנשיקען א מפלה אויף דיר און אויף דיינע געטער! — האט גרא געזאגט מיט ביטערניס.

— פאר דיזע רייד וועט דיין צונג פערברענט ווערען צום ערשטען! — האט דער פריסטער מיט צארן געזאגט און פון איהם אפגעטראטען.

מיט דער ערלויבניס פון די בעאמטע האבען זיך מחלון און כליון דערנעהענטערט צו דעם מזבח וואו גרא איז געלעגען. א וויילע זיינען זיי דארטען געבליבען שטעהן מיט געבויגענע קעפ.

— דו דערקענסט אונז ניט, גרא!— האט מחלון זיך אפגערופען אין דער שפראך פון ישראל.

גרא האט אויפגעעפענט זיינע אויגען און האט אויף זיי געקוקט.

— מיר זיינען די זיהן פון אלימלך'ן! — האט כליון אויסגערופען.—מיר זיינען שולדיג אין דיין אומגליק. באלד וועט מען אונז אויך אוועקלייגען אויף די מזבחות, אלעם איז שוין פאר אונז געגרייט. מען וועט אונז אויך פערברענען. יע, אונז און אונזערע פרויען. אבער מיר האבען עס פערדיענט. מיר האבען געזינדיגט געגען גאט, געגען אונזער פאלק און געגען דיר און דיין זוהן.

— מיין זוהן! — האט גרא אויסגערופען מיט א שוואכע שטימע—באלד וועל איך זיין מיט איהם.

— דו און דיין זוהן האבען זיכער ניט פערדינט אזא שרעקליכען סוף!— האט מחלון געווישט זיינע אויגען — מיר זיינען שולדיג אין דיין אומגליק און בראך. וועסטו אונז דען קענען מוחל זיין פאר די שלעכטעס וואס מיר האבען צו אייך ביידען געטאהן.

גרא האט ניט געענטפערט. ער האט ווידער צוגעמאכט זיינע אויגען און איז געבליבען ליגען אומבעוועגליך.

— אויב דו ווילסט אונז ניט פארגעבען פון אונזערט וועגען טהו עס צוליעב מיין פרוי רות און איהר וועסטער ערפה, וועלכע וועלען באלד אויך פערברענט ווערען כדי צו הייליגען דעם נאמען פון אונזער גאט.

— רות! — האט גרא אויסגערופען און אויפגעעפענט די אויגען. — זאל זי זיין געבענשט פון אונזער גאט! זי האט די לעצטע טעג פון מיין לעבען פערלינדערט מיינע שמערצען.

— רות האט אונז געזאגט אז דו האסט אונז מוחל געוועזן!—האט מחלון ווידער געזאגט—וועסטו עס אונז פיליכט אויך זאגען. מיר ווילען עס הערען פון דיין מויל. דאן וועט אונז גרינגער זיין צו שטארבען!

— איך בין אייך מוחל! — האט גרא געזאגט—און איך בין זיכער אז מיין זוהן האט אייך אויך מוחל געוועזן פאר זיין טויט. ער איז געוועזן אזא גוטהערציגער ער האט אויף קיינעם לאנג קיין כעס ניט געטראגען. זאל אייך גאט מוחל זיין... איך זעה דאך אז איהר האט זיך צום אלמעכטיגען אומגעקעהרט מיט'ן גאנצען הארצען. איהר האט דאך געקענט זיין גליקליך. איהר האט געהיי־

דאט מיט דעם קעניג׳ס טעכטער און ווען איהר וואלט דעם קעניג געפאלגט און געדינט צו זיינע געטער וואלט איהר דאך יעצט געווען אין פאלאץ. אבער אנשטאט דעם זייט איהר גאר געגרייט אוועקצוגעבען אייער לעבען פאר אונזער גאט און פאלק. זייט געבענשט צו גאט און זאל ער אייך מוחל זיין ווי איך האב אייך מוחל געווען.

מחלון און כליון האבען ביטער געוויינט ווען גרא האט צו זיי גערעדט. באלד זיינען צוגעקומען די בעאמטע און מען האט די ברידער צוריקגעבראכט צו זייער פלאץ צוזאמען מיט רות׳ן און ערפה׳ן.

---

די טויערען פון דער הויפטשטאדט מרהבה האבען זיך ברייט געעפענט פאר די אנקומענדע פארשטעהער פון ישראל וועלכע האבען געפיהרט קעסטלאך גאלד און ציערונג אלס א מתנה פאר דעם קעניג פון מואב.

די היטער פון די טויערען האבען שנעל געשיקט אנזאגען דעם קעניג אז די אידישע שלוחים מיט די מתנות זיינען אנגעקומען.

עגלון, וועלכער איז נאך אלץ געזעסען אויף זיין שטול אין אפקיהלונג׳ס צימער און די צוויי בעדינטע האבען איהם מיט די פעכער געפאכעט, האט די נייעס אויפגענומען מיט א צופרידענעם שמייכעל. ער האט שוין געמיינט אז זיין בעפעהל צו בריינגען איהם די מתנות פונקט צום טאג אויף וועלכען ער האט בעשטימט די פייערונג, וועט ניט דורכגעפיהרט ווערען. ער האט ביי זיך בעשלאסען צו בעשטראפען זיי דערפאר און ארויפלייגען אויף זיי נאך מעהר צינזען. יעצט זעהט ער אז דאס פאלק ישראל ציטערט פאר איהם און וואס ער זאל פון זיי ניט פערלאנגען וועלען זיי ערפילען.

— שיקט ארויף די אידישע שלוחים מיט זייערע מתנות דא אין דיזען צימער! — האט עגלון געזאגט — איך וויל ניט ארונטערקומען צוליעב זיי!

די בעאמטע האבען זיך פערנייגט און ארויסגעגאנגען.

דער שמייכעל האט זיך נאך ברייטער צושפילט איבער עגלונ׳ס פנים און ער האט ביי זיך געטראכט: איך וועל זיי אויך איינלאדען צו דער פייערונג ואלען זיי צוזעהען ווי אזוי איך בעהאנדעל די וועלכע פערשוועכען אונזערע הייליגע געטער. ווען זיי וועלען מיט זייערע אויגען צוזעהען ווי איך בין מקריב די מענשליכע קרבנות פאר די געטער וועט א שרעק אנפאלען אויף זיי אלעמען. דאן וועלען זיי זיך איבערצייגען אז די געטער פון מואב זיינען די מעכטיגסטע און מיר וועט שוין ניט שווער אנקומען צו צווינגען אויך די אידען זיי זאלען דינען צו זיי.

באלד איז אהוד צוגעקומען צום פאלאץ און איז ארונטער פון זיין אייזעל. זיינע בעגלייטער האבען אויך געטאהן דאס זעלבע און יעדער פון זיי האט אראפגענומען די קעסטעל פון גאלד און ציערונג און זי ארויפגעטהאן אויף די פלייצעס.

— דער קעניג געפינט זיך אין אויבערשטען צימער! — האט א בעאמטער זיך אפגערופען צו אהוד׳ן — און דארטען וועט ער אייך אויפנעהמען.

— מיר וועלען באלד זיין גרייט ארויפצוקומען! — האט אהוד זיך א נייג געטאהן פאר דעם בעאמטען, איך וויל בלויז אנזאגען מיינע בעגלייטער ווער עס זאל געהן פריהער און ווער נאכהער.

אהוד האט זיך געווענדעט צו דעם בעגלייטער וועלכער איז געווען נעבען איהם און איהם אין דער שטיל געזאגט:

— ווען דער קעניג וועט אייך ארויסשיקען פון פאלאץ, זאלט איהר זיך גלייך זעצען אויף אייערע אייזלען און אוועקרייטען. מיין אייזעל זאלט איהר צובינדען צו א בוים וואס איז ביים סוף פון גאס. איהר זאלט אבער אויף מיר ניט ווארטען. איך וועל נאכהער אונטערקומען, און וואס ווייטער איהר וועט

זיין פון פאלאץ אלץ שנעלער זאלט איהר טרייבען די אייזלען ביז וואנען איהר וועט ארויס פון די גרענעצען פון מואב. זעהט אבער צו זיין זעהר פארזיכטיג מען זאל אייך ניט בעמערקען.

לאנגזאם זיינען די טרעגער פון די מתנות געגאנגען ארויף די טרעפ, צו דעם אפקיהלונגס צימער.

די בעאמטע האבען אויפגעעפענט די טיהר און פריהער איז אריינגעקומען אהוד מיט זיין מתנה, נאכהער האבען איהם זיינע בעגלייטער נאכגעפאלגט. זיי האבען געטראגען די קעסטלאך מתנות אויף די אקסלען און זיינען געבליבען שטעהן נעבען דער טיהר פון אינווייניג.

אהוד האט זיך דערנעהנטערט צום קעניג און זיך פארנייגט ביז דער ערד. נאכהער האט ער זיך אויסגעגלייכט און איבערגעבענדיג די קעסטעלע מיט די ציערונג אין די הענט פון עגלון האט ער זיך אפגערופען:

— א מתנה צו דיר, מיין העררר קעניג פון דיינע קנעכט, די ישראלים!

עגלון האט גענומען די קעסטעלע און זי גלייך אויפגעעפענט. פאר זיינע אויגען האבען א בליאסקע געטהאן דאס גאלד און די קאסטבארע ציערונג וואס איז דארט געלעגען, און א ברייטער שמייכעל האט זיך באוויזען אויף זיינע ליפען.

— און וואס געפינט זיך אין יענע קעסטלאך? — האט עגלון מיט א פינגער אנגעצייגט אויף אהוד'ס בעגלייטער.

— מעהר גאלד און מעהר ציערונג מיט די ברכה און גוטע ווינשען צו דיר פון מיין פאלק! — האט זיך אהוד ווידער פארנייגט און א וואונק געטהאן צו זיינע מענשען זיי זאלען צוקומען נעהנטער מיט די איבעריגע מתנות.

זיי האבען זיך דערנעהנטערט און פארנייגט פאר'ן קעניג.

אהוד האט פון דעם ערשטען גענומען זיין קעסטעלע און דערלאנגט צום קעניג און עגלון האט אויפגעעפענט און זי בעטראכט. ער האט געשאקעלט מיט'ן קאפ, קענטיג אז ער איז געווען העכסט צופריעדען מיט די מתנות.

די בעגלייטער האבען זיך נאך אמאל פארנייגט און צוריק געקעהרט צו זייערע פלעצער.

— איך זעה אז דיינע ברידער האבען מיין פארלאנג דערפילט — האט עגלון זיך א גלעט געטהאן איבער זיין בויך.

— דער וואונש פון מיינע ברידער איז צו דיענען צו דעם קעניג פון מואב און טאהן אלע זיינע פארלאנגען. ווייל מיר ווילען אז שלום זאל הערשען אין אונזער לאנד. מיר האבען דעם קעניג געבראכט נאך מעהר ווי ער האט פארלאנגט. און אלע איינוואהנער פון ישראל האבען איינשטימיג אנגענומען א בעשלוס צו דיענען דעם קעניג פון מואב מיט איבערגעבענהייט און געטריהייט. יע, מיר וועלען אלע דיר פאלגען, אזוי ווי קינדער פאלגען זייער פאטער! — האט אהוד געזאגט.

— הם... ווי קינדער פאלגען זייער פאטער! — האט עגלון צו זיך א מורמעל געטהאן... און מיינע קינדער, מיינע טעכטער וועמען איך האב אויסגעהאדעוועט און זיי ערצויגען, ווידערשפעניגען יעצט מיין מויל. זיי ווילען מיין פארלאנג ניט טהאן. און ווענדענדיג זיך צו אהוד'ן האט ער זיך אפגערופען:

— איך בין צופרידען וואס דיינע ברידער האבען זיך ארומגעזעהען אז עס לוינט זיך פאר זיי בעסער צו פאלגען אלעם וואס איך פארזאג, יע, זינט מיינע בעאמטע האבען געטויטעט אהוד'ן וועלבער האט געזוכט אויפצוהעצען די ישראלים געגען מיר, הערשט רוהיגקייט און צופרידענהייט אין ארץ ישראל.... ווען אהוד וואלט נאך יעצט געלעבט וואלט ער פאראורזאכט פיעלע צרות פאר דיין פאלק... און עס איז אייער גליק וואס איהר האט בעשלאסען נאכצוגעבען אלע מיינע פארלאנגען. איך האב נאך אין זינען ארויפצולייגען נאך א פאדערונג אויף ישראל.

— מעהר צינזען! — האט אהוד איהם א פרעג געטהאן.

— ניין, ניט קיין צינזען אבער עפעס אנדערש, א זאך וואס וועט זיכער ברייננען גליק פאר דיין פאלק.

— אין נאמען פון מיין פאלק דאנק איך הערצליך מיין האר קעניג פאר דער גרויסער גנאדע וואס ער האט געטהאן מיט מיין פאלק! — האט זיך אהוד א נייג געטהאן.

— היינט פייערט מיין פאלק א יום טוב צו אונזערע געטער און איך וויל דיר און דיינע בעגלייטער איינלאדען צו דער פייערונג... דו וועסט זעהן ווי אזוי מיר טהוען צו די וועלכע ווילען מיין באפעהל ניט דורכפיהרען.

— אה, איך פארשטעה מען פייערט אין מואב א יום טוב פון בעשטראפונג.

— דער הויפט צוועק פון היינטיגער פייערונג איז איינצושטילען דעם צארן פון די געטער פון מואב, וועלכע זיינען געוועזען גנעדיג צו מיר און צו מיין פאלק און האבען מיך געמאכט פיר דעם מעכטיגסטען קעניג פון אלע אנדערע קעניגען. ווי די פריעסטער האבען מיר איבערגעגעבען, האט זיך אנגעצונדען דער צארן פון די געטער און האבען געוואלט ברייננען אן אומגליק אויף מיין לאנד צוליעב דעם וואס פיעלע אין מיין לאנד האבען אויפגעהערט צו דיענען צו זיי, יע, אפילו מיינע אייגענע טעכטער וועלכע האבען געהייראטה מיט מענער פון ישראל... איך האב עס דערלאזען ווייל איך האב געמיינט אז זייערע מענער וועלען באלד אויך אנפאנגען צו דיענען צו די געטער, אבער איך האב געמאכט א טעות, אנשטאט דעם האבען זיי בעקעהרט די הערצער פון מיינע טעכטער צו זייער גאט... זיי האבען אויפגעהערט צו קומען אין די טעמפלען פון די געטער און האבען זיך ענטזאגט מקריב צו זיין קרבנות צו זיי, און איך האב באפוילען אז היינט זאלען זיי געבראכט ווערען צוזאמען מיט זייערע מענער צו דעם טעמפעל פון די געטער און מען וועט זיי צווינגען צו ברייננען קרבנות און אויב זיי וועלען ניט וועלען פאלגען וועט מען זיי אליין מקריב זיין פאר קרבנות צו די געטער. מיין גאנצעס פאלק האט זיך שוין דארט פארזאמעלט צוצוזעהן ווי אזוי מיינע פריעסטער וועלען פארברענען די מענשליכע קרבנות פאר די געטער. און דורך דעם וואס איך וועל אויך מיינע אייגענע טעכטער ניט שאנעווען, וועלען זיי אפטהאן זייער צארן און וועלען מיט מיר טאהן מעהר גוטעס. און יעצט האף איך אז דו און דיינע מענשען וועלען צוזעהן ווי אזוי מיר פייערען דעם יום טוב, ווי אזוי מיר בעשטראפען די אלע וועלכע ווידערשפעניגען מיינע רייד און דערצארענען די געטער. דאס וועט זיי אנלערנען אז מיין בעפעהל מוז אויסגעפיהרט ווערען.

יעצט ווען איך זעה אז דיינע ברידער זיינען געקומען צום פארשטאנד און זיינען נאכגיעביג, וועל איך נאכדעם ארויסגעבען א בעפעהל איבער דעם גאנצען לאנד פון ישראל אז זיי זאלען אנפאנגען צו דיענען צו מיינע געטער! זאלען זיי פארלאזען זייער גאט וועלכער האט זיי אליין איינם ניט בעשיצט אין צייט פון זייער נויט... איך בין זיכער אז די געטער וועלען מיט אייך אויך גוטעס טאהן דערפאר.

— איך דאנק נאך אמאל דעם האר קעניג, פאר דעם וואס ער זוכט מיט אונז צו טהאן אזוי פיעל טובות! — האט אהוד מיט ; פריינדליכען שמייכעל געזאגט — מיר וועלען אלע וויסען ווי אפצושאצען דעם גרויסען חסד פון דעם מעכטיגען קעניג.

— אויב דו וועסט מיר פארשפרעכען אז די געטער פון מואב וועלען אין גיכען אויך ווערען די געטער פון ישראל, דאן וועל איך דיר מאכען פאר דעם הויפט פריעסטער איבער אלע געטער וואס וועלען זיין אין דיין לאנד!

— איך קען אזא זאך ניט פארשפרעכען, מיין האר קעניג! — האט אהוד געזאגט — אבער איך וועל טאהן אלעס אין מיין מעגליכקייט זיי איבערצוריידען. און איך האף אז אלע וועלען זיך וועלען צוהערען צו מיר.

— די וועלבע וועלען זיין איינגע־

שפּאַרט וועלען בעקומען זייער שטראָף אַזוי ווי מיינע אייגענע טעכטער און זייערע מענער. יע, און נאָך איינער פון ישראל וועט היינט פאַרברענט ווערען פאַר די געטער, און דאָס איז גרא, דער פאָטער פון אהוד'ן.

— גרא! — האָט אהוד אויסגערופען און זיין פּנים איז ווייס געוואָרען. ער האָט זיך אָבער באַלד בעהערשט און אַרויסגעצוואונגען א שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

— לעבט נאָך גרא, דער פאָטער פון אהוד?

— יע, ער איז די גאַנצע צייט געהאַלטען געוואָרען אין געפענגניס. און יעצט ווען איך האָב בעשלאָסען אז אַלע וועלכע דיענען ניט צו אונזערע געטער מוזען ברייגנען צו זיי קרבנות, האָב איך פאַרזאָגט אז גרא זאָל זיין דער ערשטער, און אַזוי ווי ער האָט זיך ענטזאָגט, וועט ער זיין דער ערשטער פערברענט צו ווערען.

— איך בין זעהר נייגעריג עס צוצוזעהן מיין האַר קעניג, גלויבסטו אז עס איז שוין צו שפּעט? איך מיין אז די פּריעסטער האָבען שוין גרא'ן פאַרברענט?

—ניין! זיי האָבען איהם נאָך ניט פאַרברענט. זיי וועלען גאָר ניט אָנפאַנגען צו טהאָן איידער איך וועל דאָרט אָנקומען.

— יעצט וועלען מיר אַלע האָבען א געלעגענהייט צו זעהן ווי אַזוי דער פאָטער פון דעם קעניג'ס שונא, וועט פאַרברענט ווערען פאַר א קרבן.

— דו וועסט זיין מיין גאַסט און די פּריעסטער וועלען דיר צולאָזען גאַנץ נאָהענט. דו וועסט זעהן ווי איך וועל אָנצינדען דעם פייער אויף די טרוקענע האָלץ און דער קערפּער פון גרא וועט זיך אָנפאַנגען צו בראָטען. און דערנאָך וועל איך דיר ערלויבען צוצולייגען א פייער אויף די אַנדערע מזבחות וואו מיינע טעכטער און זייערע מענער וועלען זיך געפינען. און דורך דעם וואָס דו וועסט אָנצינדען דעם פייער און מקריב זיין א מענשליכען קרבן פאַר אונזערע געטער, וועסטו געהייליגט ווערען, און זיי וועלען דיר העלפען אין אַלעם... איך וועל דיר דאַן קענען מאַכען פאַר דעם הויפּט פּריעסטער.

— ווען איך וואָלט דיעזע רייד ניט געהערט פון דעם מויל פון האַר קעניג, וואָלט איך קוים געגלויבט אז מיר שטעהט פאַר אַזא גליק! — איך בין דעם קעניג זעהר דאַנקבאַר.

— מיר וועלען זיך דאַרפען צואיילען!

— האָט עגלון אויסגערופען — דאָס פאָלק וועט ווערען זעהר אומגעדולדיג. און די פּריעסטער קענען גאָר ניט טהאָן אין מיין אַבוועזענהייט. טראָגט אַריין די קעסטלאַך מיט די גאָלד אין מיין שאַץ קאַמער האָט ער בעפוילען זיינע קנעכט.

די קנעכט האָבען אַזוי געטהאָן. זיי האָבען אַריינגעטראָגען די קעסטלאַך מיט די מתנות און זיי אַריינגעלייגט אין דעם קעניגליכען שאַץ־קאַמער.

— יעצט קענען מיר שוין געהן! — האָט עגלון זיך אָנגענומען מאַכען הכנות זיך אויפצוהויבען זיין פעטען קערפּער פון זיין שטוהל.

— אה, מיין האַר קעניג! — האָט זיך אהוד אָפּגערופען. איך האָב דיר מיטצוטהיילען זעהר א וויכטיגע זאַך. עס איז א גרויסער סוד, און אפילו מיינע בעגלייטער טאָרען עס ניט הערען.

— א! — האָט עגלון אויסגערופען.

— אויב עס איז א סוד דאַרפען אויך מיינע מענשען דאָס ניט הערען. זאָלען אַלע אַרויסגעהן פון דיעזען צימער. איהר וועט אַריינקומען ווען איך וועל אייך צוריק רופען.

אַלע זיינען אַרויסגעגאַנגען אויסער די צוויי לייבוועכטער.

— די קענסט מיר אָנפאַנגען דערצעהלען, ווייל די צוויי לייבוועכטער זיינען מיר זעהר געטריי און איך קען זיי אָנפערטרויען מיינע סודות...

המ... איך... ער... איך מיין אז... — האָט אהוד גענומען שטאַמלען. — עס איז זעהר א וויכטיגער סוד און איך וואָלט ניט וועלען עס אַרויסגעבען אין

געגענוואַרט פון פרעמדע... שפּעטער וועט זיי דער קעניג אַליין קענען אַנערמוטיען אָבער ניט יעצט. איך וויל אַז בלויז דער קעניג זאָל עס הערען און מיר זאָגען זיין מיינונג וועגען דיעזער וויכטיגער אַנגעלעגענהייט.

— אויב דו דיינקסט אַז עס איז אַזוי וויכטיג וועלען זיי אויך אַרויסגעהן! — האָט דער קעניג אַ וואונק געטהאָן צו זיינע לייב וועכטער.

די לייבוועכטער האָבען זיך אַ נייג געטהאָן און אַרויס פון דעם צימער.

— איך בין זעהר נייגעריג און אומגעדולדיג צו וויסען וואס פאַר אַ סוד דאָס איז! — האָט עגלון זיך אָפּגערופען — זאָג מיר שוין.

— אַ געטליכען סוד האָט איך דיר צו ענטדעקען! — האָט אהוד געזאָגט.

עגלון האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל. אהוד האָט זיך דערנעהנטערט צום קעניג און זיך געמאַכט ווי ער וואָלט איהם אַריינשושקען עפּעס אין אויער. ער האָט מיט גרויס פאַרזיכטיגקייט אַריינגעשטעקט זיין לינקע האַנט אין זיין בוזים קעשענע פון דער רעכטער זייט און איידער עגלון האָט זיך אַרומגעזעהן האָט ער פון דאָרטען אַרויסגעצויגען זיין קורצען שווערדעל און מיט אַן אונגעהייער גרויסער קראַפט עס אַריינגעשטאָכען אין דעם פעטען בויך פון קעניג. זיין רעכטע האַנט האָט אהוד שנעל אַרויפגעלייגט אויף עגלון'ס מויל ער זאָל ניט אַ געשריי טאָן. דאָס גאַנצע שווערד איז אַריינגערוקט געוואָרען אין זיין בייך צוזאַמען מיט דער הענטעל פון שווערד. דאָס בלוט האָט אַ זעץ געטהאָן און אין אַ רגע איז דער קעניג פון מואב אומגעפאַלען אַ טויטער אויפ'ן באָדען אין אַ טייך בלוט.

אהוד איז שנעל צוגעלאָפען און צוגעשלאָסען די טהיר מיט דעם שליסעל פון אינווייניג. ער האָט אָפּגעווישט דאָס בלוט פון זיינע הענט און איז מיט שטילע טריט צוגעלאָפען צום אַרויסגאַנג פון די טרעפּ וואס פיהרט צום קאָרידאָר.

ער האָט אויפגעעפענט די טהיר און פאַרזיכטיג זיך אַרומגעקוקט אויב אימיצער געפינט זיך ניט אַרום. שטיל אויף די שפּיץ פינגער איז ער אַרונטער פון די טרעפּ און דורכגעגאַנגען דעם קאָרידאָר. ער האָט צוגעלייגט זיין אויער צו הערען אויב די וועכטער געפינען זיך דערביי. צום גליק אָבער איז קיינער ניט געוועזן.

פלינק איז אהוד דורכגעגאַנגען דורך דער הינטער גאַס און האָט גענומען לויפען...

דער פּלאַץ לעבען טעמפּעל וואו דער פאַרזאַמעלטער המון איז געשטאַנען איז געוואָרען געדיכטער. פון אַלע זייטען שטאָדט האָבען די מענשען געשטראָמט. יונגע, אַלטע פרויען און קינדער. יעדער איז געוועזן נייגעריג צו זעהן ווי אַזוי דער קעניג וועט מקריב זיין זיינע אייגענע טעכטער פאַר די געטער פון מואב.

גרא איז געלעגען אַן אויסגעצויגענער אויפ'ן מזבח. זיינע הענט און פיס זיינען געווען געבונדען. ניט ווייט פון מזבח איז געשטאַנען דער הויפּט פּריעסטער און יעדע ווייל אויפגעהויבען פאַרגלאָצטע אויגען צום הימעל, און עס איז געווען שווער צו זאָגען אויב ער איז מתפּלל אָדער ער קוקט אויף דער זוהן צו זעהן די צייט. איין זאַך אָבער איז געווען קענטיג, אַז ער איז זעהר נערוויאיש און אומגעדולדיג.

באַלד זיינען צו איהם צוגעקומען נאָך איינגע פּריעסטער און איינער פון זיי האָט איהם עפּעס אַריינגעשושקעט אין אויער.

— ניין, עס איז אונמעגליך האָט דער הויפּט פּריעסטער אויסגערופען — דער קעניג האָט מיר דייטליך אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל איהם גאָר ניט טהאָן.

— אָבער מען קען שוין לענגער דאָס פאָלק ניט האַלטען. יעדער איז אומגעדולדיג פיעלע זיינען אהער געקומען גאַנץ פריה און יעצט איז שוין נאָך האַלביען טאָג...

— איך קען זיך אָבער ניט העלפען. איך אַליין וועל שוין אויך באַלד פאַרלירען מיין געדולד, אָבער דער פאַרזאָג

פון דעם קעניג איז הייליג... ער האט מיר אזוי אנגעזאגט און איך וועל אזוי טהאן אפילו ווען מיר וועלען דארפען אלע ווארטען אויף דעם קעניג ביז שפעט אין דער נאכט...

— זאל מען פיעללייכט שיקען אימיצען אנזאגען דעם קעניג אז אלעס איז שוין געגרייט — האט נאך א פריסטער אויסגערופען.

— עס איז היינט זעהר א הייסער טאג און דער קעניג האט מיר געזאגט אז ער וועט ארויף אויף א ווייל אין אפקיהלונגס צימער און זיך דארט אפקיהלען און אויסרוהען. מעגליך אז ער איז דארט אנטשלאפען געווארען און איך וועל דאך איהם געוויס ניט אויפוועקען.

געשרייען פון המון האבען דורכגעלעכערט די לופט.

— זאל מען איהם שוין פארברענען פאר די געטער! — האט זיך געהערט א שטימע.

— מיר ווארטען שוין דא זעהר לאנג! ווען וועט מען איהם שוין מקריב זיין — האט א צווייטער געשריען.

דער פריעסטער האט זיך אוועקגעשטעלט אויף א שטיין און האט ווידער גענומען בערוהיגען דאס פאלק.

— עס איז דער ווילען פון די געטער אז דער קעניג זאל אליין דיזע קרבנות מקריב זיין. און אויב אימיצער אנדערש וועט עס טהאן וועט זייער צארן זיין גרויס. עס וועט שוין לאנג ניט דויערען און דער קעניג וועט אנקומען... איהר אלע ווילט דאך געוויס צוזעהן ווי אזוי דער קעניג וועט פערברענען זיינע אייגענע טעכטער וועלכע האבען ווידערשפעניגט זיינע רייד און ניט געוואלט דיענען צו די געטער פון מואב. בלויז א קליינע ווײלע. לאמיר אלע האבען געדולד.

— ניט לאנג צוריק זיינען אין פאלאץ אנגעקומען די שלוחים פון ישראל מיט פיעלע קאסטבארע מתנות פאר אונזער קעניג, און יעצט האט זיי דער קעניג אויפגענומען און דעריבער האט ער פערשפעטיגט—האט זיך א בעאמטער אפגערופען צום הויפט פריעסטער.

— איך האף אז דער קעניג וועט איינלאדען אויך די שלוחים פון ישראל זיי זאלען צוזעהען ווי אזוי אונזערע געטער בעוויליגען אידישע קרבנות—האט דער פריעסטער געזאגט.

— זאל פיעלייכט מיין האר שיקען אימיצען דערמאנען דעם קעניג ער זאל איינלאדען די ישראלים—האט א צווייטער פריעסטער געזאגט.

— דאס איז ניט קיין שלעכטע פלאן! —האט דער הויפט פריעסטער אויסגערופען—איך וועל דערווייל האבען א גוטען אויסרייד צו דערמאנען דעם קעניג, אז דאס פאלק וארט אויף איהם.

ער האט צוגערופען צוויי פון די פריעסטער און זיי געהייסען איבערגעבען דעם קעניג אז לויט זיין מיינונג וואלט געוועזען ווינשענסווערטה דאס די שלוחים פון ישראל זאלען קומען צו דער פייערונג און נאכהער זאלסטו צוגעבען אז דאס גאנצע פאלק האט זיך שוין פערזאמעלט.

די פריעסטער זיינען אוועק צום פאלאץ. און ווען זיי זיינען אריין אינוויניג האט מען זיי געזאגט, אז דער קעניג איז אין זיין אפקיהלונג׳ס צימער אין א געהיימען געשפרעך מיט דעם הויפט פארשטעהער פון ישראל.

— אימיצער פון איך מוז אריין און איבערגעבען דעם קעניג, אז מיר זיינען געשיקט געווארען פון הויפט פריעסטער אין נאמען פון די געטער,—האט זיך א פריעסטער אפגערופען צו די לייב וועכטער, וועלכע זיינען ארומגעאנגען הין און צוריק.

— מיר קענען איהם ניט שטערען! ער האט דאך אונז ארויסגעשיקט!

— אבער ווי לאנג איז עס, אז ער רעדט מיט איהם?

— שוין א היבשע ווײלע!

— ווער עס איז גענוג בראוו צו עפענען די טיהר פון דעם קעניג׳ס צימער, יענער וועט געבענשט ווערען ביי דעם

גאט כמוש—האט א פריעסטער אויסגעשריגן—מיר מוזען איהם אומבעדינגט זעהן. ווען אונזער גנעדיגער קעניג וועט באלד ניט קומען וועט עפּעס שרעקליכעס פּאסירען צווישען דעם אונגעהויער גרויסען און אויפגערעגטען המון.

— איך געה מיין האר!—האט איינער פון די ליבוועכטער אויסגערופען, און ער איז צוגעגאנגען צו דער טיהר און זי פּרובירט אויפעפענען.

— די טהיר איז פארשלאסען!—האט ער אויסגערופען מיט שרעק!—מעגליך, אז דער קעניג האט ניט געוואלט מען זאל איהם שטערען!

— אבער אזוי לאנג!

— איז עס מעגליך, אז דער פארשטעהער פון ישראל האט שוין פערלאזען דעם פּאלאץ און דער קעניג איז אנטשלאפען געווארען.

— ווען ער וואלט ארוים וואלטען מיר איהם בעמערקט!

— לאמיר אנקלאפּען אין טיהר!

— אויב דער קעניג שלאפט וועט ער זיין בייז וואס מען שטערט איהם!

— אבער ער מוז גלייך אוועקגעהן צום טעמפּעל, אלע ווארטען דאך דארט אויף איהם!

דערזעלבער לייבוועכטער האט געגעבען א לייכטען קלאפּ אין טיהר, און מיט א קלאפּענדע הארץ געווארט א קליינע ווייל. נאכהער האט ער געגעבען א פּאר שטארקערע קלעפּ אין טיהר. ווען קיין ענטפער איז ניט געקומען האט ער זיך אפּגערופען.

— איך בין זיכער, אז דער ישראל וועלכער איז מיט איהם אליין פארבליבען אין צימער איז שוין זיכער ארוים פון דארט.

— אבער מיר האבען די גאנצע צייט ניט אפּגעטראטען פון דעם ארויסגאנג, מיר וואלטען איהם געוויס בעמערקט ארויסקומענדיג.

— מיין הארץ שרעקט אין מיר!—האט נאך איינער א זאג געטהאן—דער קעניג וויים, אז היינט איז א יום טוב און אז אלע איינוואהנער פון שטאדט האבען זיך פערזאמעלט נעבען דעם טעמפּעל, און ער וועט ניט אנטשלאפען ווערען.

— ער איז אבער געווען זעהר מיעד פון דער שרעקליכער היץ און מעגליך, אז ער איז איינגעשלאפען, נאכדעם ווי דער ישראל האט איהם פערלאזען.

— די טיהר איז צוגעשלאסען פון אינווייניג. דעם ישראל האבען מיר ניט באמערקט ארויסקומענדיג. מען האט אנגעקלאפּט אין טיהר און קיין ענטפער האבען מיר ניט בעקומען... איך האב מורא אז עפּעס האט פּאסירט...

— לאמיר אנקלאפּען נאך שטארקער!—האט א פריסטער געקראגען מוטה און גענומען קלאפּען אין טיהר.

— מיר טאהרען לענגער ניט ווארטען, מיר מוזען עפענען די טיהר.

— אונטען געפינט זיך א שליסעל פון דער טיהר!—האט א לייבוועכטער געזאגט,—איך וועל ארונטערגעהן איהם ברענגען.

— פארוואס האסטו פריהער ניט געזאגט, אז עס איז פאראן א שליסעל!—האט זיך דער פריעסטער אויף איהם געבייזערט — מיר וואלטען איהם שוין לאנג אויפגעוועקט... אויב ער זאל זיך פערנומען אביסעל לענגער איז שווער פאראויסצוזאגען וואס עס קען פּאסירען... דארטען מיט דעם אומגעדולדיגען המון.

דער לייבוועכטער האט ארויפגעבראכט דעם שליסעל און מיט גרויס פארזיכטיגקייט האט ער אויפגעעפענט די טיהר.

א קליינע ווילע זיינען זיי געבליבען שטעהען נעבען טיהר און נאכהער האבען זיי אויף די שפּיץ פינגער זיך גענומען דערנעהענטערען.

— ער איז ניט אויף זיין שטוהל!—האט איינער א געשריי געטהאן און באלד האבען זיך אלע מיט אמאל א לאז געטהאן צום שטוהל. און זיי האבען דער־

זעהן ווי זייער קעניג עגלון ליגט א טוידטער אויף'ן באָדען אין א טייך בלוט.

— אונזער קעניג איז געטוידטעט געװארען! —האבען אלע מיט אמאָל אויסגעשריען מיט שרעק. מיר זיינען פערלאָרען! דער ישראל האט אונזער קעניג געטוידטעט.

— מיר זיינען אלע פערלאָרען! —האבען די איבעריגע געשריען—באלד וועט אָנקומען אן ארמעע פון ישראל! אָה, מיר זיינען פערלאָרען.

— מיר מוזען לויפען אָנזאָגען דעם הויפט פריעסטער. יעדער מוז זיך ראַטעווען... די ישראלים וועלען זיכער באלד אָנקומען! זיי זיינען שוין אויף זייער וועג. אונזער קעניג איז ערמאָרדעט. אָה איהר געטער פון מואב מיר זיינען פערלאָרען!

פיל אויסען בויגען זיינען די צוויי פריעסטער און איינינע פון די לייבוועכטער געלאָפען צו דעם פלאַץ, וואו דאס פאָלק האט זיך פערזאמעלט. זייערע האר זיינען געווען צושויבערט, זייערע קליידער צוריסען...

זיי האבען זיך גענומען דורכשטופען דורכ'ן המון קיינער אָבער האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. אלעמענס אויגען זיינען געווען געווענדעט צום מזבח, וואו גראָ איז געלעגען א געבונדענער און צו דעם פלאַץ וואו רות, ערפה און זייערע מענער זיינען געשטאנען. דער געדולד פון המון האט שוין געהאלטען ביים פלאַצען. דער הויפט פריעסטער האט זיי באַרזיכערט, אז באלד, באלד וועט ער האבען דעם קעניג'ס תשובה און אויב ער וועט ניט באקומען קיין ענטפער ביז א בעשטימטע צייט ביז וואנען דער שאָטען פון דער זון וועט צוקומען צו א געוויסען פלאַץ וועט ער אליין אָנצינדען דעם פייער און פערברענען דעם קרבן פאר די געטער.

דער שאָטען פון דער זון האט זיך אלץ נעהענטער גערוקט צום אָנגעגעבענעם פלאַץ. מיט נייגיעריגע בליקען און מיט איינגעהאלטענע אָטהעמס האבען אלע געקוקט אויף דעם הויפט פריעסטער.

— די צייט איז געקומען! —האט ער אויסגערופען און אויפגעהויבען דעם פאַקעל פייער אין דערהויך—זאלען אונזערע געטער נעהמען דיזען מענשליכען קרבן און אָפּטהאָן זייער צאָרן פון זייער פאָלק.

— מיר זיינען פערלאָרען! מיר זיינען פערלאָרען! —האבען זיך גענומען הערען די שטימען פון די אָנקומענדע, וועלכע האבען דורכגעשטופט זייער וועג און געהאט דערגרייכט דעם הויפט פריעסטער...

— אונזער קעניג איז ערמאָרדעט! אָה, איהר געטער, העלפט אונז! —האבען די ביידע פריעסטער אויסגעשריען.

— דער קעניג איז ערמאָרדעט? אָה, זאָגט מיר שנעלער, וואס האט פאסירט.

— די ישראלים האבען איהם ערמאָרדעט. מיר זיינען אלע פערלאָרען. אונזער קעניג איז טויט!

— אונזער קעניג איז ערמאָרדעט — האבען זיך געהערט יאָמערנדע געשריען. באלד איז די נייעס שנעל פערשפרייט געווארען ווי א בליץ.

— מיר זיינען פערלאָרען! מיר זיינען פערלאָרען! לאָמיר זיך וואס שנעלער ראטעווען! — האט דער הויפט פריעסטער א שליידער געטהאן דעם פאַקעל פייער אויף דער ערד און גענומען לויפען.

א גרויסע מהומה און פאניק האט אויסגעבראָכען צווישען המון. עס איז געווארען א געדראנג און געלאָף יעדער האט זיך געזוכט צו ראטעווען... מיט גרויס אימפעט האבען זיך די מענשען א לאָז געטהאן אומשליידערנדיג אין וועג פרויען און קינדער.

— אַן אומגליק איז אויף מואב געקומען! אונזער קעניג איז ערמאָרדעט! מיר זיינען אלע פערלאָרען! די ישראלים קומען אָן אויף אונז!... דער צאָרן פון די געטער איז אויף אונז אויסגעגאָסען געווארען! —זיינען מענשען געלאָפען

איבער די גאסען פון מדהבה און געיאמערט.

דער פלאץ וואו עס איז נארוואס געווען אזוי ענג פון די טויזענדע מענשען, איז אין גאנצען אפגעלעדיגט געווארען. די בעאמטע וועלכע האבען געהיט רות'ן און ערפה'ן, מחלון און כליון, האבען זיי איבערגעלאזט און אליין מיט גרויס שרעק אנטלאפען.

גרא איז געבליבען ליגען א האלב פער'חלש'טער פון שרעק. ער איז געווען אזוי אפגעשוואכט, אז ער האט גארניט געוואוסט וואס עס קומט דא פאר...

— מיר זיינען געראטעט ! אונזער גאט, דער גאט פון ישראל האט אונז גערעטעט !—האט רות אויסגערופען מיט פרייד — וואס שטעהען מיר לאמיר בעפרייען גרא'ן פון דעם מזבח.

מחלון און כליון וועלכע זיינען א ווילע געבליבען שטעהן ווי פערגליווערט און זיך ניט געקענט ריהרען פון ארט, האבען זיך איצט אויפגעכאפט ווי פון א טיעפען שלאף..

— מחלון ! איז רות צו איהם צוגעלאפען און ארומגענומען.—גאט האט אונז זיין הילף געשיקט. מיר זיינען געראטעט ! געה און נעהם ארונטער גרא'ן פון מזבח.

זיי זיינען אלע צולאפען, ווי מיין !—האט כליון אויסגערופען און איז גלייך צוגעגאנגען צום מזבח און גענומען אפבינדען גרא'ן.

רות האט אנגעשעפט א ביסעל פון דעם וואסער, וואס איז געווען אנגעגרייט צו בעשפריצען רעם קרבן. און האט דאמיט אפגעמינטערט גרא'ן.

— געלויבט איז אונזער גאט, דו ביזט געראטעט ! מיר זיינען אלע געראטעט !

— האט רות מיט פרייד אויסגערופען.

גרא האט זיך קוים געקענט האלטען אויף זיינע פיס. מחלון און כליון האבען איהם צוגעהאלטען. ער איז נאך אלץ געשטאנען א צוטומעלטער און האט ניט געקענט באגרייפען וואס מיט איהם האט פאסירט.

ערפה איז אויך געבליבען שטעהן אומבאוועגליך... זי האט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען און קיין ווארט ניט גערעדט.

— וואס איז מיט דיר, מיין שוועסטער, ביזטו דען ניט גליקליך ? זעהסטו דען ניט אז דער גאט פון ישראל האט זיך אנגענומען פאר אונז און אין צייט זיין ישועה געשיקט ?!...

— אבער אונזער פאטער איז ערמארדעט געווארען ! — האט ערפה געזאגט מיט א טרויעריגע שטימע—ווי אזוי קענען מיר זיך פרעהען.

— און וואלט אונזער פאטער אונז באלד ניט פערברענט מיט זיינע אייגענע הענט... ער האט דאך געוואלט אונז מיט אונזערע מענער און דעם ארימען גרא'ן אומברייננגען... גאט האט איהם דערפאר געשטראפט. דו ווייסט דאך אז ער האט שוין לאנג אונז פון זיך פערטריבען און מיר זיינען צו איהם נאך ערגער ווי פרעמדע פערעכנט געווארען. ער האט אונז ווי שונאים בעהאנדעלט. מיין מוטער האט ער געטויטעט, און גענוג בלוט פערגאסען... ער האט דעם טויט פערדינט, דער גאט פון ישראל האט זיך אן איהם נוקם געווען... און מיר געהערען אלץ איינס ניט מעהר צו מואב, מיר געהערען צום פאלק ישראל.

— וואו איז אונזער מוטער ?—האט מחלון אויסגערופען — מען האט איהר פון דאנען אוועקגעפיהרט. זי מוז זיך יעצט אין דערהיים געפינען.

— קום, גרא, מיט אונז ! — האט רות אויסגערופען און ווענדענדיג זיך צו מחלון און כליון האט זי געזאגט :

— גרא איז זעהר אפגעשוואכט, איהר וועט איהם מוזען צוהעלפען, לאמיר אלע געהן ,מיר האבען זיך דאך יעצט ניט וואס צו שרעקען.

— ערפה ! — האט כליון זיך צו איהר געווענדעט — פארוואס ביזטו דא געבליבען שטעהן ? קום מיט אונז !

— אה, ענטשולדיג, איך האב זיך פערטראכט.... יע, איך געהער ניט צו איהם, ער איז געווען פרעמד צו מיר.... ביי איהם איז געווען רעכט מיך צו טוי־

טען — האט ערפה צו זיך געמורמעלט. איך גען!

זיי דאבען אלע גענומען געהן. אין די גאסען פון מדהבה האבען זיך קיינע מענשען ניט בעוויזען. א גרויס פחד איז אויף אלע איינוואוהנער אנגעפאלען. דא און דארט האט מען געקענט זעהן אבטיילונגען פון מואב'ס ארמעען וועלכע זיינען ארומגעלאפען צושראקענע און גוטומעלטע.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו זייער הויז און דאבען דארטען נעמי'ן ניט געטראפען, האבען זיי זיך דערשראקען.

— איך האב מורא אז אן אומגליק האט פאסירט מיט אונזער מוטער! — האט מחלון געזאגט — די בעאמטע האבען איהר זיכער צום טויט דערשלאגען.

— אזוי לאנג ווי דער קעניג האט עס זיי ניט געהייסען טאהן וועלען זיי איהר ניט טויטען! — האט רות איהם פרובירט בערוהיגען, אבער אליין איז זי וואס ווייטער אומרוהיגער געווארען.

—לאמיר געהן זי אויפזוכען!—האט כליון געזאגט—יעצט האבען מיר ניט וואס מורא צו האבען. מען וועט זיך אויף אונז גאר ניט אומקוקען.

— איהר ביידע געהט זוכט אויף אייער מוטער און איך און ערפה וועלען דערווייל צוגרייטען עפעס צו עסען — האט רות געזאגט און געהאלפען גרא'ן זיך אנידערזעצען.

גרא איז די גאנצע צייט געווען זייער צוטומעלט. עפעס האט ער ניט בעגריפען וואס דא איז פארגעקומען. ער איז געווען אזוי אפגעשוואכט פון שרעק און פון הונגער אז ער האט קוים געקענט שטעהן אויף די פיס. און בלויז מיט דער הילף פון די ברידער איז ער אהער אנגעקומען.

רות האט איהם גלייך דערלאנגט קאלטעס וואסער און גרא האט געטרונקען און ביסלעכווייס צו זיך געקומען. נאכהער האט זי איהם געגעבען עטוואס שפייז.

— דו ווייסט גרא אז דו ביזט א פרייער מענש! עס וועט לאנג ניט דויערען און אן ארמעע פון ישראל וועט אריינדרינגען אין מואב, דאן וועלען מיר זיך אלע אומקעהרען נאך דיין לאנד!

גרא האט ניט געענטפערט. ער איז געזעסען מיט זיין קאפ געבויגען, זיין פנים האט אויסגעדריקט טרויער און אנגסט.

— ביזטו דען ניט גליקליך מיט דיין פרייהייט? — האט רות זיך צו איהם אפגערופען מיט ערשטוינונג—זעהסטו דען ניט אז אונזער גאט, דער גאט פון ישראל האט דיך אין גאנצען בעפרייט פון מואב'ן. קיינער וועט שוין ניט וואגען דיך א צווייטען מאל איינצושפארען אין געפענגנים און דיין לעבען איז גערעטעט.

— וואס פאר א ווערדע האט מיין לעבען אז מיין בעליעבטער העלדישער זוהן אהוד איז טויט... איך האב אויף איהם אזוי פיעל האפענונג געלייגט.... די גאנצע צייט וואס איך בין געווען איינגעשפארט אין געפענגנים האב איך ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון איהם, איך בין געווען גליקליך צו וויסען אז ער איז ניט אריינגעפאלען אין מואב'ס הענט, איך האב מיט צופרידענהייט אריבערגעטראגען אלע פיינונגען און צרות וואס מיר איז דארט אויסגעקומען אויסצושטעהן. און איין טאג שיקט מיר דער קעניג רופען און די בעאמטע דערצעהלען מיר מיט אלע איינצעלהייטען אז זיי האבען מיין זוהן ערמארדעט... מיינע אויגען האבען מיר גענומען שווינדלען, איך בין געפאלען אין חלשות. אבער די בעאמטע האבען מיר אפגעמינטערט. זיי האבען געהאט גרויס פערגניגען ווען זיי האבען מיר געזעהען ליידענדיג... אבער זינט יענעם טאג האב איך אויפגעהערט צו ליידען... מיין קערפער איז געווארען פיהלונגסלאז.... מיר ארט ניט וואס מען טוט מיט מיר.... און ווען איך בין געלעגען אויפ'ן מזבח א געבונדענער און דער פריסטער איז געשטאנען לעבען מיר מיט זיין פאקעל פייער, האב איך נור מתפלל געווען צו גאט אז ער זאל וואס שנעלער אונטערצינדען כדי איך זאל שוין זיין מיט מיין בעליבטען זוהן,

דארטען, יואו עס איז שטענדיג גוט... און יעצט אז איך בין פריי און מיין לעבען איז געראטעוועט, וואס פאר א פרייד קען דאס מיר בריינגען.

— און איז דען עס ניט א גרויסע פרייד צו וויסען אז דיין פאלק האט ענדליך אראפגעווארפען פון זיך דעם יאך פון מואב און איז געווארען פריי!

— יע, דו ביזט גערעכט, רות! — איז גרא עטוואס מונטערער געווארען. נאך אלעמען וואס באטרעפט דאס לעבען פון איין איינציגען פערזאן אין א גאנצעס פאלק... מיין גאנצע האפנונג איז געוועזן אז מיין זוהן וועט העלפען ישראל, יעצט אז גאט האט עס געטאהן דורך א צווייטען דארף איך זיין צופרידען....

— אט קומט אן נעמי! —האט ערפה אויסגערופען און זי איז צוזאמען מיט רות'ן זי ענטקעגען געקומען.

נעמי איז אנגעקומען אין דער בעגלייטונג פון איהרע זיהן און נאך א פרוי.

— מיינע טעכטער — איז זי זיי ביידען אויפ'ן האלז געפאלען — געלויבט איז גאט איהר לעבט נאך! יע, איך האב שוין געהאט אויפגעגעבען מיין האפענונג אייך אלעמען צו זעהן צווישען די לעבעדיגע.

— און וואס האט מיט דיר פאסירט?

— האט איהר רות געפרעגט.

— איך האב מיין לעבען צו פערדאנקען צו דיזע פרוי! — האט נעמי אויף איהר אנגעציינט. — זי האט מיך געראטעוועט. ווען די בעאמטע האבען מיר פערטריבען, האבען מיר ארומגערינגעלט פיעלע פרויען פון המון און יוען זיי האבען זיך דערוואוסט ווער איך בין, זיינען זיי אזוי אויפגערעגט געווארען אויף מיר אז זיי האבען מיר געוואלט פארשטיינען. אבער דיזע פרוי האט מיך פון זייערע הענט גערעטעט. זי האט מיך אוועקגעפיהרט צו איהר אין הויז און מיר געטרייסט. זאל זי זיין געבענשט פון גאט.

— אונזער קעניג איז טויט און אונזער לאנד וועט געוויס איינגענומען ווערען פון ישראל! — האט די פרוי אויסגערופען — און איך בעט אייך איהר זאלט זיך איבער מיר דערבארעמען און קיין שלעכטעס ניט טאהן צו מיר און מיין משפחה.

— און ווער ביזטו? — האט איהר רות געפרעגט.

— איך בין די פרוי פון דעם אויפזעהער פון געפענגנים! — האט זי געענטפערט — מיין מאן האט ניט געוואלט שלעכט בעהאנדלען גרא'ן אבער ער איז געצוואונגען געווארען פון דעם קעניג.

— איך בין זיכער אז גרא וועט איהם מוחל זיין און קיין שלעכטעס וועט דיר און דיין משפחה ניט געטאן ווערען! — האט איהר רות פערזיכערט.

— אלע ציטערען פאר די אנקומענדע ארמעע פון ישראל! יעצט אז אונזער קעניג איז טויט, וועט די ארמעע פון מואב ניט קענען ארויסווייזען קיין ווידערשטאנד צו די ארמעע פון ישראל און מיר האבען אלע מורא אז די ישראלים וועלען אריינדרינגען אין אונזער שטאט און זי פערברענען.

— דו פערבלייב מיט אונז און בריינג אויך די איבעריגע פון דיין משפחה! — האט איהר רות געזאגט — און מיר וועלען שוין זעהן אז איהר זאלט ניט ליידען.

זיי זיינען אלע אריין אין הויז און מחלון און כליון זיינען צוגעקומען צו גרא'ן און געבליבען שטעהן מיט געבויגענע קעפ נעבען איהם.

— מיר האבען געגען דיר שטארק געזינדיגט! — האט מחלון זיך צו איהם אפגערופען מיט א שוואכע שטימע — יועסטו אונז וועלען מוחל זיין?

— איך האב דאך שוין לאנג דורך רות'ן געזאגט אז איך בין אייך מוחל — האט גרא געענטפערט — אבער מיין זוהן, יע, וועט ער אייך דען קענען מוחל זיין. איהר זייט שולדיג אין זיין פערגאסענע בלוט... צוליעב אייך איז ער אזוי יונג פון דער וועלט געגאנגען... א, ווי גליקליך

ער וואלט זיך יעצט געפיהלט, ווען ער וואלט אויסגעפונען אז דאס וואס ער האט מיט יאהרען פערזעעט, האט געשלאגען ווארצלען, ישראל האט ענדליך ערוואכט און זיך גענומען צו זיינע שונאים... אבער ער איז טויט און קען זיך ניט בעטייליגען אין דער שמחה פון ישראל! איך בין ניט זיכער אויב ער וועט אייך פאר דעם וועלען מוחל זיין.

א טרויער האט בעדעקט די פנים'ער פון די ברידער.

— צו אונזער פרעברעכען איז קיין פערגעבונג ניטא! — האט כליון זאד אפגערופען צו מחלון אין דער שטיל— מיר האבען ניט נאר פעראומגליקט צוויי פון אונזערע ברידער. אבער מיר האבען אונזער גאנצע פאלק פערראטען. מיר וועלען זיך שווין מעהר קיינמאל ניט קענען אומקעהרען אין אונזער לאנד. איין מענש, צוויי מענשען, קענען אפשר מוחל זיין אבער א פאלק—קיינמאל ניט! א גאנצעס פאלק קען ניט מוחל זיין פערראטער. מיר זיינען פערלארען אויף אייביג.

— און מיר האבען עס פערדיענט!
— האט מהלון צוגעגעבען — אבער לאמיר דאס ניט איבעררײדען פאר אונזערע פרויען און מוטער. זיי האבען שווין צוליעב אונז גענוג געליטען, פארוואס זאלען מיר זיי נאך מעהר עגמת נפש פערשאפען.

---

ווען אהוד האט פערלאזען דעם פאלאץ, איז ער מיט גרויס פלינקייט געלאפען דורך די זייטיגע געסלעך. און אזוי ווי אלע איינוואהנער פון מדהבה זיינען געווען פערזאמעלט אויף דעם פלאץ פון דעם טעמפעל, האט איהם קיינער ניט בעמערקט.

הינטער דער שטאדט האט זיך אהוד געטראפען מיט זיינע בעגלייטער וועלכע האבען מיט זייערע אייזלען אויף איהם געווארט.

— געלויבט איז גאט! ער האט מיין וועג בעגליקט! איך האב געטויטעט דעם קעניג פון מואב! לאמיר שנעל לויפען אנזאגען אונזער פאלק אז די ישועה איז נאהענט.

— געבענשט זאלסטו זיין צו גאט!
— האבען זיי מיט אמאל אויסגערופען —דו האסט אונז גערעטעט!

אהוד און זיינע בעגלייטער זיינען שנעל אריבער דעם ירדן און ער האט זיי איינגעטיילט צו צוויי.

— איהר וועט אנזאגען אין אלע שטעדט און שטעדטלעך אז אונזער ארמעע וועט זיך פערזאמלען אויף דעם בארג אפרים. דארטען וועל איך זיין און מיר וועלען אנפאנגען די מלחמה!

די בעגלייטער האבען זיך צוטיילט: יעדער איז אוועקגעריטען אין א בעזונדער שטאדט און געבראכט די פרעהליכע בשורה וועגען דעם טויט פון עגלון דעם קעניג פון מואב.

אהוד האט געבלאזען מיט דעם שופר און פיעלע האבען זיך אפגערופען צו זיין רוף און געקומען צו איהם.

גרויס איז די שמחה געווארען אין ארץ ישראל ווען די נייעס איז געקומען אז אהוד, זייער בעליעבטער העלד האט ערמארדעט דעם קעניג פון מואב. טויזענדער יונגע ליט האבען גענומען שטראמען נאך דעם בארג פון אפרים. בועז האט פערזאמעלט אלע העלדישע יונגע לייט פון בית לחם און האט מיט זיי אוועקגעמארשירט צו אהוד'ן וואו זיי האבען זיך אלע פעראייניגט.

— דו בועז וועסט נעהמען אן ארמעע און געהן אויף דער שטאדט יריחו. דארטען געפינט זיך א שטארקע ארמעע פון מואב. דו זאלסט זעהן אז קיינער זאל פון דארט קיין לעבעדיגער ניט ארויס און איך וועל געהן אויף מואב.

מיט אויסגעשרייען: "צו גאט איז די הילף", האט אהוד געפיהרט זיין ארמעע נאך מואב. א שרעק איז אנגעפאלען אויף די מחנות פון מואב ווען זיי האבען דערזעהען די גרויסע ארמעע פון אהוד. אין אנפאנג האבען זיי געמאכט א פערזוך זיך געגענצושטעלען, אבער עס האט לאנג ניט געדויערט און זיי האבען גענומען ענטלויפען. אהוד און

זיין ארמעע האבען זיך נאכגעיאגט טיף אין לאנד, דארטען איז ענטשטאנען א פערצווייפעלטער קאמפף. די ארמעען פון די אנדערע שטעדט פון מואב זיינען געקומען צו הילף. אבער אהוד האט זיי צוקלאפט.

אין יריחו איז אויפגעהאלטען געווארען א מעכטיגע ארמעע פון מואב, זינט עגלון האט איינגענומען די שטאדט, מיט אכצעהן יאהר צוריק. דער קעניג פון מואב האט געהאלטען יריחו פאר א וויכטיגען פונקט ווייל פון דארטען האבען זיי שטענדיג געקענט קומען אין פערבינדונג מיט מואב, און ווען עס איז נויטיג געווען צו שיקען אן ארמעע צו בעשטראפען ישראל, האט מען ווי געשיקט דורך יריחו.

די נייעס אז זייער קעניג איז ערמארדעט געווארען פון א ישראל, האט אנגעווארפען א גרויס שרעק אויף די ארמעע פון יריחו. זיי זיינען שוין געווען געגרייט אפצוטרעטען פון יריחו כדי זיך צו פאראייניגען מיט די ארמעען פון זייער לאנד. אבער דא איז אנגעקומען בועז מיט זיין מחנה גבורים. בועז האט גלייך אוועקגעשטעלט בעוואפענטע מענשען זיי זאלען היטען אז די אנטלאפענע שונאים זאלען ניט קענען אריבערגעהן דעם ירדן און ער האט זיך מיט די איבעריגע א ווארף געטהאן אויף די מואבים און נאך א גאנצען טאג פון שלאכט, האט בועז בעזיגט די גאנצע ארמעע פון מואב וואס האט זיך געפונען אין יריחו.

נאכדעם ווי בועז איז פארטיג געווארען מיט די מואבים פון יריחו, איז ער אריבער מיט זיין ארמעע דעם ירדן און זיך געוואלט פעראייניגען מיט אהוד'ן און איהם העלפען. אבער אהוד האט איהם געשיקט אנזאגען אז דאס לאנד מואב איז שוין איי גאנצען איינגענומען געווארען, און ער זאל זיך בעסער אומקעהרען נאך ארץ ישראל און היטען די דרום גרעניצען כדי די עמלקים זאלען אהין ניט קענען אריינדרינגען.

— דו ווייסט דאך אז די עמלקים זיינען פייגלינגע און פערדארבען. ווען זיי וועלען זיך דערוויסען אז מיר האבען קאנצענטרירט אונזער גאנצע ארמעע אויף מואב וועלען זיי דערוויילע בעפאלען, די איינוואהנער פון שבט שמעון און זיי בערויבען.

בועז האט זיך גלייך צוריקגעקעהרט און זיך פערנומען מיט זיין ארמעע צו דרום און ווי גרויס איז זיין ערשטוינונג געווען ווען ער האט זיך בעגעגענט מיט ימואל'ן, וועלכער איז שוין דארטען געשטאנען מיט א געקליבענע ארמעע פון העלדען.

— דו האסט זיך געוויס געוואונדערט! — האט ימואל געדריקט בועז'ס האנט, פארוואס איך בין ניט מיטגעגאנגען מיט אהוד'ן — יע, איך בין געבארען געווארען אין דיזען געגענד, די עמלקים וועלכע געפינען זיך ניט ווייט פון דאנען, האבען מיינע עלטערן ערמארדעט. און כאטש גאט האט געגעבען און איך האב אן די מערדער פון מיינע עלטערען נקמה גענומען. פונדעסטוועגען ווייס איך אז דיזער פלאץ איז נאך אלץ ניט זיכער. די עמלקים נוצען אויס יעדע געלעגענהייט און בעפאלען אונזערע ברידער און ראבירען זייער האב און גוטס און מארדען זיי אויס, און דעריבער האב איך בעשלאסען צונויפצוזאמלען אן ארמעע און קומען אהער זיי צו בעשיצען.

— און אהוד האט שוין אויך וועגען דעם געזארגט און דעריבער האט ער מיך אהער געשיקט.

— זאל ער זיין געבענשט פון גאט!

— האט ימואל אויסגערופען — ער איז דער ריכטיגער פיהרער פאר אונזער פאלק. ער זארגט פאר יעדען און צו זיין גוטהערציגקייט איז קיין גרעניץ ניטא.

— ער האט אונזער פאלק גערעטעט!

—האט בועז אויסגערופען און זיינע אויגען האבען פון גליק געשיינט—גאט האט זיין הילף צו אונז געשיקט דורך דעם בראווען העלדישען אהוד. ער האט אונז בעפרייט פון דעם יאך פון מואב, און לאמיר האפען אז פון יעצט אן און

ווייטער וועט אונזער פאלק ניט וויסען פון ליידען און אונטערדריקונג.

— דו ווייסט ניט אויב די עמונים זיינען געקומען צו הילף די מואבים ?— האט ימואל געפרעגט.

— ווען די עמונים האבען דערהערט אז עגלון דער קעניג פון מואב איז געטויטעט געווארען פון א ישראל האט אויף זיי גענומען ציטערן די הויט. אזוי לאנג ווי מואב איז געווען שטארק, האבען זיי איהם געהאלפען אין די מלחמות מיט ישראל אזוי ווי עמלק האט עס געטאהן. יעצט אבער וועט עמון זיין צופרידען אז מיר וועלען זיי צורוה לאזען.

ווען אהוד איז אנגעקומען אין מדהבה, איז דער ווידערשטאנד אין גאנצען אפגעשוואכט געווארען. די ארמעע פון הויפט שטאדט איז פארניכטעט געווארען... די בעפעלקערונג איז זיך צולאפען.

די ערשטע זאך וואס אהוד האט געטהאן, איז זיך נאכצופרעגען וואו דער געפענגנים געפינט זיך.

ווען מען האט איהם אנגעוויעזען דעם פלאץ, איז ער אהין גלייך אוועק.

— וואו איז דער אויפזעהער פון געפענגנים האט ער געפרעגט. קיינער אבער האט ניט געוואוסט און אהוד האט גענומען אויפברעכען די טיהר.

די געפאנגענע האבען מיט דאנקבארע בליקען געקוקט אויף זייער בעפרייער.

— געפינט זיך צווישען אייך א געפאנגענער מיט'ן נאמען גרא ! — האט אהוד געפרעגט איינעם פון זיי.

— גרא ? ! יע, איך וויים וועמען דו מיינסט. ער איז געווען אן עלטערער מאן מיט א לאנגע גרויע בארד !

— וואו איז ער, זאג מיר שנעלע׳ איז אהוד צו איהם צוגעגאנגען.

— ביז מיט עטליכע טעג האט ער זיך געפונען צווישען אונז. אבער דאן איז געקומען א גזרה פון דעם קעניג אז ער מוז מקריב זיין א קרבן צו די געטער, און ער האט זיך ענטזאגט צו טהאן, האב איך געהערט אז מען האט איהם אוועקגעפיהרט און פארברענט אויף'ן מזבח אלס קרבן.

— מיין אומגליקליכער פאטער ! — האט אהוד זיך פאנאנדערגעוויינט. איך בין געקומען צו שפעט — זיי האבען דיך פארברענט די רשעים. אה, נקמה וועל איך נעהמען אן דיינע פייניגער.

— ווער האט איהם פון דאנען ארויסגעפיהרט ? — האט אהוד איהם ווייטער געפרעגט.

— דער אויפזעהר פון געפענגנים !

— און וואו געפינט ער זיך ?

— זיין הויז איז ניט ווייט פון דאנען.

— אבער ע ר א יז דארטען ניטא !

— ווי עס ווייזט אויס איז ער אנטלאפען פון דאנען ! ווייל עס איז שוין עטליכע טעג אז מיר האבען קיין שפייז ניט באקומען. און ווען דו וואלסט יעצט ניט געקומען און אונז בעפרייט, וואלטען מיר דא פון הונגער געשטארבען.

א טרויעריגער און פול מיט אויפרעגונג איז אהוד פון דארטען ארויס. ער האט זיך מיט זיינע מענשען אוועקגעלאזען אויפצוזוכען די פריעסטער. פריהער איז ער אוועק אין פאלאץ פון קעניג, ע, האט דארט געטראפען איינינע פון עגלון'ס דיענער.

א טויט שרעק איז אויף זיי אנגעפאלען ווען זיי האבען דערזעהן אהוד'ן. זיי זיינען געפאלען צו זיינע פים און געבעטען ער זאל זיי ניט טוידטען.

— געפינען זיך דא די פריעסטער פון אייערע געטער ? — האט זיי אהוד געפרעגט.

— ניין ! זיי זיינען דא געקומען מיט א טאג צוריק און גענומען דעם קעניג'ס קערפער איהם צו בעגראבען. אבער ווען זיי האבען דערהערט אז די ישראלים זיינען שוין נאהענט פון שטאדט, האבען זיי דעם קערפער איבערגעלאזען אין דעם הויף פון פאלאץ און אליין זיינען זיי אנטלאפען.

— מיר וועלען פריהער דורכזוכען דעם פאלאץ און זעהן אויב אימיצער בעהאלט זיך דא ניט ! — האט אהוד

געזאָגט און איז מיט איינינע פון זיינע מענשען אריין אינוויינינ.

זיי האָבען געזוכט יעדען ווינקעל און נאכהער זיינען זיי ארויף אין דעם אָפּקיהלונגס צימער וואו עגלון איז פון אהוד'ן ערמאָרדעט געוואָרען.

— די קעסטלעך מתנות וואָס מיר האָבען געבראכט פאר דעם קעניג זיינען נאָך ניט געריהרט געוואָרען! — האָט אהוד אויסגערופען נאָכדעם ווי ער האָט זיי בעטראכט — ווי עס ווייזט אויס זיינען זיי אין גרוים שרעק. איינינע פון אייך וועלען דאָ בלייבען היטען און איך וועל דערווייל זעהען אויפצוזוכען די פּריסטער.

ער האָט דורכגעזוכט דעם גאנצען פּאַלאַץ און ווען ער האָט דאָרטען די פּריסטער ניט געפונען, האָט אהוד זיך אָפּגערופען צו איינעם פון די דינער:

— קום און דו וועסט מיר צייגען די וואָהנונג פון דעם הויפּט פּריסטער.

אהוד האָט מיטגענומען א טהייל פון זיינע העלדען און איז מיט זיי אוועק צום פּריסטער'ס הויז. דאָרטען האָט איהם אימיצער געזאָגט, אז ער איז ניטאָ.

אהוד האָט אָבער זיך אריינגעבראָכען אין הויז און געטראָפען דאָרט איהם באהאלטענדיג זיך.

— קום ארויס פון דיין בעהעלטעניש! —האָט אהוד צו איהם א געשריי געטאָן — דיין טאָג איז געקומען, איך וועל אָן דיר נקמה נעהמען פאר דעם פערגאָסענעם בלוט פון מיין פאָטער.

דער פּריסטער איז ארויס און איז געפאלען אהוד'ן צו די פיס, אויסרופענדיג:

— איך בעט דיר מיין האר, האָב רחמנות אויף מיר און טוידט מיך ניט.

— האָסטו דען רחמנות געהאט אויף גרא'ן ווען דו האָסט איהם פאר א קרבן פערברענט... ער האָט זיך ביי דיר געבעטען מיט טרעהרען אין די אויגען דו זאָלסט איהם ניט טויטען... אָבער דיינע אויערען זיינען געווען פערשטאָפּט צו זיינע געוויינען און געבעטען, דו האָסט איהם ערמאָרדעט.

— אָבער מיין האר, איך האָב גרא'ן ניט ערמאָרדעט!

— דו ביזט א ליגנער! האָסטו איהם דען פון געפענגניס ניט געבראכט און אויף דעם מזבח ניט געלעגט צו ברייננען א קרבן פאר דיינע אָפּגעטער?

— יע, דאָס האָב איך געטהאָן אויף דעם קעניג'ס בעפעהל! אָבער דיין גאָט האָט איהם אין צייט געראטעוועט. גרא און דעם קעניג'ס טעכטער מיט זייערע מענער זיינען ניט פערברענט געוואָרען. איך שווער ביי די געטער פון מואב, אז איך זאָג ניט קיין ליגען... אָה, איך בעט דיר מיין האר, טו מיר קיין שלעכטעס ניט!

— וואָס רעדסטו וועגען דעם קעניג'ס טעכטער! — האָט אהוד איהם געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— אָה, מיין האר, ווייסטו דען ניט, אז די טעכטער פון קעניג, ערפה און רות האָבען געהייראט מיט צוויי מענער פון ישראל, און זיי האָבען פערלאָזען אונזערע געטער און האָבען אָנגעפאנגען צו דינען צום גאָט פון ישראל. האָט דער קעניג זיי גענומען צווינגען זיי זאָלען ברייננען קרבנות צו די געטער פון מואב, אָבער זיי האָבען ניט געפאָלגט. האָט דער קעניג באפוילען מען זאָל זיי אלעמען פערברענען פאר קרבנות צו אונזערע געטער. און דער ערשטער קרבן זאָל זיין דער ישראל גרא, וועלכער איז געזעסען אין געפענגניס. מען האָט איהם געבראכט און ער איז שוין געלעגען צוגעגרייט אויפ'ן מזבח, אָבער איידער איך האָב בעוויזען אָנצוצינדען די האָלץ פון מזבח, האָט צו אונז דערגרייכט די נייעס, אז דער קעניג איז ערמאָרדעט געוואָרען און מיר זיינען אלע צולאָפען איבערלאָזענדיג די געפאנגענע... יע, מיין האר, איך האָב איהם ניט געטויטעט, ער לעבט.

— מיין פאָטער לעבט! — האָט אהוד אויסגערופען און א שטראהל פרייד האָט זיך איבער זיין פנים צוגאָסען.

— איז גרא דער פאָטער פון מיין

האר? ! — האט זיך דער פריסטער אפגערופען און גענומען ציטערען.

— אויב גרא לעבט, וואו געפינט ער זיך? האט אהוד געפרעגט.

— איך ווייס ניט מיין האר! פון געפענגנים האט מען איהם געבראכט, אבער וואוהין ער איז אוועק, ווייס איך ניט. מעגליך אז דעם קעניגס טעכטער ווייסען וואו ער געפינט זיך.

— צייג מיר די וואהנונג פון דעם קעניג׳ס טעכטער! — האט אהוד געזאגט — און אויב מיין פאטער איז צווישען די לעבעדיגע, וועל איך דיר דיין לעבען שענקען. אבער אויב ניט, שווער איך ביי דעם גאט פון ישראל, אז איך וועל צו דיר טהאן ווי איך האב געטהאן צו דיין קעניג!

דער פריסטער האט געפיהרט אהוד׳ן מיט זייניי מענשען צו דער וואהנונג, וואו רות און ערפה האבען זיך געפונען.

— אין דיזען הויז וואהנען דעם קעניג׳ס טעכטער! — האט דער פריסטער אנגעוויזען.

— איהר היט איהם! — האט אהוד א זאג געטהאן צו זיינע מענשען און איך וועל דא אליין אריינגעהן.

אהוד האט אויפגעעפענט די טיהר און רות איז איהם ענטקעגען געקומען.

— וואהנען דא די טעכטער פון דעם קעניג! — האט אהוד איהר געפרעגט.

—יע, מיין האר. אבער מיר זיינען אין גאנצען אפגעפרעמד געווארען פון איהם. מיר זיינען יעצט פעררעכענט פאר טעכטער פון ישראל.

— בערוהיג זיך, קיין שלעכטעס וועט דיר ניט געטהאן ווערען. איך בין בלויז געקומען פרעגען, אויב דו ווייסט וואו גרא געפינט זיך

— גרא! — האט רות אויסגערופען —ער געפינט זיך מיט אונז. אהה, דער ארימער, אומגליקליכער גרא! ער וועט זיין זעהר גליקליך צוריקצוגעהן נאך ארץ ישראל.

— איז ער קראנק?

— ניין, אבער ער איז אין גרויס טרויער נאך זיין זוהן. די בעאמטע פון מואב האבען איהם ערמארדעט, און זינט ער האט זיך פון דעם דערוואוסט האט ער זיך זעהר געערגערט. ער האט פערלוירען דעם חשק צולעבען. בלויז דער יעצטיגער זיעג פון ישראל איבער מואב האט איהם עטוואס געשטארקט. אין דעם האט ער זיין טרייסט געפונען.

— און וואו איז ער יעצט? — איז אהוד אומגעדולדיג געווארען.

— קום מיט מיר און איך וועל דיר פיהרען אין זיין צימער.

רות האט איהם אריינגעפיהרט אין צימער און אהוד האט אויסגעשריען: ”פאטער! מיין ליעבער פאטער!” און איז איהם אויפ׳ן האלז געפאלען.

— דו ביזט עס מיין זוהן, אהוד! — האט גרא אויסגערופען—דו לעבסט? אה, גאט, ווי גרויס זיינען דיינע וואונדער.

— איך לעב, ליעבער פאטער! — האט אהוד איהם ניט אויפגעהערט צו האלזען און קושען — גאט האט דורך מיר געשיקט די ישועה פאר אלע אונזערע ברידער — מיר האבען בעזיעגט מואב, יעצט וועלען זיי אונטערטעניג זיין צו ישראל.

— און דו, מיין זוהן, האסטו זיך נוקם געווען אן דעם רשע, עגלון, דעם קעניג פון מואב?

— יע, פאטער — גאט האט מיר בעגליקט, איך האב איהם דערשטאכען!

רות איז די גאנצע צייט געשטאנען א פערגאפטע.. פון גרויס ערשטוינונג און אויפרעגונג האט זי זיך ניט געקענט ריהרען פון ארט... זי זעהט אז דער גרויסער אידישער העלד, וועלכער האט גערעטעט זיין פאלק, איז ניט קיין אנדערער ווי אהוד, דער זוהן פון גרא. ווען זי איז צו זיך געקומען, איז זי שנעל אריינגעלאפען אין דעם צווייטען צימער וואו די איבעריגע האבען זיך געפונען, און אויסגערופען מיט גרויס פרייד:

— אהוד, דער זוהן פון גרא לעבט! ער איז דאס דער העלד, וועלכער האט בעזיעגט מואב... יע, ער געפינט זיך

יעצט אין דעם צימער מיט זיין פאטער גרא.

גרא'ס זוהן לעבט! — האט נעמי איבערגעפרעגט.

— יע, מוטער, ער לעבט! ער האט מיט זיין העלדישקייט בעפרייט זיין פאלק פון מואב'ס יאך.

ווען מחלון און כליון האבען דאס דערהערט, זיינען זיי ביידע טויט בלייך געווארען. זייער לשון איז ווי פון זיי אפגענומען געווארען...

— קומט, לאמיר אלע אריינגעהן און בעגריסען אהוד'ן מיט זיין פאטער! — האט רות זיך אפגערופען.

נעמי און ערפה האבען זיך אויפגעשטעלט פון זייערע פלעצער און געווען געגרייט צו געהן מיט רות'ן, אבער מחלון און כליון זיינען געבליבען שטעהן אומבעוועגליך.

— פאר וואס געהט איהר ניט? — האט רות זיי געפרעגט. ווען זי האט פון זיי קיין ענטפער ניט בעקומען, האט זי זיך ווידער צו זיין געווענדעט:

— איהר דארפט זיך ניט שרעקען. איך בין זיכער אז יעצט וועט אייך אהוד געוויס מוחל זיין! גרא וועט שוין זעהען דערצו.

— איך קען ניט! איך קען ניט! — האט מחלון קוים ארויסגערעדט.

— ווי אזוי וועלען מיר קענען ווייזען אונזער פנים פאר אהוד'ן — האט כליון זיך אפגערופען — מיר האבען איהם און זיין פאטער פערראטהען. ניין, מיר קענען פון איהם ניט פערלאנגען ער זאל אונז מוחל זיין.

— מיינע זיהן, דיזער טאג דארף זיין פאר אייך דער גליקליכסטער — האט נעמי זיך צו זיי געווענדעט — ביז יעצט האב איך זיך געשראקען אז אהוד'ס בלוט וועט דורך אייך געפאדערט ווערען. אבער יעצט אז אהוד לעבט און זיין פאטער איז פריי, מעגען מיר אלע זיין פרעהליך און לויבען גאט פאר דעם וואס ער האט זיך דערבארעמט איבער אונזער אומגליקליך פאלק! און דורך דעם העלדישען אהוד'ן אונז בעפרייט פון מואב'ס שווערען יאך. יעצט וועלען מיר זיך אלע אומקעהרען נאך ארץ ישראל און לעבען גליקליך.

— ניין, ליעבע מוטער, מיר האבען קיין רעכט ניט זיך צו טיילען מיט דיעם גליק פון אונזער פאלק. מיר האבען פערראטען אונזערע ברידער און אין דער צייט פון זייער גרויסען נויט האבען מיר זיך אומגעקערט מיט'ן רוקען צו זיי. ווען דער גרויסער הונגער האט אין אונזער לאנד אויסגעבראכען, און מיר זיינען דאן זעהר רייך געווען. מיר האבען געהאט גענוג תבואה צו שפייזען מעהר ווי העלפט פון די איינוואהנער פון בית לחם, און וואס האבען מיר געטאן? מיר האבען די ארימע לייט פערטריבען און אליין האבען מיר צוזאמענגעקליבען אונזער גאנצע רייכטום און אלעמען איבערגעלאזען אין גרויס נויט.

— יע, מוטער, מיר האבען געזינדיגט געגען אלעמען, געגען גאט, געגען אונזער פאלק, געגען אהוד'ן און זיין פאטער און געגען אונזער לאנד! — האט כליון צוגעגעבען — וועלען מיר דען קענען צוריקקומען אין אונזער לאנד? אלע איינוואהנער פון בית לחם וועלען אויף אונז קוקען מיט פעראכטונג. זיי וועלען זאגען: פריהער ווען אלע האבען זיך גענויטיגט אין אונזער הילף, ווען די ארימע יתומים און אלמנות זיינען געקומען בעטען שפייז פון אונז, האבען מיר אונזערע אויערען פערשטאפט. יעצט, ווען ישראל איז אויפגעריכט געווארען, זיי האבען זיך בעפרייט פון מואב'ס יאך, זיי וועלען ניט נאר מעהר קיין שווערע ציינזען ניט דארפען צאהלען, זאנדערן מואב וועט זיי נאך צאהלען ציינזען, וועלען מיר יעצט קומען זיך ווידער בעזעצען אין ארץ ישראל! אה, ניין מוטער, איך וויים אז דו ביזט ניט שולדיג, דו האסט געזוכט מיט אלע מעגליכקייט צו ווירקען אויף אונז ניט צו מסר'ן אויף אהוד'ן און גרא'ן. דו האסט זיך ביי אונז און אונזער פאטער געבעטען מיר זאלען ניט פערלאזען אונזער לאנד אין א צייט פון נויט. דו ביזט געווען די איינציגע

פון אונזער הויז געזינד, וועלכע איז געווען גוטהערציג און גנעדיג צו די ארימע און אונטערדריקטע. דו פלעגסט קיין ארימאן פון אונזער הויז ניט אוועקלאזען אהן שפייז. יע, קיינער פון די איינוואהנער פון בית לחם, טראגט א שנאה אויף דיר, אלע ווייסען אז דו האסט זיי פערלאזען געגען דיין ווילען. אבער מיר! מיר קענען זיך מעהר ניט צוריקקעהרען.

— מיר וועלען שוין מוזען פארבלייבען דא אין דעם פרעמדען לאנד ביז די לעצטע טעג פון אונזער לעבען — האט מחלון טרויעריג געשאקעלט מיט'ן קאפ — אין מיינע אויערען קלינגען נאך די קללות מיט וואס פיעלע פון די איינוואוינער האבען אונז באגלייט, ווען מיר האבען בית לחם פארלאזען.

נעמי האט זיך שטארק פאנאנדערגעוויינט, ווען זי האט געהערט די רייד פון איהרע זיהן.

— מיינע קינדער, איהר זייט שוין גענוג אפגעקומען פאר אייערע זינד. גאט האט אייך שוין מוחל געווען, גרא האט אייך געווים פארגעבען און יעצט בין איך זיכער, אז אויך אהוד וועט אייך מוחל זיין.

—אבער מיר אליין וועלען זיך קיינמאל מוחל זיין פאר דעם גרויסען פארברעכען וואס מיר האבען באגאנגען — האט כליון געזאגט, און אויסער דעם ווייסען מיר, אז אן איינציגער פערזאן קען פיליכט מוחל זיין אבער א פאלק קען ניט מוחל זיין. ווען איינער זינדיגט געגען זיין פאלק, וועט ער דארפען אפקומען פאר זיין זינד ביז דעם לעצטען טאג פון זיין לעבען... יע, מוטער, עס איז פאר אונז ניטא קיין פארגעבונג. וויל מיר האבען אויך געגען אונזער פאלק געזינדיגט.

רות איז שטארק געריהרט געווארען פון די רייד פון מחלון און כליון. דעם טיפען צער און חרטה וואס זיי האט ארומגענומען, האט ביי איהר ארויסגערופען גרויס רחמנות צו זיי. זי האט געוואוסט, אז איהר מאן און איהר שוואגער האבען פארלוירען זייער געזונד פון די ליידען וואס זיי האבען דורכגעמאכט און פון דעם וואס זייער געוויסען האט זיי די גאנצע צייט קיין רוה געגעבען.

— קומט ארויס! — האט רות זיך צו זיי געווענדעט — איך בין זיכער, ווען איהר וועט זעהן די גליקליכע פרעהליכע פנימ'ער פון גרא'ן און אהוד'ן, דאס וועט אייך מאכען פרעהליכער. דאן וועט איהר זיך ארומזעהן, אז דאס איז אזוי באשטימט געווארען פון גאט.

מיט געבויגענע קעפ זיינען די ברידער נאכגעגאנגען זייערע פרויען און זייער מוטער. זיי זיינען געבליבען שטעהן איז אריינגאנג.

רות האט אויפגעעפענט די טיהר און איז צוגעגאנגען צו אהוד'ן.

— דיין פאטער האט זיי שוין לאנג מוחל געווען, וועסטו פיליכט אויך זיי מוחל זיין. זיי האבען שוין גענוג געליטען פאר זייער פארברעכען. די ברידער מחלון און כליון האבען מורא, אז דו וועסט זיי קיינמאל ניט קענען פארגעבען פאר דעם פארברעכען וואס זיי זיינען געגען דיר באגאנגען.

— אה, זאלען זיי אריינקומען! — האט אהוד זיך אפגערופען. — מיין פאטער האט מיר נאר וואס דערצעהלט וויפיעל זיי האבען זיך אנגעליטען. איך וויים, אז זיי האבען חרטה, יע, איך בין זיי מוחל מיט מיין גאנצען הארצען.

די ברידער מחלון און כליון זיינען צוגעגאנגען צו אהוד'ען, זיי האבען זיך פארנייגט און געבליבען שטעהן שווייגענדיג.

— נעהמט זיך ניט צום הארצען! — האט אהוד זיך אפגערופען מיט א גליקליכען שמייכעל אויף זיין פנים, אלעס וואס איהר האט געטהאן איז געווים אזוי געווען פאראויס באשטימט פון גאט, און יעצט אז גאט האט אונז געהאלפען און מיר האבען מואב'ן אונטערטעניג געמאכט, איז דאך געווים קיין אורזאכע ניטא זיך צום הארצען צו נעמען, וואס עס איז פריהער, מיט יאהרען צוריק

פֿאַרגעקומען. געלויבט איז גאָט, מײַן פֿאָטער לעבט און דעם הילף צו אונזער פֿאָלק האָט גאָט צו מיר געשיקט.

— אונזער פֿאַרברעכען נעגען דיר און דײַן פֿאָטער איז זעהר גרויס! — האָט מחלון מיט א שוואכע שטימע געזאָגט — מיר האָבען אייך ביידען פֿאַרשאפֿט יאָהרען פֿון שמערצען און לײַדען, און מיר האָבען געוויס ניט פֿאַרדינט איהר זאָלט אונז מוחל זײַן.

— ווייסט איהר דען ניט די געשיכטע פֿון יוסף׳ן מיט זײַנע ברידער. זיי האָבען דאָך געוויס באַגאַנגען אַן אומרעכט געגען יוסף׳ן און זייער פֿאָטער. זיי האָבען זייער אייגענעם ברודער פֿאַר א שקלאַף פֿאַרקויפֿט און האָט דען יוסף זיי ניט מוחל געווען. עס איז דאָך אזוי געווען דער ווילען פֿון גאָט, און ווער ווייס אויב אונזער יעצטיגען זיעג איבער מואב, איז ארויסגעקומען פֿון דעם, וואָס איהר האָט דאַן דעם קעניג אויף אונז גע׳מסר׳ט, און זיי האָבען מײַן פֿאָטער געפֿאַנגען. יע, דאָס האָט מיר געגעבען כוח און מוטה צו קעמפֿען ביז וואַנען איך האָב באַזיעגט דעם שונא.

זעהר צופֿרידען איז אהוד געווען צו זעהן נעמי׳ן.

— בועז, מײַן פֿריינד האָט מיר פֿילעם דערצעהלט פֿון דײַנע גוטע טהאַטען, ער האָט מיר געזאָגט ווי שטאַרק דו האָסט זיך באַמיהט מיר צו העלפֿען איך זאָל ניט ארײַנפֿאַלען אין די הענט פֿון אונזערע שונאים. און יעצט האָט מיר דײַן פֿאָטער דערצעהלט וועגען דײַנע שניר, וועלכע זײַנען געווען גרייט אויפֿצואָפּפֿערען זייערע לעבענס פֿאַר אונזער גאָט.

— און מײַן לעבען האָב איך איהר צו פֿאַרדאַנקען! — האָט גרא אָנגעצייגט אויף רות׳ן — ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אז מען פֿיינינט מיך און מען וויל מיך צווינגען איך זאָל זיי זאָגען וואו דו געפֿינסט זיך, איז זי געקומען און פֿאַרלאַנגט פֿון אויפֿזעהער ער זאָל עס ניט טהאָן. ווען מען האָט מיך פֿאַר איינינע טעג קיין וואַסער ניט געבראַכט אין געפֿענגניס און איך האָב געמיינט אז איך וועל באַלד שטאַרבען פֿון דורשט, איז זי געקומען און מיר וואַסער געבראַכט... יע, איך האָב ניט געוואוסט מיט וואָס איך וועל אייך קענען באַדאַנקען, און ווען זי האָט פֿאַרלאַנגט, אז איך זאָל מוחל זײַן צו איהר מאַן און צו איהר שוואָגער, האָב איך צוגעשטימט, ווײַל איך האָב געוואוסט, אז אויב גאָט האָט זיי צוגעשיקט אזעלכע טײַערע גוטהערציגע פֿרויען, זײַנען געוויס מעהר ניט פֿאַדאַרבען. אָבער ווען מען האָט מיר געלאָזט וויסען, אז דו ביזט דער׳הרג׳עט געוואָרען, האָט זיך מײַן צאָרן אויף זיי ווידער אָנגעצונדען, און איך בין זיך מודה אז פֿון מײַנע ליפּען האָט זיך א קללה ארויסגעכאַפּט. אָבער יעצט האָף איך, אז מײַן קללה וועט גאָט פֿאַרוואַנדלען אין א ברכה.

— מיר וועלען זיך נאָך היינט אומקעהרען אין אונזער לאַנד! — האָט אהוד געזאָגט צו זײַן פֿאָטער און איך האָף, אז איהר וועט זיך אומקעהרען מיט אונז.

— מיר קענען עס ניט טהאָן אזוי שנעל! — האָט נעמי געזאָגט און געוואָרפֿען איהרע בליקען אויף איהרע זיהן. — מיט גאָטעס הילף וועלען מיר זיך צוריקקעהרען שפּעטער.

אהוד און גרא האָבען זיך מיט אלעמען געזעגענט און נאָכהער איז ער ארויס פֿון זייער הויז און געזעהן ווי זײַנע סאָלדאַטען האַלטען צוגעבונדען דעם הויפּט פֿריסטער פֿון מואב.

— אָט איז מײַן פֿאָטער! — האָט זיך אהוד צו זיי געווענדעט, געלויבט איז גאָט, וואָס איך האָב איהם געפֿונען צווישען די לעבעדיגע, און אָנצייגענדיג מיט זײַן פֿינגער אויף דעם פֿריסטער, וועלכער איז געשטאַנען אײַנגעקאָרטשעט און געציטערט. האָט ער מיט א שמייכעל צו איהם א זאָג געטהאָן.

—ווי עס ווייזט אויס, זײַנען דײַנע געטער דיר צו הילף ניט געקומען... אָבער שרעק זיך ניט, איך וועל דיך ניט טויטען... איך וועל מײַן פֿאַרשפּרעכען צו דיר האַלטען.

— איך דאנק דיר מיין האר! איך דאנק דיר! — האָט זיך דער פּריסטער פאַרנייגט.

— באַפרייט איהם און זאָל ער געהן!
— האָט אהוד באַפוילען זיינע מענשען.

זיי האָבען איהם באַפרייט, און זיין פּנים האָט אויפגעלויכטען פון פרייד.

— אנטלויף צו דיין היים! — האָט אהוד געזאָגט — אָבער זיי וויסען, אז ווען דו וועסט א צווייטען מאָל מאַכען א פאַרזוך מקריב צו זיין א מענשען צו דיינע געטער, וועסטו שוין דאָן ניט גוט אָפּשניידען... איך וועל שוין זעהר, אז דיינע געטער זאָלען אויך פון דיין פלייש הנאה האָבען.

דער פּריסטער האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און גענומען שטעלען פיס...

אהוד און גרא האָבען זיך אריינגעזעצט אין דער קארעטע און דער טרייבער האָט זיי צוגעפיהרט צו דעם קעניג'ס פּאַלאַץ.

פון דאָרטען האָט אהוד זיינע בעאַמטע געהייסען ארויסברייִנגען די קעסטלעך גאָלד און ציערונג וואָס איז געשיקט געוואָרען פון ישראל אלס א מתנה צו עגלון'ען.

ער האָט באַפוילען די דינער אויפצועפענען דעם קעניג'ס שאַץ־קאַמער.

— אייער קעניג האָט גענוג אָנגערויבט אונזער גאָלד. ער האָט פון אונז גענוג צינזען פאַר אכצעהן יאָהר גענומען, יעצט ווילען מיר אלעס צוריקקריגען.

די דינער האָבען מיט שרעק אהוד'ן איבערגעגעבען די שליסלען פון דעם שאַץ־קאַמער.

אהוד האָט אויפגעעפענט די טיהר פון שאַץ קאַמער און מיט פאַקעלען פייער איז ער אהיין אריין מיט זיינע מענשען.

ווי ערשטוינט איז ער געוואָרען ווען ער האָט דאָרט דערזעהן א מאַן שטעהענדיג איינגעקאָרטשעט אין א ווינקעל פון שאַץ־קאַמער.

— ווער ביזטו?! — האָט אהוד אויסגערופען און שנעל ארויסגעצויגען זיין שווערד.

— איך בין ה... א ברודער פון דעם פאַרשטאָרבענעם קעניג עגלון! — האָט ער זיך געטרייסעלט פון שרעק — איך האָב קיינעם קיין שלעכטס ניט געטהאָן. איך בעט דיך, מיין האר, טויט מיך ניט!

— און וואָס טוסטו דאָ? — האָט אהוד איהם ווייטער געפרעגט.

— איך בין דער איינציגער יורש פון קעניג... איך דאַרף באַשטייגען דעם טראָהן נאָך זיין טויט... אָבער איך שווער דיר ביי די געטער, אז איך האָב עס ניט אין זינען. איך בין געגרייט צו זיין דיין קנעכט, ווי אלע איבעריגע פון מואב... און אויב עס איז געגען דעם ווילען פון מיין האר איך זאָל טראָגען די קרוין פון מואב, וועל איך עס אפילו ניט פאַרלאַנגען...

— אויב דו וועסט נאָכקומען אלע מיינע פאָדערונגען, וועט מיר ניט ארען אויב דו וועסט ווערען דער קעניג פון מואב! — האָט אהוד געזאָגט.

— איך נעהם אָן אלע דיינע באַדינגונגען! — האָט ער געענטפערט.

— מיין ערשטע באַדינגונג איז, דו זאָלסט מיר צוריקקעהרען די גאַנצע צינזען וואָס מיין פאָלק האָט דעם קעניג געצאָהלט פאַר אכצעהן יאָהר.

— אָט דאָ געפינען זיך די גאַנצע אוצרות פון דעם קעניגרייך און דו קענסט נעמען וויפיעל דיין הארץ געלוסט.

— מיין צווייטער באַדינג איז, דו זאָלסט צאָהלען ישראל אזוי פיעל צינזען יעהרליך וויפיעל מיר האָבען געצאָהלט עגלונ'ען, און דו דאַרפסט זיך אויך פאַרפליכטען ניט צו פאַרבינדען מיט אונזערע אנדערע שונאים, עמון און מואב.

— איך נעהם אָן אלע באַדינגונגען! — האָט ער אויסגערופען. — אויב אזוי טו קום ארויס פון דאַנען און איך וועל דיר העלפען דו זאָלסט געקרוינט ווערען פאַר קעניג, דאַן וועל איך וויסען, אז

אונזער אַפּמאַך וועט פאַרבלייבען אין קראַפט.

אהוד איז מיט איהם ארויס און ער האט גלייך געשיקט רופען אלע שרים און בעאמטע, וועלכע זיינען פאַרבליבען פון דעם פריהערדיגען קעניג.

— איז ער דער ברודער און איינציגער יורש פון עגלון'ען ? — האט אהוד זיי געפרעגט.

— יע ! — האבען אלע מיט אמאל געענטפערט.

— אויב אזוי וועט ער ווערען אייער קעניג !

א גרויס פרייד האט אלעמען אנגענומען. און מיט אמאל האבען זיי אויסגעשריען :

— זאל לאנג לעבען אונזער נייער קעניג.

— איהר זייט אלע עדות וועגען דעם וואס איך האב מיט אייער נייעם קעניג אַפּגעמאכט — האט אהוד פאר זיי ווידערהאלט די באדינגונגען. — אויב אייער קעניג און איהר אלע וועלען דיזע באדינגונגען נאָכקומען, וועלען מיר אייך קיין שלעכטס ניט טהאן. אבער וועה וועט זיין צו מואב ווען אייער קעניג וועט ברעכען דעם אַפּמאַך.

אהוד האט אנגעשריבען דעם אַפּמאַך און דער נייער קעניג האט ארויפגעלייגט זיין זיגעל, און ער האט געשוואוירען, אז ער וועט אויספאלגען אלעס וואס אהוד האט מיט איהם אַפּגעמאכט.

נאָכדעם ווי ער איז מיט דעם פארטיג געווארען, האט ער באפוילען ארויסצונעמען פון דעם שאַץ־קאמער אלע ציערונג און גאלד וואס עגלון האט באקומען פון ישראל דורך די אכצעהן יאהר פון זיין פארשקלאפונג פון די אידען.

טריאומפירענדיג און מיט געזאנג פון נצחון, האט אהוד מיט זיין ארמעע פאַרלאזען מואב. ער איז געזעסען צוזאמען מיט זיין פאטער אין א קארעטע געשפאנט צו פיער פערד.

— איך בעט דיך מיין זוהן, שיק שלוחים צו רות'ן און איהר משפחה און שלאג זיי פאר זיי זאלען זיך מיט אונז אומקעהרען נאך אונזער לאנד — האט גרא זיך אַפּגערופען צו זיין זוהן.

— גוט, מיין ליעבער פאַטער, איך וועל טאן דיין פארלאנג, איך וועל שיקען צוויי פון מיינע מענשען...

אהוד האט צוגערופען צוויי פון זיינע דינער, וועלכע זיינען מיט איהם געגאנגען דעם ערשטען מאל צו געפינען זיין פאַטער.

— געהט אוועק אין דעם הויז פון רות און זאגט זיי אין דעם נאמען פון מיין פאַטער גרא און אין מיין אייגענעם נאמען, אז איך לאד זיי איין זיי זאלען זיך אנשליסען מיט אונז און מיר וועלען זיך צוזאמען צוריקקעהרען נאך ארץ ישראל, זאג זיי, אז מיר וועלען אויף זיי ווארטען אין מיטען שטאדט.

אין א ווייל שפּעטער האבען זיך די שלוחים אומגעקעהרט און געבראכט אהוד'ן א תשובה :

— מיר זיינען דארט געווען און איבערגעגעבען די רייד פון אונזער האר.

— און וואס האבען זיי דיר געזאגט? — האט אהוד געפרעגט.

— די פרויען זיינען געווען גליקליך דאס צו הערען און זיי זיינען געווען גערייט צו געהן, אבער די צוויי ברידער, מחלון און כליון האבען בשום אופן ניט געוואלט איינשטימען.

— און וואס פאר אן אורזאכע האבען זיי אנגעגעבען ? — האט אהוד געפרעגט.

— מיר האבען געהערט ווי זיי האבען מיט טרעהרען אין די אויגען געזאגט, אז זיי האבען דיזען חסד ניט פארדינט, און אז דאס פאלק וועט זיי קיינמאל ניט מוחל זיין.

— אויב אזוי, וועל איך אליין נאך אמאל אריבערגעהן צו זיי ! — האט אהוד זיך אַפּגערופען.

— אומזיסט וועט זיין דיין מיה ! — ווייל מיר האבען געהערט ווי זיי האבען געשוואוירען, אז זיי וועלען זיך קיינמאל ניט אומקעהרען אין דעם לאנד וואס זיי האבען אין צייט פון גרויס נויט פאַרלאזען.

אהוד האט א ציה געטהאן מיט זיינע אקסלען און זיך אפגערופען:

— עס איז א גרויסער רחמנות אויף נעמי'ן און איהרע שניר, זיי וואלטען זיכער געוואלט מיטגעהן מיט אונז, אבער עס איז פארפאלען. מיר וועלען מוזען געהן אהן זיי. פיליכט וועט גאט געבען, אז זיי וועלען זיך באזינען...

— זיי זיינען ביידע שטארק קראנק!

— האט גרא זיך אפגערופען צו זיין זוהן.

— ווער מיינסטו? — האט אהוד איהם געפרעגט.

— איך מיין ביידע ברידער! — האט גרא געענטפערט — רות האט מיר דערצעהלט אז פון גרויס עגמת נפש און פון די ליידען זיינען זיי ביידע קראנק געווארען און דעריבער ווילען זיי ניט מצער זיין זייערע מענער און זיי גיבען זיי אלעם נאך.

— אבער יעצט אז מיר האבען זיי אלע מוחל געווען, פארוואס זאלען זיי יעצט זארגען! — האט אהוד געקוועטשט מיט די פלייצעם.

— זעהסטו דאך אז זיי האבען מורא אז דאס פאלק וועט זיי קיינמאל ניט פערגעבען. — האט גרא געזאגט — ווענען דעם ריידען זיי די גאנצע צייט. מחלון האט מיר געזאגט אז ווען זיי האבען פערלאזען בית לחם, האבען צו זיינע אויערען דערגרייכט די קללות פון פיעלע פון די פערבייגעהער. אלימלך איז געשטארבען פון עגמת נפש, ער האט זיך ארומגעזעהען וואס ער האט געטאהן צו זיין פאלק און דאס ווייזט אוים, האט איהם פארקירצט זיינע יאהרען.

— עס איז א ביטערער רחמנות אויף נעמי'ן — האט אהוד געזאגט — זי איז געווען זעהר שטארק בעליעבט ביי די איינוואהנער פון בית לחם. ווען זי וואלט זיך בלויז צוריקגעקעהרט.

— אהן איהרע זיהן וועט זי זיך ניט אומקעהרען — האט גרא געזאגט — און וויפיעל זי האט זיך ביי זיי געבעטען ווילען זיי ניט. אפילו זייערע פרויען האבען צוגעשטימט צו פערלאזען זייער לאנד און מיט זיי מיטגעהן נאך ארץ ישראל, אבער אויך דאס האט ניט געהאלפען.

ווען זיי זיינען שוין אריבער דעם ירדן האט זיך אהוד אפגערופען:

— דו ווייסט, פאטער, איך האב דיר זעהר פיעל צו דערצעהלען, וואס איך האב דורכגעמאכט זינט זיי האבען דיך גענומען אין געפאנגשאפט.

— דערצעהל מיר. מיין זוהן, איך וויל וויסען אלע איינצעלהייטען.

— די ערשטע זאך וויל איך דיר זאגען אז איך האב א כלה אין דער שטאדט שילה.

— זיי געבענשט צו גאט, מיין זוהן, — האט גרא געזאגט מיט א פרעהליכען פנים — ווער איז זי?

— זי איז פון דעם שבט שמעון.

— דען ווי קומט זי אין שילה און ווער זיינען איהרע עלטערען?

אהוד האט דערצעהלט זיין פאטער, ווי אזוי ער האט זיך געטראפען מיט נועה'ן, וועלכע איז געווען געפאנגען צוזאמען מיט איהר שוועסטער ביי א משפחה פון די עמלקים, און ווי ער האט זיך נאכהער געטראפען מיט ימואל'ן, איהר ברודער, ווי זיי האבען דורכגעפיהרט זייער נקמה פלאן איבער די עמלקים, וועלכע האבען ערמארדעט נועה'ס און ימואל'ס עלטערען, ווי אזוי ער איז געקומען צו דעם כהן גדול צדוק.

— יע, — האט ער פערענדיגט — מיר האבען שוין לאנג געזאלט חתונה האבען, אבער די בעאמטע פון מואב האבען זיך דערוואוסט וועגען מיר און איך האב געמוזט ענטלויפען פון שילה. יעצט, אז גאט האט מיר געהאלפען און בעגליקט אין מיין וועג, וועט מיין שמחה פערטאפעלט ווערען, ווייל דו, ליעבער פאטער, וועסט זיך בעטייליגען אין מיין חתונה מיט נועה'ן.

— געלויבט און געבענשט זאל זיין אונזער גאט פאר זיין גנאדע וואס ער האט מיט אונז געטאהן — איך האב זיך שוין קיינמאל ניט גערעכט אז מיין לע־

בען וועט עפעס ווערטה זיין. איך האב געבעטען גאט ער זאל מאכען א סוף צו מיינע לײדען, און יעצט זעטיגט אן גאט מיינע עלטערע יאהרען מיט אזוי פיעל נחת. ניט נאר האט ער אונזערע לעבענס געשאנקען, נאר אויך אונזער האפענונג און שטרעבונג איז יעצט פערווירקליכט געווארען. ווען דו ביזט נאך גאר א קינד געווען, און איך פלעג זעהן ווי דו טרעפסט אזוי פינקטליך אין ציעל, ווי די איבעריגע קינדער ציטערען פאר דיינע געזונטע פויסטען, האב איך אין מיין הארצען גאט געבעטען, אז ער זאל דיר בעשענקען מיט א גייסט פון ליעבע און איבערגעבענהייט צו דיין פאלק. איך האב געטרוימט אז ווען דו וועסט אויפוואקסען, וועסטו דיין גאנצען כח און ענערגיע ווידמען דיין פאלק, און ווי גליקליך איך האב זיך געפיהלט, ווען איך פלעג זעהן ווי די יונגע לייט פון יעדער שטאט וואו מיר פלעגען קומען, פלעגען דיר ארומרינגלען און ווי דו האסט זיי אלעמען בעגייסטערט זיי זאלען זיין געגרייט אין קאמף, ווי דו האסט זיי געלערענט צו טרעפען אין ציעל. און דאן די פיעלע יאהרען פון לײדען, פון וואנדערען און וואגלען, ביז וואנען גאט האט געהאלפען און יעצט, מיין זוהן, זעה איך דיר אלס דער העלד פון פאלק. דו וועסט זיין דער פיהרער און שופט פון ישראל, דורך דיר וועלען אלע שבטים פעראייניגט ווערען.

---

## 20טער קאפיטעל

אונגעהויער גרויס איז געווען די פרייד פון ישראל ווען זיי האבען זיך דערוואוסט אז אהוד קעהרט זיך אום מיט זיין זיעגרייכע ארמעע.

טויזענדע מענשען האבען געשטראמט פון שטאדט און דארף ענטקעגען צו זעהן זייער בעליעבטען העלד, אהוד.

די יונגע פרויען, אנגעטהאן אין ווייסע, יום טוב'דיגע קליידער האבען געטראגען קערבלעך בלומען וואס זיי האבען אויסגעשאטען איבער'ן וועג וואו אהוד האט געדארפט דורכגעהן. פיעלע האבען געבראכט צימבאלן און מען האט געזונגען און געטאנצט.

די עלטסטע פון שטאדט בית לחם זיינען ענטקעגען געגאנגען אהוד'ן און איהם גלייך ערקלעהרט אלס זייער פיהרער און שופט.

— מיר זעהען אז גאט איז מיט דיר — האט דער עלטסטער פון זיי זיך אפגערופען — דורך דיר האט אונז גאט בעפרייט פון דעם שווערען יאך פון מואב. ערשט ניט לאנג זיינען מיר געווען פערשקלאפט צו דעם טיראנישען קעניג עגלון, און יעצט האט ער זיין שטראף בעקומען. יעצט איז מואב פערשקלאפט צו אונז. ניט מעהר וועלען אונזערע ארימע ברידער דארפען אפגעבען זייער לעצטען ביסען פון מויל אלס צינזען צו מואב. דעם שונא'ס בעאמטע וועלען זיך שוין מעהר ניט ארומדרעהען אין אונזערע שטעדט און היטען אונזערע טריט.

א שטורמדיגע און הילכיגע אויסגעשריי האט זיך געהערט:

— לאנג לעבען זאל אונזער שופט און פיהרער אהוד!

אהוד האט זיי אלעמען בעדאנקט פאר דעם כבוד וואס מען האט איהם אנגעטאהן. ער האט זיך אנידערגעשטעלט אין זיין רייטוואגען און אויסגערופען:

— אונזער גאט האט אונז די ישועה געשיקט, איהם דארפען מיר לויבען און דאנקען. ער האט אונז פריהער בעשטראפט ווייל מיר זיינען געווען זינדיג. פיעלע פון אונז האבען אנגעפאנגען צו דינען צו די אפגעטער, צום בעל און צו עשתרת. אייניגע פון אונז זיינען געגאנגען נאך ווייטער און האבען גענומען די טעכטער פון די פרעמדע פעלקער פאר זיך אלס פרויען, און זייערע טעכטער האבען זיי געגעבען צו די זיהן פון די געצענדינער, און כאטש מיר האבען נאך אין גאנצען אונזערע זינד ניט אויפגעגעבען, האט אבער אונזער גאט מעהר אונזערע לײדען ניט געקענט צוזעהען. ער האט אונז געהאלפען און האט אונז בעפרייט פון מואב'ס יאך. יעצט דארף

פען מיר זיך אומקעהרען צו גאט מיט'ן גאנצען הארצען, מיר דארפען צושמעטערן אלע אפגעטער וואס עס געפינען זיך נאך צווישען אונז, מיר דארפען אוועקווארפען אלע שלעכטע מנהגים און זיטען וואס פיעלע פון אונז האבען איבערגענומען פון אונזערע פערדארבענע שכנים. אויב מיר וועלען אזוי טהאן קענען מיר בלויז דאן האפען אז גאט, דער גאט פון אונזערע עלטערען וועט זיין חסד פון אונז אויך ווייטער ניט אפציהן, און מיר וועלען זיך לעבען רוהיג אין אונזער לאנד און מעהר ניט דארפען ציטערן פאר אונזערע שונאים, ווייל גאט וועט מיט אונז זיין. ער וועט צו אינז שיקען זיין ברכה פון הימעל און מיר וועלען מעהר ניט וויסען פון הונגער און דורשט. און יעצט, מיינע פריינד, אז דעם דאנק קומט ניט מיר נאר מיין פאטער, וועלכער האט מיר געלערענט יזי ליעב צו האבען מיין פאלק, ווי צו דינען גאט מיט געטרייהייט און איבערגעגעבענהייט. יע, איהר זאלט אלע געהן אין גאט'ס וועגען און גאט וועט אייך העלפען.

— מיר וועלען טאהן אלעס וואס דו וועסט אונז הייסען! — האבען זיך געהערט שטימען פון פאלק.

— די אלע וועלכע האבען געהאט אפגעטער אין זייערע הייזער זאלען עס גלייך צושמעטערען! — האט אהוד ווייטער געזאגט — דאמיט וועט איהר צייגען אונזער גאט אז איהר זייט ערנסט און ער וועט אייער תשובה אננעהמען.

א שליח איז צוגעריטען צו אהוד'ן און איהם איבערגעגעבען אז בועז און ימואל קומען אן פון דרום מיט זייערע ארמעען.

— מיר דארפען אלע שעצען און עהרען א מאן וועלכער וואהנט צווישען אייך, ווייל ער האט א סך געהאלפען אז מיר זאלען האבען א זיעג איבער דעם שונא! — האט אהוד זיך אבגערופען צו די זקנים, וועלכע האבען איהם ארומגערינגעלט. די זקנים האבען זיך דורכגעווארפען מיט בליקען און ניט פערשטאנען וועמען אהוד מיינט.

— יע, מיינע פריינד! — האט אהוד אויסגערופען — באלד קומט אן בועז דער זוהן פון שלמון, ער האט מיר זעהר פיעל געהאלפען און זאל ער דערפאר זיין געבענשט צו גאט.

אלע האבען אומגעדרעהט זייערע קעפ און זיי האבען פון ווייטען דערזעהען אנקומענדיג צוויי יונגע לייט רייטענדיג אויף פערד.

— איינער פון זיי איז בועז! איך דערקען איהם אבער דעם צווייטען קען איך ניט—האט זיך א זקן אפגערופען, —יענער שיינט צו זיין א פרעמדער ניט פון אונזער שבט.

— מיר וועלען שוין באלד וויסען ווער ער איז. אהוד איז ארוים פון זיין רייטוואגען און איז ענטקעגען געגאנגען בועז'ן און ימואל'ן וועלכע זיינען ארונטער פון זייערע פערד.

אהוד איז געפאלען בועז'ן אויפ'ן האלז און געוויינט פון פרייד. ער האט אויך געהאלזט ימואל'ן, און ווען זיי האבען זיך עטוואס בערוהיגט האט אהוד זיי געפרעגט:

— זייט איהר געקומען אין צוזאמענשטויס מיט די עמלקים די אייביגע שונאים פון אונזער פאלק?

— ניין! — האט בועז געענטפערט —איידער מיר זיינען דארט אנגעקומען האבען זיך די עמלקים צולאפען. ווי זיי האבען זיך דערוואוסט פון מואב'ס מפלה, האבען די עמלקים, וועלכע האבען געהאט פערנומען פיעלע דערפער פון דעם שבט שמעון גלייך גענומען לויפען איבערלאזענדיג א סך פון זייער פארמעגען. אה, ווען דו וואלסט וויסען ווי די מענשען פון דעם שבט שמעון בענשען דיר. פיעלע פארשטעהער זיינען געקומען און מיט טרעהרען אין די אויגען זיך צו מיר אפגערופען:

— מיט וואס וועלען מיר קענען אפדאנקען אהוד'ן פאר אלעם וואס ער האט פאר אונז געטאהן.

— און איך האב זעהר א סך זיי אויך

דאנקבאר צו זיין — האט אהוד זיך אפגערופען מיט א שמייכעל און ווענדענדיג זיך צו ימואל׳ן האט ער געזאגט: פון דעם שבט שמעון האב איך דיין שוועסטער געקראגען און אויך דיר אלס מיין פריינד.

— מיין פריינד! — האט ימואל זיך אפגערופען צו אהוד׳ן — מיינע ברידער פון דעם שבט שמעון קענען יעצט פרייער אפאטעמען, אבער פון די פיעלע יאהרען וואס די עמלקים האבען זיך צווישען זיי געפונען, און זיי אזוי אפט בארויבט, זיינען זיי אלע שטארק פערארעמט געווארען.

— איך וועל שוין זעהן זיי צו בעזארגען! — האט אהוד געענטפערט — מיר האבען צוריקגעקראגען פון מואב׳ן די גאנצע צינזען וואס מיר האבען איהם געצאהלט, דעם קעניג, פאר די לעצטע אכטצעהן יאהר, יעצט וועלען די אלע וועלכע זיינען פעראריםט געווארען קריגען א טייל פון די געלט. און איך וועל בעשטימען א געוויסע סומע געלט פאר דעם שבט שמעון און דיך וועל איך מאכען פאר דעם ממונה איבער דעם. דו וועסט צוטיילען צו דיינע ברידער און אויב דיר וועט פעהלען וועסטו קענען קריגען נאך.

ימואל׳ס אויגען האבען אויפגעלויכטען.

— אה, וויפיעל גליק דאס וועט ברייגען צו מיינע ארימע פעראומגליקטע ברידער פון שבט שמעון — האט ימואל אויסגערופען מיט פרייד. — איך וויל אז דו זאלסט מיר דאס געלד באלד געבען, און איך וועל עס גלייך צוטיילען צווישען די אלע נויטבעדערפטיגע, כדי איך זאל קענען בעוויזען זיך צוריקצוקעהרען אין שילה אין צייט.

אהוד האט געהייסען צוברייגען די אוצרות וואס זיינען געפיהרט געווארען אויף פיעלע פוהרען ער האט איבערגעגעבען איינינע פוהרען מיט געלט צו ימואל׳ן, ער זאל עס צוטיילען צווישען די פערארימטע איינוואהנער פון דעם שבט שמעון.

ימואל האט מיטגענומען איינינע בעוואפענטע העלדען, וועלכע זאלען איהם העלפען היטען די אוצרות און ניט פערלירענדיג קיין צייט איז ער אוועק נאך דרום וואו דער שבט שמעון האט זיך געפונען.

---

די זקנים און פארשטעהער פון בית לחם האבען זיך געגרייט צו מאכען א גרויסארטיגען מאלצייט לכבוד זייער העלד, און האבען איהם איינגעלאדען ער זאל מיט זיי פארבלייבען אויף איינינע טעג, כדי זיי זאלען זיך אלע קענען משמח זיין.

— איך דאנק אייך מיינע פריינד — האט זיך אהוד ענטזאגט — איך איול זיך צו געהן אין שילה, דארטען ווארטען אויף מיר מיט גרויס אומגעדולד.

— אבער פערבלייב מיט אונז בלויז איבער נאכט! — האבען איינינע זיך געווענדעט צו איהם.

— איך בעט אייך מיינע פריינד, פערלאנגט עס ניט פון מיר! — האט אהוד געזאגט — ווען איהר וואלט וויסען מיט וואס פאר אן אומגעדולד זי ערווארטעט מיר, און אויך איך האב שוין מעהר קיין געדולד ניט. איך מוז זיך גלייך טיילען מיין פרייד מיט דער וועלכע האט אויך א גרויסען חלק אין מיין יעצטיגען ערפאלג. יע, אין דער צייט ווען איך בין געווען אזוי פערצווייפעלט ווען דער יאוש האט גענומען עגבערן אין מיין הארצען, ווען איך האב געמיינט אז די זון וועט פאר מיר שוין מעהר ניט שיינען, איז געקומען נועה, די שוועסטער פון ימואל׳ן און האט אין מיר א נייעם גייסט אריינגעגעבען. איך האב צוריקגעקראגען מיין מוטה און ענערגיע. איך האב צוריק געוואונען מיין קאמפף־לוסט און גאט האט מיר געהאלפען. ווען ניט נועה וואלט איך שוין לאנג מיין האפנונג פערלארען.

— דו מוזט אונז פערשפרעכען אז דו וועסט קומען צוזאמען מיט דיין כלה נועה, כדי מיר זאלען זיך אויך דא קענען בעטייליגען אין דיין שמחה — האט

איינער פון די עלטסטע זיך אפגערופען צו אהוד'ן.

— דאס פערשפרעך איך צו טאהן!

— האט אהוד געזאגט — אזוי שנעל ווי די זיעבען טעג פון מיין חתונה מיט נועה'ן וועלען פאריבער, וועל איך צוזאמען מיט איהר קומען בעזוכען בית לחם.

— און מיר האפען אז דו וועסט זיך אין בית לחם אויף שטענדיג בעזעצען. דא וועסטו דיין הויז בויען און אהער וועלען אלע פון די אנדערע שבטים קומען דו זאלסט זיי משפט'ן.

אהוד האט זיינע בליקען געווארפען אויף זיין פאטער און נאכהער האט ער מיט א שמייכעל געענטפערט:

— איך דאנק אייך פאר אייער גרויסען כבוד וואס איהר ווילט מיר אנטאהן, אבער איהר דארפט ניט פערגעסען אז מיין פאטער און איך שטאמען פון דעם שבט בנימין און דארטען האף איך זיך צו בעזעצען צוזאמען מיט מיין משפחה.

— און איך וועל מיט דיר מיטרייזען נאך שילה! — האט בועז זיך אפגערופען צו אהוד'ן — איך וועל זיין אנוועזענד אויף דיין חתונה און זיך משמח זיין צוזאמען מיט דיר.

— איך דאנק דיר, מיין פריינד! — האט אהוד געזאגט — דיין אנוועזענהייט וועט אונזער שמחה פערגרעסערען.

— איך וועל בלויז איבערגעבען מיין פאטער אז איך פערלאז בית לחם פאר עטליכע טעג — האט בועז געזאגט און איז צוגעגאנגען צו א גרופע זקנים צווישען וועלכע זיין פאטער שלמון איז געווען.

— מיין זוהן! — האט זיך שלמון אפגערופען צו בועז'ן — דו ביזט דאך שטענדיג געווען א גוטער און איבערגעגעבענער פריינד צו אהוד'ן, דו האסט איהם ארויסגעהאלפען אין זיין נויט און ניט איין מאל האסטו איהם בעשיצט, ווען די שונאים זיינען גאנץ נאהענט געווען. יעצט פערלאנג איך, און די איבעריגע עלטסטע פון בית־לחם אז דו זאלסט איבעררייִדען מיט אהוד'ן און זעהן איהם בעאיינפלוסען ער זאל פערבלייבען וואהנען אין בית לחם נאכדעם ווי ער וועט חתונה האבען. מיר זיינען געווען די ערשטע איהם צו מאכען פאר אונזער פיהרער און שופט, און מיר ווילען האבען דעם כבוד אז דער שופט און העלדישער פיהרער פון אונזער פאלק זאל וואהנען צווישען אונז, אין דעם שבט יהודה.

— דער ערשטער שופט נאך יהושע'ס טויט, איז געווען עתניאל דער זוהן פון קנז, און ער איז אויך געווען אין אונזער שבט — האט א צווייטער זקן זיך אפגערופען.

— עתניאל דער זוהן פון קנז האט דאך געשטאמט פון אונזער שבט, דעריבער האט ער זיין וואהנונג'ס פלאץ געמאכט צווישען אונז. אבער ווי אזוי קענען מיר עס פערלאנגען פון אהוד'ן, וואס וועט דארויף זאגען זיין שבט בנימין.

— ווי קען זיך דער שבט בנימין פערגלייכען צו אונזער שבט! — האט שלמון ווייטער געזאגט — דער שבט יהודה איז א סך גרעסער פאר דעם שבט בנימין. מיר ווילען וויסען ווי אזוי צו עהרען און אפשאצען אזא העלד ווי אהוד וועלכער האט אונז אלעמען בעפרייט פון דעם יאך פון מואב. ווער זיינען דאס די קינדער פון בנימין. זיי ווייסען דאך אז אהוד האט זיך צוריקגעקעהרט א זיעגרייכער, האבען זיי דען ארויסגעשיקט זייערע פארשטעהער און עלטסטע איהם מקבל פנים צו זיין?

— זיי האבען עס ניט געטאהן, פאטער, ווייל זיי ערווארטען אז אהוד וועט אנקומען אין זייערע שטעדט און דאן וועלען זיי איהם אפגעבען דעם געהעריגען כבוד. אבער אהוד וועט זיכער ניט וועלען פערשעהמען זיין שבט און בלייבען צווישען אונז. ווייל דאס וואלט געמיינט א בעליידיגונג פאר זיינע ברידער.

— פונדעסטוועגען פרובּיר מיט איהם ריידען, מיין זוהן, פיליכט וועט ער איינזעהען אז עס איז בעסער פאר איהם צו פערבלייבען אין בית לחם, וואו עס

וועט שטענדיג זיין גרינגער פאר איהם צונויפצוזאמלען אן ארמעע ווען א געפאהר וועט אונז דראהען.

— איך וויים, ליעבער פאטער, אז אומזיסט וועלען זיין מיינע רייד, אבער דאך פארשפרעך איך דיר, אז איך וועל מיט איהם ריידען וועגען דעם, און אויב ער וועט צושטימען וועל איך זיך נאך גליקליכער פיהלען. יעצט בין איך דיר געקומען אנזאגען אז איך געה צוזאמען מיט אהוד'ן נאך שילה איך וויל זיין אנוועזענד אויף זיין חתונה און איך וועל דארטען פערזאמען א קורצע צייט.

— געה מיין זוהן, בשלום! — האט שלמון געזאגט, און זאל גאט געבען איך זאל שוין זוכה זיין זיך צו בעטייליגען אין דיין אייגענע שמחה, ווען דו וועסט הייראטהען.

ווען בועז איז אוועק פון זיין פאטער, האט זיך איינער פון די זקנים אפגערופען צו שלמון:

— איך פארשטעה ניט פארוואס דיין זוהן האט ניט חתונה, ער איז דאך שוין מעהר ניט אזוי יונג. פארוואס ווארט ער?

— ווען גאט וועט איהם צושיקען זיין בעשערטע וועט ער דאן הייראטהען! — האט שלמון גוטמוטהיג א שמייכעל געטאהן. ביז יעצט איז בועז געווען זעהר פארנומען און ער האט קיין צייט ניט געהאט אויסצוקלייבען פאר זיך א כלה וועלכע זאל איהם ווערטה זיין.

— יעצט אז ער געהט אין שילה, וועט ער פיליכט דארטען אויפזוכען א כלה — האט א צווייטער זקן געזאגט — איך האב געהערט אז דער כהן גדול צדוק האט צוויי טעכטער, די עלטערע איז דאך פערהייראט צו ימואל'ן און די איגגערע גלויב איך איז נאך ניט פערהייראט.

— ניין! — האט שלמון געזאגט — ביי קיין שדוך צווישען זיי האלט עס ניט. צדוק וועט ניט דערלאזען אז זיין טאכטער זאל פערלאזען שילה און געהן וואהנען מיט איהר מאן אין אן אנדער שטאדט, און דו ווייסט דאך אז מיין זוהן וועט ניט פערלאזען בית לחם, דעריבער, גלויב איך, אז אויף דעם איז גאר ניטא וואס צו האפען. סיידען... אבער פארוואס זאלען מיר טראכטען פון דעם. בועז וועט אליין אויסקלייבען זיין כלה, וועלכע וועט איהם זיין באשערט.

---

בועז האט געוואלט אז אויך אין שילה זאל אהוד קריגען א גרויסארטיגע אויפנאהמע, ער האט דעריבער, אהן אהוד'ס וויסען אוועקגעשיקט צוויי פון זיינע יונגען, זיי זאלען איבערגעבען צדוק'ן אז אהוד קומט אן, און אז ער איז אויסגעקליבען געווארען אלס פיהרער און שופט פון ישראל.

די נייעס אז אהוד האט בעזיגט מואב האבען זיי שוין געוואוסט פון פריהער און קיין גרעניץ איז ניט געווען צו זייער שמחה. אין צדוק'ס הויז האט מען זיך געגרייט צו פייערען זיין אנקומען מיט פיעל פייערליכקייט. נועה'ס אויגען האבען געלויכטען פון גליק. מיט גרוים אימגעדולד האט זי איהם ערווארטעט, צדוק'ס טעכטער, צפורה, איהר ברודער'ס פרוי און שושנה האבען איהר געהאלפען נעהען איהרע קליידער, אין זיך צוגרייטען צו דער חתונה. זיי האבען אלע געוואוסט אז ווי נאר אהוד וועט זיך צוריקקעהרען וועט מען פייערען די חתונה מיט נועה'ן וואס איז שוין איינינגע מאל אפגעלייגט געווארען.

ווען בועז'ס צוויי יונגען זיינען מיט גרוים אימפעט אריינגעריטען אין שילה און קוים אפכאפענדיג זייער אטעם איבערגעגעבען צדוק'ן אז אהוד קומט אן, און אז ער איז אויסדערוועהלט געווארען צו זיין דער פיהרער און שופט פון אלע שבטים, איז צו אלעמענס פרייד און גליק קיין ענדע ניט געווען.

— איך וועל גלייך פעררופען צו זיך די פארשטעהער פון שטאדט און מיט זיי זיך בעראטהען ווי אזוי אויפצונעהמען אונזער העלדישען פיהרער און שופט. ווען גלויבט איהר וועט ער אנקומען? — האט צדוק זיך געווענדעט צו די יונגען.

— **ער איז שוין אויפ'ן וועג, ער**

קומט אָן אין דער בעגלייטונג פון דער ארמעע. מעגליך אז ער וועט נאך היינט אין אווענט אנקומען! — האט אייז יונג זיך אפגערופען.

— ניין, היינט אין אווענד געווים ניט! — האט דער צווייטער געזאגט — מיר דארפען ניט פארגעסען אז מיט אן ארמעע געהט מען לאנגזאמער, יעדענ־פאלס מארגען אין דער פריה וועלען זיי שוין אלע זיין.

— מיר וועלען דארפען צוגרייטען שפייז פאר זיין ארמעע — האט צפורה זיך אפגערופען.

— דו ביזט גערעכט מיין טאכטער. מען וועט דארפען אנזאגען אלע פרויען פון שילה זיי זאלען צוגרייטען מעהר שפייז, ווייל מיר וועלען זעהן אז אין יעדע הויז זאל זיך געפינען איינער אדער צוויי סאלדאטען.

— אין אונזער הויז וועלען מיר אויך געפינען גענוג פלאץ פאר נאך צוויי מענשען — האט צפורה געזאגט.

— בלויז איינער וועט קענען שלא־פען אין אונזער פאטער'ס צימער — האט צפורה זיך אפגערופען. פערגעס ניט אז מיר האבען בלויז איין איבעריגען צימער, און יען ימואל וועט קומען וועסטו שוין אין מיין צימער ניט קע־נען שלאפען.

— וועל איך געהן צו נועה'ן — האט שושנה געזאגט.

— און אהוד? — האט צפורה גע־זאגט מיט א שמייכעל — זייער חתונה וועט געפייערט ווערען אזוי שנעל ווי ער קומט אָן.

— יע, דו ביזט גערעכט מיין שוועס־טער — האט שושנה געזאגט און איהר פנים איז בעדעקט געווארען מיט רויט־קייט.

— אבער וועגען דעם וועלען מיר ניט דארפען זארגען. איינינע פון אונ־זערע געסט וועלען קענע, איבערנעכטי־גען אין גארטען אין דער בודע. מיר הא־בען גענוג בעטגעוואנט און דעקעס — האט צפורה געזאגט — זאלען זיי שוין נאר קומען.

באלד זיינען אנגעקומען די פארשטע־הער פון שילה און צדוק האט זיי אריינגעפיהרט אין גרויסען פערזאמלונגס צימער.

— מיר דארפען דיר אלע דאנקען פאר דעם גרויסען כבוד וואס אהוד געהט אונז אנטאָן — האט איינער פון די עלטסטע זיך אפגערופען צו צדוק'ן — ווען ניט דו וואלט אהוד אפילו גאר ניט געטראכט אפצושטעלען זיך מיט זיין אר־מעע אין אונזער שטאדט.

— ניט מיר דארפט איהר דאנקען — האט צדוק א שמייכעל געטאהן — אויב איהר ווילט וויסען וועמען דער דאנק קומט, וועל איך אייך ציינען. ער האט אויפגעעפענט די טיהר און אריינגערו־פען נועה'ן.

— איהר דארפען מיר אלע דאנקען — האט צדוק אנגעוויזען אויף נועה'ן וועלכע איז געשטאנען מיט א רויט־גע־ווארענעם פנים און ארונטערגעלאזענע אויגען. — זי איז זיין כלה און אין מיין הויז וועט מען פראווען זייער חתונה.

— זאל דיר גאט בענשען, מיין טאכ־טער — האט זיך א גרייז־גראהער מאן אויפגעהויבען פון זיין פלאץ — אז דו האסט די זכיה צו נעהמען אזא מאן, מסתמא האסטו עס געווים פערדינט. מיר זיינען גליקליך אז דו געפינסט זיך יעצט צווישען אונז און מיר אלע ווינשען דיר גליק.

נועה האט געוואָרפען דאנקבארע בלי־קען צו אלעמען, אבער זי האט קיין ווארט ניט געקענט ארויסריידען פון גרויס גליק. זי האט זיך פערנייגט פאר אלעמען און ארויס פון דעם צימער.

— זי איז א זעלטענע שעהנהייט — האט איינער פון די פארשטעהער צו־געגעבען און זיי וועלען ביידע זיין א גליקליכע פאר, פון וואנען קומט זי?

— מיר דוכט אז איך האב אייך שוין איינמאל דערצעהלט וועגען נועה'ן — האט צדוק געזאגט — זי איז די שוועס־טער פון מיין איידעם ימואל.

— אה, יע, יעצט דערמאן איך זיך.

זי קומט דאך פון דעם שבט שמעון. די עמלקים האבען ערמארדעט איהרע עלטערען און איהר גענומען געפאנגען צוזאמען מיט א קליינע שוועסטער.

— און אהוד האט איהר מיט איהר קליינע שוועסטער ארויסגעראטעוועט פון די הענט פון די עמלקים — האט א צווייטער צוגעגעבען. יע, איך געדענק אז דו האסט אונז אלעם דערצעהלט.

— און וואו איז איהר אינגערע שוועסטער? — האט נאך איינער א פרעג געטאהן.

— זי איז אויך מיט אונז. זי איז נאך א קליין קינד. זי שפיעלט זיך יעצט איז גארטען מיט די קינדער.

— איז זי אויך אזוי שעהן ווי נועה?

— האט נאך איינער א פרעג געטהאן.

— איך וויים פארוואס דו פרעגסט— האט דער ערשטער א שמייכעל געטאן— דו הויבסט שוין אן צו טראכטען פאר א מעגליכען שדוך פאר דיין זוהן.

— דו קענסט לייענען מיינע געדאנקען — האט יענער געלאכט.

— איז דען אן עולה אזוי צו טראכטען?

— געוויס ניט ווער פון אונז וואלט יעצט ניט געוואלט זיך פערבינדען מיט אהוד'ן.

צדוק האט אבער ניט דערלאזען מען זאל אריינגעהן אין א צו לאנגען געשפרעך וועגען דעם.

— מיר האבען זיך יעצט פערזאמעלט צו בעטראכטען ווי אזוי מיר זאלען אויפנעהמען אונזער העלד — האט ער זיך אפגערופען. — ער קומט אן מיט א גרויסע ארמעע און מיר וועלען דארפען אלעמען בעזארגען מיט שפייז און נאכט-לעגער.

— די ערשטע זאך וואס מיר וועלען דארפען טאהן איז שיקען שלוחים זיי זאלען געהן פון הויז צו הויז און אנזאגען אלעמען וועגען אהוד'ס אנקומען און פערלאנגען זיי זאלען זיך אלע גלייך פארזאמלען אויפ'ן מארק פלאץ. דארט וועלען מיר זיי ערקלערען וועגען דעם און מיר וועלען אלע צוזאמען געהן מקבל פנים זיין אהוד'ן מיט זיין ארמעע.

איינינע פון די עלטסטע האבען פארגעשלאגען אז מען זאל דעם טאג ווען אהוד וועט אנקומען, ערקלעהרען אלס יום טוב און יעדער זאל זיין הויז בעציערען ווי ער זוט עם אום יום טוב.

— נאך דעם קבלת פנים וואס מיר וועלען געבען אהוד'ן וועלן מיר זיך אלע פערזאמלען אין משכן און ארום דעם משכן וואו דו וועסט לכבוד אהוד'ן מקריב זיין א קרבן צו גאט און נאכהער וועסטו און די איבעריגע כהנים איהם בענשען.

נאך א קורצע בעראטהונג זיינען זיך אלע צוגאנגען. באלד האט די גאנצע שטאדט שילה זיך דערוואוסט. די מיידלאך פון שטאדט האבען זיך אנגעטאהן אין זייערע ווייסע קליידער. יעדע האט אנגעקליבען א בוקעט מיט ווייסע בלומען, הונדערטע מיידלאך האבען אוועקגעמארשירט צום טויער פון שטאדט מיט בלומען אין זייערע הענט צו בעגעגענען דעם גרויסען העלד, וועלכער האט בעפרייט דאס פאלק ישראל פון זיינע שטארקע שונאים.

אהוד האט זיך צוריק אריינגעזעצט אין זיין רייטוואגען נעבען זיין פאטער און געווארט אויף בועז'ן. ווען בועז איז צוריק געקומען, האט אהוד איהם איינגעלאדען אין זיין רייטוואגען.

— עס וועט זיין אומבעקוועם פאר דיר און דיין פאטער צו פאהרען, אויב איך וועל דארט אויך זיין — האט בועז געזאגט — איך וועל בעסער רייטען אויף מיין פערד, דו ווייסט דאך אז איך בין געוואוינט צו רייטען.

— אויב אזוי קענען מיר אנפאנגען אונזער רייזע — האט אהוד אויסגערופען און א טרייב געטאהן די פערד.

דער רייטוואגען האט זיך גענומען ריהרען פון פלאץ, די לופט איז אנגעפילט געווארען מיט דעם שאלען און הידד געשרייען פון אלע פערזאמעלטע:

— לאנג לעבען זאל אונזער העלדישער פיהרער!

— לאנג לעבען זאל אונזער שופט אהוד!

— געבענשט זאלסטו זיין צו גאט, אונזער גרויסער העלד!

אהוד האט זיך אויפגעשטעלט אין זיין רייטוואגען און האט זיך נאכאמאל פאר אלעמען פארנייגט און באדאנקט פאר דעם גרויסען כבוד, וואס זיי גיבען איהם אפ, און דערנאך האט ער זיך, אין דער באגלייטונג פון דער גאנצער ארמעע, פארנומען אויפ'ן וועג, וואס פיהרט נאך שילה.

ער האט געוואלט, אז די פערד זאלען וואס שנעלער לויפען, אבער הינטער זיך האט ער געהאט זיין ארמעע און ער האט געמוזט זיי נאכהאלטען.

א גליקליכער, מיט א לוסטיגען פרעהליכען פנים האט אהוד געקוקט פאראויס. זעהר לאנג האט זיך דער וועג געצויגען און די צייט — ווי זי וואלט געבליבען שטעהן אויף איין ארט! זיינע געדאנקען אבער זיינען שוין לאנג אין שילה. ער זעהט דעם שעהנעם ליכטיגען פנים פון נועה'ן. ער הערט איהר זיסע אנגענעהמע שטימע. אה, די ארימע נועה! וויפיעל זי האט זיך אנגעליטען דורך דער צייט, זינט ער איז דעם צווייטען מאל געצוואונגען געווען פון שילה צו אנטלויפען. זי האט עס אבער אלעס אזוי בראוו אריבערגעטראגען. יעצט וועט זי איהר באלוינונג קריגען. זי וועט זיך טיילען מיט איהם אלעס. זי וועט האבען גענוג כבוד... ער וועט שוין זעהן, אז זי זאל שוין מעהר קיין עגמת נפש ניט האבען... זיין הארץ געהט אויס נאך איהר. אה, ווי ער וואלט זי שוין געוואלט זעהן! ווי ער וואלט זי אין זיינע ארעמס געהאלטען! יע, מעהר קיינמאל זיך פון איהר ניט אפצושיידען.

אהוד'ס געדאנקען זיינען פלוצלונג אונטערבראכען געווארען, ווען איינער פון זיינע בעאמטע איז שנעל מיט זיין פערד פאראויסגעלאפען און האט א מאך געטהאן מיט זיין האנט אלס צייכען, דאס ער זאל אפהאלטען זיין רייטוואגען. אהוד האט זיך גלייך אפגעשטעלט און דער בעאמטער האט זיך אפגערופען:

— איך האב באמערקט ווי צוויי מענשען גאלאפירען פון די בערג פון יהודה. איינער פון זיי האט געגעבען סיגנאלען פאר אונז זיך אפצושטעלען.

— ווער קען עס זיין? — האט אהוד זיך געוואונדערט און שנעל ארויס פון זיין רייטוואגען.

— אפשר זיינען דאס די ברידער מחלון און כליון? — האט זיך גרא, זיין פאטער צו איהם אפגערופען.

— אויב זיי האבען ניט געוואלט מיטגעהן דאן, ווען איך האב זיי געשיקט, וועלען זיי דאך איצט געווים ניט געהן. און אויסער דעם, זעהסטו דען ניט ווי שנעל זיי לויפען און ווי איך פארשטעה, זיינען די ברידער געווען ניט אינגאנצען געזונט און יענע, וועלכע דערגרייכען אונז באלד, שיינען צו זיין העלדישע יונגען. איך וועל זיי אנקעגען קומען.

אהוד איז ארויס פון זיין רייטוואגען און ער האט זיך פארנומען צו דעם בארג פון וואנען די צוויי מענשען זיינען ארונטערגעקומען. ווי ערשטוינט איז ער געווארען, ווען ער האט דערזעהן ימואל'ן מיט נאך איינעם, וועמען ער האט ניט געקענט.

— ימואל! — האט אהוד אויסגערופען. — וואס האט פאסירט מיט די אוצרות געלט, וואס דו האסט מיטגענומען צו צעטיילען פאר די געליטענע פון שבט שמעון?

— די אוצרות זיינען זיכער. די באוואפענטע העלדען זיינען פארבליבען זיי צו היטען.

— און פארוואס האסטו זיך צוריקגעקעהרט? — האט איהם אהוד אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

ימואל האט אנגעוויזען אויף דעם צווייטען יונגענמאן, וועלכער איז מיט איהם מיטגעריטען.

— ער איז פון שבט שמעון. זיין נאמען איז יוסף. ער קומט איצט אן פון דארטען. ער ברייננגט שרעקליכע נייעס.

— וואס האט פאסירט? שנעלער זאג

מיר! — האָט זיך אהוד אָנגערופֿען צו יוספֿ'ן.

— ווען די עמלקים האָבען דערהערט, אַז אַן ארמעע פֿון ישראל קומט אַן אין זייערע גרעניצען, זיינען זיי זיך צעלאָפֿען און ווען די ארמעע, אונטער בועז און ימואל, איז אהין אָנגעקומען, האָבען זיי קיינע עמלקים דאָרטען ניט געפֿונען. זיי זיינען געשטאַנע עטליכע טעג אין אונזער לאַנד און ווען זיי האָבען געזעהן, אַז די סכנה איז פֿאַראיבער, האָבען זיי פֿארלאָזען אונזער לאַנד. אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָבען די עמלקים בלויז אויף דעם געוואַרט. אין א קורצער צייט נאָך דעם ווי בועז און ימואל זיינען פֿון אונז אוועק מיט זייער ארמעע, זיינען אונז די עמלקים ווידער באַפֿאַלען. זיי האָבען גערויבט און געפּלינדערט אונזער האָב און גוטס. זיי האָבען אייניגע פֿון אונז געשלאָגען און פֿארוואונדעט. מיר איז געלונגען צו אנטלויפֿען און איך האָב באַגעגנט ימואל'ן.

— יע, איך בין געווען ערשטוינט איהם צו זעהן! — האָט זיך ימואל אָנגערופֿען. — ווען איך האָב איהם באַגעגנט אויפֿ'ן וועג נאָך בית לחם, האָב איך איהם געזאָגט, אַז איך רייז אָפּ נאָך דעם שבט שמעון צו צעטיילען דאָס געלט פֿאַר די אָרימע ליידענדע. האָט ער מיר דערצעהלט וועגען דעם איבערפֿאַל פֿון די עמלקים און מיך געוואָרענט אהין ניט צו געהן מיט די אוצרות, ווייל זיי זיינען זעהר פֿיעל און וועלען עס זיכער אוועקרויבען פֿון אונז. איך האָב גלייך געהייסען מיינע באַגלייטער זיך אָפּשטעלען און איבערלאָזענדיג זיי, אַז זיי זאָלען היטען די אוצרות, האָב איך זיך אומגעקעהרט מיט יוספֿ'ן און געלויבט איז גאָט, וואָס מיר האָבען דיך אָנגעיאָגט.

בועז איז אויך צוגעגאַנגען צו זיי און ווען ער האָט געהערט, וואָס עס האָט פּאַסירט, האָט ער זיך אָפּגערופֿען:

— דו, אהוד, זעץ פֿאָר דיין רייזע נאָך שילה. גיב מיר א טויזענט פֿון דיינע בראַווע סאָלדאַטען אין איך און ימואל וועלען זיך אומקעהרען אהין און פֿארטרייבען דעם שונא.

— אָה, ניין, מיין האַר! — האָט יוסף געזאָגט. — די עמלקים זיינען זעהר פֿיעל. זיי האָבען זיך פֿארשפּרייט איבער אַלע אונזערע שטעדט און דערפֿער און מאַכען אַן א חורבן, וואו זיי קומען אַן. בלויז א שטאַרקע ארמעע, אונטער דער פֿיהרערשאַפֿט פֿון אונזער העלד וועט אויף זיי אַנוואַרפֿען א מורא און זיי וועלען אונז צו רוה לאָזען.

— דו ביזט גערעכט, יוסף! — האָט אהוד זיך אָפּגערופֿען. — כל זמן די עמלקים אָדער אנדערע פֿון אונזערע שונאים אונטערדריקען איינעם פֿון אונזערע שבטים, איז מיין אויפֿגאַבע ניט פֿאַרענדיגט. איך קעהר זיך גלייך אום מיט מיין ארמעע.

— איך האָב אָבער געשיקט שלוחים אין שילה און די גאַנצע שטאָדט וועט דיך מאָרגען ערוואַרטען, — האָט בועז געזאָגט. — דו מוזט אהין אָנקומען, זיי וועלען זיין ענטוישט. אויסער דעם וועט נועה...

— אונזערע ברידער געפֿינען זיך אין א סכנה און איך מוז זיי קומען צו הילף ווי אמשנעלסטען. ווען מיר זאָלען פֿארשפּעטיגען, קען אונזער גאַנצער זיעג ווערען צו נישט.

אהוד איז גלייך צוגעגאַנגען צו זיין פֿאָטער און ער האָט זיך אָפּגערופֿען:

— מיר פֿאָהרען צוריק, פֿאָטער! דו וועסט פֿארבלייבען אין בית לחם ביז וואַנען איך און די ארמעע וועלען זיך אומקעהרען. עמלק האָט זיך ווידער גענומען צום שבט שמעון. אין איך מוז זיי קומען העלפֿען.

גלייך האָט אהוד איבערגעגעבען זיין ארמעע, וואָס עס האָט פּאַסירט און ער האָט פֿאַרענדיגט:

— דער שונא פֿון דרום איז אזוי געפֿעהרליך ווי דער שונא פֿון מזרח, וועמען מיר האָבען אינגאַנצען באַזיעגט. און אויב מיר וועלען גלייך אהין ניט אָנקומען, וועט עמלק נאָך זיין מעהר געפֿעהרליך ווי מיאב. קומט מיט מיר און

ווייזט אייער העלדישקייט און לאָמיר טהאָן צו עמלק ווי מיר האָבען געטהאָן צו מואב.

די גאנצע ארמעע האָט נאָכגעפאָלגט זייער באליעבטען פיהרער און זיי האָבען זיך אומגעקעהרט נאָך בית לחם, וואו גרא איז פארבליבען אין שלמונ'ס הויז און אהוד האָט מיט זיין ארמעע פארטגעזעצט נאָך דרום. איהם האָבען אויך באגלייט בועז און ימואל. יוסף איז געווען דער וועג־ווייזער. ער האָט זיי געפיהרט צו דעם פלאץ, וואו די געפאהר איז געווען גרעסער.

— אין דיעזען דאָרף, — האָט יוסף אָנגעוויזען, ווען זיי זיינען שוין געווען ניט ווייט פון דעם לאנד פון שבט שמעון — אין דיעזען דאָרף האָבען די עמלקים אויפגעשטעלט ביידלעך און דאָרטען האָבען זיי געמאכט זייער לאגער. דאָרט האָבען זיי צונויפגעזאמעלט אלעס, וואָס זיי האָבען אָנגערויבט ביי אונזערע ברידער. מיר דארפען זיין זעהר פארזיכטיג. ווען זיי וועלען זיך דערוויסען, אז הילף קומט אָן פון די אנדערע שבטים, וועלען זיי אנטלויפען און אונטערצינדען דאָס דאָרף און אלעס וועט פארברענט ווערען. און מעגליך, אז זיי האָבען מיט זיך געפאנגענע פרויען און קינדער און זיי וועלען זיי איבערלאָזען פארברענט צו ווערען.

— און וואָס איז דיין עצה? — האָט אהוד געפרעגט יוסף'ן.

— מיין עצה איז, אז איהר זאָלט אלע בלייבען שטעהן דאָ און איך אליין וועל ארייגרייטען אין דאָרף. וועלען די עמלקים מיך דערזעהן, וועלען זיי זיך נעהמען נאָכיאָגען נאָך מיר. איך וועל לויפען אין דער ריכטונג, וואו איהר שטעהט און דאן וועט איהר זיי פלוצלונג באפאלען און ארומרינגלען אזוי, אז זיי וועלען ניט באווייזען אפילו אונטערצוצינדען דאָס דאָרף.

— אבער דיין לעבען וועט זיין אין סכנה, טאָמער וועלען די עמלקים דיך כאפען! — האָט אהוד איהם עגזאָגט.

— אויב דורך דעם וועט מיר געלינגען צו ראטעווען די פרויען און קינדער, וועל איך זיין צופרידען איינצושטעלען מיין לעבען! — האָט יוסף געזאָגט.

יוסף האָט שנעל געטריבען זיין פערד און אריינגעריטען אין דאָרף.

די עמלקים זיינען געווען אויסגעשפרייט אויפ'ן גראָז, נעבען זייערע ביידלעך. ער האָט פון ווייטען באמערקט ווי זיי צווינגען די אידישע מיידלעך צו טאנצען פאר זיי און ווען יענע ווילען ניט פאָלגען פאנגען די עמלקים אָן זיי צו שלאָגען. אָט זעהט ער ווי עטליכע עמלקים האָבען צוגעבונדען א שעהן אידיש מיידעל צו א בוים און שלאָגען זי מיט צווייגען. זיין כעס האָט אין איהם אויפגעברויזט. ער האָט שנעל א טרייב געטהאָן זיין פערד און ווען ער האָט זיך דערנעהענטערט, האָט ער אויסגעשריען מיט א הויכער שטימע:

— איהר אומווירדיגע עמלקים! הערט אויף זי צו שלאָגען!

ווי די עמלקים האָבען דערהערט זיין שטימע, האָבען זיי זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און דערזעהענדיג איהם, האָבען זיי זיך א לאָז געטהאָן איהם צו כאפען. יוסף האָט אבער פארקירעוועט זיין פערד און שנעל גענומען לויפען אויף צוריק.

אלע עמלקים, וועלכע זיינען דאָרט געווען, האָבען זיך א לאָז געטהאָן איהם נאָכצויאָגען. יוסף'ס פערד איז געלאָפען מיט אן אונגעהויערער שנעלקייט. די עמלקים זיינען אויך געלאָפען זעהר שנעל און עס האָט זיך געדאכט, אז אָט־אָט דערגרייכען זיי איהם. איין עמלקי איז שוין געווען אזוי נאָהענט, אז נאָך א האָר און ער וואָלט איהם מיט זיין שווערד דערשטאָכען.

פלוצלונג האָט זיך אהוד א לאָז געטהאָן פאראויס און מיט זיין בויגען האָט ער א צילעווע געטהאָן אין יוסף'ס נאָכיאָגער. די פייל האָט איהם גלייך געטראָפען אין הארצען און יענער איז אומגעפאלען טויט.

באלד האָבען די איבעריגע ארומגערינגעלט אלע עמלקים און זיי גענומען געפאנגען.

— אויב איהר ווילט בלייבען לעבען,

וועט איהר מיר מוזען אנצייגען, וואו אייערע ברידער געפינען זיך! — האט אהוד געווארענט די עמלקים.

זיי האבען זיך שטארק דערשראקען און גלייך אנגעצייגט דאס פלאץ, וואו די אנדערע עמלקים האבען זיך אויפגעהאלטען.

א גרויסער קאמף האט זיך צעפלאקערט. די עמלקים האבען ארויסגעוויזען א ווידערשטאנד. באלד אבער זיינען זיי באזיעגט געווארען. פיעלע פון זיי זיינען געטויט געווארען, צווישען זיי אויך דער אנפיהרער פון די עמלקים. די איבעריגע זיינען זיך צעלאפען.

אהוד האט געראטעוועט אלע מיידלעך, פרויען און קינדער וועלכע זיינען געווען געפאנגען ביי די עמלקים.

זעהר דאנקבאר זיינען די איינוואוינער פון שבט שמעון געווען צו אהוד'ן. אלע האבען איהם געבענשט און געלויבט.

— ניט מיר קומט דער דאנק, נאר אייער אייגענעם ברודער יוסף'ן—האט אהוד זיך צו זיי אפגערופען — ער האט זיין לעבען אין געפאהר געשטעלט כדי אייערע לעבענס צו רעטען.

אהוד האט דארטען פארבראכט עטליכע טעג. ער האט געשיקט צונויפרופען די פארשטעהער פון פארשידענע שטעדט און ער האט זיי גענומען זאגען מוסר:

— דער שבט שמעון איז פון שטענדיג אן פארעכענט געווארען פאר א שטארקען שבט און איצט זייט איהר אזוי הילפלאז, אז איהר צייגט ניט ארויס קיין ווידערשטאנד געגען אייערע שונאים, ווי קליין אין צאהל אייערע אנגרייפער זאלען ניט זיין. דאס קומט פון דעם וואס איהר זייט צווישען זיך ניט פאראייניגט. ווי איך זעה געפינען זיך צווישען אייך העלדישע יונגען, און זיי וואלטען געקענט ווערען אייער שוץ. וואס איהר דארפט איצט, איז א פיהרער וועלכער זאל צונויפזאמלען אלע אייערע יונגע לייט און זיי איינאיבען אין קאמף. יע, אזוי לאנג ווי צווישען אייך געפינען זיך אזעלכע בראווע יונגע לייט ווי יוסף! — האט אהוד אנגעצייגט אויף איהם מיט'ן פינגער— דארפט איהר קיין מורא ניט האבען פאר דעם שונא, ווי שטארק ער זאל ניט זיין... איהר דארפט האבען די מעגליכקייט זיך אליין צו פארטיידיגען און ווען די עמלקים מאכען א פארזוך אריינצודרינגען אין אייערע גרעניצען, דארפען זיי מיט שאנדע פון דארט פארטריבען ווערען. איצט איז מיין עצה איהר זאלט אויסקלייבען פון צווישען אייך א בראווען יונגען מאן וועלכער זאל ווערען אייער הויפט, און איהר זאלט אימער האבען געגרייט אן ארמיי און דאן וועט דער פארפלוכטער עמלקי אייך צורוה לאזען.

— מיר ווילען, אז דער בראווער יוסף זאל זיין אונזער הויפט! — האבען זיך געהערט שטימען.

יע, יוסף זאל ווערען אונזער הויפט!
—האבען אלע גענומען אויסשרייען.

— אייער אויסוואל געפעהלט מיר— האט אהוד זיך אפגערופען — יוסף איז ווירקליך בראוו און העלדיש און ער באזיצט נאך א מעלה וואס ער פארלירט ניט זיין קאפ אין צייט פון אן אומגליק. אין דער צייט ווען איהר אלע זיינט געווען צושראקען און צוטומעלט, ווען די עמלקים זיינען אייך פלוצלונג באפאלען, אז איהר האט ניט געוואוסט וואס צו טאן, האט יוסף זיך ניט פארלארען און איז געלאפען בעטען הילף. און געלויבט איז גאט וואס מיר זיינען אין צייט אנגעקומען. ווען מיר וואלטען פארזאמט, וואלט דער אומגליק גרויס געווען... און אום צו פארמיידען אז די עמלקים זאלען ניט אונטערצינדען אייערע הייזער, האט יוסף זיין לעבען געשטעלט אין געפאהר און האט ארויסגענארט די עמלקים אזוי אז זיי האבען ניט באוויזען אנצוטאן קיין שאדען.

א גרויס שאלען האט זיך דערהערט און די פארזאמעלטע האבען מיט באגייסטערונג אויסגערופען:

—זאל לעבען אונזער הויפט, יוסף!

ווען דער עולם האט זיך איינגע־

שטילט, האָט זיך יוסף אָפּגערופֿען:

— איך דאַנק אייך אַלעמען פֿאַר דעם כבוד וואָס איהר ווילט מיר אָנטאָן, אָבער צום באַדויערען מוז איך זיך פֿון דעם אָפּזאָגען. איך בין נאָך צו יונג און אונערפאַהרען צו זיין אַ הויפּט. און אַ חוץ דעם האָט גאָט געבענשט אַלע אונזערע שבטים מיט אַ פֿיהרער און אַ הויפּט. און מיר דאַרפֿען זעהן צו זיין פֿאַראייניגט מיט די איבעריגע. יע, אונזער הויפּט־פֿיהרער און שופֿט איז אהוד וועלכער האָט אונזער פֿאָלק באַפֿרייט פֿון דעם יאָך פֿון מואב און איצט אונזער שבט געראַטעט פֿון די עמלקים. מיר דאַרפֿען זעהן ניט אָפּצושטעהן פֿון די איבעריגע.

— מיין פֿריינד — האָט זיך אהוד צו איהם אָפּגערופֿען — דאָס וועט ניט מיינען, אַז דער שבט שמעון איז אָפּגעזונדערט פֿון איבעריגע מיט אַ באַזונדערען פֿיהרער. שבט שמעון וועט זיין פֿאַראייניגט מיט די איבעריגע, אָבער ער וועט אויך זיין פֿאַראייניגט צווישען זיך און זיין געגרייט אָפּצושטויסען דעם שונא און אָפּהאַלטען זיין אַנגריף ביז וואַנען עס וועט אָנקומען הילף פֿון אַנדער שבטים.

— אָבער איך קען ניט ווערען קיין הויפּט — האָט יוסף זיך פֿאַרלאָרען. איך בין אפֿילו ניט געאיבט אין קאַמף און איך האָב קיין צופֿיעל צוטרויען צו זיך אַליין. ניין, איך דאַנק מיינע ברידער נאָך אַמאָל אָבער איך קען עס ניט אָננעמען.

דער עולם איז געוואָרען ענטוישט און איניגע האָבען פֿאָרגעשלאָגען אַז זייער ברודער ימואל, וואָלט געווען פּאַסענד פֿאַר דיזען אַמט.

— איך קען געווים עס ניט אָננעמען!

— האָט ימואל אויסגערופֿען — מיין וואוינונגס פּלאַץ איז שילה. אייך איז דאָך באַוואוסט אַז איך האָב חתונה געהאַט מיט אַ טאָכטער פֿון דעם כהן־גדול פֿון שילה, און איך וועל מיין פֿרוי אַהער ניט קענען מיטברענגען, ווייל מיין שווער האָט פֿון מיר אַרויסגעקראָגען אַן הבטחה איך זאָל מיט זיין טאָכטער פֿאַרבלייבען וואָהנען אין שילה, און אויסער דעם איז דאָך אייך אַלעמען באַוואוסט די טרויעריגע זכרונות וואָס איך האָב פֿון דאַנען, ווען מיינע ליבע עלטערען זיינען געטויטעט געוואָרען פֿון די עמלקים, און ווען איך וואָלט דאָ פֿאַרבליבען, וואָלט מיין צער קיינמאָל פֿון מיר ניט אַוועק.

— אויב אַזוי — האָט אהוד זיך אָפּגערופֿען — געפֿינט אַן אַנדער מאַן, וועלכער איז בראַוו און העלדיש און וועמען אַלע וועלען עהרען. איך וועל זעהן אַז יעדער שבט פֿון אונזער פֿאָלק ישראל זאָל אויסקלייבען איינעם פֿאַר זייער הויפּט און ער זאָל זיין באַפֿולמעכטיגט צו רעדען אין נאָמען פֿון זיין גאַנצען שבט. איינמאָל אַ יאָהר וועלען זיי זיך אַלע טרעפֿען מיט מיר און מיר וועלען זיך באַראַטען ווי אַזוי צו פֿאַרבעסערען די לאַגע פֿון אונזער פֿאָלק.

אַ גאַנצען טאָג האָבען די מענשען פֿון דעם שבט שמעון געזוכט און געקליבען, ביז וואַנען זיי האָבען זיך אַלע געאייניגט אויף אַ מאַן מיט'ן נאָמען זבד.

אהוד האָט איהם צוגערופֿען און איהם איבערגעגעבען זיין שווערד און האָט צו איהם געזאָגט: דאַמיט וועסטו קעמפֿען געגען די עמלקים.

באַגייסטערטע געשרייען פֿון פֿרייד און שאַלען האָבען ווידער אויסגעבראָכען פֿון צווישען המון.

— דו זיי בראַוו און שרעק זיך ניט פֿאַר דעם שונא. דו זאָלסט צונויפֿזאַמלען אַלע העלדישע יונגעלייט און פֿון זי פֿאַרלאַנגען אַז זיי זאָלען זיך פֿאַרזאַמלען יעדער ראש חודש און דאַן וועט איהר זיך אַלע איבען אין קאַמף. דו זאָלסט זיי געבען סימנים אַז ווען עס וועט נויטיג זיין זיי זאָלען צוזאַמענקומען פֿריהער, זאָלסטו נאָכהער קיין שוועריגקייטען ניט האָבען זיי צו פֿאַרזאַמלען. איינמאָל אַ יאָהר וועסטו שיקען אַ פֿאָרשטעהער אָדער אַליין קומען אין דער שטאָדט וואו איך וועל זיך געפֿינען און מיר אָפּגעבען אַ באַריכט וואָס

עס קומט פאַר אין דיין שבט. איך האָף איצט, אז די עמלקים וועלען אייך צורוה לאָזען פאַר א לאַנגע צייט, אָבער אין פאַל ווען איהר וועט זיך נויטיגען אין הילף זאָלט איהר גלייך שיקען אייער שליח צו מיר.

ווען אהוד איז פאַרטיג געוואָרען, האָט ער זיך גענומען אומקערען מיט זיין אַרמיי.

יוסף איז צוגעגאַנגען צו ימואל'ן און ער האָט זיך אָפּגערופען צו איהם אין דער שטיל.

— איך האָב געהערט ווי דו האָסט פריהער געזאָגט וועגען די אומאַנגענעמע זכרונות וואָס דיר איז פאַרבליבען פון דאַנען... איך מוז דיר זאָגען, אז אויך איך האָב ניט קיין אנגענעמע זכרונות דאָ, מיין מוטער איז געשטאָרבען ווען איך בין נאָך גאָר יונג געווען און מיין פאָטער האָט גענומען א צווייטע פרוי און איך האָב שטענדיג געליטען... איך פיהל זיך עלענד און איינזאַם. פיליכט וועסטו מיר טאָן די געפעליגקייט און רעדען פאַר מיר צו אהוד'ן, ער זאָל מיר אריינעמען אין זיין אַרמיי. איך וואָלט געוואָלט שטענדיג זיין נאָהענט צו איהם. איך וועל איהם זיין געטריי מיט מיין גאַנצען הארצען. גלויבסטו, מיין פריינד, אז אהוד וועט צושטימען דערצו.

— אָט וועל איך מיט איהם רעדען — האָט ימואל געזאָגט — איך ווייס, אז די האָסט געפונען חן אין זיינע אויגען ווען דו האָסט ארויסגעצייגט דיין העלדישקייט, און איך בין זיכער אז ער וועט זיין צופרידען דיך פאַררעכענען פאַר איינעם פון זיינע קעמפער.

ימואל איז צוגעגאַנגען צו אהוד'ן און איהם איבערגעגעבען די רייד פון יוסף'ן.

א שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף אהוד'ס ליפען ווען ער האָט דאָס דערהערט.

— געוויס! — האָט ער געענטפערט — ער איז ווילקאָמען. איך וועל איהם גערן האָבען מיט זיך.

ער האָט איהם גלייך צוגערופען און געזאָגט:

— איך האָף צונויפצושטעלען א גדוד פון העלדען, וועלכע זאָלען זיין גרייט די ערשטע צו באַשיצען אונזער פאָלק אין פאַל ווען דער שונא וועט זוכען מיט אונז זיך אַנצופאַנגען, און איצט וועסטו זיין צווישען זיי.

יוסף האָט זיך פאַרנייגט און איהם באַדאַנקט.

— איצט קענסטו מיט אונז מיטרייזען נאָך שילה — האָט אהוד איהם ווייטער געזאָגט — דאָרטען וועסטו שוין מיט מיר פאַרבלייבען.

— אָבער וואָס וועלען מיר טאָן מיט די אוצרות וואָס עס איז באַשטימט געוואָרען צוצוטיילען צווישען די נויטבאַדערפטיגע פון אונזער שבט? — האָט ימואל געפרעגט.

— וועגען דעם האָב איך גאָר פאַרגעסען — האָט אהוד געזאָגט — דו וועסט זיך מוזען אומקערען אהער מיט די אוצרות. יע, דו און יוסף וועלען עס צוטיילען צווישען פאָלק און נאָכהער וועט איהר ביידע זיך אומקערען אין שילה.

אהוד האָט מיט זיין אַרמיי פאַרלאָזען דאָס לאַנד פון שמעון און זיך פאַרנומען אויפ'ן וועג צו בית לחם זיך צו פאַראייניגען מיט זיין פאָטער און פון דאָרטען גלייך אָפּרייזען נאָך שילה.

## 21טער קאַפּיטעל

די איינוואוינער פון שילה זיינען אויפגעשטאַנען דעם פריהמאָרגען נאָכדעם ווי בועז'עס שלוחים זיינען געקומען אָנזאָגען אז אהוד מיט זיין אַרמיי קומען אָן אין שילה.

אַלע האָבען זיך געגרייט צו דעם קבלת פנים וואָס מען וועט געבען דעם באַליבטען העלד. זיי האָבען זיך אַלע גערעכט אז ער זאָל אָנקומען לעצטען אָוונט, אָבער ווען זיי האָבען געוואַרט ביז שפּעט און אהוד איז ניט אָנגעקומען, האָבען זיי פאַרשטאַנען אז ער האָט ניט באַוויזען צו קומען דעם זעלבען טאָג. זיי זיינען דעריבער אוועק

אהיים, און אויפגעשטאנענע גאנץ פריה אויף מארגען.

פאראויס זיינען געגאנגען אלע פון דער משפחה פון צדוק. נועה האט געטראגען זעהר א שעהנע קלייד און האט אויסגעקוקט וואונדערליך שעהן. איהר פנים האט זיך גערויטעלט און איהרע אויגען האבען געלויכטען פון גליק. יע, דאס איז אין גאנצען איהר שמחה. איהר אהוד, דער בעליעבסטער העלד פון גאנץ ישראל קומט אן. ער איז געווארען דער הויפט פיהרער און שופט פון גאנצען פאלק... זי האט גענוג געליטען אין איהר יוגענד. יעצט בעצאהלט איהר גאט מיט אזוי פיעל גליק און פרייד. גאנץ אפט הויבט א זארג אן איהר צו עגבערען אין מח: פיעללייכט האט זי אזא גרויסען גליק ניט פארדיענט. נאך אלעמען ווער איז זי? פון איינפאכען פאלק. זי איז אזא לאנגע צייט געווען א געפאנגענע שקלאפין ביי די עמלקים. זי האט געטהאן אלע שווערע ארבייט און זיך פאראומרייניגט מיט זייערע מאכלים. אמת, זי האט זיך ניט געקענט העלפען, אבער צו האט זי פארדיענט אז זי זאל געהערען צו אהוד'ן וועלכער געהערט יעצט צום גאנצען פאלק.

גרויס איז איהר אונגעדולד יעווען. זי איז געזעסען אין א קארעטע מיט צדוק'ס צוויי טעכטער, צפורה און שושנה אויסער די טהויערען פון שטאדט, און געקוקט גאנץ ווייט, פיעללייכט וועט זי שוין זעהן איהם אנקומענדיג.

די זון איז שוין געשטאנען אין מיטען הימעל. דאס גאנצע פאלק איז שוין מיעד געווארען ווארטענדיג און דערווייל זעהט זיך ניט קיין שפור. פיעלע זיינען שוין אהיים געגאנגען. די יונגע מיידלעך און פרויען אבער האבען ניט אפגעטראטען פון זייערע פלעצער. זיי זיינען געווען נייגעריג צו זעהן דעם גרויסען העלד. מעהר פון אלעם האט זיך זיי געלוסט צו זעהן די באגעגעניש צווישען אהוד'ן און זיין כלה נועה. זיי האבען פון איהר די אויגען ניט ארונטערגענומען און צווישען זיך גערעדט אין דער שטיל.

— זעהסטו ווי שעהן נועה איז ! — האט איין מיידעל זיך אפגערופען צו א צווייטע. איהר פנים שיינט ווי די זון. אהוד וועט זיין גליקליך צו בעזיצען אזא וואונדער שעהנע פרוי.

— אבער נאך גליקליכער דארף זי זיך שעצען — האט א צווייטע מיידעל געזאגט — צו ווערען די פרוי פון דעם העלדישען אהוד, דעם פיהרער און שופט פון גאנץ ארץ ישראל. איז דאס גרעסטע גליק וואס א מיידעל קען זיך ווינשען.

— בפרט אזא מיידעל ווי נועה — האט זיך נאך איינע ארייגגעמישט.

— וואס מיינסטו מיט דיינע רייד ?

— האט די ערשטע מיידעל איהר א פרעג געטהאן. איז זי דען ניט גענוג שעהן און אנציהענד.

— פארגעס אבער ניט אז צו שעהנקייט דארף א מיידעל אויך האבען יחוס. אבער נועה, קען זי דען אויך מיט איהר יחוס שטאלצירען. קיינער ווייס ניט ווער איהרע עלטערען זיינען געווען. אלעס וואס מיר ווייסען איז אז איהרע עלטערן זיינען געטויטעט געווארען פון די עמלקים און אז זי איז געווען א שקלאפין ביי זיי.

— מען זאגט אז איהר ברודער ימואל דער מאן פון צפורה, צדוק'ס עלטערע טאכטער, איז אויך זעהר בראוו און העלדיש.

— אבער א מיידעל דארף אנצייגען איהר יחוס פון איהרע עלטערען און ניט פון איהר ברודער.

— מעגליך אז זי שטאמט פון א פיינע משפחה.

— אויב איהרע עלטערען וואלטען טאקע געווען גאסטפארכטיגע לייט וואלט זיי גאט אזוי ניט געשטראפט.

— דאס רעדסטו ווי אן אומוויסענדע — האט אן אנדער מיידעל זיך אויף איהר א בייזער געטהאן — ווייסטו דען ניט אז אויך גוטע מענשען ווערען גאנץ אפט באשטראפט. איז דען משה,

דער געטליכער מאַן ניט בעשטראָפט געוואָרען פון גאָט און איז געשטאָרבען איידער ער האָט אריינגעפיהרט זיין פאָלק אין ארץ ישראל!

— אָבער איך זעה ניט מיט וואס זי איז שעהנער פון די מיידלעך פון שילה — האָט נאָך א מיידעל מיט אן אייפערזיכטיגע שטימע אויסגערופען — איך בין זיכער אז אהוד האָט נאָך אין שלה געקענט געפינען א שעהנערע מיידעל.

— און דאס וואס ער האָט זי ליעב איז ביי דיר גאר נישט? ווען א מאַן ליעבט א מיידעל, איז אין זיינע אויגען שוין ניטאָ קיין שעהנערע, בעסערע און קליגערע. ווי איך האָב געהערט האָט זיך אהוד פארליעבט אין איהר ווען ער האָט זי צום ערשטען מאָל באגעגענט ווען זי איז ארוים שעפען וואסער.

— עס איז אזוי ווי מיט אונזער מוטער רבקה. דורכדעם וואס זי איז געגאנגען שעפען וואסער ביים ברונעם האָט זי געקראגען אזא מאַן ווי יצחק'ן.

— און איך זאָג אייך אז ניט צווישען די מיידלאך פון שילה אָבער אפילו צווישען די מיידלאך פון אנדערע שטעדט אין ישראל, וועט מען ניט געפינען אזא שעהנע ווי נועה.

— ווען דו בעטראכטסט די צוויי מיידלעך וועלכע זיצען נעבען נועה'ן וואָלסטו אזוי ניט גערעדט. לויט מיין מיינונג איז שושנה, די אינגערע טאָכטער פון צדוק'ן א סך שעהנער פון נועה'ן.

— וואס רעדסטו! שושנה איז שעהן אויף אן אנדער אופן און נועה האָט א בעזונדערען רייץ און חן.

— אָבער פארוואס פארזאמט זיך אהוד? — האָט איינע געפרעגט.

— מען זאָגט אז ער קומט אָן מיט א גרויסע ארמעע און עס געדויערט לאנג ווען אזוי פיעל מענשען געהן מיט צופוס.

— אָה, ווי נייגעריג איך בין שוין צו זעהן ווי אהוד וועט פאלען נועה'ן אויף'ן האלז און זי קושען... איך וואָלט דאָן געוואָלט שטעהן גאנץ נאָהענט צו זיי און זעהן ווי אזוי עס קומט פאָר. א קליינינגקייט אזא העלד קומט אָן. אלעמענ'ס אויגען זיינען געווענדעט אויף איהם, און ער בעמערקט ניט און זעהט ניט קיינעם אויסער איהר!...

— איך בין זיכער האָט אן אנדער מיידעל אריינגעשושקעט איהר חבר'טע אין אויער — אז שושנה איז נועה'ן שטארק מקנא. ווען ניט זי וואָלט פיעללייכט אהוד איצט געווען איהר חתן.

— און איך גלויב עס ניט! איך קען שושנה'ן זעהר גוט, און איך בין זיכער אז זי פיהלט גליקליך אין נועה'ס גליק...

— ווער קען וויסען וואס ביי איהר אין הארצען טהוט זיך!

אזוי האָבען די מיידלאך צווישען זיך גערעדט און זייערע אויגען פון נועה'ן ניט אראפגענומען.

עס איז שוין געווארען נאָך האלבען טאָג. די זון האָט זיך שוין א רוק געטהאָן צו מערב. דער עולם איז געווארען שיטערער און דערוויילע האָט מען אהוד'ן ניט געזעהן אָנקומענדיג.

— וואָס קען עס בעדייטען וואָס ער פארשפּעטיגט זיך אזוי האָט צדוק געפרעגט די יונגען פון בועז. פיעללייכט האָטער איבערגענעכטיגט אין בית לחם?

— ניין. מיר זיינען אין דעם זיכער אז ער האָט פארלאָזען בית לחם. מיר זיינען אוועק פון דארט ווען זיי זיינען שוין געווען אין מיטען וועג. זיי האָבען שוין געזאָלט אָנקומען נעכטען ביינאכט.

— אָבער דער טאג איז שוין פאריבער און זיי זיינען נאָך ניטא! — האט צדוק זיך אָפּגערופען מיט ענטטוישונג. פיעללייכט האט עפּעס פּאסירט?

— וואָלט ער געשיקט אָנזאָגען! — האט צפּורה זיך אָפּגערופען, ווען צו איהרע אויערען האבען דערגרייכט איהר פּאָטער'ס רייד.

זיי האָבען געווארט ביז שפּעט אין אווענד און נאכהער האבען זיך אלע צוריקגעקעהרט מיט ענטטוישונג צו זייערע היימען. אן אומעט האָט אריינגע־

דרונגען אין די הערצער פון צדוק'ס הויז־געזינד. עפּעס האָט יעדען געדריקט און יעדער האָט מורא געהאַט עפּעס ארויסצורייזען.

די יונגען פון בועז האבען זיך אויך געפונען אין צדוק'ס הויז און זיי זיינען מעהרערע מאָל איבערגעפרעגט געוואָרען, יעדער האָט זיי געשטעלט א בעזונדער פראגע.

— ביזטו זיכער, אז ימאול איז ניט מיטגעגאנגען מיט אהודן ? — האָט צפּורה געפרעגט איינעם פון די יונגען און אן אומרוהיגקייט און זארג האָט זיך געפיהלט אין איהר שטימע.

— מיר זיינען אליין געשטאנען דערביי ווען אהוד האָט איהם איבערגעגעבען פיעלע אוצרות מיט געלט צוצוטהיילען צווישען די נויטבעדערפטיגע פון דעם שבט שמעון.

— איך האב אליין געזעהן ווי ימואל האָט אויסגעקליבען עטליכע העלדען זיי זאלען מיט איהם מיטגעהן.

— פיעלייכט איז פּאַרט געלונגען די איינוואוהנער פון בית לחם איבערצורעדען אהוד'ן ער זאל פערבלייבען דאָרטען א פּאָר טעג !—האָט שושנה זיך צו די יונגען געווענדעט.

— ווען מיר זיינען געשיקט געוואָרען פון בועז'ן זיינען זיי דאָך שוין געוועזען אויסער בית לחם—האָט איינער געענטפערט.

— ניין, עס איז אומעגליך אהוד זאל זיך אומקעהרען !—האָט דער צווייטער צוגעגעבען.

— אָבער פאַרוואס געדויערט זיי אזוי לאַנג, ווי לאַנגזאם זיי זאָלען ניט געהן האָבען זיי דאָך שוין געדאַרפט דערגרייכען שילה—האָט צדוק געזאגט.

נועה איז געווען די איינציגע וועלכע האָט ניט גערעדט און ניט געפרעגט. זי האָט די גאנצע צייט געשוויגען. זי האָט גאָר מורא געהאַט צוצולאָזען צו זיך די טרויעריגע געדאנקען וואָס זיינען איהר געקראָכען אין מח...

זעהר א שלאָפלאָזע יאכט האָט נועה געהאַט : אין איהר פּאָרשטעלונגס קראַפט האָט זי געזעהן פערשיעדענע שרעקליכע בילדער... איהר אהוד איז דאָך יעצט דער גרעסטער מענש אין ישראל. ער איז דער בעליעבסטער העלד פון גאנצען פאָלק, מעגליך... א שיידער געהט דורך איהר לייב ווען זי גיט בלויז א טראַכט פון דעם... זי האָט קוים דערלעבט דעם פריהמאָרגען, ווען אלע זיינען ווידער ארויס געגאנגען צו די טויערען פון שטאָדט. איהר הארץ האָט נאָך שטאַרקער געקלאַפּט... וועט ער אָנקומען... אדער ניט !... אויב ניט, דאַן וועט זי וויסען, אז איהר פּערדאַכט איז בעגרינדעט—אָה, ניין, ווי אזוי קען זי גאָר אזוי טראַכטען פון אהוד'ן... ער וועט איהר ניט פערראַטהען. זי וויים ווי שטאַרק ער האָט זי ליעב געהאַט... אָבער ווער וויים ! אזוי פיעל שעהנע יונגע מיידלעך זיינען איהם ענטקעגען געקומען אין יעדער שטאָדט, וואו ער איז אָנגעקומען... מעגליך, אז ער... מעהר וויל זי דערפון ניט טראַכטען. אָבער ווען דער צווייטער טאָג איז פאַריבער און נועה האָט געזעהן ווי די מענשען צערגעהן זיך ענטטוישטע... זי האָט בעמערקט ווי פיעלע קוקען אויף איהר און שושקען זיך... דאַן האָט א טרויער איהר אָנגענומען... זי האָט געפיהלט ווי א שווערער וואָלקען האָט פערשטעלט איהר זון... צדוק האָט שוין יענעם טאָג אויך קיין סך ניט גערעדט. זיין פּנים איז געווען אָנגעצויגען און בעזאָרגט... אין די אויגען פון צפּורה'ן און שושנה'ן האָט זי בעמערקט א מיטלייד צו איהר... מעגליך, אז זיי האָבען שוין געהערט עפּעס און ווילען איהר ניט אויסזאָגען... אָבער ניין, ווען מען וואָלט געוואוסט וואָלט מען דאָך מעהר ניט ארויסגעקומען איהם אָפּצוואַרטען.

אויף דעם דריטען טאָג האָבען שוין גאַנץ ווינציג מענשען ארויסגעקומען צו די טויערען פון שטאָדט, בלויז צדוק און זיין משפּחה און נאָך געצעהלטע פריינד.

נועה האָט זיך שוין מעהר ניט געקענט בעהערשען און האָט אויסגעבראָכען אין א געוויין. צפּורה און שושנה

האבען אויך געווישט די אויגען.

— ער וועט שוין מעהר אהער ניט קומען !—האט נועה געזאגט מיט א ציטערנדע שטימע, — מעגליך, אז ער האט געפונען וועלכע איז איהם מעהר געפעהלען !

— אה, וואס רעדכטו, נועה !—האט צפורה זיך אויף איהם א בייזער געטהאן—האסטו דען פארלארען דיין צוטרויען צו איהם. דו ביזט געוועזען זיין כלה און ווען מען וואלט איהם דאן ניט גע'מסר'ט, וואלסטו שוין יעצט זיין פרוי געוועזען.

— אבער ווי עס ווייזט אויס איז עס ניט בעשערט. יע, איך בין איהם ניט ווערט. ווער בין איך, אז איך זאל ווערען די פרוי פון דעם פיהרער און שופט פון גאנץ ישראל...

— אבער דו ווייסט דאך נועה, אז אהוד האט דיך ליעב געהאט מעהר פון אלעם אין דער וועלט. און ער וועט דיך ניט אומבייטען אויף א צווייטער !

— ווער ווייס ?—האבען די טרעהרען געשטיקט איהר האלז.

— ער איז געווים געוועזען געצוואונגען זיך אפצושטעלען ערגעץ אנדערש, האב נאר געדולד—האט שושנה איהר געטרייסט.

די איבעריגע טעג איז נועה אפגעלעגען אין בעט... זי האט זיך געפיהלט אפגעשוואכט פון זארג און קלעמעניש. אלע זיינען געווען ארום איהר. מען האט איהר געזוכט צו בערוהיגען, אבער איהר טרויער האט זיך מיט יעדער רגע געשטארקט.

— פארוואס זאלען מיר ניט שיקען שלוחים קיין בית לחם אויסצוגעפינען. זיי וועלען מעגליך וויסען וואוהין אהוד איז געגאנגען ?—האט שושנה, די אינגערע טאכטער פון צדוק'ן זיך אפגערופען צו איהר פאטער.

— דו ביזט גערעכט, מיין טאכטער. איך האב עס שוין לאנג געדארפט טהאן. די שלוחים פון בוען געפינען זיך נאך אלץ מיט אונז... זיי זיינען נאך אלץ זיכער, אז אהוד וועט קומען מיט בוען'ן. יע, איך וועל זיי צוריקשיקען נאך בית לחם און זאלען זיי מיר ברענגען א תשובה פון דארטען.

צדוק האט צוגערופען די צוויי שלוחים און ער האט זיך צו זיי אפגערופען :

— עס איז שוין דער פינפטער טאג זינט מיר האבען ערווארט דעם צוריקקעהר פון אהוד'ן צו אונזער שטאדט. און יעצט זייט איהר נאך אלץ זיכער, אז אהוד איז געגאנגען אהער מיט זיין ארמעע.

— געווים אונזער האר,—האבען ביידע מיט אמאל געענטפערט.

— אבער ווי לאנגזאם מען זאל ניט געהן דארף ניט נעהמען מעהר ווי א טאג. און דא זיינען שוין באלד פינף טעג פאריבער און קיין שפור פון זיי איז נאך ניטא. יע, מיין עצה וואלט געווען איהר זאלט זיך אומקעהרען נאך בית לחם און אויסגעפינען די אורזאכע און זיך גלייך צוריקקעהרען און ברענגען מיר א תשובה, און יעדער פון אייך וועט בעקומען פינף שטיקער זילבער אלס א בעלוינונג. איך וועל אייך מיטגעבען צוויי גוטע אייזלען און איך האף, אז ביז מארגען וועט איהר דא קענען זיין צוריק מיט דעם ענטפער.

— מיר וועלען גלייך געהן !—האבען זיי זיך די יונגען אנגעכאפט.

צדוק האט זיי געגעבען צוויי אייזלען. שושנה האט צוגעגרייט שפייז פאר זיי און אנזאגענדיג זיי, אז זיי זאלען זיך ניט פערזאמען אין וועג, האט צדוק זיי געגעבען זיין ברכה און זיי אועקגעשיקט.

— נאך א טאג און מיר וועלען אלעס וויסען !—האט זיך צדוק אפגערופען צו זיינע טעכטער. און איך האף אז צוליעב נועה'ס וועגען זאל די בשורה זיין א פרעהליכע.

— ימואל וועט שוין אויך דארפען אנקומען אין גיכען ! — האט צפורה געזאגט. ער וועט דארט, צווישען די ברידער פון זיין שבט לאנג ניט פערבלייבען.

— וועגען ?עס איז שווער צו זאגען,

מיין טאַכטער !—האט איהר צדוק גע־ענטפערט. — מעגליך, אז איהם וועט דויערען לענגער. דו האסט דאָך געהערט אז ער וועט דארפען צוטהיילען אזוי פיעל געלט צווישען די נויטבעדערפטי־גע פון זיין שבט און דאס דארף נעהמען צייט... דו האסט אָבער ניט וואס צו זאָרגען.

— איך זארג ניט וועגען זיך. איך בין זיכער, אז מיין ימואל וועט זיך צוריק־קעהרען... אָבער נועה ! קען זי אויך זיין אזוי זיכער.

— ווי ווייט איך קאן אהוד'ן, גלויב איך, אז יע !—האט איהר צדוק געענט־פערט—געוויס האט עפּעס פּאסירט וואס האט איהר פערהאלטען און אין א טאָג אָדער צוויי וועט אלעס קלאָהר ווערען.

עס האט אָבער אזוי לאנג ניט גע־דויערט: קורץ נאכדעם ווי די שלוחים זיינען ארויס פון שילה און זיך פער־נומען אין דער ריכטונג פון בית לחם, האבען זיי בעמערקט א מחנה ארונטער־נידערינג פון דעם בארג.

— זעהסטו דאָרט !—האט איין שליח זיך אָפּגערופען צו זיין פריינד !

— יע, דאָס זיינען זיי ! אהוד קומט אָן !

— ביזטו זיכער !

— קוק זיך צו גוט ! זעהסטו דען ניט דעם רייטוואגען וואו אהוד און זיין פאָ־טער זיצען... און בועז'ן זעה איך אויך!

— לאָמיר זיי ענטקעגען קומען און דערצעהלען ווי אזוי מען האט זיי מיט גרויס אומגעדולד ערווארטעט.

— און איך גלויב, אז עס וואלט גע־ווען א סך בעסער פאר אונז, אז מיר זאלען לויפען שנעל צוריק אין שטאָדט און אָנזאָגען צדוק'ן, אז זיי קומען אָן. דאן וועט ער אונז זיכער אויך געבען די בעלוינונג וואס ער האט אונז פער־שפּראָכען.

— דו ביזט גערעכט ! אָבער מיר דארפען זעהן אויב זיי געהן אויף זיכער נאָך שילה.

— וואוהין דען געהן זיי יעצט. דיזער וועג פיהרט בלויז צו שילה. לאָמיר ניט מבטל זיין אונזער צייט. מעגליך, אז אימיצער פון די פאסטוכער וועט זיי דערזעהן און ער וועט אונז דעם וועג פערלויפען, דאן וועלען מיר פערלירען אונזער בעלויהנונג.

די צוויי יונגען האבען פערקירעוועט זייערע אייזלען נאָך שילה און זיי געטרי־בען זעהר שנעל. זיי האבען זיך פאר קיינעם ניט אָפּגעשטעלט און גלייך אוועקגעריטען צו דעם הויז פון צדוק'ן.

— זיי קומען אָן ! זיי קומען !—האטביידע מיט אמאָל אויסגעשריען, ווי נאָר זיי האבען די טיהר געעפענט

— ווער ? —זיינען אַלע ענטקעגען ארויס.

— אהוד און זיין ארמעע !

— זייט איהר זיכער־"!

— געוויס ! מיר האבען זיי געזעהן ארונטערקומענדיג פון דעם בארג און זיך פערנעהמענדיג אויף דעם וועג צו שילה. מיר האבען קיין צייט ניט גע־וואלט פערלירען און געקומען אהער גלייך אָנזאָגען. זיי וועלען נאָך גאר אין גיכען דאָ זיין !

— אויב אזוי דארף מען שנעל אָנזאָ־גען די איינוואהנער פון שטאָדט !—האט צדוק געזאגט און איז ארויס פון הויז.

צפורה און שושנה זיינען גלייך ארייג־געלאפען אין נועה'ס צימער און איהר ארופגעפאלען אויף איהר האלזען און קושען !...

— ער קומט אָן, דיין אהוד !—האט צפורה אויסגערופען — זיי זיינען שוין ניט ווייט פון שטאָדט.

— ער קומט אָן מיין אהוד !—האט נועה אויסגערופען און איהרע אויגען האבען ווידער גענומען שטראהלען פון פרייד און גליק... — מיין אהוד קומט אָן.

— יע, ער קומט אָן מיט א גרויסער מעכטיגער ארמעע, דיין העלד, און דער העלד פון אונזער פאלק !—האט שושנה איהר געקושט.—שנעלער טהו אָן דיין שעהנע קלייד וואס איז בעשטימט פאר דיין חתונה און קום איהם בעגעגענען.

די צוויי שוועסטער האבן געהאלפן נועה'ן זיך אנטהאן. זי האט זיך גע־פיהלט שטארקער מיט יעדער רגע. איהר בלאסער פנים האט צוריקגעקראגען זיין רויטקייט. און ווען זי איז פארטיג גע־ווארען האבען זיך אלע ארייינגעזעצט אין דער קארעטע און דער טרייבער האט זיי געפיהרט צו דעם טויער פון שטאדט.

— אה, ווי איך ווינש אז אויך מיין ברודער ימואל זאל זיך מיט איהם צו־רייקעהרען! —האט נועה געזאגט.

— און איך האב דעם זעלבען וואונש וועגען מיין מאן ימואל,—האט צפורה געלאכט.

— און איך האב דעמזעלבען וואונש וועגען ביידען—האט שושנה געשמייכעלט.

— אה, מיין ליעבע שוועסטער !— האט צפורה זיך אפגערופען צו שושנה, — עס וועט לאנג ניט דויערן און דו וועסט זיך האבען וועגען וועמען צו זארגען.

שושנה האט פערשעהמטערהייט ארונטערגעלאזען איהרע אויגען.

די איינוואהנער פון שטאדט פערזאמ־לען זיך שוין.—האט צפורה געזאגט אנווייזענדיג אויף דעם המון וואס האט גענומען שטראמען צו די טויערן פון שטאדט.

נועה האט זיך אוועקגעשטעלט אין קארעטע און אנגעשטרענגט איהרע אוי־גען... זי האט פון וויטען דערזעהן אנ־קומענדיג א מחנה. זי האט אבער נאך אלץ ניט גוט געקענט בעמערקען. איהר הארץ איז פול געווארען מיט פרייד. זי האט אליין ניט בעמערקט, אז פון גרוים גליק טאנצט זי אינטער מיט איהרע פיס.

— ער קומט ! ער קומט !—האט זי אויסגעשריען ווען זי האט איהם פון וויטען בעמערקט אין זיין רייטוואגען. זי איז שנעל ארויסגעשפרונגען פון קא־רעטע און דורכשטופענדיג דעם המון איז זי ענטקעגען געלאפען אהוד'ן.

ריהרענד איז געווען די סצענע ווי די צוויי יונגע ליעבענדע הערצער האבען זיך ארומגענומען, אין די אויגען פון די צושויער האט זיך טרעהרען בעוויזען. א היבשע ווייַלע זיינען זיי געווען איינ־געפלאכטען איינע אין דעם צווייטען און קיינער האט פון זיי דיא וויגען ניט ארונטערגענומען און ניט בעמערקט, אז נאך צוויי יונגע הערצער האבען זיך מיט גרויס פרייד פעראייניגט, און דאס זיינען געווען ימואל און צפורה.

באלד האבען זיך דערהערט שאלען און געשרייען פון פרייד. די געשרייען האבען אפגעהילכט איבער דער גאנצער שטאדט.

די מיידלעך, אנגעטהאן אין זייערע ווייסע יום טוב'דיגע קליידער, האבען פערוואָרפען דעם וועג, וואו אהוד און נועה האבען געזאלט דורכגעהן, מיט בלומען... זיי האבען געזונגען ליעדער און בעגריסט דעם העלד מיט גרויס בע־גייסטערונג.

נאכדעם איז צוגעגאנגען צדוק און האט אהוד'ן בעגריסט אין נאמען פון דער שטאדט שילה.

— ווילקאמען אין אונזער שטאדט, געבענטשטער פון גאט !—האט צדוק אויסגערופען, און אלע פארשטעהער האבען געענטפערט :

— זאל גאט'ס נאמען זיין געבענטשט אויף עוויג וואס ער האט דיך אויסדער־וועהלט צו זיין דער פיהרער פון אונזער פאלק און ער האט דורך דיר געהאלפען ישראל.

נאכדעם ווי דער קבלת פנים האט זיך פערענדיגט !—האט אהוד געפרעגט צדוק'ן אויב די ארמעע וועט בעזארגט ווערען אויף עטליכע טעג ביז וואנען מען וועט קענען אויפשטעלען געצעלטען.

— זיי די בראווע יונגען האבען פער־דיענט דעם כבוד מעהר ווי איך—האט אהוד געזאגט—זיי זיינען ניט מיעד גע־ווארען שלאגענדיג דעם שונא אין מואב. און ווען מיר האבען אויפ'ן וועג זיך דערוואוסט, אז א צווייטער שונא איז בעפאלען אונזערע ברידער פון דרום, זיינען זיי ווי בראווע העלדען געקומען צו הילף זייערע ברידער.

אהוד האט דערצעהלט וואס האט פאסירט מיט זיי אזוי שנעל ווי זיי האבען פערלאזען בית לחם. ווי אזוי יוסף דער שמעוני האט זיי אנגעזאגט וועגען דעם און ווען ניט זיין בראווקייט און העלדישקייט וואלט אומזיסט פערגאסען געווארען א סך אידיש בלוט.

ער האט צוגערופען יוסף'ן וועלכער איז געשטאנען מיט בועז'ן און איהם פארגעשטעלט פאר צדוק'ן און זיין משפחה.

— מיט זיין זעלבסט אויפאפפערונג האט ער זיין הארץ גלייך געוואונען! — האט אהוד געזאגט צו צדוק'ן און איך האב בעשלאסען איהם צו מאכען פאר א הויפט איבער אן אפטהיילונג פון אן ארמעע. סיידען איהם וועט זיך פארגלוסטען צו פערבלייבען אין שילה — האט אהוד געזאגט און א בליק געטהאן אויף שושנה'ן.

אלע האבען פערשטאנען אהוד'ס כונה און שושנה'ס פנים איז רויט געווארען.

— לאמיר דען צוזאמען געהן אין הויז! — האט צדוק געזאגט — איהר וועט זיך ארומוואשען און איבערבייטען די בגדים, נאכהער וועלען מיר עפעס צובייסען.

— ניין איך קען ניט געהן, וואו איך זאל פריהער ניט בעזארגען אלע מיינע מענשען! — האט אהוד נעענטפערט.

אבער זיי זיינען שוין בעזארגט! — האט צדוק געענטפערט דאס האבען מיר שוין געטהאן איידער דו ביזט געקומען, יעדער איינוואוינער פון שטאדט וועט נעהמען איינעם אדער צוויי. די פארשטעהער וועלען שוין דערצו זעהן אז קיינער פון דיינע סאלדאטען זאל ניט פערבלייבען אהן א היים.

יוסף האט זיך פערנייגט און געוואלט אוועקגעהן צו די איבעריגע, אבער צדוק האט איהם אנגענומען פאר זיין האנד און זיך אפגערופען:

— ניין, דו וועסט פערבלייבען מיט אונז! דו וועסט מיט אונז עסען און נעכטיגען אין מיין הויז.

— איך דאנק דיר מיין האר! — האט יוסף געזאגט, און ער האט א קוק געטהאן אויף אהוד'ן — אבער...

— יא, דו פערבלייבסט מיט אונז! — האט אהוד צוגעגעבען — און אויך בועז וועט פערברייגען מיט אונז די עטליכע טעג! — האט ער זיך געווענדעט צו בועז'ן.

— איך וויל ניט פאלען צו לאסט— האט בועז געענטפערט,—איך וויל בלויז זיך בעטהייליגען אין דיין שמחה, ווען דו און נועה וועלען חתונה האבען אין דאן וועל איך זיך מוזען אומקעהרען אין בית לחם, ווייל אויף מירווארט דארט זעהר פיעל ארבייט.

— אבער דערווייל וועסטו בלייבען מיט אונז! — האט איהם צדוק געזאגט

— דו ווייסט דאך בועז, אז מיר האבען דיר זעהר פיעל דאנקבאר צו זיין.

— איבערהויפט איך! — האט זיך צפורה אפגערופען רויט ווערענדיג.—דו האסט מיין מאן געטהאן זעהר פיעל חסד און דורך דיר איז ימואל צו אונז געקומען.

— אלעס ליעגט אין די הענד פון גאט! — האט בועז א שמייכעל געטאן—און וואס ס'איז יענעם בעשערט קומט איהם אן. דער מענש איז בלויז א שליח פון גאט. אז עס איז בעשערט געוועז פאר נועה'ן, האט זי בעגעגענט אהוד'ן אונטער אזעלכע אומשטענדען... ווער האט זיך געקענט פארשטעלען אז עס וועט איהר געלינגען זיך צו בעפרייען פון די עמלקים צוזאמען מיט איהר שוועסטער און יעצט וועט זי הייראטען דעם גרעכטען העלד פון ישראל...

— נועה האט פערדיענט צו זיין גליקליך! —האט צפורה געזאגט— זי האט זיך גענוג אנגעליטען אין איהר יונגען לעבען — און יעצט וועט פאר אלעם פערגיטיגט ווערען.

— און אהוד וועט אויך גליקליך זיין — האט בועז בעמערקט — ער האט זי דאך אזוי שטארק ליעב. ער האט פין איהר ניט אויפגעהערט צו ריידען... איך ווייס ווי שווער עס איז פאר איהם

געוועז זיך אומצוקעהרעז אוז קעמפפעז געגעז די עמלקים, איז דער צייט ווען ער איז אזוי אומגעדולדיג געוועז צו זעהן זיין כלה נועה'ן.

— און די אָרימע נועה, ווי זי האָט געליטעז! מיר האָבעז שויז אלע געמיינט אז אהוד וועט שויז מעהר ניט קומעז אהער צו אונז... מיר האָבעז זיך געשראָקעז פאַר'ן געדאנק אָבער יעדער פון אונז האָט געטראַכט פון דעם, אז פילייכט האָט אהוד...

— דאָס איז א סימן אז קיינער פון אייך קען נאָך אהוד'ן ניט אזוי ווי איך! האָט בלעם געשמייכעלט, אָבער געלויבט איז גאָט אז אלעם האָט זיך געענדיגט צום גוטעז.

---

אין צדוק'ס הויז האָט מעז זיך געגרייט צו דער פייערונג פון דער חתונה פון נועה'ן מיט אהוד'ן וואָס איז בעשטימט געוואָרעז אויפ'ן צווייטעז טאָג, נאָך זיין אָנקומעז איז שילה.

— איך וועל שוין מעהר אונזער חתונה אויף לאנג ניט אָפּלייגעז! — האָט אהוד זיך אָפּגערופען צו נועה'ן — יעצט, מיט גאָטעס הילף, וועלען מיר קיינע שטערונגען ניט בעגעגענען...

נועה האָט זיך געטוליעט צו איהם, איז איהרע אויגען האָבען זיך טרעהרען בעוויזען.

— דו ווייסט, מיין ליעבע נועה! — האָט אהוד צו איהר געזאָגט מיט פערוואונדערונג, — ביזטו דען ניט גליקליך?

— דאָס זענען טרעהרען פון גליק! — האָט זי איהם געקושט — און ערשט נעכטען בין איך געוועז די אומגליקליכסטע אין דער וועלט.

— און דו האָסט אזוי געקענט טראַכטעז פון מיר?! — האָט אהוד זי ארומגענומען...

— איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טראַכטען... איך האָב געמיינט אז איך בין ניט ווערטה אזא גליק... און אז עס איז בלויז א חלום געוועז און עס איז פערשוואונדען...

אויף מאָרגען גאַנץ פריה איז שוין אלעס געוועז פאַרטיג, לאַנגע טישען און בענק זיינען אויפגעשטעלט געוואָרען אין צדוק'ס גאָרטען. די קנעכט און דינסטען האָבען געגרייט צו די טישען, צפורה און שושנה האָבען אליין געבאַקען חלות און זיסע געבעקס.

אלע חשוב'ע לייט פון שילה זיינען איינגעלאַדען געוואָרען צו דער פייערונג פון אהוד'ס חתונה מיט נועה'ן.

מיט גרויס פייערליכקייט איז נועה געפיהרט געוואָרען צו דער חופה און צדוק איז אליין געוועז דער מסדר קדושין. אהוד האָט מקדש געוועז נועה'ן און ערשט דאַן האָט זיך די שמחה אָנגעהויבען. עס איז געוועז א שמחה וואָס האָט געקוועלט טיעף אין יעדענס הארץ. יעדער האָט געפיהלט אז א גליקליכע צייט קומט אָן אויף אלעמען. ניט מעהר וועלען זיי זיין פערשקלאַפּט צו מואב'ן. ניט מעהר וועלען זיי דאַרפען מורא האָבען פאַר עמלק'ן. זייערע רייכטימער וועלען פערבלייבען ביי זיי, קיינער וועט מעהר ניט ארויפלייגען קיין שווערע צינזען אויף זיי, און מעהר וועלען זיך אין ארץ ישראל ניט געפינען בעאַמטע פון מואב וועלכע האָבען פעראומערט דאָס לעבען פון די איינוואָהנער, וועלכע האָבען געמוזט זיין פאַרזיכטיג אויף יעדען טריט ניט ארייננצופאַלען אין זייערע הענד, אלע איינוואָהנער פון שילה פון גרויס ביז קליין האָבען זיך געפרעהט מיט אהוד'ן, זייער בעליעבטער העלד.

זיי זיינען אלע צוגעקומען צו א פלאַץ וואו א גרויסער בוים מיט געדיכטע צווייגען איז געשטאַנען און זיך דאָרטען צוגעזעצט זיך אָפּצוקיהלען אין זיין שאָטען.

א ווײַלע זיינען זיי געזעסען צוזאַמען און געשוויגען.

— דו ווייסט, אז פון דיזען פלאַץ האָט אהוד איינמאָל געטויטעט זיינעם א שונא וועלכער האָט זיך נאָך איהם נאָכגעיאָגט? — האָט צפורה אונטערבראָכען די שטילקייט — דאָס איז גע־

ווען דאן ווען לוי האט אויף איהם גע־מסר'ט.

— יע, איך גערענק! — האט שושנה א לייכטען ציטער געטאן — איך האב די ערשטע באמערקט ווי די באאמטע פון מואב קומען אן און גלאפען אנ־זאגען נועה'ן, און אהוד האט באלד גע־נומען לויפען דורכ'ן גארטען.

— ווער איז עס אט דער לוי וועל־כער האט איהם גע'מסר'ט? — האט יוסף געפרעגט.

—ער איז אן איינוואהנער פון שילה — האט שושנה געענטפערט — ער איז געווען זעהר א פארדארבענער מאן, און מיר האבען עס אויסגעפונען צו שפעט ער פלעגט צו אונז גאנץ אפט אריינקומען אין הויז און אין משכן פלעגט ער קומען העלפען מקריב זיין די קרבנות.

— אבער וואס האט ער געהאט צו אהוד'ן, אז ער זאל אויף איהם מסר'ן? — האט יוסף געפרעגט — האט איהם דען אהוד שלעכטעס געטאן?

— פארוואס זאל אהוד איהם שלעכ־טעס טאן, אז ער האט איהם כמעט ניט געקענט? פארקעהרט, אהוד האט צו איהם געקראגען צוטרויען... צום אנ־פאנג האט ער זיך ארויסגעצייגט אלס זיינער א גוטער פריינד, און אהוד האט גארניט חושד געווען אז ער טראגט זיך ארום מיט בייזע מחשבות וועגען איהם.

— אבער וואס זאל זיין די אורזאכע וואס ער האט איהם געוואלט שלעכטעס טאן?

— ווי עס האט זיך שפעטער ארויס־געוויזען האט ער געארבייט האנט אין האנט מיט איינעם פון די רייכע יונגע לייט פון שילה, וועלכער האט געוואר־פען אן אויג אויף נועה'ן און זי גע־וואלט נעמען פאר זיין פרוי. ווי עס ווייזט אויס האט ער פארשפראכען לוי'ן צו געבען געלד, ער זאל איהם ארויס־העלפען צו קריגען נועה'ן און לוי האט געטראכט אז ווען אהוד וועט זיין גע־צוואונגען צו אנטלויפען פון שילה וועט ער קענען אפווענדען נועה'ס הארץ פון אהוד'ן און זי וועט צושטימען צו ווע־רען די פרוי פון זיין רייכען פריינט. אבער דאס האט זיך איהם ניט איינגע־געבען. מען האט אויסגעפונען און ער איז פארשפארט געווארען אין תפיסה.

— ער האט זיין שטראף פארדינט!

— האט יוסף אויסגערופען — ווי אזוי איינער פון אונזער פאלק זאל פאר־מסר'ן זיינעם אן אייגענעם ברודער, איז מיר שווער צו פארשטעהן... איך קען זיך גארניט פארשטעלען אז צווי־שען אונז זאלען זיך געפינען אזעלכע געמיינע מענשען.

— וואס דארפסטו מעהר — האט ימואל זיך אפגערופען — ווייסטו דען ניט אז מחלה און כליון, די זיהן פון אלימלך, וועלכער איז אמאל געווען דער רייכסטער מאן פון בית לחם, זיי־נען געווען די ערשטע צו פאר'מסר'ן אהוד'ן און זיין פאטער גרא'ן פאר די באאמטע אז זיי זוכען אויפצוהעצען דעם פאלק צו אן אויפשטאנד און אזוי איז דאך גרא אריינגעפאלען אין די הענט פון די שונאים און האט אזוי פיל יאהרען געליטען, און אהוד האט גע־מוזט זיך אויסבאהאלטען און ארומ־וואנדערען פון שטאדט צו שטאדט.

—אה, דער ארימער ג'א! —האט שושנה געזאגט — די וועלכע האבען איהם געזעהן פריהער ווייסען ווי שטארק ער האט זיך געענדערט. ער קוקט איצט אויס ווי ער וואלט געווען צוויי מאל זיין עלטער.

— און וואס איז געווארען מיט די זיהן פון אלימלך? — האט יוסף גע־פרעגט.

— ווי דיר איז געווים באוואוסט, האט די גאנצע משפחה פון אלימלך'ן, אין צייט פון גרויסען הונגער, אויסגע־וואנדערט נאך מואב. אבער ווי עס ווייזט אויס האבען זיי דארטען זייער שטראף באקומען. זייער פאטער איז גע־שטארבען, און כאטש די צוויי ברידער האבען געהייראט מיט די צוויי טעכ־

מער פון קעניג, איז זיי ניט געווען וואס מקנא צו זיין. ווי גרא דערציילט זיינען זייערע פרויען זעלטענע שעהנהייטען און זעהר גוט. זיי האבען זיך ביידע מגייר געווען, אבער זיי האבען אלע געליטען פון דעם שלעכטען קעניג עגלון. און ווען אהוד וואלט אין צייט ניט געקומען און געטויטעט דעם קעניג וואלט ער זיין פאטער פארלארען. די פריסטער האבען איהם שוין געהאלטען אויפ׳ן מזבח גרייט מקריב צו זיין פאר זייערע אפגעטער. זיי האבען בלויז געווארט אויף דעם קעניג און דאן וואלט מען אויך פארברענט מחלון און כליון׳ען און דעם קעניג׳ס טעכטער, ווייל זיי האבען זיך אלע אנטזאגט צו דינען צו די אפגעטער פון מואב...

—עס איז מערקווירדיג — האט יוסף געשאקעלט מיט׳ן קאפ — אז אהוד איז געווען דער יעניגער וועלכער האט זיינע שונאים גערעטעט פון א זיכערען טויט.

— דאן זיינען זיי שוין מעהר זיינע שונאים ניט געווען, ווי ירא דערציילט, האבען ביידע ברידער שטארק חרטה געהאט אויף זייער טהאט און פון גרויס עגמת נפש זיינען זיי קראנק געווארען — האט שושנה געזאגט — גרא האט זיי שוין לאנג מוחל געווען. ער דערצעהלט אז רות, די פרוי פון מחלון, האט איהם איינמאל געראטעוועט פון טויט און אלס באלוינונג האט זי פון איהם פארלאנגט ער זאל מוחל זיין איר מאן און זיין ברודער. יע, אהוד האט זיי אויך מוחל געווען און ער האט זיי געבעטען זיי זאלען זיך אומקערען נאך ארץ ישראל, אבער יענע האבען זיך געפיהלט אזוי שולדיג אז זיי שעהמען זיך אומצוקערען צו אונזער לאנד. אה, עס איז א גרויסער רחמנות אויף זיי, זייערע ליידען זיינען אזוי גרויס.

— און איך זאג אז אלץ איז געווען באשערט פון גאט. ווער ווייס אויב די ברידער וואלטען אויף אהוד׳ן און זיין פאטער ניט גע׳מסר׳ט, וואלט געקומען דערצו אז אהוד׳ן זאל געלינגען צו ערמארדען עגלון׳ען און דורך דעם באפרייען אונזערע ברידער פון דעם יאך פון מואב.

— ווען מען נעמט זיך אריינטראכטען ווי אזוי אהוד האט דורכגעפירט זיין פלאן, קען מען זעהן אז אהוד איז ווירקליך א וואונדערבארער מענש! — האט צפורה זיך אפגערופען. — דורכצופירען אזא זאך דארף מען באזיצען ניט נאר העלדישקייט און בראווקייט, אבער מען דארף האבען א גרויסען פארשטאנד, צו קענען אויסארבייטען דעם פלאן און פאראויסצוזעהן אלץ אזוי פינקטליך...

— און ניט אומזיסט האט מען איהם געמאכט פאר דעם פיהרער און שופט פון ישראל — האט יוסף צוגעגעבען — ער איז באליבט ביי יעדען איינעם.

—אה. ווי איך וואלט געוואלט אז אהוד און נועה זאלען פארבלייבען וואהנען אין שילה — האט שושנה געזאגט — פיליכט קענסטו ימואל, ווירקען אויף זיי?

— ניין, דאס איז אוממעגליך — האט ימואל געענטפערט — ער שטאמט פון דעם שבט בנימין, דארטען איז ער אויפגעבראכט און ערצויגען געווארען. מיט יענע העלדען האט ער צוזאמען פארבראכט, און די ברידער פון זיין שבט ערווארטען איהם מיט גרויס אומגעדולד. ווי אזוי דען וועט ער זיי קענען ענטטוישען? עס וואלט געווען אנדערש ווען נועה איז אליין פון שילה, אויך דאן וואלט ער דא אויף לאנג ניט געקענט פארבלייבען. פארשטעהסטו מיר, יעדער שבט שטאלצירט מיט זיין העלד. דער שבט אפרים שטאלצירט מיט יהושע׳ן וועלכער איז געווען דער גרעסטער אידישער העלד נאך משה׳ן. דער שבט יהודה איז שטאלץ געווען אויף זיין העלד עתניאל, דער זוהן פון קנז. און דער שבט שמעון מעג שטאלץ זיין אויף דיר יוסף, דו האסט אויך ארויסגעוויזען א גרויסע העלדישקייט.

—אַה, וואָס האָב איך אויפגעטאָן?... איך בין געגאַנגען פאַראויס, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז הינטער זיך האָב איך אהוד'ן. יעדער איינער וואָלט ארויסגעוויזען אַזאַ העלדישקייט.

— זאָג עס ניט, מיין פריינד! — — האָט ימואל אויסגערופען — וויפיעל האָט געפעלט אַז מען זאָל דיך טויטען? די עמלקים זיינען דאָך געווען אַזוי פיעל און אַלע זיינען געווען באַוואָפענט און ווען דו וואָלסט איין רגע פאַרזאַמט וואָלסטו שוין איצט ניט געווען צווישען די לעבעדיגע. אַלע ווייסען אַז דו האָסט דיין לעבען איינגעשטעלט אין סכנה כדי צו ראַטעווען די לעבענס פון אונזערע ברידער, און דאַמיט האָסטו געוואונען די אַנערקענונג און אָפּשאַצונג פון אַלעמען...

שושנה האָט געוואָרפען אַ ליבליכען בליק אויף יוסף'ן און זייערע בליקען האָבען זיך באַגעגענט.

— ימואל — האָט זיך צפורה אָפּגערופען — איך האָב דאָך דיך פאַרשפּראָכען צו ווייזען 'עם נעסט פון די פויגלען וואָס איך האָב אַנטדעקט. שושנה און יוסף וועלען אונז ענטשולדיגען אויף אַ ווײַלע. מיר וועלען זיך באַלד דאַ צוריקקערען.

ימואל און צפורה האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייער פּלאַץ, זיך אַנטשולדיגט פאַר יוסף'ן און שושנה'ן און אוועקגעגאַנגען.

שושנה האָט פאַרשטאַנען די כונה פון איהר שוועסטער און זי איז געווען צו איהר זעהר דאַנקבאַר דערפאַר.

אַ קליינע ווײַלע האָבען ביידע, שושנה און יוסף געשוויגען. זייערע הערצער האָבען שטאַרק געקלאַפּט. שושנה האָט געוואַרט אַז יוסף זאָל אַנפאַנגען צו רעדען, אָבער ער האָט זיין מויל ניט געקענט עפענען... די וואונדערשעהנע שושנה האָט איהם אַזוי באַצויבערט אַז ער האָט ניט געוואַגט צו ריידען.

— דו האָסט דאָך מיר גאָר ניט דערצעהלט פון דעם לעבען פון דיינע ברידער אין דעם שבט שמעון—האָט שושנה אונטערבראָכען די שטילקייט.

-- זינט איך געדענק, האָבען מיר שטענדיג געליטען פון די עמלקים. זייערע אָפטע איבערפאַלען פלעגען אונז אַלעמען באַאונרוהיגען און איך קען ניט אָנווייזען אויף אמת'ע גליקליכע טעג... אין אונזער גרעסטע שמחה און פרייד, פלעגט זיך אַ מורא און טרויער פאַר'גנב'ענען אין אַ ווינקעל פון אונזער האַרצען... מיר זיינען שטענדיג געווען אין שרעק פאַר דעם קומענדען טאָג און מיר האָבען געהאַט גענוג וואָס מורא צו האָבען... ווייל זיינען מיר דען געווען זיכער מיט די תבואה פון אונזערע פעלדער? זיינען מיר דען געווען זיכער מיט אונזערע בהמות? ווען דעם שונא האָט זיך פאַרגלוסט פלעגט ער מאַכען אַן איבערפאַל און אַוועקרויבען פון אונז די תבואה, די בהמות און אַנדערע זאַכען. מיר האָבען זיך נאָך געשעצט גליקליך אַז מיר זיינען פאַרבליבען לעבען.

מיר וואונדערט זיך, אַז דיין שבט האָט זיך ניט געקענט געגענשטעלען דעם שונא... ווי איך האָב געהערט געפינען זיך אין דעם שבט שמעון זעהר פיל בראַווע העלדען — האָט שושנה געזאָגט.

— ווען מיר וואָלטען געקענט ערוואַרטען הילף פון אונזערע ברידער פון צפון, וואָלטען מיר געוויס ניט דערלאָזען אַז דער עמלקי זאָל אונז אונטערדריקען. אָבער מיר האָבען געוואוסט אַז די אַנדערע שבטים ווערען געשטיקט און געדריקט פון מואב וועלכער האָט זיך פאַרשפּרייט איבער די נאָהענטע שבטים און מואב און עמלק זיינען געווען פאַראייניגט געגען אונז, אַזוי אַז מיר וואָלטען זיכער פאַרשלונגען געוואָרען פון אונזערע שונאים. איצט אָבער, געלויבט איז גאָט, וועלען די עמלקים אונז אַזוי שנעל ניט אונטערדריקען. זיי ווייסען, אַז מיר האָבען

א העלדישען פיהרער און וועלען זיין צופרידען אז מיר וועלען זיי צורוהה לאזען...

— און דיר געלוסט זיך גארניט צו זיין צוריק אין דיין געבורטסשטאדט— האט שושנה איהם געפרעגט.

— פון צייט צו צייט פאר'גנב'עט זיך אין מיר א בענקעניש, אבער דאס האלט ניט אן זעהר לאנג. ווייל נאר אלעמען זיינען די ערינערונגען פון מיין יוגענד ניט אזעלכע וואס זאלען מיך מאכען צו בענקען... מיין מוטער איז געשטארבען ווען איך בין נאך גאר יונג געווען, און מיין פאטער'ס צווייטע פרוי האט מיך ניט איבעריגס גוט באהאנדעלט... איך האב שטענדיג זעהר שווער געארבייט און פון קיינעם קיין צערטליכען ווארט געהערט...

— אבער ציהט דיר ניט דיין הארץ צו די שעהנע מיידלעך פון דיין שבט?

— האט שושנה מיט א שמייכעל זיך אפגערופען.

— איך האב דאך שוין געזאגט, אז די מיידלעך פון שילה זיינען די שעהנסטע! — האט ער צוריק געענטפערט מיט א שמייכעל — שילה איז ווי א גארטען געפלאנצט פון גאט, און די טעכטער פון שילה זיינען די פרעכטיגע בלומען, און דו ביזט די רויז, די שעהנסטע בלום צווישען די איבעריגע.

— א רויז מיט שטעכעדיגע דערנער!

— האט שושנה געלאכט און א רויטקייט האט איהר פנים באדעקט.

— עס איז אבער גאנץ אנגענעהם געשטאכען צו ווערען פון די דערנער פון א רויז ווען נאכהער זאל מען האבען די באלוינונג פון באזיצען די דופטענדע רויז... די שמערצען פון די שטעכעדיגע דערנער קומען בלויז דאן, ווען דער וואס מאכט א פארזוך צו באזיצען די רויז און ער צושטעכט בלויז זיינע הענט און די רויז קען ער ניט ארויסרייסען.

— עס זיינען אבער אויך פאראן זעהר פיעל וועלכע רואינירען די רויז וועלענדיג זי ארויסרייסען פון איהרע ווארצלען.

— אזעלכער פארדינט געווים ניט צו באזיצען אזא פרעכטיגע בלום... אויב יענער איז צו שוואך ארויסצורייסען די בלום און זי באזיצען, איז ער ווערט צושטאכען צו ווערען פו ןאיהרע דערנער.

—און דו ביזט דאך אזוי בראוו און העלדיש! — האט איהם שושנה דורכגעדרונגען מיט איהרע ליבליכע בליקען.

— און דו ביזט די פרעכטיגע דופטענדע בלום, און דיין נאמען איז זעהר צוגעפאסט צו דיר.

— און דיין נאמען יוסף פאסט אויך גאנץ גוט פאר דיר. עס דערמאנט מיר אן אונזער אמאליגען שעהנעם העלד יוסף'ן, וועלכער איז פון א קנעכט געווארען א פרינץ. און וועלכער איז געווען אזוי געטריי זיין געליבטע אסנת'ן אז די שעהנע רייכע זליכה, פוטיפרה'ס פרוי, האט איהם ניט געקענט באצווינגען... יע, זעהר זעלטען קען מען געפינען אזעלכע מענער וועלכע זאלען זיין אזוי געטריי זייערע געליבטע... אבער איך ווייס ,אז דו ביזט איינער פון זיי. און ניט אומזיסט איז דיין נאמען יוסף.

און דו האסט צוטרוי אין מיר, שושנה? — האט יוסף אנגערירט איהר האנט.

—אה, יע, איך האב צוטרוי צו דיר אזוי ווי דו וואלסט מיין אייגענער ברודער געווען... איך קען דריי יונגע העלדען וועמען איך וואלט מיין לעבען אנפארטרויט, איינער איז אהוד, דער צווייטער איז ימואל און דער דריטער ביזטו!

— איך דאנק דיר שושנה פאר דעם וואס אין דיינע אויגען בין איך געגליכען צו זיי. כאטש איך ווייס, אז איך דערגרייך ניט אפילו ביז זייערע קנעכלען...

— אין מיינע אויגען ריזטו אין דער זעלבער מאס מיט זיי.

—און אין מיינע אויגען ביזטו די

שעהנסטע און צערטליכסטע בלום פון אלע בלומען! — האט יוסף אנגענומען איהר האנט.

—אה, יוסף! — האט זי צוגעבויגען איהר קאפ צו זיין שולטער — דיין געזעלשאפט איז מיר אזוי אנגענעם.

— און דיינע זיסע רייד מאכען מיר פאר דעם גליקליכסטען מאן אין דער וועלט! איך האב דיך... הם... אה, שושנה! ווען דו וואלסט בלויז געקענט זעהן וואס עס טהוט זיך אין מיין הארצען... איך האב דיך אזוי ליעב... פון דער ערשטער רגע וואס איך האב דיך דערזעהן... יע, ימואל איז געווען גערעכט. איך האב קיינעם ניט באמערקט אויסער דיך... איך האב דאן אפילו ניט־געוואגט צו טראכטען ב.. דיר... אבער איך האב זיך ניט געקענט העלפען... איך האב פון דיר זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען.

—און איך האב דיך אויך גלייך ליעב באקומען — האט שושנה איהם אריינגעקוקט אין די אויגען — ווי גליקליך איך בין געווען, ווען איך האב געהערט אז דו וועסט מיטגעהן מיט אונז און איינשטעהן אין אונזער הויז. איך האב די גאנצע נאכט קיין אויג ניט צוגעמאכט... איך האב בלויז פון דיר געטראכט.

— שושנה! — האט יוסף זי ארומגענומען און איהר א קוש געטאן — קען מען זיך דען פארשטעלען א גרעסערען גליק. די רויז איז מיינע און מיינע הענט זיינען אפילו ניט צובלוטיגט פון די דערנער... אבער... איך הם... ענטשולדיג שושנה... איך בין געווען צו איבעראיילט... דער גליק האט מיך פאר׳שכור׳ט און איך וויים ניט... אויב...

— אויב וואס? — האט איהם שושנה אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך וויים ניט אויב איך האב געפונען חן אין די אויגען פון דיין פאטער — האט יוסף געזאגט — מעגליך אז...

— ניין, ליעבער יוסף, דו מאכסט א טעות, מיין פאטער וועט ניט זיין דער דארן פון דער רויז—האט שושנה הארציג געלאכט—יעצט מעגסטו וויסען, אז מיין פאטער האט פון דיר ניט אויפגעהערט צו ריידען... ער האט דיך שטארק געלויבט אין מיינע אויגען, און דערפאר איז מיין גליק נאך גרעסער געווען.

— און ביזטו זיכער, אז דיין פאטער וועט ניט זיין דאגעגען? — האט יוסף געפרעגט.

— געוויס וועט ער ניט זיין דאגעגען! סיידען...

— סיידען, וואס?

— סיידען דו וועסט בעשליסען זיך צו בעזעצען אין דיין לאנד!

— אבער דאס וועט קיינמאל ניט געשעהן... איך וועל פערבלייבען אין שילה אויף שטענדיג... איך האב אימער געחלומ׳ט צו זיין אין שילה, צו זעהן מיט מיינע אויגען ווי די אידען פון אלע שבטים זאמלען זיך צוזאויף דריי מאל א יאהר צו פייערען אונזערע היילינע יום טובים פאר גאט. ניין, ליעבע שושנה, אויב איך זאל נאר האבען די מעגליכקייט וואלט איך שילה קיינמאל ניט פערלאזען...—האט יוסף געזאגט מיט א בעזארגטע שטימע.

— פארוואס זאלסטו ניט האבען די מעגליכקייט? — האט איהם שושנה אנגעקוקט.

— הם... ווייל איך האב דאך ניט קיין נחלה אין שילה, ווי אזוי וועל איך דען מפרנס זיין א משפחה? מיין נחלה אין מיין שטאדט איז אויך ניט געווען איבעריג גרויס און איך האב זי איבערגעלאזט צו מיין פאטער.

— אה! וועגען דעם דארפסטו ניט זארגען!—האט שושנה אויסגערופען. —פארגעס ניט, אז ימואל האט אויך קיין נחלה ניט געהאט. אונזער פאטער וועט שוין זעהן, אז אונז...

— אה, מיין ליעבע שושנה — האט יוסף זי צוגעדריקט צו זיך—איך בין גליקליך... איך האב אפילו ניט געוואגט צו חלומ׳ען... נאר אלעמען האבען די

ימלקים מיר גוטעס געטאָן: ווען ניט זיי וואלט איך דען געהאט א געלעגנהייט דיך צו בעגעגענען? יע, איך ווייס, אז איך טאָר אזוי ניט ריידען... א גרויס שרעק האָבען די עמלקים אָנגעווארפען אויף אלעמען... זעהר פיעל פון מיינע ברידער האבען פון זיי געליטען... אָבער איך בין אזוי גליקליך...

שושנה האט זיך מעהר געטוליעט צו יוסף'ן... זיי האבען ניט בעמערקט אז נעבען זיי שטעהען ימואל און צפורה... א היבשע ווילע זיינען זיי אזוי ביידע געזעסען. ימואל און צפורה זיינען גע־בליבען שטעהן רוהיג. זיי האבען זיי ניט געוואלט שטערען. זיי האבען זיך בלויז איבערוואַרפען מיט שמייכלענדע בליקען. באלד אָבער האט שושנה דער־פיהלט, אז אימיצער געפינט זיך ניט ווייט. זי האט אויפגעהויבען די אויגען און דערזעהען איהר שוואָגער און איהר שוועסטער. זי האט זיך שנעל אויפגע־הויבען פון איהר פלאץ. איהר פנים האט געפלאמט. זי האט זיך שטארק פאר־שעהמט.

צפורה, דערזעהענדיג איהר פערלע־גענהייט, איז באלד צוגעלאפען צו שושנה'ן און איהר געהאלזט און גע־קושט.

שושנה האט זיך פארנאנדערגעווײנט אויף צפורה'ס שולטער.

— מיין שוועסטער איך ווינש דיר גליק —האט צפורה איהר געגלעט... געלויבט איז גאָט... דער פאטער וועט אויך זיין צופריעדען.

ימואל האט בעמערקט יוסף'ס גרויסע פערלעגענהייט. ער איז צו איהם צוגע־גאנגען און האט געדריקט זיין האנט.

— איך בין זעהר צופרידען צו האבען די מעגליכקייט דיך צו פערעכענען פאר מיינעם א ברודער.

— איך דאנק דיר, ימואל—האט יוסף געזאגט און טרעהרען האבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען — ווייס, אז איך בין אזא גליק ניט ווערטה.

— שושנה איז אזוי ווי איהר שוועס־טער. אויסער איהר שעהנקייט בעזיצט זי אויך אנדערע מעלות און דו וועסט מיט זיכערקייט קענען שטאָלצירען מיט איהר—האט ימואל איהם שטילערהייד געזאגט.

— איך ווייס ניט אויב איך האב א רעכט... ווער בין איך?—האט יוסף געווארפען זיין בליק אויף שושנה'ן, וועלכע איז געווען אין צפורה'ס אומאר־מונג.

— דו האסט געפונען חן אין אלע־מענס אויגען!—האט ימואל איהם א קלאפ געטהאָן אין פּלייצע. — דו ביזט א בראווער יונג און אזוינע ווי דו זיי־נען פאראן ניט פיעל.

זיי האבען זיך אלע אומגעקעהרט צו דעם פלאץ, וואו חתן און כלה זיינען געווען.

צפורה האט עפּעס אריינגערוימט אין איהר פאָטערס אויער און גלייך האָט זיך אויף זיינע ליפען בעוויזען א שמיי־כעל.

שושנה האט עס בעמערקט. זי האט פערשטאנען וואס איהר שוועסטער האט געזאגט דעם פאטער און איהר פנים האט גענומען נאָך מעהר פלאמען.

נאָך די זיעבען טעג פון דער פייע־רונג פון אהוד'ס חתונה מיט נועה'ן, האט אהוד זיך גענומען גרייטען אָפּצור־רייזען מיט זיין פרוי און פאָטער נאָך שבט בנימין.

— דו וועסט מוזען פערבלייבען מיט אונז נאך אייניגע טעג—האט צדוק זיך אָפּגערופען צו אהוד'ן.

— אָבער דאס וועט זיין אוממעגליך! —האט אהוד געזאגט — מיינע פריינד פון מיין שטאָדט ערווארטען מיך און מיין פאטער וואלט שוין אויך געוואלט זיך זעהן מיט אלע אונזערע קרובים און פריינד וועמען מיר האבען פאר אזוי פיעל יאָהרען ניט געזעהן.

— ווילסטו דען ניט זיין אויף דער חתונה פון מיין אינגערער טאָכטער?— האט איהם צדוק געפרעגט.

— שושנה!—האט אהוד אויסגע־רופען מיט פרייד—וועט זי... איך מיין,

ווען וועט עס פאַרקומען, און ווער איז דער גליקליכער ?

— ביידע זיינען גליקליכע !—האט צדוק געשמייכעלט.—שושנה און יוסף !

— אַה, איך בין אזוי צופריעדען !—האט אהוד געזאגט—ווארט איך וועל עס מוזען איבערגעבען מיין פרוי. געוויס וועלען מיר בלייבען...

אהוד איז אריין אין נועה'ס צימער און האט איהר דערצעהלט, אז שושנה איז געווארען א כלה פאר יוסף'ן.

— אַה, און איך האב גאַרניט געוואוסט פון דעם ! — האָבען נועה'ס אויגען געשטראהלט.—איך מוז גלייך געהן איהר בעגריסען.

נועה איז שנעל ארויס פון איהר צימער און צוגעלאָפען צו שושנה'ן און איהר גענומען קושען.

— אַה, שושנה איך בין אויף דיר אין כעס !—האט איהר נועה פאַרגעוואָרפען—עס איז שוין עטליכע טעג ווי דאס איז בעשטימט געווארען און מיר האָסטו אפילו וועגען דעם קיין ווארט ניט געזאגט.

—דו ביזט געוועזן צופיעל פארנומען מיט דיין אייגענעם גליק, און איך האב דיר ניט געוואָלט שטערען... איך האב געוואָלט אז אין אזא צייט זאָלסטו נאָר טראַכטען פון זיך און פון דיין אהוד'ן. איך האב געהאט אין זינען עס דיר נאָר היינט צו זאגען. אָבער ווי איך זעה האט עמיצער אנדערש דיר שוין געזאגט.

— איך האב זיך ערשט דערוואוסט פון אהוד'ן. מיר האָבען אויף מאָרגען געזאָלט פערלאָזען שילה צו געהן נאָך דעם לאנד פון בנימין, אָבער יעצט וועלען מיר שוין ווארטען ביז מאָנטאג די פייערטעג פון דיין חתונה וועלען פאַריבער.

— איך האב אזא כבוד ניט פאַרדינט !—האט שושנה געזאגט — איך ווייס מיט וואס פאר אן אימגעדולד די איינוואוינער פון בנימין ערווארטען צו זעהען זייער בעליבטען העלד, דעם פיהרער און שופט פון גאנץ ישראל. איך בין די אורזאכע וואס ער וועט זיך פערשפעטיגען !

— און איך בין דערפון נאָך מעהר צופריעדען. דערווייל וועל איך קענען פערבלייבען נאָך א שטיקעל צייט מיט מיינע פריינד. מיט מיין ברודער... אַה, דו דאַרפסט פערשטעהן, אז מיר איז זעהר שווער זיך אָפּצושיידען פון אייך. און איך בין אזוי צופריעדען וואס דיין אויסערוועהלטער איז ניט קיין אנדערע ווי יוסף. איך האָב פון איהם זעהר פיעל געהערט און איך בין זיכער ,אז דו וועסט גליקליך מיט איהם אזוי ווי איך מיט אהוד'ן און דיין שוועסטער מיט מיין ברודער ! איך ווינש נאָר אז דו און דיין שוועסטער זאָלען מיט אייערע מענער אונז קומען בעזוכען.

—און דו און אהוד? וועט איהר דען צו אונז אין שילה ניט קענען קומען ?

איך ווייס ניט !—האט נועה געזאגט. —איך שטעל זיך פאר, אז א שופט און פיהרער איז ישראל, וועט שטענדיג זיין פארנומען.

— אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָסטו פערגעסען, אז דריי מאָל א יאָהר, צו די דריי ימים טובים קומען אלע אידען נאָך שילה צו דיענען גאָט... און דאן וועט איהר ביידע דאָך זיין אין שילה.

— יע, דו ביזט גערעכט. צו יעדער יום טוב וועלען מיר אפּרייזען נאָך שילה, אָבער גלויב מיר, שושנה, אז צווישען איין יום טוב ביז דעם צווייטען וועט אונז אויסקומען לאנג צו ווארטען.

— דו וועסט זיין אזוי גליקליך, אז דו וועסט זיך אפילו ניט ארומזעהן ווי די צייט פערשווינדט !—האט שושנה איהר געקושט.

— ווען וועט דיין חתונה מיט יוסף'ן פאַרקומען ?—האט נועה זיך אָפּגערופען נאָך א קליינע פויזע.

— מיין פאטער וויל אז עס זאל געשעהן אין א פאָר טעג ארום. ער וויל ניט פארהאלטען דיך און דיין מאן צו לאנג. אָבער איך בין נאָך גאר ניט געגרייט...

— איך און צפורה וועלען שוין זעהן,

אז דו זאלסט זיין גרייט. איך בין אזוי גליקליך, שושנה, אז איך האב א געלעגנהייט דיך ארויסצוהעלפען מיט דיינע חתונה קליידער אזוי ווי דו האסט מיר ארויסגעהאלפען.

ווידער אמאל האט צדוק ארויסגעשיקט שלוחים איינצולאדען די אנגעזעהנע איינוואהנער פון שטאדט און זיינע גוטע פריינד צו דער חתונה פון זיין איינגסטער טאכטער.

ווידער אמאל האבען זיי זיך פערזאמעלט אין גארטען אויף דעם זעלבען פלאץ. אהוד און נועה זיינען געווען די וויכטיגסטע מחותנים.

ווען מען האט געפיהרט שושנה׳ן צו דער חופה איז פלוצלונג צוגעקומען צו איהר אן עלטערע פרוי און איז געפאלען צו איהרע פיס.

עס איז געווארען א טומעל און מען האט זי געוואלט אוועקנעהמען פון דארטען. יוסף איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער; ער האט ניט פערשטאנען וואס דא קומט פאר.

שושנה האט א וואונק געטהאן, אז מען זאל זי צורוה לאזן. זי האט זיך איינגעבויגען און אויסשטרעקענדיג א האנד צו דער אלטער פרוי, האט זי איהר געהאלפען זיך אויפהויבען.

— ווער איז זי? —איז אויף אלעמענס ליפען געלעגען די פראגע. מען האט זיך איבערגעווארפען מיט בליקען, געקוועטשט מיט די פלייצעס און געווארט אויף אן ענטפער.

צדוק איז גלייך צוגעגאנגען צו דער פרוי און מיט אן אויפגערעגטער שטימע איהר געפרעגט:

— ווער ביזטו און וואס פערלאנגסטו, פארוואס ביזטו געקומען שטערען אונזער שמחה?

— אה, מאן האר, ענטשולדיגט מיר! —האט די אלטע געווישט איהרע אויגען—איך בין די מוטער פון לוי... יע, מיין זוהן האט זעהר שטארק געזינדיגט געגען אהוד׳ן און געגען אייך אלעמען... אבער ער איז ניט אזוי שלעכט. דאס האבען איהם שלעכטע חברים פון וועג אראפגעפיהרט. ער איז אין געפענגנים א היבשע צייט, און ער האט שוין זיין פערדינטען שטראף אפגעקומען... איך בין געקומען בעטען די גליקליכע כלה, אז זי זאל זיך פאר מיר משתדל זיין, אז מען זאל בעפרייען מיין זוהן פון געפענגנים... ער איז געווארען אין גאנצען אנדערש. ער האט מיר געזאגט, אז ער וואלט וועלען האבען די מעגליכקייט צו פאלען צו די פיס פון אונזער העלד אהוד און בעטען ביי איהם ער זאל איהם מוחל זיין.... ער וועט אלעס טהאן צו פערדינען א פערגעבונג.

— בערוהיג זיך! —האט די כלה זיך אפגערופען—איך וועל זעהן, אז מען זאל איהם בעפרייען.

— אבער איך וויל, אז דאס זאל באלד געשעהן... מיין זוהן זאל האבען די געלעגענהייט זיך צו זעהן מיט אהוד׳ן איידער ער רייזט אפ פון דאנען.

— גוט! —האט שושנה זיך אפגערופען און זיך ווענדענדיג צו איהר פאטער האט זי געזאגט.

— איך בעט דיך, פאטער, טהו איהר פערלאנג און זעה, אז לוי זאל נאך היינט בעפרייט ווערען.

— בערוהיג זיך! —האט צדוק זיך אפגערופען צו דער אלטער—איך וועל זיך גלייך דורכריידען מיט די עלטסטע און דיין זוהן וועט פריי ווערען פון געפענגנים.

מיט טרעהרען אין די אויגען האט זי בעדאנקט שושנה׳ן און צדוק׳ן. און זי איז שנעל אוועק צום געפענגנים אנצוזאגען איהר זוהן די גוטע בשורה... ווען זי איז צוגעקומען צום טויער פון געפענגנים, האט זי שוין דארטען געטראפען איהר זוהן א בעפרייטען.

— מוטער! —האט ער אויסגערופען —איך מוז לויפען זיך זעהן מיט אהוד׳ן.

— מיין זוהן, אהוד וועט נאך דא פערברענגען א גאנצע וואך... קום מיט מיר אהיים, דו וועסט זיך ארומוואשען און איבערבייטען דיינע קליידער.

— איך וועל זעהן ווי אזוי שושנה געהט צו דער חופה! — האט ער גע־

זאָגט — יע, מוטער, עס איז געווען א צייט ווען איך האָב געח'לומ'ט פון איהר... אָבער איך האָב פערדאָרבען מיין וועג, און איך האָב געמיינט, אז מיט פאַלשקייטען און בעטריגערייען וועל איך בעגליקען. יעצט זעה איך, אז דער עהרליכער און צדיק ווערט ענדליך בעלוינט און דער רשע און אומעהרליכער וועט פריהער אָדער שפּעטער האָבען זיין ביטערען סוף.

— עס איז שוין אַלעס איינס צו שפּעט! — האָט זיין מוטער איהם געזאָגט — שושנה איז שוין געגאַנגען צו דער חופּה.

— זאָל זי אייביג גליקליך זיין! — האָט לוי אַרויסגעמורמעלט און מיט לאַנגזאַמע טריט געגאַנגען צוזאַמען מיט זיין מוטער א היים. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַרומגעוואַשען און איבערגעביטען זיינע קליידער איז ער אַוועק צו דעם גאָרטען פון צדוק'ן. די געסט האָבען זיך נאָך משמח געווען. אומבעמערקטערהייט האָט זיך לוי אַריינגעשאַרט אינווייניג. ער האָט מיט זיינע אויגען געזוכט אהוד'ן. באַלד האָט ער איהם דערזעהן. ער איז געזעסען נעבען זיין פאָטער גרא'ן און מיט איהם געווען פערטיפט אין א געשפּרעך.

לוי האָט א ווייַלע צוגעוואַרט און ווען ער האָט דערזעהן אז אהוד האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ איז ער צו איהם צוגעגאַנגען און געפאַלען צו זיינע פיס.

— פערגיב מיר, מיין האַר, האָט ער מיט טרעהרען אין די אויגען געזאָגט— איך האָב זעהר פיעל געזינדיגט געגען דיר.

— ווער איז ער? — האָט גרא א פרעג געטאָן זיין זוהן.

— ער איז אויך געווען איינער פון די וועלכע האָבען מיר פער'מסר'ט צו די בעאַמטע פון מואב! — האָט אהוד מיט א שמייכעל געזאָגט.

— שטעל זיך אויף! מיין זוהן איז דיר געוויס מוחל! — האָט גרא זיך אָפּגערופען צו לוי'ן.

לוי האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ און מיט טרעהרען פון פרייד בעדאַנקט גרא'ן.

— געה בשלום! — האָט אהוד איהם אויסגעשטרעקט זיין האַנט — איך בין דיר מוחל.

— איך דאַנק דיר, מיין האַר — האָט זיך לוי פערנייגט, און האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט.

— וואָס פערלאַנגסטו ווייטער! — האָט איהם אהוד געפרעגט.

— אויב מיין האַר וועט ניט האָבען דאַגעגען, וואָלט איך זיך געוואָלט אַנשליסען אין דיין אַרמעע... איך בין געגרייט צו קעמפּפען געגען דעם שונא וועט עס נויטיג זיין...

— גוט, דו וועסט זיך מעלדען אין עטליכע טעג אַרום, איידער איך וועל פערלאָזען שילה!—האָט איהם אהוד געזאָגט.

נאָכדעם ווי ער איז אַוועק האָט אהוד דערצעהלט זיין פאָטער אַלעס וואָס לוי האָט צו איהם געטאָן.

— איך זעה, אז ער מיינט עס מיט דעם גאַנצען האַרצען און דו וועסט זיין סערלאַנג געוויס ערפילען! — האָט גרא געזאָגט צו אהוד'ן.

— געוויס, מיין פאָטער. איך האָב איהם צו פערדאַנקען וואָס דו ביזט געווען אנוועזענד צו מיין חתונה מיט נועה'ן. ווען ער וואָלט ניט אַנגעזאָגט די בעאַמטע וואָלט איך מיט נועה'ן שוין לאַנג חתונה געהאַט...

— יעצט זעהען מיר אז אַלעס וואָס גאָט טוט איז צום בעסטען — האָט גרא געזאָגט — איך בין זיך מודה, אז מיר פערדריסט זעהר וואָס עס איז אונז ניט געלונגען איבערצורעדען מחלון און כליון מיט זייערע פרויען זיי זאָלען זיך אומקעהרען מיט אונז. מיר האָבען זיי אויך א סך דאַנקבאַר צו זיין.

נאָך די זיבען טעג פון מאָהלצייט האָבען אהוד, זיין פרוי און פאָטער זיך אָפּגעזעגענט מיט דער גאַנצער משפחה פון צדוק'ן און מיטנעהמענדיג זיין אַרמעע, האָט ער פערלאָזען שילה, צו

געהן נאָך דעם לאַנד פון בנימין. אַלע איינוואוינער פון שטאָדט זיינען ארוים איהם בעגלייטען.

בועז האָט זיך מיט אהוד'ן געזעגענט און ער איז מיט זיינע יונגען אוועק נאָך בית לחם.

23טער קאַפּיטעל

איינינע יאָהר זיינען פאַריבער. אין לאַנד פון מואב איז געווען רוהיג. דער נייער קעניג איז געווען אונטערטעניג צו ישראל און צוגעשיקט צינזען יעדען יאָהר צו אהוד'ן.

נעמין, די מוטער פון מחלון און כליון האָט שטארק געצויגען צוריק נאָך ארץ ישראל. אָבער אָהן די זיהן האָט זי ניט געוואָלט אָפּרייזען. און וויפיעל זי האָט מיט זיי איינגע'טענה'ט, האָט ניט געהאָלפען. איהרע בײדע זיהן זיינען געווען נידערגעשלאָגען און צובראָכען.. פון גרויס ערגערניס און זאָרג זיינען זיי ביידע קראַנק געוואָרען. רות און ערפּה האָבען ניט אָפּגעטראָטען פון די בעטען פון זייערע מענער. זיי האָבען געטאָן אַלעס צו פערלינדערען זייערע שמערצען. נעמי איז ארומגעגאנגען פון איין זוהן צום צווייטען. זי האָט זיי געטרייסט און געזאָגט, אז גאָט האָט זיי שוין לאַנג פערגעבען, און אז אהוד און גרא זיינען אוועק אלס פריינד, אָבער איהרע רייד האָבען א קליינע ווירקונג געהאט... ביידע זיהן זיינען ערגער געוואָרען פון טאָג צו טאָג.

א טרויער האָט געהערשט אין הויז. זיינען געזעסען די דריי פרויען און שטילערהייט געוויינט. זיי האָבען געזעהן, אז די טעג פון מחלון און כליון זיינען געצעהלטע. זיי האָבען געטאָן אַלעס וואָס איז געווען אין זייער מאכט. זיי האָבען גערופען די בעסטע רופאים פון מדהבה, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען. מחלון איז געשטאָרבען און מיט איינינע טעג שפּעטער איז אויך כליון געשטאָרבען.

גרויס איז געווען דער יאָמער פון די פרויען. רות און ערפּה האָבען צוזאמען מיט זייער שוויגער געוויינט אויף זייער פערלוסט.

— גאָט האָט זיין צאָרן אויסגעגאָסען אויף מיר! — האָט נעמי געזאָגט — זינט מיר האָבען פערלאָזען אונזער הייליג לאַנד, האָב איך פון קיין פרייד ניט געוואוסט... פריהער האָב איך מיין ליבען מאַן פערלאָרען און יעצט מיינע צוויי זיהן. איך בין געבליבען עלענד ווי א שטיין... אָה, ווי ביטער עס איז מער!

איהרע צוויי שניר האָבען זי ארומגענומען און געקושט:

— מיר וועלען דיך ניט פערלאָזען. מיר וועלען אימער זיין מיט דיר! — האָבען זיי איהר געזוכט צו טרייסטען.

— איך ווייס, אז איהר זייט געווען געטרייע און איבערגעגעבענע פרויען צו מיינע זיהן... איהר זייט אויך געווען זיך גרייט מקריב צו זיין צוליב אונזער גאָט, און איך בין זיכער, אז גאָט האָט ניט פערגעכענט פאַר א זינד, דאָס וואָס מיינע זיהן האָבען מיט אייך געהייראַט. איהר זייט ביידע פערדעכענט פאַר אידישע טעכטער. אייערע הערצער זיינען געווען גוט און מיט אייער טאטען, האָבען מיר אַלע געקענט שטאָלצירען. אָבער איהר זייט נאָך יונג. איהר קענט נאָך געניסען פון לעבען. איהר זייט בערעכטיגט דערצו, און איך?... איך האָב שוין מיין לעבען דורכגעמאכט. וואָס קען איך ערווארטען!

די שניר האָבען פון נעמי'ן ניט אָפּגעטראָטען. זיי פלעגען זיצען ארום איהר און זיך צוהערען צו איהרע מעשיות.

נעמי פלעגט זיי דערצעהלען פון איהרע גליקליכע יאָהרען, אין דער צייט ווען זי איז נאָך יונג געווען און איהר מאַן, אלימלך, איז געווען דער רייכסטער מאַן פון בית לחם... ווי זי פלעגט פערברייננגען יום טוב אין שילה...

— אָה, ווי וואונדערשעהן איז דאָס לעבען דאָן געווען אין ארץ ישראל. איך פלעג אזוי ליעב האָבען ארייננצוגעהן אין די פעלדער וואו די יונגען האבען געארבייט... איך פלעג אויסמאַרקירען אז די ארבייטער זאָלען מיר ניט בעמערקען, און דאַן פלעג איך אזוי אָפּ־

שטעהן זעהר לאנג און זיך צוהערען צו דעם שעהנעם געזאנג פון די ארבייטער. זייערע פרעהליכע ליעדער זיינען געווען דורכגעזאפט מיט אזוי פיעל גליק און רוהיגקייט אזוי פיעל צויבער און גלאנץ אז איך פלעג שטעהן פערגאפט און זיך פון פלאץ ניט קענען ריהרען... אה, יענע יאהרען זיינען געווען די גליקליכסטע פון מיין לעבען... איך האב געזוכט צו בעהאנדלען אלעמען מיט מוטערליכע צערטליכקייט. כאטש אלימלך האט געהאט אן אנדער נאטור. ער איז ניט געווען שלעכט, אבער ער איז געווען שטרענג און ניט צוגעלאזען צו די ארבייטער... ער האט פיעלע צדקות געטאן אין געהיים... און מיינע זיהן! זייער גליק איז גאר קורץ געווען... אזוי יונג פון דער וועלט געגאנגען!

— דו האסט דאך אונז געלערענט — האט רות זיך אפגערופען — אז מיר דארפען אננעהמען דאס שלעכטעס וואס קומט צו אונז פון גאט'ס האנט אזוי גוט ווי דאס גוטעס... ווייל מיר, אלס שטערבליכע מענשען קענען ניט פערשטעהן די וועגען פון דעם אלמעכטיגען...

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז גאט טוט גערעכטיגקייט. יע, מיר האבען אונזער שטראף פערדינט... מיר האבען פערלאזען אונזערע ברידער אין א צייט פון נויט... אונזערע אויערען זיינען געווען טויב צו די געבעטען פון די הונגעריגע און נויט בעדערפטיגע.

— אבער שוויגער — האט זיך ערפה אפגערופען — לויט ווי כליון האט מיר געזאגט, האסטו עס דאך ניט געוואלט טאן. דו האסט ניט געוואלט פערלאזען דיין לאנד און דיינע ברידער...

— יע, איך האב עס ניט געוואלט טאן און דאך געטאן! — ווען איך וואלט זיך דאן איינגעשפארט און געזאגט מיין מאן, אז איך געה ניט, וואלט ער זיך געמוזט צו מיר צוהערען... אבער איך האב זיך געלאזט איבעררעדען און איך בין מיטגעגאנגען... און מיינע זיהן האבען אויף זייער געוויסען געהאט אזא פערברעכען נעגען זייערע ברידער... יע, מיר האבען פערדינט אונזער שטראף. גאט איז גערעכט!

אומעטיגע, פער'חושכ'טע טעג זיינען געווען די טרויער־טעג פאר נעמי'ן אין א פרעמד לאנד. כאטש איהרע שניר זיינען מיט איהר שטענדיג געווען.

ווען די טעג פון דעם טרויער איבער דעם טויט פון איהרע זיהן, זיינען פאראיבער, האט נעמי, איין פריה מארגען מיטגענומען א קליין פעקעל אויף איהר שולטער און אריין צו איהרע שניר אין צימער, וואו זיי האבען געשלאפען.

א ווײַלע איז זי געשטאנען און זיי ניט געוואלט שטערען. איהרע אויגען זיינען אנגעפילט געווארען מיט טרעהרען, ווען זי האט בעטראכט איהרע יונגע שעהנע שניר, וועלכע האבען זיך אזוי פיעל אנגעליטען צוזאמען מיט איהר.

— געבענשט זייט ביידע צו גאט! — האבען איהרע ליפען געשעפטשעט — זאל פאר אייך די זון ווידער אויפשיינען. זייט געזונד!

שטילערהייט האט זי זיך גענומען ארויסשארען פון צימער, אבער רות האט זיך אויפגעכאפט. זי האט בעמערקט נעמי'ן און איז שנעל ארויס פון איהר בעט.

— וואוהין געהסטו, שוויגער! — האט זי איהר געפרעגט פערוואונדערט.

— איך קעהר זיך אום צו מיין לאנד!

— האט נעמי איהר גענומען קושען. זיי געזונט מיין קינד, זאל גאט געבען אז דו זאלסט נאך געפינען גליק.

ערפה האט זיך באלד אויך אויפגעכאפט און ביידע שניר האבען זי ארומגענומען מיט אזוי פיעל צערטליכקייט און ליעבע, אזוי ווי זיי וואלטען געווען איהרע אייגענע טעכטער.

— איך מוז געהן, מיינע ליעבע טעכטער. איך וויל מעהר ניט פאלען צו לאסט אויף אייך און איך וויל שטארבען אין מיין אייגען לאנד.

— אה, ניין, איך וועל דיך ניט לאזען געהן! — האט רות געזאגט.

— מיין בעשלום וועל איך ניט ענדערען! — האט נעמי געזאגט — איך

בין ארים, צובראכעו, אבער איך האב, אז גאט וועט מיר געבען גענוג כוח זיך צו דערשלעפען צו בית לחם, מיין געבורטס־שטאָדט.

— געה איך אויך מיט דיר! — האָט רות געזאָגט — איך וועל געהן אין דיין לאנד.

— און איך אויך! — האָט ערפּה אויסגערופען — מיר וועלען ביידע געהן מיט דיר.

— אויב איהר ווילט מיר בעגלייטען אביסעל, וועל איך זיין צופרידען, אָבער איך רייד אייך אָפּ מיט מיר מיטצוגעהן אין א פרעמד לאנד צו ליידען פון דאָס ניי.

— מיר וועלען געהן! — האָט רות געזאָגט, און ביידע שוועסטער האָבען זיך שנעל אָנגעטאָן. זיי האָבען מיט זיך גענומען קליינע פּעקלעך און האָבען זיך ארויסגעלאָזען אין וועג צוזאמען מיט נעמי'ן.

ווען זיי זיינען שוין געווען אויסער דער שטאָדט מדהבה, האָט זיך נעמי צו זיי אָפּגערופען:

— געהט מיינע טעכטער צוריק. קעהרט זיך אום צוריק. איהר זייט דאָך דעם קעניג'ס טעכטער און אייער פאָטער'ס יורש וועט אייך געווים ניט פערלאָזען. און דו ערפּה דו האָסט נאָך דיין מוטער. יע, קעהרט זיך ביידע אום. זאָל גאָט מיט אייך טאָן גוטעס ווי איהר האָט געטאָן גוטעס טים די טוידטע און מיט מיר. גאָט וועט געבען און איהר וועט ווייטער חתונה האָבען און יעדע פון אייך וועט געפינען רוה אין דעם הויז פון איהר מאן. געהט מיינע טעכטער, און גאָט וועט אייך זיין ברכה געבען — האָט זי יעדע פון זיי געקושט.

רות און ערפּה האָבען זיך פאנאנדערגעוויינט.

— מיר וועלען דיר ניט פערלאָזען. מיר וועלען געהן מיט דיר צו דיין פאָלק!

— אָה, ניין, מיינע טעכטער. פאר וואָס זאָלט איהר מיט מיר מיטגעהן, האָב איך דען נאָך זיהן, וועלכע זאָלען ווערען אייערע מענער. קעהרט זיך צוריק, מיינע טעכטער. איהר זייט נאָך יונג, פאר אייך שטעהט נאָך פאר א גלענצענדע צוקונפט. און פאר וואָס זאָלט איהר דארפען ליידען מיט מיר. איך וועל אליין געהן. מיר איז ביטער, די האנט פון גאָט איז אויף מיר געווען, און איהר זייט אזוי אומשולדיג, פאר וואָס זאָלט איהר דארפען פערוואָגעלט ווערען פון אייער לאנד, פון אייער פאָלק און פון אייערע אייגענע.

נעמי'ס רייד האָבען געווירקט אויף ערפּה'ן. זי איז ארויפגעפאלען אויף איהר האלז און איהר גענומען קושען:

— עס איז מיר זעהר שווער זיך אפּצושיידען פון דיר! — האָט זי געזאָגט מיט טרעהרען אין די אויגען, אָבער איך גלויב אז דו ביזט גערעכט. איך וועל זיין א פרעמדע אין דיין לאנד און דאָ וועל איך דאָך פאָרט זיין צווישען אייגענע. זיי געזונט.

— געה אין פרידען, מיין טאָכטער — האָט איהר נעמי געקושט — זאָל גאָט ערפילען אלע דיינע פערלאנגען.

ערפּה האָט געוואָרט אז איהר שוועסטער וועט איהר נאָכפאָלגען, אָבער ווען זי האָט געזעהן אז רות האָט נעמי'ן ארומגענומען אוזן זי לאָזט זי ניט אָפּ, האָט זי זיך צו איהר געווענדעט:

— און דו רות, וועסטו דען מיט מיר זיך ניט צוריקקעהרען?

— ניין, מיין שוועסטער! — האָט רות געענטפערט.

— דען זיי געזונט! — האָט ערפּה געקושט רות'ן.

— געה געזונט!

ערפּה האָט גענומען געהן און נעמי האָט זיך אָפּגערופען צו רות'ן:

— דיין שוועסטער און שוועגערין קעהרט זיך אום צו איהר פאָלק און צו איהר גאָט, פאָלג מיר, טו אויך דאָס זעלבע! מאַך אן ענדע צו דיינע ליידען!

— איך בעט דיר, שוויגער! — האָט רות געענטפערט מיט טרעהרען אין די אויגען — פערלאנג ניט פון מיר, איך זאָל דיר פערלאָזען, ווייל וואוהין דו

וועסט געהן וועל איך געהן און וואו דו וועסט נעכטיגען וועל איך נעכטיגען, דיין פאלק איז מיין פאלק און דיין גאט איז מיין גאט, וואו דו וועסט שטארבען, דארטען וועל איך שטארבען און דארטען וועל איך בעגראבען ווערען. זאל מיר גאט אזוי העלפען אז איך וועל זיך מיט דיר ניט אפשיידען , סיידען דער טויט וועט אונז פאנאנדערטיילען.

ווען נעמי האט געזעהן איהר שטארקע צוגעבונדענקייט, איהר איבערגעבענהייט און געטרייהייט און ווען זי האט געהערט אז רות האט שוין געשווארען, האט זי אויפגעהערט איהר אפצושלאגען דערפון.

זיי האבען ביידע גענומען געהן ווייטער. לאנגזאם זיינען זיי געגאנגען און ווען זיי זיינען אנגעקומען צו דעם ירדן זיינען זיי שוין מיעד געווען פון געהן.

— לאמיר זיך דא אפרוהען, פיליכט וועלען מיר זעהן אימיצען מיט א שיפעל וועלען מיר בעטען מען זאל אונז אריבערפיהרען דעם ירדן.

נעמי האט זיך געוואלט צוזעצען און רות האט זיך צו איהר אפגערופען אנצייגענדיג מיט איהר פינגער אויף א פלאץ.

— לאמיר צוגעהן אט דארטען !...

— פאר וואס דארטען ? — האט נעמי געפרעגט.

— קום דארטען צו און איך וועל דיר דערצעהלען — האט רות געענטפערט.

זיי זיינען צוגעגאנגען צו יענעם ארט און זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן גראז ביים ברעג טייך.

— דו זעהסט אט דעם שטיין ? — האט רות זיך אפגערופען — פון יענעם שטיין האב איך זיך דאס ארונטערגעגליטשט און זיך גענומען טרינקען... מיין שוועסטער איז ארונטערגעשפרונגען מיך ראטעווען און אויך זי האט זיך גענומען טרינקען און ווען ניט דיינע בראווע זיהן וואלטען מיר שוין לאנג געווען טויט.

— אט דאס איז דער פלאץ ! — האט נעמי געווישט איהרע אויגען... אה, ווער קען פארשטעהן די טאטען פון גאט...

— יע, דא האבען מיר זיי צום ערשטען מאל דערזעהן. זיי זיינען געווען אזוי בראוו און העלדיש. מיר האט כליון ארויסגעראטעוועט און מחלון האט געראטעוועט ערפה'ן, אבער עס איז אזוי געווען בעשערט אז מחלון זאל מיין מאן ווערען און כליון דער מאן פון ערפה'ן.

— און איצט זיינען זיי שוין ביידע טויט ! — האט נעמי א זיפץ געטאן — זיי זיינען געווען גוטהערציגע און מיטפיהלענדע, ווען ניט וואלטען זיי אזוי פיעל ניט געליטען. זיי האבען זיך קיינמאל ניט געקענט מוחל זיין פאר דעם זינד וואס זיי זיינען באגאנגען געגען זייערע ברידער. כאטש אין יענער צייט האבען זיי געטראכט אז דאס טוען זיי פאר דער טובה פון זייער לאנד. זיי האבען געמיינט אז דורכדעם וואס זיי וועלען ניט דערלאזען צו אן אויפשטאנד וועלען זיי אנהאלטען דעם שלום. און אויסער דעם האבען מיינע זיהן געטראכט פון אייך פון דיר און דיין שוועסטער און האבען געזוכט דורכדעם צו געפינען חן אין די אויגען פון דעם קעניג פון מואב.

— מחלון איז געווען א געטרייער און איבערגעגעבענער מאן צו מיר. איך האב איהם אזוי ליעב געהאט, אבער קורץ איז מיין גליק געווען.

— דו ביזט נאך יונג מיין טאכטער. א סך גליק איז נאך פאר דיר אנגעגרייט. און איך וועל זיך שעצען גליקליך ווען איך וועל זעהן, אז דו ביזט ווידער גליקליך — האט נעמי געזאגט.

א היבשע ווײלע זיינען זיי ביידע געזעסען ביי דעם ברעג פון ירדן און גערעדט פון דער פארגאנגענהייט. נעמי האט רות'ן דערצעהלט פון איהר יוגענד, ווען זי איז נאך א מיידעל געווען. ווי גליקליך זי איז געווען אין בית לחם. וויפיל יונגע לייט האבען געזוכט איהר האנט אבער זי האט זיך פארליבט אין

איהר פעטער אלימלך. און מיט איהם האט זי חתונה געהאט. די אלע יאהרען נאך זייער חתונה ביז דעם טאג וואס זיי האבען פארלאזען בית לחם, זיינען פאר איהר געווען יאהרען פון פרייד און גליק. זי האט אלימלך'ן זעהר ליעב געהאט און ווען זי האט די צוויי זיהן געבוירען איז איהר גליק פארפולט געווארען. יע, מיין ליבע טאכטער רות, איך קען איצט פארשטעהן פארוואס מיינע זיהן האבען מורא געהאט צו טראכטען פון צוריקקעהרען זיך נאך בית לחם. וואס נעהענטער מיר קומען צו צו אונזער לאנד, ווערט מיין הארץ שווערער און איך האב זיך דאך געדארפט פרעהען... אבער ווען איך באטראכט זיך, ווען איך זעה ווי מיין פנים איז צוקנייטשט און פארעלטערט, מיינע אויגען אויסגעלאשען און ערשט מיט צעהן יאהר צוריק בין איך נאך פאררעכענט געווארען פאר א שעהנהייט, מען האט מיר געהערט און געשעצט. וואס פאר אן ענדערונג אזא קורצע צייט קען מאכען אויף א מענשען... און די וועלכע וועלען מיינען אז איך טראג אויך א שולד אין דעם, וועלען אן מיר א נקמה זעהן. און מיינע פריינד וועלען שאקלען מיט'ן קאפ און וועלען רחמנות האבען אויף מיר. אבער אלץ וועט זיין כדאי צו ליידען אום צו זיין צוריק אין אונזער הייליג לאנד. און ווען איך וועל דיך זעהן א גליקליכע דאס וועט זיין דאס איינציגע טרייסט אין מיינע לעצטע יאהרען, איך זאל דיך זעהן פארהייראט און העלפען אויפברענגען דיינע קינדער — דאס וואלט געווען מיין גליק.

רות האט פארשעמטערהייד אראפגעלאזען איהרע אויגען.

— וועגען דעם ליבע שוויגער טראכט איך שוין גארניט... איך וועל זיין א פרעמדע, ווער וועט זיך אויף מיר אומקוקען, און מיין פנים איז שוין אויך ניט אזוי שעהן ווי אמאל!

— אה, ניין, טייערע רות! — האט נעמי געזאגט — דו ביזט נאך איצט אויך שעהן ווי דער מארגענשטערען. זאל נאר גאט געבען און מיר זאלען בשלום אנקומען אין בית לחם. פיעלע יונגע לייט וועלען זיך שעצען גליקליך ווען דו וועסט זיי באשענקען מיט א בליק פון דיינע וואונדערשעהנע אויגען.

— איך באמערק א שיפעל אנקומענדיג — האט זיך רות פלוצלונג אויפגעשטעלט — איך וועל דעם שיפער רופען אהער פיליכט וועט ער אונז דעם ירדן אריבערפיהרען.

— מען דארף זיין זעהר פארזיכטיג —האט נעמי איהר געווארענט— ווייל ווער קען וויסען וואס פאר א מענש עס געפינט זיך דארט. אויב ער איז א ישראל איז זיך ניטא וואס צו שרעקען, אבער פיליכט איז ער פון אן אנדער פאלק. מיין עצה דעריבער איז, אז דו זאלסט איינהילען דיין פנים אין א שלייער.

רות האט איהר געפאלגט און זי האט זיך איינגעהילט אין א שלייער און דערנאך האט זי גענומען רופען.

דער מאן וועלכער איז געווען אין שיפעל האט דערהערט איהר שטימע און איז צוגעקומען און נעמי האט גלייך דערקענט אן זיין פנים אז ער איז פון ישראל.

— מיר זיינען ארימע פרויען פון ישראל — האט נעמי זיך צו איהם אפגערופען — פיליכט וועסטו אונז אריבערפיהרען דעם ירדן

— מיט פארגעניגען — האט יענער געענטפערט,—און זיי ביידען געהאלפען זיך אריינזעצען אין שיפעל, און זיי אריבערגעפיהרט דעם ירדן.

ווען זייערע פיס האבען ארויפגעטראטען אויף דעם באדען פון ארץ ישראל איז שוין געווארען טונקעל. דער אוונט האט גענומען צופאלען.

— מיר וועלען ווייטער ניט קענען געהן — האט נעמי זיך אפגערופען— דא ניט ווייט געפינט זיך א דארף. מיר וועלען אהין צוקומען און איבערנעכטיגען און פון דארטען וועלען מיר מארגען גאנץ פריה פארטזעצען אונזער וועג נאך בית לחם.

זיי זיינען צוגעקומען צום דארף און רות האט איהר שלייער פון פנים נאך

אלץ ניט ארונטערגענומען. זיי זיינען צוגעקומען צו א הויז וואָס איז געשטאַנען ביים וועג און אָנגעקלאַפּט אין טיר. אַן אלטער מאַן האָט די טיר געעפענט, און ווען זיי האָבן געפרעגט אויב זיי קענען איבערנעכטיגען, האָט ער צוגעשטימט. ער האָט זיי געפרעגט אויב זיי זיינען הונגעריג. נעמי האָט איהם באַדאנקט און געזאָגט אז זיי האָבן שפייז מיט זיך.

אויף מאָרגען זיינען זיי אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה, און זיך אוועקגעלאָזען נאָך בית לחם.

נאָך האַלבען טאָג איז נעמי אָנגעקומען מיט רות׳ן אין בית לחם.

נעמי׳ס האַרץ האָט שטאַרק גענומען קלאַפּען ווען זי האָט דערזעהן די באַקאַנטע גאַסען, די הייזער... קיין זאַך האָט זיך ניט געענדערט... זי איז געבליבען שטעהן א קליינע ווילע.

— דו מוזט זעהר מיעד זיין — האָט רות זיך צו איהר אָפּגערופען ווען זי האָט באַמערקט אז איהר שווייגער האָט זיך פלוצלונג אָפּגעשטעלט.

— ניין, איך בין ניט מיעד. איך בין ווי באַרוישט פון גליק... איך זעה מיין שטאָדט וואו איך בין געבאָרען געוואָרען און פאַרבראַכט די גרעסטע טייל פון מיין לעבען אין פרייד און גליק. אָבער איך האָב פאַרגעסען אז איך האָב ניט קיין פלאַץ וואוהין צו געהן... אונזער נחלה האָט מען דאָך שוין לאַנג פאַרקויפט, די פעלדער און גערטנער וואָס האָבן אַמאָל באַלאַנגט צו מיין מאַן אלימלך זיינען שוין מעהר ניט מיינע... יע, איך בין אַזוי פרעמד און עלענד ווי דו.

— אָבער דו האָסט דאָך קרובים, זיי וועלען דיך ניט פאַרלאָזען.

— מיינע קרובים און באַקאַנטע וועלען מיר פאַראַכטען... איך געדענק ווי אַלע האָבן אונז געוואָרענט ניט צו פאַרלאָזען בית לחם אין דער צייט פון נויט. די קללות פון די אָרימע וואָס האָבען אונז באַגלייט ווען מיר האָבן די שטאָדט פאַרלאָזען, קלינגען נאָך איצט אין מיינע אויערען... ניין, איך קען זיך צו קיינעם ניט ווענדען נאָך הילף — האָט נעמי געווישט איהרע אויגען.

— אָבער מיר מוזען דאָך האָבען א פלאַץ וואו צו זיין, א דאַך איבער אונזערע קעפּ.

— מיר וועלען פּיליכט געפינען א פאַרלאָזענע הויז. און דאָרטען וועלען מיר זיין ביז וואַנען דער אַלמעכטיגער וועט זיך דערבאַרעמען איבער אונז.

זיי האָבען גענומען ווייטער געהן אין פלוצלונג האָט נעמי דערשפּירט די דורכדרינגענדע בליקען פון די פאַרבייגעהער. צו איהרע אויערען האָבען זיך דערטראָגען זייערע געשפּרעכען:

"איז דאָס נעמי?"

"ניין. עס קען ניט זיין".

"איך בין זיכער, אז זי איז נעמי".

" אָבער ווי שרעקליך זי קוקט אויס!"

"ווי פאַרעלטערט זי איז געוואָרען!"

"עס איז אוממעגליך. איך בין זיכער, אז זי איז ניט נעמי!"

האָבען זיך איינינגע ניט געפוילט און נעהענטער צוגעגאַנגען צו איהר און איהר אין פּנים אריינגעקוקט און געפרעגט:

—ביזטו עס נעמי, די פרוי פון אלימלך?

— רופט מיך מעהר ניט נעמי, וואָס מיינט זיסקייט — האָט זי זיי טרויעריג געענטפערט — רופט מיך מרה, וואָס מיינט ביטערקייט, ווייל דער אַלמעכטיגער האָט מיר מיט ביטערקייט באַשטראָפט. פון בית לחם בין איך ארויס פול מיט רייכטום און גליק און צוריק האָט מיך גאָט געבראַכט מיט ליידיגען. פאַרוואָס זאָלט איהר מיך רופען נעמי, ווען גאָט האָט מיר געוואָרענט און דער אַלמעכטיגער האָט מיר באַשטראָפט מיט שלעכטעס...

די פאַרבייגעהער האָבען איהר גאָרניט געענטפערט. זיי האָבען געצויגען מיט די אַקסלען, געשאָקעלט מיט די קעפּ און געגאַנגען זייער וועג.

טרערען האָבען זיך געגאָסען פון נעמי׳ס אויגען... די באַגעגעניש מיט די

מענשען פון איהר שטאָדט, האָבען נאָך מעהר צורודערט איהרע נערוועז.

— איצט זעהסטו, מיין טאָכטער, ווי עלענד און איינזאם איך בין. קיינער וויל זיך אויף מיר ניט אומקוקען. און איך האָב דיר געוואָרענט דו זאָלסט מיט מיר ניט מיטגעהן, האָסטו דען נאָך ניט גענוג געליטען, פאַרוואָס זאָלסטו זיך מיט מיר דאַרפען טיילען מיינע אנדערע ליידען.

— אָה, ניין, מוטער — האָט זי רות ארומגענומען און געקושט — דו דאַרפסט אַזוי ניט טראַכטען. איך פיהל זיך גליקליך צו זיין מיט דיר צוזאַמען, און דו דאַרפסט זיך ניט פיהלען איינזאַם. עס איז בלויז די ערשטע צייט, דו וועסט זיך צוגעוואוינען צו זיי און זיי וועלען אָנפאַנגען צו קוקען אויף דיר מיט אנדערע בליקען. און וועגען שפּייז, דאַרפסטו אויך ניט זאָרגען. דו האָסט דאָך מיר אליין געלערענט אז גאָט שפּייזט יעדען איינעם און ער וועט זיכער אויך אונז ניט פאַרלאָזען, און איך בין גליקליך זיך צו געפינען דאָ אין דעם לאַנד פון ישראל. איך האָב שוין לאַנג געטרוימט צו זיין אין בית לחם און איצט זיינען מיינע טרוימען פאַרווירקליכט. עס וועלען אַוועקגעהן איניגע טעג און מיר וועלען זיך צו אַלעם צוגעוואוינען. איצט איז פריהלינג. די זון וואַרעמט אַזוי ליבליך. אַלץ וואַקסט און בליהט. איצט איז ניט די צייט צו זיין אומעטיג און טרויעריג.

— דו ביזט גערעכט, מיין טאָכטער. אַלע זיינען איצט פרעהליך, לוסטיג. די שניט צייט פון גערשטען קומט אָן, און מיר דאַרפען זיך מיטפרעהען מיט אונזערע ברידער. גאָט'ס וועלט איז דאָך אַזוי וואונדער שעהן און די צרות פון אן איינצעלנעם פערזאָן דאַרף ניט אריינוואַרפען קיין מרה שחורה אויף אנדערע... קום דאָרטען ביי דעם סוף פון דיזער גאַס שטעהט אן אַלטע פאַרלאָזענע הויז, לאָמיר זיך דאָרט דערווייל באַזעצען. די צייט פון רעגען איז שוין פאַראיבער, עס קומען וואַרימע ליכטיגע טעג און מיר וועלען ניט דאַרפען מורא האָבען פאַר קעלט.

— און דו וועסט זיך גאָרניט נאָכפרעגען אויף דיינע קרובים — האָט רות זי געפרעגט.

— אַזוי לאַנג ווי איך וועל ניט דאַרפען אָנקומען צו זיי וויל איך גאָרניט אז זיי זאָלען וויסען פון מיין קומען...

— אָבער פילע מענשען האָבען דאָך דיך געזעהן און זיי וועלען געוויס איבערגעבען דיינע קרובים.

— זיי האָבען מיך געזעהן, געצויגען מיט זייערע אַקסלען און באַלד פאַרגעסען. איך בין זיכער אז עס וועט אפילו ניט דערגרייכען זייערע אויערען. און ווען אפילו איניגע פון מיינע קרובים וועלען זיך וועגען מיר דערוויסען, וועלען זיי זיך ניט וויסענדיג מאַכען, און געוויס וועלען זיי מיך ניט געהן זוכען.

נעמי און רות זיינען אריינגעקומען אין דעם פאַרלאָזענעם הויז. רות האָט פון די ברעטער און קלעצער וואָס זי האָט דאָרט געפונען, געמאַכט א געלעגער פאַר נעמי'ן און א צווייטען פאַר זיך. דערנאָך איז זי ארויס אין דעם דערבייאיגען פעלד און אָנגעקליבען אביסעל פרישען היי און דאָס אויסגעשפּרייט אויף די געלעגערס. זי האָט געפונען א פּאָר אַלטע כלים און זי האָט אָנגעשעפּט וואַסער פון דעם נאָהענטען ברונעם. זי האָט אָנגעוואָרעמט דאָס וואַסער און אין דעם איינגעווייקט דאָס פאַרדאַרטע ברויט און זיי האָבען געגעסען. מיעד זיינען זיי געווען, האָבען זיי זיך ביידע געלעגט שלאָפען און באַלד איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען, ווען זיי זיינען אויפגעשטאַנען, האָבען זיך ביידע געפיהלט ערפרישט און אויסגערוהט.

— געלויבט איז גאָט! — האָט נעמי אויסגערופען — איך געפין זיך אין געבורטסשטאָדט, און כאָטש איך ווייס נאָך ניט ווי אַזוי מיר וועלען זיך שפּייזען, פיהל איך זיך דאָ א סך גליקליכער.

— פילייכט וועל איך קריגען ארבייט — האָט רות געזאָגט — איך וועל זיך פאַרדינגען פאַר א דינסט און פאַר

דער באלוינונג וואָס איך וועל קריגען וועלען מיר ביידע זיך קענען ערנערען.

— אָה, ניין, ליעבע רות. איך וועל ניט דערלאָזען דו זאָלסט זיין א דינסט ביי יענעם, דאָס וועט מיינען, אז דו וועסט זיין צוגעבונדען דעם גאנצען טאָג. און איך וועל אָהן דיר זיך פילען אזוי איינזאם.

— שוויגער, ווען איך בין נעכטען אין פעלד געווען אנצוזאמלען אביסעל היי, האָב איך באמערקט אָרימע לייט. צווישען זיי אַלמנות און יתומים זיינען פון דעם פעלד ארויסגעקומען מיט בינטלאך קאָרן אויף זייערע שולטערען, און איך האָב זיך געוואונדערט ווי אזוי דער אייגענטימער פון פעלד האָט עס דערלאָזען.

—אונזער הייליגע תורה הייסט אונז אזוי טאָן — האָט נעמי איהר געענטפערט — עס שטעהט דאָרט געשריבען: ״ווען דו שניידסט די תבואה פון דיין לאנד, זאָלסטו ניט שניידען די ווינקלען פון פעלד, און זאָלסט ניט אויפהויבען די אראָפּגעפאלענע קאָרן. דאָס זאָל באלאנגען צו די אָרימע לייט און נויט־באדערפטיגע, צו דעם יתום און צו דער אלמנה...״ יע, רות, יעדער איינער וועלכער נויטיגט זיך, האָט א רעכט אריינצוגעהן אין וואָס פאר א פעלד ער וויל און אָנקלייבען די איבערגעלאָזענע זאנגען. קיינער האָט קיין רעכט ניט צו שטערען דעם אָרימאַן ווען ער קומט קלייבען די זאנגען, צו שטילען זיין הונגער און דעם הונגער פון זיין הויזגעזינד.

— וואָס פאר א וואונדערבארער געזעץ דאָס איז! — האָט רות געזאָגט — אונזער בארמהערציגער גאָט קען ניט צוזעהן די לײדען פון די אָרימע און אונטערדריקטע און ער הייסט די פארמעגליכע זיך טיילען זייער שפייז מיט זיי. ניט ווי ביי אונז אין מואב. דאָרטען ווען א פרעמדער קומט אריין אין א פעלד, שלאָגט מען איהם און מען יאָגט איהם פון דאָרטען ארויס. דו ווייסט, שוויגער, איך וועל אויך געהן אין איינע פון די פעלדער און אָנקלייבען עטליכע זאנגען און מיר וועלען זיך קענען דערנעהרען דערמיט. איך בין דאָך אויך בארעכטיגט דערצו. איך בין אן אלמנה און דו ביזט אויך אן אלמנה. מיר זיינען ביידע אָרים. יע, איך וועל געהן אין פעלד.

— געה, מיין טאָכטער, און זאָל גאָט זיין מיט דיר! — האָט נעמי געזאָגט.

רות האָט ארומגעוויקעלט א טיכעל ארום איהר קאָפּ און איז ארויס אין דרויסען. זי האָט ביי זיך ניט געקענט באשליסען אין וואָס פאר א פעלד זי זאָל אריינגעהן. זי האָט קיין חשק ניט געהאט אריינצוגעהן אין דעם זעלבען פעלד וואו זי איז ערשט נעכטען געווען צו נעהמען היי. ניין, דאָרטען האָט אויף איהר איינער פון די יונגען געקוקט מיט מאָדנע בליקען, און זי האָט זיך דאָריבער געשעהמט אהין צו געהן. זי איז געגאנגען ווייטער און זי האָט באמערקט אז פיעלע אָרימע לייט געהען אריין אין א פעלד, איז זי אויך אהין אריין.

איינגעבויגען און דערשלאָגען, מיט איהר פנים רויט פון שאנדע, איז זי נאָכגעגאנגען די איבעריגע אָרימע לייט הינטער די תבואה שניידער. זי האָט באמערקט ווי איינער פון די שניט יונגען פלעגט גערן אָדער אומגערן ארונטערווארפען א זאנג, פלעגען זיי זיך מיט גרויס אימפעט א לאָז טהאָן. יעדער איינער האָט געזוכט אריבערצויאָגען דעם צווייטען...רות איז אָבער געגאנגען לאנגזאם און רוהיג. זי האָט געזוכט די זאנגען און ווען זי האָט געפונען, האָט זי זיי אויפגעהויבען און אריינגעלייגט אין איהר טיכעל, וואָס זי האָט ארונטערגענומען פון איהר קאָפּ. זי קלייבט זאנג צו זאנג און עפּעס א טרויער האָט גענומען נאָגען איהר הארץ. זי דערמאָהנט זיך אָן איהר יוגענד, ווען זי איז געווען אזוי פריי... קיין זאך האָט איהר ניט געפעהלט. זי איז געווען א פרינצעסין. זי האָט געוואוינט אין קעניגליכען פאלאץ און יעצט דארף זי געהן מיט די איבעריגע אָרימע לייט צונויפזאמלען גענוג קאָרן. זי זאָל זיך

קענען ערנעהרען. זי האט א טראכט געטהאן פון איהר שוועסטער: ווער ווייס וואס זי טהוט דארט יעצט אין מדהבה. זי איז זיכער, אז ערפה געפינט זיך יעצט אין דעם פאלאץ פון קעניג. איז זי איהר מקנא? ניין! ווען זי וואלט יעצט געדארפט פון דארטען אוועק וואלט זי געטהאן די זעלבע זאך. זי האט אזוי ליעב איהר שוויגער. זי וואלט זיך קיינמאל ניט געקענט פון איהר שיידען... און אויסער דעם פיהלט זי, אז זי באלאנגט צו ישראל. ניט שטענדיג וועט זי אזוי דארפען ארומשנארען מיט די איבעריגע. גאט וועט זיי ביידען ניט פארלאזען. זי דארף זיך שעצען גליקליך, וואס זי געפינט זיך אין דעם לאנד פון ישראל. וואו זי וועט קענען דינען דעם איינציגען גאט, דעם באשעפער פון דער וועלט. און וואס אויב עס וועט איהר אויסקומען אזוי צו ליידען א קורצע צייט... זי ווייסט אז די אידען זיינען גנעדיג און גוטהארציג און ווען זיי זאלען זיך דערוויסען וועגען נעמי׳ס נויט און ארימקייט, וועלען זיי איהר קומען צו הילף.

רות איז געווען אזוי פארטיפט אין איהרע געדאנקען, אז זי האט ניט באמערקט, אז פלוצלונג האט דער געזאנג פון די שניט יונגען אויפגעהערט. דער טומעל און געשריי פון די ארימע לייט איז איינגעשטילט געווארען. זי האט זיך איינגעבויגען מיט איין קניה אויף דער ערד און גענומען צוזאמענקלייבען די עטליכע זאנגען וואס זיינען געווען צושפרייט. און ווען צו איהרע אויערען האבען דערגרייכט די ווערטער וואס איינער האט געפרעגט: "ווער איז די דאזיגע מיידעל"? האט זי דערצו קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשאנקען. איהרע אויערען זיינען שוין געווען צוגעוואוינט צו אזעלכע פראגען. נאך אלעמען איז זי פון א פרעמדע לאנד, טראגט אנדערע קליידער, איז עס נאטירליך אז מען זאל זיך וואונדערען און פרעגען, ווער זי איז.

באלד אבער איז צו איהר צוגעקומען איינער פון די יונגען און זיך אפגערופען צו איהר:

— קענסטו מיר פיליכט זאגען ווער דו ביזט און צו וועמען דו באלאנגסט?

רות האט איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— וועט דאס זיין א גענוגענדער ענטפער, ווען איך וועל דיר זאגען אז איך בין א נויטבעדערפטיגע אלמנה... דארפען יעדער איינער וועלכער קומט קלייבען אין דיעזען פעלד זאגען ווער ער איז?

— ניין. אבער מען האט מיך געפרעגט און איך האב ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען, בין איך געקומען דיר צו פרעגען.

—פארוואס איז יענער, וועלכער האט דיר געפרעגט, אליין ניט געקומען מיך פרעגען — האט רות געזאגט — זאל ער זיך אליין מטריח זיין!

— אבער דו פארשטעהסט ניט, דער וועלכער האט מיר געפרעגט איז אונזער האר, ער איז דער אייגענטימער פון דיעזען פעלד און איז דער רייכסטער מאן אין בית לחם.

— און ער וויל געוויס ניט ליידען וואס א פרעמדע איז געקומען צוזאמען מיט די איבעריגע קלייבען אין זיין פעלד.

— דו מאכסט א טעות, אונזער האר איז ניט קיין קארגער. ער איז גוטהארציג. ער האט זיך בלויז פאראינטערעסידט, ווען ער האט באמערקט אן אומבאקאנטען פנים.

— אויב דו מוזט וויסען וועל איך דיר זאגען! — האט איהם רות געענטפערט —איך בין א טאכטער פון מואב, אבער יעצט בין איך פאררעכענט פאר א ישראלית, ווייל איך האב זיך שוין לאנג מגייר געווען און יעצט אויב דו גלויבסט אז איך דארף אהער ניט קומען וועל איך געהן אין אן אנדער פעלד.

— ניין, ניין, דו דארפסט זיך ניט פיהלען באליידיגט. מיין האר האט געווים קיין שלעכטס ניט געמיינט. ער איז בלויז געווען נייגיעריג אויסצוגעפינען. אבער מיר האבען זיך אזוי פאררעדט און מיין האר איז דערווייל אוועק.

—האט דער יונג איהר איבערגעלאזען

און גענומען לויפען אין דער ריכטונג, וואוהין בועז איז אוועק. אבער ער האט איהם שוין ניט דערגרייכט.

— ווען דו וואלסט מיר גלייך געזאגט ווער דו ביזט, וואלט איך דאך געקענט זאגען מיין האר, יעצט, בין איך זיכער, אז ער וועט זיין אין כעס אויף מיר — האט זיך דער שניטער־יונג אומגעקעהרט צו רות'ן.

— דו האסט מיר פריהער געזאגט, ...ן דיין האר איז גוטהארציג, אויב אזוי ...עט ער דיר מוחל זיין, בפרט ווען ער ...עט אויסגעפינען, אז עס איז ניט געווען דיין שולד...

— פון דעסטוועגען וויים איך נאך יעצט אויך ניט ווער דו ביזט. מעגליך, אז מיין האר וועט זיך באלד צוריקקערען און איך וועל איהם קיין בעשטימטען ענטפער ניט קענען געבען—האט ער פאר איהר אויפגעהויבען א פאר זאנגען, וואס זיינען ארונטער געפאלען פון איהרע הענט.—זאג מיר, איך בעט דיר, ווי איז דיין נאמען?

— אויב דורך דעם וועסטו קענען געפינען מעהר חן אין די אויגען פון דיין האר, וועל איך דיר זאגען — האט זי איהם געענטפערט.—מיין נאמען איז רות און איך האב זיך נאר וואס צוריקגעקעהרט פון מואב צוזאמען מיט מיין שוויגער נעמי.

— נעמי, נעמי!—האט דער שניטער־יונג אויסגערופען—איך וויים ווער זי איז. זי איז דאך אלימלך'ס פרוי!

א צופריעדענער האט ער זיך אומגעקעהרט צו זיין ארבייט איבערלאזענדיג רות'ן קלייבען די אראפגעפאלענע זאנגען.

---

בועז איז אריין אין זיין פעלד און דערזעהן די וואונדערשעהנע מיידעל. וועלכע איז געווען פערטהאן אין ארבייט, אז זי האט איהם ניט בעמערקט. ער האט זי בעטראכט. .י איז געווען אזוי בעצויבערנד און צוציהענד. און איהר פנים איז געווען אומבעקאנט. האט ער זיך געווענדעט צו די יונגען, וועלכע זיינען געווען נעבען איהם און זיי האבען אויך ניט געוואוסט ווער זי איז. איינער פון די יונגען האט זיך אנגעבאטען אויסצוגעפינען און איז גלייך געגאנגען צו רות'ן. אבער דערווייל האט מען בועז'ן אנגעזאגט, אז א שליח איז געקומען פון אהוד'ן און בועז האט פערלאזען דאס פעלד און .עגאנגען זיך זעהן מיט דעם שליח, וועלכער האט פון איהם אפגענומען א באריכט פון די לאגע פון די אידען פון דעם שבט יהודה.

עס האט לאנג ניט געדויערט און בועז האט זיך צוריקגעקעהרט אין פעלד און מיט זיינע אויגען געזוכט די בעצויבערנדע שעהנע מיידעל. ער האט זי בעמערקט עטוואס ווייטער און זיך גענימען דערנעהענטערען צו איהר. באלד האט ער בעמערקט ווי דער שניטער־יונג לויפט איהם ענטקעגען.

— מיין האר!—האט ער זיך פערנייגט—איך האב אויסגעפונען ווער זי איז!

— זאג מיר שנעלער ווער זי איז?—האט איהם בועז געפרעגט.

— זי איז די שנור פון נעמי'ן און איהר נאמען איז רות, זי האט זיך ניט לאנג צוריק אומגעקעה.־ט פון מואב צוזאמען מיט איהר שוויגער. זי האט מיר אויך געזאגט, אז זי האט זיך שוין לאנג מגייר געווען.

— אה, זי איז נעמי'ס שנור און נעמי געפינט זיך אויך אין בית לחם!—האט בועז אויסגערופען.

— יע, זי איז שוין דא פון גאנץ פריה. זי זיצט גאר ווי.ציג אין הויז.

— און האסטו אויסגעפונען וואו זיי געפינען זיך יעצט?

— ניין, מיין האר, אבער אויב מיין האר וויל, וועל איך עס גלייך ביי איהר פרעגען.

— ווארט! איך וועל אליין מיט איהר ריידען!—האט בועז געזאגט און זיך דערנעהענטערט צו דעם פלאץ וואו רות איז געשטאנען.

א ווייל איז בועז געבליבען שטעהן בעוועגלאז. ער האט בעטראכט איהר

פּנים פון נאָהענט און זי האט אויסגעקוקט נאָך שעהנער אין זיינע אויגען. זי איז געווען פאַרטהאָן אין איהר ארבייט, אז זי האט גארניט געפיהלט זיינע דורכדרינגענדע בליקען.

— פרידען צו דיר, רות! — האט בועז אויסגערופען.

רות האט זיך עטוואס דערשראָקען. זי האט זיך אויפגעשטעלט פון איהר פּלאַץ און זיך א נייג געטהאן. איהר פּנים איז רויט געווארען און דאס האט איהר נאָך צוגעגעבען א בעזונדער רייץ.

—איך בין זעהר צופריעדען וואס דו ביזט געקומען אין מיין פעלד! — האָט בועז ווייטער געזאגט — און איך בעט דיר דו זאלסט אין קיין אנדער פעלד ניט געהן. דו דארפסט זיך פיהלען דאָ ווי ביי זיך אין דער היים. קיינער וועט דיר קיין שלעכטס ניט טהאָן. ווען דו וועסט זיך פיהלען דורשטיג זאָלסטו צוגעהן צו די כלים מיט וואס די יונגען שעפּען אָן דאס וואסער און דו וועסט טרינקען. און ווען דו וועסט הונגעריג זיין זאָלסטו זיך אָנשליסען צוזאמען מיט די איבעריגע און עסען. דו דארפסט זיך פאר קיינעם ניט שעהמען.

— איך דאנק דיר זעהר מיין האר— האָט זיך רות נאָך אמאָל פארנייגט— כ'ווייס ניט פארוואָס איך האָב געפונען חן אין דיינע אויגען, און איך בין דאך א פרעמדע.

— איך ווייס ווער דו ביזט און וואס דו האסט געטהאן צו דיין שוויגער און איך ווייס פון דיין גאנצען לעבען זינט דו האסט געהייראט מיט מחלון'ען ביז זיין טוידט. יע, איך ווייס אלעס און דערפאר האָסטו נאָך מעהר געשטיגען אין מיינע אויגען.

— מיין האר ווייס! — האָט רות איהם געפרעגט מיט א שטימע פון פערוואנדערונג — פון וואנען ווייס עס מיין האר?

— מיין פריינד אהוד און זיין פאָטער גרא האָבען מיר אלעס פון דיר דערצעהלט... איך ווייס אז דו ביזט געווען א פּרינצעסין, און אז דו האסט גערעטעט גרא'ן פון א זיכערען טויט, פארוואָס ער און זיין זוהן וועלען דיר עוויג דאנקבאר זיין.

— אָבער מיין לעבען האָב איך אויך צו פארדאנקען אהוד''ן האָט רות געזאָגט מיט א בעשיידענע שטימע — ווען ער וואלט אין צייט ניט אָנגעקומען וואלט איך און מיין שוועסטער און די איבעריגע פארלאָרען אונזערע לעבענס.

— יע, איך ווייס אויך פון דעם! — האָט בועז געזאָגט — אהוד האָט מיר איבערגעבען וואָס פאר א געטרייע אידישע טאָכטער דו ביזט געוואָרען. דו ביזט געווען געגרייט דיין לעבען אָפּצוגעבען פאר אונזער גאָט. און יעצט פערשטעה איך האָסטו פערלאָזען דיין פאטערלאנד און מיטגעגאנגען מיט דיין שוויגער צו א פאָלק וואָס דו האָסט ביז יעצט ניט געקענט! זאָל דיר גאָט בעצאָהלען פאר דיין גוטען טהאט. זאָל דיין בעלוינונג גרויס זיין פון גאָט דעם גאָט פון ישראל, וואָס דו ביזט געקומען זוכען שוץ ביי איהם.

טרעהרען האָבען זיך בעוויזען אין די אויגען פון רות ווען זי האָט געהערט אזעלכע רייד פון בועז'ן.

— איך האָב געפונען גנאָדע, מיין האר, וואס דו האָסט מיר געטרייסט און אזעלכע צערטליכע רייד גערעדט צו דיין דיענסט און איך בין אפילו ניט ווערטה צו זיין איינע פון דיינע דינסטען.

— אה, ניין רות, דו דארפסט אזוי ניט ריידען! — האָט בועז זיך אָפּגערופען — דו דארפסט ביי זיך ניט זיין געפאלען. איך זעה אז דו בעזיצט א נאָבעלע נשמה און פאר דיינע לײדען און שמערצען וואָס דו האָסט דורכגעמאכט ביז יעצט וועסטו בעלוינט ווערען מיט גליק און פרייד פון דעם אלמעכטיגען... יעצט זאָג מיר, וואו געפינסטו זיך און דיין שוויגער, נעמי?

— איך ווייס ניט אויב איך האָב א רעכט דיר עס צו זאָגען — האָט זיך רות אָפּגערופען — מיין שוויגער האָט מיר אָנגעזאָגט אז אויב אימיצער וועט

מיך פרעגען וואו זי איז זאָל איך ניט זאָגען.

— אָבער מיר מעגסטו זאָגען! — האָט בועז א שמייכעל געטהאָן — איך בין נעמי'ס פּלימעניק און קאָזין אין דערזעלבער צייט. נעמי איז די טאָכטער פון מיין פעטער ירוחם, און איהר מאַן אלימלך איז אויך געווען מיין פעטער!

— און מיין האר'ס נאָמען איז בועז! — האָט זי אויסגערופען מיט שטראַהלענדע אויגען.

— האָבען דיר מיינע יונגען געזאָגט?

— ניין, איך האָב אליין פערשטאַנען, מיין שוויגער פלעגט ניט אויפהערען צו ריידען פון דיר, מיין האר. זי האָט מיר פיעלע וואונדערבארע זאכען דערצעהלט פון מיין האר.

— יע, נעמי און איך זיינען געווען איבערגעגעבענע פריינד! און יעצט ארימע נעמי. ווי איך פארשטעה האָט זיך גענוג אָנגעליטען. זי האָט פארלאָרען איהר מאַן, דערנאָך איהרע צוויי זיהן... אָה, זאָג דאָך מיר, איך בעט דיר, וואו זי געפינט זיך איך בין זעהר נייגעריג זי צו זעהען. איך בין זיכער אז זי וועט ניט האָבען דאגעגען.

— ווארט ביז מאָרגען! — האָט רות געענטפערט — איך וועל פריהער ביי איהר בעטען ערלויבנים... מיין האר וועט דאָך מיר ענטשולדיגען, אָבער די רייד פון מיין שוויגער זיינען ביי מיר טייער און אויב דאָס איז איהר וואונש, וויל איך עס אָפּהיטען. מיין האר פערשטעהט דאָך זי שעהמט זיך זעהר שטארק...

— איך פארשטעה! — האָט בועז געזאָגט — גוט, איך וועל ווארטען ביז מאָרגען און איך בין זיכער אז זי וועט דיר ערלויבען מיר צו זאָגען וואו זי האלט זיך אויף. און יעצט רות, זעכטו מיט אונז עסען מיטאָג... עס איז מיין מנהג צו עסען מיטאָג צוזאמען מיט מיינע ארבייטער. קום דו וועסט עסען צוזאמען מיט אונז.

— אָבער מיין האר! — איז רות רויט געוואָרען...

— איך ווייס אז דו ביזט הונגעריג, דו ביזט שוין דאָ אין פעלד פון גאַנץ פריה און דו האָסט נאָך גאָר ניט געגעסען, דו דארפסט זיך ניט שעהמען. מיר האָבען ניט אין פעלד קיין גרויסען מאָלצייט אָבער עס וועט זיין גענוג פאר אלעמען. קום רות צו יענעם פלאַץ וואו די שניטער יונגען זאמלען זיך צונויף.

רות איז איהם נאָכגעגאנגען. איהרע אויגען ארונטערגעלאָזען צום באָדען. זי האָט זיך אוועקגעזעצט אן א זייט פון די שניטער. און בועז האָט איהר דערלאַנגט ברויט און געבראָטענע קאָרן און נאָך שפּייז און רות האָט זיך אָנגעגעסען צו זאט.

נאָכ'ן עסען, ווען די שניטער יונגען האָבען זיך גענומען צוריק צו דער ארבייט, און רות האָט געוואָלט געהן ווייטער קלייבען די ארונטערגעפאלענע זאנגען, איז בועז צו איהר צוגעגאנגען און זיך אָפּגערופען:

— דערצעהל מיר רות, וואָס איהר האָט אלע דורכגעמאכט אין מואב? — דאָס וואָס איך האָב געהערט פון אהוד'ן און זיין פאָטער גרא'ן איז בלויז געווען וועגען דעם לעבען פון אלימלך'ן און זיינע צוויי זיהן. יעצט וואָלט איך וועלען הערען פון דיר.

— מיין האר! — האָט רות געענטפערט — איך האָב זעהר פיעל צו דערצעהלען, אָבער איך האָב איבערגעלאָזען מיין שוויגער אליין מיט זעהר ווינציג שפּייז און איך איל זיך אהיים... א צווייטען מאָל וועל איך מיין האר מיט פערגעניגען אלעם דערצעהלען.

— דו ביזט גערעכט רות — דער אָווענד איז שוין באלד צוגעפאלען, בעסער געה אהיים צו נעמי'ן און זאָג איהר אז בועז וויל זי קומען בעזוכען... פיליכט וועט זי ניט האָבען דאגעגען און דו וועסט קריגען פון איהר די ערלויבנים מיר צו זאָגען וואו זי האלט זיך אויף.

— איך וועל אזוי טהאָן מיין האר!

— האָט רות געזאָגט רויט ווערענדיג און זיך גענומען ווידער צום קלייבען.

בועז האָט אָנגעזאָגט די יונגען אז ווען זיי וועלען זעהן רות׳ן דערנעהענטערענדיג זיך, זאָלען זיי מיט א כיון ארונטערוואַרפען זאנגען, כדי זי זאָל ניט דארפען זוכען צו לאַנג.

רות האָט באַלד אָנגעפילט א זאק פול מיט קאָרן און גערשטען. זי האָט אויסגעקלאַפּט און אויסגעדראָשען די קערנער און האָט געהאט א היבש ביי־טעל קאָרן און גערשטען. זי האָט עס ארויפגעלעגט אויף איהר שולטער און איז געקומען אין שטאָדט. זי איז אוועק צו דער חורבה וואו נעמי געפינט זיך און האָט איהר געפונען זיצענדיג נעבען אריינגאַנג ווארטענדיג אויף איהר.

— געבענשט זאָל זיין דיין קומען צו גאָט, מיין טאָכטער! — איז איהר נעמי אנטקעגען געגאנגען — איך בין שוין געווען בעזאָרגט וועגען דיר. זאָג מיר, רות וואו האָסטו היינט געקליבען און ווי האָסטו אויסגעמאכט?

— דער אייגענטימער פון פעלד איז געווען זעהר גנעדיג צו מיר! — האָט רות געענטפערט — ער האָט פערלאַנגט איך זאָל מיט איהם און מיט זיינע ארבייטער מיט עסען, און האָט צו מיר צערטליכע רייד גערעדט. אזוי אז איך האָב ניט געפיהלט ווי אן אָרימע אלמנה וועלכע קומט קלייבען די אראָפּגעפאַלענע זאנגען, נאָר ווי איינע וועלכע איז דערצו בערעכטיגט.

— זאָל ער זיין געבענשט, דער אייגענטימער. ווייסטו פיליכט ווער ער איז?

— זיין נאָמען איז בועז!

— בועז! — האָט נעמי אויסגערופען — געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט זיין חסד ניט אָפּגעטהאָן פון די לעבעדיגע אזוי ווי פון די טויטע. ווייסטו דען ווער בועז איז, מיין טאָכטער?

— יע, דו האָסט דאָך מיר פיעלע מאָל דערצעהלט פון איהם — ער איז דיין קוזין!

— און ווייס ער ווער דו ביזט? — האָט נעמי נייגעריג געפרעגט.

— יע, ער האָט אויסגעפונען.

— און דו האָסט איהם געזאָגט וואו איך געפין זיך!

— ניין! ער האָט מיך געפרעגט אָבער איך האָב איהם געענטפערט אז דו האָסט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל קיי־נעם ניט זאָגען וואו מיר געפינען זיך.

— דו האָסט גוט געטהאָן, מיין טאָכטער! — האָט נעמי געזאָגט — איך וויל ניט אז מענשען זאָלען קומען רחמנות האָבען אויף מיר.

— אָבער בועז איז דאָך אנדערש!

— האָט רות געזאָגט — ער איז דאָך אזוי גוט און צערטליך... איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אז דער אייגענטימער זאָל עסען צוזאמען מיט זיינע ארבייטער אין פעלד, אלע יונגען האָבען איהם אזוי ליעב... יע, ער איז גוטהערציג און גנעדיג צו אלעמען... ער האָט פון מיר פערלאַנגט איך זאָל ביי דיר קריגען ערלויבניס און איהם זאָגען וואו מיר האלטען זיך אויף. אה, שוויגער דארפען מיר זיך שעהמען פאַר אזא מאן ווי בועז... ער פערשטעהט דאָך אז...

— ניין, ניין, מיין טאָכטער ניט יעצט, פיליכט שפּעטער! איך וועל ניט קענען אריבערטראָגען די שאנדע. בועז פלעגט גאנץ אָפּט אריינקומען צו מיר אין הויז, ווען איך האָב נאָך געוואוינט אין פּאלאצען, ווען הונדערטע אָרימע ליט פלעגען ווארטען אויף מיין ארויס־קומען... און יעצט, קוק נאָר צו, איך וואוין אין א חורבה, איך בין פערעל־טערט געוואָרען פאר דער צייט און איך דארף אָנקומען צו צדקה... יע, איך געדענק נאָך ווי היינט, אז בועז איז געקומען צו אלימלך׳ן און איהם געוואָרענט ער זאָל אזא שריט ניט מאכען, ער זאָל בית לחם ניט פערלאָזען אין דער צייט פון הונגער, ווען דאָס גאנצע בעפעלקערונג הונגערט, פאר א שטיקעל ברויט. ער האָט ניט געוואָלט מיר זאָלען ארויספיהרען אונזער גאנצען פער־מעגען, אונזער תבואה אין דעם לאנד

פון אונזער שונא, אבער מיר האבען זיך צו זיינע רייד ניט צוגעהערט... און יעצט וועט ער זעהן ווי גאט האט אונז אלעמען בעשטראפט.

— אבער, שוויגער, בועז און די איבעריגע וועלכע האבען דיך געקענט, ווייסען אז דו האסט ניט געוואלט פערלאזען דיין לאנד. נאר דו ביזט געצוואונגען געוועזען...

— ווען עס וואלט ניט געוועזען אויך מיין שולד, וואלט גאט מיר אזוי פיעל ניט געשטראפט! — האט נעמי געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען... איך האב זיך ניט שטארק געגענגעשטעלט. איך האב געמיינט אז עס וועט זיין א גליק פאר מיינע קינדער. און וואס וועט א מוטער ניט טהאן צוליעב איהרע קינדער. פון גליק אבער האט זיך אן אומגליק פאר אונז אלעמען אויסגעלאזט און יעצט וועט מען קומען און האבען מיטלייד אויף מיר.

— פיעלע מאל האסטו מיר דערצעהלט פון בועז'ן, דו האסט מיר געזאגט אז ער איז א וואונדערבארער מאן, א העלד און דערצו גאטספארכטיג... און געוויס וועט ער אין זיין הארצען ניט פרעהען מיט אונזער אומגליק, איך ווייס אז ער פיהלט שלעכט און וויל דיר העלפען. ער איז אזא וואוילער!

— יע, טאכטער מיינע! — האט נעמי געזאגט — איך וועל דיר ערלויבען איהם צו זאגען וואו מיר האלטען זיך אויף, אבער ניט יעצט. אין עטליכע טעג ארום, איך וועל זיך עטוואס בערוהיגען, איך וועל זיך צוגעוואוינען צו מיין אומגעבונג, פיליכט וועל איך דאן ניט פיהלען אזוי שלעכט. אבער דו, רות, וועסט טהאן זעהר גוט ווען דו וועסט געהן קלייבען אין זיין פעלד, און ניט אין קיין אנדער פעלד.

— דאס וועל איך געוויס טהאן! — האט רות געענטפערט — קען איך דען ערווארטען א מעהר פריינדליכע אויפנאהמע אין אן אנדער פעלד? אפילו די ארבייטער יונגען זיינען גוט צו מיר און קוקען אויף מיר ניט ווי אויף א שנארערין... איך האב בעמערקט ווי פיעלע ווארפען מיט א כיון ארונטער מעהרער זאנגען, ווען זיי זעהן מיר אנקומען.

## 24טער קאפיטעל

עטליכע טעג זיינען פאראיבער און רות איז געגאנגען קלייבען אין בועז'ס פעלד.

ניט איינמאל האט זי געפיהלט בועז'ס בליקען אויף איהר. זי האט גענומען טראכטען פון איהם טאג און נאכט... פארוואס קומט בועז יעדען טאג אין פעלד? פלעגט ער פריהער אויך אזוי טהאן און קומען יעדען טאג! זי האט געהאט חשק צו פרעגען איינעם פון די יונגען אבער זי האט זיך געשעהמט. זי זעהט אז ער בעציהט זיך צו איהר אין גאנצען אנדערש ווי צו די אנדערע. אבער דאס איז דאך מעגליך צוליעב דעם וואס ער איז א קוזין צו נעמי'ן. יע, דאס טהוט ער צוליעב פערשידענע מחשבות, און ווען זי האט געפיהלט אז בועז האט אפגעווענדעט זיינע בליקען פון איהר, האט זי דאן געווארפען איהרע בליקען אויף איהם... און ווען זייערע בליקען האבען זיך בעגעגענט, איז רות'ס פנים רויט געווארען... זי האט זיך געשעהמט.

אויך בועז האט ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון רות'ן. זי איז אזוי שעהן, און איז אזוי געטריי און איבערגעבען צו איהר שוויגער, דערצו איז זי גאטספארכטיג זעלטען צו געפינען אזעלכע אפילו צווישען די טעכטער פון בית לחם... איהרע אויגען! וואס פאר א צויבער זיי בעזיצען. אהוד האט טאקע גארניט מגזם געווען ווען ער האט איהם דערצעהלט וועגען רות'ן... עס האט איהם יעצט געצויגען אין פעלד יעדען טאג... ער פלעגט קומען און גלייך אויפזוכען מיט זיינע אויגען רות'ן און קוקען אויף איהר, ער זעהט ווי זי איז איינגעבויגען און קלייבט די ארונטערגעפאלענע זאנגען. ארימע רות, זי

איז מיעד! זיין האַרץ ווערט אָנגעפּילט מיט מיטלייד פאַר איהר... איהם ווילט זיך צוגעהן צו איהר און איהר זאָגען, אַז זי וועט מעהר ניט דאַרפען אַזוי שווער אַרבייטען, ער וועט שוין בעזאָרגען איהר און נעמי'ן מיט אַלעם, אָבער ער ווייס אַז זי וועט זיך דערפון בעליידיגען... ער ווייס אַפילו ניט וואו זיי געפינען זיך... ווי עס ווייזט אויס האָט איהר נעמי נאָך אַלץ ניט ערלויבט...

בועז בעמערקט ווי רות גלייכט זיך אויס, זי ווישט אָפּ דעם שווייס פון איהר פּנים מיט אַ טיכעל. זי פּיהלט זיינע בליקען און הויבט אויף איהרע אויגען. זייערע בליקען בעגעגענען זיך. רות לאָזט אַרונטער איהרע אויגען און בועז געהט צו איהר.

— גאָט העלף דיר, רות! — בעגריסט איהר בועז.

— זיי געבענשט פון גאָט מיין האַר!

— ענטפערט איהם רות מיט אַ ליעבליכען שמייכעל און איהר פּנים ווערט נאָך רויטער.

— איך בין דיר געקומען פרעגען אויב נעמי האָט דיר שוין געגעבען די ערלויבניס איך זאָל קענען קומען זי זעהן.

— יע, מיין האַר, היינט אין דער פריה, איידער איך האָב איהר פערלאָזען, האָב איך ווידער געפרעגט. און זי האָט מיר געזאָגט אַז איך זאָל אַליין ניט אָנבאָטען, נאָר אויב מיין האַר וועט צוגעהן און מיר פרעגען, קען איך איהם זאָגען.

— אויב אַזוי האָב איך דאָך גוט געטהאָן וואָס איך בין יעצט צוגעקומען דיר פרעגען! — האָט בועז מיט פרייד געזאָגט — זאָג מיר רות, איך בין זעהר אומגעדולדיג. איך וואָלט זי שוין געוואָלט זעהן.

רות האָט איהם געזאָגט וואו זי געפינט זיך און בועז האָט איהר בעדאַנקט און איז גלייך אַהין אַוועק.

זעהר ריהרענד איז געוועזען די בעגעגניש צווישען נעמי'ן און בועז'ן. נעמי איז איהם געפאַלען אויפ'ן האַלז און זיך ביטער פאַנאַנדערגעוויינט.

בועז האָט אויך געוויינט.

— האָסטו זיך, בועז, ווען עס איז געקענט פאָרשטעלען, אַז איך וועל האָבען אַזאַ ביטערען סוף... אַה, ווען ניט די טייערע גינציגע רות, וואָלט איך דאָס געוויס ניט אַריבערגעטראָגען. זי איז דאָך אַזאַ ליעבעס קינד... דו ווייסט דאָך אַז זי איז אַ פּרינצעסין, און ווען זי וואָלט געטהאָן ווי איהר שוועסטער ערפּה און פערבליבען אין מואב, וואָלט זי יעצט ווידער געוועזען אין דעם קעניגליכען פּאַלאַץ. אָבער זי האָט בעסער אויסגעקליבען צו געהן מיט מיר, צו ליידען צוזאַמען מיט מיר... מיר האָבעןביידע געוואַנדערט הונגעריגע און דורשטיגע ביז וואַנען מיר זיינען אָנגעקומען אין בית לחם. און אויך דאָ האָבען מיר געליטען, דיזע האַלבע איינגעפאַלענע חורבה איז אונזער וואָהנונג. און זי געהט אַוועק אין פעלד דעם גאַנצען טאָג ביז וואַנען זי קלייבט צונויף גענוג שפּייז פאַר אונז ביידען מיר זאָלען זיך קענען ערנעהרען און איבערלעבען דעם טאָג. וועלכע יונגע מיידעל וואָלט עס אַזוי געהאַנדעלט? וואָס איך האָב זיך ביי איהר ניט געבעטען אַז זי זאָל זיך אומקעהרען צוזאַמען מיט איהר שוועסטער און אָנפאַנגען צו געניסען עטוואָס פון לעבען, אָבער זי האָט ניט געוואָלט. זי וועט מיך קיינמאָל ניט פערלאָזען, מיין פאָלק איז איהר פאָלק, מיין גאָט איז איהר גאָט און וואוהין איך וועל געהן דאָרט וועט זי געהן. בלויז דער טויט וועט אונז פאַנאַנדערשיידען! אַזוי האָט רות צו מיר גערעדט... אַ יע, בועז זי איז ווי אַ מלאך פון הימעל. זאָל גאָט געבען זי זאָל נאָר זיין גליקליך... זי איז צו מיר פערדעכענט ווי אַן אייגענע טאָכטער.

— אָבער נעמי, דו מוזט קומען וואוינען מיט מיר, ווי אַזוי קענסטו גאָר זיין דאָ.

— אה ניין, בועז, איך וועל זיין צוזאמען מיט רות'ן.

— נו, געוויס מיין איך אז אויך רות זאָל קומען וואָהנען מיט דיר אין מיין הויז. געלויבט איז גאָט איך האָב זעהר א גרויסע הויז און ביי מיר, וועט איך ביידען גאָרניט פעהלען.

— איך קען דיר יעצט גאָרניט זאָגען! — האָט נעמי געענטפערט — איך וועל זיך דורכריידען מיט רות'ן און מיט איהר זיך בעראַטען וואָס צו טהאָן, איידער איך וועל זעהן רות'ן גליקליך. אה, די אָרימע רות, זי האָט זיך גענוג אָנגעליטען... און עס איז שוין צייט אז זי זאָל אויך עפּעס געניסען פון לעבען. זי איז דאָך נאָך אזוי יונג און שעהן.

— איך וויים! — האָט בועז געענטפערט — מיר מעגען גאַנץ זיכער שטאָלצירען מיט איהר... אזעלכע ווי רות קען מען אין גאַנץ ארץ ישראל ניט געפינען... גאָט וועט געבען און זי וועט נאָך גליקליך זיין און צוזאמען מיט איהר וועסטו אויך צוריק געפינען גליק.

— אה, ווי קען איך זיין גליקליך אז עס איז מיר פון מיין משפּחה קיין געדעכנים ניט געבליבען... ווען איך וואָלט בלויז געהאט אן אייניקעל?

— אָבער דו האָסט דאָך מיר נאָר וואָס געזאָגט, אז רות איז צו דיר פערעכענט ווי אן אייגענע טאָכטער און זי...

— זאָל נאָר גאָט געבען זי זאָל האָבען גליק און געפינען איהר ריכטיגען בעשערטען, דאַן וועל איך פיליכט זיך אויך גליקליך שעצען...

איך וועל זיך אומקעהרען צו דיר אין איינינע טעג ארום! — האָט בועז געזאָגט און דאַן וועסטו מיר לאָזען וויסען וואָס דו האָסט בעשלאָסען. און אויב דו וועסט דאַרפען עפּעס דרינגענד האָבען צו מיר, וועל איך זיך געפינען די קומענדע עטליכע טעג און נעכט אין מיין פעלד.

— נעכטיגסטו דען ניט אין דיין הויז? — האָט נעמי איהם אנגעקוקט פערוואונדערט.

— מיר דאַרפען וואַרטען אויף א ווינט זאָל אוועקטראָגען די מעקענע פון די תבואה, און אזוי ווי ביי טאָג איז קיין ווינט ניטאָ, מוז מען וואַרטען ביז ביינאַכט. און אימיצער מוז דאָרטען זיין, כדי אויסצושפּרייטען די תבואה.

— און פאַרוואָס קענסטו ניט הייסען איינעם פון דיינע יונגען זיי זאָלען עס פאַר דיר טהאָן? — האָט איהם נעמי געפרעגט.

— די יונגען ארבייטען ביי טאָג, און איך קען ניט פערלאַנגען פון זיי, זיי זאָלען אָפּגעבען זייער רוה ביי נאַכט... איך טהו עס שוין אזוי פאַר די לעצטע עטליכע יאָהר, און עס איז פאַר מיר א פערגעניגען. איך האָב זיך געמאַכט א געלעגער אין שייער וואָס איז אין מיין פעלד און ווען דער ווינט קומט אָן צושפּרייט איך די תבואה אזוי, אז די גאַנצע מעקענע ווערט אוועקגעבלאָזען ... און נאָכהער געה איך שלאָפען אין שייער. דאָרט איז אזוי אנגענעהם, דער ריח פון פרישען היי איז בערוישענד, די לופט איז קיהל און ריין... יע, דאָס איז פאַר מיר א פערגעניגען. איך שטעה אויף גאַנץ פריה און איך געה ארוים בעגעגענען מיינע ארבייטער.

— דו ביזט דערזעלבער גוטהערציגער בועז! — האָט נעמי געזאָגט מיט א שמייכעל — דו האָסט פון שטענדיג אָן בעהאַנדעלט דיינע ארבייטער און קנעכט ווי זיי וואָלטען געוועזען פון דיין משפּחה... איך וויים ניט אויב אין בית לחם וועט זיך געפינען נאָך איינער ווי דו וועלכער זאָל זיין אזוי בעזאָרגט וועגען זיינע ארבייטער און זייער רוה, וועלכער וועט זיין אייגענע רוה פון דער נאַכט צושטערען און ניט צושטערען די רוה פון זיינע ארבייטער.

— מיין רוה איז ניט צושטערט! — האָט בועז געשמייכעלט. נאָכדעם ווי איך ווער פאַרטיג מיט מיין ארבייט שלאָף איך אין שייער גאַנץ געשמאַק.

בועז האט זיך מיט נעמי'ן געזעגענט און איז אוועק.

אין אָוונד ווען רות האט זיך צוריקגעקעהרט פון פעלד מיט שפייז, איז נעמי איהר אנטקעגען געקומען און מיט א פרעהליכע שטימע געזאָגט:

— דו ווייסט אז איך האָב היינט געהאט א וויכטיגען גאסט!

— איז דאָ בועז געווען? — האט רות געזאָגט און איהרע אויגען האָבען אויפגעלויכטען.

יע, מיין טאָכטער, ער איז געווען און האט דאָ לאנג פערבראכט. ער איז דערזעלבער גוטהערציגער און איידעלער בועז ווי געוועזן. יע, זעלטען קען מען געפינען אזא מאן ווי בועז. און ווייסטו נאָך וואָס, רות, בועז איז אפילו נאָך ניט פערהייראט.

א רויטקייט האָט בעדעקט רות'ס פנים און האט זיך גענומען עפעס צו טהאָן.

— הער זיך איין מיין טאָכטער, איך וויל מיט דיר ריידען וועגען זעהר א וויכטיגע זאך.

— אָבער, מוטער, האָט איהר רות ארומגענומען — דו ביזט דאָך געוויס הונגעריג — איך וועל פריהער צוגרייטען עפעס שפייז.

— ניין, ליעבע טאָכטער, איך בין ניט הונגעריג אָבער איך בין זעהר נייגעריג מיט דיר צו ריידען. זעץ זיך צו אַט דאָ נעבען מיר.

רות האָט זיך אוועקגעזעצט און נעמי האט זיך אָפּגערופען: ווען איינער שטארבט און לאָזט איבער אן אלמנה אָהן קינדער דארף דער ברודער פון דעם פערשטאָרבענעם הייראטען מיט דער אלמנה אום ניט אינגאנצען אָפּצומעקען דעם אנדענקונג פון פערשטאָרבענעם. אָבער ווען דער פערשטאָרבענער האָט ניט קיין ברודער, דארף דער נאָהענטסטער קרוב אויסלייזען די אלמנה און מיט איהר חתונה האָבען און אויב ער וויל ניט חתונה האָבען, דארף ער איהר געבען חליצה, דאָס הייסט אז דער יבום (דער וועלכער וויל זי ניט נעהמען פאר זיין ווייב) דארף צוקומען אין דער עפענטליכקייט און זי דארף פון איהם אראָפּציהען זיין שוך און א שפיי טהאָן איהם אין פנים, אלס א צייכען אז ער בעגעהט אן עוולה געגען דעם פערשטאָרבענעם און געגען דער אלמנה. און יעצט הער זיך איין מיין טאָכטער וואָס איך וויל דיר זאָגען: פון בועז'ס רייד פערשטעה איך אז דו האָסט געפונען חן אין זיינע אויגען, און ער טראכט זעהר פיעל פון דיר... און אויב עס זאָל אויסקומען וועט ער דיר געוויס קיין חליצה ניט געבען. דעריבער טהו וואָס איך וועל דיר הייסען. היינט ביינאכט געפינט זיך בועז אליין אין זיין שייער, ער פערשפּרייט די מעקענע פון די תבואה דורכ'ן ווינט און נאכהער נעכטיגט ער איבער אין שייער. וואש זיך ארום, שמיר זיך ארום מיט שמעקענדע אייל‍ען און טהו אָן דיינע שעהנע קליידער, דו זאָלסט זיין זעהר פאָרזיכטיג אז קיינער זאָל דיר ניט בעמערקען. דו זאָלסט ליגען בעהאלטען צווישען די גארבען תבואה וואָס איז ניט ווייט פון שייער און דו זאָלסט ווארטען ביז וואנען ער וועט ענדיגען עסען און טרינקען און נאכהער וועט ער ארויסקומען פון שייער צו טהאָן זיין ארבייט. דאַן זאָלסטו אומבעמערקטערהייט אהין אריין און זיך אוועקלייגען צו פוסען פון זיין געלעגער.

— אָבער שוויגער! — האָט רות אויסגערופען.

— זאָרג ניט מיין טאָכטער, בועז וועט דיר קיין שלעכטעס ניט טהאָן... ווען ער וועט דיר דאָרט געפינען און פרעגען, דארפסטו איהם בלויז דערמאָנען, אז ער איז א קרוב און אן אויסלייזער, און ער וועט דיר שוין זאָגען וואָס דו האָסט צו טהאָן. פערשפּרעכסטו מיר צו טהאָן אלעס וואָס איך האָב דיר געזאָגט.

— יע, — האָט רות שמייכלענדיג א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ..

— אויב אזוי, טהו עס יעצט, פערליר ניט קיין צייט. איך וועל דיר העלפען זיך אַנטהאָן. זאָרג ניט פאַר מיר, איך האָב שוין געגעסען.

רות האָט איהר געפאָלגט. זי האָט זיך גוט ארומגעוואשען און זיך אויסגעשמירט מיט שמעקענדע אייל‍ען, וואָס נעמי האָט איהר געגעבען. זי האָט אָנגעטהאָן איהר איינציגע שעהנע קלייד וואָס זי האָט מיט זיך מיטגענומען פון מואב. זי האָט געקושט איהר שוויגער און איז אוועק צו בועז'ס פעלד. די נאכט איז געוועזן א ליכטיגע. א מילדער ווינטעל האָט געבלאָזען און רות איז מיט א קלאפענדע הארץ געגאנגען אין דער ריכטונג פון בועז'ס פעלד. ווען זי איז דאָרט אָנגעקומען, האָט ארום געהערשט א שטילקייט. זי האָט קיינעם ניט בעמערקט. זי האָט זיך גענומען דערנעהענטערען צום שייער און פון דאָרטען האָט זיך צו איהר דערטראָגען בעוועגונג. זי האָט זיך בעהאלטען הינטער די גארבען און געווארט... די טויערען פון שייער זיינען געווען אָפען... זי האָט בעמערקט ווי בועז עסט... נאכהער האָט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ האלטענדיג אין האנט א גראבליע. ער איז ארויס פון שייער און געגאנגען צו דעם פלאץ וואו די קופעס תבואה זיינען געווען.

פאַרזיכטיג איז רות צוגעגאנגען צום שייער. א ווײלע איז זי געשטאנען און מיט איהרע אויגען נאָכגעפאָלגט אלע בעוועגונגען פון בועז וואָס זי האָט געקענט זעהן ביי דער שיין פון דער לבנה... איהר הארץ האָט געקלאפט... וואָס וועט זיין אז ער וועט אויף איהר אין כעס ווערען פאַר דעם. פיליכט זאָל זי זיך צוריקקעהרען... אָבער נעמי האָט דאָך איהר אזוי געהייסען טהאָן, און נעמי ווייס געוויס, אז בועז וועט אויף איהר ניט זיין צאָרנדיג פאַר דעם... אה, ווי בראוו און העלדיש ער איז... זיך צו געפינען איינער אליין אין פעלד... ער האָט ניט קיין הארץ צו בעלעסטיגען זיינע קנעכט זיי זאָלען טהאָן ארבייט ביינאכט. קומט ער אליין ארויס עס טהאָן. יע, ער איז נאָבעל און גוטהערציג. און ער וועט זיכער איהר פערשטעהן...

רות איז אריין אינוועניג אין שייער און האָט אויפגעהויבען די קאָלדרע פון צו פוסען פון זיין געלעגער און זי האָט זיך דאָרטען אוועקגעלעגט... איהר הארץ האָט שטארק געקלאפט... זי איז געלעגען און איהרע געדאנקען זיינען געווען פערנומען מיט האָפנונגען און שרעק... צו איהרע אויערען דערטראָגען זיך די שארכען פון דער גראבליע. זי הויבט אויף איהר קאָפּ און בעמערקט ווי דער ווינט צוטראָגט די מעקענע איבער'ן פעלד... אָט הערט זי טריט... יע, בועז איז שוין פארטיג מיט זיין ארבייט. ער קומט צוריק אין שייער... זי האָט זיך שנעל אריבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע און געבליבען ליגען צו פוסען בעוועגלאָז, איינהאלטענדיג איהר אָטעם... בועז איז אריינגעקומען אין שייער, האָט אוועקגעשטעלט די גראבליע. ער האָט אָפגעוואשען זיינע הענט מיט דעם וואסער וואָס איז געווען אין קרוג. ער האָט א קליינע תפלה געזאָגט צו גאָט און איז ארויף אויף זיין געלעגער און זיך צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע און איז באלד איינגעשלאָפען.

רות איז נאָך אלץ געווען באוועגלאָז. זי האָט זיך מורא געהאט צו ריהרען פון איהר פלאץ. זי האָט געהערט ווי געשמאק בועז שלאָפט און זי האָט איהם ניט געוואָלט שטערען.

אזוי איז רות געלעגען ביז האלבע נאכט. זי איז געלעגען אויף איין פלאץ. פלוצלונג האָט זיך רות'ן פאַרוואָלט א נאָס צו טהאָן. זי האָט געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען זיך צו באהערשען און ניט צו ניסען, אָבער אומזיסט. זי האָט ארויסגעלאָזען א שטארקען נאָס און בועז, א צושראָקענער און א האלב טויטער, איז אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער.

ער האָט אויפגעהויבען די קאָלדרע

און ער האָט דערזעהן, אז א פרוי ליגט צופוסענס פון זיין געלעגער איינגענורעט... זיין שרעק איז נאָך גרעסער געוואָרען. ער האָט אין דער פינסטער ניט דערקענט ווער דאָס איז און ער האָט זיך אָפּגערופען מיט אן עטוואָס אויפגערעגטע שטימע:

— ווער ביזטו?

דאן האָט זיך רות אויפגעהויבען און איז ארונטער פון זיין געלעגער און געענטפערט מיט א ציטערנדע שטימע:

— איך בין רות, דיין דיענסט!

— אָה, רות! — איז בועז נאָך מעהר צוטומעלט געוואָרען — ווי קומסטו דאָ, יעצט?...

ענטשולדיג מיר, מיין האר! — האָט רות געענטפערט מיט א ציטערנדע שטימע — נעמי האָט מיר געזאָגט... אז המ...

— בערוהיג זיך, רות! — האָט בועז צערטליך געזאָגט — איך פארשטעה.

— נעמי האָט מיר געזאָגט, אז אין ישראל איז א מנהג, אז ווען א מאַן שטארבט און לאָזט איבער אן אלמנה אָהן קינדער דארף דער נאָהענטער פון זיין משפחה...

— יע, דו ביזט גערעכט, רות... איך בין טאקע א קרוב. איך האָב שוין אפילו פון דעם געטראכט... ווייל דו האָסט געפונען חן אין מיינע אויגען... איך וואָלט זיך געשעצט גליקליך דיך צו באזיצען. פון דער רגע וואָס איך האָב דיך דערזעהן האָב איך דיך ליעב באקומען. און איך בין זיך מודה, אז איידער איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָב איך דיך אין מיין חלום געזעהן... יע, ווייל איך האָב פון דיר דעם גאנצען טאָג געטראכט... אָבער עס איז פאראן נאָך א נעהענטערער קרוב פון מיר, דאָס איז פלוני, וועלכער איז א לייבליכער פעטער פון מחלון, און אויב ער זאָל מיר ערלויבען דיר צו הייראטען, וואָלט עס געווען דאָס גרעסטע גליק אין מיין לעבען.

— אָה, מיין האר, ווער בין איך, אז דו זאָלסט אזוי ריידען צו דיין דיענסט... דו האָסט מיר ארויסגעוויזען גרויס גענאָד און איך האָב עס זיכער ניט פארדינט. אָבער זאָג מיר, מיין האר, ווער איז ער אָט דער פלוני?

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז ער איז אלימלך'ס ברודער און א לייבליכער פעטער צו מחלון.

— און ווען איך וועל מיט איהם ניט וועלען הייראטען, וועל איך דען זיין געצוואונגען?

— לויט'ן דין באלאנגסטו צו איהם, אויב ער וויל דיך אויסלייזען, און ווען ער זאָל וועלען, דאן האָב איך שוין מעהר קיין רעכט ניט צו דיר.

רות האָט אומעטיג ארונטערגעלאָזען איהר קאָפּ און זיך פארטראכט.

בועז איז צו איהר צוגעקומען, זי אָנגענומען פאר איהר האנט און זיך צו איהר אָפּגערופען:

— זאָרג ניט, רות, איך בין זיכער אז פלוני וועט מיר ערלויבען, ווייל ער האָט שוין טעכטער וועלכע זיינען אזוי אלט ווי דו, אָבער פונדעסטוועגען וועט זיין גלייכער זיך פריהער ווענדען צו איהם.

— איך דאַנק דיר, מיין האר—האָט זי זיך אויפגעשטעלט פון איהר פלאַץ—יעצט וועל איך געהן אַהיים.

— עס איז דאָך יעצט אין מיטען נאכט, ווי אזוי וועסטו קענען געהן אליין!—האָט בועז געזאָגט — נעכטיג איבער דאָ די נאכט און ווי נאָר עס וועט ליכטיג ווערען וועסטו אוועקגעהן און קיינער וועט דיר ניט באמערקען...

רות איז געבליבען שטעהן. זי האָט א וויילע געצעגערט.

— האָב ניט קיין מורא, רות, ווי גאָט לעבט, קיין שלעכטעס וועט דיר ניט געטהאָן ווערען. איך וועל זיך צולייגען אויף דער היי וואָס איז נעבען שייער... און דו לייג זיך אויף דעם זעלבען פלאַץ.

רות האָט איהם געפאָלגט און זיך ווידער צוגעלייגט צו פוסען פון זיין געלעגער און בועז איז ארויס פון שייער און זיך צוגעלייגט אויף דעם היי און איז באלד ווידער איינגעשלאָפען.

רות אָבער האָט ניט געקענט איינשלאָפען; איהרע געדאַנקען זיינען געווען פארנומען מיט בועז'ן. זי האָט

בעטען גאָט, אז פלוני זאָל זי ניט וועלען און אז ער זאָל ערלויבען בועז'ן צו הייראטען מיט איהר...

דער שורשען פון ווינד האָט זיך דערטראָגען צו איהרע אויערען. רות האָט זיך דערמאָהנט, אז בועז שלאָפט אין דרויסען, אונטער'ן פרייען הימעל און איהם איז געווים קאלט. זי איז ארונטער פון איהר געלעגער, גענומען די קאָלדרע און שטילערהייט איז זי צוגעקומען צום פלאץ וואו בועז איז געלעגען און האָט פאָרזיכטיג איהם צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע. זי האָט זיך נאכהער צוריקגעקעהרט צו איהר פלאץ.

ווי נאָר עס האָט אָנגעהויבען טאָגען, האָט ער זיך אויפגעכאפט. ער האָט דערזעהן די קאָלדרע און האָט פארשטאַנען וואָס די גוטהארציגע און נאָבעלע רות האָט געטהאָן. ער איז צוגעגאַנגען איהר אויפוועקען, אָבער זי איז שוין געווען וואך.

— יעצט וועל איך געהן, און איך האָף, אז דו וועסט מיר פארגעבען פאר דעם וואָס איך האָב דיין רוהע געשטערט—האָט רות געזאָגט.

—זיי געבענשט צי גאָט פאר דעם !—האָט בועז זיך אָפּגערופען — דיין לעצטע גנאָדע וואָס דו האָסט געטהאָן מיט נעמי'ן איז נאָך גרעסער פאר דער ערשטער, ווען דו האָסט אלעם פארלאָזען און געאנגען לײדען צוזאמען מיט איהר אין דער פרעמד. און יעצט, אז נעמי האָט עס פון דיר פארלאנגט, האָסט איהר געפאָלגט. און יעצט, רות, האָב ניט קיין מורא. איך האָף, אז אלעם וועט זיין ווי געוואונשען, האלט צו דיין טיכעל און איך וועל דיר געבען עטליכע מאָס גערשטען, דו זאָלסט זיך ניט אומקעהרען אהיים מיט ליידיגען.

רות האָט ארונטערגענומען איהר טיכעל און בועז האָט אָפּגעמאָסטען זעקס מעסטלאך,און ער האָט זי אוועקגעשיקט איידער עס איז גוט ליכטיג געוואָרען.

רות האָט דערצעהלט נעמי'ן אלעם וואָס איז מיט איהר פאָרגעקומען און וואָס בועז האָט איהר געזאָגט וועגען דער מעגליכקייט, אז פלוני זאָל איהר נעהמען פאר א פרוי...

— איך האָב איהם קיינמאָל ניט געזעהן, שוויגער, אָבער איך וויים, אז איך קען איהם ניט ליעב האָבען אזוי ווי...
—האָט רות געווישט איהרע אויגען.

— נעהם זיך ניט צום הארצען, מיין טאָכטער, איך וויים אז בועז האָט דיך ליעב און ער וועט שוין זעהן אז דו זאָלסט ווערען זיין פרוי.

— אָבער וואָס וועל איך טהאָן, אז פלוני וועט מיר ניט וועלען געבען קיין חליצה און וועט מיך וועלען נעהמען פאר זיך?

— אויב דו וועסט מיך פאָלגען און טהאָן ווי איך וועל דיר הייסען, וועסטו ניט דארפען זאָרגען וועגען דעם.

רות האָט ארומגענומען נעמי'ן און זי געקושט:

— דו ביזט דאָך צו מיר ווי א מוטער, האָב איך דיר דען ווען עס איז ניט געפאָלגט?

טרעהרען האָבען זיך באוויזען אין נעמי'ס אויגען:

— דו ביזט צו מיר נאָך בעסער ווי א טאָכטער, דו האָסט אזוי פיעל קרבנות געבראכט פאר מיר, וואָס זעלטען אז אייגענע טאָכטער וואָלט עס געטהאָן... און איך וויל דיך זעהן גליקליך, ווייל נאָר דאַן וועל איך זיך אויך קענען שעצען גליקליך. יע, מיין קינד, טו ווי איך ראטה דיר, ווען דו וועסט דארפען פאָרגעשטעלט ווערען פאר מיין שוואָגער, פלוני'ן, זאָלסטו אָנטהאָן דיין אלטע, צוריסענע קלייד, און באדעקען דיין פנים מיט א דיקען שלייער... דאַן מעגסטו זיכער זיין, אז ער וועט זיין צופרידען דיך איבערצוגעבען צו בועז'ן.

—אָבער ! . . .

— טו ווי איך היים דיר, ער טאָר דיין פנים ניט זעהן. ער האָט דאָך שוין טעכטער, וועלכע זיינען עלטער פון דיר... אָבער מען דארף די אלטע לייט ניט אימער געטרויען... ווען ער וועט דערזעהן דיין שעהנעם פנים קען ער נאָך קריגען חשק דיר פאר זיין פרוי צו נעהמען.

— גוט, איך וועל טהאָן ווי דו הייסט מיר! — האָט רות מיט א שמייכעל געענטפערט.

דעם זעלבען פריהמאָרגען איז בועז אוועק צום טויער פון שטאָדט, וואו די חשוב'ע לייט און די עלטסטע פון דער שטאָדט פלעגען זיך פארזאמלען יעדען טאָג. דאָרטען האָט ער געטראָפען פלוני'ן, זיין פעטער.

— זעץ זיך דאָ צו א ווײלע, פלוני, איך האָב מיט דיר זעהר וויכטיגעס צו ריידען.

פלוני האָט זיך צוגעזעצט. דאַן האָט בועז צוגערופען צעהן פון די זקנים פון שטאָדט און ער האָט זיי אויך געבעטען זיך זעצען, כדי זיי זאָלען אלע קענען זיין אלס עדות.

ווען אלע האָבען זיך אוועקגעזעצט, האָט זיך בועז געווענדעט צו פלוני'ן:

— דיר איז דאָך באוואוסט, אז די פעלדער וואָס האָבען באלאַנגט צו אונזער ברודער אלימלך'ן זיינען פארקויפט געוואָרען. יעצט געפינט זיך נעמי, אלימלך'ס פרוי אין בית לחם און זי איז די איינציגע יורש'טע. דאריבער דאַרף מען אויסלייזען די פעלדער און זיי צוריקקויפען, און זיי אומקעהרען צו נעמי'ן. יעצט זאָג מיר, ווילסטו זיי אויסלייזען, ווייל דו ביזט דער נאָהענטסטער, איז גוט, און אויב ניט, זאָג מיר אויך, וועל איך זיי אויסלייזען, ווייל נאָך דיר קום איך.

—גוט! — האָט פלוני געענטפערט— איך וועל אויסלייזען!

— נאָך א זאַך! — האָט בועז זיך אפּגערופען — אין דעם טאָג ווען דו לייזט אויס די פעלדער, דאַרפסטו ניט פארגעסען אז מחלון, אלימלך'ס זוהן, האָט איבערגעלאָזען אן אלמנה אָהן קינדער, און אויב דו לייזט אויס די פעלדער. וועסטו אויך דארפען די אלמנה אויסלייזען, כדי אויפצושטעלען דעם נאָמען פון טויטען.

— ווער איז זי, איך האָב זי נאָך קיינמאָל ניט געזעהן! — האָט פלוני געענטפערט—זאָל זי צוקומען אהער, וועל איך וויסען וואָס פאר א תשובה דיר צו געבען.

בועז האָט גלייך געשיקט רופען רות'ן, וועלכע איז געקומען מיט איהר אלטע צוריסענע קלייד און א שלייער איבער איהר פנים.

ווען פלוני האָט זי דערזעהן, האָט ער זיך אפּגערופען צו בועז'ן:

— ניין, איך קען עס ניט טהאָן, איך וועל פארדארבען מיין משפחה, לייז דו בעסער זי אויס, ווייל איך קען ניט. פלוני האָט אראָפּגעצויגען זיין שוך און איהם דערלאַנגט, זאָגענדיג:

— אזוי ווי דו באקומסט מיין שוך, אזוי באקומסטו אויך די רעכט אויף מיין ברודער'ס גיטער און אויף דער אלמנה, די שנור פון מיין ברודער.

בועז האָט זיך דאַן געווענדעט צו די זקנים און צום גאַנצען פאָלק וואָס האָט זיך דאָרט פארזאמעלט:

— איהר זייט היינט די עדות אז איך האָב אפּגעקויפט אלעס וואָס באַלאַנגט צו אלימלך'ן און צו כליון און מחלון, און אויך רות די מואבית, די פרוי פון מחלון האָב איך אפּגעקויפט די רעכט זי פאר מיין פרוי צו נעהמען. זייט איהר אלע עדות.

די זקנים און דאָס פאָלק האָבען מיט אמאָל אויסגערופען:

— מיר זיינען עדות.

בועז האָט אנגענומען רות'ן פאר'ן האנט און זיך צו איהר געווענדעט:

— ווילסטו ווערען מיין פרוי?

— יע! — האָט רות געענטפערט, און זי האָט ארונטערגענומען איהר שלייער.

באלד האָבען אלע דערזעהן ווי שעהן רות איז, און פלוני האָט פון איהר זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען. קאָנטיג, אז איהם האָט פערדראָסען וואָס ער האָט זי אויפגעגעבען.

דער עלטסטער פון די זקנים איז צוגעגאַנגען צו רות'ן און אויפהויבענדיג זיינע הענט האָט ער בועז'ן און רות'ן געבענשט:

— זאָל גאָט געבען אז דיזע פרוי וועלכע קומט אין דעם הויז זאָל זיין

אזוי ווי רחל און לאה, וועלכע האָבעןביידע אויפגעבויט דאָס הויז ישראל. זאָל דיין נאָמען גרויסען אין בית לחם, און זאָל דיין הויז זיין אזוי ווי דאָס הויז פון פרץ וואָס תמר האָט געבוירען צו יהודה'ן, און פון וועמען אונזער שבט קומט ארויס.

— וועסטו גלייך פייערען דיין חתונה? — האָט זיך דער עלטסטער געווענדעט צו בועז'ן.

— ניין, איך וועל צואוואַרטען א פאָר טעג. איך וויל, אז אהוד אונזער שופט און פיהרער און זיין פאָטער גרא זאָלען זיין אנוועזענד צו מיין חתונה מיט רות'ן. איך בין אנוועזענד געוועזן צו זיין חתונה אין שילה און ער האָט מיר פארשפּראָכען צו זיין אנוועזענד צו מיין חתונה אין בית לחם.

בועז האָט געשיקט א שליח צו אהוד'ן וועלכער האָט זיך געפונען אין דעם שבט בנימין, איהם איינצולאדען אויף זיין חתונה.

— און ווען אהוד וועט דיך פרעגען ווער די כלה איז, זאָלסטו איהם זאָגען אז זי איז ניט קיין אנדערע ווי רות פון מואב.

ווען דער שליח איז געקומען צו אהוד'ן און איהם איבערגעגעבען בועז'ס רייד, איז אהוד געווען זעהר צופרידען.

— איך האָב איהם פארשפּראָכען אז איך וועל זיין אויף זיין חתונה און יעצט בין איך גליקליך אז איך קען מיין פערשפרעכען האלטען. בועז איז געווען מיין בעסטער פריינד און ניט איינמאָל האָט ער מיין לעבען גערעטעט.

— און רות האָט מיין לעבען גערעטעט! — האָט גרא זיך אָפּגערופען — איך וויל אויך זיין ביי איהר חתונה.

— געוויס! — האָט אהוד ארומגענומען זיין פאָטער — געוויס וועסטו מיט אונז מיטגעהן, און ווענדענדיג זיך צו זיין פרוי נועה'ן האָט ער געזאָגט:

— יעצט וועסטו האָבען א געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט רות'ן פון וועמען מיין פאָטער האָט די גאנצע צייט ניט אויפגעהערט צו ריידען.

— איך וועל זיך שעצען גליקליך זי צו זעהן... דו אליין האָסט מיר אויך פיעלעס דערצעהלט פון רות'ן... דו האָסט מיר געזאָגט, אז זי איז א זעלטענע שעהנהייט! — האָט נועה שמייכלענדיג געזאָגט.

אהוד, נועה און גרא זיינען דעם זעלבען טאָג ארויסגעפאָהרען פון זייער שטאָדט און אויף מאָרגען זיינען זיי שוין געווען אין בית לחם.

בועז איז זיי אלעמען מיט גרויס פרייד ענטקעגען געקומען. ער האָט גלייך פאָרגעשטעלט רות'ן פאר נועה'ן, און זיי זיינען ביידע גלייך געוואָרען צוגעבונדען איינע צו דער צווייטער.

— יעצט וועל איך דיר פאָרשטעלען פאר מיין מוטער! - האָט רות זיך אָפּגערופען צו נועה'ן און זי אריינגעפיהרט אין איינעם פון די צימערען פון בועז'ס הויז וואו נעמי איז געזעסען און צוגעגרייט די חתונה קלייד פאר רות'ן.

די דריי פרויען זיינען געווען איבערגליקליך. זיי האָבען פערבראכט און יעדע האָט דערצעהלט איהרע ערפאָהרונגען.

— און דו ווייסט ווער נאָך איז מיט אונז מיטגעפאָהרען? — האָט נועה זיך געווענדעט צו נעמי'ן — גרא, אהוד'ס פאָטער!

— אָה, גרא איז אויך דאָ! — האָט נעמי מיט צופרידענהייט געזאָגט. איך וואָלט איהם זעהר געוואָלט זעהן!

נועה איז ארויסגעגאנגען פון צימער און האָט זיך באלד צוריקגעקעהרט מיט איהר שווער.

נעמי האָט איהם פריינדליך בעגריסט און ביידע עלטערע מענשען האָבען געהאט זעהר פיעל געמיינשאפטליך צו ריידען אז זיי האָבען גאָר ניט בעמערקט ווי רות און נועה זיינען ארויס פון איהר צימער.

רות האָט נועה'ן בעוויזען אלע מתנות וואָס בועז האָט איהר געגעבען און די שעהנע קליידער וואָס זי וועט טראָגען צו איהר חתונה.

— דו ווייסט נועה, וואָס מיר איז פלוצלונג איינגעפאלען — האָט רות

זיך צו איהר אפגערופען און איהר ארייגעשושקעט עפעס אין אויער.

— דאס איז זעהר א גוטער געדאנק!
— האט נועה געזאגט און איהרע אויגען האבען אויפגעלויכטען — איך וועל טאקע באלד איבעררײדען מיט אהוד'ן.

נועה איז צוגעגאנגען צו איהר מאן און איהם אוועקגערופען אן א זייט און איהם אויך ארייגעשושקעט אין אויער.

— אויב מיין פאטער איז צופרידען, וועל איך געוויס ניט זיין דאגעגען. נעמי איז זעהר א ווירדיגע פרוי און דאס וועט דאך נעהנטער פערבינדען אונזערע משפחות.

די חתונה פון בועז און רות'ן איז געפייערט געווארען מיט גרויס פראכט און גלאנץ. און אין זיבען טעג ארום האט מען געפייערט נאך א חתונה פון גרא'ן און נעמי'ן.

צום יאהר האט רות געבוירען א זוהן צו בועז'ן און מען האט איהם א נאמען געגעבען עובד.

נעמי האט דעם קינד ערצויגען. זי איז געווען אזוי גליקליך אז זי פלעגט פון איהם ניט אפטרעטען.

עובד איז געווען דער פאטער פון ישי, וועלכער איז געווען דער פאטער פון דוד המלך.

אזוי איז פון בועז'ן און רות'ן געבוירען דער זיידע פון דעם בעליבטסטען אידישען קעניג דוד.

---

ע נ ד ע